# גרויסע מענער

(ביאָגראַפיעס)

לעבענס-בעשרייבונגען
פון די גרעסטע מענער פון אַלע
פעלקער און אַלע צייטען.

---

בעאַרבייטעט נאָך
פאַרשיעדענע קוועלען.

---

STAR HEBREW BOOK CO.
54-58 Canal Street, New York

*Printed in the United States of America*

# אינהאַלט:

1. יאָזעפוס פלאַוויוס
2. סאָקראַטעס
3. אַריסטאָטעל
4. ברוך ספינאזא
5. היינריך היינע
6. וואָלטער
7. ליעוו טאָלסטאָי
8. יהושע הנוצרי
9. שבתי צבי
10. מאהמעד

# יאזעפוס פלאוויוס

(יוסף בן מתתיהו)

זיין לעבען און זיינע שריפטען אין פערבינדונג מיט דער געשיכטע פון דעם קאַמפף צווישען אידען און רוי־מער און פון צווייטען חורבן ירושלים



פון פיליפ קראנץ.

# יאזעפוס פלאוויוס.

## איינלייטונג.

### דיא פארמייען אין ארץ ישראל פאר חורבן בית שני.

ווען יוסף בן מתתיהו וואלט געווען אזא גוטער קריעגספיהרער ווי א שרייבער, ווען ער וואלט געהאט אזוי פיעל פאטריאטיזמוס ווי פיעל שכל, אזא בראווע הארץ וויא א שארפען קאפ, וואלט מלכות יהודה פילייכט ניט צושטערט געווארען אין דעם שרעקליכען קאמפף מיט מלכות רומא. אין זיינע אָדערן האט אפילו געפלאסען דאס בלוט פון דיא חשמונאים, אבער עס איז שוין געווען פערוואַסערט און אויך פערגיפטעט דורך דיא פערדארבענהייט פון דיא קינדער פון יענע העלדען. צו זיין אונגליק און אויך שאנדע און יעדענפאלס צום אונגליק פון אידישען פאלק האט מען איהם גראַדע אנפערטרויט צו פערטהיידיגען גאנץ גאלילעא (גליל) געגען דיא אטאקעס פון דיא רוימישע לעגיאנען; אבער, וויא מיר וועלען עס זעהען, האט ער צוטהיילט דיא פאטריאטישע קרעפטע אנשטאט זיי צו פעראייניגען און האט אזוי געהאנדעלט, דאס מען קען איהם רעכענען איינפאך פאר א פעררעטהער.

דיא פעסטונגען פון גליל זיינען געווען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאר דיא פערטהיידיגונג פון ירושלים און איבערהויפט פאר גאנץ ארץ ישראל. דיא רוימישע ארמעע האט זיי געמוזט פריהער איינגעהמען איידער זיא האט זיך געקענט אריינרייסען אין ארץ יהודה. ווען אזא גענעראל וויא יהודה המכבי וואלט דארט קאמאנדירט, קען זיין, אז טיטוס וואלט גאר קיין מאל ניט צוגעקומען צו ירושלים. עס איז אמת, אז דער קאמפף איז געווען א

אונגלייכער. דיא רוימישע אימפעריע האָט דאן בעהערשט דיא גאנ־
צע וועלט ארום דעם מיטעלמעער, און אלע האָבען געציטערט פאר
איהרע מעכטיגע לעגיאָנען. ארץ ישראל איז געווען א קליינע פראָווינץ
פון דיזער ריזיגער אימפעריע, און דאָס אידישע פאָלק איז דערצו
נאָך גאָר ניט געניט געווען אין פיהרען מלחמות. דאָס איז געווען
א קאמפף פון א ריעז מיט א קארליק, פון א לייב מיט א לעמעלע.

אָבער אין דערגעשיכטע געפינען מיר ניט ווייניג ביישפיעלען,
וויא קליינע און שוואכע פעלקער האָבען אראָפּגעוואָרפען פון זיך
דעם יאָך פון גרויסע און שטארקע. אין פערגלייך מיט דער שפּאַ־
נישער אימפעריע אין 17־טען יאָהרהונדערט איז האָלאנד געווען
קלענער וויא ארץ יהודה אין פערגלייך מיט דער רוימישער אימ־
פעריע, דאָך האָט האָלאנד געוואונען איהר אונאבהענגיגקייט. אין
אונזער צייט האָט עס ניט פיעל געפעהלט, אז דיא הייפעלע בורען
זאָלען געווינען דעם קאמפף מיט דער ריזיגער ענגלישער אימ־
פעריע. דיא אידען זעלבסט האָבען שוין איין מאָל געציינגט, אז זיי
האָבען געקענט פערטהיידיגען זייער לאנד און אָנהאלטען זייער
אונאבהענגינגקייט געגען א גרויסען און מעכטיגען שונא. דאָס איז
געווען מיט א יאָהר 210 פאר דעם צווייטען חורבן בית המקדש, נאָך
א לאנגען און א שרעקליכען קאמפף מיט דער גריכיש־סירישער
מלוכה.

ווען דיא חשמונאים זיינען ארויסגעטראָטען מיט א הייפעלע
נאכפאָלגער געגען אנטיוכוס עפּיפאנעס, איז ארץ יהודה געווען
שוואכער אין פערגלייך מיט דער גריכיש־סירישער מלוכה וויא
אין דער צייט, ווען דער קאמפף האָט זיך אָנגעפאנגען געגען דעם
רוימישען יאָך. אין דיא 200 יאָהר, וואָס זיינען פאָריבער זייט
שמעון, דער לעצטער פון דיא 5 העלדישע חשמונאים ברידער, איז
אנערקענט געוואָרען אלס אונאבהענגיגער קעניג, ביז דעם אויפ־
שטאנד געגען רוים אונטער נירון׳ס הערשאפט איז ארץ ישראל גע־
שטיגען אין רייכטהום און מאכט, טראָץ אלע מלחמות, וואָס מען
האָט געפיהרט, און טראָץ דיא פערשיעדענע צרות, וואָס מען האָט
דורכגעמאכט. דיא בעפעלקערונג האָט זיך שטארק פערמעהרט. אין

גליל, וואו עס האָבען געוואָהנט איבער 3 מיליאָן נפשות, וואָלט מען געקענט ארויסשטעלען ביז 200 טויזענד מאן געגען דיא רוימישע ארמעע אונטער דער קאָמאנדע פון אספסינוס, ווען נאָר מען וואָלט געהאט א ריכטיגען און ענערגישען אָנפיהרער. מיט אזא ארמעע וואָלט מען געקענט צוקלאפען און זאָגאר פערניכטען דיא רוימישע לעגיאָנען, וועלכע האָבען אזוי אויך געהאט גרויסע שוויריגקייטען און פערלוסט איידער זיי האָבען בייגעקומען דיא צוטהיילטע און צו־וואָרפענע קרעפטע פון דיא אידען. איידער מען וואָלט געקענט ארויסשיקען פון רוים און פון דיא פראָווינצען נייע לעגיאָנען, וואָלט פאָראיבער א לאנגע צייט, און דיא אידען וואָלטען ווידער געקענט אויסהאלטען אטאקעס אין די בערג און טהאָלען פון גליל, וועלכע זיינען וויא געשאפען געוואָרען פיר זעלבסט פערטהיידיגונג. ווען עס וואָלט שליסליך געלינגען א רוימישער ארמעע זיך דורכ־צורייסען דורך גליל, וואָלט זיא צוגעקומען צו ירושלים אין א זעהר אָבגעשוואכטען צושטאנד, און דיא פאטריאָטישע פארטיי וואָלט געהאט מעהר צייט זיך צוצוגרייטען צו אן אָפענע שלאכט אָדער צו א בעשיצונג פון דיא פעסטונגען ארום דיא הויפשטאָט; דאָס גאנצע פאָלק, אפילו דיא יעניגע וואָס האָבען געציטערט פאר דיא רוימישע מאכט, וואָלטען געקראָגען א האָפנונג צו געווינען דעם שווערען קאמפף. דאָס וואָלט זיכער פערשטארקט דיא פארטיי פון דיא קנאים (אייפריגע) און פערדאָבעלט דיא ווידערשטאנדס־קראפט פון אידישען פאָלק.

דער פאקט, אז אן ארמעע פון 30 טויזענד מאן אונטער דער קאָמאנדע פון סעסטיוס גאלוס, דעם רוימישען גובערנאטאָר פון סיריען איז בעזיעגט און פערניכטעט געוואָרען פון א גאנץ קליינע צאָהל קנאים, צייגט, אז עס איז נאָך אלעמען גאָר ניט אזוי אונמעג־ליך געוועזן פאר אידען אויסצוהאלטען דיא אטאקעס פון דיא רוי־מישע לעגיאָנען, וויא מען דיינקט עס געוועהנליך.

אָבער דער אונגליק פון דיא אידען איז געוועזן, וואָס זיי זיינען געוועזן צוטהיילט אין פיעלע פיינדליכע פארטייען. ניט טיטוס מיט זיינע לעגיאָנען האָבען צושטערט ירושלים און געמאכט א סוף

פון דער אידישער טעאָקראַטישער מלוכה, זאָנדערן דער ביטערער אינערליכער קאמפף, דיא מערקווירדיגע אונאייניגקייט, וועלכע האָט געהערשט אין ירושלים אפילו אונטער דיא אויגען פון דעם מעכטיגען שונא, ווען דער רוימישער גענעראל האָט נאָר געוואַרט אויף א גינסטיגע געלעגענהייט זיך ארייגצורייסען אין שטאָט.

שוין ניט רעכענדיג דיא פּארטייען, וואָס איז געוועזען פאר פריעדען מיט רוים אום יעדען פּרייז און וואָס איז מייסטענס בעשטאנען פון אריסטאָקראַטען, און אויך אזעלכע, וואָס האָבען געזוכט צו מאכען א פּשרה מיט דיא רוימער, זיינען דיא רעוואָלוציאָנערען אָדער פּאַטריאָטען געוועזען צוטהיילט וויינסגסטענס אין דריי פּאַר־טייען: דיא מעסיגע און דיא פּרושים, וועלכע האָבען געשטיצט דעם גרויסען סנהדרין, דיא זאָ־גענאנטע קנאים, וועלכע זיינען מייסטענס געוועזען פאנאטישע אָנהענגער פון בית שמאי, און דיא ווילדע פּאַטריאָטען אָדער מעסער־העלדען, וועלכע זיינען בעקאנט אונטער דעם נאָמען סקריקין (פון דעם לאטיינישען וואָרט „סיקא,“ וואָס בעדייטעט א קורצער שפּיעז).

דיזע פּאַרטייען האָבען אזוי ווייט ניט געקענט שטימען צווישען זיך און וועגען א בעסערע פערטהיידיגונג פון לאנד, אז עס איז געקומען צו א ווילדען בירגער־קריעג מיט גרויזאמע אויסשלאכ־טונגען. אין דער צייט, ווען מען האָט בעדארפט אָנשטרענגען אלע קרעפטע געגען דיא מעכטיגע רוימישע אימפּעריע, האָט מען זיך ארומגעשלאָגען אין דיא גאסען און אפילו אין בית־המקדש זעלבסט. אין איינע פון דיזע שרעקליכע פּאַרטיי־שלאכטען, ווען די אידו־מעער (אדומים) זיינען געקומען צו הילפע דיא קנאים, וועלכע זיינען געוועזען אונטער דער פיהרונג פון יוחנן פון גיסכאלא (גוש חלב) און אליעזר בן שמעון, געגען דיא אָנפיהרערס פון גרויסען סנהדרין, אום זיך ארייגצורייסען אין ירושלים און אין בית המקדש, זיינען 8000 אידען אויסגעשלאכטעט געוואָרען. דיא בעזיעגטע אנ־פיהרערס פון סנהדרין און פיעלע אריסטאָקראַטען זיינען באר־באריש היינגעריכטעט געוואָרען. דער האס פון דיא קנאים צו דיא הויפּטפיהרערס פון סנהדרין און פון דיא מעסיגע פּארטיי איז גע־

ווען אזוי ווילד, דאָס דיא קערפּערס פון אנון און ישוע בן גמלא האָט מען געוואָרפען צו הינט. דיא פיהרערס פון דיא קנאים האָבען ווידער געקעמפּפט צווישען זיך, און געגען זיי אלעמען זיינען ארויסגעטראָטען דיא סקריקין אונטער דער פיהרונג פון דעם פּיי־ערדיגען און העלדישען שמעון בר גוריא, וועלכער האָט געשפּיעלט איינע פון דיא גרעסטע ראָלען אין דעם שרעקליכען קאמפּף מיט דיא רוימער און איז געבליעבען זייער ביטערסטער פיינד ביז זיין לעצטען אָטהעם, ווען זיינע זיעגערס האָבען איהם געבראכט גע־שמידט אין קייטען צו בעצירען דיא טריאומף־פּראָצעסיאָן פון טיטוס אין רוים און האָבען איהם נאָכהער ארונטערגעשליידערט פון טארפּעיער פעלז אלס א קרבן צו זייערע אבגעטער.

אספּסינוס און זיין זוהן טיטוס האָבען נאטירליך מיט פער־גנעניגען געקוקט אויף דיזען בירגער־קריעג, וועלכער האָט אָבגע־שוואכט דיא קרעפטע פון דיא אידען. זיי האָבען געווארט, אז דיא פערשיעדענע פּאטריאָטישע פּארטייען: דיא קנאים פון ירושלים אונטער דער פיהרונג פון אליעזר בן שמעון, דיא קנאים פון גליל אונטער דער פיהרונג פון יוחנן פון גיסכאלא, די סקריקין, דיא אנהענגער פון שמעון בר גוריא און דיא אדומים זאָלען זיך איינע דיא אנדערע אויסשלאכטען, אום נאָכהער לייכטער אָדער זאָגאר גאָר אָהן ווידערשטאנד צו פערנעמען ירושלים. אלע צוזאמען האָבען דיזע קריעגס־פּארטייען געצעהלט 24 טויזענד מאן, און יעדערער פון זיי איז פערטיג געווען זיך מקריב צו זיין פיר זייער גאָט און פאטער־לאנד, וויא זיי האָבען עס אויך בעוויזען מיט זעלטענע העלדישקייט, ווען דיא לעצטע שטונדע פון בעלאגערטען ירושלים האָט געשלאָ־גען; אָבער צוזאמען האָבען זיי ניט געקענט האנדלען אפילו, ווען טיטוס האָט שוין צושטערט דיא ערשטע ווענט פון דער הויפּט־שטאָדט. זיי האָבען אויך ניט געהאט אזא פיהרער, וואָס זאָל זיי קענען פערבינדען און אויספיהרען א געמיינשאפטליכע אטאקע אויף דעם מעכטיגען און גוט־אָרגאניזירטען שונא, וועלכער איז קאָ־מאנדירט געווען פון דיא פעהיגסטע און געניטעסטע קריעגס־פיהרער.

דאָ איז ניט דער אָרט צו ערקלערן דיא אורזאכען פון אזא זעלבסטפערניכטענדע אונאייניגקייט, פון אזא בלינדען פארטיי־פאנאטיזמוס — דאָס וואָלט אונז אוועקגעפיהרט גאנץ ווייט פון אונזער ענין, דען מען וואָלט דארפען בעטראכטען דיא געשיכטע פון ארץ ישראל אין דיא פינף הונדערט יאָהר, וואָס דער צווייטער בית המקדש האָט עקזיסטירט. פארבייגעהענדיג ווען מיר נאָר בעמערקען, אז דיא הויפּט־אורזאכע פון אלע אידישע צרות אין דער גאנצער צייט איז געווען, וואָס דער אידישער שטאאט איז געווען א שטרענג טהעאָקראטישער, דאָס הייסט, וואָס ער איז צו ענג פערבונדען געווען מיט דער תורה, מיט דעם בית המקדש און דיא כהנים. דאָס האָט געפיהרט צו דער אויבערמאכט פון כהן־גדול, צו א רעליגיעזע געזעצגעבונג, וועלכע איז אין בעסטען פאל געווען א זעהר בעלעסטיגענדע, און צו אן אָפּזונדערונג פון אלע פעלקער ארום. דער בוכשטאב פון דער תורה, וויא ער איז פארטייטשט געוואָרן פון אלטע צייטען, איז געוואָרן העכער פאר דיא העכסטע און וויכטיגסטע אינטערעסען פון שטאאט. דיא בוכשטעבליכע אָבהיטונג פון שבת איז געוואָרן א קוואל פון אונגליקען אין דער צייט פון מלחמה. ניט איין מאָל זיינען דיא אידען בעזיגט און פער־אונגליקט געוואָרן דורך דעם, וואָס זייערע שונאים האָבען גראדע געזוכט זיי אָנצוגרייפען אום שבת, ווען דיא פאנאטישע אנהענגער פון אלטע מנהגים און פון טרוקענעם בוכשטאב האָבען ניט געוועלט פערטהיידיגען זייער לאנד און פערמעגען, ווען זיי פלעגען זוכען זיך צו בעהאלטען, אום דער שונא זאָל זיי ניט בעפאלען.

דיא חשמונאים האָבען געזוכט אָבצוטהיילען א ביסעלע דיא שטאאטס־אינטערעסען פון דער רעליגיאָן, אום צו האָבען א פרייערע האנד אין דער פערגרעסערונג און פערשטארקונג פון זייער מלוכה; אָבער דאָס איז זיי לײדער ניט געלונגען. זיי האָבען בלויז ארויסגערופען א שארפען קאמפּף צווישען דיא צדוקים און פרושים, א קאמפּף, וועלכער האָט אָנגעמאכט גרויסע צרות אין לאנד. ניט אכטענדיג אויף דיא פיעלע אונגליקען, וואָס זיי האָ־בען געליטען דורך דיא טעאָקראטישע אָרגאניזאציאָן, ניט אכטענ־

דיג אויף דעם, דאָס זיי האָבען צוליעב דעם זיך אָבגעזונדערט פון אַלע פעלקער ארום, אפילו פון אזעלכע, וואָס האָבען זיך געוועלט מיט זיי פערבינדען, וויא, צום ביישפיעל, דיא סאמאריטאנער (שמרונים) און אדומים; ניט אכטענדיג אויף דעם האס פון אַלע פעלקער צום גאנצען אידישען פאָלק — א האס, וועלכען מען האָט ארויסגערופען נאָר דורך דעם נארישען אתה־בחרנו׳ניזמוס — .יט אכטענדיג אויף דעם אַלען, האָבען דיא פרושים און ספעציעל שמאי׳ס בלינדע נאָכפאָלגער געזוכט אַלץ מעהר ארומצוריננגלען דיא אידען מיט זייערע פאָרשריפטען, אז עס זאָל זיין וואָס שווערער אפילו אויפצונעהמען גרים. דיא פערביטערסטע פאנאטיקער פון בית שמאי זיינען עס געווען דיא קנאים, וועלכע האָבען זיך אזוי העלדיש אויסגעצייכענט אין דער פערטהיידיגונג פון ירושלים. זיי זיינען געווען מוטהיגע מענער און פייער־דיגע פאטריאָטען, אָבער זייער פאטריאָטיזמוס איז געווען מעהר א רעליגיעזער, וויא א פאָליטישער. דער גאָטעס־דיענסט אין בית המקדש איז געווען העכער און וויכטיגער אין זייערע אויגען וויא דיא אונאבעהנגיגקייט פון זייער לאנד. אין זייער פאנאטיזמוס האָבען זיי ניט געזעהען וויטער ווי זייער נאָז און האָבען שליסליך ניט נאָר אומזיסט פער־גאָסען זייער בלוט, זאָנדערן אויך געבראכט צרות אויף אַלע אידען.

מיט אזעלכע בלינדע פאנאטיקער, וועלכע האָבען ניט געזאָרגט וועגען קיין זאך אויסער דעם בית המקדש און האָבען ניט געוואָלט מאכען אירגענד וועלכע פשרות מיט דיא מעסיגע פארטייען, האָט מען גאָר ניט געקענט מאכען. זייער בלינדע אמונה האָט זיי אויך געטריבען צו גלויבען אין א נס, ווען עס איז שוין קלאָר געוואָרן, אז ירושלים וועט באלד אריינפאלען אין דיא הענד פון דיא גרויזאמע לעגיאָנען, וועלכע טיטוס האָט צוזאמענגעקליבען אונטער זיין קאָמאנדע.

נאָר א געוויסע צייט האָט זייער פייערדיגער פאטריאָטיזמוס מיטגעשלעפט אפילו אזעלכע, וואָס האָבען פון אָנפאנג ניט גע־גלויבט, דאָס מי וועט עפעס קענען אויספיהרען אין א קאמפף מיט רוים. צווישען אזעלכע איז אויך געווען יאָזעפוס פלאוויוס, פאר

ווענמען עס וואָלט פיעל בעסער געוועזן ער זאָל זיך גאָר ניט אריינ־מישען אין דעם פּארטיי־קאמפּף און ניט אָננעהמען דעם פּאָסט פון א מיליטערישען קאָמאנדיר.

אלס א מיטגליעד פון דער העכסטער אריסטאָקראַטיע און אלס א רייכער מאַן, האָט ער געהערט צו דער מעסיגער פּארטיי; נאָר פון דער אנדער זייט האָט ער זיך אָנפאנגס א לאָז געטאָן מיט דעם פּאטריאָטישען שטראָם. ער איז אויך געוועזן זעהר שטארק צוגע־בונדען צו דער אידישער רעליגיאָן און צום פאָטערלאנד. דאָס האָט ער בעוויזען, ווען ער האָט זיך ענדליך גענומען צו זיין בעסטע אין שארפסטע געוועהר — דיא פעדער. ניט נאָר מיט גרויסע פעהיג־קייט און מיט טאלאנט האָט ער פערטהיידיגט זיינע אונגליקליכע ברידער געגען דיא אטאקעס פון גריכישע און רוימישע שרייבערס — מען קען זאָגען דיא ערשטע אנטיסעמיטישע שרייבערס — זאָנ־דערן אויך מיט א פּאטריאָטישע הארץ, אָבוואָהל אלע אידען האָבען איהם געהאלטען פאר א פעררעטהער און שרעקליך געהאסט.

ער איז קיין מאָל ניט געוועזן א מאַן מיט פעסטע פּאָליטישע איבערצייגונגען. ער האָט זיך געוואָרפען אהין און אהער. זיין הארץ האָט איהם געצויגען צו דער פּאטריאָטישער פּארטיי, זיין קאָפּ האָט איהם אָבער געפיהרט צום שלום, אז דער קאמפּף מיט רוים וועט נאָר רואינירען זיין פאטערלאנד. דאָס ערקלערט זיינע צווייזייטיגע האנדלונגען אין דער צייט, ווען דער גרויסער סנהדרין האָט בעגאנגען דעם גרויסען פעהלער איהם צו שיקען נאָך גליל אלס קאָמאנדיר; דאָס ערקלערט אויך זיין איבערגאנג אויף דער זייט פון דיא רוימער, ווען מען האָט איהם געפאנגען.

וויא ווייט מען קען איהם בעשולדיגען אין פעררעטהה, וועלען מיר זעהען, ווען מיר וועלען בעשרייבען זיין טהעטיגקייט אין גליל, הינטער דיא וואנט פון ירושלים און אין רוים. יעדענפאלס איז עס זיכער, אז ווען ער וואָלט קיין אנטהייל ניט גענומען אין דיא שלאכ־טען מיט רוימער, וואָלט מען איהם ניט געהאלטען פאר א פער־רעטהער, דען פיעלע מיטגליעדער פון דער פרידליכער פּארטיי האָ־בען זיך געפונען אונטער דעם שוץ פון דיא רוימער, ווען ירושלים

איז צושטערט געוואָרן. א סך האָבען געזוכט זיך צו רעטען בע־צייטענס. ווען דיא קנאים און אנדערע העלדישע קעמפפערס וואָלטען ניט בעוואכט דיא טויערן פון ירושלים, וואָלטען זיך טויזענדער אָפּגעטראָגען און געבעטען גנאדע ביי דיא רוימער.

וויא בעוואוסט, האָט יוחנן בן זכאי, דער גרינדער פון דער ישיבה און סנהדרין אין יבנה, קיין אנדער מיטעל געפונען זיך ארויסצו'גנב'ענען פון ירושלים, וויא אין א טרונע, וועלכע זיינע צוויי שילער אליעזר און ישוע האָבען אוועקגעטראָגען גלייך צום רוימישען לאגער, וואו טיטוס האָט איהם זעהר פריינדליך אויפ־גענומען. ער איז געווען א מיטגליעד פון גרויסען סנהדרין און פון דער פרידליכער פארטיי. דיא רוימישע שפּיאָנען אין ירושלים האָבען גאנץ גוט געוואוסט, אז ער איז געווען געגען דיא קריעגס־פארטיי. און דערפאר האָט איהם טיטוס אזוי גוט אויפגענומען, ווען ער איז אנטלאָפען. קיינער האָט איהם פון דעסטוועגען ניט גערופען פעררעטהער; פארקעהרט, ער ווערט פערעהרט פון אלע אידען אלס א גרויסער תנאי.

עס איז מעגליך, אז יאָזעפוס פלאוויוס וואָלט ניט געקראָגען אזא שענדליכען שם פון א פעררעטהער, ווען ער וואָלט ניט אָנ־געשריעבען זיין אָטאָביאָגראפיע, אין וועלכער ער האָט זיך ארויס־געגעבען ערגער וויא ער איז געווען אין דער ווירקליכקייט. ער האָט זיך יעדענפאלס גאָר ניט געשאנעוועט און ניט געזוכט צו בעהאלטען דיא פאקטען, וועלכע פערדאמען איהם און צייגען איהם ארויס אין א זעהר דונקעלען ליכט. נאָר דאָס איז ער געצוואונגען געווען צו טאָן, אום צו רעטען זיין קאָפּ פון דער בלוטיגער האנד פון דעם טיראנישען קייזער דאָמיציאן. זיינע פיינדע, ספּעציעל יוסטוס פון טבריה, וועלכער האָט אויך אָנגעשריעבען א געשיכטע פון דער אידיש־רוימישער מלחמה, האָבען איהם פאָרגעשטעלט אלס א פיינד פון רוים, און אזוי וויא ער האָט מורא געהאט, אז דאָמיציאן וועלכער איז געווען דער קייזער נאָך דעם טויט פון זיין ברודער טיטוס, וועט איהם אָן צערעמאָניעס אומברענגען, האָט ער זיך גע־מאָלען אין זיין לעבענסבעשרייבונג מיט דיא שווארצעסטע פאר־

בען, אום צו צייגען, אז ער איז שטענדיג געוועזן א געטרייער די־
נער פון רוים. זיינע האנדלונגען אין גליל האט ער פארגעשטעלט
אזוי, אז מען מוז ציהען דעם שלוס, דאס ער איז געוועזן א פער־
רעטהער פון דעם שענדליכסטען סארט.

מיט זיין אטאביגאראפיע האט ער זיך אליין געשאפען אזא מאָ־
נומענט פון שאנדע, וועלכען ער האט העכסט וואהרשיינליך ניט
פערדיענט, נאר דיא אידען מעגען עס איהם פערצייהען, דען מיט
זיינע געשיכטליכע שריפטען האט ער זיי פערשאפט עהרע און גע־
בראכט פיעל נוצען. דורך דיזע שריפטען איז דיא גריכיש־רוימי־
שע וועלט, וועלכע איז געוועזן זעהר פיינדליך צום אידישען פאלק,
ווייל זיא איז געוועזן פערנארט און פערפיהרט פון פאלשע בעריכ־
טען און אזעלכע געמיינע סאפיסטען, וויא דער גריכיש־אלעקסאנד־
רינער פאסקוויל־שרייבער אפיאן — ענדליך בעקאנט געווארן מיט
דעם כאראקטער און דיא שטרבונגען פון אידישען פאלק.

זיינע פאליטישע געגנער, דיא אידען, וועלכע האבען איהם בע־
שולדיגט אין פערראטה און אויס האס צו איהם אפילו געלייקענט
זיין אפשטאמונג פון דיא חשמונאים, האבען איהם געצוואונגען זיך
צו נעהמען צו זיין גלענצענדער פעדער, אום זיך צו פערטהיידיגען.
זיי האט זיך געוויס ניט גע׳חלום׳ט, אז דערמיט האבען זיי געטאן
א גרויסע טובה אלע אידען און אויך דער גאנצער ציוויליזירטער
מענשהייט, דען זיינע שריפטען זיינען דער בעסטער קוואל פאר דיא
געשיכטע פון דער אידישער נאציאן. אהן זיין „געשיכטע פון אי־
דישע אלטערטהימער" וואלטען מיר געוואוסט גאנץ ווייניג וואס
עס איז פארגעקומען אין דיא 500 יאהר פון צווייטען בית המקדש.
אין תלמוד זיינען געשיכטליכע פאקטען צוזאמענגעמישט מיט
נסים און זייטיגע מעשיות. דיא תנאים מיט זייערע שילער זיי־
נען אזוי פארנומען געוועזן מיט רעליגיעזע פלפולים, אז זיי האבען
גאר פערגעסען אן דיא געשיכטע פון זייער פאלק. זיי האבען זיך
איבערהויפט גאנץ ווייניג אינטערעסירט מיט וועלטליכע זאכען.
עס האט זיך זאגאר ניט געפונען איינער צווישען זיי, וואס זאל
אנשרייבען א געשיכטע פון דעם קאמפף מיט רוים און פון דיא

צערשטערונג פון ירושלים. די עטליכע געשיכטליכע פאקטען, וואָס געפינען זיך אין תלמוד, זיינען אָהן שום צוזאמענהאנג, צו־וואָרפען אין פערבינדונג מיט גאנץ זייטיגע זאכען און צוזאמענגעמישט מיט באָבע־מעשיות.

איבערהויפט קען מען זאָגען, אז ווען ניט די אידען, וועלכע האָבען געלערנט די גריכישע פילאָזאָפיע און האָבען אויך געקענט שרייבען גריכיש, וואָלט מען יעצט גאנץ וויייניג געוואוסט פון דער אידישער געשיכטע אין אלגעמיינען און בעזונדערס פון דער אידיש־רוימישער מלחמה. דער וויכטיגסטער, פעהיגסטער און געלערנטעסטער פון דיזע געשיכטע־שרייבערס איז געוועזען יאָזעפוס פלאוויוס, מיט וועמעס לעבען און טהעטיגקייט מיר ווע־לען דאָ בעקאנט מאכען די אידישע לעזער.



# ערשטער קאפיטעל.

יאָזעפוס'עס אבשטאַמונג און ערשטע ערציהונג. — זיין לעבען צווישען דיא עססעער. — שטודירט דיא גריכישע ליטעראטור און פילאָזאָפיע. — אויסגעקליבען אַלס שליח צום רוימישען קייזער צו פערטהיידיגען אידען.

יוסף בן מתתיהו, וועלכער איז אין דער וועלט בעקאנט אונטער זיין לאטיינישען נאָמען יאָזעפוס פלאוויוס, איז געבאָרן אין ירושלים אין 37טען יאָהר נאָך דער קריסטליכער צייטרעכנונג. זיין פאָטער האָט געהערט צו איינער פון דיא העכסטע כהן־פאמיליעס און זיין מוטער האָט געשטאמט פון דיא חשמונאים, נעמליך פון יוהנן'ס טאָכטער. זיין ערשטע ערציהונג איז געוועזען אן עכט־אידישע נאָך יענער צייט. זיין פאָטער האָט וואהרשיינליך געהערט צו דער פארטיי פון דיא פרושים. ער האָט יעדענפאלס געזאָרגט, אז זיינע צוויי זיהן, יוסף און מתתיהו, זאָלען גוט קענען דיא העברעאישע שפראך און דיא תורה. וועגען יוסף'ס ברודער ווייס מען גאנץ וויינִיג, נאָר דער צוקינפטיגער געשיכטע־שרייבער פון זיין פאָלק האָט זיך נאָך אלס אינגעל אויסגעצייכענט מיט זיינע גלענצענדע פעהיגקייטען און קענטניסע אין אלעס, וואָס מען האָט דאן געלערנט אידישע קינדער.

ער האָט אויך אין דער זעלבער צייט ארויסגעוויזען א זעלטענע זעלבסטשטענדיגקייט אין זיינע געדאנקען און שטרעבונגען, דען צו 16 יאָהר איז ער געוואָרן א שילער פון איינעם פון דיא בעוואוסטע פיהרערס פון דער מערקווירדיגער סעקטע עססעער (אסיים), וועלכע ער האָט נאכהער בעריהמט געמאכט אין זיינע שריפטען. זיין וואונש צו בעקענען זיך מיט דיא לעהרען פון אלע סעקטען און פארטייען פון זיין צייט האָט איהם וואהרשיינליך געפיהרט אוועקצוגעהן אין דער ווילדערניס און צו לעבען נאָך דיא שטרענגע פאָרשריפטען פון דיא עססער, וועלכע האָבען זיך ענטוויקעלט פון

דער חסידים־סעקטע אין דער צייט פון דעם קאמפף געגען דיא גריי־
כען אונטער דיא חשמונאים און וועלכע האָבען געהאט א גרויסע
ווירקונג אויף דער ענטשטעהונג פון קריסטענטהום. דיא אסיים
זיינען געווען זעהר רעליגיעזע מענשען, וואָס האָבען געלעבט אזוי
אָבגעזונדערט פון דער אויסערער וועלט, וויא ווייט דאָס איז נאָר
מעגליך. אין פּאָליטישע אנגעלעגענהייטען האָבען זיי זיך קיין
מאָל ניט געמישט. אלע פאָרשריפטען וועגען שבת און ריינליכ־
קייט האָבען זיי אָפּגעהיט מיט דער גרעסטער פּינקטליכקייט. זיי
האָבען געהאלטען פאר א גרויסע עבירה אפילו איבערצושטעלען
שבת א כלי פון איין אָרט אויפ'ן אנדערן. דורך אָפטע בעדער און
טבילות האָבען זיי געזוכט צודערגרייכען אויך א ריינקייט פון
גייסט. זיי האָבען געלעבט אין שטענדיגער פורכט פעראונריינינגט
צו ווערן דורך א פערקעהר מיט מענשען, דארום האָבען זיי גע־
זוכט איינזאמע ערטער, מייסטענס היילען אין דער וויסטע־
ניס, וואו זיי האָבען זיך געקענט אָפּהיטען און פיהרען א הייליגען
לעבען, וויא זיי האָבען עס פערשטאנען. זייער שפּייז איז געווען
זעהר אן איינפאכע, אבי נאָר צו דערהאלטען דיא נשמה אין גוף.
אין אלגעמיין האָבען זיי ניט געזאָרגט וועגען וועלטליכע זאכען און
אויסגעמיידעט קערפּערליכע פערגניגען. דארום האָבען זיי אויך
ניט התונה געהאט.

אין זייערע איינזאמע ערטער פלעגען זיי געוועהנליך זיך פער־
טיעפען וועגען גאָט און דיא סודות פון דער נאטור, גראדע וויא
דיא בודדיסטישע און נאכהער דיא קריסטליכע רעליגיעזע ענטהו־
זיאסטען. דורך דיזען לעבען זיינען זייערע נערוועו צורודערט גע־
וואָרן און זיי האָבען געליטען פון ספּאזמען און איינבילדונגען. זיי
האָבען אויך געגלויבט, אז דורך זייער ריינעם און גאָטספאָרכטי־
גען לעבען קענען זיי האָבען א מאכט איבער דיא בייזע גייסטער,
איבער דיא שדים. דארום האָבען זיך פיעלע פון זיי אָבגעגעבען צו
היילען קראנקע דורך אָפּשפּרעכונגען און פעריאָגען שדים. דערביי
האָבען זיי זיך אויך בענוצט מיט געוויסע קרייטיכער אלס רפואות.
זיי האָבען דארום ביילעכווייז געקראָגען א שם אלס דאָקטוירים

און דערפון, רעכענט מען, שטאמט עס זייער נאָמען אסיים. זייער אויסגעווערטיגער צייכען איז געווען, וואָס זיי האָבען שטענדיג גע־טראָגען ווייסע לייוועגדענע קליידער, א לאָפּעטקע צו בעשיטען מיט ערד דיא אונריינינגקייטען און א מין פארטוך אום זיך אָפּצו־ווישען נאָך זייערע אָפטע טבילות. אום צו זיין געזיכערט געגען אונריינע מענשען, האָבען זיי געלעבט צוזאמען אין געמיינדעס און האָבען געפיהרט א קאָמוניסטישען לעבען און געמאכט גע־מיינשאפטליכע סעודות.

דיזע אלע פיהרונגען פון דיא אסיים האָבען זעהר פעראינטע־רעסירט דעם יונגען אריסטאָקראט, וועלכער האָט ארום זיך מייסטענט געזעהען וועלטליכע מענשען, רייכע צדוקים און אויך פער־עהרער פון דער גריכיש־רוימישער ציוויליזאציאָן. ער איז אוועק צו איינע פון זייערע חברות אין דער וויסטענעס הינטער דעם טויטען ים און האָט דאָרט פערבראכט 3 יאָהר, פיהרענדיג א שטרענגען לעבען נאָך דיא פאָרשריפטען פון דיזע רעליגיעזע ענטהוזיאס־טען, באָדענדיג זיך טעגליך אין קאלטע וואסער און עסענדיג דיא ווילדע פרוכטען פון דער ערד. דיא גאנצע צייט האָט ער פער־בראכט אין לערנען דיא תורה און דעם מיסטיציזמוס (סתרי תורה) פון דער סעקטע. נאָר ענדליך האָט עס איהם דערעסען. ער איז ניט געשאפען געוואָרן צו אן איינזאמען פרוש־לעבען, ער האָט זיך ניט געקענט אין גאנצען אָפּגעבען צו א גייסטיג־רעלי־גיעזען לעבען; ער איז געווען צו יונג זיך אָפּצוזאָגען פון וועלט־ליכע פערגניגען און זיך צו בעגראָבען אין דער וויסטענעס, וויא זיינע ענטהוזיאסטישע און פאנאטישע חברים.

עס קען זיין, אז ער האָט זיך ארומגעזעהען, דאָס מיט פייניגען דעם קערפער און אָפטע טבילות רייניגט מען נאָך ניט דיא נשמה און מען פערשטארקט יעדענפאלס ניט דעם גייסט. יעדענפאלס איז עס זיכער, אז וויא נאָר ער האָט זיך צוריקגעקעהרט פון דער וויסטענעס אין ירושלים, האָט ער זיך מיט היץ אָבגעגעבען צו גאנץ אנדערע לעהרען און צו א וועלטליכען לעבען. ער האָט זיך א נעהם געטאָן צו שטודירען גרינדליך דיא גריכישע ליטעראטור און

דיא גריכישע פילאָזאָפיע, וועלכע איז אימער געווען א וועלטליכע, בעגרינדעט אויף דעם מענשליכען פערשטאנד. דיא גריכישע פי־לאָזאָפיע האָט מעהר געשטימט מיט זיין גייסט. דיא גריכישע קונסט האָט איהם צוגעצויגען וויא פיעלע אנדערע געבילדעטע אי־דען זייט אלכסנדר מוקדון׳ס צייטען.

אין זיין וויטערען לעבען און אין זיינע שריפטען איז ניט צו בעמערקען, אז דיא לעהרען און פיהרונגען פון דיא עסעער האָבען גע־האט א ווירקונג אויף איהם. ער האָט זיך נאָר בענוצט מיט זיין נעהענטערע בעקאנטשאפט מיט דיזער סעקטע, אום איהר צו בע־שרייבען. פון זיינע בעשרייבונגען איז עס דיא וועלט בעקאנט געוואָרען מיט דיזע רעליגיעזע ענטהוזיאסטען, צווישען וועלכע עס האָבען זיך בעוויזען דיא ערשטע קריסטען און צו וועלכע יעזוס קריסטוס זעלבסט האָט געהערט. וויא ווייט מען קען יעצט דערגעהן פאָזיטיווע וועגען דעם לעבען פון יעזוס אויף דער זינדיגער ערד, מוז מען צוגעבען, אז ער איז געווען אן עססעער; אָבער יאָזעפוס פלאוויוס, וועלכער האָט אזוי גוט געקענט דיא פארטייען פון זיין צייט און דיא פאסירונגען אין זיין פאטערלאנד, האָט דאָך פון איהם גאָר ניט געהערט, דען זאָנסט וואָלט ער איהם זיכער דערמאָנט אין זיינע שריפטען.

דיא גריכישע פילאָזאָפיע האָט ניט אָבגעשוואכט זיין אידישע רעליגיאָן, ער איז געבליעבען טריי צו דיא רעליגיעזע אנזיכטען פון דיא פאריסעער (פרושים) ביז צו זיין טויט. אין דיזער בעצי־הונג האָט ער זיך וויניג וואָס געענדערט אפילו ווען ער האָט געלעבט וויא א פרינץ אין דעם קייזערליכען הויף פון רוים נאָך חורבן ירושלים. ער האָט דארום געהאלטען מיט דיזער פארטיי אויך אין פאָליטישע פראגען, נאָר ער האָט דאָך צייטענווייז זיך געוואָרפען אויף דער זייט פון איהרע געגנער, וועלכע האָבען גע־פרעדיגט מלחמה געגען רוים.

ווען ער איז אלט געווען 26 יאהר, האָט ער שוין געקראָגען אזא שם אלס קענער פון אידישען געזעץ און פון גריכישע חכמות, דאָס מען האָט זיך צו איהם געווענדעט מיט שאלות וועגען פער־

שיערענע פראגען און מען האָט איהם אויסגעקליבען אלס שליח צום רוימישען קייזער נעראָן צו פערטהיידיגען עטליכע כהנים, וועל־כע דער גרויזאמער רוימישער גובערנאטאָר פעליקס האָט ארעס־טירט, איינגעשמידט אין קייטען און אוועקגעשיקט נאָך רוים מען זאָל זיי דאָרטען בעשטראפען נאָך דיא רוימישע געזעצע. דאָס צייגט אויך, אז יאָזעפוס האָט שוין צו דער צייט אנטהייל גע־נומען אין פאָליטישע אנגעלעגענהייטען און געוואונען דעם צו־טרויען פון גרויסען סנהדרין וועלכער איז דאן געוועזן דער פארלא־מענט און רעגירונג פון אידישען פאָלק, און פון אנדערע פאָרשטעהער אין ירושלים. עס איז ניט געוועזן א לייכטע אויפגאבע צו פערטהיי־דיגען אידען אין רוימישען הויף, וואו מען איז זעהר אויפגערעגט געוועזן אויף זיי צוליעב פערשיעדענע אורזאכען, ספּעציעל רע־ליגיעזע. עס איז אויך געוועזן א געפעהרליכע אויפגאבע, דען מען האָט געהאט צו בעטען ביי אזא שרעקליכען און משוגענעם טיראן וויא נעראָן. אָבער יאָזעפוס פלאוויוס איז דאן אזוי אויפגעבראכט געוועזן דורך דיא רוימישע גובערנאטאָרען, דאָס ער האָט בעשלאָסען ארויסצוטרעטען אלס מליץ יושר פאר זיינע פערפאָלגטע ברידער ביי דעם קייזער זעלבסט.



## צווייטער קאַפּיטעל.

דיא קייזערינע פּאָפּעא. — דער איינדרוק פון רוים. — יאָזעפוס און דיא קנאים. — דער גובערנאַטאָר פלאָרוס. — יאָזעפוס בעהאלט זיך אין בית המקדש. — דער זיעג איבער דיא רוימער. — יאָזעפוס אויסגעקליבען פאַר דעם קאָמאַנדיר איבער גליל. — דער גרויסער סנהדרין.

דיזע רייזע נאָך רוים האָט געהאט א גרויסען איינפלוס אויף זיין ווייטערען לעבען. מען קען זאגען, אז יאָזעפוס האָט זיך אין גאנצען אומגעביטען, ווען ער האָט דערזעהן דיא מעכטיגע און ריעזיגע שטאדט, וועלכע האָט דאן בעהערשט דיא גאנצע וועלט.

אויפ'ן וועג האָט עס איהם געגליקט. דיא שיף אויף וועלכער ער איז געפאָהרען איז אונטערגעגאנגען אין דער צייט פון א גע־וואלדיגען שטורם, בלויז 80 פון דיא 600 פאסאזשירען האָבען זיך געקענט רעטען. צווישען זיי איז געוועזען יאָזעפוס פלאוויוס, ווייל ער איז געוועזען אן אויסגעצייכענטער שווימער. דעם צוועק פון זיין רייזע האָט ער אויך גליקליך דערגרייכט. מען האָט איהם שנעל צוגעלאָזען צום קייזער'ס פאלאץ, וואו ער איז זעהר פריינד־ליך אויפגענומען געוואָרען פון נעראָן'ס געליעבטע פּאָפּעא. דיזע אויסגעלאסענע פרוי, וועלכע איז געוואָרען דיא קייזערינע און האָט א געוויסע צייט געפיהרט דיא אימפעריע דורך איהר איינ־פלוס אויף דעם משוגענעם נעראָן, איז גראדע געוועזען א בעשיצערין פון אידען, מען ווייס ניט ווארום. עס איז איבערהויפּט א פאקט, אז פיעלע הויכגעשטעלטע רוימישע דאמען זיינען געוועזען פריינד־ליך צו אידען און צו זייער רעליגיאָן. זיא האָט שוין פריהער אמאָל אויסגעפיהרט, אז מען זאָל בעפרייען כהנים, וועלכע זיינען ארעס־טירט געוואָרען פון דיא רוימישע גובערנאטאָרען. ווען יאָזעפוס פלאוויוס האָט איהר איבערגעגעבען זיין בקשה און ערקלערט, וויא דיא אידען ווערען פערפאָלגט, האָט זיא ניט נאָר געהייסען ארויס־

לאָזען דיא געפאנגענע כהנים, זאָנדערן האָט איהם נאָך געגעבען זעהר טהייערע מתנות.

ער האָט אלזאָ געמעגט זיין פּאָלשטענדיג צופריעדען מיט זיין רייזע און אויף דאנקבאר, וויניגסטענס צו דער קייזערינע. נאָר דאָס וואָלט אויף איהם ניט אזוי שטארק געווירקט, וויא דיא וועלט־שטאָט זעלבסט. ער איז נאטירליך נייגיריג געוועזן צו בעטראכטען דיא הויפּטשטאָט פון דער מעכטיגער אימפּעריע, וועלכע האָט גע־דריקט און געשטיקט זיין קליינעם פאָטערלאנד. אין פערגלייך מיט רוים און ירושלים געוועזן א דאָרף. דער גלאנץ פון נעראָן׳ס הויף, דיא גרייסקייט אין רייכטהום פון דיא פּאלאצען און עפענטליכע געביידעס. דיא גבורה פון דיא לעגיאָנען, דיא מאסען מענשען פון אלע עקען וועלט, דאָס רוישענדע לעבען פון דער גאנצער ריזיגער בעפעלקערונג — דאָס אלעס האָט ניט נאָר פערשטארקט זיין גלויבען אין דער מאכט פון דער אימפּעריע, זאָנדערן האָט איהם אויף ארויפגעבראכט אויף דיא געדאנקען, אז עס איז גאנץ נוצלאָז און נאריש פאר זיין פאָטערלאנד צו קעמפּפען געגען דיא איבערמאכט פון דיא רוימער.

ער האָט ניט געזעהען, אז דער קערפּער פון דער ריזיגער אימ־פּעריע איז שוין אינוויינינג פערפוילט געוועזן, דאָס האָבען דאן ווייט־זעהענדערע מענשען אויך ניט בעמערקט. זיינע אויגען זיינען פערבלענדעט געוואָרען פון דעם אויסערן גלאנץ, און ער איז גע־וואָרען א פערעהרער פון דער רוימישער אימפּעריע. ער האָט גע־גלויבט, אז אזוי איז עס בעשערט, אז דיא געטליכע השגחה האָט בעשטימט, דאָס רוים זאָל בעהערשען ארץ ישראל און דיא גאנצע וועלט. דארום איז ער אָפען ארויסגעטראָטען געגען דיא קנאים און אלע דיא יעניגע, וועלכע האָבען געפּרעדיגט צו קעמפּפען גע־גען דיא געצענדינערישע אימפּעריע און געטרוימט צו בעפרייען ארץ ישראל פון דעם פערהאסטען יאָך. ער האָט זיך אָפען אויס־געלאכט פון זייערע רייד און האָפנונגען, ער האָט ערקלערט, אז עס איז איינפאך א משוגעת צו דיינקען, אז דיא אידען קענען זיך מעסטען מיט אזא מעכטיגע אימפּעריע וויא רוים. ער האָט דער־

צעהלט וואס ער האט געזעהען אין רוים און וויא ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג פון איהר געוואלדיגע איבערמאכט.

אבער אלע זיינע רייד האבען קיין ווירקונג געמאכט. דיא פיי־ערדיגע פאטריאטען האבען נאר אויפגעבראכט דיא קריעגערישע פארטיי אויף איהם. זיי האבען איהם אריינגערעכענט אין דיא רייהען פון דיא אריסטאקראטען און פון אזעלכע, וועלכע האבען זיך פערקויפט צו דיא רוימער אדער וועלכע האבען קיין מוטה געהאט צו קעמפפען פאר זייער פאטערלאנד. דיא קנאים האבען אזוי הייס געהאסט דעם רוימישען יאך, אזוי טיעף געגלויבט, דאס גאט וועט ניט פערלאזען זיין אויסערוועהלטע פאלק, דאס קיינע ארגומענטען געגען א'ן אויפשטאנד האבען אויף זיי ניט געקענט ווירקען. זיי הא־בען געפיהלט, אז מען קען דאך לויז ווערן פון די רוימער אזוי וויא מען איז לויז געווארען פון דיא גריכען אין דער צייט פון דיא חשמונאים, ווען מען זאל נאר אויפהייבען און בעגייסטערן דאס גאנצע פאלק, און זיי האבען געהאנדעלט נאך זייערע געפיהלען.

דער רוימישער גובערנאטאר פלארוס האט אין דער צייט איינ־פאך געזוכט ארויסצורופען מיט זיינע רציחות אן אויפשטאנד, אום זיך נאכהער נאך גרויזאמער אפצורעכענען מיט דיא אידען. ער איז געוועזן א ווילדע און בלוטיגע בעסטיע (ארץ ישראל האט איבערהויפט געהאט דעם פינסטערן מזל בעהערשט צו ווערען פון דיא ערגסטע רוימישע גובערנאטארען). דיא אידען האט ער נאך דערצו ביטער געהאסט און האט זיך געמאכט ניט זעהענדיג, ווען דיא גריכען און אנדערע געצענדיענערס און דיא כסריה און אנדערע פארט־שטעט פלעגען בעפאלען און בערויבען דיא אידען. אום נאך מעהר זיי צו אונטערדריקען און צו בערויבען האט ער גע־שטיצט דיא רויבערישע באנדעס, וועלכע האבען זיך צו דער צייט שטארק פערמעהרט אין ארץ ישראל און האבען ניט איין מאל פערוויסטעט דערפער און אפילו גאנצע שטעט. ער פלעגט איינ־פאך נעהמען א טהייל פון דעם רויב. פיעלע אידען זיינען זיך צוליעב דעם צולאפען אין זיכערערע ערטער אדער האבען גאר אויסגעוואנדערט.

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז דיא קנאים און אנדערע פּאטריאָטען ניט שווער געווען ארויסצורופען אן אויפשטאנד. דיא אנפיהרערס פון דער קריעגס־פּארטיי האָבען אזוי פערהאסט יאָזעפוס׳ן פאר זיין פערעהרונג פון רוים׳ס מאכט, דאָס זיי וואָלטען איהם פיעלייכט געטויטעט, ווען ער וואָלט זיך ניט בעהאלטען מיט עטליכע אנהענגער אין בית המקדש. ווען דיא ערשטע אטאקע אויף דיא רוימער האָט זיך אָנגעפאנגען. וויא נאָר ער האָט דערהערט, אז א רוימישע ארמעע אונטער דער קאָמאנדע פון דעם סירישען גובערנאטאָר סעסטיוס גאלוס מארשירט צו בעשטראָפען דיא רעוואָלוציאָנערען אין ירושלים, איז ער ארויס פון זיין בעהאלטונגס־אָרט.

אין דער צייט האָבען דיא אויבערהאנד אין ירושלים געקראָגען דיא מעסיגערע מיטגליעדער פון דער פּאטריאָטישער פּארטיי. דאָס האָט איהם געגעבען מוטה צו צייגען זיך; אָבער אזוי וויא ער האָט דאָך מורא געהאט, אז מען וועט איהם פערפאָלגען פאר זיין בעקאנטע פריינדשאפט צו רוים, האָט ער אָנגעפאנגען זיך צו חנפה׳נען צו דיא מעסיגערע קנאים. דיא פריעדליכע פּארטיי האָט גערעכענט, אז סעסטיוס וועט אונטערדריקען דעם אויפשטאנד, נאָר ווען דיא פּאטריאָטען האָבען איהם פעריאָגט מיט זיינע לעגיאָנען, איז יאָזעפוס פלאוויוס אויך ארויסגעטראָטען פאר׳ן קריעג. ער האָט גאָר ניט ערווארטעט, אז א קליינע צאָהל אידען זאָלען זיין אין שטאנד צו בעזיעגען 30 טויזענד רוימישע סאָלדאטען, און ער האָט הפנים אויך געקראָגען האָפנונגען אין דיזער מינוט, אז מען קען נאָך עפּעס אויספיהרען מיט דעם אויפשטאנד געגען דיא רוימער.

נאָך דעם זיעג איבער סעסטיוס גאלוס האָט שוין גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין וועגען פריעדען מיט רוים. מיט זעהר ווייניגע אויסנאהמען איז דאן דאָס גאנצע אידישע פאָלק געווען פאר מלחמה, און יאָזעפוס איז אויך אויפגעמונטערט געוואָרען. ער האָט וואהרשיינליך אפילו אין דיזער הייסער מינוט ניט געגלויבט, דאָס דיא אידען קענען אין גאנצען זיך בעפרייען פון רוימישען

יאָך, נאָר ער האָט גערעכענט, אז מען וועט קענען צווינגען דעם קייזער צו געבען דיא אידען זעלבסטפערוואלטונג אָדער צו אנער־קענען אגריפּוס דעם צווייטען, דעם לעצטען קלעגליכען פערטרעטער פון דער פערדאָרבענער הורדוס־פאמיליע, פאר דעם קעניג איבער גאנץ ארץ ישראל.

נאָר וויא ער האָט ניט געטראכט ביי זיך אין הארצען, זיכער איז עס, אז ער האָט אָנגעפאנגען צו שפּיעלען דיא ראָלע פון א היי־סען פּאטריאָט און האָט שליסליך געוואונען אזוי פיעל צוטרויען, דאָס אויף א פאָלקספערזאמלונג אין דעם גרויסען הויף פון בית המקדש האָט מען איהם אויסגעקליבען פאר דעם קריעגספיהרער אין גאלילעא (אין נאָוועמבער פון 66 יאָהר).

דאָס האָט ער געהאט צו פערדאנקען אייניגע זיינע אריסטאָ־קראטישע פריינד, בעזאָנדערס דעם געוועזענעם כהן גדול יהושע, וועלכער האָט געהאט א גרויסען איינפלוס אין סנהדרין. טראָץ דעם, וואָס דיא פייערדיגסטע קנאים, וועלכע האָבען אָנגעפיהרט דעם אויפשטאנד, זיינען ארויס דיא זיעגערס אין דיא שלאכטען מיט דער ארמעע פון כעסטיוס, האָבען זיי דאָך ניט געהאט א גרויסע דעה אין דעם סנהדרין. דיא מייסטע מיטגליעדער פון סנהדרין האָבען געהערט צו דער מעסיגער פארטיי. אייניגע, דיא פערטרעטער פון דיא אריסטאָקראטיע, זיינען געווען ניט נאָר פאר פריעדען, זאָנדערן אפילו פריינדע פון רוים. זיי האָבען שטילער־הייט אינטריגירט און געשטערט אָנצונעהמען ענערגישע מיטעל, וועלכע דיא פאטריאָטען אָדער קנאים האָבען פערלאנגט. אנדערע מיטגליעדער זיינען סתם געווען שוואכע מענשען און האָבען זיך געוואָרפען אויף אלע זייטען. צוליעב דעם האָט דער סנהדרין זעהר וויי‍ניג גוטעס געקענט אויפטאָן פאר׳ן פאָלק. דיא קריעגערישע פּארטיי האָט איהם בעטראכטעט אלס א שטערונג און האָט נאָך א בלוטיגען קאמפף פעריאָגט און געטויטעט דיא פיהרערס פון דער מעסיגער פארטיי; אָבער דערווייל זיינען פאראיבער צוויי יאָהר און עס איז שוין צו שפּעט געווען צו אָרגאניזירען דאָס פאָלק געגען דיא רוימישע לעגיאָנען אונטער דער קאָמאנדע פון טיטוס.

## דריטער קאַפּיטעל.

גוטער אָנפאנג. — יוחנן פון גיסכאלא. — אונצופרידענהייט מיט יאָזעפוס'עס צווייזייטיגער האלטונג. — זיין צוזאמענשטויס מיט דיא פּאַטריאָטען אין טראבעא. — פערקלאָגט פאר דעם סנהדרין און אראָפּ־געזעצט. — זיינע אינטריגען געגען דיא שליחים פון סנהדרין. — געמיינע אטאקע פון זיינע אנהענגער אין טבריה. — בלייבט גובערנאַ־טאָר. — דיא פּאַטריאָטישע קרעפטע צובּרעקעלט.

אן ערגערע אויסוואהל איז שווער געווען צו מאכען פאר אזא וויכטיגען אמט וויא א קאָמאנדיר איבער דיא מיליטערישע קרעפּ־טע אין גליל. עס איז אמת, אז דיא מאיאָריטעט פון סנהדרין האָט געזוכט צו שטיצען דיא מעסיגע פיהרערס, ניט אכטענדיג אויב זיי זיינען ווירקליך פעהיגע קאָמאנדירען און אדמיניסטראַ־טאָרען; אָבער עס איז זיכער, אז יאָזעפוס פלאוויוס וואָלט ניט געשיקט געוואָרען נאָך גליל, ווען מען וואָלט געהאט דיא מינדעסטע אהנונג, אז ער וועט אָנמאכען אזעלכע גרויסע צרות. דער סנהדרין אונטער דער לייטונג פון רבי שמעון בן גמליאל (הלל'ס אן אור־אייניקעל) האָט בעגאנגען זעהר פיעל פעהלערען, אָבער מען קען איהם דאָך ניט בעשולדיגען, דאָס ער האָט אבזיכטליך אויסגע־קליבען יָזעפוס פלאוויוס אלס זיין פערטרעטער אין גליל, אום אָפּצושוואכען און צו צוטהיילען דיא פּאטריאָטען פון דיזער וויכ־טיגער פּראָווינץ. מען דארף אויך נעהמען אין אנבעטראכט, אז מען האָט צו פיעל געגלויבט אין זיינע פעהיגקייטען און אז דאָס פאָלק איז איבערהויפּט גענייגט געווען צו געבען דיא העכסטע שטעלען צו אריסטאָקראטען און כהנים.

אָנפאנגס האָט יאָזעפוס זיך גענומען צו זיין שווערע ארבייט זעהר ענערגיש. ער האָט געהאט דיא פּאָלמאכט צו האנדלען וויא ער פערשטעהט. דער סנהדרין האָט אפילו בעשטימט, אז ער זאל זיך בעראטהען מיט זיינע מיטהעלפערס, אָבער זיי זיינען געווען

בעוואוכטע רבנים, וועלכע האָבען גאנץ וועניג פערשטאנען אין וועלטליכע זאכען און זיינען איבערהויפּט געוועזען שוואכע מענשען. זיי האָבען איהם יעדענפאלס ניט געשטערט אויסצופיהרען זיינע פּלענער. גלייך וויא ער איז אָנגעקומען אין גליל, האָט ער צוזאמענגערופען אין טבריה א מין סנהדרין נאָך דעם מוסטער פון דעם גרויסען סנהדרין אין ירושלים. ער האָט אויסגעקליבען 70 פּערזאָן פון דיא פּאָרנעהמסטע פאמיליען אלס הויפּטריכטער. זיי האָבען אויך בעדארפט איהם מיטהעלפען אין דער פערוואלטונג פון דער פּראָווינץ. נאכהער האָט ער בעשטימט קלענערע ריכטער אין דיא שטעט. דערמיט האָט ער איינגעפיהרט א געוויסע אינערליכע אָרדנונג.

אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך געזאמעלט מיליטערישע קרעפטע און בעשטימט צו בעפעסטיגען געוויסע שטעט. ער האָט אזוי טיכטיג געארבייט, אז אין א קורצער צייט האָט ער צוזאמענגעקליבען אן ארמעע פון 100 טויזענד מאן און אויך געשאפען א קאָרפּוס פון קאוואלעריע, וועלכע ער האָט אויפגעהאלטען אויף זיין אייגענעם חשבון. פיעלע שטעט האָט ער בעפעסטיגט, ארומגערינגעלט מיט ווענט און גראָבענס און אויך זיי פערזאָרגט מיט פּראָוויאנט, אום צו קענען אויסהאלטען א לאנגע בעלאגערונג. זיין ארמעע האָט ער דיסציפּלינירט נאָך דעם רוימישען מוסטער און האָט אין דעם אביסעל איבערגעטראָפען דיא מאָס. ער האָט ניט פערשטאנען, אז ער האָט צו טאָן מיט אן ארמעע פון פּאטריאָטישע וואָלאָנטירען, וועלכע קענען פיעל מעהר אויפטאָן מיט ענטהוזיאזמוס וויא מיט דער דיסציפּלין פון א רעגעלער ארמעע.

נאָר דאָס וואָלט ניט אזוי וויכטיג געוועזען און ניט געבראכט צו געפעהרליכע שטרייטען, ווען יאָזעפוס וואָלט געקענט שטימען מיט דיא פּאטריאָטישע פיהרערס און ספּעציעל מיט יוחנן פון גיסכאלא, וועלכער איז געוועזען דיא נשמה פון דעם אויפשטאנד אין גליל און איינער פון דיא בעסטע, מוטהיגסטע און פעהיגסטע פיהרערס פון דער קריעגס-פּארטיי. דיזער יוחנן וועלכער האָט דיא גאנצע צייט געקעמפּפט וויא א העלד, האָט גלייך דערפיהלט, אז

יאָזעפוס איז ניט געווען פּאַטריאָטיש און ענערגיש. ער האָט איהם זאָגאַר פערדעכטיגט אין פערראַטה. נאָך איידער יאָזעפוס איז געקומען אין גליל, האָט יוחנן, וועלכער איז געוועזן אן עיל־הענדלער, אָרגאַניזירט דעם אויפשטאַנד אין זיין געבורטסשטאָט, א וויכטיגע סטראַטעגישער פּונקט אין נאָרד פון גליל. ער האָט אויסגעגעבען זיין גאַנצען פערמעגען צו אונטערשטיצען דיא אָרימע וואָלאָנטי־רען און האָט צוזאַמענגעקליבען ארום זיך 4000 פּאַטריאָטען פון גליל און פון סיריען. ער האָט הפּנים גערעכענט, אז ער וועט ווערען דער קאָמאַנדיר פון אלע פּאַטריאָטען אין גליל, און ער האָט ווירק־ליך געהאַט דיא פעהיגקייט דערצו; אָבער דער אָנקומען פון יאָ־זעפוס האָט געמאַכט א סוף צו זיינע רעכנונגען.

ווען יאָזעפוס וואָלט וועניגסטענס געזוכט איהם ניט צו שטערען, וואָלט עס וואַהרשיינליך ניט געקומען צו אזעלכע טרויעריגע שטרייטען, דען יוחנן איז געווען א צו עהרליכער מאַן און פייערדיגער פּאַטריאָט צו אינטריגירען אין דער צייט, ווען מען האָט בעדאַרפט אָנשטרענגען אלע קרעפטע צו רעטען דאָס פּאַטערלאַנד פון אונטערגאַנג. יאָזעפוס האָט גלייך געזעהען, אז יוחנן איז אזוי פעהיג און ענערגיש, דאָס ער קען ווערן דער הויפּטפיהרער. דאָס האָט ער ניט געוואָלט דערלאָזען און האָט גענומען שטעלען הינטערפיסלאַך דעם פייערדיגען פּאַטריאָט. צום ביישפּיעל, ער האָט ניט ערלויבט, אז יוחנן זאָל פערקאַפען דיא תבואות, וואָס דיא רוימער האָבען צוזאַמענגעקליבען אין איינגע פּונקטען פון גליל. יוחנן האָט געוואָלט פערקויפען דיזע תבואות, אום צו האָבען מיטעל בעסער צו בעפעסטיגען זיין געבורט־שטאָט. ער האָט אין דעם אזוי רעכט געהאַט, דאָס יאָזעפוס האָט איהם שליסליך גע־מוזט נאָכגעבען. דערביי האָט יוחנן זיך איבערצייגט, אז מען טאָר זיך ניט פערלאָזען אויף יאָזעפוס׳ן. ער האָט אויך אויסגעפונען, אז יאָזעפוס האָט מעהר אין זינען דיא אינטערעסען פון דעם קעניג אגריפּוס דעם צווייטען, וויא פון פאָלק.

דאָס לעצטע איז געווען ריכטיג. יאָזעפוס האָט טאַקע גע־רעכענט, אז צוזאַמען מיט אגריפּוס וועט ער קענען קומען צו א

פשרה מיט דיא רוימער. עס קען זיין, אז ער האָט גערעכענט צו ווערען דער הויפּטמיניסטער, ווען דיא רוימער וועלען אנערקענען אגריפּוס'ן פאר דעם קעניג איבער גאנץ ארץ ישראל. וויא עס ווייזט אויס, האָט ער נאָר אָרגאניזירט א גרויסע ארמעע און בע־פעסטיגט עטליכע שטעט, אום צו קענען ארויסקריגען בעסערע בעדינגונגען ביי דיא רוימער. דאָס איז געווען געגען דיא שטרעבונג פון דיא פּאטריאָטען, און זיי האָבען גענומען פערשפּרייטען קלאנ־גען, אז ער מיינט נאָר זיך אונטערצוגעבען צו דיא רוימער. דאָס האָט נאטירליך אויפגערעגט דאָס פאָלק געגען איהם. יעדענפאלס האָט ער פערלאָרען דעם צוטרויען פון אלע דיא יעניגע, וועלכע האָבען געקעמפּפט פאר דיא אונאבהענגינגקייט פון זייער פּאַ־טערלאנד.

ביי איין פאל איז עס געקומען אזוי ווייט, אז מען האָט איהם איינפאך געוואָלט אומברייננגען. לעבען א געוויסען דאָרף האָבען עטליכע יונגע לייט בערויבט דיא פרוי פון א זעהר רייכען און וויכ־טיגען אנהענגער פון קעניג אגריפּוס, וועלכער האָט נאָר אינטריגירט צו קריגען מעהר לאנד און מאכט ביי דיא רוימער דורך דעם אויפ־שטאנד. אלע גערויבטע זאכען האָבען זיי געבראכט צו יאָזעפוס'ן פיר דיא קריעגס־קאסע, אבער ער האָט געוואָלט צוריקשיקען דיא זאכען, אום נאָך מעהר חן צו געווינען אין אגריפּוס'עס אויגען. דעם עולם האָט ער אָנגעזאָגט, אז ער וועט אלעס אוועקשיקען נאָך ירושלים צום סנהדרין. ווען מען האָט זיך דערוואוסט פון דיזע פאלשקייט, האָט א מענגע בעלאגערט זיין הויז מיט געשרייען, אז ער איז א פעררעטהער. איינער פון דיא אנפיהרערס איז ארומגע־גאנגען מיט א ספר תורה אין האנד און האָט פערלאנגט צו בע־שטראָפען יאָזעפוס'ן אין נאמען פון הייליגען געזעץ אלס א פער־רעטהער.

א טהייל פון דער מאסע האָט זיך געקליבען אונטערצוציג־דען דיא הויז, אין וועלכער יאָזעפוס האָט זיך פערשפּארט מיט עטליכע פון זייגע טרייעסטע אנהענגער; נאָר ער האָט זיך גע־רעטעט דורך א נייע פאלשקייט. ער האָט איבערגעהויפּט געהאט

זעהר גוטע איינפעלע, ווען איהם איז אויסגעקומען זיך ארויסצו־דרעהען פון א געפעהרליכער אָדער אן אונאנגענעהמער לאגע. דיזע איינפעלע האָבען איהם ניט איין מאָל גערעטעט פון טויט. דיזעס מאָל האָט ער אויף זיך צוריסען דיא קליידער, בעשאָטען זיין קאָפּ מיט אש, אויפגעהאנגען זיין שווערד אויפ'ן האלז און איז אזוי ארויס צו דער צוקאָכטער מאסע און פערלאנגט מען זאָל איהם אויסהערען איידער מען וועט איהם אומבריינגען. ווען מען האָט בעוויליגט זיין בעגעהר, האָט ער ערקלערט, אז דיא גערויבטע זאכען האָט ער גאָר בעשלאָסען צו געברויכען פיר דיא בעפעסטי־גונג פון דער שטאָט טראכעא, וואו דער אויפרוהר איז פאָרגעקו־מען. דיא איינוואָהנער פון דער שטאדט זיינען צופריעדען געבליעבען מיט דיזער ערקלערונג, אבער דיא צוזאמענגעלאָפענע פון דיא דערפער ארום האָבען זיך ענטזאגט איהם צו גלויבען און האָבען פערלאנגט ער זאָל גלייך אוועקשיקען דיא זאכען נאָך ירושלים.

דורך דעם איז ענטשטאנען א שטרייט, מיט וועלכען יאָזעפוס האָט זיך בענוצט, אום זיך אָפּצוטראָגען צוריק אין זיין הויז. ווען פיעלע פאטריאָטען האָבען ניט געוואָלט אָפּטרעטען און האָבען געסטראשעט אונטער צו צינדען דיא הויז, איז ער ארויס אויפ'ן דאך און האָט איינגעלאדען דיא פיהרערס ארייננצוקומען, אום זיך דורכצוריידען מיט זיי. א געוויסע צאָהל פאטריאָטען האָבען אָנגענומען דיא איינלאדונג, אָבער וויא נאָר זיי זיינען אריין אין הויז, זיינען זיי גלייך בעפאלען געוואָרען פון יאָזעפוס'עס בע־האלטענע אנהענגער, וועלכע האָבען זיי געשמיסען, איסקאליטשעט און נאכהער ארויסגעשליידערט. דיא מענגע האָט געמיינט, אז יאָזעפוס האָט א סך אנהענגער אין הויז און איז זיך צולאָפען מיט ראכע־געשרייען.

נאָך אזעלכע פאלשקייטען און פעררעטהערישע האנדלונגען האָט יאָזעפוס אויף אימער אָפּגעשטויסען פון זיך דיא פאטריאָ־טען איז האט נאָר ארייננגעבראכט אלין גרעסערע און געפעהרלי־כערע [illegible] דיא איינוואהנער. דיא פריעדענס־פאר־

טיי, וועלכע איז אָנפאנגס ניט געוועז צופריעדען מיט איהם, ווייל ער האָט זיך צו אייפריג גענומען צו מיליטערישע פאָרבערייטונ־גען, האָט איהם יעצט גענומען שטיצען געגען דיא קריעגס־פּארטיי, וועלכע האָט אויסגעוועהלט דעם ענערגישען יוחנן פון גיסכאלא פאר דעם קאָמאנדיר.

אום פּטור צו ווערען פון יאָזעפוס'ן, וועלכער האָט אלץ מעהר אויפגערייצט געגען זיך דאָס פאָלק, ווייל ער האָט געשטיצט דיא אריסטאָקראטען, דיא אנהענגער פון אגריפּוס און דיא פערעהּ־רער פון רוים, האָט יוחנן געשיקט זיין ברודער און 100 פון זיינע טרייעסטע אנהענגער צום סנהדרין אין ירושלים מיט קלאגען און מיט א פערלאנג איהם אראָפּצוזעצען פון זיין אמט. דיא קלאגען זיינען געווען אזעלכע וויכטיגע און ריכטיגע, דאָס שמעון בן גמליאל און פיעלע איינפלוסרייכע מיטגליעדער פון סנהדרין, וועלכע האָבען פריהער געשטיצט יאָזעפוס'ן, זיינען ארויסגעטראָ־ען נעגען איהם און האָבען אויסגעפיהרט, אז מען זאָל איהם ענט־זאגען און ברענגען לעבעדיג אָדער טויט נאָך ירושלים. פיער פער־טרעטער זיינען געשיקט געוואָרען נאָך גליל אויסצופיהרען דיזען בעפעהל פון גרויסען סנהדרין, וועלכער האָט אויך געהייסען דיא וויכטיגסטע שטעדט אין גליל צו פעריאָגען יאָזעפוס'ן און צואנ־ערקענען יוחנן פון גיסכאלא פאר דעם גובערנאטאָר און קריעגס־פיהרער.

נאָר יאָזעפוס האָט אין דער צייט ניט געדרימעלט. ער האָט געשיקט זיינע אגענטען אין ירושלים, אום איהם ריין צו וואשען און אויסצוגעפינען, וואָס זיינע געגנער טהוען. אין דיא גרעסערע און רייכערע שטעדט פון גליל האָט ער געזוכט צו צוציהען אויף זיין זייט וואָס מעהר אנהענגער און האָט אויך גענומען וויעדער מאַ־כען גרויסע מיליטערישע פאָרבערייטונגען, אום אָפּצונארען זיינע געגנער. וויא נאָר ער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם בעפעהל פון סנהדרין געגען איהם, האָט ער ערקלערט, אז ער וועט פאָלגען און וועט אליין קומען אין ירושלים. נאָר דאָס איז געוועז א נייע פאלשקייט, דען שטילערהייט האָט ער אויפגערייצט זיינע אנהענ־

גער געגען דיא שליחים פון דיא סנהדרין, אז מען זאָל זיי שטערען אויף יעדען שריט. אין איינינע ערטער זיינען זיי זאָגאר געווען אין לעבענסגעפאהר. זעהענדיג, אז יאָזעפוס נארט זיי נאָר און זוכט זייער פערניכטונג, האָבען זיי אויף דעם ראַטה פון יוחנן בען־שלאָסען ארויסצושיקען געהיימע אגענטען מיט א בעפעהל צו ער־קלערען איהם אויסערהאלב געזעץ אין נאָמען פון סנהדרין. ער האָט זיך אָבער דערוואוסט דערפון בעצייטענס און האָט צושיקט זיינע לייט, וועלכע האָבען געפאנגען דיא גרעסטע צאָהל פון דיא אגענטען.

וואו נור דיא שליחים פון סנהדרין פלעגען זיך בעוויזען, פלעגען זיי זיך אָנשטויסען אָן חברה, וועלכע יאָזעפוס פלעגט ארויסשיקען אום זיי נאָכצושפּיאָנירען. אויף דיזער וויזע האָבען זיי גאָר ניט געקענט אויפטאָן געגען איהם און נאָר אומזיסט פערשארפט דיא שטרייטען, וועלכע האָבען געפיהרט צו א בירגער־קריעג. ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין טבריה, וואו יוסטוס, וועלכער האָט שפּעטער אָנגעשריעבען אויף גריכיש א געשיכטע פון דער אידיש־רוימישע מלחמה זעהר פיינדליך צו יאָזעפוס'ן, איז געווען דער פיהרער פון דיא פאטריאָטען, האָבען זיי בעפוילען דעם עולם צו פאסטען א טאָג און צו בעטען גאָט פאר שלום אין לאנד און פאר א זיעג איבער דיא רוימער. א מאסע מענשען האָבען זיך אין דעם טאָג צוזאמענגעקליבען, אום צו בעשפּרעכען דיא לאגע. מען האָט אָבגעמאכט, אז אלע זאָלען קומען אונבעוואפענט; נאָר יאָזעפוס'עס אנהענגער האָבען דאָך בעהאלטען געווער אונטער זייערע מאנטלען. ווען מען האָט געענדיגט דיא תפילות און עס האָבען זיך אָנגעפאנגען דיסקוסיאָנען, האָבען יאָזעפוס'עס אנהענגער פּלוצלונג ארויסגעכאפּט זייערע געוועהר און האָבען פעריאָגט זייערע געגנער.

יאָזעפוס איז נאָך דיזער געמיינער אטאקע געבליבען דער הערשער אין טבריה. פיעלע פון זיינע טרייעסטע אדיוטאנטען און אנגעזעהנע בירגער, וועלכע האָבען נאָך אין איהם געגלויבט, האָט ער אוועקגעשיקט נאָך ירושלים איהם צו פערטהיידיגען. זיי האָבען

אזוי לאנג געארבייט ביז זיי איז געלונגען אויסצופיהרען, אז דער סנהדרין זאָל צוריקרופען דיא שליחים און בעשטימען, דאָס יאָזעפוס בלייבט גובערנאטאָר פון גליל. יאָזעפוס האָט זיך דאן אָפּגערעכענט מיט דיא שליחים זעהר געמיין, ער האָט געהייסען זיי איינשמידען אין קייטען און אזוי אוועקפיהרען נאָך ירושלים.

ער האָט זיך אזוי וויעדער אויסגעדרעהט פון א גרויסע געפאהר. ווען ער וואָלט גלייך אָפּען ארויסגעטראָטען געגען דעם סנהדרין׳ס בעפעהל, וואָלט ער זיכער ניט געבליבען גובערנאטאָר, אויב ער וואָלט איבערהויפּט געבליבען לעבען. נאָר דיא שטרייטען האָבען זיך ניט געענדיגט מיט דעם זיעג פון יאָזעפוס איבער דיא שליחים פון סנהדרין. דאָס פאָלק איז ניט נאָר געווען צוטהיילט אין א פריעדענס־פּארטיי און א קריעגס־פּארטיי וויא אין גאנץ ארץ ישראל, האָנדערען דיא פּאטריאָטישע קרעפטע זיינען צוברעקעלט געוואָרען. זיי זיינען געבליבען אָהן אן אנערקענטען הויפּטפיהרער און אָהן א פעסטען צוזאמענהאנג. יעדע שטאָט, יעדע פעסטונג האָט געהאט צו פערלאָזען זיך אויף איהרע אייגענע קרעפטע.

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז עס נאָר א וואונדער, וואָס דיא פּאטריאָטען האָבען זיך געקענט האלטען א לאנגע צייט געגען דיא רוימישע לעגיאָנען אונטער דער קאָמאנדאָ פון אספּסינום.



# פערטער קאַפּיטעל.

אספּסינוס אין גלי׳. — דיא שוואכקייט פון יאָזעפוס׳עס ארמעע. — דיא פערניכטונג פון גאבארא. — יאָזעפוס׳עס בעריכט צום סנהדרין. — דיא העלדענמוטהיגע פערטהיידיגונג פון יאָטאַפּאַטאַ. — יאָזעפוס געצוואונגען מיטצוקעמפּפען. — וויא ער האָט זיך ארויסגעדרעהט פון טויט און האָט זיך אונטערגעגעבען צו דיא רוימער.

דיא טרויעריגע פּאסירונגען, וועלכע זיינען איבערגעגעבען געוואָרען אין פאָריגען קאפּיטעל, זיינען געשעהען אין פערלויף פון 5 מאָנאט איידער דיא רוימישע לעגיאָנען זיינען אָנגעקומען. אנשטאָט צו פעראייניגען אלע קרעפטע, האָט יאָזעפוס נאָר אָנגעמאכט מחלקות און צוטהיילונגען. מען וואָלט גאָר ניט געקענט גלויבען, אז ער האָט בעגאנגען אזוי פיעל געמיינהייטען און אָנגעמאכט אזוי פיעל צרות, ווען ער וואָלט עס אליין ניט דערצעהלט מיט פיעלע איינצעלהייטען אין זיין אָטאָביאָגראפּיע.

נעראָן האָט זיך דערוואוסט פון דעם אויפשטאנד אין ארץ ישראל, ווען ער איז געווען אין גריכענלאנד, וואוהין ער איז געקומען צייגען זיין קונסט אלס זינגער, שפּיעלער און פאָהרער אויף א רייט־וואָגען. דאָס איז געווען איינער פון דיא משוגעת׳ן פון דיזען טיראן. דיא נידערלאגע פון דיא לעגיאָנען אונטער דער קאָמאנדע פון סעסטיוס גאלוס האָט איהם זעהר איבערגעשראָקען און ער האָט דארום אויסגעקליבען אספּסינוס׳ן פאר דעם קאָמאנדיר געגען דיא אידען, אָבוואָהל ער האָט גאָר ניט געגליכען דיזען בעריהמטען גענעראל. ער האָט קיין אנדער ברירה געהאט, דען אספּסינוס איז גערעכענט געווען פאר דעם בעסטען גענעראל אין דער רוימישער אימפּעריע און געגען דעם אויפשטאנד פון דיא אידען האָט מען געמוזט געברויכען דיא בעסטע קרעפטע פון דער רוימישער ארמעע.

אספּסינוס האָט געלאנדעט אין דעם פּאָרט פּטאָלעמאיד (עכו)

אין ווינטער פון 67טען יאָהר. זיין זוהן טיטוס האָט ער געשיקט נאָך אלעקסאנדריא צו ברענגען פון דאָרטען דיא צוויי שטארקע און ערפאהרענע לעגיאָנען, וועלכע האָבען שוין בעוויזען זייער גרויזאמקייט צו אידען אין דער צייט, ווען דיא גריכען זיינען דאָרטען בעפאלען דעם אידישען קווארטאל. א סך רייכע און ארי־סטאָקראטישע אידען זיינען גליייך געקומען ערקלערן דעם רוימי־שען גענעראל זייער טרייהייט צו רוים. צווישען זיי איז אויך געווען אגריפּוס דער צווייטער, וועלכער איז ניט נאָר געווען פער־דאָרבען וויא אלע מיטגליעדער פון דער הורדוס פאמיליע, זאָנ־דערן אויך אונפעהיג, און זיין שוועסטער וועראָניקא, א בעריהמטע שעהנהייט, אין וועלכער טיטוס האָט זיך גלייך פערליעבט און מיט וועלכע ער האָט געוועלט חתונה האָבען, ווען ער איז געוואָרן קייזער. אום צו צייגען, אז ער האָט גאָר ניט צו טאָן מיט דער קריעגס־פּארטיי, איז אגריפּוס געקומען מיט זיינע סאָלדאטען העל־פען דיא רוימער.

אין א קורצע צייט האָט אספּסינוס צוזאמענגעקליבען אן ארמעע פון 50 ביז 60 טויזענד מאן, נאָר אום אויסצומיידען דיא מפּלה פון סעסטיוס גאלוס, האָט ער מארשירט זעהר פאָרזיכטיג, זוכענדיג אָפּצוהאקען דיא פערבינדונגען פון די אידישע פּאטריאָטען, וועלכע זיינען אזוי אויך געווען צוטהיילט און אָפּגעזונדערט דורך דיא אינטריגען און פאלשקייטען פון יאָזעפוס פלאוויוס. ער האָט גלייך געצייגט, אז ניט אומזיסט האָט ער געהאט אזא גרויסען נאָמען אלס גענעראל און אז ניט אומזיסט האָט דיזער נאָמען ארויפגעיאָגט א שרעק אויף אלע פעלקער ארום און אויך אויף פיעלע אידען.

פריהער האָט ער ארויסגעשיקט אָבטהיילונגען צו פעריאָגען דיא קליינע טהיילען פון אידישע פּאטריאָטען אויפ׳ן וועג דורך גליל, דען ער האָט טאקי אויסגעקליבען, וויא מען האָט גערעכענט, דיזען סטראטעגישען וועג, אום צוצוקומען צו ירושלים. דאָ האָט זיך באלד ארויסגעצייגט, אז דיא סאָלדאטען אונטער יאָזעפוס׳עס קאָמאנדע זיינען ניט אין שטאנד געווען אפילו צו שטערען דעם

מארש פון דיא רוימער. יאָזעפֿוס אליין האָט נאָר הפּנים געקעמפּפט צום שיין. דען ער איז אלץ צוריק געטראָטען. ווען ער האָט ניט געקענט אויסמיידען א צוזאמענשטויס מיט דיא רוימער, איז ער אלע מאָל שנעל געשלאָגען געוואָרן, דען זיינע סאָלדאטען האָבען קיין צוטרויען געהאט צו זיין פערזאָן און נאָך וויינינגער צו זיינע מיליטערישע פעהיגקייטען.

א גאנץ אנדערער גייסט האָט געהערשט צווישען דיא פּאַטריאָטען, וועלכע האָבען אנערקענט יוחנן פון גיסכאלא פאר זייער פיהרער. זיי האָבען געקעמפּפט וויא לייבען אפילו געגען פיעלע גרעסערע צאָהלען פון רוימער.

דיא ערשטע פעסטונג פון גליל, וועלכע איז צושטערט געוואָרן פון דיא רוימער, איז געוועזען גאבארא. דיא הייפעלע פּאטריאָטען האָבען ארויסגעצייגט פיעל העלדענמוטה, אָבער זיי האָבען ניט געקענט לאנג אויסהאלטען דיא רוימישע אטאקעס, ווייל דיא פּאָזיציאָן איז ניט געוועזען גוט בעפעסטיגט. אום צו נעהמען נקמה פאר דיא נידערלאגע פון סעסטיוס גאלוס'עס לעגיאָנען לעבען ירושלים, האָבען דיא רוימער אויסגעשלאכט דעם גאנצען גארניזאָן פון גאבארא און דיא גאנצע שטאָט פערברענט. דאָס איז געוועזען דער אָנפאנג פון דיא שרעקליכע אויסשלאכטונגען אין דיזען קאמפּף אויף לעבען און טויט צווישען דיא אידען און דיא רוימער. דיא איינוואָהנער אין דער אומגעגענד פון גאבארא זיינען אָדער אויסגעשלאכטעט געוואָרן אָדער פערקויפט געוואָרן אין שקלאַ־ווערייַ.

דיא נעכסטע פעסטונג אויף'ן וועג פון דיא רוימער איז געוועזען יאָטאפּאטא. ווען אספּסינוס האָט מארשירט אהין, איז יאָזעפֿוס געוועזען אין טבריה, וואוהין ער איז געקומען צו לויפען מיט זיינע דעמאָראליזירטע און צושראָקענע סאָלדאטען. ער האָט אזוי ווייט פערלאָרען מוטה און האָט אזוי וויינינג געדענקט וועגען ווידערשטאנד, דאָס אין א בעריכט צום סנהדרין וועגען דעם טרויעריגען צושטאנד אין גליל האָט ער אָנגעפרעגט, אויב ער זאָל פּאָרטזעצען דעם קאמפּף אָדער פערהאנדלען מיט אספּסינוס וועגען

פריעדען. אין פאל מען וועט איהם הייסען פיהרען מלחמה, האט ער אנגעזאגט, אז מען זאל איהם צושיקען פערשטערקונגען. ער איז שוין אלזא גלייך אין אנפאנג געבליבען אהן סאלדאטען, אבגלייך ער וואלט געקענט האבען ניט ווייניגער וויא 100 טויזענד מאן אונטער זיין קאמאנדא, ווען ער וואלט אנדערס געהאנדעלט און געווען אויפריכטיג פיר א קאמפף מיט רוים. נאר עס איז מעגליך, אז ער האט אבזיכטליך פערלאנגט פערשטערקונגען, אום צו האבען א תירוץ זיך אונטערצוגעבען. ווען ער וואלט זיך ניט געשעהמט אדער, גיכער, ווען ער וואלט ניט מורא געהאט פאר דיא פאטריאטען, וועלכע האבען זיך געפונען אין אלע טהיילען פון גליל, וואלט ער זיך וואהרשיינליך באלד אונטערגעגעבען.

אויף יעדען פאל איז ער אוועק נאך יאטאפאטא, וואו פיעלע פאטריאטען האבען זיך פערזאמעלט צו בעשיצען דיזע פון דער נאטור שטארקע פעסטונג. ער האט אפילו איבערגענומען דיא קאמאנדא איבער דעם גארניזאן, אבער זיין צוועק איז הפנים געווען ניט צו קעמפפען, נאר צו קומען צו א פשרה מיט אספסינוס. אבער דיא פערטהיידיגער זיינען געווען זעהר מוטהיגע פאטריאטען און האבען גוט אויפגעפאסט אויף זייער קאמאנדיר ער זאל זיך ניט אפטראגען אין דער שטיל צו דיא רוימער. דיא פעסטונג איז פון 3 זייטען געווען ארומגערינגעלט פון בערג און אבגרונדען. נאר פון איין זייט האט מען געקענט צו איהר צוקומען; אבער דארטען האט מען איהר בעשיצט מיט א שטארקע וואנט און פיעלע טהורמען, וואו מען האט צוזאמענגעקליבען אלערליי דאמאלסדיגע געוועהר צו פעריאגען דיא רוימער. געגען דיזע וואנט האט אספסינוס אויסגעשטעלט 60 קאטאפולטען און אנדערע שטורם־מאשינען, וועלכע האבען געשליידערט מאסען שטיינער, שפיזען און ברענענדע מאטריאלען. דיא פאטריאטען האבען עטליכע מאל ניט נאר צוריקגעשטויסען דיא רוימער, טויטענדיג א סך פון זיי, זאנדערן האבען נאך געמאכט אטאקעס און צושטערט דיא רוימישע מאשינען. פערציג טעג האט געדויערט דיזע בעלאגערונג. ווען

דיא פּאטריאָטען האָבען געצייגט וואונדער פון מוטה און האָבען אויסגעמאטערט דיא רוימער. זיי וואָלטען זיך נאָך געקענט האל־טען א לענגערע צייט, ווען זיי וואָלטען ניט פעררּאטהען געוואָרן פון איינעם, וואהרשיינליך א פריינד פון דיא רוימער, וועלכער האָט אָנגעצייגט אויף דעם געהיימען דורכגאנג צווישען די בערג, דורך וואנען דיא בעלאגערטע פלעגען קריעגען שפּייז פון דיא אי־דען פון ארומיגע דערפער.

וויא יאָזעפוס דערצעהלט אליין, האָט ער אין דער צייט, ווען דיא בעלאגערטע האָבען שוין געליטען הונגער, זיך געקליבען צו מאכען פּלטה אין געהיים. נאָר דיא פּאטריאָטען האָבען זיך דער־וואוסט דערפון און האָבען איהם געסטראשעט מיט'ן טויט, אויב ער וועט ניט בלייבען. ער האָט זיי געוואָלט איינררײדען, אז ער וועט זיי בעסער העלפען, ווען ער וועט ארויס אין לאנד און צוזא־מענקלייבען סאָלדאטען, אום צו פעריאָגען דיא בעלאגערער, אָבער קיינער האָט איהם ניט געגלויבט. זעהענדיג, אז ער האָט קיין אנדער ברירה ניט וויא צו קעמפּפען, האָט ער מיט פערצוויפ־לונג אויסגעשריען: „אויב אזוי, לאָמיר קעמפּפען ביז'ן לעצטען אָטהעם און טהייער פערקויפען אונזער לעבען, לאָמיר צייגען א ביישפּיעל פאר אנדערע, אז מיר קענען מוטהיג שטארבען“.

עטליכע טעג נאָכדעם האָט ער ווירקליך העלדענמוטהיג גע־קעמפּפט. א פּאָר מאָל איז ער ארויס מיט דיא מוטהיגסטע פּאטריאָטען און האָט פעריאָגט דיא פּאָרדערסטע אבטהיילונגען פון דיא רוימער. איין מאָל איז ער צוגעקומען צו דעם רוימישען לאגער אין האָט אונטערגעצונדען פיעלע מאשינען און דיא דעכער, וואו סאָלדאטען און ערד־גרעבערס האָבען זיך געפונען אונטער בעשיצונג. יאָזעפוס איז געוועזען אן ערפינדערישער מאן און האָט בעזאָנדערס ארויסגעצייגט זיין פעהיגקייט אין דער קורצער צייט פאר דעם פאל פון דיזער פעסטונג.

אלע זיינע איינפעלע האָבען אָבער גאנץ ווייניג געהאָלפען, דען דער הונגער פון איין זייט און דיא שטענדיגע אָנשטערענגונג פון דער אנדער זייט האָבען אויסגעמאטערט דיא פערטהיידיגער.

וועהרענד אספּסינוס האָט אלץ געקענט צושיקען פרישע קרעפּטע און צורוקען נייע מאשינען אלץ נעהנטער צו דער וואנט. שליסליך האָבען די רוימער איינגעבראָכען די וואנט און מיט די הילפע פון א פּעררעטהער האָבען זיי זיך ארייגעריסען אין דער פעסטונג און אָנגעמאכט א שוידערליכען חורבן. די צוקאָכטע סאָלדאטען האָבען זיך צולאָזט איבער דער שטאָט און האָבען געשלאכטעט רעכטס און לינקס יעדען ווער עס האָט נאָר געהאט דעם אונגליק ארייינצופאלען אין זייערע הענד. פיעלע פּאטריאָטען האָבען אליין געזוכט דעם טוידט, שפּרינגענדיג פון די וועגט און די בערג אין אָבגרונדען אָדער דורכשטעכענדיג זיך מיט זייערע שווערדען. זיי האָבען געוואוסט, אז זיי קענען קיין גנאדע ניט ערווארטען פון די רוימער און האָבען אויך ניט געוועלט איבערלעבען זייער ני־דערלאגע. די רוימער האָבען מיט ווילדער גרויזאמקייט זיך אָפּ־גערעכענט מיט די העלדישע פּערטהיידיגער פון יאָטאפּאטא. אספּסינוס האָט געהייסען צושטערען די פעסטונג און אלעס פער־ברענען. די וואָס זיינען לעבען געבליבען, זיינען פערקויפט גע־וואָרן אין שקלאווערייֵ, בעזאָנדערס פרויען און קינדער.

א טהייל האָבען זיך בעהאלטען אין היילען און קעלערס. צווי־שען אזעלכע איז געוועזען יאָזעפוס פלאוויוס. ווען די רוימער האָבען אויסגעפונען דעם אָרט, וואו ער האָט זיך בעהאלטען מיט 40 קעמפּפערס, האָט אספּסינוס געשיקט צוויי אָפיציערען איהם אָנ־צוזאָגען, אז אויב ער וועט זיך אונטערגעבען, וועט מען איהם בע־גנאדיגען. ער דערצעהלט, אז ער האָט אָנפאנגס ניט געגלויבט די פערשפּרעכונגען פון די רוימער, נאָר ווען אספּסינוס האָט צו איהם געשיקט זיין פריהעריגען פריינד ניקאנאָר, וועלכער האָט איהם איבערגעגעבען, אז די רוימער בעגעהען זיך גוט מיט די געפאנגענע און בעזאָנדערס מיט מוטהיגע קעמפּפערס, האָט ער, נאָך א ביטערען קאמפּף מיט זיך זעלבסט, בעשלאָסען זיך צו פערלאָזען אויף ניקאנאָר׳ס פערשפּרעכונגען אין נאָמען פון אספּסינוס.

נאָר אום צו קענען ארויסגעהן פון הייל, האָט ער בעדארפט

קריעגען דיא צושטימונג פון זיינע חברים אין אונגליק. זיי האָט מען אויך פאָרגעשלאָגען גנאדע, אויב זיי וועלען זיך אונטערגעבען; אָבער זיי האָבען זיך ענטזאגט. דאָס לעבען האָט אין זייערע הערצער פערלאָרען יעדע אנציהונג, און זיי האבען ניט געוועלט זיך אונטערגעבען לעבעדיגערהייט אין דיא הענד פון זייערע אונ־טערדריקער, וועלכע זיי האָבען געהאסט ביז'ן טויט. זיי האָבען דארום בעשלאָסען בעסער צו בעגעהן זעלבסטמאָרד איידער צו פערטראָגען דיא שאנדע אלס געפאנגענע אין רוימישע הענד. ווען יאָזעפוס האָט אָנגעפאנגען זיי צו ערקלערן, אז מיט זייער זעלבסטמאָרד וועלען זיי קיינעם קיין נוצען ניט ברייננגען, האָבען זיי אויסגעשטעלט זייערע שווערדען און געענטפערט, אז וויא נאָר ער וועט פּרובירען ארויסגיין, וועלען זיי איהם דערשטעכען.

ער גיט איבער דיא רעדעס, מיט וועלכע ער האָט זיי געזוכט איבערצוריידען. „עס איז פיין צו שטארבען אויפ'ן שלאכטפעלד", האָט ער גע'טענה'ט, „אָבער עס איז א פיינהייט צו בעגעהן זעלבסטמאָרד. ווען איך וואָלט אנטלאָפען פון שלאכטפעלד, וואָלט איך ווירקליך פערדיענט דעם טויט, נאָר דאָ זיינען מיר וויא געפאנגענע. מיר דארפען זיך ניט שעמען אָנצונעהמען דיא גנאדע פון אונזערע פיינדע, דען מיר האָבען זיי געצייגט אונזער מוטה. אויב עס בלייבט אונז יעצט צו שטארבען, זאָל עס בעסער זיין דורך דיא הענד פון אונזערע זיעגערס. איך וועל שטארבען מיט פריידע, ווען מען וועט מיך הינריכטען טראָץ דעם פערשפּרעך פון גנאדע". ווייטער האָט ער זיי אָנגעצייגט פון דער ביבעל, אז מען טאָר ניט בעגעהן זעלבסטמאָרד.

אָבער אלע זיינע טענות זיינען געוועזען ארויסגעוואָרפען. קיי־נער האָט ניט געוועלט הערען פון אונטערגעבען זיך צו דעם פער־האסטען שונא. מען האָט דאן בעשלאָסען, אז איינער זאָל דער־שטעכען דעם אנדערן און דער לעצטער זאָל אליין זיך טויטען. אלע האָבען פייערליך געשוואָרען אויסצופיהרען דיזען שרעקליכען בעשלוס, יאָזעפוס אויך. מען האָט געוואָרפען גורל, און גראדע איז עס אויסגעקומען, אז יאָזעפוס איז געבליבען איינער פון דיא

לעצטע. אלע האָבען געהאלטען זייער שבועה, נאָר ווען דיא רייהע איז געקומען צו יאָזעפוס'ן, האָט ער גענומען איינריידען זיין חבר, אז מען זאָל זיך בעסער אונטערגעבען. ער האָט אזוי לאנג גע'טענה'ט ביז ער האָט אויסגעפיהרט זיין וואונש. ביידע זיינען אוועקגעפיהרט געוואָרן אין רוימישען לאגער, וואו יאָזעפוס איז גאנץ פריינדליך אויפגענומען געוואָרן פון אספסינוס און אויך פון טיטוס. אספסינוס האָט איהם געוועלט אוועקשיקען נאָך רוים צום קייזער, אָבער יאָזעפוס האָט זיך אָבגעבעטען, מען זאָל עס ניט טאָן, דען ער האָט מורא געהאט, אז דער טיראן וועט מאכען מיט איהם א קורצען סוף. מען האָט איהם אפילו געהאל־טען אונטער א וואך, אָבער דאָס איז נאָר געוועזען צום שיין. אס־פסינוס האָט איהם געגעבען א סך מתנות, מען האָט איהם ער־לויבט צו טראָגען עהרען־קליידער און אויך זיך אויסצוקלייבען א ווייב פון דיא געפאנגענע אידישע טעכטער. בעזאָנדערס האָט ער געפונען חן אין דיא אויגען פון טיטוס, מיט וועלכען ער פלעגט פיהרען געשפרעכען און וועלכער איז געבליבען זיין בעשיצער דיא גאנצע צייט פון זיין לעבען.



## פינפטער קאפיטעל.

דער לעצטער ווידערשטאַנד פון דיא פּאַטריאָטען אין גליל — יוחנן פון גיסכאלא אנטלויפט נאַך ירושלים. — אספּסינוס און דער בירגער־קריעג אין ירושלים. — יאָזעפוס אין רוימישען לאגער. — דער האַס פון דיא פּאַטריאָטען צו איהם. — זיינע צורופען צו דיא בעלאַגערטע זיך אונטערצוגעבען.

אזוי האָט זיך געענדיגט דיא מיליטערישע קאריערע פון יאָזעפוס פלאוויוס. נאָך דיא צערשטערונג פון יאָטאפאטא האָבען זיך איינינע פלעצער פרייוויליג אונטערגעגעבען. דיא איינוואָהנער פון טבריה, דיא הויפּט־שטאָט פון גליל, זיינען אזוי ענטמוטהיגט געוואָרן, אז זיי האָבען געעפענט דיא טויערן, וויא נאָר דיא רוימער האָבען זיך בעוויזען. אספּסינוס האָט בּיסלעכוויין איינגענימען איין פעסטונג נאָך דיא אנדערע און פערוויסטעט א גרויסען טהייל פון דיזער פראכטפאָלער פראָווינץ. נאָר אין נאָרד זיינען נאָך פערבליבען דריי פעסטונגען, וועלכע אספּסינוס האָט געקענט איינגעהמען ערשט נאָך א ביטערען קאמפף מיט א גרויסען פערלוסט.

דאָס זיינען געוועזען גיסכאלא (גוש חלב), הר תבור און גמלא, וואו דיא נאָכפאָלגער פון דעם העלדישען יוחנן האָבען געקעמפפט וויא לייבען. גמלא איז דריי מאָנאט בעלאגערט געוועזען פון דיא סאָלדאטען פון אגריפּוס, וועלכער האָט געהאָלפען דיא רוימער צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד; נאָר ער האָט גאָר ניט געקענט אויספיהרען ביז אספּסינוס איז צוגעקומען. אויך דאן האָט זיך דיזע פעסטונג געהאלטען א מאָנאט געגען אלע רוימישע אטאקעס. דיא פּאטריאָטען פון גמלא האָבען זי פערטהיידיגט מיט אזא פערצווייפעלטען העלדענמוטה וויא זייערע ברידער אין יאָטאפאטא. ווען דיא רוימער האָבען מיט זייערע מאשינען דורכגעבראָכען א לאָך אין דער וואנד פון דער פעסטונג און זייערע ערשטע רייהען

האָבען זיך ארייננעריסען אין דער שטאדט, האָט מען זיי אזוי אטאקירט מיט שטיינער פון אלע זייטען, אז קיין איינציגער פון זיי איז שוין ניט ארויס א לעבעדיגער. דיא רוימער האָבען ערשט געקענט איינגעהמען דיא פעסטונג, ווען עס איז זיי געלונגען איהר אונטערצוגראָבען אין איין אָרט, וואוהין זיי האָבען פערנארט דיא פאטריאָטען מיט א פאלשע אטאקע. דיא ווענט זיינען דאן איינ־געפאלען אונטער דער מאסע פון דיא קעמפפער און דיא מייסטע פון זיי האָבען דאָרטען געפונען זייער קבר. דיא רוימער האָבען נאכדעם אויסגעשלאכטעט, ווען זיי האָבען נאָר געטראָפען אויפ'ן וועג. מען רעכענט, אז 5000 נפשות האָבען זיך אליין גע־נומען דאָס לעבען. פון דער גאנצער בעפעלקערונג פון גמלא זיי־נען נאָר געבליעבען 2 יונגע מיידלעך....

אלע פאטריאָטען פון גליל, וועלכע עס איז געלונגען זיך צו רעטען, האָבען זיך א לאָז געטאָן נאָך ירושלים, אום צו העלפען דאָרט דיא קעמפפערס. צווישען אזעלכע איז אויך געווען יוחנן פון גיסכאלא. ער האָט זיך געהאלטען ביז דער לעצטער מינוט אין זיין קליינער געבורטס־שטאָט מיט א הייפעלע פאטריאָטען. ווען טיטוס איז צוגעקומען, האָט יוחנן געבעטען מען זאָל איהם געבען 24 שטונדען צייט ביז ער וועט עפענען דיא שטאָט פאר דיא רוימער. דער תירוץ איז געווען, אז ער וויל אָבהיטען שבת. נאָר ווען טיטוס האָט בעוויליגט זיין פערלאנג, האָט ער זיך אָב־געטראָגען מיט זיינע נאכפאָלגער און א סך איינוואָהנער, ווייל עס איז שוין גאנץ אונמעגליך געווען אויסצוהאלטען אן אטאקע פון טיטוס'עס לעגיאָנען. טיטוס האָט געהייסען נאָכיאָגען זיי, אבער יוחנן האָט זיך גערעטעט מיט יי טהייל פון זיינע סאָלדאטען. ער האָט נאכהער געשפיעלט א זעהר וויכטיגע ראָלע ביי דער פער־טהיידיגונג פון ירושלים.

נאָך דעם פאל פון גיסכאלא איז דער וועג נאָך ירושלים גע־ווען אָפען פאר דיא רוימישע לעגיאָנען. פיעלע ערטער פון גליל זיינען אין גאנצען פערוויסטעט געוואָרן. דאָרט, וואו עס זיינען ערשט מיט עטליכע מאָנאט צוריק געווען בליהענדע שטעט, האָט

יעצט געהערשט דיא שטילקייט פון טויט. דיא אידען, וואָס זיינען ניט אויסגעשלאכטעט געוואָרן, האָבען געשמאכטעט אין קייטען אָדער זיינען פערקויפט געוואָרן פאר שקלאווען.

אָבער דיא רוימער זיינען אין דער צייט אזוי אויסגעמאטערט געוואָרן און אספּסינוס האָט פערלאָרען אזוי פיעל סאָלדאטען, דאָס ער איז געצוואונגען געווען אָפּצוּוואַרטען ביז ער וועט צו־זאמענקלייבען נאָך סאָלדאטען, ביז ער וועט קענען בעפאלען א"י יהודה און בעלאגערן ירושלים. גאנצע צוויי יאָהר האָט ער צו־רוהע געלאָזען ירושלים; אָבער דיא פּאטריאָטען האָבען זיך לייי־דער גאָר ניט בענוצט מיט דיזער צייט. פערקעהרט, זיי האָבען נאָך אָבגעשוואכט זייערע קרעפטע דורך א ווילדען קאמפּף מיט דער פריעדענס־פּארטיי און דורך געגענזייטיגע רייסערייען.

אספּסינוס האָט אזוי געהאנדעלט ניט צוליעב דעם, ווייל ער האָט זיך געפיהלט שוואך צו שטורמען ירושלים, זאָנדערן ווייל ער האָט אויסגעקוקט, אז דורך דעם בירגער־קריעג וועט איהם פיליכט געלינגען צו פערכאפּען דיא אידישע הויפּט־שטאָט מיט דער הילפע פון דער פריעדענס־פּארטיי אָהן לאנגע בעלאגערונגען און אָהן גרויסע בלוטפערגיסונגען. פון דער אנדער זייט האָט עס גע־טראָפען ,אז דער טיראן נירון (נעראָן) איז געשטאָרבען און דיא רוימישע לעגיאָנען אין פערשיעדענע פונקטען האָבען אויסגעקלי־בען זייערע קאָמאנדירען פאר קייזערס. אין איין יאָהר האָבען דריי גענעראלען פערנומען דעם רוימישען טהראָן ביז ענדליך דיא לעגיאָנען אין ארץ ישראל, אין סיריען און אין עגיפּטען האָבען געשוואָרען טרייהייט צו אספּסינוס, וועלכער איז פערבליבען קיי־זער ביז זיין נאטירליכען טויט און האָט אויך געקענט אָהן שטע־רונגען איבערלאָזען דעם טהראָן צו זיין זוהן טיטוס.

אין דער צייט, ווען ער מיט זיין זוהן זיינען פערנומען געווען צו בעהערשען דיא גאנצע רוימישע אימפּעריע, האָבען זיי נא־טירליך ניט געקענט פיעל אין זינען האָבען דעם אויפשטאנד פון דיא אידען. ערשט אין פעברואר 70טען יאָהר איז טיטוס ערשיע־נען מיט זיינע לעגיאָנען לעבען ירושלים.

דאָ איז ניט דער אָרט צו בעשרייבען דיא געשיכטע פון חורבן ירושלים, ווייל דיזער העלדישער קאמפף פון אידען פאר זייער אונאבהענגיגקייט האָט שוין ניט צו טאָן מיט יאָזעפוס׳ן. דיא גאנצע צייט האָט ער זיך געפונען אין דער רוימישער ארמעע און האָט נאָר צוגעזעהען, וויא זיינע ברידער זיינען געפאלען אין דעם אונגליקליכען קאמפף, וויא דער בית המקדש איז פערברענט געוואָרן און וויא דיא היילינע שטאָט איז צושטערט געוואָרן. ער איז געוועזען אן עדות פון דיא שרעקליכסטע פסירונגען ביי חורבן ירושלים, זאָ דאָס ער האָט נאכהער געקענט אלעס ריכטיג בעשרייבען אין זיין געשיכטע פון דער אידיש־רוימישער מלחמה.

ווען מען האָט ערהאלטען אין ירושלים דיא ערשטע בעריכטען וועגען דיא צערשטערונג פון דער פעסטונג יאָטאפאטא, האָט מען געגלויבט, אז יאָזעפוס איז אויך געפאלען אונטער דיא רוימישע שווערדען און מען האָט זעהר בעדויערט זיין טויט, אָבוואָהל דיא פאטריאָטען זיינען געוועזען אויפגעבראכט געגען איהם פאר זיינע אינטריגען און געמיינע האנדלונגען אין גליל. אָבער וויא נאָר מען האָט זיך דערוואוסט, אז ניט נאָר ער לעבט אין רוימישען לאגער, זאָנדערן ווערט נאָך בעהאנדעלט אזוי, וויא ער וואָלט שטענדיג געוועזען א הייסער פריינד פון רוים, האָט מען איהם פערהאסט און פערשאָלטען וויא א פעררעטהער. אלע פאטריאָטען האָבען דאָס איהם ניט געקענט פערגעבען, און דיא הייסעסטע קנאים זיינען נאָך מעהר אויפגערעגט געוואָרן געגען דיא מעסיגע און האָבען גענומען קוקען אויף יעדען איינעם פון אנדערע פארטייען, וויא אויף פעררעטהער און געהיימע אגענטען פון רוים. יאָזעפוס האָט אלזאָ אויף דיזער ארט אריינגעבראכט פערדאכט און מיסטרויען צווישען דיא קעמפפערס פון ירושלים.

נאָר דער האס פון דיא קנאים האָט איהם ווייניג וואָס געקימערט. ער האָט זיך געצאָהלט מיט דער זעלבער מטבע. יעדענפאלס איז ער געוועזען זייער ביטערער געגנער זייט זיין שטרייט מיט יוחנן פון גיסכאלא. נאָר פאר דעם גאנצען פאָלק

און איבערהויפּט פאר זיין געבורטס־שטאָט און דעם בית המקדש האָט ער געוויס ניט ווייניג געזאָרגט. ער איז געווען נאָך אלעם א פרומער איד און האָט געליעבט זיין פאָטערלאנד. אויב ער האָט פריהער אמאָל געטרוימט און געהאָפּט, אז מען קען געווינען עפּעס דורך דעם אויפשטאנד געגען רוים, האָט ער יעצט פערלאָרען יעדע האָפנונג. צוקוקענדיג זיך צו אלעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם רוימישען לאגער, וויא שטארק דיא רוימישע לעגיאָנען זיינען און וויא זיי זיינען פערזאָרגט מיט דיא בעסטע געוועהר פון יענער צייט און וערן קאָמאנדירט פון פעהיגע גענעראלען, האָט ער נאטירליך בעסער וויא יעדער אנדער איד געקענט זעהען, אז יעדער וויטערער קאמפּף איז נוצלאָז און אז דער סוף וועט זיין א שרעקליכער פאר זיין פאָלק.

זיין הארץ האָט געבלוטעט, ווען ער האָט געזעהען דיא צרות פון זיין פאָלק. ער דערצעהלט, אז ער פלעגט אָפט צוגעהן צו דיא ווענט פון ירושלים און מיט טרערען אין דיא אויגען בעטען זיינע ברידער איינצוהערען צו קעמפּפען געגען רוים, ווייל זיי וועלען נאָר ברענגען צו דער צערשטערונג פון דער הייליגער שטאָט, וועלכע איז דאן בעלאגערט געווען פון 80 טויזענד סאָלדאטען. נאָר זיינע רייד האָבען קיין ווירקונג געהאט. מען פלעגט איהם פעריאָגען מיט זידלערייען, מיט געשרייען: „פעררעטהער, רוימישער הונד!“ איין מאָל האָט מען איהם געטראָפען אין קאָפּ מיט א שטיין און ער איז אנידערגעפאלען בעוואוסטלאָז. דיא רוימישע סאָלדאטען, וועלכע פלעגען איהם בעגלייטען, האָבען איהם אוועקגעטראָגען און אָפּגעמינטערט, און ער האָט נאכהער וויטער פאָרטגעזעצט זיינע צורופען מען זאָל זיך אונטערגעבען, אום צו רעטען דיא הייליגע שטאדט. מען רעכענט, און דאָס איז גאנץ נאטירליך, אז טיטוס פלעגט איהם שיקען איינריידען דיא פּאטריאָטען אויפצוגעבען דעם נוצלאָזען קאמפּף, דען עס איז בעוואוסט, אז טיטוס האָט נאָר געוועלט וואָס גיכער מאכען א סוף פון דעם אויפשטאנד און זיך צוריק קעהרען נאָך רוים אלס זיעגער מיט א טריאומפּף. ער האָט געוועלט צייגען, אז ער איז א

גוטער גענעראל, אום צו פערשטארקען זיין פאמיליע אויף דעם רוימישען טהראָן, און האָט דארום געזוכט צו ברעכען דעם ווידערשטאנד פון דיא אידען מיט גוטע פערשפרעכונגען, אונטערקויפונגען און אנדערע אזעלכע מיטעל. ער האָט אויך אָנגעהאלטען א סך שפּיאָנען אין ירושלים, וועלכע פלעגען איהם לאָזען וויסען פון אלעם אויף שטיקלעך פאפיר, וועלכע זיי פלעגען שלייערען פון פייל־און־בויגענס.

קיין וואונדער דארום, אז טיטוס האָט זיך געוועלט בענוצען מיט דער הילפע פון אזא וויכטיגע פערזאָן וויא יאָזעפוס פלאוויוס; אָבער אין דיזען פאל, מוז מען צוגעבען, האָט יאָזעפוס געהאנדעלט גאנץ אויפריכטיג, ניט אום צו קויפען זיך חן אין דיא אויגען פון דיא רוימער. פאר זיינע דרשות צו דיא בעלאגערטע, וועלכע האָבען געקעמפפט מיט א בלינדען פאנאטיזמוס, קען מען איהם ניט בעשולדיגען, דען ער האָט געזאָגט, וואָס ער האָט ווירקליך געפיהלט, און האָט מיטלייד געהאט מיט זיינע אונגליקליכע ברידער. ער גיט איבער איניגע פון זיינע צורופען צו דיא בעלאגערטע.

ווען דיא צוויי אויסערע ווענט פון ירושלים זיינען שוין געווען דורכגעבראָכען פון דיא רוימער און דיא דריטע און לעצטע וואנט האָט זיך געטרייסעלט אונטער דיא קלעפּ פון דיא שטיינער־שלייערנדע מאשינען; ווען אלע האָבען אזוי געהונגערט, אז דיא קעמפפערס אויף דיא ווענט האָבען געקייט דיא פעל פון זייערע שילדען און מוטערס האָבען געפרעסען זייערע אייגענע קינדערלעך; ווען טויזענדע טויטע קערפּערס האָבען זיך געוואלגערט אין דיא גאסען און דיא לופט איז געווען פערפעסטעט — אין דיזער שוידערליכער צייט האָט ער געשריען צו דיא פערצווייפעלטע קעמפּפערס אויף דער לעצטער וואנט:

„האָט רחמנות אויף זיך זעלבסט און אויף אייער פאָלק, דערבארעמט זיך אויף אייער הויפטשטאָט און אויף דעם בית המקדש! איהר זעהט דאָך: דיא צוויי שטארקסטע ווענט זיינען שוין צושטערט, דיא לעצטע וועט ניט לאנג בלייבען גאנץ. לייגט אוועק

אייער געוועהר, האָט רהמנות אויף אייער האלב־צושטערטען פאָ־טערלאנד! קוקט אייך ארום! זעהט וואָס פאר א פראכטפאָללע שטאָט, וואָס פאר א בית המקדש איהר ווילט אויפאָפּפערן. עס איז נאָך צייט חרטה צו האָבען, צו רעטען דאָס, וואָס עס איז דיא הייליגסטע זאך פאר אידען. נאָר אויב איהר ווילט צומאכען אייערע אויגען אויף אלעס ארום זיך, דערמאָנט זיך אָן אייערע עלטערן, פרויען און קינדער, וועלכע וועלען באלד פאלען אונטער דיא שווערדען פון דיא רוימער. איך ווייס, אז מיין מוטער, מיין פרוי און מיין גאנצע פאמיליע זיינען אין לעבענסגעפאהר. אָבער מיינט ניט, אז איך בעט אייך אוועקצולייגען דיא געוועהר וועגען זייערטוועגען. ניין! טויטעט זיי, נעהמט אויך מיין אייגענעם לעבען. איך בין בערייט צו שטארבען, ווען איהר וועט נאָר קו־מען צום שכל נאָך מיין טויט...... און וואָס פערלאנגען דען דיא רוימער? זיי פאָדערן נאָר דיא שטייערן, וועלכע מען האָט פריהער געצאָהלט. וויא נאָר מען וועט זיי דאָס נאָכגעבען, וועלען זיי אייך ניט ריהרען, און דיא שטאָט מיט דעם בית המקדש וועלען בלייבען גאנץ, דיא הייליגע געזעצע וועלען אויך בלייבען אין קראפט״....

דערביי האָט ער זיי אויך געזוכט צו ערקלערן, אז דיא מאכט פון אידישען פאָלק ליעגט ניט אין שווערד, זאָנדערן אין דער תורה, „דיא מאכט פון געוועהר״, האָט ער געזאָגט, „איז קיין מאָל ניט געוועזען דיא שטיצע פון אונזער פאָלק, דען מלחמה האָט אימער גע־בראכט נאָך זיך אונטערדריקונג. דיא אמת׳ע קראפט פון אידי־שען פאָלק ליעגט ניט אין שווערד, זאָנדערן אין גלויבען און האָפ־נונג אויף גאָט״.

אָבער דיא פאטריאָטען אונטער דער פיהרונג פון יוחנן פון גיסכאלא, שמעון בן גוריא און אליעזר בן שמעון זיינען געבליבען טויב צו אלע צורופען ניט נאָר פון יאָזעפוס פלאוויוס, זאָנדערן אויך פון יוחנן בן זכאי און פון אנדערע פיעל געאכטעטע רבנים און חכמים. זיי האָבען בעשלאָסען צו קעמפפען ביז דעם לעצטען אָטהעם פאר דיא בעפרייאונג פון זייער אונגליקליכען פאָטערלאנד.

דאָס לעבען אָהן אונאבהענגיגקייט איז פאר זיי געוועזן ביטערער וויא דער טויט, און זיי האָבען זיך מקריב געוועזן מיט זעלטענעם העלדענמוטה. דיא, וואָס זיינען ניט אויסגעגאנגען פון הונגער אָדער זיינען ניט געטויטעט געוואָרן פון רוימער, האָבען אליין געמאכט א סוף פון זייער לעבען, אום ניט צו זיין אונטער דעם רוימישען יאָך. א פאנאטישער גלויבען האָט בעזעעלט דיזע פייערדיגע פאטריאָטען. ווען טיטוס האָט זיך דערוואוסט, אז מען האָט אויפגעהערט צו ברייגנען קרבנות אין בית המקדש, ווייל עס איז שוין ניט געוועזן וואָס צו ברענגען, האָט ער זיך בענוצט דער־מיט נאָך א מאָל אויפצופאָדערן דיא פאטריאָטען זיך אונטער־צוגעבען; אָבער יוחנן האָט געענטפערט, אז דיא הייליגע שטאָט קען ניט צושטערט ווערן, ווייל גאָט האלט איהר שיקזאל אין זיינע הענד.

אזעלכע מענשען האָבען נאטירליך נאָר געקענט קוקען מיט האס און פעראכטונג אויף יאָזעפוס׳ען און אויף אלע דיא יעניגע, וואָס האָבען געזוכט דיא שטיצע פון דיא רוימער.

אין איינע פון זיינע אויפרופען, דערצעהלט יאָזעפוס, האָט ער אויסגעשריען: „קיין מאָל וועל איך זיך ניט אָבזאָגען פון מיין פאָלק; איך וועל ניט פערגעסען אָן מיין פאָטערלאנד, וויא לאנג איך זאָל ניט לעבען אין א פרעמדע לאנד אלס געפאנגענער!“ דיזע שבועה האָט ער עהרליך געהאלטען, וויא זיינע שריפטען צייגען עס.



## זעקסטער קאפיטעל.

יאָזעפוס ביי דיא טריאומף־פּראָצעסיאָנען פון טיטוס. — זיין האס צו דיא קנאים. — זיין האַלטונג צו דיא גרים. — דאָמיציאַן'ס פערפאַל־גונגען. — יאָזעפוס פערמישט אין דעם פּראָצעס פון דעם גר פלאוויוס קלעמענס. — זיינע ביטערע שונאים און פערפאָלגערס. — זיין שרעק פאַר דאָמיציאַן און זיין טויט.

יאָזעפוס איז אויך געווען אַן עדות פון דעם לעצטען אקט אין דער שרעקליכער טראגעדיע: דיא טריאומף־פּראָצעסיאָנען פון דיא זיעגערס אין רוים. ער האָט געזעהען, וויא זיינע אונ־גליקליכע געפאנגענע ברידער האָבען זיך געשלעפּט געשמידט אין קייטען הינטער דיא טריאומף־וועגען פון אספּאסינוס מיט זיינע זיהן טיטוס און דאָמיציאַן. ער האָט געזעהען, וויא שמעון בן גוריא איז געשלעפּט געוואָרן דורך דיא גאסען פון רוים מיט אַ שטריק ארום האלז און איז נאכהער ארונטערגעשליידערט גע־וואָרן פון טארפּעער פעלז אלס קרבן צו דיא רוימישע געטער; ער האָט געזעהען, וויא זיין גרעסטער געגנער, דער פעהיגסטער אידי־שער קריעגס־פיהרער יוחנן פון גיסכאלא, האָט קוים כח געהאט צו שלעפּען זיין אויסגעדארטען קערפּער אין דיא קייטען פון דיא זיעגערס; ער האָט געזעהען, וויא דיא בעסטע קעמפּפערס פון זיין פאָלק זיינען אויסגעשלאכט און ערנידעריגט געוואָרן פון דיא פערדאָרבענע מאכען אין רוים; ער האָט געזעהען, וויא דיא גאנ־צע געצענדיענער־וועלט האָט זיך געפרעהט מיט דעם אונגליק פון אידישען פאָלק און מיט דער צערשטערונג פון בית המקדש; ער האָט געזעהען, וויא מען האָט אויפגעבויט דיא טריאומף־ארקע לכבוד טיטוס, וועלכע שטעהט נאָך ביז יעצט אין רוים.

אזא טריאומף־פּראָצעסיאָן האָבען שוין דיא רוימער לאנג ניט געזעהען. אספּסינוס און זיינע זיהן האָבען געזוכט וואָס מעהר צו צייגען זייער גבורה און צו געבען וואָס מעהר פערגניגען דיא

מאסען, אום זיי צוצוציהען צו דער נייער קייזערליכער הויז. דיא מלחמה אין ארץ ישראל האָט אויך צו פיעל געקאָסט דיא רוימער. דאָס קליינע פאָלק האָט אזוי העלדענמוטהיג און לאנג געקעמפפט, אז דיא עקזיסטענץ פון דער גאנצער אימפעריע איז געווען אין געפאהר. ווען דיא אידען וואָלטען געזיעגט און גע־קראָגען אונאבהענגיגקייט, וואָלטען אנדערע פעלקער געווים נאָכ־געפאָלגט זייער ביישפיעל, און דיא אימפעריע וואָלט צופאלען גע־וואָרן. דיא הערשער פון רוים האָבען עס גאנץ גוט געפיהלט און דארום האָבען זיי זיך אזוי געפרעהט מיט זייער זיעג איבער דיא אידען. אום צו פייערן דיזען זיעג, האָבען זיי אויך אויסגעשלאָגען נייע מטבעות מיט א צייכנונג פון א טרויערנדע פרוי אונטער א פאלם־בוים און מיט דער אונטערשריפט „געפאנגענע יודעא“.

וואָס האָט יאָזעפוס געפיהלט, ווען ער האָט דאָס אלעס צו־געזעהען? „מיין הארץ איז צובראָכען“, האָט ער געשריעבען, „ווען איך זעה דיא אונגליקען פון מיין פאָלק, דעם אונטערגאנג פון מיין פאטערלאנד און דיא צערשטערונג פון בית המקדש. אלע פערגניגען פון לעבען און אלע אוצרות זיינען מיר ווידערווערטיג“. אָבער אזוי האָט ער וואהרשיינליך נאָר געפיהלט, ווען ער האָט בעטראכט זיין צושטערטע געבורטסשטאָט; אָבער ניט ווען מען האָט געשלעפט דיא געשמידטע געפאנגענע פאטריאָטען אונטער דיא יובעל־געשרייען פון גאנץ רוים; דען מען וויים, אז ער האָט קאלטבלוטיג געקוקט אויף דיזע אָפּפער און האָט זיך זאָגאר גע־פרעהט מיט דעם טויט פון יוחנן פון גיסכאלא און אנדערע העל־דען. דיא קנאים האָט ער געהאסט און האָט קיין מיטלייד צו זיי בעוויזען, ווען דיא רוימער האָבען זיך מיט זיי שרעקליך גרויזאם אָפּגערעכענט. פאר אייניגע געפאנגענע אריסטראָקרא־טישע אידען און אויך פאר א געוויסע צאָהל פרויען און קינדער האָט ער זיך אָנגענומען און אויסגעפיהרט, אז מען זאָל זיי בע־פרייען. ער וואָלט זעהר פיעל געקענט העלפען זיינע אונגליקליכע ברידער, ווען ער וואָלט ניט מורא געהאט פאר זיין אייגענע הויט, דען אספסינוס האָט איהם געאכטעט און קייזערליך בעלוינט פאר

זיין פריינדשאפט צו דיא רוימער. ער האָט איהם ניט נאָר געשאָנ־קען גרויסע לאנדגיטער, זאָנדערן אויך א פאלאַץ אין רוים און דאָס רעכט פון א רוימישען בירגער. מען האָט איהם אויך ער־לויבט צו טראָגען דעם קייזערליכען פאמיליען־נאָמען „פלאוויוס“, אונטער וועלכען ער האָט זיך אונשטערבליך געמאכט מיט זיינע שריפטען.

אין רוים, וואו ער האָט געענדיגט זיינע יאָהרען, האָט ער זיך ענדליך גענומען צו זיין גלענצענדע פעדער, מיט וועלכער ער האָט זיך אזוי ערליך בענוצט צו פערטהיידיגען זיין פאָלק געגען גריכישע און רוימישע פערלוימדערס און אָנצושרייבען זיינע בע־ריהמטע געשיכטליכע ווערק. ער האָט זיך פריי געקענט אָבגעבען צו זיינע היסטאָרישע נאָכפאָרשונגען, דען ער האָט געהאַט גענוג מיטעל צו לעבען אין לוקסוס וויא א פרינץ. ער האָט אָבער אויך, רעכענט מען, געזוכט צו געקעהרען מיטגליעדער פון דער רוימישער אריסטאָקראַטיע צום אידישען גלויבען.

עס איז א מערקווירדיגער פאקט, דאָס טראָץ דעם האס פון געצענדיענערס צו אידען פאר זייער רעליגיאָן, טראָץ דיא פער־לוימדונגען פון זייערע שונאים, טראָץ זייער שרעקליכער נידער־לאגע און צערשטערונג פון בית המקדש, האָבען זיך דאָך געפונען רוימער און גריכען, וועלכע האָבען זיך מגייר געווען. דיא צאָהל פון אזעלכע גרים האָט געמוזט זיין ניט קליין, דען דער קייזער־דאָמיציאן האָט ארויסגעלאָזען זעהר שטרענגע געזעצע געגען זיי. דער רוימישער היסטאָריקער טאציטוס האָט זיך זעהר געוואונדערט, וויא אזוי רוימישע בירגער האָבען זיך געקענט אָבזאָגען פון זייערע פאמיליען און אפילו זיך מל זיין, אום איבערצוגיין צום אידישען גלויבען. יאָזעפוס דערצעהלט, אז פיעלע געצענדינער האָבען פער־עהרט דיא אידישע רעליגיאָן און האָבען געהאלטען פון שבת, חנוכה און פון כשרות. „אויב יעדערער, שרייבט ער, וועט דיינקען וועגען זיין לאנד און פאמיליע, וועט ער געפינען, דאָס מיין בעהויפטונג (אז פיעלע קריסטען האָבען זיך בעקעהרט צום אידישען גלויבען) איז ריכטיג.“

אום צו קריגען וואָס מעהר גרים, האָבען אייניגע רבנים ערקלערט, אז עס איז גראדע ניט נויטווענדיג זיי צו בעשניידען און אז טויפע אָדער טבילה איז גענוגענד. מען רעכענט, אז א טהייל פון דיא פיעלע גרים אין רוים זיינען יוצא געווען מיט טבילה אָנשטאָט מילה. יאָזעפוס זעלבסט האָט ניט געהאלטען, אז מילה איז נויטווענדיג פאר א גר. אין דער צייט זיינען שוין אויך געווען אין רוים מיטגלידער פון דיא ערשטע קריסטליכע סעקטען, נאָר אלע דיעזע סעקטען זיינען בעשטאנען פון אידען און, מיט אויסנאהמע פון דיא אנהענגער פון דעם הייליגען פאול (שאול פון טארסוס), האָבען זיי זיך אויך שטרענג געהאלטען אָן אלע פאָרשריפטען פון דער אידישער רעליגיאָן.

צוליעב איינעם פון דיא רוימישע גרים האָט יאָזעפוס געליטען און פיעלייכט אויך זיין לעבען פערלאָרען. גאנץ רוים איז אויפגע־רודערט געוואָרען, ווען מען האָט זיך דערוואוסט, אז פלאוויוס קלע־מענס און זיין פרוי פלאוויא דאָמיצילא האָבען זיך בעקעהרט צום יודענטהום. ער איז געווען א שוועסטערקינד פון דעם קייזער דאָמי־ציאן, און זיא איז אויך געווען א נאָהענטע קרובה פון דעם קייזער. זייערעביידע זיהן זיינען ערקלערט געוואָרען פאר דיא יורשים פון קייזערליכען טראָהן. אזוי הויך האָט דאן דערגרייכט דיא רעליג־יאָן פון דעם אונטערדריקטען קליינעם פאָלק, וועלכען דיא רוימער האָבען בעזאָנדערס געהאסט. פלאוויוס קלעמענס האָט געהאלטען בסוד זיין בעקעהרונג צום אידישען גלויבען.

וויא אזוי מען איז דערפון דערגאנגען, וויים מען ניט אויף זיכער, נאָר וויא דאָמיציאן האָט עס דערהערט, האָט ער גאָר ניט געאכטעט אויף פערוואנדשאפט און געהייסען איהם פעראורטהיילען צום טויט. דיעזער דאָמיציאן, וועלכער האָט אָנפאנגס נאָכגעפאָלגט זיין ברודער טיטוס און האָט אויך ארויסגעצייגט א פריינדליכקייט צו אידען, איז געוואָרען אזא בלוטיגער טיראן וויא קאליגולא און נעראָן. ער האָט גענומען פערפאָלגען אידען און זעהר שטרענג פאָרדערען דיא ספּעציעלע אידישע טאקסע. נאָר מיט בעזאָנדערע רציחה פלעגט ער פערפאָלגען דיא גרים. ער האָט געהייסען בעשטראָ־

פען אזעלכע מיט'ן טויט נאָך דיא רוימישע געזעצע געגען גאָטלאָזע אָדער שענדער פון דער אָפיציעלער רעליגיאָן. זייער אייגענטהום האָט מען אויך קאָנפיסצירט.

פלאוויוס קלעמענס איז פראָצעסירט געוואָרען צוזאמען מיט נאָך גרים און איז פעאורטהיילט געוואָרען צום טויט. זיין פרוי איז פערשיקט געוואָרען אויף דעם אינזעל פאנדאטאריא. דיא פיער פאָרשטעהער פון סנהדרין אין יבנה: גמליאל, אליעזר, יהושע און עקיבא, וועלכע זיינען געקומען נאָך רוים בעטען גנאדע פאר דיזען וויכטיגען גר און פאר דיא אידען בכלל, האָבען גאָר ניט אויסגע־פיהרט און זיינען געוועזן עדות פון זיין הינריכטונג. דאָמיציאן איז אזוי אויפגעבראכט געוועזן אויף זיין שוועסטער קינד, דאָס ער האָט אויף קיינע גנאדע ביטעס ניט געאכטעט.

יאָזעפוס איז געוועזן פערמישט אין דעם פראָצעס געגען פלאווי־יוס קלעמענס. מען האָט איהם זאָגאר בעשולדיגט, אז ער האָט עס אראָבגעפיהרט דעם קייזער'ס שוועסטער קינד פון „גלייכען וועג" און בעקעהרט צום יודענטהום. עס איז וואהרשיינליך, אז מען האָט איהם דערפאר פערפאָלגט און אויך אומגעבראכט. אונטער דער הערשאפט פון אזא ווילדען טיראן, וויא דאָמיציאן איז געוואָרען, איז יאָזעפוס'עס לעבען שטענדיג געהאנגען אויף א האָאר. אָנפאנגס האָט איהם דאָמיציאן בעהאנדעלט אזוי פריינדליך וויא זיין פאָ־טער און ברודער. אויך דיא קייזערינע האָט איהם הויך געשעצט און געשטיצט. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך דער טיראן גענומען צו־צוהערען צו יאָזעפוס'עס שונאים, וועלכע האָבען איהם בעשולדיגט אפילו אין א פערשווערונג געגען דעם קייזער'ס לעבען.

דיא אידען האָבען איהם אזוי געהאסט, אז פיעלע פון זיי פלע־גען איהם פערמכר'ן, דאָס ער איז גאָר ניט טריי צו רוים און דאָס ער האָט זעהר פיעל צרות אָנגעמאכט דיא רוימער. ווען ער איז געוועזן דער קריעגס־קאָמאנדיר אין גליל. נאָך ווען טיטוס איז געוועזן קייזער, האָט א געוויסער יונתן, איינער פון דיא לעצטע קעמפפערס געגען דיא רוימער, אָנגעצייגט אויף יאָזעפוס'ען און אויף אנדערע רייכע אידען פון דער פריעדנס־פארטיי אלס זיינע מיטהעלפערס.

ווען מען האָט איהם געבראכט אין קייטען נאָך רוים. ער האָט עס געטאָן אוים האם צו יאָזעפוס'ן אלס אן אלגעמיין אנערקענטען פעררעטהער, אָבער טיטוס האָט זיך ענטזאגט צו גלויבען אין אזא בע־שולדיגונג און האָט פערטהיידיגט יאָזעפוס'ן (דעם בעשולדיגער האָט מען פריהער געשמיסען און נאכהער פערברענט לעבעדיגערהייט).

אָבער דאָמיציאן איז ניט געווען גערעכטען אין זיין ברודער, וועלכער איז זעהר געליעבט געווען פון רוימישען פאָלק און וועל־כער איז ווירקליך ניט געווען א רשע, וויא דיא אידען שטעלען זיך עס פאָר. ער איז אלץ פערדעכטיגער געוואָרען דורך דיא אָפטע קלאַ־גען און בעשולדיגונגען אויף יאָזעפוס'ן. ווען יוסטוס פון טבריה האָט אָנגעשריעבען א געשיכטע פון דעם אויפשטאנד אין ארץ ישראל און האָט דירעקט בעשולדיגט יאָזעפוס'ן אין פערראטה גע־גען רוים (דיעזער יוסטוס איז אויך געווען א זעהר זינדיגער מענש), האָט זיך יאָזעפוס אזוי דערשראָקען פאר זיין לעבען, אז ער האָט אָנגעשריעבען זיין „אָטאָביאָגראפיע," אין וועלכער ער האָט זיך אליין ארויסגעשטעלט אלס פאלשער מענש און פעררעטהער געגען אידען. ווען ער האָט איהר געשריעבען, האָט ער הפנים נאָר אין זינען געהאט זיך ריין צו וואשען אין דיא אויגען פון דעם טיראן דאָמיציאן.

נאָר דיא געשיכטע מיט פלאוויוס קלעמענס האָט געוויס אויפ־געבראכט דעם טיראן אויף יאָזעפוס'ן. מען ווייס ניט, אויב יאָזע־פוס איז געשטאָרבען מיט א נאטירליכען טויט אָדער אויף דאָמיצ־יאנ'ס בעפעהל. דאָס איז געשעהן אין 85 יאהר, ווען ער איז אלט געווען 58 יאָהר. דער האס פון דיא אידען און בעזאָנדערס פון דיא קנאים צו איהם איז געווען אזוי טיעף איינגעוואָרצעלט, אז קיינער האָט ניט בעדויערט זיין טויט, אָבוואָהל מען האָט אנערקענט, אז מיט זיינע שריפטען האָט ער נאָר געבראכט עהרע און נוצען זיין פאָלק.

עס קען זיין, אז דיזער פערשריענער פעררעטהער, וועלכער איז יעדענפאלס שולדיג אין פיעלע פאלשקייטען און געמיינהייטען און האָט א סך צרות געבראכט זיין פאָלק, וויא מיר האָבען עס געזעהען, איז גאָר געשטאָרבען וויא א מארטירער פאר דעם אידישען גלויבען.

## זיעבּטער קאַפּיטעל.

יאָזעפוס נעהמט זיך צו זיין פעדער צו פערטהיידיגען זיינע פערלוימ־דעטע ברידער. — זיין געשיכטע פון דער אידיש־רוימישער מלחמה אונטער אַ קייזערליכער צענזור. — זיין געשיכטע פון אידען. — זיין בוך געגען אַפּיאָן און אנדערע שונאים פון אידען.

אין א גאנץ אנדערען שיין שטעהט יאָזעפוס, ווען מען לעזט זיינע שריפטען, וועלכע זיינען גליקליכערווייזע ניט פערלאָרען גע־גאנגען. דאָרט צייגט ער זיך ארויס פאר א הייסען פריינד פון זיין פאָלק און פאר א גלויביגען איד. ער פערטהיידיגט דיא אידען אין זייער רעליגיאָן מיט היץ, מוטה און טאלענט.

דיא אידיש־רוימישע מלחמה האָט אָנגעמאכט א גרויסען גע־רודער אין דער גאנצער אימפעריע און אויך אין דיא עטליכע לענ־דער, וועלכע זיינען נאָך געבליעבען אונאבהענגינג. אלע האָבען זיך אינטערעסירט מיט איינצעלהייטען וועגען דיעזען מערקווירדיגען קאמפף, און פיעלע שרייבערס האָבען זיך א נעהם געטאָן צו פער־פאסען געשיכטען פון דער מלחמה. אָבער אזוי וויא זיי זיינען מייר־סטענס געוועזען פיינדליך צו דיא אידען און האָבען זיך אויך געוואָלט אונטער'חנפ'נען צו דיא רוימישע גענעראלען, וועלכע זיינען גע־וואָרען קייזער'ס האָבען זיי פערלוימדעט און בעשמוצט דיא בעזיעג־טע. דער העלדישער ווידערשטאנד פון דיא אידען איז פאָרגעשטעלט געוואָרען אין א פאלשען ליכט, מען האָט זאָגאר בעשולדיגט דיא אי־דישע קעמפפער אין פייגהייט. אום צו פערטהיידיגען זיינע ברי־דער געגען זייערע פערלוימדערס און אויך צו שרייבען א ריכטיגע געשיכטע פון אידישען פאָלק, האָט יאָזעפוס גענומען זאמלען פאק־טען און שריפטען און האָט אָנגעשריעבען דיא געשיכטע פון דער אידיש־רוימישער מלחמה צוערשט אין כאלדעאיש און נאכהער אין גריכיש (ארום דעם 79 יאָהר).

ליידער איז זיין געשיכטע אין כאלדעאיש פערלאָרען געגאנגען.

דאָרטען האָט ער זיך זיכער געקענט ערלויבען מעהר פרייהייט, וויא אין דער גריכישער שריפט, וועלכע ער האָט געמוזט צייגען טיטוס׳ן און בעטען ערלויבנים איהר צו פערעפענטליכען. וואהרשיינליך וואָלט זיך פון זיינע אידישע שריפטען ארויסגעוויעזען, אז ער איז געווען א בעסערער מענש, וויא ער האָט זיך אליין אָבגעמאָלען אין זיינע גריכישע שריפטען.

אויך האָט ער זיך געוואָלט פערטהיידיגען געגען דיא בעשול־דיגונגען פון יוסטוס פון טבריה, וויא מיר וויסען עס שוין. זיין געשיכטע אונטער דעם נאָמען „דיא אידישע מלחמה“ איז א גרויסע ווערק פון 7 ביכער. ער בעשרייבט אין א גלענצענדער גריכישער שפּראך, מיט פיעל טאלענט און אויך מייסטענס מיט ריכטיגע פאר־בען און היסטאָרישע וואהרהייט דיא גאנצע מלחמה זייט דעם אָנ־פאנג פון דעם אויפשטאנד און גיט א גרינדליכע ערקלערונג פון איהרע אורזאכען. דערביי האָט ער אויך איבערגעגעבען דיא אור־זאכען, וועלכע האָבען געפיהרט צו דעם אויפשטאנד פון דיא אידען געגען דיא גריכען אונטער דער פיהרונג פון דיא חשמונאים. דיא פאקטען האָט ער איבערגעגעבען ריכטיג, נאָר ער האָט זיי אָפּט פאלש בעלויכטען, בעזאָנדערס אין דיא פעלע, וואו ער איז זעלבסט פערמישט געווען. טראָץ זיין האס צו דיא קנאים און איבערהויפּט צו דעם ראדיקאלסטען טהייל פון דער קריעגס־פּארטיי, האָט ער דאָך זעהר עהרליך פּאָרגעשטעלט זייער העלדענמוטה אין זעלבסט־אויפאָפּפערונג. וויא ער האָט ניט געהאסט זיין הויפּטגעגנער יוחנן פון גיסכאלא, האָט ער׳ דאָך אזוי איבערגעגעבען דיא פּאסירונגען ביי דער בעלאגערונג און פערטהיידיגונג פון ירושלים, אז ניט ווילענ־דיג מוז מען בעוואונדערען דיא ענערגיע און דיא פעהיגקייט פון דיעזען פיזיש־שוואכען אָבער מאָראליש גרויסען מאן. ווען ניט יאָזעפוס, וואָלט מען גאנץ ווייניג געוואוסט וועגען אזעלכע מערק־ווירדיגע אידישע העלדען, וויא דיעזער יוחנן פון גיסכאלא און שמעון בר גוריא, וועלכע וואָלטען איהם גלייך הינגעריכטעט, ווען ער וואָלט נאָר אריינגעפאלען אין זייערע הענד. ער האָט זיי אונשטערבליך געמאכט.

נאָר יעדעס מאָל, ווען ער בעשרייבט א העלדענטהאט פון זיינע פּאָליטישע געגנער, בעזאָנדערס פון דיא קנאים, זעצט ער צו, אז זיי זיינען געווען ניעדעריגע מענשען, זאָגאר איינפאכע רויבער. ער ווארפט זיי אויף, אז זיי האָבען פעראונגליקט דאָס אידישע פאָלק. זיך זעלבסט שאנעוועט ער אויך גאָר ניט. ווען ער דערצעהלט נאָר וועגען זיין אנטהייל אין דעם קאמפף, זוכט ער צו פערקלענערען דיא וויכטיגקייט דערפון און צו צייגען, אז ער איז ארויסגעטראָטען געגען רוים ניט אוים סימפּאטיע צו דער מלחמה, זאָנדערן אויס פורכט פאר דיא קריעגס־פּארטיי.

מען דארף אבער נור פערשטעהן צו לעזען צווישען דיא שורות, אום צו זעהען, אז דאָס זיינען אלץ דריילעך, אום זיינע פיינד זאָלעז איהם ניט קענען בעשולדיגען אין צו גרויסע פריינדשאפט צו אי־דען און אין פיינדשאפט צו דיא רוימער. מען דארף ניט פערגעסען, אז זיין געשיכטע האָט בעדארפט דורכגעהן דיא צענזור פון אספּסינוס און טיטוס. אָהן זייער ערלויבניס וואָלט זיין בוך קיינמאָל ניט געזעהען דיא ווייטע וועלט, און זייער ערלויבניס האָט עס נאָר געקענט קריעגען דורך אזא בעלייכטונג פון פאקטען, וואָס זאָל זיי געפעלען ווערען און שמייכלען זייער אייגענליעבע.

זיין טרויער וועגען דיא צערשטערונג פון ירושלים האָט ער דאָך קיין מורא ניט געהאט אויסצודריקען מיט דיא טיעפסטע געפיהלען. „דערמאָנענדיג זיך אָן דיא לעצטע פּאסירונגען אין מיין פאטער־לאנד, שרייבט ער אין דער הקדמה, און אויסדריקענדיג דיא טרוי־ער־געפיהלען, וואָס דיא אונגליקען פון מיין פאטערלאנד רופען ארויס אין מיר, בעפרידיג איך דערמיט א בעדירפנים פון מיין צו־וויטאגטער נשמה". אין א'ן אנדער אָרט בעמערקט ער : „קיינע פון דיא שטעדט אונטער דער הערשאפט פון רוים האָט ניט דער־גרייכט צו אזא הויכע שטופע פון הצלחה וויא ירושלים ; אבער קיינע פון זיי איז ניט געפאלען אזוי טיעף אין דעם אבגרונד פון אונגליק, וויא אונזער הויפּט־שטאדט. קיין אונגליק זייט דעם אָנפאנג פון דער וועלט קען זיך ניט פערגלייכען מיט דעם, וואָס האָט געטראָפען דיא אידען".

אין איינינגע קאפיטלעך שילדערט ער אויך מיט א קינסטלערי־שע האנד דיא אָרגאניזאציאָן פון דיא רוימישע לעגיאָנען, זייער כאראקטער און לעבען, וויא זיי געהען אין שלאכט, פיהרען מלחמה, לעבען אין לאגער, און ווארום זיי האָבען בעזיעגט דיא גאנצע וועלט.

ווען ער איז פערטיג געוואָרען מיט דיזער געשיכטע, האָט ער זיך פלייסיג גענומען צו זיין הויפּט־ווערק, וועגען וועלכען ער האָט שוין לאנג געטראכט; דאָס איז זיין געשיכטע פון אידישען פאָלק, דיא „אידישע אלטערטהימער". דאָ איז ער אַ'ן אמת'ער און עהר־ליכער היסטאָריקער. דאָ האָט ער שוין קיין אינטערעס ניט גע־האט צו פאלשעווען, צו שרייבען אונטער א מאסקע, און ער האָט איבערגעגעבען דיא געשיכטע פון זיין פאָלק נאָך דיא אידישע און ניט־אידישע קוועלען, וועלכע ער האָט צוזאמענגעקליבען און קריטיש נאכגעפאָרשט.

דיזע געשיכטע בעשטעהט פון 20 ביכער און גיט אַ'ן ערקלעה־רונג איבער דיא דונקעלסטע צייטען. אין אָנפאנג האָט ער זיך נאטירליך בענוצט מיט דיא הייליגע שריפטען (קיינע אנדערע קוועלען האָט מען דאן ניט געהאט); אבער וואָס נעהנטער צו זיין צייט האָט ער געברויכט וועלטליכע היסטאָרישע ווערק און אויך איבערגעגעבען דיא טראדיציאָנען פון אידישען פאָלק. בעזאָנדערס וויכטיג איז זיין געשיכטע וועגען דיא צייטען פון צווייטען בית המקדש און וועגען דיא חשמונאים, ווייל אויסער דיא לעגענדארישע מעשיות מיט נסים אין דיא תלמודישע שריפטען האָט מען וועגען דעם זעהר ווייניג אנדערע היסטאָרישע קוועלען. מיר וואָלטען יעצט, צום ביישפּיעל, גאנץ ווייניג געוואוסט וועגען דיא ריכטיגע געשיכטע פון חנוכה, ווען יאָזעפוס'עס ווערק וואָלט פערלאָרען געגאנגען.

מיט דיזער געשיכטע האָט ער ניט נאָר זיך אונשטערבליך גע־מאכט, זאָנדערן אויך געשאפען א הויכען מאָנומענט פיר זיין פאָלק. דורך זיין געשיכטע, וועלכע איז מעהר געלעזען געוואָרען פון קריס־טען וויא פון אידען, האָט ער בעקאנט געמאכט דיא ניט־אידישע

וועלט מיט דער אידישער. זיא איז **איבערזעצט געוואָרען אין אלע** שפּראכען, וויא אויך זיין „אידישע מלחמה“.

זעהר אינטערעסאנט איז אויך, אז דיא פּאטערס פון דער קריסטליכער קירכע האָבען אין איהר געזוכט עפּעס א בעווייז וועגען דיא עקזיסטענץ און דיא וואונדער פון יעזוס קריסטוס, וויא זיי זיינען בעשריבען אין עוואנגעליום. ער האָט אבער אין ערגעץ אפילו ניט דערמאָנט וועגען דעם קריסטליכען משיח. אזוי ווי ער האָט געלעבט אין אָנפאנג פון קריסטענטהום און וואָלט נאטיר־ ליך געמוזט הערען וועגען דעם פּראָצעס און דיא קרייציגונג פון יעזוס, האָט מען זיך שטארק געוואונדערט, ווארום ער האָט עס פערשוויגען אין גאנצען. אייניגע האָבען אויף דעם גרונד ער־ קלערט, אז דיא געשיכטע מיט יעזוס'ען איז גאָר ניט א היסטאָ־ רישע, עפּעס א ווייטערהאָלונג פון לעגענדען וועגען בודאה, אנ־ דערע האָבען איינפאך געפעלשט יאָזעפוס'עס שריפטען אין אייניגע ערטער, אז מען זאָל מיינען, דאָס ער האָט געוואוסט פון דעם קריסטליכען משיח.

וועגען דיא עסעער (אסיים), צווישען וועלכע עס זיינען אויפ־ געקומען דיא ערשטע קריסטען, האָט ער גראדע זעהר פיעל גע־ שריעבען, וויא מיר ווייסען עס שוין.

ווען ער האָט געענדיגט זיין גרויסע געשיכטליכע ווערק, האָט ער זיך געמוזט נעהמען צו דער פעדער צו פערטהיידיגען זיך געגען זיינע שונאים, וועלכע האָבען געזוכט אויפצוהעצען אויף איהם דעם טיראן דאָמיציאן. דאן האָט ער עס אָנגעשריעבען זיין „אָטאָביאָ־ גראפיע“, פון וועלכער עס איז גערעדט געווען אין דיא פאָריגע קאַ־ פּיטלאך.

אלס פערטהיידיגער פון אידען האָט ער זיך בעזאָנדערס ארויסגעוויזען אין זיינע צוויי ביכער געגען דעם גריכיש־עגיפּטי־ שען יודענפרעסער אפּיאָן, מיט וועלכען פילאָ, דער אלעקסאנדרינער, איינער פון דיא גרעסטע, טיעפסטע דענקער און נאָבעלסטע מענשען פון זיין צייט, האָט אויך געהאט צו פיהרען א קאמפּף.

דיזער אפּיאָן האָט זיך ניט בעגנוגענט בלויז מיט שריפטען, אין

וועלכע ער האָט געשענדעט דיא אידען, ער האָט אויך געהעצט צו בעפאלען דעם אידישען קווארטאל אין אלעקסאנדריא און איז אויסגעקליבען געוואָרן פון דיא גריכען אלס דעפּוטאט צום קייזער קאליגלא, דאָס מען זאָל אוועקנעהמען ביי אידען דיא בירגער־רעכטע, וועלכע יוליוס צעזאר און זיינע נאָכפאָלגער האָבען זיי בעווילינגט.

יאָזעפוס איז ארויסגעטראָטען ניט נאָר געגען אפּיאָן, זאָנדערן געגען פיינדע און פערלוימדערס פון אידען. ער ערקלערט דיא אי־דישע רעליגיאָן, דיא אידישע מאָראל, דיא אידישע פיהרונגען, דיא אידישע געזעצע, און צייגט אָן, אז זיי שטעהען העכער וויא אפילו דיא גריכישע. ער בעווייזט אויך, אז דיא אידישע נאציאָן איז א זעהר אלטע און אז משה'ס געזעצע שטימען מיט דער העכ־סטער מאָראל. ער לייקענט אלע בעשולדיגונגען פון דיא אידישע נעגנער און ווייזט וויא פאלש זיי זיינען.

אין דיזען בוך ערקלערט ער עס מיט פריידע, אז פיעלע גריכען און רוימער אנערקענען דיא אידישע רעליגיאָן, פערעהרען דעם אידישען גאָט און דיא פאָרשריפטען פון דער תורה און ווערן גרים. איינינע שטעללען פון דיזען בוך, וועלכען מען קען אויף אונזער יעצטיגער שפראך אָנרופען: „אן אנטוואָרט צו אנטיסעמיטען", צייגען קלאָר, אז ער האָט אויך געהאט אין אויג צו בעקעהרען גע־צענדיענערס צום יודענטהום.

יעדענפאלס האָט ער מיט דיזע פּאָלעמישע ווערק פערדיענט דעם דאנק פון אלע אידען. מען מעג איהם דערפאר מוחל זיין פיעלע פון זיינע זינד אין דער צייט פון דער אונגליקליכער מלחמה. פאר דיא פערפאָלגטע און נידערשלאָגענע אידען אין דער רוימישער אימ־פעריע איז עס זעהר וויכטיג געווען, אז דיא געצענדיענערס און בע־זאָנדערס דיא גריכען, וועלכע זיינען נאָך געבליבען דיא גייסטיגע פיהרערס, זאָלען זיך בעקענען מיט דער אידישער רעליגיאָן און מיט דער אידישער געשיכטע. מען האָט פאָרשפּרייט וועגען זיי אזעלכע אונזיננינע, אָבער זעהר שעדליכע געשיכטען, דאָס זיי פארעהרען אן עזעל אין בית המקדש (דיזע פערלוימדונג שטאמט פון אנטיוכוס

עפּיפאנעס, וועלכער איז בעקאנט צווישען דיא אידען אונטער דעם נאָמען אנטיוכוס הרשע און וועלכער האָט ארויסגערופען דעם אויפשטאנד פון דיא חשמונאים).

דער בוך געגען אפּיאָן איז געווען יאָזעפוס'עס לעצטע ליטעראַרישע ווערק (ערשינען ארום דעם 94טען יאהר). ער האָט דאן פערשפּראָכען אָנצושרייבען א פילאָזאָפישע בעטראכטונג איבער דיא אידישע געזעצע און דיא שעפּפונג פון דער וועלט, אָבער ער האָט עס ניט געקענט אויספיהרען, ווייל דער טיראן דאָמיציאן האָט וואהרשיינליך געמאכט א סוף פון זיין פיעל געפּרופטען לעבען, וועלכער איז ניט איין מאָל געהאנגען אויף א האָאָר.

**ענדע**



# סאקראטעס

זיין לעבען זיין פילאזאפיע און זיין צייט.

---

—פון—

דר. ק. פארנבערג.

# איינלייטונג.

## סאָקראַטעס, — זיין לעבען, זיין פילאָזאָפיע אין זיין צייט.

סאָקראַטעס! מיט דער גרויקייט פון 23 יאהרהונדערטע איז בעדעקט דער נאָמען, און דאָך ווי יונג, ווי פריש ער איז, ווי העל ער לייכט נאָך היינט אויך אויף דעם הימעל פון דער מענשהייט!

אין א גאנץ אלטער וועלט, צווישען גאנץ פרעמדע מענשען, אונטער גאנץ אנדערע אומשטענדען האָט סאָקראַטעס געלעבט, געווירקט, געליטען און געשטאָרבען, — און דאָך, ווי נאָהענט, ווי טייער, ווי ליעב ער איז נאָך היינט אונז!

אין דעם ספר־היחוס פון דער מענשהייט, צווישען די בע־ליעבטע, מיט אונשטערבליכקייט געקרוינטע, גייסטיגע העלדען איז סאָקראַטעס'עס בלאָט פערשריעבען מיט די שענסטע בוכשטאבען אין דער ערהאבענסטער שפראַך.

סאקראַטעס'עס גרויסקייט, סאקראַטעס'עס אונשטערבליכקייט און סאקראַטעס'עס בעליעבטקייט זיינען ניט געשאַפען פון איין סאָרט מאַטעריאַל און האַלטען זיך ניט אויף איין גרונדשטיין. סאָק־ראַטעס שטעהט פאַר דער וועלט אין דער דרייפאַכיגער פרעכטיגער געשטאַלט: אַלס פילאָזאָף, אַלס מענש און אַלס מאַרטירער.

אין דער געשיכטע פון דעם מענשליכען געדאַנק איז ער בע־וואוסט אלס דער בעגייער פון דער פילאָזאָפיע. אין דער צייט, ווען א גייסטיגער תהו־ובהו און א מאַראַלישער חורבן האָבען גע־הערשט אין דער פילאָזאָפיע; ווען מען האָט אויפגעהערט צו האָ־בען פעסטע איבערצייגונגען און אָנגעהויבען צו צווייפלען אין די געטער ווי אין די מענשען, אין שכל, ווי אין געפיהל, דאַן איז געקומען סאקראַטעס און האָט — ווי דער בעריהמטער רוימער

ציצערא דריקט זיך אויס — „אראפגעבראכט די פילאזאפיע פון הימעל אויף דער ערד און פערפלאנצט זי אין די שטעדט און אין די הייזער און געצוואונגען די מענשען צו פארשען, וואס איז דאס לעבען און וואס איז די מאראל, וואס איז גוט און וואס איז שלעכט".

און דאס וואס סאקראטעס האט געבראכט און געשיינקט דער מענשהייט, דאס האט די מענשהייט צוגענומען און טייער געהאל־טען און געהיט. די וויכטיגסטע געשיכטע פון דער פילאזאפיע ציהט זיך אין דירעקטער ליניע פון סאקראטעסען. ניט נור די „ריינע סאקראטיקער", די 4 שולען, וועלכע זיינען געגרינדעט גע־ווארען דורך 4 שילער (אוקלידעס, פעדא, אנטיסטהענעס און אריס־טיפפוס) האבען זיך בעמיהט פארטצוזעצען יעדע אויף איהר ארט דאס, וואס זיי האבען געפונען פאר דעם וויכטיגסטען טייל פון סאקראטעס'עס לעהרע, נאר אויך די גרויסע פילאזאפישע סיסטע־מען פלאטא'ס און אריסטאטעל'עס שטאמען פון סאקראטעס'ען. און דאס איז נאך מערקווירדיגער, ווייל סאקראטעס אליין האט קיין איינציגע שורה פון זיין פילאזאפיע ניט אויפגעשריעבען אויף זיין לעבען און קיין מאל ניט אויסגעארבייט קיין פאלשטענדיג פילא־זאפיש סיסטעם.

אבער נאך גרעסער פיעלייכט איז דער איינפלוס און די צו־ציהונגס־קראפט פון זיין פערזאן. סאקראטעס'עס פילאזאפיע איז פאר דער מענשהייט היינט נישט מעהר ווי אן ערינערונג פון די קינדער־יאהרען. סאקראטעס'עס פערזאן אבער איז פאר אונז נאך היינט פול מיט אינטערעס און א בעזונדערען צויבער.

„יעדער יאהרהונדערט האט זיין חלק אין דער שאפונג פון שטארקע, קלארע און קאלטע קעפ. און עס האט געוויס קיין מאל נימז געפעהלט קיין ווארמע הערצער. אבער זעלטען טרעפט דאסביידע מעלות זאלען זיין פערבונדען צוזאמען, און עס איז איינע פון די זעלטענסטע ערשיינונגען צו זעהן, ווי א הארץ, פול מיט מעכטיגער קראפט, זאל ארבייטען כדי צו האלטען דעם קאפ אוי־בען קאלט. אזא פערבינדונג טרעפט איין מאל אין טויזענדע יאה־רען. דערפאר, ווען אזא זאך טרעפט, האלט אן דער איינפלוס און די מעכטיגע ווירקונג פון אזא פערזאן פאר א לאנגער רייהע יאהר־

הונדערטע". דערמיט ערקלערט דער פּראָפעסאָר פון „די גריעכישע דענקער", פּראָפעסאָר גאָמפּערץ דעם פאקט, וואָס דער גלאַנץ פון סאָקראַטעס'עס וואונדערבארער פּערזאָן איז עד היום ניט דונקעלער געוואָרען און ניט בלאסער.

עס איז דאָ א דריטע אורזאכע, פאר וואָס די מענשהייט קאָן קיין מאָל סאָקראַטעס'ען ניט פערגעסען. „דאָס בעסטע, וואָס איז געוועזען אין סאָקראַטעס'עס פילאָזאָפיע, איז געוועזען זיין לעבען, און דאָס בעסטע פון זיין לעבען איז זיין טויט", בעמערקט גאַנץ וויציג פּראָפעסאָר לודוויג שטיין. די געשיכטע פון דעם מענשליכען פּראָגרעס איז, צום אונגליק, אויסגעוויקעלט אין דעם בלוט, דורכ־גענומען פון די צרות און ענוים פון איהרע בעסטע, איידעלסטע קינדער, פון די אַלע גרויסע און קליינע, סיי בעריהמטע און סיי אין גאַנצען אונבעקאַנטע און פערגעסענע קעמפּפער און מאַרטירער פאר רעכט, פרייהייט און וואהרהייט. סאָקראַטעס'עס גרויסקייט ווערט פּאָלשטענדיג דורך דעם, וואָס, אָבלעבענדיג זיין לעבען אין דיענסט פון דער וואהרהייט, האָט ער געענדיגט זיין לעבען אלס איינער פון די ערהאבענסטע מאַרטירער פאר וואהרהייט. — —

אין פערלויף פון די 2300 יאָהר, וואָס זיינען אוועק נאָך סאָקראַטעס'עס טויט, איז א גאַנצע ביבליאָטעק אָנגעשריעבען גע־וואָרען וועגען איהם. מען קאָן אָבער ניט זאָגען, אז דאָס טעמא איז שוין אויסגעשעפּט, אז אַלץ אין זיין לעבען איז שוין בעלויכטען און פעסטגעשטעלט געוואָרען, און אז עס איז גאָר ניט געבליעבען קיין נייעס וואָס צו זאגען וועגען איהם. גראָד פערקעהרט, די נייעסטע גרעסערע פאָרשונגען וועגען סאָקראַטעס, האָבען געשאפען אָריגינעלע בילדער פון סאָקראַטעס'ען און אויסגעפונען נייע שטריכען.

אין אלגעמיין ווערט סאָקראַטעס'עס פּערזאָן געשילדערט פון צוויי ענטגעגענגעזעצטע שטאנדפּונקטען. „פריהער, אין 18־טען יאהרהונדערט — דערצעהלט עדמאונד פּפליידערער — האָט מען גע־האַלטען סאָקראַטעס'ען פאר א פאָלקס־פילאָזאָף, פאר א מאָראַל־פּרעדיגער, וועלכער האָט ניט געהאט קיין אייגען סיסטעם און ניט געשאפען קיין נייע געדאנקען. מען פלעגט סאָקראַטעס'ען שילדערן,

ווי א היילינגען, ווי א נזיר, אָהן בלוט און אָהן לעבען, אבגעריסען פון זיין פאָלק און פון זיין צייט, א פערקערפערונג פון „אייביגער מאָראל."

געגען אָט דער אויבערפלעכליכער מיינונג איז ארויסגעטראָטען זעהר שטארק אין דער ערשטער העלפט פון 19־טען יאהרהונדערט דער דייטשער פילאָזאָף שלייערמאכער. ער האָט געגומען בעווייזען, אז סאָקראטעס איז געווען איין עכטער און גערעכטער פילאָזאָף, א גרויסער זעלבסטשטענדיגער דענקער, א מאן, וועלכער האָט געשאפען א ניי סיסטעם. און די דאָזיגע מיינונג איז אָנגענומען געווארען עד היום.

אָבער פון שלייערמאכער אָן האָט די היסטאָרישע וויסענשאפט געמאכט גרויסע פארטשריטע, און די היסטאָרישע פאָרשונגען — גרויסע ענטדעקונגען. מען האָט זיך דערוואוסט א סך סודות פון דער פערגאנגענהייט. מען האָט אויך גענומען פערשטעהן בעסער ווי צו קוקען אויף די געגענווארט און די פערגאנגענהייט, אויף דאָס היינט און דאָס אמאָל. „ווען דו ווילסט דעם דיכטער קענען, מוזטו אין דיכטער'ס לאנד געהן". דעם גרעסטען מענשען קאָן מען ניט ריכטיג בעגרייפען, ווען מען זאָל ניט וויסען די צושטענדע פון דער צייט און פון דעם לאנד, וואו ער האָט געלעבט. און די צושטענדע פון לאנד — אפילו די ריין גייסטיגע — קאָן מען ניט ריכטיג פערשטעהן, ווען מען זאָל ניט וויסען די בעדינגונגען, אונטער וועלכע עס קומט דאָרטען אויס צו לעבען און צו ליידען די גרויסע פאָלקס־מאסען. מיט אנדערע ווערטער: כל זמן מען פערשטעהט ניט ריכטיג, פון וואָס און ווי עס בעשטעהט דער פונדאמענט פון דער געזעלשאפט — די עקאָנאָמישע און סאָציאלע פערהעלטניסע — קאָן מען ניט ריכטיג פערשטעהן און אָבשאצען די העכערע שטאָקען פון דעם געביידע — די גייסטיגע צושטענדע. און כל זמן מען ווייס נישט דעם עקאָנאָמישען און סאָציאלען אונטערבוי, קאָן מען נישט בעגרייפען די איינצעלנע פערזאָנען, ווארום יעדער איינצעלנער מענש, ווי גרויס און געניאל ער זאָל ניט זיין, איז א קינד פון זיין פאָלק, און דער כאראקטער פון זיין וועלט־

אנשויאונג הייננט זעהר שטארק אָב פון דעם כאראקטער פון דער צייט און פון די בעדינגונגען פון דער ארומיגער וועלט.

בעזונדערס וויכטיג איז צו וויסען און קענען די ארומיגע וועלט, ווען עס האנדעלט זיך וועגען סאָקראטעס'ען, ביי וועמען דאָס לעבען איז, ווי געזאָגט, „דאָס בעסטע פון זיין פילאָזאָפיע און דער טויט דאָס בעסטע פון זיין לעבען". און אין סאָקראטעס'עס טויט שפּיעלט דאָך דאָס פאָלק אליין שוין די הויפּטראָלע.

סאָקראטעס'עס בעציהונגען צום פאָלק פון אטהען איז אליין איינע פון די אינטערעסאנטעסטע פראגען וועלכע בעטען זיך גע׳דרש'נט צו ווערען. זייענדיג אליין — ווי מיר וועלען זעהן — איין עכטער אטהענער, און צוציהענדיג צו זיך אזוי פיעל הערצער, האט ער דאָך צו דערזועלבער צייט אזוי שטארק דערווייטערט פון זיך און פערבייזט דאָס אטהענער פאָלק, אז ער האָט געמוזט ענדיגען זיין לעבען אלס מארטירער פון גיפט־בעכער.

סאָקראטעס'עס ביאָגראפיע צו שרייבען איז ניט געוועזען קיין לייכטע און איינפאכע זאך. די קוועלען פון וועלכע מיר ווייסען עפּעס איבער סאָקראטעס'עס לעבען, זיינען ערשטענס ניט פאָלשטענדיג און צווייטענס זיך סותר איינע די אנדערע. נאָר צוויי פון זיי פאר־דיענען צוטרויען (אויסער אייניגע קורצע בעמערקונגען פון ארים־טאָטעלעסען). יעדע פון זיי האָט איהרע מעלות, אָבער אויך איהרע חסרונות, און יעדע פון זיי גיט א בעזונדער בילד פון סאָקרא־טעס'עס לעבען און פילאָזאָפיע. די צוויי קוועלען זיינען: קסענא־פאנ'ס ערינערונגען וועגען סאָקראטעס'ן („מעמאראביליען") און פּלאטא'ס „געשפּרעכען" („דיאלאָגען").

קסענאפאן איז געוועזען א שילער פון סאָקראטעס און א גריע־כישער היסטאָריקער. ער דערצעהלט אין זיינע זכרונות וועגען סאָק־ראטעס'ען קאלט, גלאט וואָכעדיג אלץ, וואָס ער האָט געזעהן און געהערט פון איהם. אָבער די צרה איז, וואָס קסענאפאן אליין איז א מענש מיט א פּלאכען קאָפּ, און עס איז א גרויסער ספק, צו איז ער געוועזען פעהיג טיעף גענוג און ריכטיג גענוג צו פערשטעהן סאָק־ראטעס'עס לעהרע. אויסערדעם איז זיין ווערק געשריעבען געוואָ־רען מיט דעם צוועק צו פערטיידיגען סאָקראטעס'ען געגען די אנ־

קלאגען פון זיינע שונאים. און עס פאלט אריין א ספק: צו האט ער ניט בעהאלטען פאקטען, וועלכע זיינען געוועזען געגען סאָקראטעס׳ען ?

פון א גאנץ אנדער סאָרט איז די צווייטע קוועלע — פּלאַטאָ׳ס ווערק. אז פלאטא האָט שוין גוט פערשטאנען דעם רבי׳ן איז קיין ספק ניט. אָבער די צרה איז, וואָס ער האָט שוין צופיעל פערשטאנען, וואָס ער איז אוועק פיעל ווייטער פאר׳ן רבי׳ן; וואָס אויס בעגייסטערונג פאר דעם רבי׳ן לעגט ער אין יענעמ׳ס מויל אריין אפילו זיינע אייגענע נייע געדאנקען. זיינע געדאנקען זיינען אָבער אָפּט אזוי ווייט פון סאָקראטעס׳ס געדאנקען ווי דער הימעל פון דער ערד. פון פלאטאס שריפטען אויפבויען סאָקראטעס׳עס סיסטעם איז יעדענפאלס א שווערע זאך.

עס איז דערפאר אָנגענומען געווארען צו שרייבען סאָקראטעס׳עס ביאָגראפיע אויף איינעם פון די פאָלגענדע 2 אופנים: אָדער מען נעהמט קסענאפאן פאר די הויפּטקוועלע און מען פּרובירט אויס אלץ, וואָס ער רעדט אין סאָקראטעס׳עס נאָמען, אויף דעם פּרוביר־שטיין פון פלאטא׳ס שריפטען, אָדער מען בענוצט אלס פונדאמענט פלאטא׳ס שריפטען און מען געברויכט קסענאפאנ׳ס ערינערונגען אלס א זיפּ אום אָבצוזונדערן סאָקראטעס׳עס אלטע געדאנקען פון פלאטא׳ס נייע.

דער אונטערשיעד קומט ארויס ניט קיין גאנץ גרויסער, ווארום — ווי עס בעמערקט דער בעוואוסטער פאָרשער עדווארד צעלער — „עס ווייזט זיך ארויס, אז קסענאפאנ׳ס ערצעהלונגען פון איין זייט און די היסטאָרישע פאקטען, וועלכע מיר געפינען ביי פלאטא פון דער צווייטער, שטימען אין דער הויפּטזאך איינס מיט דאָס אנדערע”. אָדער — ווי פפלאדער מיינט — „מען דארף נעהמען קסענאפאנ׳ס ניט־בעארבייט מאטעריאל און דאָס לאָזען פערגייסטיגען דורך פלאטא”. אויף אזא אופן בעקומען מיר א ריכטיג בילד פון סאָקראטעס׳עס לעבען און לעהרע.

---

## ערשטער קאפיטעל.

### דאָס אטהאנער פאָלק און סאָקראטעס׳עס יוגענד.

סאָקראטעס איז געבאָרען געוואָרען אין אטהען, דער הויפּט־שטאָדט פון דער גריעכישער פּראָווינץ אטטיקא, אין יאָהר 471, אָדער 470 פאר קריסטוס׳ געבורט. זיינע עלטערן זיינען געוועזען ארימע בעלי־מלאכות: דער פאטער סאפראָניסקאס א סקולפּטאָר, די מוטער — א הייבאם. ביידע עלטערן האָבען געשטאמט פון אטהענער בירגער, אָבער ביידע זיינען ניט געוועזען קיין גרויסע מיוחסים.

די שפּעטערדיגע שרייבער האָבען אפילו געוואָלט מאכען פון סאפראָניסקאס׳ן א שטיקעל נגיד. זיי האָבען געזאָגט, אז ער האָט געהאט א גוט הויז מיט א רעכטען שטיקעל ערד, פון וועלכע סאָק־ראטעס האָט דערנאָך געצויגען זיין חיונה. אָבער סאָקראטעס אליין לייקענט עס אָב. ער גיט אָן זיין גאנץ פערמעגען אין פינף מינען (אן ערך פון 80 דאָלאר), א סומא, וואָס איז געוועזען גאנץ קליין אפילו פאר יענער צייט. אויך קסענאפאָן בעשטעטיגט, אז דאָס פער־מעגען איז געוועזען א זעהר קליינס.

געבאָרען צו ווערען פון א פּראָסטע פאמיליע אין ארימע אומשטענדען איז זיכער ניט קיין גרויסע ערבות פאר א העכערער צוקונפט. פאר סאָקראטעס׳ען איז די זאך געוועזען נאָך שווערער, ווייל זיין פאטער אליין האָט, ווי עס ווייזט אויס, נאָר ניט גע־טראכט וועגען דעם, ווי צו שאפען פאר זיין זוהן אן אנדערע, בע־סערע צוקונפט. ער האָט געהאלטען, אז פאר זיין זוהן איז גוט גענוג צו זיין א סקולפּטאָר.

סאָקראטעס איז געוואָרען א בעל־מלאכה, און האָט געארבייט צוזאמען מיט׳ן פאָטער א סך יאָהרען. ער איז פערבליעבען ביי זיין

מלאכה, ביז ער איז אלט געווארען 35 יאהר. דאס איז כמעט אלץ, וואס מיר ווייסען וועגען סאקראטעס'עס יוגענד.

סאקראטעס איז אלזא געווען א קינד פון פאלק, און די ערשטע העלפט פון זיין לעבען האט ער פערבראכט אין שווערער ארבייט. ווי זשע קומט עס, אז ער האט געקאנט ווערען דאס, וואס ער איז שפעטער געווארען? ווי אזוי האט ער געקאנט זיך אויף אזוי ווייט אויסבילדען און ענטוויקלען, צו ווערען דער לעהרער און אויפקלע־רער פון פאלק?

אויף די פראגען איז דא איין תשובה: סאקראטעס איז גע־ווען איין אטהאנער בירגער, זאגאר א בירגער מיט פולע רעכט, א פאלבירגער (דאס הייסט, אז זיינע ביידע עלטערן זיינען געווען גע־בארענע אטהענער), און ער איז געבארען געווארען אין יאהר 71— 470 פאר קריסטוס. אין די צוויי אויסערליכע פאקטען ליעגט דער גאנצער שליסעל צו פערשטעהן סאקראטעס'עס פערזאן, זיין ענט־וויקלונג און זיין פילאזאפיע.

* * *

„א גאנץ קליינעם שטח ערד האט פערנומען די גריעכישע שטאדט אטהען צוזאמען מיט דער פראווינץ אטיקא. ניט גרויס איז אויך געווען איהר מאכט אלס שטאט. אבער ניט אויסצומעסטען איז די ווירקונג, וועלכע אטהען האט געהאט אויף דאס לעבען פון דער ציוויליזירטער וועלט. די כחות, וועלכע אטהען האט געשיינקט דער וועלט, קומען פון אונשטערבליכע אידעען: פילאזאפיע, וועלט־פארשונג, וויסענשאפטען, שפראך, ליטעראטור, קונסט, פעראיי־דעלונג און פערפיינערונג פון דער מענשהייט. דאס אלץ זיינען די אונשטערבליכע מתנות, וועלכע אטהען האט איבערגעלאזען דער מענשהייט בירושה.

„אין דער צייט, ווען אטהען האט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון איהר ענטוויקלונג, האט איהר גרעסטער שטאטסמאן גערופען זי די שול פון גריעכענלאנד... דער גייסט, דורך וועלכען די גריעכען צייכנען זיך אויס, דער גייסט פון דער אטהענישער בילדונג, פעראייניגט אלע גריעכען אין איין נאציאן פון העלענען, מעהר ווי די אבשטאמונג פון איין פאלק... אזוי האט ארויסגע־

שטעלט זיין נאציאָנאלעס פּראָגראם איין אנדער גרויסער גריעכע, איזאקראטעס.

ווען איזאקראטעס איז ארויסגעטראָטען מיט דעם פּראָגראם, דאן זיינען די גרויסקייט און שטארקייט פון דער גריעכישער נאַציאָן שוין געוועזען צושטערט, אלע פּאָליטישע בענדער זיינען שוין געוועזען צוריסען; די פערשיעדענע גריעכישע שבטים און מלוכות האָבען געהאלטען אין איין אויסקיילענען און אויפפרעסען איינע די אנדערע. אלץ איז שוין געווען פערניכטעט. נאָר די נאציאָנאלע גריעכישע בילדונג איז געבליעבען. די נאציאָנאלע גריעכישע בילדונג איז געווען די אטהענער בילדונג. און זי אליין איז געווען גענוג צו פעראייניגען און פעסטצוהאלטען די נאציאָן. דיזעלבע בילדונג איז געווארען שפּעטער די בילדונג פון דער גאנצער ציווילזירטער וועלט און זאָגאר אונזער נייעסטע קולטור שטעהט מיטביידע פיס פעסט אויף דעם אטהענישען באדען.

די אמת'ע שאפונגס־קראפט פון אטהען האָט געדויערט א גאנץ קורצע צייט. זי העבט זיך אָן נאך די גרויסע זיעגען איבער די פּערסער, וועלכע האָבען דאמאָלס בעהערשט די גריעכען אין אזיען און געוואָלט הערשען אויף זיי אויך אין אייראפּא. זי ענדיגט זיך מיט די גרויסע מפּלות און קלעפּ, וועלכע אטהען האָט בעקומען אין מערדערישען ברודער קריעג, וועלכער איז בעקאנט אונטער דעם נאָמען „דער פּעלאפּאנעזישער קריעג“. אין יאָהר 479 פאר קריסטוס האָבען די פעראייניגטע בירגער פון אטהען און פון דער אנדער גרויסער גריעכישער שטאדט ספּארטא, דער הויפּטשטאדט פון דער פּראָווינץ לאקאָניען ארויסגעטריעבען די לעצטע שפּורען פון די פּערסער פון דער באלקאנישער האלב־אינזעל. אין יאָהר 431 האָט א ספּארטאנישער חיל שוין געמאכט דעם ערשטען אָנפאל אויף אטהענ'ס לאנד, אויף אטיקא.

קיין אנדער פאָלק האָט קיינמאָל אין דער געשיכטע ניט ארויסגעוויזען אזא גלייכמעסיגע פערבינדונג פון העלדענמוט אין דער צייט פון מלחמה און פון גייסטיגער בילדונג אין די צייטען פון שלום. קיין אנדער פאָלק האָט זיך ניט איינגעגעבען אזוי שנעל און אזוי גלענצענד אויפצובליהען. אָבער אויך קיין אנדער פאָלק

איז אזוי גיך ניט אריבער זיין העכסטע שטופע און אזוי מורא׳דיג גענומען פאלען ווי דאָס גריעכישע, דערהויפט ווי דאָס פאָלק פון אטהען. א פראָצעס, וואָס דויערט אנדערסוואו הונדערטער יאָהרען, איז דאָרט אָבגעלאָפען אין עטליכע צעהנדליג יאָהרען". (עדוארד צעללער. „דיא פילאָזאָפיע פון די גריעכען".)

און אָט אין דער לעבעדיגער, טהעטיגער, גלענצענדער עפּאָכע איז דאָס סאָקראַטעס געבאָרען געווארען און פערבראכט די ערשטע העלפט פון זיין לעבען.

אין יענער צייט האָט אטהען שוין געהאט דורכגעמאכט די גרויסע רעוואָלוציאָן אין איהר עקאָנאָמישען לעבען און אין איהרע פּראָדוקציאָנס־אופנים. אין יענער צייט האָט אטהען שוין אויפגע־הערט צו זיין א לאנד פון פויערים און פון לאנדווירטשאפט. זי איז געווארען א לאנד פון בליהענדער אינדוסטריע און האנדעל. זי איז געווארען א לאנד פון פּארצייטיגען קאפּיטאליזמוס, דער קאפּי־טאַליזמוס, וועלכער איז געבויט געווען אויף שקלאפענארבייט.

נור איין פיערטעל פון לאנד איז געווען פערזייט מיט תבואות. פון איהרע תבואות אליין האָט אטהען ניט געקאָנט לעבען און אויך ניט געקאָנט קאָנקורירען מיט אנדערע לענדער פון יענער זייט ים. אטהען האָט געמוזט צוקויפען תבואות דאָפּעלט אזויפיעל ווי זי אליין האָט געשאפען. דער פויער האָט זיך גענומען מיאש זיין אין די גליקען פון אקערבוי און לויפען אין שטאדט. דערמיט איז אויך צוריסען געווארען דער צובונד צו זיין שבט. די אלטע טיילונג אין שבטים האָט געמוזט אויפהערען צו שפּיעלען די וויכטיגע ראָ־לע אין פּאָליטישען לעבען. די אלטע טיילונג אין אריסטאָקראַטען און פּראָסטע האָט פערלאָרען איהר ווערטה. און א נייע טיילונג אין קלאסען האָט פערנומען דעם ערשטען פּלאַץ: אין יענער צייט האָט דער קלאסענגעגענזאץ צווישען שטאדט (אינדוסטריע און האנדעל) און דאָרף (ערדארבייט) גענומען שפּיעלען די וויכטיגסטע ראָלע אין דער געזעלשאפט און פּאָליטיק.

די בעפעלקערונג האָט זיך געצויגען אלץ מעהר צו דער שטאדט. דאָרט האָבען די פעראָרמטע און פערהונגערטע פויערים געפונען א סך בעשעפטיגונגען. זיי זיינען געווארען בעלי־מלאכות, קרעמער,

מאטראָזען, פוהרלייט, א. ד. גל. די שטאדט און דער האפען האָבען געפאָדערט מענשען. דאָרט האָט שטענדיג געקאָכט. האנדעל און אינדוסטריע האָבען געבליהט. די עשירות איז געוואקסען שנעל. די פאבריקאציאָן האָט זיך ענטוויקעלט און גענומען ארויסרופען גרויסע אונטערנעהמונגען, וועלכע פלעגען שאפען סחורות פאר פרעמדע לענדער.

די שטאדט האָט געפאָדערט פיעל ארבייטס קרעפטען. דאָס אטהענער פאָלק איז אָבער געווען צו קליין צו בעפריעדיגען דעם בעדארף אין ארבייטס-הענד. און די אטהענער בירגער זיינען געקומען אויפ'ן שכל צו לאָזען ארבייטען ביי די שווערע מיני ארבייט שקלאפען און פרייע פרעמדע, אדער פרייגעלאָזענע שקלאפען (מעטעקען).

פאר זיך האָבען זיי געפונען א בעזונדערע בעשעפטיגונג: פאָליטיק. זיי האָבען זיך גענומען ענטוויקלען אלס א פאָלק פון הערשער, א פאָלק פון דורכאויס פאָליטיקער. אטהענ'ס עשירות, אטהענ'ס מסחר און אינדוסטריע זיינען געוואקסען גיך, און צוזאמען מיט דעם איז די שטאדט געוואקסען מיט דער זעלבער מערקווירדיגער שנעלקייט. 365.000 שקלאפען און 45.000 פרייע פרעמדע האָט אטהען געהאט. אטהענישע בירגער, קינדער פון אטהענישען פאָלק, זיינען אָבער געווען אין שטאדט נור פון 20 ביז 30 טויזענד (אן ערך פון 90.000 מיט ווייבער און קינדער). מען פערשטעהט פאר וואָס די אטהענער האָבען געקאָנט האָבען פיעל ארבייט ביי דער רעגיערונג, אפילו אין אטהען גופא.

דערצו איז נאָך אטהען געווארען דער מיטעלפונקט פון א גרויסער און שטארקער מלוכה. די געוואלטיגע נצחונות פון אטהען איבער די פערסער, צוזאמען מיט איהר גרויסען ערפאָלג אין דער אינדוסטריע און האנדעל האָבען געעפענט ניי וועלטען פאר איהר פאָליטישער און עקאָנאָמישער הערשאפט. די 300 שטעדט און קאָלאָניען פון די פערבינדעטע גריעכען, וועמעס מיטעלפונקט און פערזאמלונגסאָרט איז געווען די אינזעל דעלאס, זיינען מיט דער צייט געווארען א ו נ ט ע ר ט ה א נ ע ן פון אטהען, וועלכע איז געווען לכתחילה נאָר איינע פון די פערבינדעטע. די בונדעס-קאסע

האָט מען אריבערגעפיהרט צו איהר און די גרויסע הכנסות צוזאמען מיט די הכנסות פון די זילבער־גרובען אין פערשידענע געגענדען זיי־נען געווען א רייכע קוועלע, פון וועלכער מען האָט געקאָנט שעפּען אי אויף צו פערגרעסערן אטהען'ס מאכט, אי אויף צו פערשענערען און אויסצופוצען די שטאדט, אי אויף אויסצוהאלטען גאנצע מחנות פון פּאָליטיקער און „הערשער".

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז געווען גאנץ נאטירליך, וואָס די דעמאָקראטיע האָט געמוזט זיך ענטוויקלען ווייטער, און וואָס די פּריוועלעגיען פון די אריסטאָקראטען האָבען געמוזט פאַ־לען איינע נאָך די אנדערע.

די קאפּיטאליסטישע שטאדט אטהען האָט געוואוסט נאָר פון איין גרויסער טיילונג: דער טיילונג אין רייך און ארים. די גרוי־סע ים־מאכט אטהען האָט זיך גענויטיגט אין דער צופריעדענהייט פון איהרע אייגענע בירגער, כדי מיט זייער הילף צו קאָנען האל־טען אין צאם די פרעמדע: די פיעלע שקלאפען אין אייגענעם לאנד און די פרייע און שקלאפען אין די לענדער פון די „פערבינ־דעטע" אונטערטהאנען.

דער אטהענער קאפּיטאליזמוס האָט געפאָרדערט די הערשאפט פון דער דעמאָקראטיע, און זי האָט געהערשט. אין אטהען האָט עקזיסטירט נאָר איין רעגיערונג, נאָר איין מאכט, און דאָס איז געווען די רעגיערונג און די מאכט פון דער פאָלקס־פערזאמלונג, אין וועלכער יעדער געבאָרענער אטהענער (וועמעס ביידע על־טערן זיינען געווען אטהענער) האָט געהאט דאָס רעכט און זאָ־גאר די פפליכט אנטייל צו נעהמען. די פאָלקס־פערזאמלונג איז געווען די איינצעלנע געזעצגעבערין, די אדמיניסטראציאָן, דאָס גע־ריכט. זי פלעגט אויסקלייבען בעאמטע, פיהרען די אינערליכע און אויסערליכע פּאָליטיק, בעשליסען וועגען די הוצאות און הכנסות פון דער רעגיערונג. יעדער בירגער האָט ניט נאָר געהאט דאָס רעכט צו נעהמען אנטייל אין דער פערזאמלונג, נאָר ער האָט געהאט אויך דאָס רעכט צו מאכען פארשלעגע. יעדער האָט געהאט די מעגליכ־קייט אויסגעקליבען צו ווערען אין דעם ראטה פון די 500, דער העכסטער רעגיערונג אין שטאדט, און געהאט דעם צוטריט צו אלע

עמטער. כדי די דעמאָקראַטיע זאָל ניט ליידען, האָט מען זאַגאר איינגעפיהרט, אז אלע עמטער — אויסער די, ביי וועלכע עס פאָדערן זיך ספּעציעלע קענטניסע אזוי גוט ווי די מיליטערישע — זאָלען בעזעצט ווערען דורך וואַרפען גורל.

* * *

דאָס גאַנצע אַטהענישע פאָלק האָט רעגיערט. דאָס גאַנצע פאָלק איז געווען פערפּפליכטעט צו דיענען אין דער אַרמעע און אין דער פלאָטע. דאָס גאַנצע פאָלק האָט זיך בעשעפטיגט מיט פּאָליטיק. עס איז זאַגאר פערעכענט געוואָרען פאר א פערברעכען געגען דער מאָראַל און געגען פאָלק זיך ניט צו אינטערעסירען מיט פּאָליטיק. צו דער דאָזיגער ראָלע האָט דאָס פאָלק זיך געמוזט ערנסט פּאָרבערייטען. דערפאַר איז אזוי פיעל מיה אוועקגעלעגט געוואָרען אויף די ערציהונג און אויסבילדונג פון דער יוגענד.

כאָטש אין אַטהען זיינען קיין רעגיערונגס־שולען ניט געווען, דאָך פלעגט יעדעס קינד אין אַטהען פון די גאַנץ יונגע יאָהרען אָן בעזוכען די פאָלקס־שיל. דאָרט פלעגט מען לערנען לעזען, שרייבען, רעכענען, מוזיק און מעהר ווי אלץ גימנאַסטיק. די אַטהענער דעמאָקראַטיע האָט ניט געוואָלט האָבען קיין אונוויסענדע בירגער. זי האָט אָבער אויך ניט געוואָלט האָבען קיין פערצערטעלטע שוועכלינגע. גימנאַסטיק האָט געהאַט א פּראַקטישע בעדייטונג. מוזיק האָט געהאַט א מאָראַלישע ערציהונגס־קראַפט, ווארום מוזיק איז געווען פערבונדען מיט דעם גאַנצען מאָראַליש־רעליגיעזען סיסטעם. צו מוזיק האָט געהערט ניט נאָר זינגען און שפּיעלען, נור אויך דעקלאַמירען די געדיכטע פון די נאַציאָנאַלע פּאָעטען, בעזונדערס פון האָמער. די מוזיק איז אויך געווען בעגלייט פון טאַנץ, וועלכער איז געווען פערבונדען מיט די פיעלע רעליגיעזע פּראָצעסיאָנען, וואָס האָבען געשפּיעלט אזא גרויסע ראָלע אין אַטהען'ס סאָציאַלען לעבען.

די ערציהונג אין פאָלקס־שול האָט געדויערט ביז 16 יאָהר. אָבער קונסט און וויסענשאַפט, פילאָזאָפיע און בילדונג האָבען דער־

גרייכט אזא הויכע מדרגה, אז די פאָלקס־שול אליין האָט שוין ניט געקאָנט בעפריעדיגען דעם גריעכישען בירגער, בעזונדערס דעם אטהענישען.

„וואָס העכער און שנעלער די אלגעמיינע בילדונג איז גע־שטיעגען, אלץ שטארקער האָט זיך געגומען פיהלען דאָס בעדירפניס צו בעקומען א בעזונדערע פאָרבילדונג פאר די פּאָליטישע טהעטיג־קייט. און וואָס מעהר די דעמאָקראטיע האָט צושטערט און פער־ניכטעט אלע בעשרענקונגען און פּריווילעגיען און דערמיט געעפענט גלענצענדע אויסזיכטען פאר יעדען, וואָס האָט געוואָלט האָבען איין איינפלוס אויף'ן פאָלק, אלץ נויטיגער און ניצליכער איז געווארען צו בעקומען אזא סאָרט בילדונג, אז מען זאָל קאָנען זיין א רעד־נער און א פאָלקס־פיהרער. די בעדירפנים האָבען בעפריעדיגט די מענער, וועלכע מען האָט דאמאָלס גערופען די „חכמים“ אָדער סאָפיסטען. זיי פלעגען געוועהנליך ארומפאָהרען פון שטאדט צו שטאדט און אָנבאָטען זייער אונטעררייכט יעדען איינציגען, ווער עס האָט נאר געוואָלט און געקאנט בעצאהלען. זיי פלעגען לער־נען אלערליי חכמות, וויסענשאפט און קונסט. זייער הויפט־לעהרע איז בעשטאנען פאָרצובערייטען צו פראקטישער טהעטיגקייט“ (עדוארד צעללער).

די צאָהל פון אזוינע לעהרער איז געווען גרויס אין אלע שטעדט פון גריעכענלאנד. אין אטהען האָט עקזיסטירט א גאנצע מחנה פון זיי. די סאָפיסטען פלעגען אפילו זיך לאָזען גוט בעצאהלען. זיי זיי־נען געווען די לעהרער פון די רייכע. אָבער אויסער פּריוואט־אונ־טעררייכט פלעגען זיי האלטען אויך עפענטליכע פאָרלעזונגען. אויי־סערדעם פלעגען זיי זיך ארומרינגלען מיט גרויסע סוויטעס פון פערעהרער און שילער, און ווער עס האָט נאָר געהאט חשק, האָט געהאט א צוטריט צו די „קוועלען פון תורה און חכמה“.

עס האָט אין אטהען אויך ניט געפעהלט קיין אנדערע הילפס־מיטלען צו בילדען דעם גייסט און דעם געשמאק פון די בירגער. איין זאך האָט זיך דאן געוואָרפען אין די אויגען: אלע עפענט־ליכע געביידעס האָבען זיך אויסגעצייכענט דורך זייער פראכט,

רייכקייט און שיינהייט. די פּריוואַט־וואָהנונגען אָבער זיינען געווען קליין, ניט שיין, ניט רייך, ניט בעקוועם. דאָס ווייזט, אַז דער הויפּט־אינטערעס איז ביי די אַטהענער געווען דאָס עפענטליכע לעבען. דעם גרעסטען טייל פון זיין צייט פלעגט דער אַטהענער פארברייינגען אין גאַס, אויף די עפענטליכע פּלעצער.

די אַטהענער האָבען ניט אומזיסט אַוועקגעלעגט אַזוי־פיעל כחות אויף פּוצען און בעציערען די שטאָדט. שיין איז אַטהען גע־ווען. די גרעסטע קינסטלער, וועלכע די מענשהייט האָט ווען עס איז געהאַט, ווי צוםביישפּיעל, דער סקולפּטאָר פידיאַס, די אַר־כיטעקטאָרען מנעזיקלעס, איקטינאָס און קאַלליקראַטעס, די מאַלער פּאָליגנאָטאָס און פּאַררהאַזיאָס האָבען זייערע גאַנצע געניאַלע פּע־הינקייטען, זייער גאַנצע שאַפונגס־קראַפט אויסגענוצט אויף בע־ציערען אַטהען מיט וואונדערבאַרע עפענטליכע געביידעס און די געביידעס מיט וואונדערבאַרע קונסטווערק. אַזוי זיינען בעשאַפען געוואָרען גרויסאַרטיגע טעמפּלען, סטאַטועס, רעליעפען, א. ז. וו., וועלכע האָבען ניט נאָר געמאַכט אַטהען פאַר איינע פון די שענסטע שטאָדט אין דער וועלט, — זיי האָבען אויך ענטוויקעלט דעם קינסטלערישען געשמאַק צווישען די אַטהענער בירגער.

ניט ווענינער הויך ווי די קונסט איז דאָן געשטאַנען אין אַטהען די פּאָעזיע. דער גרעסטער ליריקער פּינדאַר; די גרעסטע דראַמאַטיקער פון דער אַלטער וועלט עסכילאָס, סאָפאָקלעס און אויריפּידאָס; די בעריהמטע קאָמעדיענשרייבער און חוזק־מאַכער קראַטעס, קראַטינאָס און בעזונדערס אַריסטאָפאַנעס; דער בע־ריהמטער היסטאָריקער העראָדאָטאָס; דער גרויסער פילאָזאָף אַנאַק־סאַגאָראָס, און אַ סך אַנדערע גרויסע מענער זיינען געבאָרען גע־וואָרען אָדער געוואָהנט אין אַטהען און — וואָס נאָך וויכטיגער איז — זייערע אַלעמענס ווערק זיינען געשאַפען געוואָרען ניט פאַר יחידי סגולה, נאָר זיי זיינען לכתחילה געווען בעשטימט פאַר'ן גאַנצען פאָלק און האָבען געהערט צום גאַנצען פאָלק. צו בעזאָר־נען די אָרמע אַטהענער בירגער מיט טהעאַטער־בילעטען איז, צ. ב., געווען איינע פון די אויפגאַבען, וועלכע די דעמאָקראַטיע אין אַטהען האָט געהאַלטען פאַר איהר הייליגע פּפליכט.

* * *

ווי בעגאבט פון דער נאטור דאָס אטהענער פאָלק איז ג̇ע̇ט געווען, און ווי ג̇ינסטיג די אומשטענדען זיינען ניט געווען פאר זיין שנעלע ענטוויקלונג, דאָך איז עס געווען א שווער שטיקעל ארבייט אין אזא קורצער צייט פאר אזא קליינעם פאָלק צו שאַ־פען און אויפצוטון אזויפיעל גדלות אויף יעדען געביעט פון מענש־ליכער טהעטיגקייט: אין אינדוסטריע, האנדעל, פאָליטיק, פילאָ־זאָפיע, קונסט, פאָעזיע, ליטעראטור און וויסענשאפט. אלע כחות פון פאָלק האָבען געמוזט ארבייטען מיט א זעלטענער אנשטריינ־גונג. יעדער אטהענער מיט וויפיעל עס איז פעהיגקייטען און ענער־גיע האָט געמוזט זיך בעמיהען ארויסצורוקען זיך. און דערצו איז נויטיג געווען וואָס מעהר קענטניסע, וואָס מעהר בילדונג.

טאלאנטען זיינען אין יענער צייט ניט פערלאָרען געגאנגען צווישען די אטהענער בירגער. בפרט נאָך ווען די טאלאנטען זיינען געווען געבענשט מיט אזא אייזערנעם ווילען און מיט אזא וואונ־דערבארער ענערגיע, ווי סאָקראטעס האָט געהאט.

די גרויסע פראגע, וועלכע האָט ארויסגערופען אזויפיעל קאָפּ־ברעכענים ביי א סך ביאָגראפען פון סאָקראטעס, נעמליך: פון וואנען האָט דער זוהן פון איין ארמען סקולפּטאר, דערצו נאָך פון א פּראָסטער פאמיליע און ביז שפּעט אין דער יוגענד אליין א סקולפּטאר, פון וואנען האָט ער געקאָנט בעקומען די בילדונג און ערציהונג, וואָס זיינען אין יענער געבילדעטער, אויפגעקלערטער צייט שוין אזוי נויטיג געווען צו האָבען כדי צו ווערען א פילאָזאָף און פאָלקס לעהרער, — אָט די פראגע וועט ניט זיין שווער צו פערענטפערן. מען דארף זיך נאָר דערמאָנען, אז סאָקראטעס איז געבאָרען געווארען אין יאָהר 469 אדער 470 און געווען איין אטהענישער פאָלבירגער, דאן ווערט שוין קלאָר, אז סאָקראטעס האָט געקאָנט ווערען א געבילדעטער מענש, און עס איז גאנץ נאַ־טירליך, אז ער איז געווארען א געבילדעטער מענש.

די ביאָגראפען פון דער אלטער וועלט, וועלכע האָבען געלעבט א צייט נאָך סאָקראטעס'ען, האָבען אָבער ניט געוואָלט און ניט געקאָנט זיך בערוהיגען מיט דער אלגעמיינער ערקלערונג. דער־

פאר האָבען זיי געזוכט פאר סאָקראַטעס'ען דורכאויס א רבי'ן, און — אז מען זוכט געפינט מען. צו איז די מציאה איין אמת'ע צו ניט, איז שוין דאן ניט וויכטיג.

דער היסטאָריקער פלוטארך דערצעהלט אזא מין געשיכטע: דער רייכער קריטאן, שפּעטער סאָקראַטעס'עס א שילער, האָט נאָך יונגערהייט זיך בעגעגענט אמאָל מיט סאָקראַטעס'ען. פאַרנאנדערגערעדענדיג זיך מיט איהם, איז ער אזוי ענטציקט און איבערראשט געוואָרען פון יענעמ'ס וואונדערבארע פעהיגקייטען און גלייכען שכל, אז ער האָט סאָקראַטעס'ען צוגענומען פון פאַטער'ס ווערקשטאַט און איהם אוועקגעשיקט צו די בעסטע לעהרער.

עס געפינען זיך זאָגאר ביאָגראַפען, וועלכע בעהויפּטען, אז זיי ווייסען, ווער די לעהרער זיינען געווען. איינע זאָגען: דער גרויסער פילאָזאָף אנאקסאגאראס, און אנדערע זאָגען: ארכעלאַאָס, מיט וועלכען סאָקראַטעס האָט געלעבט א געוויסע צייט אין ענגער פריינדשאַפט:

די אלע ערצעהלונגען ווערען אָבער צוליעב זעהר וויכטיגע גרינדע אָבגעלייקענט דורך די בעסטע פאָרשער. עס ווערט בעוויזען אז אנאקסאגאראס האָט גאָר ניט געקאָנט זיין סאָקראַטעס'עס לעהרער, ווייל עס שטימט ניט מיט דער צייט, ווען אנאקסאגאראס האָט געלעבט אין אטהען. וועגען ארכעלאַאָס זאָגט מען, אז אויב סאָקראַטעס וואָלט אפילו ביי איהם טאקי געלערנט, וואָלט ער װעניג וואָס נוצען ארויסגעטראָגען, ווארום ארכעלאַאס אליין איז געווען א פלאכער קאָפּ און א קנאפּער פילאָזאָף.

אויף דער פראגע, פון וואנען האָט סאָקראַטעס פאָרט געשעפּט זיין בילדונג, ענטפערט דער בארימטער היסטאָריקער פון דער גריעכישער פילאָזאָפיע צעלער אזוי: סאָקראַטעס האָט טאקע קיין גרויסע בילדונג ניט געהאט; זיין יוגענד־בילדונג איז על כל פנים ניט געשטאנען פיעל העכער, ווי די בילדונג פון דעם געוועהנליכען, ענטוויקעלטען אטהענער בירגער.

מיר ווייסען אבער שוין, אז די מיטעלסטע בילדונג אין אטהען איז אין יענער צייט געווען ווייט פון ניעדעריג און, וואָס איז די

הויפּטזאַך, דער, וואָס האָט געהאַט חשק, האָט געקאָנט בעקומען די בעסטע בילדונג.

אז סאָקראַטעס האָט פון קינדוויים אויף געהאַט א שטארקען חשק צו קענטניסע, קאָן זיך יעדער פאָרשטעלען, ווער עס האָט נאָר א שטיקעל השגה וועגען דעם שפּעטערדיגען סאָקראַטעס'ן. סאָקראַטעס'עס גייסט האָט קיין מאָל ניט גערוהט, זיין מוח האָט שטענדיג געארבייט. ער האָט פון די יונגע יאָהרען אָן געזוכט ריי־כער צו מאכען זיין גייסטיגע וועלט און האָט געשעפּט קענטניסע פון וואַנען ער האָט נאָר געקאָנט. אמת, קיין ספּעציאַליסט, קיין געלעהרטער איז ער ביז זיינע לעצטע טעג ניט געוואָרען. ער איז אָבער שוין אין די יונגע יאָהרען געווען איין ערנסט געבילדעטער מענש פאר זיין צייט.

זיין בילדונג איז געקומען פון ביכער און פון די פילאָזאָפּישע פאָרלעזונגען. נאָך מעהר האָט ער אָבער געזוכט צו לערנען פון די מענשען גופא. ער פלעגט גערן זיך בעקאָנען מיט אלערליי סאָר־טען מענשען, פערפיהרען מיט זיי א געשפּרעך, זיך צוהערען צו זייערע מיינונגען, שטענדיג האָבענדיג אין אויג צו לערנען עפּעס נייעס, צו פערברייטערן דעם געזיכטס־קרייז. און נאָך מעהר ווי פון אלץ און פון אלעמען האָט ער געלערנט פון זיך אליין. פון זיין אייגענעם גאונ'ישען קאָפּ, פון זיין אייגענעם ברייטען הארץ האָט ער געשעפּט טיעפע, קלאָרע געדאנקען און אידעלע געפיהלען וועגען מענשליכען לעבען און די בעציהונגען צווישען איין מענשען און דעם צווייטען. מיט אָפענע אויגען און מיט א קריטישען בליק אויף זיך און אויף אנדערע איז ער שטענדיג ארומגעגאַנגען איבער דער וועלט.

אָט אזוי, ארבייטענדיג ווי די ביהן, האָט סאָקראַטעס אָב־געלעבט רוהיג און שטיל די ערשטע העלפט פון זיין לע־בען, אונבעקאַנט פאר דער גרויסער וועלט. אָבער ביסלעכווייז, צוזאַמען מיט די קענטניסע, צוזאַמען מיט דער קלאָרהייט און טיעפקייט פון זיינע אייגענע אנשויאונגען, איז אין איהם אויף גע־וואַקסען דער בעשלוס ארויסצוטרעטען אָפען פאר דער וועלט. ענד־ליך עס איז געקומען דער געווינשטער טאָג, און סאָקראַטעס איז

ארויסגעטראָעטן אין פאַלשטענדיגען גלאנץ פון זיינע נייע פילאָ־זאָפישע איבערצייגונגען, מיט א פעלזענפעסטען גלויבען אין זיך, אין זיין גרויסער אויפגאבע, אין דער ווארהייט און אין דער מענשהייט.

אין יענעם טאָג איז אין די לוחות פון דער וועלטגעשיכטע אריינגעטראָגען געוואָרען דער נאָמען פון א נייעם אונשטערבלי־כען גייסטיגען העלד און עס האָט זיך אָנגעהויבען א נייע עפּאָכע אין רער געשיכטע פון דעם מענשליכען דענקען.



## צווייטער קאפּיטעל.

### סאָקראַטעס דער מענש און דער לעהרער.

פינף און דרייסיג יאָהר איז סאָקראַטעס אַלט געוועזען, ווען ער האָט זיך בעשלאָסען צו מאכען א גרויסען שטריך דורך זיין לעבען. ער האָט אוועקגעוואָרפען זיין מלאכה און איז ארויסגעטראָטען אויף דער עפענטליכער ביהנע. דאָס שטילע, איינגע וועלטעלע פון אייגענע פּריוואטאינטערעסען האָט ער פערלאָזען און איז אריבער אין די ברייטע, שיינע וועלט פון אידעאַלען, פון לעבען פאר די ווארהייט און פאר די מענשהייט.

אין איין גרויסען צוג איז סאָקראַטעס דורכגעגאנגען דעם געוואלטיגען מהלך און האָט מיט איין ענערגישער האנד פערנומען די פּאָזיציאָן, אויף וועלכער ער איז געבליעבען שטעהן פעסט, מוטיג, ענטשלאָסען ביז צו זיין לעצטען אטעם צוג.

און א שיינע, ערהאבענע פּאָזיציאָן איז עס געוועזען. סאָקראַטעס איז געוואָרען א לעהרער פון דער מענשהייט. ער האָט בעשלאָסען, אז ער — און נאָר ער — איז בעשטימט און אויסערוועהלט געוואָרען צו לערנען די מענשען, וואָס איז מאָראל, וואָס איז רעכט, וואָס איז טוגענד און וואָס הייסט אויפקלערונג.

א מערקווירדיגע רעטענים, א מערקווירדיגע איראָניע! סאָקראַטעס איז בעריהמט דורך זיין שפּרוך: „איך וויים אז איך וויים גאָר נישט“. אין זיין פּרעטיידיגונגס־רעדע האָט ער פאר זיינע ריכטער געזאָגט: „איין זאך וויים איך קלאָר, אז ניט אין גרויסע זאכען, ניט אין קליינע בין איך ניט קיין חכם“. סאָקראַטעס איז אַלזאָ ניט געוועזען קיין בעל־גאוה. ער איז זאָגאר געוועזען א גרויסער ענו. זיין גאנץ לעבען פיהרט ער זיך ווי איין איינפאכער, פּראָסטער, גוטער מענש. און אָט דער ענו קומט נאָך א לאנגע רייהע פון יאָה־

רען צו דעם פעסטען בעשלוס, אז ער איז פון גאָט אויסערוועהלט צו ווערען דער לעהרער און אויפקלערער פון די מענשען. און דיעזע טהעטיגקייט זיינע האלט ער אזוי הויך און וויכטיג און פיהרט זי אויס מיט אזא וואונדערבארער ענערגיע, אז אין דער לעצטער שעה פאר דעם פסק פון זיין פּראָצעס זאָגט ער צו די ריכטער: „אין מיין לעבען האָב איך קיין מאָל ניט געוואוסט פון קיין רוה. איך האָב זיך אָבער ניט געקימערט וועגען עשירות, נט געוואָלט ווערען ניט קיין גענעראל, ניט קיין פּאָלקסרעדנער, ניט געוואָלט אָננעה־מען קיינע פון די איבעריגע עמטער פון דער שטאדט, ווייל איך האָב מיך געהאלטען פ א ר צ ו ג ו ט זיך צו בעשעפטיגען מיט אזוינע זאכען. איך האָב נור געטראכט וועגען איין זאך: ווי קאָן מען יעדען איינצעלנעם ארויסווייזען די גרעסטע וואהלטהאט“. און די גרעסטע וואהלטהאט, די גרעסטע טובה איז נאָך זיין מיינונג געוועזען פאר יעדען איינעם יענעם צו לערנען און אויפצוקלערען.

פון וואנען־זשע האָט סאָקראטעס גע׳שעפּט די איבערצייגונג אין זיין מיסיאָן? ווי אזוי קומט ער גאָר צו אזא איבערצייגונג? פון וואנען דעם מוט און ענערגיע אזוי ענטשלאָסען און פעסט צו זאָגען: „אזוי לאנג ווי איך אָטעם און וועל נור זיין אימשטאנד עס צו טון, וועל איך ניט אויפהערען צו זוכען די חכמה און וועל ניט אויפהערען אויך צו מוסרן און צו לערנען“?

סאָקראטעס אליין האָט אויף דעם איין תשובה: א געטליכע שטימע רעדט אין איהם, זי הייסט איהם געהן צו די מענשען און זיי לערנען חכמה און מידות טובות. זי גיט איהם עצות, ווי זיך צו האלטען ביי פערשיעדענע געלעגענהייטען. ער איז א שליח פון גאָט. ער דערפילט גאָטס וואונש און דערפאר, „כאָטש איך בין צוגעבונדען צו אייך אטהענער מיט ליעבע און אכטונג און בין בערייט אייך צו פאָלגען, דאָך וועל איך גאָט מעהר געהאָרכען, איי־דער אייך“. און דאָס איז — זאָגט ער — ניט קיין איינבילדונג, ניט קיין זעלבסטטוישונג. גאָט אליין האָט עס דורך זיין אראקעל (אורים־ותומים) אין דעלפי אָפען און קלאָר געזאָגט. — „איהר קענט דאָך כערעפאנען — זאָגט ער. — ער איז געוועזען מיין פריינד פון דער יוגענד אָן. איין מאָל, ווען ער איז געקומען אין דעלפי,

האָט ער זיך בעשלאָסען צו פרעגען דעם אראקעל, אויב עס איז דאָ א קליגערער מענש פאר מיר? און אויף דעם איז געווען דער ענטפער: „קלוג איז סאפאקלעס, קליגער איז אוריפידעס, אָבער דער קליגסטער פון אלע מענשען איז סאָקראטעס“.

עס איז קיין ספק ניט. סאָקראטעס האָט שטארק געגלויבט אין די געטליכע שטימע, אין דעם געטליכען גייסט, וואָס וואָהנט אין איהם (דער דעמאָן רופט ער עס). עס איז פאר אונז איבעריג צו זאָגען, אז זיין גלויבען איז געווען איין איינבילדונג. די פראגע איז נור: פון וואנען קומט ער צו אזא מין איינבילדונג? און אין וואָס איז בעשטאנען די געטליכע שטימע, דער דעמאָן?

וועגען סאָקראטעס'עס „דעמאָן“ עקזיסטירט שוין א גאנצע ליטעראטור. די פאָרשער געהען זיך פערנאנדער אין דער ערקלערונג וועגען דיעזען דונקעלען פונקט אין סאָקראטעס'עס לעבען.

זיכער איז איין זאך. שוין פון די יונגע יאָהרען אָן פלעגט סאָקראטעס פון צייט צו צייט האָבען שטארקע אָנפעלע פון אזא מין עקסטאז, ביי וועלכען ער פלעגט פערליערען אלע חושים. וואָס פאר א סאָרט אָנפעלע דאָס זיינען געווען, קאָן מען היינט ניט ווי־סען. אָנהייננגער פון פּראָפעסאָר לאמבאראזא זאָגען איינפאך: סאָקראטעס האָט געליטען פון חולי־נופלים, פון די פאליגע. אנדערע אלטע שרייבער זאָגען: סאָקראטעס'עס שטים איז געווען די שטים פון געוויסען. דאָס געוויסען פלעגט איהם אָבהאלטען פון א סך זאכען, און והא ראיה, די שטים פלעגט הויפּטזעכליך איהם אָב־האלטען פון צו טון געוויסע זאכען, ניט אָבער איהם געבען עצות וואָס צו טון. נאָך אנדערע זאָגען, די „שטים“ איז געווען דאָס גע־פיהל, דער אינסטינקט פון אינערליכען טאקט, וועלכער פלעגט איהם טרייבען אין געוויסע פעלע, וואו דער שכל האָט ניט געהאט קיין קלאָרע גרינדע. נאָך אנדערע ווילען האָבען, אז די אָנפעלי פלעגען קומען ביי איהם נאָך דעם ווי ער פלעגט זיך טיעף און לאנג פער־טראכטען.

סאָקראטעס אליין האָט אָבער — ווי געזאָגט — גאנץ פעסט געגלויבט, אז די „שטימע“ איז א געטליכע שטימע. פאר איהם, וועלכער האָט איבערהויפּט געגלויבט שטארק אין די געטליכע

השגחה און זאָגאר אין השגחה פּרטית, ד. ה. אז די געטער זאָר־
גען זיך וועגען יעדען מענשען בעזונדער איז דאָס בכלל ניט קיין
וואונדער. אויף די פראגע, ווי קומט ער צו אזא סאָרט הויכער
מיינונג פון זיך, גיט סאָקראטעס אליין די שליסעל אין האנד ווי
דאָס צו דערקלערען גאנץ רעאליסטיש. מען דארף נור א קלייי־
ניגקייט טון: מען דארף ענדערען דעם סדר פון זיין ערצעהלונג; דאָס,
וואָס ער האלט פאר א רעזולטאט, דארף מען אננעהמען פאר איין
אורזאכע פון זיין פעסטען גלויבען אין זיך. מען דארף נור אומביי־
טען אביסעל די דאטען און די זאך ווערט קלאָר, אז אויף דער
עלטער האָט סאָקראטעס זיך געקאָנט אזוי שטארק איינלעבען אין
דעם גלויבען, אז גאָטס שטימע איז געוועזן די אורזאכע ניט דאָס
רעזולטאט.

דער שליסעל, וועלכען סאָקראטעס גיט אונז צו פערשטעהן
דעם פּראָצעס, וואָס איז פאָרגעגאנגען אין זיין נשמה, איידער ער
— דער ענו — האָט ביי זיך פעסט בעשלאָסען צו ווערען דער
לעהרער און אויפקלערער פון די מענשען, בעשטעהט אין פאָל־
גענדעם: „ווען איך האָב זיך דערוואוסט — דערצעהלט ער אין
זיין פערטיידיגונגס־רעדע — פון דעם אראקעלס מיינונג, אז איך
בין דער קליגסטער מענש, בין איך נשתומם געווארען. איך ווייס
דאָך, אז איך בין ניט קלוג ניט אין גרויסע, ניט אין קליינע זאכען,
וואָס־זשע מיינט ער דערמיט? איך האָב גענומען אונטערזוכען די
זאך אויף אזא אופן: איך בין אוועק צו איינעם, וועמען אלע האל־
טען און ווער נאָך מעהר פאר אלעמען האלט אליין זיך פאר א חכם,
א פּקוח. איך האָב מיט איהם געהאט א שמועס, איך האָב גענומען
אויספּרובירען זיינע חכמות, און דער סוף איז געוועזן, איך האָב
זיך ארומגעזעהן, אז ער איז גאָר קיין חכם ניט. קלוג ווי דו ביזט,
בין איך אודאי, האָב איך מיר געטראכט. עס קאָן זיין, אז מיר
זיינעןביידע ניט מי יודע וואס, אָבער ער מיינט, אז ער איז עפּעס
וואָס, כאָטש ער ווייס גאָר נימ. איך ווייס, אז איך בין גאָרנישט
און בילד מיר גאָר נישט איין“.

דיזעלבע זאך, ווי מיט יענעם „וועלט־חכם“, האָט ער געטון
מיט אנדערע. ער איז געגאנגען צו די שטאאטסמענער. פון זיי איז

ער אוועק צו די פּאָעטען. פון די פּאָעטען צו די בעלי־מלאכות. „און אפילו איצט — ענדיגט ער — געה איך ארום צווישען די מענשען, בירגער און פרעמדע, וואו עס איז נור דאָ ווער עס איז, ווענען איך האלט פאר א חכם און פּרוביר איהם". אט אזוי האט סאָקראַטעס א גאנץ לעבען געפּרובירט די מענשען און פאר זיין טויט האט ער מיט פאָלקאָמענער איבערצייגונג און זיכערהייט געזאָגט: „לא מצאתי. איך האב קיין איינציגען חכם ניט געפונען, ניט געפונען יעדענפאלס קיינעם קליגער פאר זיך".

סאָקראטעס איז אלזאָ ניט געוועזען צופריעדען מיט די „וועלט־חכמים". ער איז אויך ניט געוועזען בעפריעדיגט מיט די אלע פילאָ־זאָפישע סיסטעמען, וועלכע האבען עקזיסטירט פאר איהם. ער רעדט מיט א געוויסען סאָרט פעראכטונג וועגען זיי. שוין דאָס אליין, וואָס זיי געהען זיך אזוי שטארק פערנאנדער, אז וואָס איינער זאָגט פייער, זאָגט דער אנדערער וואסער, שוין דאָס אליין שטופּט איהם אָב פון זיי. פאר איהם איז דער הצד השוה געוועזען, אז זיי אלע טויגען ניט און אָט אויף אזא אופן איז ער געקומען צום בע־שלום, אז מען דארף ערשט אָנהויבען לערנען די מענשען דענקען, לערנען טוגענד און אז דער לעהרער און אויפקלערער מוז ער אליין זיין, ער, וועלכער זעהט איין די אלע פעהלערן פון אלע אלטע סיס־טעמען.

*   *   *

סאָקראטעס האָט זעהר שטארק געגלויבט אין די וויכטיגקייט און ערהאבענהייט פון זיין געטליכער שליחות. ער האָט זי אבער גענומען אויספיהרען אויף א גאנץ פּשוטען, מען קאָן זאָגען, וואָ־כעדיגען, פּראָזאאישען אופן.

מיט גאנצע סוויטעס, מיט גרויס פאראד און גלאנץ, אויסגע־פוצט אין עסיג און אין האָניג, פלעגען ארויסטרעטען די אנדערע לעהרער פון „חכמה", די אָבנארער, די סאָפיסטען. זיי פלעגען מאַ־כען פון זייערע פּאָרטרעגע ווער ווייס וואָס פאר א ווערדע, און פלעגען זיך לאָזען בעצאהלען גאנץ גוט פאר זייער „תורה".

סאָקראטעס האָט געהאנדעלט גערארדע פערקעהרט פון זיי. קיין ווערד האָט ער פון זיך אויף אהאָר ניט געמאכט. אויסזעהן

פלעגט ער שוין צו פראָסט. שטענדיג אָנגעטאָן אין זיין פּראַכטען, ניט געריינינגטען אָנצוג, באָרפוס, — די שיך פלעגט ער זעלטען אָנטון — פלעגט ער שטענדיג זיך אויפהאלטען אין אלע ערטער, וואו מען האָט געקאָנט געפינען וואָס מעהר עולם: אויף די מארק־פלעצער, ביי די טישען פון די געלדוועקסלער, אין די ווארקשטאַ־טען פון די בעלי־מלאכות, אין די קראָמען פון די הענדלער און מעהר ווי איבעראל אין די עווענייוס, נעבען די גימנאזיען, וואו די יונגוואַרג פלעגט זיך אויפהאלטען.

דער סדר־היום איז געוועזן ביי איהם אזוי: פון אין דער פריה אָן ביז מיטאָג צייט פלעגט ער זיך ארומטרייבען ארום די גימ־נאזיען אין די זיילען־אלעען, וואו עס איז געוועזן א שפּאציער־פלאץ. שפּעטער פלעגט ער אוועק אין די האַלען, וואו מען פלעגט לערנען גימנאסטיק. פון דאָרט — צום מארק. דער פּרינציפּ איז געוועזן: צו יעדער צייט זיין דאָרט, וואו עס געפינען זיך וואָס מעהר מענשען. יעדער אָרט איז פאר איהם געוועזן דער מכובד'יגער און פּאסיגער פלאץ, יעדע מינוט — די פּאסיגע צייט, יעדער מענש — די פּאסיגע פּערזאָן פאר זיינע געשפּרעכען; ווארום אין געשפּרע־כען, אין רעדען און איבעררעדען איז פון איצט אָן בעשטאנען זיין גאנצער לעבען און זיין שווערע ארבייט.

ער פלעגט רעדען הויך, אָפען און קלאָר פאר אלעמען, אזוי אז אלע זאָלען איהם הערען און פערשטעהן. און שטענדיג פלעגען טאקע ארום איהם שטעהן גאנצע קופּקעס מענשען.

די טעמאס פאר זיינע געשפּרעכען זיינען שטענדיג געוועזן פון זעלבען סאָרט: וועגען מאָראל, וועגען געזעץ, וועגען רעכט, וועגען שטאאט, מיט איין וואָרט וועגען די אלע זאכען, וואָס זיינען שייך צום מענשען און צום מענשליכען צוזאמענלעבען. אָבער דער אינ־האלט פון די געשפּרעכען איז געוועזן תמיד פערשיעדען. ער פלעגט זיך זוכען צוצופּאסען צו דעם גייסטיגען צושטאנד פון דעם, מיט וועמען ער פלעגט פיהרען דאָס געשפּרעך און צו די אומשטענדען, אונטער וועלכע דאָס געשפּרעך פלעגט געפיהרט ווערען.

סאָקראטעס פלעגט ניט אָנהעבען דאָס געשפּרעך פון הויכע דרכים, כדי יענעם ניט אָפּצושרעקען. ער פלעגט געראדע פערקערט

אָנהעבען פון די איינפאכסטע, לייכטעסטע פראגען. און געראדע פערקעהרט, ווי די סאָפיסטען פלעגט ער ניט אוועקשטעלען זיך אויף דער בימה אלס לעהרער און קוקען פון אויבען אראָב אויף דעם אונוויסענדען „המון", נור ער פלעגט תמיד ארויסטרעטען אין דער ראָלע פון א ניט־וויסענדען, אין דער ראָלע פון א מקשן. ער פלעגט בעטען, מען זאָל א י ה ם די זאך דערקלערען.

קודם כל פלעגט ער א פרעג טון — דערצעהלט קסענאפאן — צו מיינען זיי, אז זיי קענען שוין גענוג די אלע זאכען, וואָס זיינען שייך צו מענשען, און צו רעכענען זיי, אז די אלע זאכען דארף מען לאָזען צורוה, אום צו בעשעפטיגען זיך מיט געטליכע זאכען ער פלעגט גלייך זוכען צו בעווייזען, ווי נאריש עס איז צו פערלאָזען די אייגענע זאכען, וואָס ליעגען אונטער דער נאָז און געהן זיך קריעגען וועגען זאכען, וועגען וועלכע מען קאן גאָר קיין מאָל דעם עיקר ניט דערוויסען, ווי צ. ב.: וואָס איז נאטור, וואָס איז גאָט א. ז. וו.? אריבערפיהרענדיג דאָס געשפרעך אויף מענשליכע זאכען, פלעגט ער בענוצען יעדע פאסירונג, כדי צו קאָנען אָנקניפען א געשפרעך אויף דאָס פאסענדע טהעמא.

ווען ער האָט צ. ב. איין מאָל געזעהן ניקאָמאכידיס, איין אלטען, טאפפערען, פראָסטען סאָלדאט, בעת יענער איז געגאנגען צוריק פון א וואהל פערזאמלונג, האָט ער איהם א פרעג געטון: וואָסערע גענעראלען זיינען אויסגעקליעבען געוואָרען? ניקאָמאכידיס האָט זיך געפונען בעליידיגט: „וואָס הייסט, און ווער בין איך? ווי וואָלט עס געפאסט פאר די אטהענער ניט מיך אויסצוקלייבען?" זעהענדיג אזא סאָרט גלויבען אין זיך, לאָזט זיך סאָקראטעס תיכף אריין אין א געשפרעך. ער הערט איהם אָן צו שטעלען פראגען און צו מאכען חשבונות און דאָס געשפרעך ענדיגט זיך דערמיט, וואָס ניקאָמאכידיס מוז מודה זיין, אז ער איז אייגענטליך גארניט דער פאסענדער מענש פאר א גענעראל.

איין אנדערס מאָל האָט געטראָפען אז זיינען א פריינד, דיאדאראס האָט ניט געוואָלט ארויסהעלפען א גוטען פריינד. סאָקראטעס לאָזט זיך מיט איהם אריין אין א געשפרעך וועגען די פפליכ־

טען פון א מענשען צו זיינע גוטע פריינד, און דיאדאראס לויפט ארויסהעלפען דעם גוטען פריינד.

אין געשפרעך גופא פלעגט סאָקראטעס זיך בענוצען מיט די פראקטישעסטע משלים און בעווייזע פון טאָג־טעגליכען לעבען. אין דעם דערמאָנטען געשפרעך מיט ניקאמאכידים צ. ב. ברייננט סאָקראטעס משלים פון א סוחר, פון א כארפיהרער, פון בעלי־בית'שקייט. אין געשפרעך מיט דיאדאראס ברייננט ער ביישפיעלע פון שקלאפען, פון סטאדעס א. ז. וו., אלץ משלים, וועלכע, זיינען פערשטענדליך פאר די מענשען, מיט וועמען ער פיהרט דאָס געשפרעך, אלץ בעווייזע, וועגען וועלכע עס קאָנען קיין צוויי פער־שיעדענע מיינונגען ניט געבען. יענער לאָזט זיך אויף אזא אופן אריינציהען אין געשפרעך. ער מוז מסכים זיין צו די משלים. דאן מיט סאָקראטעס זיך א וואָרף מיט דער גאנצער מאכט פון זיין טיעפען, קלאָרען, לאָגישען קאָפּ אויפ'ן נמשל. ער געפינט אויס דעם הצד־השוה צווישעןביידע זאכען, ציהט זיינע שליסע און שפארט יענעם צו צו דער וואנד. פון דעם פראָסטאק, דעם סתם מקשן, ווערט א ביטערער אונערבארעמדיגער געגנער, וועלכער פאָר־דערט: גיב זיך אונטער, אָדער זיי מודה, אז דו ווייסט גאָר נישט, אז דו פערשטעהסט גאָר ניט, אז דו ביזט אונגערעכט. איינס פון די ביידע. קיין דריטער אויסגאנג איז ניטאָ.

דורך דעם סאָרט געשפרעכען פלעגט סאָקראטעס פרובירען „דאָס הארץ און די ניערען פון די מענשען און וועלען פון זיי ארויס־ציהען דאָס בעסטע, וואָס איז דאָ אין זיי“. דאָס איז די בעריהמטע סאָקראטישע „מענשענפרופונג“ — (מעאייטיק). אָבער פרובירענ־דיג אזוי די מענשען, פלעגט ער זיי, ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג, מאכען צום נארען. צום סוף געשפרעך פלעגט יענער זיך דאָך מו־זען ארומזעהן, אז ער איז מאוס אריינגעפאלען, אז ער איז דער נאר און אז סאָקראטעס פיהרט איהם פאר'ן נאָז. די איינפאכע משלים און פראגען הייבען אָן אויסצוזעהן אין זיינע אויגען ווי חוזק מאכען „איראָניע“. צו סאָקראטעס האָט עס מיט א כיון גע־טון צי ניט, יעדענפאלס פלעגט אין זיינע ווערטער קלינגען דער

איראָנישער טאָן. דאָס פלעגט מאכען די געשפּרעך־פיהרער אש־להבה.

סאָקראַטעס'עס איראָניע איז געוואָרען בעריהמט און מען האָט אָנגעהויבען פאַר איהר צו ציטערן. זי האָט איהם אויך פער־שאפט ניט איין צעהנדליג שונאים. סאָקראַטעס האָט עס אליין געוואוסט. אין זיין פערטיידיגונגס־רעדע זאָגט ער: „פון די נאָכ־פאָרשונגען זיינען מיר ארויס פיעל ביטערע שונאים, און פיעל רכלות איז דערפון ארויסגעוואקסען“. ער האָט געוואוסט, אז די שונאים קאָנען ווערען געפעהרליך פאַר איהם. אָבער דאָס האָט איהם ניט אָבגעהאַלטען פון זיין טהעטיגקייט, ווארום די איראָניע פלעגט — ווי מיר האָבען געזעהן — קומען ממילא פון זיין „מענ־שענפרופונג“, און דאָס איז געווען פאַר איהם דאָס הויפּט־ציעל פון זיין לעבען.

אין רעדען איז אוועק סאָקראַטעס'עס צווייטע העלפט פון לעבען. ער האָט אויך געהאט א געוואלטיגען ערפאָלג אלס רעדנער. זיין געוועזענער שילער אלקיביאדעס, דער שטאָלענער, קאלטער שטאאטסמאן און גענעראל, אלקיביאדעס וועלכער איז געווען בכח גאַנץ קאלטבלוטיגערהייט צו שטעלען דאָס שיקזאל פון זיין פאָלק און פון זיין לאנד אין געפאהר צוליעב זיינע עגאָאיסטישע ציע־לען, אָט דערזעלבער אייזערנער מענש שילדערט אין פאָלגענדע ווער־טער דעם איינדרוק, וואָס סאָקראַטעס'עס רעדנערקראפט פלעגט מאכען אויף איהם. „איך האָב — זאָגט ער — גענוג רעדנער גע־הערט, קיינער פון זיי, אפילו דער בעסטער פון די בעסטע — האָט אָבער אויף מיר קיין בעזונדערן איינדרוק ניט געמאכט. גאַנץ אנדערש איז, ווען סאָקראַטעס רעדט. ווער עס זאָל סאָקראַטעס ניט הערען, גאַנץ גלייך צו איז עס א מאַן, אָדער א פרוי אָדער א קינד, אפילו ווען מען גיט איבער זיינע ווערטער דורך א דריטע מויל, יעדער פיהלט דאן עפּעס איין אונערקלערליכע אויפרעגונג און בע־וואונדערונג. איך אליין וואָלט געשוואָרען — ווען איך וואָלט נור ניט מורא געהאט, אז איהר וועט מיך האלטען פאר שכור, אז יעדעס מאָל, ווען איך הער איהם רעדען, קלאפט דאָס הארץ ביי מיר ווי א צווישעטע און טרעהרען גיסען זיך ביי מיר טייכענ־

ווייז. איך האָב נאָכגעקוקט נאָך אנדערע אויך, און איך קאָן אייך פערזיכערן, אז דיזעלבע זאך איז אויך מיט זיי. איך האָב געהערט פעריקלעס (דעם גרויסען שטאאטסמאן און געניאלען רעדנער) און אנדערע בעריהמטע רעדנער, איך האָב אָבער קיין מאָל עפּעס אזוינס ניט געפיהלט. זיי האָבען ניט אויפגעקאָכט מיין נשמה, זיי האָבען מיך ניט געצוואונגען צו פעראכטען זיך אליין פאר מיין שקלאפענגאטור. אָבער ער פלעגט מיך אריינברייגגען אין אזא צו־שטאנד, אז איך פלעג פיהלען: איך קאָן ווייטער אזוי ניט לעבען ווי ביז איצט. און איך בין זיכער: ווען איך וואָלט ניט פערשטאָפּט די אוירן געגען זיינע רעד און וואָלט ניט ענטלאָפען פון זיין שטים, דאן וואָלט מיט מיר פאסירט דיזעלבע זאך, ווי מיט אנדערע: איך וואָלט אלט געווארען, זיצענדיג ביי זיינע פיס. און וויפיעל מאָל האָב איך איהם געוואונשען וואָס גיכער דעם טויט און צו דערזעל־בער צייט האָב איך געפיהלט, אז ווען ער וואָלט שטארבען, דאן וואָלט צו מיין קומער קיין ברעג ניט געווען. עס וואָלט געוויס גע־ווען גרעסער איידער מיין פרייד. אָט אזוי האָב איך מיט זיך אליין געקעמפּפט און אליין ניט געוואוסט וואָס צו ווינשען".

דיזע געוואלטיגע רעדנער־קראפט סאָקראטעס'עס פלעגט זיך ניט אויסדריקען אין שיינע, ריהרענדע פראזען, ניט אין א גלענצענדען סטיל. פערקעהרט, איינפאך, פּראָסט, אָבגעקלערט, ניט געקינסטעלט, ווי אין אלץ, איז סאָקראטעס געווען אויך אין זיין רעדען. אפילו אין זיין בעריהמטער פערטיידיגונגס־רעדע, ווען אין קאָן איז געשטאנען זיין לעבען און זיין עהרע, איז ער געבליעבען דערזעלבער אונגעקינסטעלטער רעדנער. „איך וועל ניט האלטען פאר אייך — זאָגט ער צו זיינע ריכטער — קיין רעדען. צוזאמענגע־שטעלט פון שיינע, בעפוצטע, אויסגעקליעבענע ווערטער, נור גאנץ איינפאך און פּראָסט וועל איך רעדען צו אייך".

סאָקראטעס'עס בעצויבערנדער איינפלוס אויף זיינע הערער פלעגט קומען ערשטענס דורך די טיעפע ערנסטקייט און הערצליכ־קייט פון זיינע ווערטער. יעדער האָט געפיהלט, אז דאָס, וואָס ער רעדט, געהט ארויס ביי איהם טיעף, טיעף פון הארצען, און דער־פאר פלעגען די רעד אריינגעהן טיעף אין הארצען פון די הערער.

צוו־יטענס פלעגט ער צובינדען די מענשען דורך די קייטען פון זיין וואונדערבארער, אייזערנער לאָגיק.

סאָקראטעס האָט פיעל צייט פערבראכט און פיעל כחות אוועקגעלעגט אויפצוקלערען דעם גרויסען עולם פון זיינע מיט־בירגער. דערמיט אָבער איז זיין לעהרער־טהעטיגקייט ניט געווען געענדיגט. ער איז געוועזן ניט נור א פאָלקס־לעהרער, זאָנדערן אוי־סערדעם נאָך א שול־לעהרער. ער האָט געהאט א גרויסען קרייז פון ענגערע שילער מיט וועלכע ער פלעגט פיהרען ניט קיין צו־פעליגע געשפּרעכען, נור טיעפער אונטערזוכען די אלע פראגען, וועלכע האָבען איהם אינטערעסירט.

אויך מיט זיי — דערצעהלט קסענאפאן — האָט ער זיך גע־האלטען ניט ווי קיין לעהרער, נור ווי א פריינד. סאָקראטעס האָט איבערהויפּט געלעגט זעהר פיעל געוויכט אויף די פריינדשאפט צווישען מענשען. ער ערקלערט אפילו, אז די בעדייטונג און וויכ־טיגקייט פון פריינדשאפט ליעגט אין דעם נוצען, וואָס זי בריינגט, אָבער מען קאָן דייטליך זעהן, אז זי האָט א פיעל ערנסטערע און טיעפערע בעדייטונג פאר איהם און פאר זיין פילאָזאָפיע.

כאָטש סאָקראטעס'עס שולע האָט ניט געהאט קיין בעהאל־טענע סודות, דאָך איז זי געוועזען אייניגערמאסען איין אבגע־שלאָסענע, בעזונדערע וועלטעלע. די זיטליכע און וויסענשאפטליכע אינטערעסען זיינען געוועזען אייגנ צוזאמענגעקניפּט; און דער צו־בונד צווישען לעהרער און שילער איז געוועזן זעהר גרויס.

איין ענגער צובונד צווישען מענשען איז נור מעגליך, ווען די מענשען זיינען מאָראליש ריין. אמת'ע ליעבע, אמת'ע פריינד־שאפט — זאָגט ער — עקסיסטירט דאן, ווען מען ווינשט דעם גע־ליעבטען אדער דעם פריינד דאָס בעסטע ניט צוליעב אייגענע עגאָאיסטישע צוועקען. און דערצו דארף מען זיין א מאָראליש־ריינער מענש.

סאָקראטעס האָט פון זיינע שילער אויך קיין מאָל ניט גענו־מען קיין סענט בעלאָהנונג. דערפאר האָט ער געקאָנט אויסקלייי־בען פון די גרויסע קרייזען נור די, וועלכע זיינען איהם געפעלען געווארען און אויף וועמען ער האָט געלעגט האָפנונגען. כאָטש זיי־

נע אונטערהאלטונגען מיט די שילער פלעגען אָבגעהאלטען ווערען ניט הינטער געשלאָסענע טירען נור עפענטליך אויף די פרייע פלעצער: צווישען די זיילען־האָלען און אויף די פלעצער, וואו מען פלעגט לערנען גימנאסטיק, דאָך פלעגט סאָקראטעס שטענדיג קאָנען משלח זיין די, ווען ער האָט ניט געוואָלט האָבען.

סאָקראטעס האָט זיך זעהר פיעל בעמיהט צו צוציהען צו זיך יונגע לייט מיט גרויסע טאלאנטען, גוטע פעהיגקייטען, א שנעלער השגה און א גוטען זכרון. קיין לייכט שטיקעל ארבייט איז ניט געווען מיט די פעהיגע יונגע לייט. מען פלעגט מוזען אוועקלעגען אויף זיי פיעל כחות, כדי זיי זאָלען קאָנען מקבל זיין די השפעה. פיעל פון זיי פלעגען מיינען, אז וויבאלד זיי האָבען גוטע פעהיגקייטען, דארפען זיי שוין מעהר גאר ניט לערנען, ניט האָרעווען אויף בילדונג: סאָקראטעס פלעגט זיך בעמיהען מיט בעווייזע פון לעבען און פראקטיק זיי צו איבערצייגען, אז אָהן לערנען וועט פון זייערע פעהיגקייטען קיין גוטעס ניט ארויסקומען. דאָס בעסטע פערד און דער בעסטער הונד — פלעגט ער זאָגען — טוען אָפט אן די גרעסטע צרות. ער פלעגט אויך ניט שאנעווען זייער אייגענליעבע און זיי מיט פאקטען בעווייזען, ווי ווייט זיי זיינען נאָך פון השלמה. א סך פלעגען זיך פיהלען בעליידיגט און מעהר זיך ניט ווייזען. דאָס איז פאר איהם געווען דער בעסטער בעוויין, אז ער האָט אין זיי גאר נישט פערלאָרען.

נאָך דעם פאָרבערייטענדען קורס פלעגט סאָקראטעס זיך נעהמען פאר די ערציהונג גופא. זיינע הויפטמיטלען פון ערציהונג איז געווען זיי צו געבען גוטע ביישפיעלען אין ערקלערונג און אויפקלערונג.

די ערשטע צייט האָט סאָקראטעס געהאט זעהר אונאנגענעהמע ערפאהרונגען מיט זיינע צוויי בעגאבטעסטע שילער אלקיביאדעס און קריטיאס. ביידע עהרגייציג און פערדאָרבען, אָבער זעהר פעהיג ,האָבען זיי זעהר פיעל געלערנט אין בילדונג פון סאָקראטעס'ען. פון דער מאָראלישער זייט פון זיין ערציהונג האָבען זיי אָבער ווענינ וואָס אריבערגענומען. סאָקראטעס האָט זיך ארומגעזעהען, אז ער איז מיט זיי דורכגעפאלען, און געענדערט אין

גאנצען דעם סדר פון זיין ערציהונגס־ארבייט. אויפ'ן ערשטען פּלאַן האָט ער ארויפגעשטעלט די מאָראַלישע ערציהונג און פלעגט ניט אריבער צום שטודיום פון קענטניסע און טיכטיגקייט אין האנד־לען, איידער ער פלעגט זיך ניט איבערצייגען, אז די מאָראַלישע ערציהונג איז טיעף איינגעפּלאַנצט ביים שילער אין הארצען.

זיין זיטליכע ערציהונג פלעגט בעשטעהן ניט אין פּרעדיגען פון גוטע מעלות, נור — ווי געזאָגט — אין פּראַקטישע ביישפּיע־לען און איבערצייגונג. דאָס שטודיום פלעגט געפיהרט ווערען ניט אין סיסטעמאטישע קורסען, נור עס פלעגט בעשטעהן אין פריינד־ליכע אונטערהאלטונגען, אין צוויישפּרעכען (דיאלאָגען), אין פראגען און אנטוואָרטען. זיינע דיאלאָגען האָבען געהאט אזא גרוי־סען ערפאָלג און זיינען אזוי ווייט אריין אין פלייש און בלוט ביי די שילער, אז עס האָט זיך פון דאן אָן ענטוויקעלט א נייער סאָרט ליטעראטור — די דיאלאָגען־ליטעראטור — פון וועלכער דער גלענצענדסטער פערטרעטער איז געוועזען פּלאטא.

אָט אזוי האָט סאָקראטעס 35 יאָהר נאָכאנאנד טאָג איין, טאָג אויס, פון אין דער פריה ביז ביינאכט, געלערנט, אויפגעקלערט און מאָראַליש געשליפען די בירגער פון אטהען, בעזונדערס די יו־גענד — און אָט דערפאר איז ער געוואָרען אזוי בעוואוסט און בע־ריהמט, געליעבט און פערגעטערט ביי איינע און פערהאסט ביי די אנדערע.

* * *

גרויס איז געווען די קראפט פון סאָקראטעס'עס געשפּרעכען. מעכטיג איז געווען דער איינפלוס פון זיינע לעהרען. אָבער נאָך גרעסער און מעכטיגער איז געווען די בעצויבערנדע ווירקונג פון זיין פּערזאָן.

אויך אין סאָקראטעס'עס פּערזאָן בעמערקט מען דעם וואונ־דערבארען ווידערשפּרוך צווישען דער אויסערליכער פאָרם און דעם אינעווייניגסטען אינהאלט.

נאָך זיין אויסזעהן נאָך איז סאָקראטעס געווען איינער פון די מיאוס'טע מענשען. א ניעדעריגער, א פליכעוואטער, א דיקער, איין אָנגעבלאָזענער מיט א גרויסען בויך, מיט א קורצען האלז,

אויסגעשטעלטע אויגען, דיקע ליפּען און א פּעררימענעם פּלאַכען נאָז האָט ער קיין ברעקעל חן ניט געהאַט און נור געקאָנט אָפּשטוי־סען פון זיך. אויך זיין אָנטון זיך אין פּראָסטע, שמוציגע קליידער, באָרפוס, צוזאַמען מיט זיינע אונגעלומפּערטע מאַניערען, זיינען געווען ווי צוגעפּאַסט צו זיין פּראָסטען, גראָבען, מיאוס'ען אויס־זעהן. נאָך זיין אויסזעהן נאָך איז ער געווען היילע פּראָזא, אין גאַנצען וואָכעדיג. און דאָס האָט זיך נאָך מעהר געוואָרפען אין די אויגען אין אַטהען פון יענער צייט, וואו פּאָעזיע און שיינקייט זיי־נען געווען די העכסטע הייליגקייט, אין א צייט, ווען די קונסט האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, צווישען מענשען, וועלכע זיינען געבליעבען דאָס אידעאַל פון שיינקייט און גראַציע.

און ניט נור אין אויסזעהן, זאָגאַר נאָך זיין כאַראַקטער האָט סאָקראַטעס פאַר דעם אויבערפלעכליכען בליק אויסגעזעהן קאַלט, האַרט, פּראָזאַאיש. שטענדיג וועגענדיג און מעסטענדיג, שטענדיג אויסגערעכענט, שטענדיג אויפדעקענדיג די מענשליכע שוואַכקיי־טען, אָהן רחמנות אויפרייסענדיג די פּרעמדע וואונדען פון אבער־גלויבען און זעלבסטליעבע, האָט ער אָבער געמאַכט דעם איינדרוק פון א מענשען אָהן געפיהלען, אָהן בלוט, ווי א פאַרגליווערט שטיק מאַראַל. אָט די געשטאַלט האָבען אין איהם געזעהן די זייטיגע מענשען, וועלכע האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט אדער די פעּ־הינקייט צו קענען צוקוקען זיך עפּעס טיעפער און אָט אזא סאָרט קאַריקאַטור האָט געמאַהלען פון איהם דער בעריהמטער קאָמע־דיענשרייבער אריסטאָפאַנעס אין זיין קאָמעדיע „די וואָלקענס".

א תהום ליעגט צווישען סאָקראַטעס'עס אויסערליכקייט און צווישען זיין מיאוסע פיזישער און זיין פּרעכטיגע גייסטיגער גע־שטאַלט, אין דעם תהום פלעגט לייכט אריבער יעדער מענש, וועל־כער האָט געהאַט דאָס גליק עפּעס נעהענטער זיך צוצוקוקען און צו בעקאָנען מיט סאָקראַטעס'ען.

סאָקראַטעס האָט ניט נור געלערנט א נייע פילאָזאָפיע, ער האָט ניט נור געפּרעדיגט מדות־טובות; ער האָט געלעבט, גענאַ־מעמט דערמיט, וואָס ער האָט געלערנט און געפּרעדיגט.

יעדער מענש דאַרף שטענדיג שטרעבען צו וויסען וואָס מעהר,

צו פערשטעהן וואָס קלאָרער און צו זיין וואָס בעסער, וואָס ריינער מאָראַליש. אין דעם האָט ער געזעהן די וויכטיגסטע, אידעאַלסטע אויפגאַבע פאַר יעדען מענשען בפרט און פאַר די מענשהייט בכלל, און ער אליין האָט מיט זיין גאַנצען לעבען און מיט זיין טויט געוויעזען דאָס גלענצענדסטע ביישפּיעל, ווי מען קאָן דערגעהן צום וויסען, ווי מען קאָן ווערען טוגענדהאַפט. קיינער האָט ניט אוועקגעלעגט מעהר כחות, מעהר ענערגיע, מעהר זאָרגען די פאָרדערונגען צו ערפילען, איידער סאָקראַטעס.

מיר ווייסען שוין, אז פון זיין 35טען יאָהר אָן ביז זיין לעצטער מינוט האָט ער אוועקגעגעבען זיין גאַנצע צייט און זיינע אַלע כחות, צו לערנען, אויפצוקלערען און צו פערבעסערן די מענשען. צו דערזעלבער צייט האָט ער אָבער א מינוט ניט אויפגעהערט צו לערנען, אויפצוקלערען און צו פארבעסערן זיך אליין.

אויף ווי ווייט ער פלעגט זיך קאָנען פערטיעפען אין זיינע רעיונות, אויף וויפיעל זיין נשמה איז געווען די הערשערין איבער זיין גוף קען מען זעהן פון פאָלגענדער ערצעהלונג.

איין מאָל האָט ער זיך וועגען עפּעס וואָס פארטראַכט. די זאַך איז איהם געווען ניט קלאָר און ער האָט געוואָלט דערגעהן ביז'ן תוך. ער איז געבליעבען שטעהן און טראַכטען. דאָס האָט פּאַסירט אין א זומערדיגען פריהמאָרגען אין מיליטערישען לאַגער אויף איין אָפענעם פּלאַץ (סאָקראַטעס איז אויך געווען א סאָלדאַט און האָט דורכגעמאַכט עטליכע מלחמות פאַר זיין פאַטערשטאַדט.) וואָס איז געווען פול פון מענשען. עס איז אוועק א האַלבער טאָג, סאָקראַטעס שטעהט נאָך אויפ'ן זעלבען אָרט און טראַכט. עס איז געוואָרען פאַרנאַכט, סאָקראַטעס שטעהט נאָך אויפ'ן זעלבען אָרט אין זעלבען צושטאַנד. דער עולם האָט גענומען דאָס בעמערקען און האָט זיך פּעראינטערעסירט. נאָך'ן אבנעדעסען האָבען זיך זאָגאַר געפונען נייגיעריגע, וועלכע זיינען אוועק, געבראַכט זייערע דעקעס און זיך אוועקגעלעגט דאָרט נעבען איהם נאָכצוקוקען, וואָס עס וועט דערפון ווערען. און זיי האָבען דערזעהן אַט וואָס: סאָקראַטעס איז אָבגעשטאַנען אין דערזעלבער לאַגע, פערטיעפט אין זיינע רעיונות א גאַנצע נאַכט ביז'ן צוויי-

טען פריהמאָרגען. ווען עס איז ווידער געוואָרען ליכטיג, האָט ער אויפגעהויבען די אויגען אנטקעגען די ערשטע שטראַלען, אבגעזאָגט זיין תפילה און איז רוהיג אוועק.

אָט אזוי ערנסט איז סאָקראַטעס געווען, ווען ער האָט געזוכט דעם אמת. ניט ווייניגער ערנסט און שטרייננג איז ער געווען ביי דער ערפילונג פון זיינע פפליכטען.

סאָקראַטעס איז פון נאַטור געווען א מענש מיט הייסען בלוט, מיט ברענענדע ליידענשאפטען. די ארבייט פון זעלבסטערציהונג איז דערפאַר ביי איהם אליין געווען זעהר א שווערע. ער האָט אָבער דורך לאנגע, אייזערנע דיסציפּלין אזוי איינגעצאַמט זיינע ליידענשאפטען און אזוי זיך פערהארטעוועט, אז ער איז געוואָרען מעהר ווי ווער עס איז אויף דער וועלט אונאבהייננגיג פון דער אויסערליכער, מאַטעריעלער וועלט. דער מענש, וועלכער איז געווען אים שטאנד ביי געלעגענהייט אריבערצושטייגען אלעמען אין טרינקען, אזוי אז ווען אלע פלעגען שוין ליעגען טויט־שיכור, פלעגט ער נאָך זיין מיט א פרישען קאָפּ, ניכטער און רוהיג, דערזעלבער מענש, פלעגט געוועהנליך, טאָג איין טאָג אויס, זיך בעגנוגען מיט אזוי ווייניג עסען און טרינקען, אז מען פלעגט זיך וואונדערן, ווי קאָן ער אויסהאלטען.

אויך אין אנדערע הינזיכטען פלעגט ער ארויסרופען בעוואונדערונג ביי די מענשען. אין מיליטערישען לאגער נעבען דער שטאדט פאטידעא, וועלכע איז בעלאגערט געווארען פון די אטהענער, אין די ברענענדיגסטע פרעסט, ווען די סאָלדאטען פלעגען זעלטען ארויס פון די פּאלאטקעס ניט פערוויקעלט די פיס מיט פעלץ אדער שטרוי, דאן פלעגט סאָקראַטעס, וועלכער האָט צו יענער צייט אויך געדיענט אין מיליטער, ווי געוועהנליך, ארומגעהן איבער'ן שניי באָרפעס, אָנגעטאָן אין זיינע געוועהנליכע לייכטע קליידער. איבערהויפּט האָט סאָקראַטעס אין די יאָהרען פון זיין מיליטערישער דיענסט זיך אויסגעצייכענט דורך זיין טאפּפערקייט און מוטה.

סאָקרטעס האָט זיך פערהארטעוועט ניט נור געגען זיך אליין, געגען זיינע בעדירפניסע, ניט נור געגען די אויסערליכע וועלט

נור אויף געגען די מענשען. ער האָט ניט מורא געהאט פאר קיי־נעם און פאר קיין זאך ניט, אלעמען ארויסגעזאָגט דעם אמת. שטענדיג געטאָן, וואס זיין געוויסען האָט געהייסען און וואָס ער האָט געהאלטען פאר זיין פפליכט. ער האָט עס ארויסגעוויעזען גע־גען דעם אלמעכטיגען פאָלק, דאן ווען די דעמאָקראטיע איז גע־ווען אין גלאנץ און קיין איינציגער האָט ניט געהאט די הוצפה ארויסצוטרעטען אָפען געגען דיזען העכסטען געזעצגעבער, דעם אל־מעכטיגען פאָלק. ער האָט עס אויך בעוויעזען אביסעל שפעטער געגען די דרייסיג אלמעכטיגע בלוטדורשטיגע אטהענער טירא־נען, דאן ווען זיי האָבען פערכאפט די מאכט און געפיהרט זייער געוואלט־הערשאפט אין אטהען.

וועגען זיין מוט געגען פאָלק ווערט דערצעהלט פאָלגענדעס:

אין יאָהר 405 האָט די אטהענישע פלאָטע געוואונען ביי די ארגינוזישע אינזלען, צווישען לעסבאָס און קליין־אזיען, א גלענ־צענדען זיעג איבער דער ספּארטאנישער פלאָטע. די קאָמאנדירען פון די אטהענישע שיפען האָבען פערפעהלט צו ראטעווען די סאָל־דאטען פון עטליכע אייגענע שיפען, וואָס האָבען ביי דער שלאכט שטארק געליטען. זיי האָבען אויך ניט אויסגעפונען די קערפּערס פון די דערטרונקענע און זיי ניט מקבר געוועזען. דאָס האָט גע־מאכט א ביטערן איינדרוק אויפ'ן אטהענער פאָלק און האָט ארויס־גערופען א פּראָצעס געגען די אכט קאָמאנדירען פון דער פלאָטע. אין אָנפאנג האָט דער פאָלק רוהיג און געלאסען געלאָזט געהן דעם פּראָצעס. עס איז בעשלאָסען געווארען, אז די קלאגע זאָל אי־בערגעגעבען ווערען צום ראטה פון די 500, זיי זאָלען די זאך אויספיהרליכער אונטערזוכען. דערווײלע האָט זיך אָבער אונטער־געשטופּט א פאָלקס־יום־טוב ווען די עלטערן קלייבען זיך צוזאמען מיט אלע זייערע קינדער. דעם יום טוב האָבען בענוצט די פּאַ־טערס פון די דערטרונקענע סאָלדאטען כדי אויפצוהעצען דעם פאָלק געגען די קאָמאנדירען. זיי זיינען ארויס אויפ'ן פערזאמ־לונגס־פּלאץ, אלע אבגעגאָלט די קעפּ אלס צייכען פון טרויער און גענומען פאָדערן, דאָס פאָלק זאָל זיך נוקם זיין אָן די קאָמאנ־דירען.

אונטער דעם אנדרוק האָט זיך געעפענט די פערהאנדלונג פון דעם פּראָצעס אין ראטה. איינער, קאַליקסענעס, האָט געמאכט דעם פאָרשלאג, אז מען זאָל דעם פּראָצעס גלייך איבערגעבען צום פאָלק, וועלכעס זאָל בעשליסען: צו זיינען די קאָמאנדירען שולדיג אדער ניט? דאָס האָט בעדייט ארויסצוגעבען די קאָמאנדירען אין די הענד פון דעם אויפגעבראַכטען פאָלק אויף א זיכערען טויט. דער פאָרשלאג איז געווען געגען געזעץ, געגען דער קאָנסטיטוציאָן, אָבער די ליידענשאפטען זיינען געווען אזוי צו־היצט, אז ליינגער ווארטען האָט קיינער ניט געוואָלט. און פאר דעם פאָלקס שטורם האָבען אלע מיטגליעדער פון ראטה זיך דער־שראָקען, אלע האָבען עס שוין נאָכגעגעבען, נור איינער איז גע־בליעבען פעסט ווי א פעלז ביי דאָס זייניגע און דאָס איז געווען סאָקראטעס. מען האָט איהם געסטראשעט. דאָס פאָלק דרויסען האָט געבושעוועט. ער איז אבער געבליעבען פעסט. „איך וועל קיין זאך ניט טון געגען מיין געוויסען — האָט ער שטאָלץ געענטפערט — איך וועל בעסער אליין שטארבען איידער אונגערעכטערהייט פערגיסען פרעמד בלוט".

דער אמט פון א פאָלקס ריכטער איז געווען דער איינציגער, וועלכען סאָקראטעס האָט ווען עס איז אָנגענומען. פון אלע אי־בעריגע עמטער האָט ער זיך שטענדיג אבגעזאָגט. ער האָט ניט געוואָלט נעהמען קיין אנטייל אין פּאָליטישען לעבען פון לאנד. אין זיין פערטיידיגונגס־רעדע ערקלערט ער גאנץ אָפען, פארוואָס ער האָט זיך געהאלטען אזוי פון ווייטען. „צו דען מיינט איהר, — זאָגט ער — אז איך וואָלט געקאָנט אזוי פיעל יאָהרען דורכקומען מיט אייך, ווען איך וואָלט זיך געמישט אין עפענטליכע אנגעלע־גענהייטען און אלס עהרליכער מענש שטענדיג געהאָלפען דעם, וואָס האָט רעכט און אמת און גערעכטיגקייט געשטעלט העכער פאר אלץ? ניין, אטהענער, ניט איך און קיין אנדער מענש וואָלט זיך אויף אזא אופן ניט געקאָנט האלטען".

מען האָט עס איהם ניט איין מאָל פאָרגעוואָרפען. אין זיין פּראָצעס איז עס אויך דערמאָנט געווארען. מען האָט דערפון געצוי־גען די שליסע, אז ער איז א פיינד פון דער דעמאָקראטיע און א

פריינד פון דער הערשאפט פון ווענינגע (אליגארכיע). אבער ווען עס איז געקומען די צייט, אז די דעמאָקראטיע איז געפאלען און ווענינגע — 30 טיראנגען — האָבען אין זייערע הענד ארייגגענומען די מאכט, דאן האָבען זיי — די טיראנען אליין — גע־מוזט זיך איבערצייגען, אז אין סאָקראטעס'ען האָבען זיי א געפעהרליכען שונא, ניט קיין פריינד, כאָטש זייער הויפט־אָנ־פיהרער קריטיאס איז געוועזען זיין שילער.

דאָס האָט פאסירט אין צוויי יאָהר ארום נאָך דער געשיכטע מיט דעם פראָצעס פון די קאָמאנדירען. די 30 טיראנען האָבען דאן זיך געפונען אין העכסטען גלאנץ פון זייער מאכט. זיי האָבען גע־קאָשעט און געשניטען זייערע שונאים אָהן א ברעקעל רחמנות. און שונאים האָבען זיי געהאט א סך: אלע אנהייננגער פון דער דעמאָ־קראטיע זיינען טיעף אין הארצען געוועזען די בלוטיגסטע שונאים פון זיי און פון זייער געוואלט־הערשאפט. אָבער עס האָבען זיך געפונען גאנץ ווענינע, וואָס האָבען געהאט דעם מוטה עס כאָטש אויף א האָר ארויסצואווייזען, ווארום מוטה האָט מען געדארפט דערצו פיעל, יעדער סמן פון אונצופריעדענהייט האָט געשמעקט מיט'ן טויט.

סאָקראטעס האָט זיך אבער פאר זיי אויך וועניג וואָס דער־שראָקען. ער פלעגט עפענטליך קריטיקירען זייער געוואלט־הער־שאפט. זיי האָבען זיך פאר זיין צונג דערשראָקען און האָבען ארויס־געגעבען א בעפעהל, אז די פילאָזאָפען טאָרען מעהר ניט פיהרען זייערע געשפרעכען. סאָקראטעס האָט דעם בעפעהל ניט געפאָלגט. ער האָט ניט נור ווייטער פאָרטגעזעצט זיין טהעטיגקייט, ער האָט זאָגאר אָפען פערדאמט זייערע פערברעכענס. ער פערשטעהט ניט — האָט ער געזאָגט — ווי אזוי א פאסטוך, ביי וועמען די סטא־דע ווערט אלץ קלענער, וויל ניט מודה זיין, אז ער איז א שלעכ־טער פאסטוך. נאָך וועניגער איז צו פערשטעהן, ווי אזוי פיהרער פון א מלוכה, וואָס פערקלענערן די בעפעלקערונג, שעמען זיך ניט דערמיט און זיינען ניט מודה, אז זיי זנייען שלעכטע פיהרער.

מען האָט עס פער'מסר'ט פאר דעם הויפט טיראן, זיין גע־וועזענעם שילער קריטיאס. ער האָט איהם געשיקט רופען, נאָך

אמאָל אַנגעוויזען אויף דאָס געזעץ און בעפאָהלען צו האלטען מ"יל.

סאָקראטעס האָט גאנץ קאלטבלוטיג א פרעג געטאָן: צו ווע־לען איהם די טיראנען ערקלערען דאָס, וואָס איהם איז ניט קלאָר אין די געזעצען, כדי ער זאָל וויסען, ווי אָבצוהיטען זיי? „איך וויים ניט — האָט ער געזאָגט — צו פערבאָט דאָס געזעץ צו זאָגען דעם אמת, אדער צו רעדען ניט ריכטיג".

„אויב דו פערשטעהסט דאס ניט — האָט דער טיראן כא־ריקלעס מיט כעס געענטפערט — דאן זאָגען מיר דיר, אז דו זאָלסט גאָר ניט רעדען, איבערהויפט ניט מיט די יונגע לייט".

'ווי באלד אז אזוי — האָט סאָקראטעס געלאסען געענטפערט — טאָ זאָגט מיר ביז'ן וויפיעלטען יאָהר רעכענען זיי זיך פאר יונגע לייט?"

„אזוי לאנג ווי זיי קאָנען ניט ווערען קיין מיטגליעדער פון ראטה — האָט כאריקלעס געענטפערט נאָך בייזער — דאָס הייסט, ביז זיי זיינען אלט 30 יאָהר, ווארום מען רעכענט, אז ביז דאן האָבען זיי נאָך ניט גענוג שכל".

„און ווען איך קויף עפעס וואָס ביי א יונגען מאן, צו מעג איך איהם פרעגען וויפיעל ער בעט פאר די זאך?"

„אָה, יא, דאָס מעגסט דו — האָט כאריקלעס געענטפערט. — אָבער, סאָקראטעס, דו פרעגסט אזוינע פראגען וואָס דו ווייסט גאנץ גוט אליין".

„נו, הייסט עס, אז אויב א יונגער מאן פרעגט מיך, וואו וואָהנט כאריקלעס, אָדער וואו איז איצט קריטיאס, דארף איך אויך ענטפערן?"

קריטיאס האָט פערשטאנען, אז סאָקראטעס פערשלעפט זיי שוין אין א געשפרעך פון וועלכען זיי וועלען זיך ניט קאָנען אויס־פלאָנטערן און האָט זיך אויך אריינגעמישט אין געשפרעך.

„אָבער סאָקראטעס — האָט ער געזאָגט — דו מוזט שוין לאָזען אָהן א זייט דיינע שוסטערס און סטאָלערס און שמיעדען. דו האָסט זיי דאָך שוין גענוג אויסגענוצט. דו רעדסט דאָך אזוי אָפט וועגען זיי".

„דאָס הייסט אַלזאָ, אז איך דאַרף ניט דערמאָנען אויף וועגען די זאכען וואָס קומען אין מיינע געשפּרעכען נאָך די שוסטערס, סטאָלערס א. ז. וו. דאָס הייסט איך דאַרף ניט דערמאָנען וועגען גערעכטיגקייט, פרומקייט א. ד. גל. ?"

יא, געוויס. איך שווער ביי צעוס (ביי גאָט) — האָט כאַריקלעס געענטפערט — און בעזונדערס זאָלסט דו פערגעסען וועגען די פאסטוכער. אויב ניט, טאָ געדיינק, אז די רינדער קענען ווערען וועניגער".

דאָס איז געווען, ווי מען רופט עס, א קאפּולער אָנצוהערעניס, אז פאר זיינע רייד וועט זיין א קורצער פּראָצעס: אראָבנעהמען דעם קאָפּ.

די טיראַנען האָבען אָבער געהאט א גרויסען טעות, אויב זיי האָבען געמיינט דערמיט אָבצושרעקען סאָקראַטעס'ען. אין א קורצער צייט ארום האָבען זיי זיך געמוזט איבערצייגען, ווי וועניג מאכט זיי האָבען איבער סאָקראַטעס'ען. זיי האָבען איהם און נאָך פיער אנדערע בעוואוסטע בירגער געשיקט אראָפּברייגגען פון אינזעל סאַלאַמיס איינעם אַנטלאָפענעם דעמאָקראַט לעאָן. דאָס איז געווען איינער פון זייערע געוועהנליכע טריקס. אויב יענע פלעגען פאָלגען, דאן פלעגען זיי שוין גע'פסל'ט ווערען פאר די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און פלעגען דורך דעם ניט ווילענדיג זיך מוזען האַלטען אָן זיי, די טיראַנען. אויב יענע פלעגען ניט פאָלגען, דאן זיינען זיי דאָך געוואָרען „בונטאָוושציקעס" און עס איז געווען א כשר'ע אורזאכע פון זיי פּטור צו ווערען.

די פיער בכבוד'יגע בירגער האָבען טאַקע ניט געהאט דעם מוטה זיך צו ענטזאָגען פון די שליחות. סאָקראַטעס איז אָבער רוהיג געבליעבען זיצען אין דער היים און געוואַרט אויף זיין פּסק. צו זיין גליק איז זייער מאכט אין א קורצער צייט ארום געוואָרען געבראָכען און ער איז נצול געוואָרען.

* * *

די מערקווירדיגסטע מעלה פון סאָקראַטעס'ען איז געווען דאָס, וואָס ער פלעגט אבטון די גערסטע העלדענטהאַטען מיט דערזעלבער רוה, מיט דערזעלבער איינפאכקייט, ווי די איינפאכסטע, אַל־

טעגליכע פּאַסירונג. דער געשפּרעך מיט די מעכטיגע טיראַנען און־טערשיידעט זיך צום ביישפּיעל ניט אויף א האָר פון זיינע געוועהנ־ליכע געשפּרעכען מיט די שוסטערס, סטאָלערס, שמידען וועל־כע דער טיראַן האָט איהם אויפגעוואַרפען.

זיינע פּרינציפּען זיינען געווען פאַר איהם אַזוי קלאָר, די פּפליכטען אזוי הייליג, זיין מאַכט איבער זיך אזוי גרויס, זיין ווילען אזוי שטאַרק, זיינע געפיהלען אזוי דיסציפּלינירט, אז ער האָט ניט געדאַרפט פיעל טראַכטען און זיך איבערלעגען ווי צו האַנדלען אין געוויסע פעלע.

און אָט די אלע מערקווירדיגע מעלות: זיין פעסטקייט, זיין מוטה, זיין געדולד, זיין פערהאַרטעווען זיך זיינען געווען פאַר איהם פון גרעסטען נוצען אויך אין זיין פאַמיליענלעבען.

סאָקראַטעס׳עס פאַמיליענלעבען האָט א שם אין דער היס־טאָריע. עס זיינען דאָ א סך מענשען, וועלכע ווייסען פון סאָק־ראַטעס׳ען נאָר אזויפיעל, אז ער האָט געהאַט א ווייב, א מרשעת. דער נאָמען פון דער היסטאָרישער מרשעת איז, ווי בעוואוסט, קסאַנטיפּע.

2200 יאָהר איז קסאַנטיפּע געווען פערשריעבען אין דער היסטאָריע אלס א מרשעת, אָבער עס זיינען געקומען די נייעסטע פּאָרשער און האָבען אויסגעפונען, אז דער היסטאָרישער פסק איז ניט געוועזען קיין גערעכטער.

קסאַנטיפּע איז ניט געווען קיין שלעכטע פרוי. זי איז ניט געווען קיין שלעכטע בעל־הביתטע, ניט קיין שלעכטע מוטער. פער־קעהרט זי איז געווען זעהר צוגעבונדען און איבערגעגעבען צום הויז. דאָס גאַנצע לעבען האָט זי אוועקגעגעבען פאַר די פאַמיליע און פאַר די בעל־הביתישקייט. דאָס גאַנצע לעבען האָט זי אָבער געמוזט קעמפּפען מיט נויט און דחקות.

אין זיין געשפּרעך מיט זיין עלטעסטען זוהן לאַמפּראָקלעס, גיט סאָקראַטעס איהר אַרויס דעם אַטעסטאַט. ער זאָגט: „די מוטער איז דער מענש, וואָס ליעבט דיך מעהר פאַר אלעמען" און „וואָס זי זאָגט, מיינט זי ניט קיין בייז. ווען דו ווערסט קראַנק, זאָרגט זי פאַר דיר און לעגט אוועק אלע איהרע כחות, אז דו

זאָלסט צוריק געזונד ווערען און אז קיין זאך זאָל דיר גיט בעהלען".

קסאנטיפּע איז ניט געווען אזוי שלעכט, ווי דער קלאנג איז וועגען איהר, אָבער קיין גליקליך, אנגענעהם פאמיליענלעבען האָט סאָקראטעס ניט פערבראכט.

קסאנטיפּע האָט געהאט צוויי חסרונות, וועלכע האָבען ארי־בערגעוואויגען אלע איהרע מעלות און וועלכע האָבען געמאכט דאָס לעבען מיט איהר, בעזונדערס נאָך פאר אזא איידעלע פּערזאָן ווי סאָקראטעס, פאר א קוואל פון יסורים. זי איז געווען ערשטענס זעהר א פּראָסטע און זאָגאר גראָבע פּערזאָן, און זי איז געווען צווייטענס א בעל־כעס'ין, א מענש וואָס האָט זיך ניט געקאָנט קאָנטראָלירען אויף א האָר. ווען זי פלעגט זיך צוקאָכען, פלעגט איהר גראָבקייט זיך ארויסווייזען אין אזא אבשטויסענדער גע־שטאַלט, אז קיין אנדער מענש אויסער סאָקראטעס אליין — פלעגט זי ניט קאָנען אריבערטראָגען.

„זי זאָגט אריין אזוינע ווערטער — בעקלאָגט זיך זייער על־טעסטער זוהן — אז עס וואָלט זיך וועלען דאָס גאנצע לעבען אוועקגעבען, נור ניט הערען אזוינע רייד".

אזוינע שרעקליכע ווערטער פלעגט זי אריינזאָגען ניט נור דעם זוהן, זאָנדערן אויך סאָקראטעס'ען אליין. יא, זי פלעגט אויך זיינע געסט און שילער נישט שאנעווען. קללות און חרמות אליין זיינען איבריגענס ניט געווען איהר איינציגע וואפע. ווען זי פלעגט זיך צולאָזען, דאן פלעגט טרעפען, אז זי פלעגט געברוי־כען די הענד אויך.

איין מאָל — ווערט דערצעהלט — קסאנטיפּע זיך אזוי שטארק צוקאָכט, אז זי האָט נאָך א לאנגען דונער פון קללות און זלזולים, אין דער געגענוואַרט פון זיינע פריינד, סאָקראטעס'ען אָבגעגאָסען מיט וואסער.

סאָקראטעס איז אָבער אויך דערביי געבליעבען געלאסען און זאָגאר ניט פערלאָרען זיין געוועהנליכע איראָניע: „ווייסט איהר דען ניט — האָט ער זיך געווענדעט צו זיינע פריינד, — אז ביי קסאנטיפּען קומט נאָך א שטורם ווינד א רעגען?"

סאָקראטעס טראגט אָבער אויך א געוויסע שולד פאר זיין טרויעריג פאמיליענלעבען. ווי איבערגעבען קסאנטיפע איז געווען צום הויז, אזוי ווייניג האָט ער זיך געזאָרגט וועגען הויז. זייענדיג אין גאנצען מיט לייב און לעבען פערנומען מיט זיין עפענטליכער טהעטיגקייט אלס פאָלקס לעהרער, האָט סאָקראטעס גאָר ניט געטראכט וועגען דעם, אז אזא קבצן ווי ער דארף עפּעס זאָרגען פאר זיין פאמיליע, אז ניט וועט אין שטוב קיין ברויט ניט זיין. און קיין ברויט פלעגט אָפט טאקע ניט זיין. קסאנטיפע האָט געקארגט, גע׳חשבונ׳ט, געזוכט צו פערשטאָפּען ווי עס איז די לעכער. עס האָט אָבער אלץ געפעהלט.

אין זיין פערטהיידיגונגס־רעדע גיט עס סאָקראטעס אליין צו: „איך בין ארים — זאָגט ער — איך האָב דריי זיהן, פון וועלכע צוויי זיינען נאָך קליין און איך האָב די גאנצע צייט פאר די פאַמיליע ניט געזאָרגט“. אָבער חאָטש ער האָט עס געוואוסט און פערשטאנען, האָט ער דעם גאנצען לעבען ניט געפּרובירט עפּעס וואָס טון דאפיר.

מען דארף אריינגעהן אין די נשמה פון דער פּראָסטער, גראָבער, איבערגעבענער מוטער און בעל־הבית׳שטע. זיינע אידעאלע שטרעבונגען האָט זי ניט פערשטאנען. פון דעם כבוד, וואָס ער האָט געהאט, האָט זי ווייניג וואָס מיטגענאָסען. זי האָט אבער געוואוסט, אז ער האָט רייכע פריינד און שילער, וועלכע בעטען זיך ביי איהם, ער זאָל ערלויבען איהם מאכען מתנות. ער אָבער זאָגט זיך אָב. און אין איהרע אויגען איז ער אויסגעקומען ווי איין אכזר, וואָס האָט ניט קיין ברעקעל געפיהל, ניט צו איהר, ניט צו די קינדער. דערצו דארף מען ניט פערגעסען, אז ווען סאָקראטעס האָט חתונה געהאט, איז ער שוין קיין יונגער מאן ניט געווען. ער איז געווען איבער 40 יאָהר. קיין פארשוין איז ער קיין מאָל ניט געווען און אין די עלטערע יאָהרען געוויס ניט. די גאנצע צייט פלעגט ער פערברייגגען אויסערן הויז, אזוי אז זיי זיינען געווען פרעמד איינע צו די אנדערע.

אָט אויף אזא אופן ווערט געפיהרט פון די נייסטע פאָרשער קסאנטיפע׳ס פערטהיידיגונג. דער היוצא לנו מדברנו איז:

אין דעם פראָצעס צווישען סאָקראטעס'ען און זיין פרוי זיינען די „אחרונים" שטארק דאפיר, אז מען זאָל פון קסאנטיפּען אראָב־נעהמען א גרויסען טייל פון דער שולד, וועלכע עס ליעגט אויף איהר שוין אזויפיעל הונדערטע יאָהרען.

אָבער אזוי צו אזוי, זיכער איז, אז קיין פּאסענדער שדוך איז קסאנטיפּע פאר סאָקראטעס'ען ניט געווען. און ווי באלד אז אזוי, פרעגט זיך דאָך די קשיה: ווי קומט דער קלוגער, דער פאָר־זיכטיגער סאָקראטעס צו אזא וויכטיגען פאלשען טריט אין לעבען?

איין ערקלערונג אויף דעם דארף מען זוכען אין די פּרינצי־פּיעלע מיינונגען פון סאָקראטעס'ען וועגען הייראט און פרויען. ביי סאָקראטעס'ען איז אויך דער שדוך ווי יעדע אנדערע האנד־לונג געווען א פּרינציפּיעלע זאך.

סאָקראטעס האָט אפילו געשטעלט די פרוי גאנץ הויך און איז אין דער הינזיכט געווען זעהר ראדיקאל פאר זיין צייט. ער האלט אפילו, אז די פרוי ווערט געבאָרען פון דער נאטור מיט די זעלבע מאָראלישע און גייסטיגע פעהיגקייטען ווי דער מאן. ער מאכט אויך פאָרווירפע די מענער, פאר וואָס זיי קימערן זיך ניט וועגען די בילדונג פון זייערע פרויען. ער געפינט, אז א טיכטיגע הויז־פרוי איז ניט ווענינגער וויכטיג און נוצליך פאר די פאמיליע ווי א טיכטיגער מאן. דאָך ניט קוקענדיג אויף דאָס אלץ, האָט סאָקראטעס קיין הויכע מיינונג וועגען חתונה האָבען ניט געהאט. דער צוועק פון חתונה איז פאר איהם נור — האָבען קינדער.

„עס איז דאָך קלאָר — זאָגט ער צו זיין זוהן — פון וועלכער פרוי מיר קענען האָבען די געזינדעסטע, קרעפטיגסטע קינדער, מיט איהר פערבינדען מיר זיך". און אזוי ווי סאָקראטעס האָט אין דער פרוי געזוכט נור א געזונדע, שטארקע נקבה, און דאָס האָט ער געפונען אין קסאנטיפּע'ן, דערפאר איז ער געשלאָגען געוואָ־רען מיט איין אונפּאסענדען שדוך און מיט א טרויעריגען פאַ־מיליען־לעבען, וואָס האָט נעהאט פאר איהם נור איין וויכטיגע בעדייטונג; עס איז געווען פאר איהם א שול צו לערנען געדולד, געדולד אָהן א שעור.

מען דערציעהלט, אז סאָקראַטעס האָט געהאט נאָך א פרוי. מירטאנא האָט זי געהייסען. זי האָט געשטאמט פון דער גאנץ הויכער אטהענישער אריסטאָקראטיע. זי איז געווען א טאָכטער, אָדער איין אייניקעל פון אטהענישען פאָלקס פיהרער אריסטיד. מעהר ווי דאָס ווייס מען ניט פון דעם שרוך. מען ווייס אפילו ניט, צו האָט ער מיט איהר חתונה געהאט פו'יהער איידער מיט קסאנטיפע, אָדער שפעטער. עס געפינען זיך זאָגאר אזוינע, וואָס זאָ־גען, אז ער האָט צו דערזעלבער צייט געלעבט מיט ביידע פרויען. אין דער היסטאָריע איז יעדענפאלס פערבליעבען אונשטערבליך די איינע, קסאנטיפע.

סאָקראַטעס האָט געפיהלט, אז פערלאָזענדיג די פאמיליע, ווי מען זאָגט — אויף גאָטס באראט, טוט ער אין געוויסען זין איין אונרעכט און עס האָט איהם אויך געקריינקט. „עס איז דאָך ניט קיין מענשליכער שטייגער, וואָס איך האָב שוין אזויפיעל יאָה־רען פערלאָזען אלע מיינע אנגעלעגענהייטען. ניט קיין לייכטע זאך איז דאָך פאר מיר געווען אזויפיעל יאָהר אריבערצוטראָגען, צוזעהענדיג ווי מיין הויז איי אזוי פערלאָזען". 'איך שטאם דאָך אויך ניט — זאָגט ער מיר האָמערר ייערטער — פון א צעדער בוים און ניט פון קיין פעלז, נור פון מענשען און דערפאר האָב איך אויך קרובים און זאָגאר דריי זיהן".

סאָקראַטעס האָט מיט הארצוועהטאָג פערלאָזען דאָס הויז און די קינדער. ער האָט עס אָבער געטאָן מיט דערזעלבער ענטשלאָ־סענהייט און צוליעב דערזעלבער אורזאכע, צוליעב וועלכער ער האָט שפעטער מיט אזא וואונדערבארער העלדישקייט, מקבל־באהבה געווען דעם טויט.

זיין פעסטע איבערציינגונג איז געווען, אז „צו עפעס העכערעס בין איך געבאָרען". ער האָט געוואוסט, אז ער האָט וואָס צו זאָגען די מענשען, אז ער דארף זיי לערנען, אויפקלערען, מאַ־כען בעסער, מאָראלישער, פערנינפטיגער.

און די פעסטע איבערציינגונג האָט צוגעגעבען אזא וואונ־דערליכען הן צו דער אויסערליך העסליכער פיגור. דאָס האָט אין

איהם איינגעפלאנצט דעם וואונדערבארען העלדענמוט צו לעבען ווי א היילינגער און צו שטארבען ווי א מארטירער.

איצט, ווען מיר קענען שוין אונזער העלד, זאלען מיר זיך אביסעלע נעהענטער צוקוקען צו זיינע לעהרען און זעהען, וואס ער האט געהאט צו זאגען דער וועלט.

* * *

# דריטער קאַפּיטעל.

## סאָקראַט דער פילאָזאָף.

די גמרא דערצעהלט, אז צו הלל הזקן איז געקועמן א גע־צענדריענער און געבעטען, אז ער זאָל איהם אויסלערנען די גאַנ־צע תורה אויף איין פוס. הלל האָט זיך ניט פערלאָרען, ניט אין כעס געוואָרען, ניט ארויסגעטריעבען איהם מיט צאָרן, נור אויס־געלערנט איהם די גאנצע תורה אויף איין פוס. ער האָט געזאָגט: „וואָס דו האָסט אליין פיינד, זאָלסטו אויף דעם אנדערן ניט טון"...

אין איין קורצען זאץ האָט הלל אלזאָ אויסגעדריקט דעם תמצית פון דער תורה. אין איין קליינעם זאץ דריקען די קריסטען אויף אויס דעם תוך פון זייער מאָראל („דו זאָלסט האָלט האָבען דעם נאָהענטען ווי זיך אליין"). אין איין וואָרט ווערט אויסגע־דריקט דער עיקר פון דער בודהיסטישער רעליגיאָנס און מאָראל לעהרי („נירוואנא" — דער תהום פון ניט־עקזיסטענץ. אין וועל־כען עס ווערט פערזונקען אלץ וואָס עקזיסטירט, די העכסטע גליק־זעליגקייט דורך דאָס אויפהערען פון דעם עקזיסטענץ־בע־וואוסטזיין).

אין איין קליינעם זאץ קאָן מען אויסדריקען אויך דעם תוך פון סאָקראטעס'עס גאנצער פילאָזאָפיע. דער זאץ הייסט: „קיין מענש טוט ניט קיין שלעכטס מיט'ן גוטען ווילען". ווען מען זעהט א מענש טוט שלעכטס אָדער בעגעהט א פערברעכען, דארף מען די אורזאכע דערפון זוכען ניט אין הארצען, ניט אין זיין שלעכטען ווילען, נור אין זיין קאָפּ: אין זיין אונוויסענהייט, אָדער אין זיין אונגעבילדעטקייט.

דער קאָפּ, דאָס איז דער מאיאק, דער לייכטטורעם פון די מענ־שען. מיט א קלאָרען קאָפּ און ליכטיגען מארך וועט דיער מענש שטענדיג געפינען דעם ריכטיגען גוטען וועג.

מיט אנדערע ווערטער הייסט עס: ווען א מענש ווייס און פערשטעהט נור, וואס גוט איז, דאן איז שוין זיכער, אז ער וועט אויך טון, וואס גוט איז. און ווי באלד אז אזוי, איז דאך קלאר, וואס מען דארף טון, כדי צו מאכען די מענשען גוט: מען דארף זיי אויפקלערען, לערנען; מען דארף אנצינדען דאס פייער פון וויסען און דיינקען אין מאיאק — אין קאפ. די וויכטיגסטע, די הייליגסטע אויפגאבע און ציעל פאר דער מענשהייט איז צו ענט־וויקלען דעם שכל.

מאכען מענשען פערשטענדליך, קלוג, פערנינפטיג, אויפגע־קלערט, וויסענד, הייסט זיי שוין מאכען גוט, מאראליש. אויפקלע־רונג, וויסען, דאס איז שוין די טוגענד, מאראל. וויסען און טו־גענד הייסגען צוזאמען, זיינען איינע און דאסזעלבע.

עס קאן ניט זיין מאראליש דער, וואס גיט זיך ניט אפ קיין דין־וחשבון איבער זיינע האנדלונגען. ווארום ווען איין אונוויסענ־דער מענש טוט אפילו אב א גוטע זאך, האט עס אויך קיין ממשות ניט: אזוי ווי ער ווייס ניט, וואס גוט איז און וואס שלעכט, קאן ער ביי דער ערשטער געלעגענהייט אבטון גערארדע קאפויר.

און נאך מעהר קאן ניט זיין מאראליש דער, וואס ווייס יא, וואס גוט איז און וואס שלעכט. ווארום גוט איז דאס, וואס איז נוצליך און אזוי ווי יעדער מענש ווינשט זיך אליין דאס בעסטע, דערפאר מוז ער עס טון, ווען ער ווייס נור און פערשטעהט אין וואס דאס גוטע בעשטעהט. דער מענשליכער שכל מוז זיין דער בעל־הבית איבערן מענשען. די געפיהלען, די ליידענשאפטען זיי־נען די דיענסטען, וואס מוזען געהארכען זייער בעל־הבית, דעם מארך. דער טרייבענדער גערדאנק און דאס לעבענסציעל פאר יע־דעם איינצעלנען מענשען און פאר די גאנצע געזעלשאפט איז די הערשאפט פון שכל. (נאאקראטיא).

* * *

די פילאזאפיע איז איינע פון די פארמען, אין וועלכע עס ווערט אויסגעדריקט די מענשליכע קולטור. ווי יעדער אנדערער אויסדרוק פון דער קולטור איז אויך יעדעס פילאזאפישע סיסטעם

מיט פעסטע פעדים צוגעבונדען צו איהרעפאָרגענגער, און צו די ארומיגע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אומשטענדען.

אזא אויפקלערונגס פילאָזאָפיע ווי סאָקראטעס'עס סיסטעם האָט געקאָנט געבאָרען ווערען נור אין איין אויפקלערונגס צייט, אין א צייט, ווען די מענשען האָבען זיך שוין בעפרייט פון די אלטע אבערגלויבענס; אין א צייט ווען דער מענשליכער שכל האָט מיט חוצפה זיך געקאָנט שטעלען געגען אלע אויטאָריטעטען, רע־ליגיעזע, מאָראלע און פאָליטישע, און אראָפּוואַרפען זייערע אלטע פעררעָסטע קייטען. און אזא אויפקלערונגס־צייט איז מעגליך נור דאן, ווען אין דעם עקאָנאָמישען און סאָציאלען פונ־דאמענט פון דער געזעלשאפט איז אריינגעטראָטען א גרויסע ענ־דערונג און א וויכטיגער פאָרטשריט.

דעם צושטאנד אין דעם עקאָנמישען, סאָציאלען און פאָ־ליטישען לעבען פון אטהען אין סאָקראטעס'עס צייטען האָבען מיר שוין געשילדערט אין אונזער ערשטען קאפיטעל. עס בלייבט אונז נור נאָך איבעריג צו ווארפען א בליק אויף דעם צושטאנד פון דער פילאָזאָפיע פאר איהם. ערשט דאן וועלען מיר קאָנען האָבען א ריכטיגען בעגריף וועגען סאָקראטעס'עס סיסטעם. ערשט דאן, וועלען מיר קאָנען ארויסהעבען די וויכטיגסטע פונקטען, וועלכע זיינען כאראקטעריסטיש פאר סאָקראטעס'עס לעהרען און ערשט דאן וועלען מיר קאָנען פערשטעהן סאָקראטעס'עס היסטאָרישען פערדיענסט.

סאָקראטעס איז ניט געווען דער ערשטער, אויך ניט דער ראדיקאלסטער און שארפסטער אָברייניגער און צושטערער פון אלע אלטע בעגריפען און איבערצייגונגען. פערקעהרט, סאָקראַ־טעס מיט זיין שטארקען גלויבען אין די געטער און אין השגחה פרטית, מיט זיין אכטונג און פעסטהאלטונג אָן די געזעצען, איז נאָר ניט געווען דער פאסענדער מאן פאר די ראָלע פון א צושטערער.

סאָקראטעס'עס פלאמענדער גלויבען אין מענשליכען שכל איז געווען געגרינדעט אויף א פאזיטיווען פונדאמענט און האָט גע־פיהרט צו דער אויפבויאונג פון א נייעם געביידע פון מענשליכער מאָראל. אזא סאָרט ארבייט איז געווען מעגליך ערשט נאָך דעם

זוי די ראדיקאלען האָבען צושטערט די אלטע חורבות. אָט די היס־טאָרישע אויפגאבע פון אברייניגער און צושטערער האָבען אַ קורצע צייט פאר סאָקראטעס'ען אָבגעשפיעלט די סאָפיסטען.

איידער די סאָפיסטען זיינען געקומען, האָט די אלטע פילאָ־זאָפיע זיך בעשעפטיגט הויפטזעכליך מיט די פראגען: פון וואַ־נען און ווי אזוי איז בעשאפען געוואָרען די וועלט? ווי אזוי פיהרט זיך די וועלט? פון וואָס בעשטעהט דער תוך פון אלע זאכען א. ז. וו. זי איז געוועזען נאטורפילאָזאָפיע: די פילאָזאָפיע איבער הימעל און ערד, איבער די כחות פון דער נאטור און וואָס איבער דער נאטור א. ז. וו. אָבער דער צושטאנד פון די דאמאָלסדיגע נאטורוויסענשאפטען איז בכלל געווען זעהר א ניעדעריגער און נאָך וויניגער האָט די פילאָזאָפיע געקאָנט וויסען איבער דעם אָנהעב פון אלע אָנהעבען. די ווידערשפרעכונגען צווי־שען די פילאָזאָפען איז געווען צו גרויס, די נאטורפילאָזאָפיע האָט דערזעהן פאר זיך א וואנד, וועלכע זי האָט ניט געקאָנט ניט דורכ־האקען, ניט אריבער. זי איז געווען באנקראָט שוין דורך דעם, וואָס זי האָט ניט געקאָנט געהן ווייטער. זי איז געווארען דאָפעלט באנקראָט, ווען די נייע צושטענדע אין די גריעכישע שטעדט־רע־פובליקען האָבען ארויסגערופען נייע אינטערעסען, נייע שטרע־בונגען, נייע בעדירפניסע און א ברייטרען גייסטיגען געזיכטס־קרייז, ווען די פערשיעדענע שטאדט־רעפובליקען זיינען אריין אין איינגערע בעציהונגען און אין קאמפף מיט די אנדערע צוליעב קאָלאָנ־ען, מסחור, פאָליטישען איינפלוס און מאכט.

די פראגען וועגען דעם זין און דער בעדייטונג פון דער וועלט־אָרדנונג זיינען פערשטופט געוואָרען צוליעב די פראגען וועגען דעם זין און בעדייטונג פון דער מענשליכער אָרדנונג, פון דער מענשליכער געזעלשאפט, שטאאט, רעכט, געזעץ און מאָראל. אויף די אלע נייע פראגען האָבען די סאָפיסטען געגעבען נייע, שארפע, ראדיקאלע תשובות. צוזעהענדיג דעם באנקראָט פון דער אלטער נאטורפילאָזאָפיע, האָבען זיי אין גאנצען זיך מיאש גע־ווען אין דער מעגליכקייט פון אזא פילאָזאָפיע. ניט וויסענדיג, ווי צו ערקלערען די נאטור, האָבען זיי געגומען[?] ...

עקזיסטענץ. דער סאָפיסט געאָרגיאס זאָגט: „קיין זאך עקזיסטירט ניט. ווען עס וואָלט אפילו יא עקזיסטירט עפּעס, וואָלטען מיר עס ניט געקאָנט ערקענען און ווען מיר וואָלטען שוין אפילו יא עס ערקאָנט, וואָלטען מיר ניט געקאָנט מיטטיילען דעם אנדערן, וואָס מיר ערקענען".

אנשטאָט דער נאטור קרוינט מען דעם מענשען פאר דעם הערשער איבער אלץ. דער צווייטער גרויסער סאָפיסט פּראטאָגאראס זאָגט: „דער מענש איז דאָס מאָס פון אלע זאכען". דער מענש, דער איינצעלנער, ער איז דער האאר און זיינע אינטערעסען זיינען דאָס העכסטע געזעץ. ניטאָ קיין אלגעמיינע וואהרהייטען, ניטאָ אויך קיין אלגעמיינע געזעצען. דאָס נאטירליכע רעכט איז דאָס רעכט פון שטארקערען. די געזעצען זיינען געשאפען געוואָרען פון די שטארקע, פאר די שטארקע, כדי צו קענען האלטען די שוואכע אין צאם. אויך דער גלויבען אין די געטער שטאמט פון מענשען, אדער — ווי קריטיאס זאָגט — דער גלויבען אין די געטער איז אויסגעטראכט געוואָרען פון פּאָליטיקער, כדי אבצושרעקען די מענשען פון פערברעכענס.

די צייט האָט געפאָדערט וואָס מעהר פּראקטישע קענטניסע, גוטע רעדנער, טיכטיגע מענשען און די סאָפיסטען האָבען עס אלץ געלערנט פאר גוט געלד.

די סאָפיסטען זיינען געווען גוטע צושטערער און ארונטעררייסער. זיי האָבען דורך זייער בייסענדען, פערניכטענדען צווייפעל צושטערט די טהעאָרעטישע פילאָזאָפיע, דעם אלטען גלויבען אין די געטער, די הייליגקייט פון די היסטאָרישע טראדיציאָנען, די אכטונג צו די געזעצען.

זיי זיינען אבער געווען זעהר שלעכטע ארכיטעקטען. אויף דעם אָרט פון די אלע ארונטערגעריסענע פּאלאצען האָבען זיי ניט געהאט וואָס אויפצובויען. מעהר ווי קליינע הייזקאלאך פון נור פּערזענליכע, עגאָאיסטישע אינטערעסען זיינען זיי ניט געווען בכח אויפצובויען. דער איינצעלנער מענש איז געווארען דער מיטעלפונקט פון דער וועלט און אויך דעם איינצעלנעם מענשען האָבען

זיי אוועקגעגעבען אין די מאכט פון זיינע לײדענשאַפטען און געפיהלען.

סאָקראַטעס איז ארויסגעטראָטען אלס יורש פון דער סאָפיס־טישער אויפקלערונג, אָבער צו דערזעלבער צייט אלס דער ביטערס־טער געגנער פון דער סאָפיסטישער מאָראל. נור אין דער דאָזיגער דאָפעלטער ראָלע קאָן סאָקראַטעס ערקלערט און ריכטיג פערשטאַ־נען ווערען.

בירושה האָט ער פון די סאָפיסטען אריבערגענומען דאָס, וואָס די גאנצע פילאָזאָפיע איז פאר איהם געווען א פּראקטישע, מענשליכע פילאָזאָפיע, ניט קיין נאטור פילאָזאָפיע. ער רעדט זאָגאר מיט א געוויסען סאָרט פעראכטונג וועגען די אלטע פילאָזאָ־פישע סיסטעמען. אויך פאר איהם איז דער מענש דאָס מאָס פון אלע זאכען.

אָבער ער איז דער שארפסטער געגנער פון די סאָפיסטען דאן, ווען זיי האָבען געמאכט א געשעפט פון דער פילאָזאָפיע. האנדלען מיט דער תורה איז נאָך זיין מיינונג די גרעסטע שאנדע. מיט שטאָלץ זאָגט ער צו זיינע ריכטער: „מיין ארמקייט איז מיין בעסטער פערטיידיגער".

ער איז זייער שארפסטער געגנער ווייל זיי האָבען געבויט די גאנצע מאָראל אויף דעם איינצעלנען. אויף אזא פונדאמענט איז איבערהויפּט געווען אונמעגליך צו בויען א וויסענשאפטליכע גע־ביידע. סאָקראַטעס האָט דאָס מענשליכע מאָס אויסגעצויגען פיעל ווייטער. דער מענש איז פאר איהם דער טיפּישער מענש, דאָס מענשליכע געשלעכט, דער מענש און זיין צוזאמענלעבען מיט אנדערע מענשען.

געפיהלען, לײדענשאַפטען זיינען די רעדעל־פיהרער ביי ד סאָפיסטען. דער שכל, דער קאלטער, קלאָרער חשבון — ביי סאָקראַ־טעס׳ען. קיין אלגעמיינע געזעצען, קיין אלגעמיין־גילטיגע נאָרמען דאָרט. אלגעמיינעס וויסען, אלגעמיינע געזעצען און נאָרמען — ביי סאָקראַטעס׳ען. די וועלט פון צושטערונג דאָרט, די וועלט פון פּאזיטיווער ארבייט דאָ.

סאָקראַטעס האָט ניט נור אויסגעשפּרייט דאָס מענשליכע

מאָס פון אלע זאכען אויף די אלגעמיינע מענשהייט. ער האָט די אונטערזוכונג אויך פערטיעפט און האָט אין מענשליכען „איך“ ארייננגעהויכט דעם פעראיידעלענדען און בעציערענדען גייסט פון אידעאליזמוס און פון פערפאָלקאָמונג. דער בעריהמטער שפרוך: „דערקען דיך אליין“, וועלכער איז געווען אויפגעשריעבען אי־בער דעם ארייננגאנג אין טעמפעל פון דעם גאָט אפאללא אין דעלפי, האָט געהייסען ביי איהם צו דערזעלבער צייט אויך: מאך דיך אליין בעסער, ריינער, פאָלקאָמענער.

„דערקען דיך אליין“ האָט געהייסען צו דערזעלבער צייט דערקען די וועלט ארום דיר, האלט אָפען די אויגען צו פערשטעהן אלץ וואָס עס טוט זיך ארום דיר.

„ערקענען, וויסען, פערשטעהן“. אָבער ווי קומט מען דער־צו? וואו נעהמט מען די געוויסהייט, אז דאָס וואָס איך וויים איז ריכטיג און ניט פאלש?

„אין וויסען ליעגט די העכסטע טוגענד“. אָבער ווי קומט מען צו אזא סאָרט וויסען?

דער ערשטער טריט, וועלכען סאָקראטעס האָט געמוזט מאַ־כען, נעהמענדיג זיך אויפצובויען זיין פערנונפט־פילאָזאָפיע האָט געמוזט בעשטעהן אין דעם וועג, אין דער מ ע ט ה אָ ד ע, ווי אזוי צו קומען צו דער וויסענשאפט, ווי אזוי צו קענען אבזונדערן דאָס ריינע קערנדל אמת פון די פיעל פסולת, די טעותן.

און עס איז זיכער ניט דער קלענסטער פערדיענסט פון סאָק־ראטעס'ען, וואָס ער האָט אויף זיך גענומען אויסצובויען די ווי־סענשאפטליכע פילאָזאָפישע מעטהאָדע, דורך וועלכע מען זאָל קענען קומען צו דער וואהרהייט: אמת ניט פאר איהם און ניט פאר זיין צייט איז געווען בעשערט די שווערע אויפגאבע דורכ־צופיהרען אזוי, אז מיר זאָלען היינט זיין בעפריעדיגט. שפּעטער, אין א סך הונדערטע יאָהרען נאָך איהם האָט איין אנדער בע־נייער פון דער פילאָזאָפיע, דער ענגלענדער בעקאן, אויך אָנגעהוי־בען פון דעם פונקט און איז אוועק פיעל, פיעל ווייטער. אָבער מען קאָן ניט לייקענען, אז סאָקראטעס האָט אוועקגעשטופּט די

פילאָזאָפיע פיעל וויטער און געמאכט זי פיעל פעסטער דורך דעם, וואָס ער האָט אויסגעפונען דעם נייעם וועג, די נייע מעטהאָדע.

אויך אין דעם האָט איהם שטארק ארויסגעהאָלפען זיין גע־זונדער פראקטישער פערשטאנד. סאָקראטעס, דער גרויסער מענ־שען־פּרובירער, איז געבליעבען אין זיין מעטהאָדע טריי צו זיך אליין „פּרוביר זיך, פּרוביר יעדען זאץ, יעדעס וואָרט, יעדען בע־גריף צו זיינען זייי ריכטיג“.

די אונטערזוכונג העבט זיך אָן פון א פאקט, פון איין ער־שיינונג, פון א בעגריף. מיר ווילען עס פערשטעהן. וואָס דאר־פען מיר טון? דער שפּעטערדיגער ענטפער איז געווען: צוזאמענ־קלייבען אלע פאקטען פון זעלבען סאָרט, זיי סאָרטירען, פערגלייכען און דאן ארויסגעפינען דעם תמצית דערפון. דערצו איז סאָקראטעס נאָך ניט דערגאנגען. דאָס איז פאר זיין צייט אויך געווען אונ־מעגליך.

סאָקראטעס בעגנוגט זיך דערמיט, וואָס ער נעהמט דעם איינ־צעלנעם פאקט, פערגלייכט איהם מיט אנדערע בעוואוסטע פאק־טען פון דעם זעלבען סאָרט, און געפינט אויס, וועלכע אייגענשאפ־טען עס זיינען פארהאנדען צו יעדער צייט אונטער אלע אומ־שטענדען אין אלע גלייכע פאקטען. דאָס קאָן מען אויסגעפינען נאָכ־זוכענדיג צו עקזיסטירט ניט די זעלבע זאך אָהן די בעשטימטע אייגענשאפטען און אויך פּרובירענדיג ארויסצוארפען פון דער זאך פערשיעדענע אייגענשאפטען. דאן זעהט מען, וואָס עס בלייבט פון דער זאך. אויף אזא אופן קריעגט מען ארויס, אין וואָס עס בעשטעהט דער עיקר, דער תוך פון דער זאך, וועלכען מיר רופען בעגריף. און ווען מיר האָבען שוין דעם ריכטיגען בעגריף, קאָנען מיר איהם נעהמען פאר א פּרובירשטיין און אויספּרובירען יעדע ערשיינונג, יעדע זאך, וואָס טראָגט אויף זיך דעם זעלבען נאָמען און אויסגעפינען אויף וויפיעל זי איז ריכטיג, אָדער פאלש.

סאָקראטעס האָט געמיינט — דערצעהלט קסענאפאן — אז „ווער עס האָט א ריכטיגען בעגריף פון א זאך, דער קאָן די זאך ערקלערען אנדערע אויך. ווען דער בעגריף פעהלט אבער, דאן איז קיין וואונדער ניט, ווען איינער נארט זיך און אנדערע“.

דאָס איז אָבער ניט דער איינצעלנער וועג פון סאָקראַטעס'עס אונטערזוכונג. זיין ארט ערקלערען אין בעווייזען א זאך נעהמט אָן פערשיעדענע פאָרמען. איין מאָל בעמיהט ער זיך צו איבערציי־גען דעם גיגנער, אז יענער זאָל מודה זיין דעם אלגעמיינעם כלל. דאן ברייננט ער שוין ארונטער דעם געגעבענעם פאל אונטער יע־נעם אנערקענטען כלל. איין אנדערס מאָל צוקלאַפּט ער פרעמדע בעהויפּטונגען דורך דעם, וואס ער בעווייזט, אז זיי ווידערשפּרעכען זיך אליין, אָדער אז זיי שטעהען אין ווידערשפּרוך מיט אנדערע אנערקאָנטע און פון אלעמען אָנגענומענע פאקטען. ער פערפעס־טיגט און בעווייזט זיינע בעהויפּטונגען ענטוועדער דורך אנדערע פאקטען, אָדער דורך קלאָרע פערגלייכע (צד השוה).

אָט אזוי געהט סאָקראַטעס אויף פערשיעדענע וועגען ארויס־צוגעפינען דעם אמת. ער רופט עס די קונסט פון דער הייבאַם, די קונסט צו העלפען געבאָרען געדאנקען (מעאייטיק). אָבער ער איז נאָך אליין ניט אימשטאנד קלאָר צו אונטערשיידען איין סאָרט בעווייזע פון די אנדערע. ער האָט אינסטיקטיוו געשטרעבט דער־צו, צו בעגרינדען די קונסט פון ריכטיגע שליסע און קלאָרע בע־ווייזע (לאָגיק) ער טאַפּט ארום ארום איהר, אָבער ער קען זי אליין נאָך ניט קלאָר. דאָס אויסצופיהרען האָט ער איבערגעלאָזען זיין גייסטיגען אייניקעל אריסטאָטעל'עס.

* * *

פּראקטיש איז געווען סאָקראַטעס אין זיין מעטהאָדע. פּראַק־טיש איז ער אויך געבליעבען, — ווי מיר ווייסען — אין די ציע־לען און שטרעבונגען פון זיין פילאָזאָפיע. נור מיט די מענשליכע זאכען האָט ער זיך אינטערעסירט, נור דאָס איז געווען דאָס פעלד פון זיינע אונטערזוכונגען. זיין העכסטען אידעאל, דאָס וויסען, האָט ער אוועקגעשטעלט אין גאנצען אין דיענסט פון מענשען און פון זיינע נוצען. ער האָט מקריב געווען זיין גאנץ לעבען און אלע זיינע כחות און פעהיגקייטען צו גרינדען א פעסטע וויסענ־שאפטליכע מאָראל. אמת, דאָס ציעל האָט איהם זיך ניט איינגע־געבען. מעהר ווי עטליכע אלגעמיינע גרונד־געדאנקען און פילאָ־

זאָפּישע בעשטימונגען האָט ער ניט איבערגעלאָזען. אָבער זיי אליין זיינען אויך ווערטה אויף זיי אביסעל לענגער זיך אָבצושטעלען.

מיר ווייסען שוין זיין הויפּט געדאנקען: „טוגענד איז וויסען". דאָס אמת׳ע וויסען האָט צוויי שונאים: די אונוויסענהייט און דאָס פאלשע וויסען. סאָקראטעס האלט דאָס צווייטע פאר שעדליכער און געפעהרליכער איידער די ערשטע. דער מענש דארף נור וויסען אין וואָס עס בעשטעהט די טוגענד און ער וועט שוין זיין טוגענדהאפט.

און אום די מענשען טוגענהאפט צו מאכען, אום צו מאכען זיי זאָלען געהן בדרך הישר, דארף מען זיי נור אויפקלערען, וואָס גוט איז. די טוגענד קומט צו אונז דורך בעלעהרונג, און אלע טוגענדען בעשטעהן אין וויסען.

אָבער וואָס איז דאָס אזוינס דאָס גוטע וואָס מאכט טוגענדהאפט, ווען מען ווייס עס?

און סאָקראטעס בעמיהט זיך צו בעווייזען דעם גרונד פון די זיטליכע געזעצען אין דער צוועקמעסיגקייט: אין דעם ערפאָלג פון די האנדלונגען, וועלכע שטיצען זיך אויף זיי, אין זייער נוצען פאר די מענשען. ווארום גוט איז נור, וואָס איז נוצליך פאר די מענשען. שאדען און נוצען זיינען דאָס מאָס פאר גוט און שלעכט.

פאר סאָקראטעס׳ען איז דאן געבליעבען נאָך איין אויפגאבע: נאָכצואווייזען אז צו זיין מאָראליש איז נוצליכער, געזינדער ווי צו זיין ניט מאָראליש. און ער פּרובירט דאָס טון. איינגעהאלטען זיין, נישט לעבען ברייט, איז א טועגנד, ווארום ווען מען האלט זיך איין איז לייכטער צו לעבען אויף דער וועלט. מען איז ווייניגער אבהייניג פון אנדערע. זיך פאַרהארטעווען איז א טוגענד, ווייל עס איז געזינדער, מען קען לייכטער ביישטעהן און אריבערטראָגען געפאהרען. זיין בעשיידען איז א טוגענד, ווארום בעריהמעריי ביינגט שאנדע און שאָדען. מיר מוזען האָבען גוטע פריינד, ווייל זיי זיינען נויטיג אין א עת־צרה. מיר דארפען אנטייל נעהמען אין עפענטליכען לעבען, ווייל אין דעם אלגעמיינעם נוצען האָבען מיר אונזער חלק אויך. מיר דארפען געהאָרכען די געטער, ווייל

זיי קענען אונז בעלאָהנען אָדער בעשטראפען. אַט אזוי געהט עס ווייטער און ווייטער וואַכעדיג, פּראָזאאיש.

ווען מען קוקט אויף סאָקראטעס'עס מאָראל לעהרע פון דער זייט, פירליערט זי איהר גאנצען חן און איהר גאנצען אידעאליס־טישען גלאנץ. עס מאכט זאָגאר דעם איינדרוק, אז זי אונטער־שיידט זיך ניט פיעל פון דער סאָפיסטישער מאָראל. מען דארף זיך אָבער ניט לאָזען פערפיהרען פון דער וואכעדיגער אויסערליכ־קייט. איהר קערן, איהר נשמה איז פון א גאנץ אנדערען, העכ־ערען סאָרט. אין דער צייט ,ווען די סאָפיסטען האָבען דורך זייער מאָראל געוואָלט דיענען נור דעם גוף, איז פאר סאָקראַ־טעס'ען די הויפּטזאַך די נשמה, דער גייסט פון מענשען. די נשמה פון מענשען איז דער שכל און דערפאר האָט נור א שכל'דיגע זאַך א ווערטה, און נור פאר'ן שכל, פאר די נשמה דארף מען זאָר־גען. מען דארף זאָרגען, אז דער דיינקענדער גייסט זאָל ניט גע־שטערט ווערען פון גוף און דערפאר מוז מען אין זיך זעהן אונ־טערדריקען איבעריגע בעדירפניסע, זיך מאכען אונאבהייגגיג פון דער אויסערליכער וועלט, ניט וויסען פון דער וועלט, נור בליי־בענדיג אין דער וועלט זיין פריי פון איהרע קייטען, קאָנען הער־שען איבער זיך.

סאָקראטעס מיינט, אז דאָס איז ניט אזוי שווער צו דער־גרייכען. ווארום די וועלט אָרדנונג איז געשאפען געווארען דורך א קלוגען שעפּפער, וועלכער איז גוט צו אלע ברואים. און בעזונדערס האָט דער מענש פון דער נאטור בעקומען אזוינע מעלות, וועלכע מאכען איהם גליקליכער פאר אלע ברואים אויף דער וועלט. דאָס לעבען איז א זאך וואָס האָט דעם העכסטען ווערטה.

די הערשאפט פון דער נשמה, פון גייסט, פון שכל, איבער דעם גוף, געפיהלען און ליידענשאפטען איז איין פונדאמענטאלער פונקט, דורך וועלכען סאָקראטעס'עס מאָראל לעהרע אונטערשיי־דעט זיך פון דער סאָפיסטישער און בעקומט א אידעאלען אויס־זעהן. די הערשאפט פון אלגעמיינעם נוצען, פון אלגעמיינע אינ־טערעסען איבער די רייז־פערזענליכע, עגאָאיסטישע, איז דער צוויי־

טער פונדאמענטאלער פונקט אין וועלכען זיי געהען זיך פאר־
נאנדער.

אויך אין דעם איז סאָקראטעס א גרויסער אָפּטימיסט. גלוי־
בענדיג אז די וועלט איז בעשאפען געוואָרען פון א קלוגען, גו־
טען גייסט, איז ער איבערצייגט, אז ווען דער מענש שטרעבט
צו ערפילען זיין העכסטע פפליכט, דאָס הייסט צו מאכען זיך
בעסער, פערנינפטיגער, פאָלקאָמענער, קומט ער ניט אריין אין
קיין סכסוך מיט די אנדערע מענשען. פערקעהרט, דער גליק פון
איינצעלנעם מענשען הייננט זעהר פיעל אָב פון גליק און גוטע
ארדנונגען פון שטאט. אזוי ווי אין א גוטער בעל־הבית׳שקייט מוז
הערשען אחדות און צופריעדענהייט; אזוי מוז זיין אויך אין
שטאאט. דאָס אלגעמיינע גליק און די אלגעמיינע צופריעדענהייט
זיינען שוין א קוועלע פון מוטה און ענערגיע פאר יעדען איינ־
צעלנען. די אלגעמיינע צושטענדע האָבען אויסער דעם נאָך א גרוי־
סען איינפלוס אויף יעדען איינצעלנען.

סאָקראטעס׳עס מאָראל־לעהרע בויט זיך דערפאר אויף דעם
געזעלשאפטליכען מענשען, דעם מענשען אין זיין צוזאמענלעבען
מיט אנדערע. און סאָקראטעס׳עס טהעמעס דרעהען זיך דאס רוב
ארום די פראגען פון לעבען און שטאאט און געזעלשאפט; נאָך
מעהר צו פערענטפערן די פראגע: ווי ערציהט מען גוטע פאָלקס
טוער און פאָלקס פיהרער איז פאר איהם איינע פון די שווערסטע
און וויכטיגסטע אויפגאבען.

* * *

וואָס איז אזוינס א שטאאט און ווער איז א גוטער שטאאטס־
מאן? סאָקראטעס האָט פיעל געשפרעכען געהאט וועגען דעם מיט
זיינע שילער.

דער שטאאט, דער אמת׳ער ריכטיגער שטאאט, וועלכער קאָן
ברייננען ארדנונג צווישען די בירגער האָט פיער פאָרמען. די
ערשטע פאָרם איז די מאָנארכיע. די הערשאפט ליעגט דאן אין
די הענד פון איין איינצעלנער פערזאָן. זי איז געגרינדעט אויף
דער פרייוויליגער געהאָרכזאמקייט פון די בירגער, און אויף דער
געבונדענקייט פון הערשער צום געזעץ. פון דער מאָנארכיע אונ־

טערשיידעט זיך דערפאר די טיראניי, וואו די בירגער ווערען גע־צוואונגען צו געהאָרכען און דער הערשער האלט זיך ניט צוגע־בונדען צו קיין געזעצ.

די צווייטע פאָרמע איז די אריסטאָקראטיע, וואו עטליכע יחסנים פון געבורט הערשען. די דריטע פאָרמע פון שטאאט איז די פּלוטאָקראטיע, וואו עטליכע אויפגעקומענע גבירים פיהרען די הערשאפט. די פיערטע פאָרמע איז די דעמאָקראטיע, וואו אלע האָבען א צוגאנג צו דער הערשאפט, וואו אלע האָבען א דעה אין דער רעגיערונג אָהן אונטערשיעד פון געבורט און עשירות.

אויף די פראגע, וועלכע פון די פיער פאָרמען איז די ריכ־טיגערע, די בעסערע, ענטפערט סאָקראטעס: די דעמאָקראטיע, די רעפּובליק. ער איז אבער ניט בלינד צו איהר, ער טענה'עט, אז די דעמאָקראטיע נויטיגט זיך אין רעפאָרמען. ער גלויבט ניט, אז די פעהלערן ליעגען אין דעם עצם פון דער דעמאָקראטיע אדער אין דעם כאראקטער פון דעם אטהענישען פאָלק. דאָס אטהענישע פאָלק לויבט ער אין זעהר ווארמע ווערטער. די דעמאָקראטיע — זאָגט ער — איז אין אמת'ן זעהר שטארק אבהייננגיג ניט פון דער פאָלקס פערזאמלונג, וועלכע בעשטעהט דאָס רוב פון בויערן, קליי־נע סוחרים, בעלי־מלאכות, וואָס טראכטען נור וועגען זייערע פער־זענליכע, מאטעריעלע אינטערעסען, נור פון די פאָלקס־פיהרער. די פאָלקס־פיהרער זיינען דאָס רוב די פאָלקס־הערשער. און דערפאר פאָדערט סאָקראטעס, אז די פאָלקס־פיהרער זאָלען טאקע זיין די ריכטיגסטע און פעהיגסטע מענשען. און דערפאר טרעט ער שטארק ארויס געגען דעם, וואָס די רעגיערונגס־עמטער ווערען פערטיילט דורך'ן גורל. אנשטאט דעם שכל בעשטימט דאן דער צופאל דאָס שיקזאל פון שטאאט. דער צופאל קאָן וועלען אז דוקא די אונ־פעהיגסטע זאָלען ביקומען די וויכטיגסטע עמטער און די פע־היגסטע זאָלען בלייבען אויסגעשטעלט.

אויסערדעם וויל ער, אז די מאסען זאָלען ניט ווערען צולאָ־זען און אויסגעלאסען און ער געפינט, אז דאָס בעסטע מיטעל גע־גען דעם איז די בעשעפטיגונג מיט נוצליכע ארבייטען. מיט גרויסע ליעבע בערופט ער זיך אויף א פערז אויינעם פון די

עלטסטע גריעכישע זינגער, העזיאד: „ארבייט איז קיין מאָל קיין שאנדע ניט. לעדיג געהן איז א שאנדע“. און דאָס — זאָגט ער — איז ריכטיג אי בנוגע צו דער אייגענער בעל־הבית׳שקייט, אי בנוגע צום שטאאט.

ווענען די שטאאטסמענער, אָדער פאָלקספיהרער זאָגט ער אזוי: זיי מוזען האָבען דאָס פערטרויען פון די פאָלקסמאסען. זיי מוזען פערשטעהן און וועלען טון, וואָס עס איז גוט און נוצליך פאר׳ן פאָלק, ניט אָבער, ווי געוועהנליך, זיך לאָזען פערפיהרען פון זייערע עגאָאיסטישע, עקספּלואטאטאָרישע אינטערעסען און שטרעבונגען.

די מעלות און קענטניסע, וואָס א פאָלקספיהרער דארף האָבען רופט ער „די קעניגליכע קונסט“, „די שענסטע און פרעכטיגסטע טוגענד“. ער מאכט חוזק פון די אריסטאָקראטען, וועלכע מיינען אז ווייל זיי זיינען געבאָרען געווארען אין רייכע הייזער, פון מיוחס׳דיגע פאמיליען, דערפאר זיינען זיי שוין בעשאפען געוואָרען צו פיהרען די מלוכה, און זיי דארפען גאָר ניט לערנען.

סאָקראטעס מיינט, אז פעהיגקייטען צו זיין א פיהרער דארף מען האָבען פון דער נאטור, דאָס האָט אָבער ניט צו טון מיט׳ן יחוס. דערצו אבער מוז מען נאָך פיעל לערנען און זיך אויסבילדען.

אין א דעמאָקראטישער רעפובליק דארף א פאָלקס־פיהרער האָבען קודם כל דריי מעלות: ענערגיע (טהאטקראפט), רעדנערשע פעהיגקייטען און געשיקטקייט, פלינקייט. דאן קומט נאָך זעהר א וויכטיגע מעלה, וועלכע בעשטעהט אליין פון 4 אייגענשאפטען. זי הייסט ס א פ ר א ז י נ א — גייסטיגע געזונדקייט, א געזונטע קאָפּ און א געזונטע הארץ. איהרע אייגענשאפטען זיינען סאָקראטעס׳עס פיער בעריהמטע טוגענדען.

1) פרומקייט. פון איין זייט בעשטעהט די פרומקייט אין מורא פאר גאָט. פון דער אנדערער זייט איז זי א מיטעל ארויס־צוקריעגען פון גאָט חסדים. סאָקראטעס האָט געגלויבט, אז די געטער האָבען געשאפען די וועלט און אז זיי פיהרען די וועלט, אז „מלא כל הארץ כבודו“. אזוי ווי די וועלט פיהרט זיך נאָך א געוויסער ארדנונג, מוז דאָך זיין א שכל׳דיגע זאך, וואָס פיהרט

די וועלט און דאָס קאָן זיין נור גאָט, אדער, ריכטי־
גער, די געטער, דאָס הייסט די געטער פון זיין פאָלק.
צווישען די אלע געטער אונטירשיידעט ער איין גאָט,
וואָס האָט געשאפען די וועלט, דאָס איז א מין גייסט,
די נשמה פון דער וועלט (נוס). אזוי ווי די מענשליכע
נשמה זאָרגט פאר'ן מענשענס גוף, אזוי זאָרגט די וועלט נשמה,
דער וועלט גייסט (דער נוס) אָדער די גאָטהייט פאר די וועלט
און בעזונדערס פאר'ן מענשען. די געטער דריקען אויס זייער ווי־
לען דורך נביאים, אראקלען. מען דארף די געטער אויסדריקען
אכטונג, מען דארף זיי דיענען. דאָס קאָן מען אם בעסטען טון,
ווען מען האלט זיך אָן די מנהגים פון אייגענעם פאָלק. קרבנות
און תפלות זיינען זעהר וויכטיג. נאָך וויכטיגער איז אָבער די
געזינונג, דער ריינער זין, די גוטע כונה.

2) גערעכטיגקייט. זי בעשטעהט ניט נור אין דעם, וואָס מען
מוז געהאָרכען די געזעצען פון שטאאט, נור מען דארף אויך זיין
געוויסענהאפט געגען אנדערע מענשען און עהרליך ערפילען די
פערשפרעכונגען, וועלכע ווערען גמאכט אפילו צו שקלאפען. זי
פאָדערט, אז מען זאָל זיין גוט, דאנקבאר און טריי. זי איז די
וויכטיגסטע סאָציאלע טוגענד, וואָס מאכט מעגליך דאָס לעבען
צוזאמען מיט אנדערע מענשען. אָבער אזוי ווי איהר ציעל איז דער
מענשליכער נוצען, דערפאר מעג מען און מען מוז זאָגאר אונטער
געוויסע אומשטענדען עובר זיין איבער איהר. ווען דאָס איז נור
ניצליכער. מען מעג און דארף צ. ב. אָבנארען א קראנקען. מען
מעג איבערכיטרעווען, אבשפיעלען א שפיצעל מיט'ן שונא אין
שלאכטפעלד, און אזוי ווייטער.

3) טאפפערקייט. זי בעשטעהט אין דעם, וואָס דער מענש
דארף האָבען מוטה צו בעגעגענען א געפאהר און איבערהויפט מיט
פעסטקייט אריבערטראָגען יעדער צרה.

4) ענטהאלטזאמקייט. זיך צוריקהאלטען פון איבעריגע בע־
דירפניסע. זיך פערהארטעווען אין לעבען, כדי מען זאָל קאָנען
זיין פריי און אונאבהייננגיג פון דער אויסערליכער וועלט.

די פיער טוגענדען זיינען די וויכטיגסטע זאך פאר'ן מענשען.

אָבער אויסער דעם דארף מען נאָך האָבען קענטניסע, פּראַקטישע וויסענשאַפטען, קענען איבערצייגען אנדערע מענשען, (ניט אָבער איבעררעדען ווי די סאָפיסטען) זיין טיכטיג אין אלץ.

אָט די אלע מעלות, וואָס זיינען אונבעדינגט נויטווענדיג פאר יעדען פאָלקס־פיהרער, זיינען גוט און ווינשענסווערטה אויך פאר יעדען מענשען בכלל.

אָט אזוי איז די סאָקראטישע פילאָזאָפיע, ווי די סאָקראַטישע מאָראל־לעהרע, און ווי זיין גאנץ לעבען און שטרעבונג בעהערשט און לאָגיש געפיהרט פון איין גרויסען גרונד־געדאנקען און הויפּטשטרעבונג: פון צוועקמעסיגקייט, נוצען, פארטהייל (אוטיליטאריזמוס). דער אוטיליטאריזמוס טרייבט איהם צו מאַבען דעם שכל פאר ד עם הערשער איבער אלץ (ראציאָנאליזמוס). און צו ערקלערען, אז די טוגענד איז די גליקזעליגקייט (איידעמאָניזמוס) פאר דעם מענשען, פאר דעם פּרט און פאר דעם כלל.

עס וואָלט געווען א לעכערליכער קאמפּף מיט לאנג צושטערטע ווינט־מיהלען צו געבען דאָ א קריטיק איבער סאָקראטעס'עס פילאָזאָפישע סיסטעם. מיר זיינען היינט אזוי וויים געוואקסען אין יעדער הינזיכט פון יענע פילאָזאָפישע ווינדעלעך, אז ניט קריטיקירען, ניט דעבאטירען דארפען מיר מיט אלטע פילאָזאָפען, נור זיי פערשטעהן ריכטיג, מאָלען און אריינשטעלען אין די פּאַסענדע ראמען פון די דאמאָלסדיגע צושטענדע. דאָס האָבען מיר געזוכט צו טון אין אונזער שילדערונג פון סאָקראטעס לעבען און סאָקראטעס פילאָזאָפיע. דאָס בילד בלייבט אָבער ניט פול, ווען מען זאָל ניט זיך אָבשטעלען אויף „דאָס בעסטע פון זיין לעבען — זיין טויט". דאָס וועלען מיר טון אין דעם נעכסטען און לעצטען קאפּיטעל.



## פיערטער קאפיטעל.

### סאָקראַטעס דער מאַרטירער.

סאָקראַטעס איז שוין געווען א זקן, א מאן פון 70 יאָהר. ווען דער שטורם, וועלכער האָט אזוי לאנג געהאלטען ביים אויסברעכען, האָט ווירקליך אויסגעבראָכען איבער זיין קאָפּ. די גרויסע אונ־צופריעדענהייט און די שטארקע פערביטערטקייט, וועלכע האָבען שוין לאנג זיך אנגעקליעבען אין די הערצער פון זיינע מיטבירגער געגען איהם, האָבען סוף כל סוף געפיהרט צו איינע פון די טרוי־עריגסטע פאסירונגען, וועלכע פערדונקלען די געשיכטע פון דער מענשליכער ציוויליזאציאָן.

צו זיין א שופט צווישען א׳ן איידעלעם פאָלק און דעם איי־דעלסטען פון זיינע קינדער איז א צו שווערע, צו דעליקאטע און צו פעראנטווארטליכע אויפגאבע. עס איז דערפאר די גלייכסטע זאך צו לאָזען רעדען די פאקטען אליין פאר זיך.

סאָקרטעס האָט געהאט א סך שונאים. און די ערשטע פראגע איז: פון וואנען האָבען זיי זיך גענומען? דורך וואָס האָט ער זיך געמאכט אזויפיעל שונאים?

די שנאה צו סאָקראטעס׳ען איז ניט געקומען — יעדענ־פאלס ניט דאָס רוב -- פון פערזענליכע אורזאכען. סאָקראטעס איז געווען פערזענליך ריין. ער האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטון. ער האָט זיך נישט געמישט אין שטאאטס אנגעלעגענהייטען, ניט געהערט צו קיין פארטיי. די שנאה צו איהם האָט געמוזט האָבען טיעפערע, אלגעמיינערע אורזאכען. דער פראָצעס צווישען סאָקראטעס׳ען און די אטהענער איז א פראָצעס צווישען צוויי וועלטאנשויאונגען. כדי איהם צו פערשטעהן מוזען מיר וויעדער א מאָל זיך אראָפּלאָזען טיעף אין די סאָציאלע און פאָליטישע

צושטענדע פון דער צייט און אין די פסיכאָלאָגיע פון דעם אטהע־נער פאָלק.

דער געוועהנליכער אטהענער בירגער האָט ניט שטארק ליעב געהאט די אלע נייע חכמים, אויפקלערער, „הימעל־זוכער“: זיי זיינען דאָך געווען די חוזק־מאכער פון אלץ, וואָס הייליג איז, די ארונטעררייסער פון אלע אלטע גייסטיגע פעסטונגען, די צושטע־רער פון אלע אויטאָריטעטען, די בעל־עברה׳ניקעס געגען די אלטע געאכטעטע און פון דורי דורות אַנגענומענע זיטען און מנהגים. און אַט די שנאה צו די סאָפיסטען איז אין גאנצען אריבערגעטראָגען געווארען אויף סאָקראטעס׳ען, וועמען די עפענטליכע מיינונג האָט געהאלטען ניט נור פאר איינעם פון די סאָפיסטען, נור זאָגאר פאר זייער וויכטיגסטען פאָרשטעהער. אזוי האָבען געשאפען און גע־פיהרט די עפענטליכע מיינונג, די טאלענטפאָלסטע קאָמעדיענשריי־בער פון יענער צייט. סאָקראטעס איז געשילדערט געווארען אלס סאָפיסט דורך דעם גרעסטען פון די קאָמעדיענשרייבער ארים־טאפאנעס, אין זיינע „וואָלקענס“, און דורך דעם קלענערן קאָ־מעדיענשרייבער אייפאליס, וועלכער האָט איהם אריינגערעכענט צווישען די סאָפיסטען אין זיין קאָמעדיע „די חונפים“.

די קאָמעדיענשרייבער זיינען געווען דער אָבקלאנג פון דער אלגעמיין פערשפרייטער מיינונג. זיי האָבען אָבער פון זייער זייט פיעל מיטגעהאָלפען ארויסצורופען און צו פערשטארקען די פיינד־ליכע געפיהלען געגען סאָקראטעס׳ען. מען דארף אויך ניט פער־געסען, אז אין אטהען איז ניט אנערקענט געווארען די פרייהייט צו רעדען וואָס מען וויל און צו דענקען וואָס מען וויל. און ווען דאָס פאָלק וואָלט אין אטהענס גאָלדענע יאָהרען שוין ניט געווען אזוי ווייט „פערגיפטעט“ מיט אפיקורסות און נייסען פון כל המינים, אז די פאנאטיקער האָבען מורא געהאט אויפצוהויבען דעם קאָפּ, דאן וואָלט סאָקראטעס שוין א סך פריהער דערפיהלט דעם טעם פון פאָלקס צאָרן.

עס זיינען פארביי וועניג צעהנדליג יאָהרען און אין אטהען איז אלץ אוועק מיט דעם קאָפּ אראָב, בארג אראָב. אונ־גליקען אויף אונגליקען, קלעפּ אויף קלעפּ האָט אטהען גענומען

בעקומען. ביטערע ערפאהרונגען, קריינקונגען, ערניעדריגונגען אָהן א שיעור האָט דאָס אטהענער פאָלק גענומען איבערלעבען. און אין דער נייער אטמאספערע פון אהנמעכטיגער בייזקייט און פון פערניכטענדער פערצווייפלונג האָט אויך דער פונק פון שנאה צו מאַקראטעס'ען זיך אָנגעצונדען אין א העלישען פייער.

די אטהענער האָבען געהאט פארוואס צו ווערען פערצוויי־פעלט. די פיעל יאָהרען פון מערדערישען ברודערקריעג מיט די אנדערע, גריעכישע שבטים (דער פעלעפאנעזישער קריעג) מיט אלע זיינע אונגליקליכע בעגלייטער: פעסט, הונגער, טויט, נויט, צרות, ארימקייט און צושטערונג האָט זיך געענדיגט מיט א שרעקליכען, אונערהערטען באנקראָט פון אטהענס מאכט, אטהענס גרויסקייט, רייכקייט און זאָגאר אטהענס פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

איהר לעצטען טראָפען זעלבסטשטענדיגקייט האָט אטהען גע־האט צו פערדאנקען דער „גוטהערציגקייט" פון איהר שונא ספארטא, וועלכע האָט געשאָנקען די אטהענער זעלבסטשטענדיגקייט צו־זאמען מיט די 30 טיראנען. און די קורצע אָבער בלוטיגע הער־שאפט פון די דאָזיגע טיראנען האָט נאָך פארפול געמאכט דאָס מאָס פון אונגליקען און ביטערקייט.

דער פאָליטישער קריזיס האָט נאָכגעשלעפט נאָך זיך אויך א שרעקליכען עקאָנאָמישען קריזיס: די אינדוסטריען צושטערט, דער האנדעל אָבגעריסען, דער האפען פוסט, די גאסען שטיל און טויט. נימאָ דער אמאָליגער גלאנץ, דאָס אמאָליגע לעבען. חורבות, קברים אויף יעדען טריט.

וואס פאר א וואונדער, וואָס צוזאמען מיט די געוועזענע גדולה איז אויך פערשוואונדען די גוטמוטיגקייט און טאָלעראנץ פון די אטהענער! וואָס פאר א וואונדער, וואָס דער אטהענער בירגער איז געווארען אזוי פערשאומעטיגט, פערביטערט, וואָס די הערצער זיינען געוואָרען פערגליווערט, די אויגען שטענ־דיג פול מיט טרערען! די גרויסע איבערקעהרעניס, די שוידער־ליכע צושטערונג זיינען דאָך געשעהן אזוי שנעל. דערזעלבער דור, וואָס האָט געגאָסען די שענסטע פרוכטען פון דער גאָלדענער צייט אונטער דער פיהרונג פון דעם פאָלקס־פיהרער פעריקלעס, האָט

איצט געמוזט דערלעבען די אלע צרות, שמאך און שאנדע. און דערפאר האבען זיי עס געפיהלט דאפעלט אזוי שווער.

די טיעפערע אורזאכען פון זייערע אונערהערטע אונגליקען צו זוכען און צו געפינען, דאס האבען די פאלקסמאסען ניט געוואלט און ניט געקאנט און, — ווי געוועהנליך, — האבען זיי גענומען זוכען די פערברעכער, די פעררעטהער, די שולדיגע און, ווי געוועהנליך, האבען די מפלות און אונגליקען זיי געמאכט קאנסערוואטיווער, אבערגלויבישער.

דער געוועהנליכער אטהענער בירגער איז געווארען פרומער. ער איז געווארען פעסט איבערצייגט, אז די געטער זיינען בייז געווארען און האבען געשטראפט דאס אטהענער פאלק. און די שטראף איז געקומען ווייל אטהען איז געווארען אויסגעלאסען, צולאזען און ווידערשפעננסטיג.

און ווער־זשע איז שולדיג אין די אלע אונגליקען, ווער איז שולדיג אין דעם, וואס דאס פאלק איז אראב פון גוטען אלטען וועג, אויב ניט זיי, די „אויפקלערער“, די „הימעל־זוכער“, די פילאזאפען, די סאפיסטען? אויב ניט דער גרעסטער צווישען זיי סאקראטעס? אין די בעסערע יאהרען האבען אונזערע עלטערן שוין פערשטאנען, וואס פאר א מגפה זיי זיינען פאר׳ן פאלק און האבען זיי משלח געווען: אנאקסאגאראס האט מען ארויסגעשיקט פון לאנד, פראטאגאראס אויך. נור מיר האלטען דעם געפעהרליכסטען, דעם סאקראטעס און לאזען איהם פערדארבען אונזערע קינדער, — אזוי האט געטראכט דער געוועהנליכער אטהענער בירגער.

אמת, סאקראטעס אליין פלעגט ארויסטרעטען געגען די סאפיסטען. אמת, ער האט פיינט, מען זאל איהם רופען סאפיסט, אדער לעהרער. אבער ער איז דאך שטענדיג ארומגערינגעלט מיט גאנצע סוויטעס. צו איהם קומען יונגע לייט פון אלע פרעמדע שטעדט. ארום זיין קליינעם, שמוציגען הייזעל איז שטענדיג פול מיט מענשען און ער האלט שטענדיג אין פערדרעהען די מוחות פון די יונגע לייט. נאך פאר צוואנציג יאהר צוריק האט אריסטאפאנעס

מתרה געווען דאָס פאָלק געגען איהם. און ער טוט נאָך עד היום זיינע אלע מחזקות ווי גאָר נישט געווען.

אי, וואָס ער יאָגט זיך ניט נאָך קיין עשירות און נעהמט אפילו קיין בעלאָהנונג ניט, איז טאקע נאָך ערגער פאר'ן פאָלק. צו יענע סאָפיסטען פלעגען האָבען א צוטריט נור איינצעלנע רייכע מענשען. ער אבער פערגיפטעט אלעמען. און וואָס פאר שרעקליכע זאכען לערנט ער זיי דאָס אביסעל: זיי זאָלען ניט פאָלגען זייערע טאטעס, זיי זאָלען ניט געהן אין די אלטע פון דורי־דורות אָנגענומענע וועגען. יא, דעם גלויבען אין די געטער צושטערט ער אפילו, והא ראיה מיר זעהען דאָך, וואָס פאר תלמידים עס געהען פון איהם ארויס, קאָנען מיר שוין פערשטעהן, וואָס פאר א סאָרט רבי דאָס איז. איהר האָט א טעות, אויב איהר מיינט, אז אזא „האָר שפאלטער" און „הימעל כאפער" קאָן גאָר נישט אויפטון.

קוקט זיך נור צו צו אונזערע גרעסטע אונגליקען און איהר וועט זעהן, אז זיי שטאמען פון איהם. וואָס איז געווען דאָס גרעסטע אונגליק פאר די אטהענער, אויב ניט די עקספעדיציע קיין סיציליען און דער משוגענער פלאן איינצונעהמען די גרויסע פעסטונג סיראקיוז. און ווער איז שולדיג אין דעם משוגענעם פערברעכען, וואָס האָט אָבגעקאָסט אטהען אונזער בעסטע פלאָטע און טויזענדער לעבענס פון אונזערע בעסטע בירגער? דער געליעבטער שילער פון דעם „האָר שפאלטער" סאָקראטעס, אלקיביאדעס. ער האָט פערפיהרט און פערשיכורט דאָס פאָלק און ניט דערלאָזען פאָלגען די עצה פון אונזער קלוגען פרומען ניקיאס. ער האָט א האנד אין א סך אנדערע צרות.

און אזוי ווי זיין תלמיד אלקיביאדעס האָט צושטערט אונזער מאכט אויפ'ן ים, אזוי האָט איין אנדערער פון זיינע תלמידים קריטיאס, צושטערט אונזער אינעווענינסטען פריעדען. ער, קריטיאס, איז געוואָרען דער פיהרער פון די 30 טיראנען, וועלכע האָבען אויסגע'הרג'ט אזויפיעל פון אונזערע בעסטע פאטריאָטען און האָבען צושטערט די דעמאָקראטיע אין אטהען. אלקיביאדעס און קריטיאס זיינען מענשען מיט גרויסע פעהיגקייטען. עס וואָלט פון זיי געקאָנט ארויס גוטע פאָלקס פיהרער, ווען זיי וואָלטען ניט

פערדאָרבען געוואָרען אין סאָקראַטעס'עס שול און וואָלטען פון איהם זיך ניט אָבגעלערענט אזויפיעל אפקורסות, אזויפיעל פער־אכטונג צו אלע היילִיגטימער פון פאָלק.

און זיינע אנדערע תלמידים, זיי זיינען אויך ניט בעסער. פלאטא פעראכטעט די דעמאָקראַטיע. קסענאפאן איז אפילו א גר־טער סאָלדאט, אָבער אנשטאט צו דיענען דעם אייגענעם פאָלק, איז ער אוועק העלפען אין קליין־אזיען קירוסען, וועלכער שטיצט אונזער שונא ספּארטא.

ניין, מען קאָן עס ווייטער ניט לאָזען אזוי. מען מוז מאכען א סוף צו דעם. מיר טאָרען ניט לאָזען ווייטער פערגיפטען אונ־זערע קינדער. מען טאָר איהם ניט לאָזען ענדיגען זיין לעבען אין רוהע און פריעדען, אז אונזערע קינדער זאָלען אפילו נאָך זיין טויט שטאָלצירען מיט איהם און זיך ארומטראָגען מיט זיינע גיפ־טיגע רעדען, ווי מיט א אבן־טוב.

אין די פריהערדיגע צייטען, וואָלט מען פון אזא מין חברה־מאן גיך געקאָנט פטור ווערען. דאָס העכסטע געריכט, וואָס בע־שטעהט פון אונזערע עלטעסטע, דער ארעאָפּאג, וואָלט איינפאך פערבאָטען אזעלכע שטוקעס. איצט אָבער, ווען דער ארעאָפאג איז אָבגעשאפט געוואָרען ,איז קיין אנדער מיטעל ניטאָ ווי נור איהם צו מאכען א פראָצעס און איהם אוועקצושטעלען פאר'ן פאָלקס געריכט. און טאקע איינער פון אונזערע בעסטע פאטריאָטען אני־טאס, וועלכער איז אמאָל געוועזן א רייכער פאבריקאנט, אָבער וואָס האָט מקריב געווען דעם גרעסטען טייל פון זיין פערמעגען, פאר'ן פאטערלאנד, ער האָט שוין גענומען די זאך אין זיינע הענד. ער קלייבט זיך צו מאכען איין אנקלאגע געגען איהם. עס וועט צום גליק שוין לאנג ניט דויערן און סאָקראטעס וועט מוזען געהן דעם זעלבען וועג, ווי זיינע פאָרגעגנער אנאקסאגאראס און פראָ־טאגאראס. ער וועט מוזען דערציהען זיינע לעצטע יאָהרען ער־גע׳ץ וואו ווייטער פון אטהען. נישט קשה, ער האָט דאך שילער און פריינד איבעראל, זיי וועלען שוין זאָרגען פאר איהם. עס וועט איהם אפילו קאָסטען טרערען זיך צו געזעגענען מיט זיין מרשעת

קסאנטיפע, אָבער קיין גרויס אונגליק, וועט עס אויך פאר איהם ניט זיין.

אניטאס האָט שוין בעוויזען, אז ער איז א גוטער פאטריאָט און איין ענערגישער מענש, דאן, ווען ער האָט געקעמפפט געגען די אריסטאָקראטען און טיראנען. איצט וועט ער שוין ניט רוהען, ביז ער וועט דאָס זייניגע אויספיהרען און וועט דעם אלטען בעל־עברה׳ניק ארויסשיקען פון אטהען. ער האָט אויך צוויי גוטע העל־פער: ליקיאן דעם רעדנער און מעליטאס, דעם פאָעט...

* * *

די פאסירונגען האָבען אָבער גענומען א פיעל ערנסטערן, טראגישערן כאראקטער.

אניטאס האָט זיין קלאגע אריינגעטראָגען. זי ענטהאלט צוויי פונקטען: „סאָקראטעס טוט אונרעכט איין מאָל דורך דעם, וואָס ער ערקענט ניט אָן די געטער, וועלכע דער שטאאט ערקענט אָן און פיהרט איין אנדערע, פרעמדע געטער. דאן טוט ער אונרעכט דורך דעם, וואָס ער פערפיהרט דעם יונגען דור“. אלס שטראָף האָט אני־טאס געפאָרדערט ניט ארויסטרייבען פון לאנד (אסטראקיזמאס) נור סאָקראטעס׳עס קאָפּ.

אזוי בייז האָט אניטאס פיעלייכט אויך ניט געמיינט. אלע זיינען געוועזען זיכער, אז סאָקראטעס וועט זיך ניט שטעלען פאר׳ן געריכט נור בעצייטענס אליין ענטלויפען. מען האָט אבער סאָקרא־טעס׳ען ניט געקאָנט, ווען מען האָט עס געמיינט. סאָקראטעס האָט אָנגענומען די פאָרדערונג און זיך געשטעלט פאר׳ן געריכט.

עס איז געוועזען אין א שיינעם פריהלינגס פריהמאָרגען אין יאָהר399 פאר קריסטוס. עס איז ניט געוועזען קיין יום־טוב׳דיגער טאָג, דאָך האָבען פון פריהמאָרגען אָן גאנצע קופעס אטהענער בירגער, דאָס רוב עלטערע מענשען, זיך שוין געפונען אויפ׳ן גאס. זיי אלע האָבען געוואָלט דיענען אלס פאָלקס ריכטער. דערצו איז געוועזען בערעכטיגט יעדער אטהענער בירגער, עלטער ווי 30 יאָהר מיט א ריינעם נאָמען. ער האָט געדארפט נור נעהמען א ספּעצי־עלע שבועה.

וואָס פאר א פּראָצעס עס ערוואַרט זיי, האָט קיינער פון זיי ניט געוואוסט. זיי זיינען אלע געגאַנגען צום געריכטס געביידע אויפ'ן מארק פּלאַץ. דאָרט האָט מען געצויגען גורל. דאָרט האָט מען זיי צוטיילט פאר די פערשיעדענע געריכטען, און איידער עס איז נאָך געווען גוט ליכטיג איז יעדער פון זיי שוין געגאַנגען צו דעם פּלאַץ, וואו זיין געריכט געפינט זיך.

500 פאָלקס ריכטער האָבען ארויסגעצויגען דעם אונגליקלי־כען גורל צו ווערען סאָקראטעס'עס שופטים. זיי האָבען זיך אָבער דערפון ערשט דערוואוסט, דאן ווען די טיר איז שוין געווען פער־מאכט הינטער זיי. ערשט דאן האָט מען זיי ערקלערט, אז זיי שטעהט פאָר צו אונטערזוכען מעליטאס'עס אנקלאגע געגען סאָק־ראטעס'ען. (מעליטאס איז געווארען דער הויפּט־אנקלעגער.)

די פאָראונטערזוכונג האָט געפיהרט דער העכסטער בעאמטער, דער ארכאָן. ער איז אויך געווען איצט, ביים פּראָצעס, דער פאָר־זיצענדער.

די פאָלקס ריכטער האָבען זיך אויסגעזעצט אויף לאנגע ביינק, בעדעקט מיט דעקעס. די אנקלעגער און דער בעשולדיגטער געגען זיי אויף צוויי פּלאַטפאָרמען איינע נעבען דער אנדערער. אין דעם הינטערסטען טייל פון זאל איז געשטאנען א גרויסער עולם. צווישען זיי האָט מען געקאָנט זעהן א סך פון סאָקראטעס'עס שי־לער: דעם דאמאָלס 28 יעהריגען פּלאטא, זיין ברודער אדאמאנ־טוס, דעם ווילדער קריטיבולוס מיט זיין ברודער און פאָטער. סאָק־ראטעס ליעבלינגס שילער, דעם וואונדער־שיינעם פהעדרא מיט זיינע פּרעכטיגע געקרייזעלטע האָר, דעם עלעגאנטען אריסטאָקראט אריס־טופּ, און נאָך און נאָך א סך אנדערע אטהענער און פרעמדע. מיט א ציטערדיגען הארץ האָבען זיי אלע זיך צוגעהאָרכט צו יעדעם וואָרט און מיט שרעק האָבען זיי געוואַרט אויפ'ן סוף.

דער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבען, ווי געוועהנליך, מיט א תפלה און ווייהרויך. דער געריכטס דיענער האָט פאָרגעלייענט די אנקלאגע און די ערקלערונג פון דעם בעשולדיגטען. דער פּרעזי־דענט האָט דאן געבעטען די אנקלעגער ארויפצוגעהן אויף די טריבונע.

אלס ערשטער האָט גערעדט מעליטאס. ער האָט זיך בעמיהט צו בעווייזען, אז נור פּאטריאָטישע מאָטיווען האָבען איהם גע־נויטיגט צו מאכען די אנקלאגע. זיין רעדע האָט ענטהאלטען פיעל רערנערישע דריידלעך, זי איז אָבער ניט געפעלען געווארען.

נאָך איהם האָבען גערעדט אניטאס און ליקיאָן. זיי האָבען געמאכט א בעסערען איינדרוק און געהאט א גרעסערע ווירקונג. אניטאס האָט ערקלערט, אז ער האָט געגען סאָקראטעס'ען פּערזענ־ליך גאָר נישט. ער וואָלט געוועזען זעהר צופריעדען, ווען סאָקראטעס וואָלט זיך ניט געשטעלט צום געריכט און וואָלט אָבגעצויגען פון לאנד. אָבער ווי באלד ער איז יא געקומען, טאָר מען איהם ניט בעפרייען, ווארום זיין בעפרייאונג וואָלט צוגעגעבען מוט זיינע שילער נאָכצוטון זייער לעהרער. „סאָקראטעס'עס שילער" האָבען איבערהויפּט געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין דער אנקלאגע.

וועלכע בעווייזע די אנקלעגער האָבען געבראכט, ווייסען מיר ניט.

איצט איז געקומען די רייהע פאר סאָקראטעס'ען צו רעדען. און ער האָט גערעדט. זיין רעדע האָט געמאכט דעם איינדרוק ווי ניט פאָרבערייט (אימפּראָוויזאציאָן). זי איז פול פון ערנסטקייט און זעלבסטווירדע, פון שארפזין, וויטץ און איראָניע. סאָקראטעס האָט אין איהר ארויסגעוויעזען א וואונדערליכען מוטה און פעסט־קייט. ער האָט מיט קיין וואָרט ניט געוואָלט ווירקען אויף די גע־פהלען פון די ריכטער. ניט קיין רחמנות האָט ער געבעטען, נור רעכט האָט ער געפאָדערט.

אנשטאט צו בעטען רחמים האָט סאָקראטעס גענומען דעם טאָן פון א בעליידיגטען. פון אויבען אראָב האָט ער בעהאנדעלט זיינע אנקלעגער. ער האָט געגעבען א בילד פון זיין לעבען און טהעטיגקייט און האָט געוויעזען, אז ער איז דער אויסגעוועהלטער פון גאָט. ער איז געשטעלט געוואָרען די מענשען צו לערנען און בע־סער צו מאכען. ער איז צו גוט און צו עהרליך פאר א פּאָליטישען טוער. ער אליין האָט געטריעבען די ריכטער אויף דעם וועג פון גאנצע מיטלען: ענטוועדער אין גאנצען בפרייען, אדער בעשול־דיגען. ער האָט זיי פאראויסגעזאָגט, אז עס וואָלט געוועזען אונוויר־

דינג אי פאר זיי אי פאר איהם צו מיינען, אז ער וועט קענען ווערען אנדערש. קיין פשרה איז דאָ ניט מעגליך. „איך אכטע אייך זעהר, אטהענער, און בין בערייט אייך צו פאָלגען, אָבער איך אכטע גאָט און זיין אראקעל נאָך מעהר, און כל זמן איך וועל האָבען כח, וועל איך ניט אויפהערען צו לערנען טוגענד און וועל ניט האנדלען אנדערש, ווי ביז איצט".

די רעדע האָט געמאכט א געוויסען איינדרוק. די ריכטער האָבען זיך דאן אויפגעהויבען און אָבגעגעבען זייערע שטימען אין איינעם פון די צוויי שטימקאסטענס. ווען מען האָט די שטימען איבערגעצעהלט האָט זיך ארויסגעוויזען אז נור 30 שטימען האָט געפעהלט סאָקראטעס'ען בעפרייט צו ווערען.

נור פון 30 שטימען איז בעשטאנען די מאיאָריטעט, וואָס האָט געפונען סאָקראטעס'ען פאר שולדיג. אָבער שולדיג איז ער דאָך ערקלערט געווארען. דער פראָצעס האָט געמוזט געהן ווייטער און עס האָט געמוזט בעשטימט ווערען, וועלכע שטראף עס קומט איהם. סאָקראטעס האָט איצט נאָך געהאט א געלעגענהייט פטור צו ווערען מיט א לייכטע שטראף. ער האָט אָבער בידים איבער־געפיהרט זיך.

אין אטהענער געריכט פלעגט דער אנקלעגער אין זיין אנ־קלאגע אָנווייזען, וועלכען סאָרט שטראָף ער פאָרדערט. און דער בעשולדיגטער פלעגט דארפען פון זיין זייט פאָרשלאָגען א שטראף. עס איז קלאָר, אז וואָס נאכגיעביגער דער בעשולדיגטער פלעגט זיך ארויסווייזען און וואָס גרעסער די שטראָף פלעגט זיין, צו וועל־כער ער אליין איז מסכים, אלץ מעהר שאנסען האָט ער געהאט, אז זיין פאָרשלאג וועט אָנגענומען ווערען.

סאָקראטעס האָט אָבער איןביידע פונקטען אָבגענארט די האָפנונגען און ערווארטונגען פון די ריכטער, וואָס זיינען געווען פריינדליך צו איהם.

נור מיט א שטארקען ווידערווילען און אָפען ערקלערענדיג, אז ער גיט עס נור נאָך זיינע פריינד, האָט ער מסכים געווען צו צאהלען די קליינע שטראָף פון 300 דראכמען. צו דערזעלבער צייט האָט ער אָבער אין שארפע ווערטער, צו וועלכע דאָס אטהענער

פאָלק איז גאָר ניט געוועהנט געוועזן, פראָטעסטירט געגען די אונ־גערעכטיגקייט פון דעם פסק. „וואָס קאָן איך דען, אטהענער, פאַר־שלאָגען? אפשר דאָס, וואָס מיר קומט פאר מיינע פערדיענסטען? דאָס גאנצע לעבען האָב איך געארבייט, ניט וויסענדיג פון קיין פערמאטערטקייט און ניט זאָרגענדיג וועגען קיין זאך ניט, וואָס מאכט פול דאָס לעבען און די גערדאנקען פון אנדערע מענשען: ניט וועגען עשירות, ניט וועגען דער פאמיליע, ניט וועגען מילי־טערישען כבוד, ניט וועגען עפענטליכע שטעלען, ניט וועגען פאָלקס־פערזאמלונגען, ניט וועגען פארטייען. וואָס קומט מיר אלזאָ דער־פאר? וואָס קומט איין ארימאן, כמעט א בעטלער, וועלכער האָט אזויפיעל גוטעס געטאָן פאר'ן כלל און וועלכער נויטיגט זיך נור אין איין זאך: צו קאָנען אָהן זאָרג פארטזעצען זיין נוצליכע טהע־טיגקייט!" סאָקראטעס זאָגט זיינע ריכטער גאנץ ערנסט און אי־בערצייגט, אז אייגענטליך וואָלט מען איהם געדארפט אויסהאלטען אויפ'ן קהל'שען חשבון דעם גאנצען איבעריגען טייל פון זיין לעבען.

אזא האלטונג פון א מענשען, וועלכער איז אָקאָרשט אנער־קענט געוואָרען פון פאָלקס געריכט פאר שולדיג אין שווערע פערברעכענס, איז אויסגעקומען ווי איין אונערהערטע בעליידי־גונג אין די אויגען פון די ריכטער.

דאָס רעזולטאט איז געווען, אז די מאיאָריטעט געגען איהם איז געוואָרען פיעל גרעסער. מיט 320 געגען 180 שטימען איז בעשלאָסען געווארען, אז סאָקראטעס מוז שטארבען פון גיפט־בעכער.

סאָקראטעס האָט זיך אונטערגעוואָרפען אונטער דעם פסק פון געריכט. אין ווייכע ווערטער האָט ער — אין זיין לעצטען וואָרט — פאַרגעוואָרפען די ריכטער, פאר וואָס זיי האָבען זיך געאיילט צו מאכען א סוף פון זיין לעבען, כאָטש זיי וויסען גאנץ גוט, אז איהם איז געבליעבען ניט פיעל צו לעבען. די שפּעטערדיגע דורות וועלען זיי פער'משפט'ן. פאר'ן טויט האָט ער קיין מורא ניט. ער איז מוחל זיינע ריכטער. ער בעט נור, אז מען זאָל זאָרגען פאר זיינע קינדער. אלזאָ — האָט ער פערענדיגט — עס איז גע־

קומען דער טאָג, ווען מיר מוזען זיך שיידען. איך געה שטארבען, איהר — לעבען. וואָס עס איז בעסער, וויים איין גאָט".

שטארבען איז סאָקראטעס'ען אָבער ניט אויסגעקומען אזוי גיך, ווי מען האָט גערעכענט. דאָס שיף, וואָס די אטהענער פלעגען אלע יאָהר שיקען אין דעלאָס אויף'ן יום טוב פון גאָט אפּאלא איז אָקאָרשט אָבגעפאָהרען און כל זמן ער פלעגט ניט קומען צוריק פלעגט מען ניט טאָרען קיינעם בעשטראָפען מיט'ן טויט. 30 טעג האָט סאָקראטעס געמוזט זיצען אין געפענגנים געשמידט, ווארטענדיג אויף'ן סוף.

טאָג־טעגליך פלעגען קומען צו איהם זיינע פריינד און שילער און סאָקראטעס פלעגט מיט זיי פיהרען זיינע פילאָזאָפישע געשפּרעכען. איין מאָל, גאנץ אין דער פריה, איז געקומען איינער פון זיינע איבערגעבענסטע שילער, דער רייכער קריטיאן, און האָט איהם גענומען איינרעדען, ער זאָל זיך ראטעווען, ער זאָל ענטלויפען. א שיף ווארט אויף איהם. אלץ איז אָנגעגרייט. מען דאַרף נור, ער זאָל מסכים זיין. סאָקראטעס האָט איהם מיט זיין געוועהנליכען שארפזין און קאלטבלוטיגקייט גענומען בעווייזען, אז ער טאָר אזא זאך ניט טון; אז ער מוז געהאָרכען דעם געזעץ פון זיין פאָלק; אז עס וואָלט געווען א שמאך און א שאנדע, ווען ער — דער אלטער פילאָזאָף — וואָלט מסכים געווען צו קריטאנס פאָרשלאָג. „אפשר האָסט דו אנדערע ארגומענטען, טו זאָג, קריטיאן". „איך קען מעהר גאָר נישט זאָגען", האָט קריטיאן געענטפערט מיט טרויער. „אויב אזוי, טו געה רוהיג אהיים, קריטיאן, און לאָז מיך ערפילען גאָטס ווילען און געהן דאָרט, וואוהין ער הייסט".

עס איז געקומען סוף כל סוף דער לעצטער טאָג פון סאָקראטעס'עס לעבען. גלייך אין דער פריה זיינען געקומען זיינע שילער און פריינד. זיי האָבען איהם שוין געפונען בעפרייט פון די קייטען. נעבען איהם זיינען געזעסען זיין פרוי קסאנטיפּע מיט די קינדער. דערזעהענדיג די שילער, האָט סאָקראטעס ארויסגעשיקט דאָס ווייב און די קינדער און איז געבליעבען צוזאמען מיט די שילער זיך דורכצורעדען מיט זיי צום לעצטען מאָל.

זיי האָבען גערעדט וועגען טויט, וועגען נשמה, וועגען אונ־שטערבליכקייט א. ז. וו.

זיינע שילער זיינען געוועזען אלע פול פון קומער. אויף זייערע צורות איז געלעגען א וואָלקען פון טרויער. זייערע אויגען זיינען געווען פול פון טרערען, און פון זייערע הערצער פלעגען זיך ארויס־רייסען קרעכצען. סאָקראטעס האָט זיי צערטליך געטרייסט, און זיי בעוויעזען, אז זיי האָבען ניט פאר וואָס צו זיין אזוי פערצווייפעלט. ער האָט גערעדט מיט זיי אין זעלבען פילאָזאָפישען טאָן אויף פילאָזאָפישע טהעמאס. אזוי איז אוועק דער טאָג.

די זון האָט געהאלטען ביים אונטערגעהן. די שרעקליכע שעה איז געקומען. סאָקראטעס איז אריין אין דאָס צווייטע צימער, האָט גענומען א וואנע און געלאָזט רופען די ווייב און קינדער. ער האָט זיך מיט זיי געזעגענט, זיי געזאָגט, אז קריטיאן וועט פאר זיי זאָרגען און האָט זיי אָבגעשיקט אהיים. ער האָט ניט געוואָלט, זיי זאָלען זיין ביי זיין טויט.

גלייך נאָכדעם איז אריין דער אויפזעהער פון געפענגנים מיט דעם אונגליקס־בעכער אין האנד. ער האָט געבעטען, סאָקראטעס זאָל איהם מוחל זיין און מיט טרערען אין די אויגען איז ער ארויס פון צימער. סאָקראטעס האָט רוהיג גענומען דעם בעכער; געלאָ־סען אָבגעזאָגט די תפלה און געלאסען אויסגעטרונקען דאָס גיפט. די שילער האָבען שוין מעהר ניט געקאָנט זיך צוריקהאלטען. עס איז גווארען א יללה, א כליפעריי, א הערצרייסענדער געוויין. סאָק־ראטעס האָט זיי בערוהיגט און זיי געצוואונגען ענטשווייגען צו ווערען .ער אליין האָט גענומען ארומגעהן איבערן צימער — ווי דער אויפזעהער פון געפענגנים האָט איהם געהייסען — ביז ער האָט גענומען פיהלען א שווערקייט אין די פיס. דאן האָט ער זיך אוועקגעלעגט אין בעט. פון צייט צו צייט פלעגט דער אויפזעהער צוגעהן און פרעגען: „וואָס פיהלט ער?" און ער האָט געפיהלט, ווי פון אונטען פון די פיס אָן שטארבט אלץ אָפּ אבר נאָך א אבר. זיין שילער אפּאלאדאר האָט איהם געוואָלט אונטערלעגען זיין פרעכ־טיגען מאנטעל, אָבער סאָקראטעס האָט ניט געלאָזען. „צו דען מיינסט דו, אז די פראָסטע קליידער, וועלכע האָבען געפּאסט פאר

מיר מיין גאנץ לעבען, פאסען ניט איצט ביי מיין טויט ?" — דאס גיפט האט זיך אונטערדעפען פערשפרייט איבער'ן גאנצען קערפער, און אלע אברים זיינען געווארען ווי פערגליווערט. סאקראטעס האט נאך געבעטען קריטיאנען, ער זאל ברינגען פאר איהם א קרבן צום גאט עסקולאפ. ווען קריטיאן האט איהם געפרעגט: צו וויל ער נאך וואס ? האט ער קיין ענטפער שוין ניט בעקומען. סאקראטעס האט א ציטער געטאן און אויסגעצויגען זיך. אלץ איז געווען געענדיגט. און קריטיאן האט צוגעדריקט די אויגען פון דעם געשטארבענעם לעהרער.

אט אזוי איז געשטארבען סאקראטעס, איינער פון די מערקווירדיגסטע מענשען, וועלכע די מענשהייט האט ווען עס איז געהאט.

עס ווערט דערצעהלט, אז דאס פאלק פון אטהען האט שפעטער חרטה געהאט פאר דעם פסק, אז מען האט בעשטראפט סאקראטעס'עס אנקלעגער און אז מען האט סאקראטעס'ען געשטעלט א מאנומענט. דאס אלץ איז אבער פאלש. נאך אין 50 יאהר ארום זיינען די געפיהלען פון די אטהענער געווען ניט פריינדליכער צו סאקראטעס'ען. ניין, דעם אטהענער פאלק איז ניט בעשערט געווען זיך ריינצוואשען פון זיין מארד.

נור אין די עראינערונגען אין ווערק פון זיינע שילער; אין דער ענטוויקלונג פון דער פילאזאפיע, און אין דער ליכט פון די שפעטערדיגע יאהרהונדערטען איז סאקראטעס ווידער ערהויבען געווארען צ ו דער העכסטער מדרגה פון איינעם פון די גרעסטע גייסטיגע העלדען פון דער מענשהייט. צו איינעם פון די אייִדעלסטע פערזאנען און העלדישעסטע מארטירער, און פון דעם פיעדעסטאל וועט ער שוין קיין מאל ניט ארונטערגענומען ווערען.

**ענדע**

# אריסטאטעל

---

## דער פרינץ פון פילאזאפען

---

דאס לעבען און דיא לעהרען פון דעם גרעסטען
און טיעפסטען פילאָזאָף פון אלט גריכענלאנד.

---

פון

## פיליפ קראַנץ.

# אַריסטאָטעל.

ערשטער קאַפּיטעל.

## זיין לעבען ביז ער איז געוואָרען לעהרער פון אלכסנדר מוקדן.

מען זאָגט, אַז זייט מענשען עקזיסטירען אויף דער ערד איז נאָך קיין מאָל ניט געבאָרען געוואָרן אַזאַ גרויסער זשעני (גאון) וויא אַריסטאָטעל. יעדענפאַלס איז עס זיכער, אַז קיין פילאָזאָף האט נאָך ניט געהאַט אַזאַ ברייטען און טיעפען איינפלוס אויף אַלע קולטור־פעלקער אין פערלויף פון קנאַפּע 2000 יאהר, וויא דיזער קאַלטער לאָגיקער, דיזער גרעסטער שטערן פון דער אַלט־גריכישער פילאָזאָפיע און ציוויליזאציאָן, דיזע לעבעדיגע ענציקלאָפּעדיע פון אַלע וויסענשאַפטען אין זיין צייט.

אריסטאָטעל איז טאַקע אין אמת׳ן אַ גרויסע וועלט אין איין פערזאָן, אין איין פיזיש־שוואַכען און קליינען קערפּער. מען רופט איהם: „פּרינץ פון פילאָזאָפען“. דיא אַראַבישע פילאָזאָפען האבען איהם גערופען: „דער אָנווייזער פון מענשליכען גייסט“. דיא אידישע פילאָזאָפען האבען איהם זאָגאַר גערופען: „דער געטליכער“. דער רמב״ם האָט געשריעבען, אַז דיא העכסטע מדרגה פאר אַ מענש

איז צו פערשטעהען אַריסטאָטעל׳ס פילאָזאָפיע, נאָר דערביי האָט ער, אַלס איינער וואָס האָט גטוואָלט אָב׳טבל׳ען דיזע ריין־וועלטליכע און אויך אפיקורס׳ישע פילאָזאָפיע אין דער אידישער רעליגיאָן, צוגעזעצט: „מיט אויסנאַהמע פון דיא נביאים“.

אין מיטעלאַלטער, אפילו אין דיא פינסטערסטע צייטען פון קאַטאָליציזמוס און פון דער קריסטליכער רעאַקציאָן געגען דיא גריכישע און רוימישע „געצענדיענערס“, האָט מען אַריסטאָטעל׳ן איינפאַך פערגעטערט. גלחים האבען צוזאַמענגעפּלאָנטערט דיא טהיילען פון זיינע שריפטען, וועלכע האָבען געפּאַסט פאַר זייערע חקירות, מיט דעם קאַטאָליציזמוס און האָבען ניט נאָר בעטראַכטעט יעדען בוכשטאַב אין דיזע שריפטען אַזוי וויא א געטליכע אָנווייזונג, זאָנדערן האָבען נאָך פערפאָלגט אַלס אפיקורסים יעדען איינעם, וואָס האָט געוואגט צו קריטיקירען אַריסטאָטעל׳ס פילאָזאָפיע אָדער געצווייפעלט אין דעם מינדעסטען פון איהרע פונקטען. דאס איז אַזוי וויט גענאַנגען, אז אפילו נאָך אין 1624 יאָהר האט דער פּאַריזער פּאַרלאַמענט ערקלערט טויט־שטראָף פאַר דיא יעניגע, וואס וועלען ארויסטרעטען געגען דער פילאָזאָפיע.

וואָרום האָט אָבער אַריסטאָטעל געהאַט אזא אויסעראָרדענטליכע איינפלוס אין דער וועלט אזא לאַנגע צייט?

איידער מיר וועלען ענטפערן אויף דיזע גרויסע פראַגע, וועלען מיר איבערגעבען וואָס מען וויים וועגען זיין לעבען, ערציהונג און טהעטיגקייט.

* * *

דער גרעסטער און טיעפסטער דענקער פון זיין צייט איז געבאָרען געוואָרן אין 384 יאָהר פאַר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג אין דער ש.־אָדט סטאַגירא, א גריכיישע קאָלאָניע אויף דעם גרענעץ פון מאַצעדאָניען. פון זיין פאָטער וויים מען נאָר, אז ער האָט געהייסען ניקאָמאַכוס און אז ער איז געוועזן דער לייב־אַרצט פון דעם מאַצעדאָנישער קעניג אַמינטאַס II. אַלס אזא אַנערקענטער דאָקטאָר האָט ניקאָמאַכוס אויך געמוזט זיין א געלעהרטער און רייכער מאַן. זיין זוהן האָט ער אויך געוועלט מאַכען פאַר א דאָקטאָר, אָבער דיזען

וואונש האָט ער ניט געקענט אויספיהרען, ווייל ער איז פריה־צייטיג געשטאָרבען. אריסטאָטעל איז געבליבען א יתום, ווען ער איז אלט געווען א יאָהר 10. א פאמיליע, צו וועלכער ער איז זיין גאנצען לעבען געבליבען זעהר דאנקבאר, האָט איהם אדאָפּטירט און ערצויגען.

וואס ער האָט געלערנט און געטאָן ביז דער צייט, ווען ער איז געוואָרען א שילער פון דעם דאמאָלס גרעסטען גריכישען פילאָזאָף פּלאטאָן (אפּלטון), וויס מען ניט. עס איז מעגליך, דאָס ער האָט געפאָלגט זיין פאָטער און האָט שטודירט מעדיצין. אז ער איז געווען פעראינטערעסירט אין מעדיצין און האָט זעהר פיעל געוואוסט אויך פון פארמאציע (אפּטייקעריי), אין דעם קען קיין צווייפעל ניט זיין. פון זיין פאָטער האָט ער זיכער געירש'ענט א נייגונג צו מעדיצין. יעדענפאלס וויס מען, אז ער האָט פעראינטערעסירט זיין קעניגליכען שילער אלכסנדר מוקדן אין מעדיצין און אז ער האָט אָנגעשריעבען א ווערק „איבער געזונדהייט און קראנקהייטען“.

נאָר אויב ער האָט ווירקליך פּראקטיצירט מעדיצין, וויא איינינע פון זיינע גריכישע ביאָגראפען האָבען עס בעהויפּטעט, דאָס קען מען ניט דערגיין אויף זיכער. דריי פון זיינע גריכישע ביאָגראפען דערצעהלען אויך, אז גלייך נאכדעם וויא ער האָט געירש'ענט דעם גאנין גרויסען פערמעגען פון זיין פאָטער, האָט ער זיך אָבגעגעבען צו א לעבען פון פערגניגען און האָט געהולעט אזוי לאנג ביז ער האָט אלעס אויסגעבראכט און איז געצוואונגען געווען צו ווערן א סאָלדאט, אום צו מאכען א לעבען. נאָר דאס סאָלדאטען־לעבען האָט איהם שנעל דערעסען, און ער האָט זיך דאן אָבגעגעבען צו פילאָזאָפיע. עס איז שווער צו גלויבען, אז אזא טיעפער דענקענדער גייסט זאָל פיהרען א לייבטען און אויסגעלאסענעם לעבען אין דער יוגענד, נאָר אלעס איז מעגליך אויף דער זינדיגער וועלט, וועלכע איז פול מיט פערשיעדענע ווידערשפּריכע. יעדענפאלס איז עס גאָר איבעריג צו זאָגען, אז דער שם פון דעם פּרינץ פון פילאָזאָפען קען א האאר ניט ליידען פון דעם, וואָס פאר א לעבען ער האָט דורכגעמאכט אין זיינע יונגע יאָהרען; אָבער אין מיטעלאלטער האָבען דיזע בעריכטען פון דיא גריכישע ביאָגראפען ניט וויניג עגמת נפש אָנגעמאכט זיינע פער־

עהרער. דיזע פערעהרער האָבען אפילו ניט געוועלט צולאָזען, אז דער פערגעטערטער פילאָזאָף האָט זיך גאָר געקענט בעשעפטיגען מיט אזעלכע „ניעדריגע“ און טאָג־טעגליכע זאכען, וויא מעדיצין און פארמאציע.

ווען אריסטאָטעל איז אָנגעקומען אין אטהען, דעם דאמאָלס־דיגען גייסטיגען צענטער פון גריכענלאנד און פון דער גאנצער אנטי־קער וועלט, אום צו ווערן פלאטאָן׳ס א שילער, ווייס מען ניט פאָ־זיטיוו. אלע זיינע גריכישע ביאָגראפען שטימען איין, אז ער האָט פערבראכט 20 יאהר אין פלאטאָן׳ס שוהלע. אזוי וויא עס איז פעסטגעשטעלט, דאָס א קורצע צייט נאָך פלאטאָן׳ס טויט אין 347 יאָהר האט זיך אריסטאָטעל אָבגעטהיילט פון דיזער בעריהמטער שולע, זאָ דארף מען אָננעהמען, אז ער איז געווען ניט עלטער פון צוואנציג יאהר, ווען ער איז אהין אריינגעטראָטען. פלאטאָן איז, וויא בעוואוסט, געווען א שילער פון סאָקראטעס, זאָ דאָס אריסטאָ־טעל האָט שליסליך איבערגענומען דיא לעהרען פון זיינעביידע גרעסטע פאָרגענגער אין גריכענלאנד.

אין פלאטאָן׳ס שולע, וואו עס האָבען זיך צוזאמענגעטראָפען דיא פעהיגסטע יונגע לייט פון גאנץ גריכענלאנד און אויך פון ארו־מיגע לענדער, האט זיך אריסטאָטעל באלד אויסגעצייכענט ניט נאָר מיט זיינע גלענצענדע פעהיגקייטען, זאָנדערן אויך מיט א זעלטענעם פלייס און מיט אן אונערזעטליכען אפעטיט צו לעזען אלעס וואָס מע־האט ביז זיין צייט אָנגעשריעבען. פלאטאָן האָט איהם דעריבער גערופען „דער לעזער“. מען מעג זאָגען, אז אריסטאָטעל האָט איבער־געלעזען דיא גאנצע ליטעראטור און אויסגעשטודירט אלע וויסענ־שאפטען פון זיין צייט.

ער איז קיין מאָל ניט געווען א בלינדער שילער פון פלאטאָן׳ס פילאָזאָפיע, נאָר ביז זיין לעהרער׳ס טויט איז ער דאָך ניט ארויס־געטראָטען אָפען געגען איהר. נאָך זיין כאראקטער אין גייסט האָט ער ניט געקענט איינשטימען מיט אלע אויספיהרונגען פון זיין גרויסען לעהרער. ווארום ער איז פולצלונג ארויסגעטראָטען געגען פלאטאָן׳ס פילאָזאָפיע איז ניט בעקאנט. איינינע האָבען איהם בעשולדיגט איז

אונדאנקבארקייט צו זיין לעהרער, אָבער זיי האבען ניט פערשטאנען זיין זעלבסטשטענדיגען כאראקטער און טיעפע דענקונגס־קראפט. נאָר וויא דיא זאך איז ניט געווען, איז עס זיכער, אז אריסטאָטעל האָט שטענדיג געצייגט גרויס אכטונג צו זיין לעהרער אפילו ווען ער האָט איהם שארף קריטיקירט. זיין שטעלונג צו פלאטאָן און צו אלע פריהערע גריכישע פילאָזאָפען האָט ער אויסגעדריקט מיט זיין בע־ריהמטע פראזע, וועלכע איז געוואָרן דער קאמפף־וואָרט פון זיין שולע: Amicus Socrates, Amicus Plato, magis amica veritas (פריינד פון סאָקראטעס, פריינד פון פלאטאָן, אָבער נאך מעהר א פריינד פון וואהרהייט). מיט דיעזער פראזע בענוצט מען זיך געוועהנליך אין ויכוחים, אום צו צייגען גייסטיגע זעלבסטשטענדיגקייט.

אין דעם זעלבען יאָהר, ווען פלאטאָן איז געשטאָרבען, האָט אריסטאָטעל געמוזט פערלאָזען אטהען. דיא אורזאכע איז געווען א פּאָליטישע. ארום דער צייט איז מאצעדאָניען זעהר שטארק געוואָרן. דער קעניג פיליפּ, אלעקסאנדער דעם גרויסען'ס פאָטער, האָט געזוכט צו בעהערשען גאנין גריכענלאנד און האָט אָנגעהאלטען זיינע אגענטען אין דיא וויכטיגסטע גריכישע שטעדט. אריסטאָטעל איז געווען אַן אָנהענגער פון מאצעדאָניען, ניט נאָר דערפאר, ווייל ער איז דאָרט געבאָרען געוואָרן און זיין פאָטער איז געווען א קעניגליכער דאָקטאָר, זאָנדערן אויך דערפאר, ווייל ער האָט געשטרעבט צו א פעראייניגונג פון אלע קליינע גריכישע רעפּובליקען, אום צו פער־ניכטען דיא פערסישע אימפעריע, וואָס זיין שילער אלכסנדר מוקדן האָט נאכהער אויסגעפיהרט. דיא אטהענער רעפּובליק האָט אָבער אליין געשטרעבט צו בעהערשען גאנין גריכענלאנד, דארום האָט מען דאָרטען געקוקט מיט בייזע אויגען אויף דיא מאצעדאָניער פארטיי. עס איז אָבער אויך מעגליך, אז אריסטאָטעל האָט פערלאָ־זען אטהען צוליעב דעם, וואָס מען האָט איהם ניט אויסגעקליבען פאר דעם הויפּט פון פלאטאָן'ס שולע, ווייל ער האָט ניט איינגע־שטימט מיט איהר פילאָזאָפיע.

יעדענפאלס איז ער אוועק צו זיין פריינד און אנהענגער הערע־מיאס, וועלכער איז געווען א שקלאוו און א יעוונוך (סרים) און איז

געוואָרן דער הערשער אָדער, וויא דיא גריכען האבען עס דאמאָלס גערופען, דער „טיראַן" פון אטאַרנעאס אין קליין־אזיען. דאָרטען האָט אריסטאָטעל חתונה געהאט מיט א שוועסטער אָדער פּלימעניצע פון דיעזען מערקווירדיגען מאַן, וועלכער האָט זעהר טראַגיש געענדיגט זיין לעבען. גלייך נאָכדעם, וויא דיזער הערעמיאס איז איבערגעגעבען געוואָרן אין דיא הענד פון זיינע טויט־פיינד, דיא פּערסען, וועלכע האבען איהם ערמאָרדעט, האָט אריסטאָטעל געמוזט אנטלויפען. ער האָט זיך בעזעצט אויף דעם אינזעל לעסבאָס (מעטילען), וואו ער האָט געלעבט זעהר איינזאם. נאָר דאָרטען האָט ער ניט לאַנג פּער־בראַכט, דען דער מאַצעדאָניער קעניג פיליפּ האָט איהם איינגעלאַ־דען צו זיך צו ערציהען זיין זוהן, ווענען עס איז בעשערט געווען אויסצופיהרען דעם הייסען וואונש פון אַלע גריכען צו פערניכטען דיא דעספּאָטישע אימפּעריע פון דיא פּערסען.

מען האָט בעהויפּטעט, אַז ווען אלכסנדר מוקדן איז געבאָרען געוואָרן, האָט זיין פאָטער געשריעבען צו אַריסטאָטעל'ן: „איך לאָז אייך וויסען, אַז איך האָב אַ זוהן. איך דאַנק דיא געטער ניט אַזוי דער־פאַר, וואָס זיי האָבען מיר איהם געשאָנקען, נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען איהם געלאָזען געבאָרען ווערען אין אריסטאָטעל'ס צייט. איך האָף, אַז איהר וועט פון איהם מאַכען מיין ווירדיגען נאָכפאָלגער און אַ ווירדיגען קעניג פון מאַצעדאָניען".

עס איז אָבער זעהר צווייפעלהאַפט, אויב פיליפּ האָט געשרי־בען אַזא בריעף צו אַריסטאָטעל'ן. יעדענפאַלס האָט דער פילאָזאָף, וועמעס נאָמען איז נאָך דאַן ניט זעהר שטאַרק בעריהמט געווען, אָנגענומען צו זיין דער לעהרער פון דעם צוקונפטיגען הערשער פון אזיען. ער איז דאַן אַלט געווען אַ יאָהר 42 און זיין שילער 15 יאָהר.



צווייטער קאפיטעל.

## אריסטאָטעל'ס טהעטיגקייט אין אַטהען און זיין טויט.

זיעבען יאָהר נאכהער איז פיליפּ ערמאָרדעט געוואָרן און אלכסנדר, וועלכער איז גלייך ארויף אויפ'ן טראָן, האָט זיך גענומען בעשעפטי־גען מיט דער אויספיהרונג פון זיין טרוים צו בעפאלען און בעזיעגען דיא פערסישע אימפּעריע. אריסטאָטעל איז דאן ווידער אוועק אין אַטהען, נאָר שוין ניט אַלס שילער אָדער איינפאכער פילאָזאָף, זאָנ־דערן אַלס גרינדער פון אַ נייע פילאָזאָפישע שולע, וועלכע איז בע־ריהמט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען פּעריפּאטעטישע. דיזער נאָמען קומט דערפון, וואָס זיין שולע האָט ער געגרינדעט אין דיא „פּעריפּאטאָס" (פּראָמענאַדען) לעבען אפּאָלאָן'ס ליצעאום.

צו דער צייט, דיא וויכטיגסטע פון זיין לעבען, האָט ער שוין געהאט אויסגעארבייט זיין גאנצע פילאָזאָפיע און ער האָט זיך פלייסיג גענומען צו שרייבען זיינע בעריהמטע ווערק, פון וועלכע לײדער ניט אלע זיינען איבערגעבליבען. 13 יאָהר האָט ער פערבראכט אין אַטהען אַלס הויפּט פון דער פּעריפּאטעטישער שולע. ער האָט אין דער זעלבער צייט געלערנט אנדערע און געשריעבען זיינע ווערק, אין וועלכע ער האָט איבערגעגעבען אלעס וואָס מען האָט אין זיין צייט געוואוסט פון דער נאטור און פון דער מענשליכער געזעלשאפט. מען רעכענט, אַז ער האָט בענוצט איינינע פון זיינע צאָהלרייכע און בעגאבטע שילער צו העלפען איהם אין זיין ריזיגער ארבייט, בעזאָנ־

דערס אין דער בעשרייבונג פון דיא חיות, פלאַנצען און אַלע זאַכען, וואָס ער האָט צוזאַמענגעקליבען.

דער לעהרער און דער שילער האָבען גלייכצייטיג דערגרייכט זייער העכסטע שטופע אויף פערשיעדענע וועגען: אַריסטאָטעל אין פילאָזאָפיע און וויסענשאַפט, אַלכסנדר אַלס דער גרעסטער קריעגס־פיהרער פון זיין צייט און אַלס דער הער־שער פון דער גאַנצער אַל־טער וועלט. מען זאָגט, אַז אַלכסנדר מוקדן, וועלכער האָט געליעבט און הויך געשעצט זיין לעהרער, האָט איהם געהאָלפען מיט געלט און מענשען אין אַלע וויסענשאַפטליכע נאַכפאָרשונגען. איינינע גרי־כישע ביאָגראַפען דערצעהלען, אַז אַלכסנדר מוקדן האָט געגעבען זיין לעהרער 800 טאַלענטען זילבער (אונגעפעהר 4 מיליאָן פראַנק) און האָט ארויסגעשיקט 1000 מענשען צו זוכען און צו זאַמלען חיות, פלאַנצען, שטיינער און איבערהויפט אַלע פּראָדוקטען פון אַזיען. אַריסטאָטעל האָט יעדענפאַלס געהאַט דיא בעסטע מיטעל אין זיין צייט פאַר וויסענשאַפטליכע נאַכפאָרשונגען און בעשרייבונגען.

דיא פריינדליכע בעציהונגען צווישען אַריסטאָטעל און אַלכסנדר מוקדן האָבען אָנגעהאַלטען ביז 328 יאָהר, ווען אַלכסנדר, וועלכער איז פערדאָרבען געוואָרען אונטער דיא אַזיאַטישע אומשטענדען און איז ביסלעכווייז געוואָרען אַ דעספאָט נאָך דעם מוסטער פון דיא אַזיאַטישע מלכים, האָט געהייסען אומברענגען דעם גריכישען פילאָ־זאָף קאַליסטען דערפאַר, וואָס דער לעצטער האָט זיך ענטזאָגט צו אַנערקענען איהם פאַר אַ גאָט. (וויא בעוואוסט האָט זיך אַלכסנדר אין זיין גדלות ערקלערט פאַר אַ גאָט און האָט געפאָדערט מען זאָל זיך בוקען צו איהם). קאַליסטען איז געווען אַריסטאָטעל׳ס אַ פּלימעניק. ווען אַריסטאָטעל האָט דערהערט וועגען דיזען מאָרד, איז ער זעהר אויפגעבראַכט געוואָרען אויף זיין שילער.

פינף יאָהר נאָכדעם איז אַלכסנדר מוקדן יעשטאָרבען. זיין פּלעצליכער טויט איז אויך געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר אַריסטאָ־טעל׳ן. אין אַטהען האָבען דיא געגנער פון מאַצעדאָניען גלייך אויפ־געהויבען דעם קאָפּ. דער האַס צו דער הערשאַפט פון מאַצעדאָניען, וועלכע איז אָבגעשוואַכט געוואָרען צוליעב אַלכסנדר׳ס זיעגען אין אַזיען

— זיענען, מיט וועלכע גאנץ גריכענלאנד האָט נאַטירליך שטאָלצירט און זיך געפרעהט — האָט אויפגעפלאַקערט, וויא נאָר מען האָט ערהאַלטען דיא נאַכריכט פון אלכסנדר׳ס טויט. מען האָט אָנגעפאַנגען צו פערפאָלגען דיא בעוואוסטע אנהענגער פון מאצעדאָניען, און אזוי וויא אריסטאָטעל איז — מיט רעכט אָדער אונרעכט — גערעכענט געוועזן פאַר א פריינד פון דיא מאצעדאָניער קעניגע, האָט מען זיך אויך גענומען צו איהם. אַלע זיינע פּאָליטישע פיינד און פילאָזאָפישע געגנער האָבען זיך פערבונדען געגען איהם. מען האָט איהם פּאָרגעשטעלט אַלס אַ פיינד פון דער אַטהענער רעפּובליק און פון פּאָליטישע פרייהייט און דערצו נאָך האָט מען איהם בעשולדיגט אין פעראַכטונג צו דיא געטער גראַדע וויא דעם פילאָזאָף סאָקראַטעס, וועלכער האָט צוליעב דעם געמווזט אויסטרינקען אַ בעכער מיט גיפט אין געפענגניס. מען האָט זיך נעמליך בענוצט דערמיט, וואָס אריסטאָטעל האָט געפייערט דעם אנדענקען פון זיין פריינד הערעמיאַס מיט זעהר גרויסע צערעמאָניעס, און מען האָט דאָס ערקלערט פאַר אַ גאָטעסלעסטערונג.

זעהענדיג, אַז מען קלייבט זיך איהם אריינצושפּאַרען אין געפענגניס און איבערצוגעבען צום געריכט, איז ער אנטלאָפען נאָך כאַלסיס אויף דער אינזעל עבעאַ, אַ פּלאַץ, וואָס איז בעזעצט געוועזן פון מאַצעדאָניער סאָלדאַטען. וויא אַריסטאָטעל האָט געזאָגט, איז ער אַנטלאָפען, אום דיא אַטהענער זאָלען אַ צווייטען מאָל ניט אומבריינגען אַ פילאָזאָף. זיין פורכט פאַר דעם צאָרן פון דיא אַטהענער איז ניט געוועזן אומזיסט, דען דער אַרעאָפּאַג (געריכט) האָט איהם טאַקע פעראורטהיילט צום טויט.

דיזע פּאַסירונגען און דיא פּאַלשע בעשולדיגונגען האָבען זעהר שטאַרק זיך אָבגערופען אויף דיא שוואַכע געזונדהייט פון דעם גרויסען פילאָזאָף. באַלד וויא ער איז געקומען אין כאַלסיס, איז ער קראַנק געוואָרן. זיין קעניגליכען שילער האָט ער איבערגעלעבט קוים איין יאָהר. מען ווייס פּאָזיטיוו, אַז ער איז אויסגעגאַנגען אין 322, ווען ער איז אַלט געוועזן קנאַפּע 63 יאָהר.

וועגען זיין טויט האָט מען דערצעהלט פערשיעדענע געשיכטען. אייניגע האבען בעהויפּטעט, אַז ער איז בעגאַנגען זעלבסטמאָרד, אַבוואָהל ער האָט קיין שום גרונד ניט געהאַט צו זיין פערצווייפעלט אָדער ענטטוישט. ער איז געוועזען אַ צו קאַלטער און שטרענגער פילאָזאָף, און דער צו נאָך האָט איהם קיין זאַך ניט געפעהלט, אַז ער זאָל מיט זיינע אייגענע הענט מאַכען אַ סוף פון זיין לעבען, וואָס איז פול געוועזען מיט איבערמענשליכע טהעטיגקייט. זעהר כאַראַקטעריסטיש איז אַ מעשה, וואָס אייניגע פאָטערס פון דער קריסטליכער קירכע האָבען דערצעהלט וועגען זיין טויט. זיי האבען נעמליך בעהויפּטעט, אַז ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ הויכען שטיין אין ים אריין אויס פערצווייפלונג וואָס ער האָט ניט געקענט ערקלערן דיא אורזאַכע פון עבע און פלוטה.

146 אַבוואָהל ער האָט אָנגעשריעבען, וויא מען רעכענט, 146 ווערק, דאָך איז וועגען זיין אייגענעם לעבען אַ וואָרט ניט געוועזען אין זיי. דער גרויסער פילאָזאָף האָט וועגען זיך זעלבסט גאַנץ ווייניג געטראַכט. מען וויים דאַרום גאַנץ ווייניג, וואס ער האָט געפיהלט און וויא ער האָט זיך נעפיהרט אין זיין פּריוואַט-לעבען. דערפון קען מען נאָר עפּעס דערגייען פון דער צוואה, וואס ער האָט איבערגעלאָזען און. וואָס איינער פון זיינע ערשטע ביאָגראַפען (דיאָגענעס לאַערציוס) האָט קאָפּירט. דיזע צוואה צייגט, אַז ער איז געוועזען אַ גוטער בעל הבית און אַ גוטהערציגער מענש. ער האָט איבערגעלאָזען אַ זוהן, אַ טאָכטער און אַ קעפּס-ווייב אונטער דער השגחה פון זיין פריינד און בעסטען שילער ניקאַנאָר. איין פונקט פון זיין טעסטאַמענט לויטעט אזוי: „דיא קינדער פון מיינע שקלאַווען זאָלען אויף קיין פאַל ניט פערקויפט ווערן, נאָר זאָלען דיענען מיינע יורשים ביז זיי וועלען ערוואַקסען ווערן, אום בעפרייט צו ווערן, ווען זיי האָבען עס פערדיענט“.

דיזער פונקט צייגט אויך, אַז אַריסטאָטעל האָט געהאַט שקלאַווען. דאָס דאַרף אונז ניט וואונדערן, דען וויא גרויס אין בילדונג און חכמה אַ מענש זאָל ניט זיין, קען ער זיך דאָך אין גאַנצען ניט אָפּשיידען פון זיין צייט. אין פּאָליטישע אנגעלעגענהייטען איז אַריס-

טאָטעל איבערהויפּט געווען אַ קאָנסערוואַטאָר. ער האָט אויך אַנערקענט שקלאַווערײַ פאַר אַ נויטווענדיגקייט אין דער מענשליכער געזעלשאַפט. נאָר זיינע אייגענע שקלאַווען האָט ער נאַטירליך גוט בעהאַנדעלט.

דער זעלבער ביאָגראַף, וועלכער האָט קאָפּירט אריסטאָטעל׳ס צואה, האָט אויך פערצייכענט איינִיגע פון זיינע ווערטערך, וויא, צום ביישפּיעל: „דיא וויסענשאַפטען האָבען ביטערע וואָרצלען, אָבער זייערע פרוכטען זיינען זיס; צווישען אַ געלעהרטען און אַן אונוויסענ־דעז איז דער זעלבער אונטערשיעד, וואס צווישען אַ מענשען און אַ מת; פריינדשאַפט איז איין נשמה אין צוויי קערפּערס; קיין זאַך ווערט ניט אַלט אזוי גיך וויא אַ טובה; דיא האָפנונג איז דער טרוים פון אַן אויפגעוועקטען מענש“.

* * *

מיט זיינע שריפטען האָט פּאסירט אַ זעלטענער צופאַל. זיין ביבליאָטהעק, וועלכע האָט ענטהאַלטען אַלע זיינע ווערק, דאַרונטער פיעלע ניט געענדיגטע מאַנוסקריפּטען, איז איבערגעגאַנגען בירושה צו זיין הויפּט־שילער טהעאָפראַסטוס, וועלכער איז אין 35 יאָהר אַרום געשטאָרבען און האָט זיי איבערגעלאָזען צוזאַמען מיט זיינע אייגענע שריפטען צו נעלעאוס, אַ פילאָזאָף פון דער פעריפּאַטעטי־שער שולע. דיזער נעלעאוס האָט מיטגענומען אַלע שריפטען אין זיין געבורטס־שטאָט סצעפּסיס אין קליין־אַזיען, וואו זיינע יורשים האָבען אַלעס בעהאַלטען אין אַ סקלעפּ, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז דער קעניג פערגאַמוס, וועלכער האָט געקליבען שריפטען פאַר זיין ביבליאָטהעק, וועט פערכאַפּען אריסטאָטעל׳ס ווערק. 187 יאָהר זיינען אריסטאָטעל׳ס שריפטען אַזוי געלעגען אין דעם בעהאַלטונגס אָרט ביז זיי זיינען ענדליך פערקויפט געוואָרן צו אַ געוויסען אַפּעליקאָן, אַ רייכען גריכיישען ביכער־זאַמלער, וועלכער האָט זיי צוריק געבראַכט אין אַטהען. נאָר ניט לאַנג זיינען זיי פערבליעבען אין אַטהען. אין 86 יאָהר פאַר דיא קריסטליכע צייט־רעכנונג זיינען זיי אַריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא רוימער, ווען דער גענעראַל סולאַ האָט איינגענומען אַטהען. דער רוימישער גענעראַל האָט פערכאַפּט אַפּע־

ליקאָן׳ס גאַנצע ביבליאָטהעק און האָט אַלעס אַריבערגעשיקט נאָך רוים. איינינע געלערנטע גריכען האָבען זיך בענוצט דערמיט און האָבען געבראַכט דיא שריפטען אין אַן אָרדנונג. ספּעציעל האָט זיך דערמיט בעשעפטיגט אַ געוויסער אַנדראָניקוס, וועלכער האָט אַראַנזשירט דיא פיעלע אָבגעזונדערטע שריפטען אין אבטהיילונגען און ביכער און האָט שליסליך פערעפענטליכט אַן אויסגאַבע פון דיא אַנערקענטע ווערק פון דעם גרעסטען פילאָזאָף. דיזע אויסגאַבע איז גליקליכערווייזע פערבליבען כמעט אין גאַנצען ביז אונזער צייט.

דאָ איז ניט דער אָרט אַריינצולאָזען זיך אין איינצעלהייטען וועגען דעם, וועלכע פון דיא שריפטען וואָס טראָגען אַריסטאָטעל׳ס נאָמען זיינען געשריעבען פון איהם אַליין אָדער פון זיינע שילער, אָדער גאָר פון פעלשערס (אין יענע צייטען און אויך אין מיטעל־אַלטער האָט מען זעהר אָפט פערפאַסט ווערק און זיי צוגעשריבען צו בעריהמטע פילאָזאָפען; בעזאָנדערס האָבען זיך דערמיט בעשעפטיגט קריסטליכע שרייבערס, אום צו פעלשען דיא לעהרען פון גריכישע פילאָזאָפען און היסטאָריקער). וועגען דעם האָבען געלעהרטע, בעזאָנדערס דייטשע גריבלערס, אָנגעשריעבען גאַנצע ביכער און האָבען פעסטגעשטעלט, וועלכע פון אַריסטאָטעל׳ס שריפטען דאַרפען ווירקליך גערעכענט ווערן פאַר זיינע אייגענע. עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַ גרויסער טהייל פון אַריסטאָטעל׳ס שריפטען זיינען פערלאָרען געגאַנגען. יעדענפאַלס, דאָס וואָס עס איז געבליעבען פון איהם און פון זיינע שילער, איז פאָלשטענדיג גענוג צו וויסען, אין וואָס זיין פילאָזאָפיע בעשטעהט און וויא וויים ער אונטערשיידעט זיך פון זיין לעהרער פּלאַטאָן און פון אַלע פריהערע גריכישע פילאָזאָפען.

## דריטער קאפיטעל.

## דיא גריכישע פילאָזאָפיע פאַר אַריסטאָטעל.

יעצט קענען מיר איבערגיין צו אַריסטאָטעל׳ס פילאָזאָפיע. נאָך אַזוי וויא דיזע פילאָזאָפיע איז, קען מען זאָגען, דער לעצטער רינג אין דער לאַנגער קייט פון דער גאַנצער אַלט־גריכישער פילאָזאָפיע, וועלען מיר צוערשט זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דיא לעצטע. וויא ווייט מיר ווייסען פון דער געשיכטע פון דיא אמאָליגע לענדער און צייטען, האָט זיך נאָר אין גריכענלאַנד ארום 600 יאָהר פאַר דיא קריסטליכע צייט־רעכנונג אַנגעפאַנגען אַ פילאָזאָפיע, וואָס האָט ווירקליך פערדיענט דיא בעדייטונג פון דיעזען וואָרט, נעמליך: „שטרעבונג אָדער ליעבע צו וויזהייט“.

עס איז מעגליך, אַז דיא גריכען פון יענע צייטען האָבען פיעל געלערנט פון דיא פריהערע וועלט־בעטראַכטונגען אין מצרים, אינדיען און איבערהויפּט אין אַזיען. אַזוי מעגען מיר רעכנען, ווייל דער אָנפאַנג פון דער גריכישער פילאָזאָפיע איז געמאַכט געוואָרן גראַדע אין דיא טהיילען פון גריכענלאַנד, וואו דיא איינוואָהנער האָבען זיך בעשעפטיגט בעזאָנדערס מיט ים־פאָהרעריי און מיט האַנדעל. יעדענפאַלס איז אין גריכענלאַנד ענטוויקעלט געוואָרן אַ גאַנץ זעלבסשטענדיגע פילאַזאָפיע, וואָס צייכענט זיך אויס ניט בלויז מיט איהר טיעפקייט, זאָנדערן אויך מיט איהר ו ו ע ל ט ל י כ ק י י ט. פון אָנפאַנג ביז צו ענדע איז דיא גריכישע פילאָזאָפיע פערבליבען אַ ר י י ן־

ווע ל ט ל י כ ע, א רייך־וויסענשאפטליכע, אָהן פערבינדונגען און פערפלאָנטונגען מיט רעליגיאָן און זאָגאר מיט געטליכקייט.

פארקיצהרט, זיא האָט ביסלעכוויז אין גאַנצען אונטערגעגראָבען דעם אַלטען גריכישען גלויבען, האָט ערקלערט אַלע געטער פאַר איינבילדונגען. זיא איז ענטשטאַנען אין א צייט, ווען דער דענקענ־דער טהייל פון גריכישען פאָלק האָט גענומען בעטראַכטען דיא שיל־דערונגען און געשיכטען וועגען דיא פערשיעדענע געטער (דאָס וואָס מיר בעצייכענען יעצט מיט דעם וואָרט מיטהאָלאָגיע) פאַר פאַנטאַ־זיעס און האָט אָנגעפאַנגען צו זוכען אויף דער זינדיגער ערד, אין דעם מ ע נ ש ע ן ז ע ל ב ס ט, אין דיא ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י כ ע אָ ר ג א נ י ז א צ י אָ נ ע ן אַן אַלגעמיינעם גרונד פון א צוועקמעסיגען און צופריעדענען לעבען. אין דער צייט, ווען דיזע פילאָזאָפיע האָט אויפגעבליהט צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער ענטוויקלונג און גרויס־קייט פון גריכענלאַנד און בעזאָנדערס פון דער אַטהענער רעפּובליק, אין דער צייט פון דיא פיעל פערלוימדעטע סאָפיסטען (דער וואָרט בעדייטעט אייגענטליך: לעהרער, פּראָפעסאָר), וועלכע זיינען ארויסגע־טראָטען מיט זייער שאַרפער קריטיק געגען אַלע גלויבענס און אַלטע פיהרונגען מיט אונגעפעהר 50 יאָהר פאַר אריסטאָטעל׳ס געבורט, — אין דער צייט האָבען זיך געפונען אזעלכע פילאָזאָפען, וואָס האבען ארויסגעדריקט אזעלכע מיינונגען, וועלכע ווערן נאָך אין אונזער צייט גערעכענט פאַר העכסט ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע.

צו ביישפּיעל: אַרויסגעהענדיג פון דעם שטאַנדפּונקט פון פיעלע סאָפיסטען, אַז דיא נאַטור פ ע ר ל א נ ג ט ג ל י י כ ע ר ע כ ט ע פ א ר א ל ע מ ע נ ש ע ן, האָט ליקאָפּאָן פערלאַנגט דיא אָפּשאַפונג פון אַריסטאָקראַטיע; אַלסידאַמאַס—דיא אָפּשאַפונג פון שקלאַווערײ; פּאַלעאַס—דיא אָפּשאַפונג פון עקאָנאָמישע אונגלייכהייט און דיא איינפיהרונג פון א ל ג ע מ י י נ ע ם א י י ג ע נ ט ה ו ם און פון גלייכע בילדונג, און זאָ וו. אייניגע האָבען פאָרגעלייגט פּלענער פון א געזעל־שאַפּטליכע אָרגאַניזאַציאָן אויף דיא גרונדען פון פערנונפט, מאַנכע האָבען זאָגאַר פערלאַנגט פּאָליטישע גלייכהייט פון פרויען און מענער. אין בעצוג אויף דיא געזעצע האָט איין סאָפיסט ערקלערט, אַז זיי

זיינען איינגעפיהרט געוואָרן פון דיא שטארקע און קלוגע צו האַלטען אין צוים און צו אונטערדריקען דיא שוואכע און נארען; אַן אַנדערער האָט גראַדע פערקעהרט ערקלערט, אַז דיא געזעצע זיינען איינגעפיהרט געוואָרן פון דיא שוואַכע צו בעשיצען זיך געגען דיא שטאַרקע און אָנפיהרער.

אין אַלגעמיינען האָבען זיי אַלע אנערקענט, אַז דער אמת'ער גרונד פון אַלע געזעצע איז נאָר דער אינטערעס פון מענשען. דערפון האָבען זיי געצויגען דעם לאָגישען שלוס, אַז ווען דיא געזעצע זיינען געגען דיא אינטערעסען פון דער געמיינדע אָדער זאָגאר פון איינצעלנע פערזאָנען, דאַרף מען זיי ניט פאָלגען.

וועגען רעליגיאָן זיינען דיא סאָפיסטען געוועזן ניט ווייניגער ראַדיקאַל: פּראָדיקוס האָט ערקלערט, אַז מענשען האָבען זיך אליין געשאַפען געטער נאָך זייער וואונש, און קריטיאַס האָט ערקלערט, אַז דער גלויבען אין געטער איז אַן ערפינדונג פון שלויע שטאַאטס־מענער, אום לייכטער צו בעהערשען דיא מאַסען. אַנדערע האָבען זיך איבערהויפּט ערקלערט פאַר סקעפּטיקער און האָבען געזוכט צו גרינדען אַ גאַנצע פילאָזאָפיע אויף צווייפעל.

אַלע צוזאַמען האָבען דיא סאָפיסטען צוגליעדערט און צורודערט דעם גאַנצען לעבען פון גריכישען פאָלק. זיי האָבען זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט, ניט אַכטענדיג אויף דיא רעזולטאַטען און פייפענדיג אויף אַלע אַלטע מנהגים און גלויבענס. דיא פרייהייט, די אונאבהענגיגקייט און דיא וועלטליכקייט פון דער גריכישער פילאָזאָפיע האָבען זיך ארויסגעוויזען אין פולסטען גלאַנץ צווישען דיא סאָפיסטען. זיי זיינען געוועזן דיא פּאַטריאַרכען פון פרייען דענקען. נאָר אַזוי וויא נאָך אַלע דיספּוטען און חקירות האָבען זיי דאָך ניט געקענט געפינען אַ וויסענשאַפטליכען פונדאַמענט, אַ גרונד־פּרינציפּ פון מענשליכען צוזאַמענלעבען, האָבען זיי ניט נאָר גענומען צווייפלען אין אַלעס, זאָנדערן האָבען אויך געמאַכט אַ מסחר מיט זייער קענטשאַפט און קונסט צו פערדרעהען זאַכען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, צו בעווייזען דיא פאַלשקייט פון אמת'ע זאַכען און פערקעהרט, צו מאַכען פון ווייס שוואַרץ און פון שוואַרץ ווייס. זיי זיינען געוואָרן לעהרערס פון

רעדנער־קונסט, וועלכע איז געזעבענט געוועזען פאַר זעהר וויכטיג און נוצליך אין דער אַטהענער רעפּובליק, וואו דאָס פאָלק האָט געהערשט און וואו גוטע און געשייטע רעדנערס האָבען געפיהרט דיא רעדעל; און יעדער פון דיזע געוועהנליך זעהר פעהיגע מענשען האָט געזוכט איבערצושטיינען דיא אַנדערע אין דריידלעך און חקירות אום צו צייגען, וויא דיא זעלבע זאך איז היינט ריכטיג און מאָרגען פאַלש. דאַרום האָבען דיא סאָפיסטען געקראגען א שלעכטען נאָמען, און דער וואָרט סאָפיסט איז ביז היינט צו טאָג פערבליבען ביי אלע ציוויליזירטע פעלקער צו בעצייכענען איינעם, וואָס פערדרעהט אבזיכטליך דיא וואהרהייט מיט פאַלשע ראיות און חקירות.

דערצו נאָך ווייסען מיר וועגען דיא סאָפיסטען מייסטענס דאָס וואָס זייערע נעגנער האָבען וועגען זיי געשריעבען. זייערע אייגענע שריפטען זיינען ליידער פערלאָרען געגאַנגען. געבליבען זיינען נאָר אייניגע שריפטען, אין וועלכע זיי ווערן קריטיקירט פאַר זייערע שלעכטע זייטען און זאָגאר פערלוימדעט. דארום האָט מען וועגען זיי געקראָגען א זעהר פאַלשען בעגריף. ערשט אין אונזערע צייטען, ווען מען האָט גענומען מאכען גרינדליכע נאכפאָרשונגען וועגען דיא פערצייטיגע וועלט, האָט מען אויסגעפונען, אז דיא סאָפיסטען זיינען ניט נאָר גאָר ניט געוועזען אזוי שלעכט, וויא זייערע געגנער האָבען זיי פאָרגעשטעלט, זאָנדערן אז א סך פון זיי זיינען געוועזען זעהר טיעפע דענקער מיט עדעלע כאראקטערען און א זעלטען פרייען גייסט.

וויא געזאָגט, זיינען דיא סאָפיסטען געוועזען דיא פאָטערס פון פרייען דענקען, דיא אמת'ע גרינדער פון וועלטליכע פילאָזאָפיע. אלע האָבען ביי זיי געשעפּט געדאנקען, אפילו זייערע ביטערסטע געגנער. סאָקראטעס זעלבסט, איינער פון זייערע וויכטיגסטע און גרינדליכסטע געגנער, איז אייגענטליך אליין געוועזען א סאָפיסט, דען ער איז געגאנגען אויף דעם זעלבען וועג וויא זיי, דאס הייסט ער האָט געזוכט א פעסטען און וועלטליכען פונדאמענט פאַר דיא פיהרונגען פון מענשען. ער איז נאָר געקומען צו אַנדערע שליסע, אָבער ער איז געוועזען א שילער פון דיא סאָפיסטען. וויא מיר ווייסען עס, איז פּלאטאָן געוועזען א שילער פון סאָקראטעס, און אריסטאטעל — פון

פלאטאָן. אָבוואָהל דיזע פילאָזאָפען האָבען אויך קריטיקירט דיא סאָפיסטען, האָבען זיי אָבער פיעל גענומען ביי זייערע לעהרערס, האָבען פון זיי פיעל געלערנט. אלע צוזאמען האָבען זיי געשטרעבט צו געבען, נאָך זייער מיינונג, אַ ריכטיגע אַנטוואָרט אויף דיא הארבע קשיה פון דער גריכישער פילאָזאָפיע און, מען מעג זאָגען, פון דער פילאָזאָפיע אין אַלגעמיינען. נעמליך: וואס איז דער אמת׳ער גרונד־פרינציפּ, נאָך וועלכען אלע מענשען דארפען זיך פיהרען, אום צו לעבען צופריעדען, גליקליך?

דיא תירוצים זיינען געווען זעהר פערשיעדענע, ווייל זייערע אויס־פיהרונגען האָבען דיא גריכישע פילאָזאָפען ניט געקענט בויען אויף אַ מאַסע וויסענשאפטליך בעוויזענע פאקטען, וויא מיר האָבען עס יעצט, נאָר אויף זעהר אַלגעמיינע געדאַנקען און בעטראַכטונגען, וועלכע זיינען אָפט בעגרינדעט געווען נאָר אויף איינבילדונגען. ניט האָבענדיג דעם ריזיגען זאפּאַס פון אונזערע יעצטיגע קענטניסע ווע־גען דיא נאַטור און איהרע אייביגע געזעצע, האָבען אַלע גריכישע פילאָזאָפען איינפאַך געטאַפּט אין דער פינסטער און אין בעסטען פאַל געבויט זייערע לעהרען וועגען דיא וועלט און דעם מענשען אויף עטליכע אַלגעמיינע בעקאַנטע פאַקטען. ווען אַריסטאָטעל וואָלט געהאַט אַזעלכע מעכטיגע אינסטרומענטען פון וויסענשאפטליכע נאַכפאָר־שונגען, וויא דער טעלעסקאָפּ און מיקראָסקאָפּ, וואָלט ער געקומען צו גאַנץ אַנדערע רעזולטאַטען. דאס זעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען אַלע אַנדערע טיעפע גריכישע דענקער.

אָבער אויך דאַן, ווען דיא גריכישע פילאָזאָפען האָבען אַנער־קענט דעם זעלבען גרונד־פרינציפּ און זיינען ארויסגעגאַנגען פון דעם זעלבען שטאַנדפּונקט, פלעגען זיי קומען צו גאַנץ אַנדערע שלוסע און לעהרען. אום דער לעזער, וועלכער איז ניט בעקאַנט מיט דער גע־שיכטע פון פילאָזאָפיע, זאָל עס לייכטער בענעהמען, וועלען מיר דאָ ברייגנען איין ביישפּיעל:

דער גרונד־פרינציפּ פון סאָקראַטעס איז, אז „טוגענד איז דיא קענטניס פון גוטעס״. פאָלגליך, וואָס מעהר מענשען וועלען וויסען, וועלען זיי אַלץ זיין בעסער און גליקליכער. „קענטניס, האט ער גע־

לערנט, איז פון זיך זעלבסט געגוג צו פיהרען איינעם צו טאָן גוטעס און צו ברייגגען גליקזעליגקייט". מיר קענען זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין בעטראַכטונגען, וויא אזוי סאָקראַטעס איז געקומען צו דיזער לעהרע און וואָס ער האָט דערמיט בעצוועקט. פאַרבייגעהענדיג ווילען מיר נאָר בעמערקען, אַז דאָס איז געווען אַ זעהר וויכטיגע ענדערונג אין דיא סאָפיסטישע לעהרען און אַז דאָס האָט געשאַפען אַ נייע ריכטונג אין דער גריכישער פילאָזאָפיע. מיר ווילען זיך דאָ נאָר רעכענען מיט דעם פאַקט, אַז אזוי האָט סאָקראַטעס געלערנט און אַז ער האָט געהאַט אַ סך זעהר פעהיגע שילער אויך לאַנג נאָך זיין טויט.

נאָר אזוי וויא ער האָט ניט בעשטימט דעם רעכטען עיקר, נעמליך: וואָס איז אייגענטליך דאָס גוטע פאַר דעם מענשען, זיינען אייניגע פון זיינע שילער געקומען צו גאַנץ פערקעהרטע שליסע. אַ טהייל פון זיינע שילער האָבען ערקלערט, אַז טוגענד בעשטעהט אין שכל'דיגע אויפפיהרונג און אַז זיא קען נאָר דאַן ווירקליך גליק־ליך מאַכען דעם מענשען, ווען ער וועט זיין וויא וויים נאָר מעגליך אונאבהענגיג פון דיא אַרומיגע אומשטענדען און פון אייגענע בעדירפניסע. יעדע בעדירפנים, יעדער וואונש, האָבען זיי געטענה'ט, מאַכען אונזער גליקזעליגקייט אָפּהענגיג פון דעם, אויב זיי ווערען ערפילט ווערן אָדער ניט. מיר האָבען קיין מאַכט איבער דיא אויסערע וועלט, אָבער מיר קענען בעשרענקען אונזערע בעדירפניסע מיט אונזער ווילענסקראַפט. אונזערע בעדירפניסע און שטרעבונגען מאַכען אונז פאַר שקלאַווען פון דער אויסערער וועלט. דאַרום, ווען מיר ווילען ווירקליך זיין אונאַבהענגיג און פאָלגליך אויך גליקליך, מוזען מיר זעהען, אַז אונזערע בעדירפניסע און ווינשע זאָלען זיין וואָס קלענער. אין קורצע ווערטער האָבען זיי אויסגעדריקט זייער לעהרע אזוי: „טוגענד איז בעפרייאונג פון בעדערפניסע". זייער אידעאל איז צוליעב דעם געווען צו לעבען וואָס איינפאַכער, וואָס נעהענטער צו דער רויהער נאַטור, ווייטער פון ציוויליזאציאָן, טאַקי אזוי וויא דער בעריהמטער דיאָגענעס, וועלכער האָט זיך געוואַל־גערט אין שמוץ און געלעבט אין אַ פאַס.

אן אנדער טהייל פון דיא שילער פין סאָקראַטעס האָבען ערקלערט גראַדע פערקעהרט, אז דיא ריכטיגע בעדייטונג פון גוטעס איז נאָר פ ע ר ג ע נ י ג ע ן. ווען מיר בעפרידיגען אונזערע בעדירפניסע און ערפילען אונזערע ווינשע, האבען זיי געטענה׳ט, דאַן זיינען מיר צופריעדען און פאָלגליך אויך גליקליך. אזוי וויא טוגענד אָדער דאס גוטע איז דיא קענטניס צו זיין גליקליך, דאַרום דאַרף דער מענש זעהען צו האָבען וואָס מעהר פערגניגען, גייסטיגע און פיזישע. אין קורצען האָבען זיי אויסגעדריקט זייער לעהרע אזוי: „טוגענד איז דיא פעהיגקייט צו לעבען אין פערגעניגען“.

דיזע גאַנץ פערקעהרטע ריכטונגען פון איין גרונד־פרינציפּ זיינען בעקאַנט אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפיע: דיא ערשטע אונטער דיא נעמען דיא צ י נ י ש ע אָדער ס ט אָ י ש ע, דיא צווייטע אונטער דיא נעמען ה י ד אָ נ י ש ע אָדער ע פּ י ק ו ר ע א י ש ע (אפּיקורס׳ישע).*) דיזע ביידע שולען האָבען לאַנג געשטריטען צווישען זיך און האבען עקזיסטירט ביז קריסטענטהום אָדער, ריכטיגער געזאָגט, דער קאַטאָליציזמוס האָט פעריאָגט און אונטערדריקט דיא פרייע און וועלטליכע גריכישע פילאָזאָפיע.

פון דעם אָביגען ביישפּיעל קען מען זיך מאַכען א בעגריף, וויא אזוי דיא גריכישע דענקער האָבען פילאָזאָפירט, זוכענדיג דיא וואהרהייט וועגען דיא גרונד־געזעצע פון דער נאַטור און פון מענשען.

*) דיא ווערטער: ציניק, סטאָאיק און אפּיקורס האָבען יעצט ניט דיא זעלבע בעדייטונגען וויא אין דיא גריכישע אָדער רוימישע צייטען. ציניק בעדייטעט יעצט: גראָביאַן, נבול פה; סטאָאיק—פרוש, אַ מענש מיט אַ פעסטען כאַראַקטער. אַ מענש וואס קען מוטהיג אָדער פילאָזאָפיש פערטראָגען שמערצען; אפּיקורס—א מענש וואָס האָט ליעב פערגעניגען, וואָס לעבט א גוטען טאָג. אין אידישען האָט דער וואָרט אפּיקורס דיא ספּעציעלע בעדייטונג פון אן אונגלויביגען אין רעליגיאָן, פון א פרייזינניגען. דער וואָרט אפּיקורס שטאַמט פון דעם גריכישען פילאָזאָף עפּיקורוס, וועלכער איז געבאָרן געוואָרן אין 341 יאהר פאַר דיא קריסטליכע צייטרעכנונג און וועלכער האָט בעזאָנדערס שטאַרק פערטהיידיגט און בעגרינדעט דיא לעהרע פון גליקזעליגקייט דורך פערגעניגען. אין דעם זינען וויא ביי אידען פערטייטשט מען דעם וואָרט אפּיקורס, זיינען אַלע גריכישע פילאָזאָפען אָהן אויסנאַהמע געווען אפּיקורסים.

זייערע וועגען, זייערע געדאנקען, זייערע אויספיהרונגען זיינען געווען גאנץ פערשיעדען, און עס זיינען ענטשטאנען א סך שולען, וועלכע האבען געפיהרט צווישען זיך ויכוחים. מען קען זאגען, אז עס זיינען געווען אזוי פיעל מיינונגען און לעהרען, וויא פיעל עס זיינען געווען טיעפע פילאזאפען אין גריכענלאנד. יעדע פון דיזע לעהרען האט ענטהאלטען א קערענדעל וואהרהייט אדער איז געווען בעגרינ־דעט אויף געוויסע פערנינפטיגע פרינציפען. דער סטודענט, וואס האט געוועלט עפעס לערנען, איז דארום געווען צומישט פון דיזע פערשיעדענע שולען, וואס עס האט געפיהרט צו דער פערשפרייטונג פון אזעלכע סאפיסטען, וועלכע האבען אבגעלאכט פון אלעס און זיך געמאכט א פראפעסיאן צו בעווייזען מיט דריידלעך און חקירות, אז שווארץ איז וויים און פערקעהרט.

אונטער אזעלכע אומשטענדען האבען זיך שליסליך געמוזט געפינען פילאזאפען, וואס זאלען זוכען צו בעארבייטען און פאנאנדער צו גליעדערן דיא פערשיעדענע לעהרען, אפצושיידען דאס פאלשע פון דאס אמת'ע און איבערהויפט צו שאפען א ס י ס ט ע מ א ט י ש ע פילאזאפיע. עטליכע גרויסע דענקער האבען זיךווירקליך גענומען צו דער שווערער ארבייט, וויא צום ביישפיעל, דעמאקריטוס און פלאטאן. נאר דער וויכטיגסטער און געלעהרטעסטער פון זיי איז געווען אריסטאטעל.

—•—

## פיערטער קאפיטעל.

# אַריסטאָטעל׳ס לאָגיקע און פילאָזאָפיע.

שטודירענדיג דיא לעהרען פון אַלע זיינע פאָרגעננגער און זוכענ־דיג צו בריינגען זיי אין א סיסטעם, האָט אַריסטאָטעל זיך ארומגע־זעהען, אז צוערשט דאַרף מען זיך נעהמען צו א נאכפאָרשונג וועגען דעם מענשען׳ס דיינקונגס־קראַפט, צו א בעשטימונג פון דיא רעגעלן, נאָך וועלכע מענשען רעזאָנירען איבערהויפּט. דאָס האָט איהם גע־פיהרט אָנצושרייבען זיין ערשטען און וויכטיגסטען בוך: דיא לאָגיקע. ער און זיינע שילער האָבען בעטראַכטעט דיא לאָגיקע פאַר א מיטעל, פאַר אַן אינסטרומענט צו אַלע וויסענשאַפטליכע נאכפאָרשונגען, אָבער אין דער ווירקליכקייט האָט ער נאָר דערמיט געשאַפען זיין גרעסטע ווערק. ער איז ניט געווען דער ערשטער צו שרייבען איבער לאָגיקע. פּלאַטאָן און אַנדערע האָבען אויך געזוכט דיא געזעצע פון מענשליכען דענקען; אָבער קיינער איז ניט אריינגעדרונגען אין דיעזען טיעפען ענין, אין זיך זעלבסט, קען מען זאָגען, אזוי וויט און ריכטיג וויא אַריסטאָטעל.

עס פערשטעהט זיך, אז מענשען האָבען אימער געדענקט נאָך בעשטימטע לאָגישע רעגעלן זאָ לאַנג זיי האָבען געהאַט מאַרך אין קאָפּ. דיא לאָגיקע האָט ניט געשאַפען אונזער פערנינפטיגען דענקען אזוי וויא דיא גראַמאַטיקע האָט ניט געשאַפען א שפּראַך. ביידע, אי דיא גראַמאַטיקע אי דיא לאָגיקע, זיינען דיא שעפּפונגען פון גרויסע דענקער, וועלכע האָבען צערגליעדערט דיא צוזאַמענשטעלונג פון א שפּראַך אין דיא אַרט און וויזע פון דענקען. עס איז א גרוי־סער און טיעפער אונטערשיעד פון דענקען אונבעוואוסט, ד. ה. אָהנע צו וויסען וואָס עס קומט דערביי פאָר אין אונזער נערווען־סיסטעם

און אין אונזער מארך, און פון דענקען נאָך א קעגטניס פון לאָגייטע געזעצע. יעדענפאלס, נאָר אזא גרויסער זשעניע וויא אריסטאָטעל האָט געקענט אליין בעשטימען דיא ארט און וויזע פון דענקען אָדער, אויף דעם פילאָזאָפישען לשון, דיא פראָצעסען פון דענקען.

איינינע טהיילען פון דער לאָגיקע האָט אריסטאָטעל אין גאַנ־צען געשאפען, ספעציעל דעם טהייל איבער ס י ל אָ ג י ז מ ו ס אָדער דעם פראָצעס, אזוי וויא מיר ציהען שליסע. אין זיינע ווערק דערמאָנט ער גאָר ניט וועגען זיך זעלבסט, נאָר אין זיין מייסטערהאפטע אָבהאנדלונג איבער סילאָגיזמוס האָט ער זיך ניט געקענט איינהאל־און האָט בעמערקט: „וועגען דעם פראָצעס פון סילאָגיזמוס האָב איך אבסאָלוט גאָר ניט געפונען פאר מיר. איך האָב עס אליין נעהאט אויסצואַרבייטען נאָך לאנגע און שווערע נאכפאָרשונגען".

דיזע נאכפאָרשונגען ערקלערט ער זעהר אויספיהרליך אין דעם טהייל פון זיין לאָגיקע, וואָס ער רופט א נ א ל י ט י ק און וואָס איז יעצט א טהייל פון אלע שול־ביכער איבער לאָגיקע. זיין צוועק איז געווען צו בעשטימען, וויא אזוי מען קען בעווייזען א זאך וויסענ־שאפטליך, נאָך שטרענגע געזעצע פון פערנינפטיגען דענקען. דאס האָט ער בעדארפט האָבען, אום צו קענען גרינדליך אָפּשטרייטען דיא פאלשע חקירות פון דיא סאָפיסטען.

דיא נויטווענדיגסטע זאך פאר יעדען רעזאָנירען, האָט ער ער־קלערט, איז דער סילאָגיזמוס. דאָס איז נעמליך: ציהען שליסע פון א ל ג ע מ י י נ ע ב ע ה ו י פ ט ו נ ג ע ן צו א י י נ צ ע ל נ ע פ ע ל ע. אויף דעם פילאָזאָפישען לשון רופט מען עס אויך ד ע ד ו ק צ י אָ ן אָדער דעדוקטיווער מעטהאָד. אום דער לעזער, וואָס האָט קיין מאָל ניט געלערנט דיא געוועהנליכע שול־ביכער איבער לאָגיקע און האָט אפילו ניט געהערט דיא ווערטער: סילאָגיזמוס און דעדוקציאָן (און פאר אזעלכע שרייבען מיר אייגענטליך דיזען ביכעל), זאָל פערשטייז וואָס מיר גיבען דאָ איבער, וועלען מיר בריינגען א ביישפיעל:

וויא אזוי ווייסען מיר אז ראובן מוז שטארבען? וויא אזוי ציהען מיר אזא שלוס, ווען מיר זעהען, אז ראובן לעבט נאָך?

גאַנץ איינפאַך: מ י ר ו ו י י ס ע ן פ ו ן ד ע ר ע ר פ א ה־

רונג, אז אַלע מענשען פאר איהם זיינען געשטאָרבען, און מיר שליסען דערפון, אז ראובן מוז אויך שטארבען.

נאָר וויא אַזוי רעזאָנירען מיר דערביי? פרעגט אַריסטאָטעל.

דורך דעם סילאָגיזמוס, ענטפערט ער און צערגלידערט דעם פּראָצעס פון אונזער דענקען דערביי אין 3 פּונקטען אַזוי:

1) אַלע מענשען זיינען שטערבליך;

2) ראובן איז א מענש;

3) פאָלגליך, איז ער אויך שטערבליך.

אַריסטאָטעל בעווייזט אונבעשטרייטבאר, אַז אין אַלע פעלע דענקען מיר אַזוי ווען מיר ציהען שליסע. אין אַלגעמיינען גערעדט, בעשטעהט א סילאָגיזמוס פון דריי זעצע, פון וועלכע דער לעצטער ווערט געדרונגען פון דעם ערשטען דורך די פערמיטלונג פון דעם צווייטען. דיא ערשטע צוויי זעצע הייסען אין דער לאָגיקע פּאָסטולאַטען, דער דריטער—דער שלוס. דיא פאָרמולע פון סילאָגיזמוס איז אַזוי: A איז B, B איז C, פאָלגליך איז A אויך C.

ווען מיר מאַכען א סילאָגיזמוס, דיינקען מיר אַלזאָ דעדוקטיוו, דאָס הייסט מיר ציהען א שלוס פון אן אַלגעמיינעם געדאנק צו אן איינצעלנעם פאקט. אַלע גרויסע דענקער און לאָגיקער נאָך אריסטאָטעל׳ן האָבען נאָך פיעל־זייטיגע נאָכפאָרשונגען וועגען דעם פּראָצעס פון אונזער דענקען אויסגעפונען, אַז אַריסטאָטעל׳ס לעהרע איז אין דיזען טהייל פון זיין לאָגיקע פאָלקאָם ריכטיג. מען קען זאָגען, אַז מען האָט נאָך איינענטליך קיינע צוזעצונגען ניט געמאַכט צו אַריסטאָטעל׳ס בעטראַכטונגען וועגען סילאָגיזמוס. דאָס בלייבט אן אייביגער טהייל פון אונזערע קענטניסע אַזוי לאַנג וויא דער מארך פון מענשען וועט זיך ניט ענדערן.

נאָר יעצט בלייבט דיא פראגע: אַזוי וויא מיר ציהען שליסע דעדוקטיוו דורך דעם סילאָגיזמוס, טאָ וויא אַזוי קומען מיר צו דיא אַלגעמיינע געדאנקען, צו דיא ערשטע פּאָסטולאַטען? דיזע פראגע האָט אַזאַ ריזיגער זשעניע און טיעפער דענקער, וויא אריסטאָטעל איז געווען, נאַטירליך זיך געשטעלט און האָט אויך געזוכט איהר גרינדליך צו ענטפערן. אין אַלגעמיינען האָט ער אויך גאַנץ ריכטיג

געגנטפערט, דען ער האַט ביי יעדער געלעגענהייט ערקלערט, אז דער איינציגער מיטעל צו קומען צו ריכטיגע פּאָסטולאַטען איז דורך בעאָבּאַכטען זאַכען און דורך עקספּערימענטען (פּראָבעס). מיט אַנ־דערע ווערטער הייסט עס, אז ער אַנערקענט, דאס מיר קריגען בע־גריפע וועגען זאַכען דורך אונזערע 5 חושים און דורך פּראָבּעס. דיא ווירקונגען פון זאַכען אויף אונזערע חושים ווערן צוזאַמענגע־שמאָלצען אין אונזער גייסטיגען אַפּאַראַט, אין מאַרך, און עס ענט־שטעהען דערפון פאָרשטעלונגען און געדאַנקען.

אַריסטאָטעל בעגרינדעט דארום זיין פילאָזאָפיע אויף אינדוק־ציאָן (דאָס בעדייטעט גראַדע דעם געגענזאַץ פון דעדוקציאָן, נעמליך: פון איינצעלנע פאַקטען דרינגען אַלגעמיינע בעגריפע און געדאַנקען) און אויף עקספּערימענטען. דערמיט אַליין האָט ער זיך גע־שטעלט אויף א ריכטיגען וויסענשאַפטליכען וועג.

אָבער דעם פּראָצעס פון אינדוקציאָן, דאָס הייסט: וויא אַזוי אונזער גייסט קומט צו אַלגעמיינע געדאַנקען און צו נאַטור־געזעצע דורך דיא ווירקונגען פון דיא חושים—דאָס האָט אַריסטאָטעל ניט ער־קלערט. און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, ווארום ער האָט דאָס ניט געטאָן: עס האָבען איהם דערצו איינפאַך געפעהלט דיא וויסענ־שאַפטען, וועלכע זיינען אין אונזער צייט געשאַפען געוואָרן, ספּעציעל דיא פיזיאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע. וויא אַזוי אויסוועלטיגע זאַכען ווירקען אויף אונזערע נערוועו, וויא דיזע נערוועו גיבען איבער דיא איינ־דריקע צו זייערע צענטראַל־אָרגאַנען אין דעם מאַרך פון רוקען־ביין און פון קאָפּ; וויא עס ענטשטעהען דורך דעם פאָרשטעלונגען אָדער בילדער פון זאַכען א. ז. וו.—דאָס איז ביסלעכוויז דערגאַנגען געוואָרן דורך פערשיעדענע וויסענשאַפטליכע נאַכפאָרשונגען פון מאָדערנע געלעהרטע, און פיעלעס דערפון בלייבט נאָך יעצט אין דונקעלהייט. אין אַריסטאָטעל׳ס צייטען האָט מען איינגענטליך ניט געוואוסט פון דיא עקזיסטענץ פון נערוועו און פון זייער וויכטיגע אַרבייט. דער פּראָצעס פון אינדוקציאָן איז דארום אויסגעאַרבייט געוואָרן ביסלעכ־ווייז פון אַנדערע פילאָזאָפען נאָך אַריסטאָטעל׳ן, ספּעציעל פון דיא ענגלענדער בעקאָן און דזשאָהן סטוארט מילל.

אזוי וויא אַריסטאָטעל האָט ניט געקענט פּערענטפּערן דיא פראַגע, וויא אַזוי עס ענטשטעהען ביי אונז בעגריפע און געדאַנקען, פון וועלכע מיר ציהען נאָכ'ער שליסע דעדוקטיוו אָדער דורך סילאָ־גיזמען, האָט ער געזוכט זיך ארויסצודרייהען דורך פערשיעדענע חקירות, וועלכע ער האָט אויספיהרליך איבערגעגעבען אין דעם טהייל פון זיין לאָגיקע, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבען „טאָפּיק" (דאָס מיינט: אַלגעמיינע בעגריפע).

אָבער נאָך אַלע חקירות האָט ער געמוזט ערקלערן, אַז עס זיינען שליסליך דאָ אַזעלכע גרינדע אָדער פּאָסטולאַטען פאַר סילאָ־גיזמען, וואָס מען קען ניט בעווייזען, וואָס מען דאַרף אָננעהמען פאַר אַקסיאָמען (דאָס הייסט: פאַר זעלבסט־פערשטענדליכע וואהרהייטען). דער פּראָצעס פון אינדוקציאָן (נעמליך: קומען פון איינצעלנע פאַקטען אָדער איינדריקע צו אַלגעמיינע שליסע אָדער אידעען), האָט ער בעהויפּטעט, איז ניט אַזוי זיכער און וויסענשאַפטליך, וויא דער פּראָ־צעס פון דעדוקציאָן אָדער פון סילאָגיזמוס.

אום צו האָבען פון דעסטוועגען בעשטימטע גרינדע פאַר ציהען שליסע און פאַר זיינע לעהרען איבער דער נעזעלשאַפט (אין זיין „עטהיקע") און איבער דער נאַטור (אין זיין „מעטהאפיזיקע"), האָט ער פעסטגעשטעלט 4 פּ ר י נ צ י פּ ע ן, (נעמליך: מאַטעריע, פאָרמע, רעזולטאַט און אורזאַכע) אין 10 ק אַ ט ע ג אָ ר י ע ן (נעמליך: סוב־סטאַנץ אָדער עסענציע, קוואַליטעט אדער מעלה, קוואַנטיטעט אָדער צאָהל, פערהעלטניס, בעשטימונג אין צייט, בעשטימונג אין רוים, האַנדלונג, בעדינגונג, פּאָזיציאָן און ליידענשאַפט). דיזע קאַטעגאָריען ערקלערט ער פאַר דיא העכסטע אַלגעמיינע אידעען, וועלכע בעהער־שען אַלע אנדערע. אָבער ער אַליין האַלט זיך ניט שטרענג און שטענדיג אין זיינע שריפטען אָן דיזע צאָהל קאַטעגאָריען. אָפט שרייבט ער פון 8, 6 און זאָגאַר פון 3 קאַטעגאָריען, וואָס עס צייגט, אַז ער האָט אַליין געפיהלט, אַז דיזע פערטהיילונג איז ניט אַ וויסענשאַפטליכע און אַז מען קען געפינען נאָך אַנדערע קאַטע־גאָריען.

וואָס אָנבעלאַנגט צו דיא 4 פּרינציפּען, זאָ בעשעפטיגט ער

זיך ספּעציעל מיט א נאכפאָרשונג ווענען מאַטעריע און פאָרמע, דען ער ערקלערט ווייטער, אז דיא אורזאכע און דער רעזולטאַט בעשטימען נאָר דיא פאָרמע פון זאכען און ערשיינונגען. אין דיא בעציהונגען אָדער פערבינדונגען צווישען דיא מאַטעריע און דיא פאָרמע זעהט אריסטאָטעל דיא אמת'ע עקזיסטענץ פון אלע זאכען און ערשיינונגען. דאָ אונטערשיידעט ער זיך פון זיין לעהרער פּלאַטאָן, וועלכער האָט ערקלערט, אז דיא אידעען ווענען זאכען עקזיסטירען גאַנץ בעזונדער און צייגען זיך ארויס דורך אונזער מארך, אז נאָר דיא אידעען זיינען דיא ריכטיגע אורזאכען פון אלע ענדערונגען און ערשיינונגען אין דער נאַטור. נאָך פּלאַטאָן'ס פילאָזאָפיע איז אויסגעקומען, אז ניט דיא זאכען, וואָס מיר פיהלען מיט אונזערע חושים, עקזיסטירען אין דער ווירקליכקייט, זאָנדערן דיא געדאַנקען אָדער אידעען ווענען זיי. וויא אזוי ער איז געקומען צו דיעזע מערקווירדיגע פילאָזאָפיע, וועלכע ווערט גערופען דיא אידעאַליסטישע און וועלכע טרעט ארויס געגען דיא רעאַליטעט פון דער ארומיגער נאַטור, איז ניט דאָ דער אָרט צו ערקלערן. מיר דערמאָנען דאָ נור ווענען איהר, ווייל אריסטאָטעל האָט זיך פון איהר דאָך ניט בעפרייט אין גאַנצען אָבוואָהל ער האָט איהר אין פיעלע פּונקטען אָבגעשטריטען.

אריסטאָטעל האָט אפילו ערקלערט, אז דער פונדאַמענט פון אלע אונזערע געדאַנקען און קענטניסע ליעגט אין דיא איינדריקע דורך דיא חושים, אין בעטראַכטונג און ערפאַהרונג. זיין שולע (דיא פּעריפּאַטעטיישע) האָט געלערנט, אז „מענשען קענען גאָר ניט בענעהמען זאכען וואָס זיי פיהלען ניט דורך דיא חושים". אָבער דאָך אנערקענט אריסטאָטעל, אז דיא פאָרמע פון א זאך איז עפּעס אונאבהענגיג פון דער מאַטעריע, עפּעס א זעלבסשטענדיגער פּרינציפּ. נאָר דורך דיא פאָרמע, לערנט ער, עקזיסטירט מאַטעריע אין דער ווירקליכקייט. דיא מאַטעריע זעלבסט איז נאָר א פונדאַמענט, אויף וועלכע דיא פאָרמע בויט זאכען און רופט ארויס ענדערונגען און ערשיינונגען אין דער נאַטור.

זיין לעהרע איז דאַרום א מיטעל-פּונקט צווישען פּלאַטאָן'ס אידעאַליזמוס און צווישען סענסואַליזמוס (דאָס הייסט, אז אלעס

וואָס מיר פערשטעהען און וויסען קומט נאָר פון אונזערע חושים); אָבער דיעזער מיטעלפונקט איז גאָר ניט קלאָר און יעדענפאלס זעהר פערפלאָנטערט מיט פערשיעדענע חקירות און השערות.

יעדע פון דיזע חקירות און השערות צייגט ארויס אריסטאָטעל׳ס גוואַלדיגע דענקונגס־קראַפט, ווען זיי זיינען אפילו פאַלש נאָך אונזערע יעצטיגע קענטניסע. אַלע דיא יעניגע וואָס האָבען אין מיטעל־אלטער שטודירט זיין פילאָזאָפיע, האָבען דאַרום ניט ווילענדיג גע־מוזט אָננעהמען אַלע זיינע אויספיהרונגען. זיי האָבען ניט געקענט איהם אָפּשטרייטען, ווייל זיי האָבען מעהר ניט געוואוסט פון דער נאַטור וויא ער, און זיי האָבען זיך געפיהלט גייסטיג אזוי וויא קינדער אין פערגלייך מיט אַ ריעז. כמעט אַלע האָבען איינפאַך געשלונגען זיינע ווערטער וויא דיא העכסטע תורה.

זיינע אויספיהרונגען וועגען דיא בעציהונגען צווישען מאַטעריע און פאָרמע זיינען נאָך געווען העכסט וויכטיג פאַר דיא קריסטליכע לעהרערס דערמיט וואָס זיי האָבען דאָרטען ענטדעקט אַ ריין־פילאָזאָפישען און זאָגאַר אַ „וויסענשאַפטליכען" בעוויז פון גאָט׳ס עקזי־סטענץ. זיי האָבען זיך געמאַכט גאָר ניט וויסענדיג, אז דאָס וואָס אַריסטאָטעל רופט „פאָלקאָמענעס וועזען" אָדער גאָט שטימט אבסאָלוט ניט מיט דיא אידיש־קריסטליכע אָדער, ריכטיגער געזאָגט, מאָנאָטהעאיסטישע בעגריפע וועגען אַ שעפּפענדען גאָט. פאַר זיי איז נאָר וויכטיג געווען צו שטיצען זיך אויף דיא אָטאָריטעט פון אַרי־סטאָטעל׳ן, אַן אָטאָריטעט וואס האָט געמוזט אַנערקענט ווערן צו־ליעב דיא לאָגיק.

מיר קענען זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין ערקלערונגען וועגען אַריסטאָטעל׳ס לעהרע איבער מאַטעריע און פאָרמע, ווייל דאָס וואָלט אונז פערפיהרט צו ווייט—מיר ריידען שוין דאָ ניט פון דיא גרויסע שוויריגקייטען איבערצוגעבען פילאָזאָפישע לעהרען אין אונזער אָרעמען מאַמע־לשון — אָבער וויא וויט אַריסטאָטעל׳ס גאָט אונטערשיידעט זיך פון דעם אמת־רעליגיעזען, קען יעדער שליסען דערפון אליין, דאָס ער לערנט, אז דיא נאַטור עקזיסטירט אייביג, אז גאָט איז דיא נאַטור אין אַלגעמיינען, אז גאָט איז דאס „אונבעוועגליכע וואס

בעווענט אַלעס". מאַטעריע, האָט ער געלערנט, איז דאָס וואָס ווערט בעווענט אָהנע אַליין עפּעס צו בעווענן; גאָט איז דאָס וואָס בעווענט אָהנע זיך אַליין צו בעווענן. נאָך אונזערע יעצטיגע בעגריפע קענען מיר זאָגען, אז אַריסטאָטעל׳ס גאָט איז קראַפט, וואָס איז אימער פערבונדען מיט מאַטעריע אָדער שטאָף.

נאָך אַריסטאָטעל׳ס פילאָזאָפיע איז ניטאָ קיין בורא, קיין געט־ליכע השגחה; דיא וועלט איז פון אייביג־אָן דיא זעלבע. עס איז ניטאָ קיין גן־עדן, קיין גיהנם אין זיין לעהרע, וועלכע איז אין אַלע הינזיכ־טען נאָר בעגרינדעט אויף דעם ריינעם פערשטאַנד אָהן דיא אריינ־מישונג פון דער קאַפּריזנער געטליכער קראַפט, וויא אין דיא שפּע־טערע רעליגיעזע לעהרען.

דיא גאַנצע וועלט, לערנט ער, האָט דיא פאָלקאָמענסטע פאָרמע, נעמליך די פאָרמע פון א קוגעל. די פאָלקאָמענסטע בעווענונג איז דיא קרייזמעסיגע. דיזע בעווענונג האט דער עטהער, דער הימלישער יסוד, פון וועלכען דיא שטערן זיינען צוזאַמענגעשטעלט. זיי דרייהען זיך אייביג גלייך און זיינען פערקערפּערטע געטליכקייטען. ווייטער איז דיא אייביגע אונבעוועגליכקייט פון הימעל אָדער גאָט.

דיא ערד האָט אריסטאָטעל בעטראַכט אַלס א נידעריגערע פאָרמע וויא דיא שטערן. אַלעס אין איהר און אויף איהר איז אָב־הענגיג פון דיא 4 עלעמענטען אָדער יסודות, וועלכע האָבען א שטרע־בונג צו גלייכע ליניען־בעווענונגען. אין גאַנצען בלייבט דיא ערד אונ־בעוועגליך. נאָר דער יסוד פייער טרייבט איהר צו דיא הימלישע וועלט.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אז אַריסטאָטעל׳ס אַסטראָנאָמיע און נאַטור־וויסענשאַפט שטימען ניט מיט דעם, וואָס מיר וויסען יעצט וועגען דיא פּלאַנעטען, שטערן און דיא גאַנצע אויסערע וועלט; נאָר אין זיינע צייטען איז עס געווען דיא העכסטע פיזאָזאָפיע און וויסענשאַפט און אזוי איז זיא פערבליבען ביז צום אָנפאַנג פון דער רענעסאַנס־צייט, וועלכע וועט געשילדערט ווערן אין דיא לעבענס־בעשרייבונגען פון איהרע גרעסטע מענער, וויא, צום בייי־שפּיעל, דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ און גאַלילעי.

אין זיינע לעהרען איבער מאָראל, געזעלשאַפט און שטאַאט האָט אַריסטאָטעל אייגענטליך ניט פיעל נייעס אויפגעטאָן. ער האָט ניט געשאַפען איין אייגענע סאָציאַל־פּאָליטישע סיסטעם ווי זיין לעהרער פּלאַטאָן, וועלכער האָט געטרוימט פון א קאָמוניסטישע געזעלשאַפט; ער האָט נאָר בעשריעבען און קריטיקירט אַלע רעגירונגס־פאָרמען, וואָס האָבען עקזיסטירט אין גריכענלאַנד. זיינע סאָציאָלאָגישע ווערק האָבען דארום פאַר אונז א זעהר וויכטיגע היסטאָרישע בעדייטונג.

אין זיין „פּאָליטיק“ ערקלערט אריסטאָטעל, אז דער שטאַאט איז ניט אָפּהענגיג פון דער רעגיערונגס־פאָרמע און פון דיא צאהל הערשער. א געזעלשאפטליכע סיסטעם איז נאָר דאן גוט, זאָגט ער, ווען דיא רעגירונג שטרעבט צו לייסטען איהר בעסטעס פאר דיא גאַנצע געזעלשאַפט. דיא הערשאַפט פון איין מאַן קען זיין גוט אַלס א קעניגרייך, אָבער שלעכט אַלס א דעספּאָטיע. דיא הערשאפט פון עטליכע קען זיין גוט, אויב זיי זיינען געבילדעטע און עהרענהאַפטע אריסטאָקראַטען; זיא איז אָבער שלעכט אַלס אַן אָליגארכיע, דאָס הייסט: ווען די מאַכט ליעגט אין דיא הענד פון אייניגע רייכע פאַמיליען.

זיינע שריפטען איבער שטאַאטען און רעגיערונגען זיינען ניט געבליעבען אין גאַנצען, און מיר ווייסען דארום ניט, וואָס פאר א סיסטעם ער וואָלט אליין פאָרגעשלאָגען; נאָר פון זיינע קריטישע בעטראַכטונגען קען מען שליסען, אז ער איז ניט געוועזען א פריינד פון א ריינע דעמאָקראַטישע רעפּובליק. אין אַלגעמיינען איז ער געוועזען א קאָנסערוואַטאָר אין פּאָליטישע אנגעלעגענהייטען און האָט געזוכט צו געפינען דעם מיטעלפּונקט צווישען פערשיעדענע סיסטעמען.

זיין קאָנסערוואַטיזמוס איז געגאַנגען אזוי ווייט, אז ער האַלט פאר גערעכט שקלאַווערייא, אָבוואָהל פיעלע פילאָזאָפען, בעזאָנדערס געוויסע סאָפיסטען, זיינען לאַנג פאר איהם ארויסגעטראָטען געגען דעם אין נאָמען פון גלייכהייט פון אַלע מענשען, וויא מיר האָבען דאס אויבען געזעהען. אויך האַלט ער פאר גערעכט צו פיהרען מלחמה און צו פערשקלאַווען פעלקער, וועלכע זיינען פון דער נאַטור געשאַפען צו דיענען צוועק“. פרויען האָט ער בעטראַכטעט אַלס ני־

דעריגער פון מענער און האָט ערקלערט, אז דיא נאַטור האָט זיי געשאַפען צו דיענען און צו פאָלגען דיא מענער. דאַרום איז ער ארויסגעטראָטען געגען פלאַטאָן׳ס פאָרשלאַג צו געבען גלייכע רעכטע און ערציהונג דיא פרויען.

נאָר אַזוי וויא זיינע פאָליטישע מיינונגען האבען אייגענטליך געשפּיעלט א קליינע ראָלע אין דער וועלט, וועלען מיר מעהר וועגען דעם דאָ ניט ריידען. מיר וועלען נאָר בעמערקען, אז פיעלע פון זיינע מיינונגען צייגען בלויז, דאס ער איז געוועזען א קינד פון זיין צייט און האָט זיך ניט געקענט בעפרייען פון איהר איינפלוס.

דיא הויפּט־וויכטיגקייט פון זיין פילאָזאָפיע ליעגט אין זיין לאָגיקע, וויא דאס איז שוין בעמערקט געוואָרן. דערמיט האָט ער בעהערשט דיא גאנצע גייסטיגע וועלט אין פערלויף פון 2000 יאָהר. אין אַלע זיינע ווערק איז ער פערבליבען א טיעפער און שטרענגער לאָגיקער, ער האָט זיי געשריעבען נאָך א סיסטעמאַטיק, וויא ווייט עס איז איהם נאָר געוועזען מעגליך, האָט ער זיך געהאַלטען שטרענג אָן זיינע ערשטע לאָגישע אויספיהרונגען, וועלכע וועלען פערבלייבען אן אייביגער מאָנומענט פון זיין ריזיגען זשעני און אן אייביגער אינטערעסאנטער און וויכטיגער געגענשטאנד פאר געבילדעטע מענשען. אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפיע פאַרנעהמט ער דעם גרעסטען פּלאַץ. אפילו דאָרט, וואו ער האָט א טעות געהאַט, וויא ספּעציעל אין זיין לעהרע וועגען מאַטעריע און פאָרמע, מוז מען איהם בעוואונדערן פאר דיא ריזיגע דיינקונגס־קראַפט, וועלכע ער צייגט דערביי אַרויס.

יא, ניט אומזיסט האָט מען דיזען פרינץ פון פילאָזאָפען פערגעטערט, ניט אומזיסט האָט ער געהאַט אזא געוואַלדיגען איינפלוס אויף אַלע ציוויליזירטע פעלקער, ניט אומזיסט איז ער געוועזען א קוואַל פון ליכט און אויפקלערונג.



# ברוך ספינאזא

## זיין לעבען און זיין פילאָזאָפיע.

---



פון פיליפּ קראַנץ.

# ברוך ספינאָזאַ.

## איינלייטונג.

### ברוך ספינאָזא און שבתי צבי.

אין 17־טען יאָהרהונדערט האָבען צוויי אידען אויפגערודערט א וועלט און געסטראשעט אונטערצוגראָבען דיא אידישע רעליגיאָן, וויא זיא איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פון תלמוד.ביידע האָבען גע־שטאמט פון דיא מאראנען, וועלכע עס איז געלונגען זיך צו רעטען פון דיא שרעקליכע אינקוויזיצאָן אין שפאניען און פאָרטוגאל; ביידע זיינען געבאָרען געוואָרען כמעט אין דער זעלבער צייט; ביידע האָבען געקראָגען א אידישע ערציהונג נאָך יענער צייט, האָבען שטו־דירט תלמוד און קבלה; און ביידע זיינען געשטאָרבען אין איין יאָהר.

אָבער זייערע געדאנקען, שטרעבונגען און טהעטיגקייט זיינען געוועזן הימעלוויט איינע פון דיא אנדערע. א טיעפער אָבגרונד האָט זיי אָבגעטהיילט — דער אָבגרונד צווישען פערנונפט און פאנטאזיע, צווישען קריטיק און גלויבען, צווישען פילאָזאָפיע און קבלה, צווישען וויסענשאפט און סתרי תורה. איינער איז געוועזן א טיפער זעלבסט־שטענדיגער דענקער, א שארפער און מוטהיגער קריטיקער, א זשעני, א וויסענשאפטליכער נאָכפאָרשער, א מערקווירדיגער עדעלער און ערהאבענער כאראקטער, א מאן, קען מען זאָגען, מיט לויטער גוטע מעלות, אזא איש ישר ותמים, צו וועמען עס איז שווער צו געפינען א גלייכען אין דער געשיכטע; דער אנדערער איז געוועזן א מיסטיקער פון דער נאטור, אן אונוויסענדער טרוימער, א צודולטער קאבאליסט, א פוסטע קאָפּ, א שוועכלינג, א מענש, וואָס איז אזוי צומישט גע־

וואָרן, דאָס ער האָט זיך זאָגאר ארויסגעגעבן פאר א משיח אין א פערקערפערונג פון גאָט, און וואָס האָט בעזעסען אזוי וויניג עהרענ־געפיהל, זעלבסטאכטונג און מוטה, אז ער האָט שענדליך פערראטהען זיינע אייגענע פערבלענדעטע נאָכפאָלגער און איז געוואָרן א משומד, וויא נאָר מען האָט איהם געסטראשעט צו בעשטראָפען פאר זיין משוגענע און אויך שווינדלערישע ראָלע פון משיח.

דער לעזער, וואָס איז פיעל ווינציג בעקאנט מיט דיא אידי־שער געשיכטע, פערשטעהט שוין אליין, אז מיר מיינען דאָ ברוך ספינאָזא און שבתי צבי.

פראָפעסאָר גרעטץ בעמערקט גאנץ ריכטיג אין זיין „געשיכטע פון אידען“, אז שבתי צבי איז געוועזן גראדע דער היפוך פון ברוך ספינאָזא. עס איז ווירקליך שווער צו געפינען 2 מענשען, וואָס זאָלען זיך אין אלע בעציהונגען אזוי אונטערשיידען, ווי דער אמסטער־דאמער פילאָזאָף און דער סמירנער משיח. אויב א מענש פערדיענט איבערהויפט געראָפען צו ווערן „געטליכער,“ זאָ האָט עס ספינאָזא זי־כער פערדינט, אָבגלייך ער איז פערשטויסען געוואָרן אפילו פון דיא געבילדעטסטע אידען פון זיין צייט, און ער ווערט נאָך ביז היינט צו טאָג פערדאמט פון פיעלע אָרטהאָדאָקסען און גייסטליכע. וועה־רענד שבתי צבי, וועלכער איז ווירקליך פערגעטערט געוואָרן פון א מאסע אידען, אפילו פון פיעלע געלערנטע אידען אין אמסטערדאם זעלבסט, איז געווען א פערריקטער און אויך איינפאך א שארלאטאן. ספינאָזא האָט געהערט פון דעם פאלשען משיח, וועלכער האָט אי־בערגעקעהרט א קורצע צייט א וועלט אין קליין־אזיען, און ער האָט נאטירליך בעדויערט, וואָס מענשען זיינען נאָך אזוי דום און אבער־גלויביש נאָכצופאָלגען איינעם, וואָס זיין ריכטיגער פלאץ אין געווען אין א דולהויז; אָבער שבתי צבי האָט אפילו ניט געהערט פון גרויסען פילאָזאָף, וואָס האָט געלייגט דעם פונדאמענט פון דער קריטיק איבער דער ביבעל, און ער וואָלט אויך ספינאָזא׳ס שריפטען ניט פערשטאנען, ווען ער וואָלט זיי געקענט לעזען.

אָבער גרעטץ טהוט אונרעכט דעם גרויסען פילאָזאָף, צו וועמען ער איז איבערהויפט ניט זעהר פריינדליך, ווען ער בעהויפטעט,

אז ספינאָזא האָט געשטרעבט צו פערניכטען דעם תלמודישען גלוי־בען אזוי וויא שבתי צבי מיט זיין שווינדלער־באנדע.

ספינאָזא איז אייגענטליך קיין מאָל ניט ארוסגעטראָטען ספּעציעל געגען אידישען גלויבען. ער האָט נאָר קריטיקירט דיא ביבעל אלס פרייער דענקער און פילאָזאָף, וויא מיר וועלען עס זעהען, ווען מיר וועלען ריידען וועגען זיין בעריהמטען „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישען טראקטאט", פאר וועלכען ער האָט בעזאָנדערס ארויפּ־געצויגען אויף זיך דעם צאָרן פון אלע גלויביגע, קריסטען נאָך מעהר וויא אידען. אויב ער איז געוועזען גערעכט, אָדער אונגערעכט אין אלע זיינע אויספיהרונגען וועגען דיא ביבעל, נאָר עס איז זיכער, אז ער האָט ניט געדיינקט, ווען ער האָט אפילו געשריעבען זיינע „אפּיקורס'ישע" ווערק, צו טאָן אירגענד וועלכען שאדען דיא אידען. ער האָט געשריעבען און געהאנדעלט אין נאָמען פון דער ריינער וואהרהייט, וויא זיין מערקווירדיג קלאָרע קאָפּ האָט עס פערשטא־נען און זיין ריינער געוויסען האָט עס איהם דיקטירט. דיא אידען האָט ער אפילו מיט איין בייזען וואָרט ניט אָנגעגריפען. עס איז איבערהויפּט ניט געלעגען אין זיין רוהיגער און עדעלער נאטור ווע־מען עס איז צו אטאקירען פערזענליך. ער האָט געליטען און מיים־טענס געשוויגען מיט אן איבערמענשליכע געדולד; ער האָט געלעבט און איז געשטאָרבען וויא א פּראָלעטאריער און א מערטירער. יע־דענפאלס, דיא אידען האָבען קיין מאָל ניט געליטען פון איהם און אפילו דורך זיין „אפּיקורסות און גאָטלאָזיגקייט", דען זיינע בי־טערסטע פיינד אין דיא רייהען פון דיא קריסטליכע גלחים און פינ־סטערלינגע האָבען געמוזט צוגעבען, אז ער איז א גייסטיגער ריעז, אזא געניאלער פילאָזאָף וויא אריסטאָטעל. וואָס מעהר אייראָפּא האָט גייסטיג פּראָגרעסירט, איז ספינאָזא אלץ מעהר פערעהרט גע־וואָרן. זיין נאָמען ווארפט דעם העלסטען שיין אויף דיא אידישע נאציאָן. מיט קיינעם פון זייערע גרויסע מענער אין היסטאָרישע צייטען קענען אידען אזוי פיעל ניט שטאָלצירען, וויא מיט ברוך ספינאָזא.

אום צו צייגען, אז ספינאָזא האָט ארויסגעוויזען א ביטערקייט

געגען דיא אידען, בעמערקט גרעטץ, אז דער פילאָזאָף האָט מעהר קריטיקירט דעם אלטען וויא דעם נייעם טעסטאמענט. אָבער ווען דאָס זאָל זיין אזוי, קומט עס איינפאך פון דעם, וואָס ספינאָזא האָט נאטירליך בעטראכטעט דיא אידישע ביבעל אלס דעם פונדא־מענט פון דעם קריסטליכען גלויבען און וואָס ער איז מעהר בע־קאנט געווען מיט דער אידישער רעליגיעזער ליטעראטור וויא מיט דער קריסטליכער. ניט אומזיסט האָט ער זיינע יונגע יאָהרען פער־בראכט אין שטודירען דעם תלמוד און דיא אידישע טהעלאָגיע (חכמת האלהות).

ניין, ספינאָזא האָט ניט געמיינט צו בעקעמפפען דעם יודענ־טהום, אָבוואָהל ער האָט שארף קריטיקירט דיא ביבעל, מען קען איהם יעדענפאלס ניט שטעלען אויף איין פלאן מיט שבתי צבי אפילו אין זייער ארויסטרעטען געגען תלמודישען יודענטהום. וואָס אנבעלאנגט צו שבתי צבי, וועלכער האָט רואינירט פיעלע פון זיינע פערבלענדעטע אנהעגגער און האָט געבראכט שמאך און שאנדע אויף אלע אידען פון זיין צייט, זאָ איז אין זיין ארויסטרעטען געגען תלמוד און שלחן ערוך שולדיג ניט ער אליין, זאָנדערן דיא קבלה, וועלכע איז פון אנפאנג אָן געווען א פראָטעסט פון מיסטיקער גע־גען דיא טרוקענע לעהרען פון דיא תלמודיסטען און רבנים. דיא קבלה איז אימער געווען דער קוואל פון רעליגיעזע שטרייטען און פון סעקטען צווישען אידען.

אָבער וויא פערשיעדען און געגענגעזעצט ספינאָזא און שבתי צבי זיינען ניט געווען אין אלע בעציהונגען, זיינען זיי דאָךביידע קינדער פון זייער צייט, פראָדוקטען פון דיא אומשטענדען, אונטער וועלכע זיי האָבען זיך געפונען. דאָס מעג שיינען פון ערשטען בליק ווידערשפרעכענד, ווילד און זאָגאר אונגלויבליך, אָבער דאָס ווערט קלאָר, ווען מען בעטראכט נעהענטער דעם צושטאנד פון דיא קול־טור־פעלקער אין 17טען יאהרהונדערט.

אום ניט צו פארקריכען צו ווייט אין איינצעלהייטען וועגען דיא געשיכטע פון יענער צייט, וועלען מיר דאָ בלויז אָנצייגען אויף דיא צוויי געגענזייטיגע בעוועגונגען, וועלכע זיינען דאן אָנ־

גענאנגען זייט ביי זייט. איינע איז געווען א רעאקציאָנערע, וועלכע האָט געשטרעבט אָבצושטעלען דיא ראָד פון רעפאָרמאציאָן, צו פערשטארקען דיא מאכט פון דיא פאפסטען און קעניגע; דיא אנ־דערע איז געווען א פּראָגרעסיווע און זאָגאר א רעוואָלוציאָנערע, דען זיא האָט געשטרעבט צו פערנינפטיגע קריטיק און צו וויסענשאפט־ליכע ענטוויקלונג. דיא רעזולטאטען פון דיזע צוויי בעוועגונגען האָבען זיך בעזאָנדערס ארויסגעוויזען אין אן אויפלעבונג פון אינ־טאָלעראנץ און פון רעליגיעזען מיסטיציזמוס (סתרי תורה) פון איין זייט און אין א רייהע גלענצענדע און וועלט־איבערקעהרענדע צו א זעלטענע גערעטענעס אין מענשען, וועלכע האָבען זיך ארויס־געגעבען פאר פּראָפעטען און זאָגאר משיח'ס; דער קריטישער גייסט האָט געפידרט צו א זעלטענע גערעטענעס אין געניאלע דענקערס. וועלכע האָבען ענטוויקעלט פיעלע וויסענשאפטען, בעזאָנדערס אסטראָנאָמיע, מאטעמאטיק, מעכאניק און פיזיק, און אויך אויס־געלייגט א וועג פאר א וויסענשאפטליכע פילאָזאָפיע, ווי גאלילעי, קעפלער, דעקארט (קארטעזיוס), גיוגענס, לייבניץ, ניוטאָן, גאָבבעס, לייבניץ, ספינאָזא, טאָריטשעלי, פאסקאל, הארווי א. ז. וו. דאָס זיינען אלץ פאָטערס פון וויסענשאפט, זייערע נעמען זיינען פער־שריעבען מיט גאָלדענע בוכשטאבען אין דער געשיכטע פון פּראָ־גרעס און ציוויליזאציאָן.

אָבער דיא רעליגיעזע רעאקציאָן איז אזוי שטארק געוואָרען און דער מיסטיציזמוס איז אזוי איינגעוואָרצעלט געווען, דאָס אפילו דיא גלענצענדסטע שטערן פון וויסענשאפט זיינען דורך דעם פער־פינסטערט געוואָרען. זעהר וויינינגע פון זיי זיינען געווען פרייע דיינקערס. טראָץ דער איבערקעהרענעס, וואָס זיי האָבען געמאכט אין אסטראָנאָמיע און מעכאניק, זיינען זיי פערבליבען גייסטיגע שקלאווען פון זייער צייט. זיי האָבען מורא געהאט איינצורייסען מיט דער ארמעע פון רעאקציאָנערען און גלחים און האָבען זיך שטילערהייט בעשעפטיגט מיט וויסענשאפטען. דעקארט, וועמען מען רעכענט פאר דעם פאָטער פון וויסענשאפטליכע פילאָזאָפיע, האָט זיך נעבעך געדרעהט אויף אלע זייטען, מען זאָל איהם ניט

בעשולדיגען אין אפיקורסת און ניט ערקלערן פאר אן אטעאיסט. לייבניץ האָט איבערהויפּט געזוכט צו געפינען חן אין דיא אויגען פון דיא רעאקציאָנערען. וואָס אנבעלאנגט צו דעם גרעסטען זשעני פון זיין צייט, אייזיק ניוטאָן, דעם ענטדעקער פון דיא געזעצע פון גראוויטאציאָן (צוציהונגס־קראפט), האָט ער זאָגאר אָנגעשריעבען א פּירוש אויף דעם אפּאָקאליפּסיס (דיא ענטפּלעקונג און חלומות פון היילינגען יאָהאן).

בלויז ספּינאָזא איז דאן געווען אזוי גייסטיג פריי, אז ער האָט געוואגט צו קריטיקירען דיא ביבעל אזוי וויא אן אנדער בוך. אין דיזער בעציהונג איז ער געווען אן אויסנאהמע צווישען אלע פילאָזאָפען פון זיין צייט און אויך פון א הונדערט יאָהר נאָך זיין טויט. דארום איז מען אזוי אָנגעפאלען אויף איהם פון אלע זייטען, דארום האָט מען פערבאָטען זיינע ווערק און פערשאָלטען זיין נאָמען, דארום איז ער אויפגעשטאנען, קען מען זאָגען, א גייסטיגען תחית המתים ערשט אין 19טען יאָהרהונדערט, וויא מיר וועלען עס זעהען.

נאָר ווען ער וואָלט ניט געבאָרען געוואָרן אין אמסטערדאם, דיא הויפּט שטאָט פון דער פרייסטער לאנד אין יענער צייט און א צענטער פון בילדונג און פאָרטשריט, זאָנדערן ערגעץ אין טירקיי, פוילען אָדער אפילו דייטשלאנד, וואָלט זיין שיקזאל געווען א גאנץ אנ־דערער. אויב זיין קלאָרע קאָפּ וואָלט איהם געפיהרט צו קריטיק, וואָלט ער וואהרשיינליך ניט געגאנגען ווייטער פון רמב"ם, וועלכער האָט געזוכט צו פערייניגען רעליגיאָן מיט וויסענשאפט. פון דער אנדער זייט, ווען שבתי צבי וואָלט געבאָרען געוואָרען ניט אין סמירנא, אין א נעסט פון אזיאטישע אונוויסענהייט און פון קאבאליסטען, זאָנדערן אין אמסטערדאם אָדער אפילו אין פראנק־רייך און איטאליען, וואָלט ער זיכער ניט אזוי צומישט און צודולט געוואָרען זיך ארויסצוגעבען פאר א משיח, ווען ער וואָלט זאָגאר געבליעבען פערטיעפט אין קאבאליסטישע חלומות.

דאָ זעהען מיר קלאָר דיא ווירקונג פון ארומיגע אומשטענדען אויף דיא ענטוויקלונג און האנדלונגען פון מענשען. דיא אומשטענ־דען פאָרמולירען דעם כאראקטער פון יעדען מענשען. דיא זעלבע

פעהיגקייטען קריעגען גאנץ אנדערע װענדונגען און א גאנץ פער־שיעדענעם אויסװעג אונטער דעם איינפלוס פון דיא אומשטענדען, אונטער װעלכע מענשען װערען געבאָרען און ערצויגען. עס איז געװען א גליק פאר דיא מענשהייט, װאָס ספינאָזא איז געבאָרען און ערצויגען געװאָרען אין אמסטערדאם; עס איז געװען אן אונגליק פאר פיעלע אידען און א שאנדע פאר כל ישראל, װאָס שבתי צבי איז געבאָרען און ערצויגען געװאָרען אין טירקיי. װען עס װאָלט געװען פערקעהרט, װאָלטען מיר ניט געהאט א ספינאָזא און ניט א שבתי צבי.

גראדע האָט עס געטראָפען, אז אין איין צייט האָבען צװיי אידען פערקערפערט דיא צװיי געגענגעזעצטע ריכטונגען פון 17טען יאָהרהונדערט: ספינאָזא — דיא װיסענשאפטליך־פילאָזאָפישע ריכטונג, שבתי צבי — דיא מיסטיש־רעליגיעזע ריכטונג. עס איז אָבער ניט געװען א צופאל, װאָס אידען האָבען פערזאָניפיצירט דיזע ריכטונגען; דען נאָר א טיעפער אידישער דענקער, װאָס איז פערשטויסען געװאָרען פון זיינע ברידער און איז געקומען אין פערבינדונגען מיט פרייגעזאָננע קריסטען און מיט גרויסע גע־לעהרטע און פילאָזאָפען, האָט זיך געקענט אװעקטראָגען אויף דיא פליגלען פון פרייען גייסט אזוי װייט און לעבען אין א װעלט פאר זיך, װיא ספינאָזא האָט עס געטאָן; און נאָר א צודולטער אידישער טרוימער, װאָס איז ארומגערינגעלט געװען פון קאבאליסטען, האָט געקענט ארויסטרעטען אלס משיח און געפינען אנהענגער ניט נאָר צװישען אידען, זאָנדערן אויך אפילו צװישען קריסטען און מאָ־האמעדאנער, װיא דאָס איז געװען דער פאל מיט שבתי צבי.

עס קלינגט װיא א ביטערע איראָניע, װען מען פערגלייכט דעם לעבען און דיא אויפטואונגען פון דיזע צװיי אידען, װעלכע שטעלען פאָר צװיי בעזונדערע װעלטען, און עס װערט זעהר טרויעריג אויפ'ן הארצען, װען מען לעזט דיא געשיכטע, אז איינער, דער געניאלער דענקער און א שטאָלץ פאר אידען, איז פערפאָלגט און פערשאָלטען געװאָרען פון זיינע ברידער, און דער צװייטער, א פוסטער טרוימער און פאלשער משיח, איז איינפאך פערגעטערט

געוואָרען פון מאסען מענשען. אָבער דער טרויער ווערט אומגעוואנ־דעלט אין פריידע, ווען מען בערעכענט, וויא דיא מענשהייט האָט פראָגרעסירט אין דיא לעצטע 200 יאָהר, אז ספינאָזא ווערט פער־עהרט פון אלע דענקענדע מענשען און אזא שבתי צבי איז געוואָרען אן אונמעגליכקייט.

מיר ווערען איצט איבערגיין צו א בעשרייבונג פון ספינאָזא׳ס לעבען און צו אן ערקלערונג פון זיין פילאָזאָפיע. וועגען שבתי צבי וועלען מיר ריידען אין אן אנדער ביכעל.



# I.

## ספינאָזא׳ס יוגענד און אידישע ערציהונג.

ברוך ספינאָזא איז געבאָרען געוואָרען אין אמסטערדאם דעם 24 אָקטאָבער 1632. זיינע עלטערן זיינען געקומען פון שפּאניען אָדער פּאָרטוגאל. מען ווייס פון זיי גאנץ ווייניג, דען דיא פאמיליע האָט זיך ניט אויסגעצייכענט ניט מיט תורה און ניט מיט רייכטהום. זיי זיינען וואהרשיינליך געווען קליינע הענדלער. לויט נאָך דעם נאָמען (אייגענטליך: עספּינאָזא), האָט דיזע פאמיליע אמאָל גע־וואָהנט אין א שטעטעל מיט דעם זעלבען נאָמען אין דער אומ־געגענד פון דער שטאָט בורגאָס. ספּינאָזא האָט יעדענפאלס גע־קענט ריידען און שרייבען שפּאניש, דען זיין ערשטען פּראָטעסט געגען דעם בעשלוס איהם ארויסצושיקען פון אמסטערדאם האָט ער אָנגעשריעבען אין שפּאניש.

פון זיינע קינדערשע יאָהרען ווייסען מיר ניט מעהר, אז מען האָט איהם אָבגעגעבען אין דער אידישער שולע, וועלכע איז גע־גרינדעט געוואָרען אין 1639 פון פּאָרטוגעזער אידען און איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון דיא דאָרטיגע דריי גרעסטע רבנים שאול מאָרטעירא, יצחק אבוהב און מנשה בן ישראל. דיא שולע איז געווען צוטהיילט אין 7 קלאסען. אין דיא העכערע קלאסען האָט מען געלערנט ניט נאָר תלמוד, זאָנדערן אויך אידישע פילאָ־זאָפיע און ליטעראטור. ספּינאָזא האָט געענדיגט אלע קלאסען און איז גערעכענט געווען פאר איינעם פון דיא בעסטע שילער.

דיזע לעהרערס זיינען ניט נאָר געווען בעוואוסטע תלמודיסטען, זאָנדערן האָבען אויך שטודירט פילאָזאָפיע און שפּראכען. מנשה בן ישראל האָט געקענט עטליכע שפּראכען, דארונטער אויך דיא לאַ־טיינישע. אלע זיינען זיי געווען געבילדעטע פּאָרטוגעזער אידען.

דער בעריהמטעסטער פון זיי איז מנשה בן ישראל, אָבער ניט אַזוי דורך זיינע קענטניסע, וויא דורך זיין פּאָליטישע טהעטיגקייט, אַז מען זאָל אריינלאָזען אידען אין ענגלאנד. א געוויסע צייט פון זיין לעבען האָט ער זיך אין גאנצען אָבגעגעבען צו העלפען זיינע פערפאָלגטע ברידער דורך עמיגראציאָן נאָך ענגלאנד. וויא בע־וואוסט, האָט ער נאָך לאנגע ביטעס ביי דעם ענגלישען פּארלא־מענט און נאָך פערהאנדלונגען מיט דער ענגלישער רעגיערונג ענד־ליך אויסגעפיהרט זיין הויכען ציעל, און זייט דאן מעגען אידען וואָהנען אין ענגלאנד. דורך דעם האָט ער זיך אויך בעקענט מיט פיעלע קריסטליכע געלעהרטע און שטאאטסמענער, וועלכע האָבען איהם זעהר געאכטעט.

צוליעב דיזע פּאָליטישע טהעטיגקייט האָט מנשה בן ישראל ניט געקענט זיך אריינמישען פיעל אין דיא אינערליכע אנגעלעגענ־הייטען פון דער אמסטערדאמער קהלה, דיא וויכטיגסטע און איינ־פלוסרייכסטע אין יענער צייט, ווען איבעראל האָט מען נאָך באר־באריש פערפאָלגט דיא אידען און ווען דיא אינקוויזיציאָן האָט געברענט איהרע אָפּפער. אָבער זיין אריינמישונג וואָלט גאָר ניט געהאָלפען ספּינאָזא'ן, וועמעס קריטישער גייסט האָט זיך ארויס־געוויזען נאָך, ווען ער איז אלט געווען א יאָהר פופצעהען אויב ניט פריהער. דען טראָץ זייער וועלטליכער בילדונג, זיינען דיא פּאָרשטע־הער פון דער אמסטערדאמער קהלה געווען זעהר ענגע אָרטהאָדאָק־סען. זיי האָבען זיך שטרענג געהאלטען אָן יעדען בוכשטאב פון תלמוד, פון שלחן־ערוך און פון דיא אנערקענטע קאָמענטאטאָרס. דיא שרעקליכע פערפאָלגונגען, וואָס דיא שפּאנישע אידען האָבען געליטען, האָבען געצוואונגען דיא יעניגע וועלכע עס איז געלונגען זיך צו רעטען פון דער אינקוויזיציאָן, צו האלטען זיך פעסט אָן יעדע תלמודיישע פּאָרשריפט און זיך אָבצוטרייסלען מיט שרעק פון יעדע ענדערונג אין זייערע רעליגיעזע מנהגים. זיי זיינען גע־ווען פרום מיט'ן גאנצען הארצען, אָבער אויך פאנאטיש און יעדענ־פאלס ניט טאָלעראנט. אויך זיינען זיי געווען גענייגט צו מיסטי־ציזמוס און האָבען הויך געשעצט דיא קבלה. אפילו מנשה בן

ישראל איז געוועזן א מיסטיקער און האָט געגלויבט, אז אין דיא קאבאליסטישע ביכער געפינען זיך ווירקליך געטליכע סודות. איינע פון דיא אורזאכען, ווארום ער האָט אזוי שטארק געארבייט מען זאָל ערלויבען אידען זיך צו בעזעצען אין ענגלאנד, איז געוועזן, וויא בעוואוסט, זיין מיסטישער גלויבען, אז משיח וועט נאָר קומען ער־לייזען זיין פאָלק ערשט דאן, ווען דיא אידען וועלען זיין צושפּרייט איבער אלע לענדער. נאָך נייע רעכנונגען פון קאבאליסטען האָט משיח געזאָלט קומען אין 1666, און מנשה בן ישראל האָט מורא געהאט, אז אויב אידען וועלען זיך ניט בעזעצען אין ענגלאנד, וועט דיא ערווארטעטע ערלייזונג ניט קומען. אין דער פּעטיציאָן, וואָס ער האָט דערלאנגט דעם ענגלישען פּארלאמענט אין 1657, האָט ער אָנגעגעבען דיזע מיסטישע האָפנונג אויף משיח'ס קומען אלס איי־נעם פון דיא ארגומענטען, ווארום מען דארף אריינלאָזען אידען אין ענגלאנד, און קריסטען זיינען אליין געוועזן אזוי דורכגעדרונגען מיט א בלינדען גלויבען און מיט מיסטיציזמוס, דאָס זיי האָבען ניט נאָר אנערקענט דיזען ארגומענט אלס אן ערנסטען, זאָנדערן האָבען אויך געגלויבט, אז דער אָנקומען פון א אידישען משיח איז גאנץ נאָהענט.

יעדענפאלס האָט מנשה בן ישראל בעטראכטעט יעדע אָב־טרעטונג פון דיא אָנגענומענע רעליגיעזע פאָרמאליטעטען, יעדע פרייע פערטייטשונג פון א וואָרט אין תלמוד אָדער אפילו אין דער קבלה פאר א געפעהרליכע אפיקורסות. אין דיזער בעציהונג האָט ער זיך א האָאָר ניט אונטערשיידעט פון דיא פערביסענסטע און ענגהערציגסטע אָרטהאָדאָקסישע רבנים. דיא פערפאָלגונגען האָבען נאָר ערביטערט דיא הערצער אפילו פון דיא געבילדעסטע שפּאַ־נישע אידען; דיא קאטוילישע אינטאָלעראנץ, וועלכע האָט מעגליך געמאכט דיא אינקוויזיציאָן מיט דיא אָטאָ־דא־פעס, האָט ליידער ניט ארויסגערופען טאָלעראנץ צווישען אידען, פארקעהרט, זיי זיי־נען געוואָרען פאנאטישער, און יעדען איינעם, וואָס האָט זיך נאָר ערלויבט אויסצודריקען עפּעס א פרייען געדאנק אין רעליגיעזע זאַ־כען, האָבען זיי ניט נאָר בעטראכטעט פאר אן אפּיקורס, זאָנדערן

איינפאך פאר א פערדעטהער צום כלל ישראל, צום גאנצען יודענ־טהום. זייער טרייסט האָבען זיי געזוכט אין דער קבלה און אין האָפנונגען אויף משיח'ס צייטען.

דערמיט ערקלערט זיך, ווארום אפילו דיא בעסטע פאָרשטעהער פון דער אמסטערדאמער קהלה זיינען געווען מיסטיקער און קאבא־ליסטען און ווארום אלע האָבען זיך אָבגעטרייסעלט פון דיא צוויי פרייע דענקער, אוריאל אקאָסטא און ברוך ספּינאָזא, און זיי ארייג־געלעגט אין חרם.

ספּינאָזא האָט גאנץ גוט געוואוסט, וואָס פאר א ביטערן סוף אוריאל אקאָסטא האָט געהאט פאר זיינע פרייע געדאנקען, פאר זיין ארויסטרעטען געגען דיא אָרטהאָדאָקסען (וויא בעוואוסט, האָט אקאָסטא געענדיגט מיט זעלבסטמאָרד אין 1640 יאָהר נאָכדעם וויא מען האָט איהם א צווייטען מאָל ארייגעלייגט אין חרם). עס איז מעגליך, אז ער איז, אלס 8 יעהריגער איגגעל, שוין געווען אין דער סינאגאָגע, ווען מען האָט געצוואונגען דעם אונגליקליכען אקאָסטא צו טאָן תשובה נאָך דעם צווייטען חרם. נאָר דאָס האָט איהם דאָך ניט אָבגעשראָקען. נאָך ווען ער איז געזעסען אויף דער באנק אין דער ישיבה און האָט געלערנט תלמוד צוזאמען מיט זיינע חברים ביי רבי שאול מאָרטעירא, האָבען זיך שוין אין זיין קאָפּ געדרעהט פרייע געדאנקען און אין זיין הארץ האָט זיך ארייגגע־גנב'עט צווייפעל, דער פאָטער פון קריטיק. וואָס ער האָט גע־דענקט און געפיהלט, וואָס פאר א קאמפף ער האָט דורכגעמאכט מיט זיך זעלבסט ביז ער איז אָפען ארויס מיט זיין קריטיק געגען דיא ביבעל, דאָס ווייס מען ניט, ווייל ער האָט ליידער וועגען זיך זעלבסט כמעט גאָר ניט געשריעבען און האָט וועגען דעם אויך ניט דערצעהלט. ער איז געווען מערקווירדיג בעשיידען, האָט ניט געזוכט זיך צו מאכען א נאָמען און האָט אויסגעמיידעט יעדע זאך, וואָס האָט איהם געקענט שטערען אין זיינע מחשבות, אין דער אויסאר־בייטונג פון זיין פילאָזאָפישער סיסטעם. אין דיא בריעף צו זיינע פריינד און געלעהרטע האָט ער אויך נאָר געשריעבען וועגען פילאָ־זאָפישע און וויסענשאפטליכע פראגען אָדער וועגען זיינע ווערק.

זעהר זעלטען האָט ער בעריהרט עפּעס פון זיין פּריוואטלעבען. זיין בעשיידענהייט איז אזוי ווייט געגאנגען, דאָס ער האָט אָנגעזאָגט זיינע פריינד, אז אפילו דיא ווערק, וואָס וועלען ערשיינען נאָך זיין טויט, זאָלען ניט טראָגען זיין נאָמען.

אין איין אָרט פון זיין „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישען טראַקטאַט" בעמערקט ער: „איך שרייב דאָ ניט עטוואָס אזעלכעס וואָס איך האָב ניט איבערגעטראכט לאנג פריהער. אָבוואָהל אין מיין יוגענד האָט מען מיך געלערנט אָנצונעהמען דיא געוועהנליכע מיינונגען וועגען דיא הייליגע שריפטען, בין איך דאָך געצוואונגען געוועזען זיך אָפּצוזאָגען פון זיי."

יערענפאלס איז ער שוין צו 20 יאָהר געוועזען א זעלבסטשטענדיגער דענקער און האָט ביי זיך אין קאָפּ געהאט דיא הויפּט־גע־דאנקען פון זיין פילאָזאָפיע. וויא ווייט מען קען דערגיין פון זיינע בריעף און פון זיינע ווערק, דאַרף מען אָננעהמען אז דיא ערשטע, וואָס האָבען איהם ארויפגעפיהרט אויף א קריטישען וועג, זיינען גראדע געוועזען דיא צוויי גרעסטע אידישע דענקערס און פערעהרטע לעהרערס, דער רמב"ם (משה מאימאָניד) און אבן עזרא. זיין אונ־ערזעטליכע שטרעבונג צו קענטשאפט האָט איהם געטריעבען צו שלינגען אלע אידישע ווערק, וועלכע ער האָט נאָר געקענט קריעגען. נאָך אלס אינגעל האָט ער שטודירט דיא ווערק פון רמב"ם און פון אבן־עזרא, וועלכע ווערען נאָך יעצט בעטראכט פון שטרענגע תלמודיסטען פאר אפיקורסישע. דיא הקירות פון רמב"ם צו פערשיי־טען דעם אָבגרונד צווישען רעליגיאָן און וויסענשאפט — חקירות וועלכע זיינען מיט דער צייט אָנגענומען געוואָרען פון שפּאנישע און פּאָרטוגעזער אידען אלס א טהייל פון אידישען גלויבען, וואָס מען טאָר ניט קריטיקירען — האָבען אין ספּינאָזא'ס שארפען און דענקענדען קאָפּ נאָר ארויסגערופען צווייפעל און קריטיק. דאָרט וואו מאימאָניד האָט זיך געסטארעט צו פערגלעטען א ווידערשפּרוך און צו צייגען דיא ריכטיגקייט פון ביבלישע בעהויפּטונגען, דאָרט האָט

ספינאָזא געפונען בעווייזע פאר זיינע פרייע געדאנקען.*) אין זיין „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישען טראקטאט״ טרעט ספינאָזא ארויס זעהר שארף געגען מאימאָניד׳ס פילאָזאָפיע. אבן־עזרא, וועלכער איז געוועזען דער פרייעסטער דענקער פון זיין צייט און האָט זיך ערלויבט פיעלע פרייהייטען אין זיין פירוש, האָט נאָך מעהר געווירקט אויף ספינאָזא׳ס קריטישע קאָפּ. דיא קריטיק, וועלכע אבן־עזרא האָט געזוכט צו פערדעקען מיט א דונקעלע שפראך, האָט ספינאָזא שנעל פערשטאנען.

נאָר ווער עס האָט ניט ארויפגעפיהרט דעם יונגען דענקער אויף א קריטישען וועג, זיכער איז עס, אז ער האָט זיין צווייפעל צו־ערשט אויסגעדריקט אין געוויסע פראגען, וועלכע ער האָט גע־שטעלט זיין געאכטעטען לעהרער, רבי שאול מאָרטעירא. מען זאָגט, אז איהם איז דאן געוועזען פופצעהן יאָהר און אז מאָרטעירא איז שטארק ערשטוינט געוואָרען צו הערען אזעלכע פראגען פון א אינ־געל. ליידער ווייס מען גאָר ניט, וואָס פאר אן אנטוואָרט דער רבי האָט געגעבען דעם שילער. וואהרשיינליך האָט ער איהם אָנגע־זאָגט מעהר ניט צו טראכטען וועגען אזעלכע ענינים און צו גלויבען אין אַלעם וואָס דיא חכמים האָבען געזאָגט.

---

*) וועגען דיא לעהרע און אויפטואונגען פון רבי משה מאַימאָ־ניד, וויא אויך וועגען דעם ביטערען קאַמפּף, וואָס ער האָט ארויסגע־רופען מיט זיינע שריפטען צווישען אידען, זעהט ב. פייגענבוים׳ס „לעבענסבעשרייבונג פון רמב״ם,״ ארויסגעגעבען פון דער אינטערנא־ציאָנאַלער לייברערי פּובלישינג קאָמפּאניע.

II.

## ספינאָזא׳ס לאַטײנישער לעהרער און ראָמאַן.

נאָר ארום דער צייט האָט דער יונגער דענקער געקראָגען אנ־דערע לעהרערס. שטרעבענדיג צו קענען וואָס מעהר, האָט ער אויך אָנגעפאנגען צו לערנען דיא לאטיינישע שפּראך, וועלכע איז דאן נויטווענדיג געווען פאר יעדען געבילדעטען מאן, דען אלע פילאָזאָ־פישע און וויסענשאפטליכע ווערק זיינען אין איהר געשריעבען געוואָרען. לאטיין איז נאָך געווען דיא וועלט־שפּראך אין 17טען יאָהרהונדערט, און אלע געבילדעטע אידען האָבען מעהר אָדער וויינ׳גער געלערנט דיזע שפּראך. דארום האָט קיינער ניט געשטערט ספּינאָזא׳ן צו לערנען לאטיין, ווען ער איז נאָך געווען אין דער ישיבה.

אָבער גראדע האָט עס געטראָפען, אז זיין לאטיינישער לעה־רער איז געווען א געוויסער דאָקטאָר וואן־דען־ענדע, וועלכער איז אויך געווען א פריי־געזאָנענער מאן. זיינע שילער האָט ער ניט נאָר געלערנט דיא לאטיינישע גראמאטיקע, זאָנדערן האָט זיי אויך בע־קאנט געמאכט מיט דיא בעסטע פילאָזאָפישע ווערק פון דיא דענקער, וועלכע האָבען געקעמפּפט געגען דעם קאטאָליציזמוס און דיא פּאפּסטען אין דער צייט פון רענעסאנס (דאָס הייסט אויפלע־בונג), ווען דיא גריכישע פילאָזאָפיע האָט אויפגערודערט די מוחות און האָט געפיהרט צו דער רעפאָרמאציאָן אין 16־טען יאָהרהונ־דערט. ספּעציעל האָט ער איבערגעגעבען זיינע שילער דיא פילאָזאָ־פיע פון דעקארט און דיא ענטדעקונגען וואָס זיינען געמאכט גע־וואָרן אין וויסענשאפטען. דאָס האָט ער אלץ געטאָן אין דער שטיל, אז מען זאָל איהם ניט בעשולדיגען אין אפּיקורסות, אָבער שליסליך איז מען דאָך דערגאנגען, אז ער „פערדארבט דיא מוחות פון זיינע שילער", און „שטופּט זיי אין דיא נעגעל פון טייוועל", וויא דיא גייסטליכע האָבען עס ערקלערט. דער סוף איז געווען, אז וואן־דען־

ענדע איז פערשריעען געוואָרען פאר אן אטעאיסט און אז ער האָט געמוזט פערלאָזען אמסטערדאם, דען ער איז געבליבען אָהן שילער און אָהן ברויט.

דיזער פרייער לעהרער האָט געהאט א בעזאָנדערס גרויסען איינפלוס אויף ספינאָזא׳ן. דורך איהם איז דער יונגער דענקער בעקאנט געוואָרן מיט א נייע וועלט, מיט דיא פילאָזאָפען און געלעהרטע פון דער ניט־אידישער וועלט, מיט דיא חכמות אומות העולם.

מען האָט דערצעהלט, אז ספינאָזא האָט זיך נאָך פערליעבט אין דער איינציגער טאָכטער פון זיין לאטיינישען לעהרער. ספינאָזא׳ס ערשטע ביאָגראפען האָבען וועגען דעם איבערגעגעבען א גאנצע ראָמאנטישע געשיכטע, און אלע אנדערע האָבען עס נאכהער ווידערהאָלט (אוערבאך האָט זאָגאר אָנגעשריעבען א ראָמאן, אין וועלכע ספינאָזא שפיעלט דיא ראָלע פון א העלד) מיט איינצעלהייטען, וויא דיזע געלעהרטע טאָכטער פון וואן־דען־ענדע האָט שליסליך פערוואָרפען דיא שטילע ליעבע פון דעם אָרימען פילאָזאָף און האָט חתונה געהאט מיט א דייטש, אן אנדער שילער פון איהר פאָטער, ווייל דער לעצטער האָט איהר געשאָנקען א ווערטהפאָלען האלזבאנד.

אָבער אלע ליעבהאָבער פון ראָמאנען האָבען זיך געמוזט אָבזאָגען פון דיזע געשיכטען, ווען דער האָלענדער וואן־בלאָטען האָט געפונען אין דיא ארכיוועך פון אמסטערדאם א ריכטיגען דאָקומענט, וועלכער צייגט, אז ווען ספינאָזא האָט שוין געמוזט פערלאָזען אמסטערדאם נאָך דעם חרם אויף איהם, איז זיין "געליעבטע" אלט געוועזן בלויז 12 יאָהר. זיא האָט חתונה געהאט צו 27 יאָהר אין 1671, מיט 6 יאָהר פאר דעם פילאָזאָף׳ס טויט.

עס איז אונמעגליך אָנצונעהמען, אז אזא ערנסטער יונגער מאן אין טיעפער דענקער, וויא ספינאָזא איז געוועזן, זאָל זיך קענען פערליעבען אין א 12־יעהריגע מיידעל. איבערהויפט גראמט זיך גאָר ניט ליעבע צו פרויען מיט איהם: ער איז צופיעל געוועזן פערטיעפט אין זיינע אייגענע געדאנקען, אין זיין פילאָזאָפיע, און

האָט צופיעל געהאט צו ליידען אי פון א געירש'ענטע קראנקהייט — דיא שווינדזוכט, וועלכע האָט איהם פריהצייטיג אריינגעיאָגט אין קבר — אי פון זיינע פיינד — דיא גרויסע ארמעע פון גייסט־ליכע — אי פון נויט, דען דיזער עדעלער דענקער האָט זיך שטענ־דיג אָפּגעזאָגט פון פענסיאָנען און פון דער שטיצע פון זיינע פריינד און האָט געלעבט פון זיין אייגענע שווערע און ניט געזונטע ארבייט — דיא ארבייט פון א שלייפער פון אָפּטישע גלעזער.

אין זיין הויפּט־ווערק — „דיא עטיקע“ — פּרעדיגט ער גאנץ שטארק, אז מענשען דארפען זעהען צו לעבען אין ריינע פערגעני־גען אויף דער וועלט; אָבער אליין האָט ער עס ניט פּראקטיצירט אין דער איינזאמקייט און ארמוטה, אין וועלכע ער האָט געלעבט. זיינע פערגעניגען זיינען נאָר געוועזען גייסטיגע, זיין גאנצער גענוס פון לעבען איז בעשטאנען אין ליעבע צו וואהרהייט און וויסענ־שאפט. מיט פרויען האָט ער יעדענפאלס קיין פערקעהר געהאט. דאָס גיבען צו אלע זיינע ביאָגראפען.



III.

## דעקאַרט און ספּינאָזאַ.

פון ניט־אידישע דענקערס האָט דעקארט געהאט דעם גרעס־
טען איינפלוס אויף ספּינאָזאַ׳ן. א געוויסע צייט האָט מען ספּינאָזאַ׳ן געהאלטען פאר א קארטעזיאנער (א נאָכפאָלגער פון דעקארט׳ס פילאָזאָפיע), אָבוואָהל ער איז גאנץ שנעל ארויסגע־
טראָטען געגען פיעלע אויספיהרונגען פון דיזען געניאלען פראנצויז, וועלכער ווערט מיט רעכט גערעכענט פאר דעם „פאָטער פון דער נייער פילאָזאָפיע“. ביידע האָבען געזוכט דיא וואהרהייט אויף דעם גרונד פון ריינע פערנונפט; ביידע האָבען געזוכט דעם שלי־
סעל צו דיא געהיימניסע פון דער נאטור ניט אין נסים און הייליגע ביכער, זאָנדערן אין וויסענשאפטליכע נאָכפאָרשונגען; ביידע האָ־
בען געהאט טיעפע מאטעמאטישע און קריטישע קעפּ.

דעקארט איז געווען איינער פון דיא גרעסטע זשעניען פון זיין צייט. ער האָט געשאפען דיא אנאליטישע געאָמעטריע און האָט זעהר פיעל אויפגעטאָן אין דער נאטורוויסענשאפט. זיין פילאָזאָ־
פיע האָט ער אָנגעפאנגען מיט א צווייפעל אין אלעס ארום איהם, אום צו האָבען א פרייען גרונד פאר זיינע וויטערע אויספיהרונגען. נאכדעם וויא ער האָט אָנגעוויזען, אז מען קען צווייפלען אפילו אין דער עקזיסטענץ פון גאָט און אז מען קען פאָלגליך ניט גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון יעדער זאך, האָט ער ערקלערט, אז עפּעס עקזיסטירט דאָך, וויניגסטענס דער געדאנקען, דען אפילו אין דער צייט, ווען מיר זאָגען, אז מיר צווייפלען, דענקען מיר דאָך. פון דיזען פּונקט, וועלכער איז בעגרינדעט אויף אונזער פערנונפט, אויף אונזער פעהיגקייט צו דענקען, האָט ער שוין געצויגען פיעלע וויכ־
טיגע שליסע, וועגען וועלכע מיר קענען דאָ ניט ריידען, דען דאָס וועט אונז צו וויט אראָפּפיהרען פון אונזער ענין.

ספּינאָזא האָט ניט נאָר גרינדליך שטודירט דעקארט׳ס פילאָ־

זאָפּיע אין איבערגעגעבען איהר אינהאלט אין זיין ערשטע געדרוקטע ווערק „דיא גרונדלאגען פון קארטעזיאניזמוס“, זאָנדערן איז נאָך אוועק פיעל ווייטער און אָפענער אין זיין קריטיק. ער האָט מיט דאנקבארקייט דערמאָנט אָן דעם, אז אין דעקארט׳ס ווערק האָט ער געפונען א קוואל פון אלגעמיינע אויפקלערונג און פון וויסענשאפט; אָבער ער איז אין דער ווירקליכקייט קיין מאָל ניט געווען א שילער פון דיזען פילאָזאָף און האָט איהם אויך גלייך פון אָנפאנג קריטיקירט. אין זיינע ווערק האָט ער דייטליך ערקלערט, אין וועלכע פונקטען ער שטימט ניט מיט זיין פאָרגעגנער און געוויסערמאָסען לעהרער.

נאָך דיזע צוויי גייסטיגע ריזען האָבען זיך בעזאָנדערס שטארק אונטערשיידעט אין זייערע כאראקטערע. דעקארט האָט ניט געהאט געגוג מוטה ארויסצוטרעטען אָפען געגען דיא קירכע. ער האָט אויך אויסגעמיידעט צו בעריהרען אזעלכע פונקטען, וועלכע האָבען איהם געקענט פערשאפען אונאנגענעהמקייטען און ארויפציהען אויף איהם בעשולדיגונגען אין אפיקורסות און אטהעאיזמוס. אין זיין פורכט פאר דיא פערפאָלגונגען פון דער קאטאָלישער קירכע איז ער אזוי ווייט געגאנגען, אז ער האָט ערקלערט, דאָס יעדער דארף זיך האלטען אָן דער רעליגיאָן, אין וועלכער ער איז ערצויגען געוואָרן.

ספּינאָזא אָבער האָט ניט געקענט מאכען אזעלכע פּשרות מיט זיין געוויסען. איין מאָל האָט ער אנערקענט עטוואָס פאר ריכטיג, האָט ער עס שוין ניט געוועלט און ניט געקענט אומגעהן מיט דריידלעך. זיינע איבערצייגונגען זיינען געווען פאר איהם אזוי טהייער און הייליג, אז ער האָט ניט געקענט אפילו איין מינוט האנדלען געגען זיי. „ספּינאָזא“, ערקלערט פּראָפעסאָר גרעטץ גאנץ ריכטיג, „איז געווען אזא פעסטער מאָראלישער כאראקטער, וויא א טיעפער דענקער. עס איז געווען אונמעגליך פאר איהם אָבצוטהיילען טהעאָריע פון פּראקטיק, צו האלטען אירגענד וואָס פאלש אין טהעאָריע און דאָך אָנצונעהמען עס אין דער פּראקטיקע אויס פורכט, געוואָהנהייט אָדער נוצען. ער איז געווען גאנץ אנדערס גע־

שאפען וויא זיין געאכטעטער לעהרער דעקארט, וועלכער האָט צו־ריקגעהאלטען פון דער קירכע דעם פאקעל פון וואהרהייט וואָס ער האָט אָנגעצונדען, וועלכער האָט געמאכט אַן אונטערשיעד צווישען טהעאָריע און פראקטיקע, אום אויסצומיידען א צוזאמענשטויס מיט דער קירכע, און וועלכער האָט, צום ביישפיעל, געמאכט א רייזע צו דער הייליגער מאריע פון לאָרעטא, אום זיין פילאָזאָפישע סיסטעם זאָל האָבען אַן ערפאָלג, טראָץ איהרע אפיקורס׳ישע שטרעבונגען. ספינאָזא האָט געהאלטען, אז יעדע האנדלונג דארף זיין א׳ן אמת׳ער שפּיגעל פון פערשטאנד. ווען ער האָט מעהר ניט געקענט געפינען וואהרהייט אין דער אידישער רעליגיאָן, האָט ער זיך שוין ניט געקענט צווינגען צו פאָלגען איהרע פאָרשריפטען. ער האָט אויפגעהערט צו געהן אין שול, האָט ניט געהאלטען שבת און יום־טובים און האָט אויך געגעסען טריפה.“



## IV.

## דער חרם.

דער ערשטער אויסוועַרטיגער צייכען פון ספּינאָזאַ'ס אונצו־פרידענהייט מיט דער אידישער רעליגיאָן און פון זיינע פרייע גע־דאַנקען איז געוועזען, דאָס ער האָט אויפגעהערט צו געהן אין סי־נאַגאָגע. דאָס האָט נאַטירליך ניט געקענט פאַרבייגעהן אונבע־מערקט. דיא פאָרשטעהער פון דער אמסטערדאַמער קהלה האָבען עס זעהר בעדויערט, ווייל זיי האָבען געהאָפט, אז אזא פעהיגער יונגער מאַן וועט מיט דער צייט ווערן א וויכטיגער תלמודיסט און א שטיצער פון דער אידישער רעליגיאָן. דיא רבנים האָבען איהם צוערשט געשטראָפט און געזוכט איינצורייידען מיט גוטען, אז ער זאָל זיין פרום. נאָר באַלד האָבען ספּינאָזאַ'ס צוויי געוועזענע חברים איבערגעגעבען דיא רבנים, אז ער האָט אין א געשפּרעך מיט זיי קריטיקירט דיא ביבעל און געלייקענט געוויסע פּונקטען פון דער אידישער רעליגיאָן. דאַן האָט מען איהם גלייך גערופען צו א פערהער.

צווישען דיא אויספרעגערס האָבען זיך אויך געפונען זיינע תלמודישע לעהרערס, דיא הויפּט־רבנים מאָרטעירא און אבוהב (מנשה בן ישראל איז דאַן געוועזען אין לאָנדאָן), וועלכע האָבען גע־האָפט אויף איהם צו ווירקען; נאָר ער האָט ערנסט און מוטהיג געגעבען אזעלכע אנטוואָרטען, אז מען האָט בעשלאָסען איהם צו געבען א מאָנאַט צייט אויף חרטה, זאָנסט וועט מען איהם אריינ־לייגען אין חרם. אין פערלויף פון דיזען מאָנאַט האָט מען איהם פערבאָטען צו האָבען אירגענד וועלכען פערקעהר מיט דיא מיט־גלידער פון דער געמיינדע. מען וואָלט געגען איהם גלייך שטרענג געהאַנדעלט, ווען דיא פאָרשטעהער פון דער קהלה וואָלטען ניט געוועלט אויסמיידען אזא גרויסען סקאַנדאַל וויא מיט אקאָסטאַ.

מען האָט געהאָפט, אז דער יונגער מאַן וועט בעסער ווערן, דען

קיינע אנדערע חטאים אויסער זיין פרייען דענקען האָט מען געגען איהם ניט געפֿונען. ער איז געוועזען געאכטעט פאר זיינע גוטע מדות און עהרליכע אויפפיהרונג. ווייטער איז ער אייגענטליך ניט ארויסגעטראָטען אין דער עפענטליכקייט מיט זיינע מיינונגען. מען האָט אויך מורא געהאט, אז ווען מען וועט איהם פערשטויסען פון דער געמיינדע, וועט ער גאָר איבערגעהען צום קריסטענטהום. דיזע פורכט איז ארויסגערופען געוואָרען דורך דעם, וואָס ער איז ארומגע־גאנגען מיט איינינע קריסטליכע פריינד, בעזאָנדערס מיט מיטגלי־דער פון דער פערפאָלגטער סעקטע מענאָניטען. אזוי וויא מען האָט איהם ניט געלאָזען קומען אין פערקעהר מיט אידען, האָט ער נאַ־טירליך געמוזט זוכען דיא געזעלשאפט פון פאָרטגעשריטענע קריסטען, בעזאָנדערס אזעלכע, וואָס זיינען פערפאָלגט געוואָרען פאר זייערע איבערצייגונגען; אָבער ער האָט זיכער קיין מאָל ניט גע־דענקט זיך צו טויפען, דען ער האָט ניט געהאלטען פון אירגענד וועלכע פאָרמאלנע רעליגיאָן. קריסטענטהום האָט איהם יעדענפאלס ניט געקענט בעפרידיגען מעהר וויא יודענטהום. נאָר דיא פאָר־שטעהער פון דער אידישער געמיינדע האָבען ניט פערשטאנען, אז זיי האָבען צו טאָן מיט א גרויסען פרייען דענקער, און האָבען זיך געשראָקען, אז זיי וועלען האָבען א געלערנטען משומד אין זייער שטאָט.

דארום האָבען איינינע פּרובירט איהם אונטערקויפען, אז ער זאָל בלייבען א איד און פון צייט צו צייט זיך צייגען אין דער סינאגאָגע. מען האָט איהם דערפאר פאָרגעשלאָגען א פענסיאָן פון 1000 גולדען, אָבער ער האָט זיך נאטירליך ענטזאגט צו פערקויפען זיין געוויסען פאר געלט. ער האָט ערקלערט, אז ער פערלאנגט ניט מעהר, וויא פרייהייט צו דענקען און זיך צו פיהרען וויא ער פער־שטעהט און האלט עס פאר ריכטיג.

דיא אויפרעגונג צווישען דיא אידען איז דארום געוואָרען אלץ שטארקער, און עס האָט זיך געפונען א פאנאטיקער, וועלכער האָט בעשלאָסען איהם איינפאך צו ערמאָרדען, אום צו מאכען א סוף פון דעם גאנצען גערודער און פון א געפעהרליכען אפיקורס. איין

נאכט, ווען ספינאָזא איז ארויס פון א טהעאטער, איז איינער פלוצלונג אָנגעפאלען אויף איהם מיט א שפּיעז אין האנד. גליק־ליכערווייזע האָט עס ספינאָזא בעמערקט גענוג אין צייט, אום זיך א דרעה צו טאָן א ביסעל אָן א זייט, זאָ דאָס דער שפּיעז האָט נאָר דורכגעשניטען זיין מאנטעל. דיזען מאנטעל האָט ספינאָזא נאכהער געהאלטען צום אנדענקען. אום אויסצומיידען אַן אנדער מערדערי־שע אטאקע, איז ער דאן אריבערגעפאָהרען צו זייגעם א קריסטלי־כען פריינד, א מיטגליד פון דער פערפאָלגטער סעקטע קאָלעגיאנ־טען, אין א דאָרף ניט ווייט פון אמסטערדאם.

אונטער אזעלכע אומשטענדען האָט מען שוין גאָר ניט געקענט דענקען וועגען שלום אָדער א פשרה. דיא רבנים און אלע פאָר־שטעהער פון דער אמסטערדאמער קהלה האָבען זיך צוזאמענגע־קליבען און האָבען דעם 24 יולי 1656 ארויפגעלייגט דעם גרויסען חרם אויף דעם יונגען פילאָזאָף. דער חרם איז אויסגעשפּראָכען געוואָרן פאר אַן אָפענעם ארון קודש מיט דיא געוועהנליכע צערע־מאָניעם און קללות. דער הויפּט־פּונקט, פאר וואָס מען האָט ספּי־נאָזא׳ן אריינגעלייגט אין חרם, האָט געלויטעט אזוי:

„דער געמיינדע־ראטה איז שוין לאנג דערגאנגען וועגען דיא שלעכטע מיינונגען און האנדלונגען פון ברוך דע ספינאָזא, וועלכע ווערן טעגליך ערגער טראָץ דיא אָנשטרענגונגען איהם איבערצוריי־דען. בעזאָנדערס לערנט ער און פערשפרייט א שרעקליכע אפיקורסת, אויף וועלכע גלויבענסווערטהע עדות האָבען אָנגעצייגט אין דער אנוועזענהייט פון דעם אָנגעקלאָגטען“.

אלע אידען, בעזאָנדערס יונגע לייט, האָט מען שטרענג פער־באָטען צו לעזען זיינע שריפטען. דיא פאָרשטעהער האָבען זאָרג־פעלטיג אויפגעפאסט, אז זיינע אפיקורסת זאָל זיך ניט פערשלעפען צווישען דיא געבילדעטע יונגע אידען; אָבער זיי האָבען זיך אומ־זיסט געשראָקען דערפאר. דען ניט נאָר האָט ספינאָזא זיך אליין צוריקגעהאלטען פון פראָפּאגאנדירען זיינע אידעען — ער איז אי־בערהויפּט ניט געשאפען געוואָרן צו זיין אַן אגיטאטאָר און א פאָלקספיהרער — זאָנדערן זעהר ווייניג מענשען פון זיין צייט זיי־

נען אין שטאנד געוועזן צו דערהויבען זיך צו זיין פילאָזאָפיע און צו וואגען זיין פרייע דענקער. אלע זיינע חברים פון דער ישיבה, אפילו דיא פעהיגסטע פון זיי, זיינען געוועזן ניט נאָר טרייע תלמודיסטען, זאָנדערן אויך הייסע קאבאליסטען.

מען רעכענט, אז דיא קלאגע אין חרם וועגען ספינאָזא'ס „שרעקליכע אפיקורסת" האָט זיך בעצויגען אויף זיין ערשטע שריפט איבער "גאָט, דעם מענש און זיין זעליגקייט". געשריעבענע קאָפּיעס פון דיזער שריפט האָבען צירקולירט צווישען זיינע נעהענטסטע פריינד. ווען ער האָט אָנגעשריעבען דיזען טראקטאט, וויים מען ניט, נאָר דאָרט זיינען שוין אָנגעגעבען געוואָרן דיא וויכטיגסטע גרונדלאגען פון זיין פילאָזאָפיע, וועלכע ער האָט שפּע־טער סיסטעמאטיש איבערגעגעבען אין זיין הויפּטווערק — „דיא עטיקע".

ווען ער האָט ערהאלטען דיא נאכריכט וועגען דעם חרם, האָט ער עס אויסגעהערט, וויא מען בעהויפּטעט, גאנץ גלייכגילטיג. ער האָט נאָר בעמערקט, אז יעצט איז ער געצוואונגען צו טאָן דאָס, וואָס ער וואָלט סיי וויא סיי געטאָן. ער האָט דערמיט געמיינט, אז ער וועט יעדענפאלס בעקאנט מאכען דורך שריפטען זיינע גע־דאנקען. נאָר ווען דיא פאָרשטעהער פון דער אמסטערדאמער קהלה האָבען זיך געווענדעט צו דיא פערוואלטערס פון דער שטאָט, אז מען זאָל איהם אויף אייביג אויסווייזען פון אמסטערדאם, האָט ער שוין ניט געשוויגען און האָט אריינגעשיקט א פּראָטעסט, אין וועלכען ער האָט זעהר מוטהיג און געשיקט פערטהיידיגט דאָס רעכט פון יעדען בירגער צו האָבען פולע רעליגיעזע פרייהייט, א רעכט, וועלכער איז נאָך דאן געזעצליך אין ערגעץ ניט אנערקענט געוועזן. אין דיזען פּראָטעסט האָט ער שוין אויסגעדריקט דיא גע־דאנקען וועגען פרייהייט פון קריטיק און רעליגיאָן, וועלכע ער האָט שפּעטער ענטוויקעלט אזוי קרעפטיג אין זיין „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטי־שען טראקטאט". פאר דיזע פרייהייט האָט ער זיך געלאָזט אריינ־לייגען אין חרם, אָפּזונדערן פון זיינע חברים און אפילו פון זיינע עלטערן און שוועסטער; פאר דיזע פרייהייט האָט ער געליטען זיין

גאנצען לעבען, און פאר דיא פערטהיידיגונג פון דיזער פרייהייט האָט ער עס אָנגעשריעבען דעם „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישען טראַקטאט“, וועלכער האָט ניט אומזיסט אָנגעמאכט אזא גערודער איז דער וועלט און האָט אויפגערייצט אויף איהם דעם צאָרן פון אלע גייסטליכע.

דיא שטאָט־בעאמטע האָבען איבערגעגעבען דיא ביטע פון דער אידישער קהלה צו דער ענטשיידונג פון דיא פּראָטעסטאנטישע גייסטליכע, ווייל דיא פראגע איז געווען א רעליגיעזע, און דיא לעצטע האָבען זיך אויסגעשפּראָכען צו גונסטען פון דיא מיינונגען פון דיא רבנים. מען ווייס ניט זיכער, אויב מען האָט ווירקליך בעשלאָסען אויסצו־ווייזען ספּינאָזא׳ן. מען רעכענט יעדענפאלס, אז דער בעשלוס איז נור געווען גילטיג אויף עטליכע מאָנאט, דען ספּינאָזא איז נאכהער פיעלע מאָל געווען אין אמסטערדאם אָהן שום שטערונגען.



# V.

## ספינאָזא'ס איינזאַמער לעבען נאָך דעם חרם.

אין דער צייט, ווען מען האָט איהם אריינגעלייגט אין חרם, האָט ספינאָזא, וויא געזאָגט, געוואָהנט ביי א קריסטליכען פריינד אין א דאָרף. דאָרט האָט ער פערבראכט פיער יאָהר און איז נאכהער אריבערגעפאָהרען צוזאמען מיט זיין ווירטה אין דער שטעטעל רהיינבורג, וואו עס איז געווען דער הויפט־פונקט פון דער סעקטע קאָלעגיאנטען. אין דיזע צוויי ערטער, וואו ער האָט פערבראכט 8 יאָהר (פון 1656 ביז 1664), האָט ער פאָרטגעזעצט זיינע פילאָזאָפישע שטודיען, ווען נאָר ער האָט געהאט צייט נאָך זיין שווערע ארבייט צו ערנעהרען זיך. נאָך זייענדיג אין אמסטערדאם, האָט ער זיך געלערנט צו שלייפען אָפטישע גלעזער, אום צו קענען לעבען אונאבהענגיג פון זיין ארבייט. וואָס פאר מיינונגען ער האָט ניט געהאט פון תלמוד, נאָר פון איין תלמודישען פאָרשריפט האָט ער זיכער געהאלטען. נעמליך: אז א געלעהרטער, א למדן דארף קענען עפּעס א מלאכה. דיא שלייפעריי פון גלעזער האָט ספינאָזא הפנים אויסגעקליבען, ווייל ער האָט זיך שטארק אינטערעסירט מיט פיזיק און ספּעציעל מיט אָפּטיקע. זיינע פריינד פלעגען פערקויפען זיינע געשליפענע גלעזער. אזוי וויא ער איז געוואָרען א קינסטלער אין זיין פאך, איז ניט שווער געווען צו געפינען קונים פאר זיינע גלעזער. ער איז גערעכענט געווען פאר איינעם פון דיא בעסטע אָפּטיקער אין האָלאנד.

ביי טאָג פלעגט ער שלייפען גלעזער און ביי נאכט פלעגט ער לעזען אָדער שרייבען. ער האָט אזוי זיך געלעבט אָרים און איינ־

זאם, אָבער זעהר רוהיג און אויך אונאבהענגיג, וויא אן אמת'ער פי־לאָזאָף. דיא קריסטליכע סעקטאנטען, צווישען וועלכע ער האָט גע־לעבט, זיינען געווען זעהר עהרליכע און איינפאכע מענשען. אזוי וויא זיי האָבען אליין געליטען פאר זייערע טיעפע רעליגיעזע אי־בערצייגונגען, זיינען זיי געווען טאָלעראנט צו אנדערע. דעם אָרימען און פערפאָלגטען פילאָזאָף האָבען זיי זעהר געאכטעט פאר זיין איינפאכען און עהרליכען לעבען. נאָך ביז יעצט ווערט דיא שמאָלע געסיל, וואו ער האָט געוואָהנט, גערופען „ספינאָזא'ס גאס“.

אונטער אזעלכע איינפאכע אומשטענדען האָט ער צייט גע־האט צו לערנען און איבערצוטראכטען דיא פונקטען פון זיין פי־לאָזאָפיע. א טהייל פון זיין פרייע צייט איז פערנומען געווען מיט שרייבען בריעף צו זיינע פריינד און שילער און אויך צו געלעהרטע. איינינע פון דיזע בריף צייגען, אז אין אמסטערדאם האָט זיך דאן געפונען א גרופע פון אויפגעקלערטע יונגע לייט, וועלכע האָבען שטודירט פילאָזאָפיע אונטער זיין גייסטיגע לייטונג. ער פלעגט זיי ערקלערן אין בריף פילאָזאָפישע פונקטען און זיי אויך איבערגעבען זיינע אייגענע קריטישע בעטראכטונגען און מיינונגען. פון צייט צו צייט פלעגען איהם בעזוכען איינינע פון זיינע שילער און אויך אויפגעקלערטע מענשען, וועלכע האָבען געהאט א געלעגענהייט פון איהם צו הערען און האָבען געוועלט שליסען מיט איהם בקאנט־שאפט און פערפיהרען מיט איהם א געשפרעך איבער רעליגיאָן און פילאָזאָפיע.

פאר איינינע פון זיינע שילער האָט ער צוזאמענגעשטעלט א קורצען לעהרבוך פון דעקארט'ס פילאָזאָפיע. איין מאָל, ווען ער איז געקומען אויף א קורצע צייט נאָך אמסטערדאם, זיינען איינינע פריינד צו איהם צוגעשטאנען, ער זאָל דיזען לעהרבוך צוגרייטען צום דרוק און לאָזען פערעפענטליכען. ער האָט עס ניט געוואָלט טאָן, נאָר זיי האָבען אָנגעצייגט, אז ווען דיזער בוך וועט געדרוקט ווערן, וועט איהם נאכהער לייכטער זיין צו פערעפענטליכען זיינע פילאָזאָפישע שריפטען. דאָס האָט אויף איהם געווירקט, און אזוי איז ערשינען זיין טראקטאט איבער דעקארט'ס פילאָזאָפיע. דיזער

בוך איז נאכהער איבערזעצט געוואָרן אויף האָלענדיש. אין דער הקדמה, וואָס זיין שילער און פריינד מעיער האָט אָנגעשריעבען, ווערט אויסדריקליך ערקלערט, אז ספינאָזא איז אין פיעלע פונקטען ניט איינפערשטאנדען מיט דעקארט׳ן; נאָר אין דעם לעהרבוך זעלבסט צייגט זיך עס ארוים. דאָך האָט מען איהם צוליעב דיזען בוך געהאלטען, וויא עס איז שוין אויבען בעמערקט געוואָרן, פאר א קארטעזיאנער.



VI.

## דער טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישער טראַקטאַט.

מיט זיין אייגענע קריטישע ווערק און פרייע מיינונגען איז ער ערשט ארויס פאר דער וועלט אין 1670, ווען עס איז ענדליך פער־עפענטליכט געוואָרן זיין בעריהמטער „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישער טראַקטאַט.“ אָנגעשריבען האָט ער איהם וואהרשיינליך מיט א יאָהר 5 פריהער, ווען ער איז אריבערגעפּאָהרען נאָך וואָרבורג ניט ווייט פון האאג. דאָרטען האָבען שוין דיא קריסטען, וועלכע האָבען גע־הערט צו דער הערשענדער פּראָטעסטאנטען־קירכע, געקוקט אויף איהם מיט פיינדליכע אויגען. עס האָבען זיך זאָגאר געפונען 53 קריסטליכע פרומאקעס, וועלכע האָבען אונטערגעשריעבען א פּראָטעסט געגען איהם אלס א גאָטלאָזען מענש. „דיזער ספּינאָזא“, האָבען זיי גע׳מסר׳ט, „שטאמט פון אידען, נאָר ער איז אן אטע־איסט, א פיינד פון יעדע רעליגיאָן און איבערהויפּט א שעדליכע און געפעהרליכע פּערזאָן.“ נאָר אין האָלאנד זיינען דיא צייטען פון אינקוויזיציאָן גליקליכערוויזע געוועזען פּאָראיבער, רעליגיעזע פריי־הייט איז אלץ מעהר אנערקענט געוואָרן פון דער רעגירונג אונטער דער לייטונג פון אזא עהרליכען און דעמאָקראטישען שטאאטסמאן, וויא יאן־דע־וויטט, וועלכער איז אויך געוועזען פריינדליך צו ספּינאָ־זא׳ן; דארום האָט מען איהם דאָך געלאָזט וואָהנען און ארבייטען אין וואָרבורג.

אין דער צייט האָבען האָלאנד און ענגלאנד געפיהרט א מלחמה צוליב זייערע האנדעלס־אינטערעסען. ספּינאָזא, וועלכער האָט זעהר ליעב געהאט האָלאנד און האָט געאכטעט דעם דעמאָקראטישען

פיהרער יאן־דע־וויטט, האָט סימפּאַטיזירט מיט דיא האָלענדער אין זייערע קאמפּפען געגען שפּאניען, ענגלאנד און פראנקרייך; אָבער אין א בריעף צו איינעם פון זיינע פערעהרער דריקט ער זיך אזוי אויס וועגען דיא מלחמה:

„דיזע אלע גערודערס רופען אין מיר ארויס ניט געלעכטער און ניט טרערען, זאָנדערן ערנסטע געדאנקען און א שטרעבונג נאָכצו־פאָרשען דיא מענשליכע נאַטור. איך האלט ניט פאר מעגליך אָפּ־צולאכען פון דער מענשליכער נאַטור, נאָך וויינינגער איהר צו בע־קלאָגען; דען איך רעכען, אז מענשען, אזוי וויא אלעם אנדערעס, זיינען בלויז א טהייל פון דער נאַטור, און איך וויים ניט, וויא אזוי יעדער טהייל פון דער נאַטור שטימט מיט איהר גאנצעס און וויא וויית איין טהייל הענגט אָפּ פון דיא אנדערע“.

אין דעם זעלבען בריף גיט ער צו וויסען, אז ער שרייבט א „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישען טראקטאט“, א ווערק, וועז ער לאכט אָפּט און ערגערט זיך נאָך עפּטער אין דער צייט פון שרייבען. ער האָט גאנץ גוט געוואוסט, אז דיזער בוך וועט ארויסרופען א שטורם מיט פּראָטעסטען און גוואלדען אין דער רעליגיעזער וועלט, דארום האָט ער ניט אונטערשריעבען זיין נאָמען. מען האָט זאָגאר אָנגעגעבען פאלש דעם נאָמען פון דעם דרוקער און פון דער שטאָט אויף דעם פּאָרדערבלאט. עס האָט געהייסען, אז דער „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטי־שער טראקטאט“ איז ארויסגעגעבען געוואָרן פון הענריך קאָנראד אין האמבורג, וועהרענד אין דער ווירקליכקייט איז ער געדרוקט געוואָרן ביי קריסטאָף קאָנראד אין אמסטערדאם. נאָר מען איז באלד דערגאנגען דעם נאָמען פון דעם שרייבער, דען ספּינאָזא האָט עס גאָר ניט געהאלטען בסוד. ער אליין האָט זיך ניט געשראָקען אנצוגעבען זיין נאָמען. וויא עס ווייזט אויס, האָט מען געזוכט אָפּ־צונארען דיא גייסטליכע, אום זיי זאָלען ניט אָנפאלען אויף דיא האָלענדישע רעגירונג און בעזאָנדערס אויף יאן־דע־וויטט, וועלכער האָט בעשיצט דעם פרייען פילאָזאָף.

דער פולער טיטעל פון דיזען בוך האָט געלויטעט: „טעאָלאָגי־קאָ־פּאָליטישער טראקטאט — ענטהאלט איניגע בעטראכטונגען,

אין וועלכע עסווערט בעוויזען, אז פרייהייט פון דענקען קען ער־לויבט ווערן ניט נאָר אָהן שום שאדען פיר פרומקייט, זאָנדערן קען ניט אונטערדריקט ווערן אָהן געפאהר פיר פרייהייט און פיר פרומקייט".

דיזען בוך האָט ער אָנגעשריעבען מיט הארץ און זאָגאר מיט לײדענשאפט. דער טיעפער דענקער האָט זיך אין פיעלע שטעלען ארויסגעצייגט אלס א הייסער און מוטהיגער פרייהייטס־קעמפפער. ער איז ארויס מיט פייער געגען אלע רעאקציאָנערען און גייסטליכע, וועלכע פערפאָלגען יעדען פרייען געדאנקען און ווילען צווינגען אלע מענשען ניט אנדערס צו גלויבען און צו דענקען וויא זיי. נאכהער האָט ער געזוכט צו צייגען, אז עס איז שעדליך פאר דעם שטאאט צו אונטערדריקען דיא פרייהייט פון געדאנקען און פון וואָרט. דיא געזעצע, האָט ער געזאָגט, וואָס צווינגען מענשען צו ריידען און צו האנדלען געגען זייערע איבערצייגונגען, מוזען נאָר ענטוויקלען פאלשקייט און צבוע'עצסטווע און דערמיט אונטערגראָבען דעם פונ־דאמענט פון א ריכטיגע געזעלשאפט.

ריידענדיג וועגען דיא פערפאָלגונגען געגען געוויסע סעקטען, פרעגט ער אין איין אָרט: „איז עס דען ניט אן אונגליק פיר דעם שטאאט, ווען עהרליכע מענשען, וואָס קענען ניט דענקען וויא אנ־דערע און וואָס קענען זיך ניט פערשטעלען, ווערן ארויסגעיאָגט פון לאנד? איז עס ניט אן אונגליק, ווען מענשען, וועלכע זיינען ניט שולדיג אין קיין פערברעכען, אין קיינע שלעכטע האנדלונגען, ווערן ערקלערט פאר פיינדע פון שטאאט און ווערן הינגעריכטעט, און ווען דער עשאפאָט, וואָס דארף זיין א שרעק פאר פערברעכער, ווערט אומגעוואנדעלט אין א טריבונע, פון וועלכער מען גיט דיא בירגער ביישפיעלען פון מוטה און פון ערהאבענע זעלבסטאויפ־אָפפערונג? מענשען, וואָס זיינען זיכער אין זייערע איבערצייגונ־גען, האָבען קיין מורא ניט פאר'ן טויט און בעטען ניט אום גנאדע. זיי האָבען קיינע געוויסענביסען, וועלכע זיינען דער רעזולטאט פון א פערברעכען, און האלטען עס ניט פאר א שטראָף, זאָנדערן פאר אן עהרע און גדולה צו שטארבען פאר א גוטע זאך."

דאָס זיינען ווערטער פון א פייערדיגען רעוואָלוציאָנער; אָבער ניט דערפאר איז מען אויף איהם אָנגעפאלען מיט א ווילדען צאָרן פון אלע זייטען. מען וואָלט איהם פערגעבען אלע זיינע געוואגטע אויספיהרונגען וועגען דיא נוצען פון פרייהייט פון געוויסען, ווען ער וואָלט אין דער זעלבער צייט ניט קריטיקירט דיא ביבעל זעלבסט און ניט ערקלערט, דאָס ער גלויבט ניט אין נסים, נביאות און געטליכע אָפּפּענבארונג. מען האלט איהם מיט רעכט פאר דעם פאָטער פון ביבלישע קריטיק אויף דעם גרונד פון גראמאטיקע און שפראך, דען ער האָט פיעלע פונקטען דער ערשטער אויפגעוויזען און פעסטגעשטעלט. דיא ביבעל האָט ער בעטראכטעט איינפאך אלס א בוך, וועלכער ענטהאלט דיא געשיכטע, גלויבען, מנהגים און געזעצע פון איזיען. שטיצענדיג זיך אויף זיין גרינדליכע קענטניס פון לשון קדש און פון דער אידישער ליטעראטור, האָט ער געזוכט צו צייגען, אז אין דער ביבעל געפינען זיך פיעלע פעהלערס פון אי־בערשרייבערס, פיעלע אריינגעשטעלטע און פערדרעהטע פסוקים, און אז דיא הייליגע שריפטען זיינען ניט דיא ארבייט פון זייערע אָנגענומענע פערפאסערס. אפילו דיא עשרת הדברות זיינען ניט פערבליבען אין זייער אָריגינעלער פאָרמע. דערביי האָט ער זיך בע־נוצט מיט פיעלע דונקעלע אָנדייטונגען פון אבן־עזרא, וועלכע זיי־נען קלאָר געוואָרן אין זיין קאָפּ.

מיר קענען זיך דאָ ניט אריינלאָזען אין איינצעלהייטען וועגען ספינאָזא׳ס קריטישע נאָכפאָרשונגען, ניט נאָר אזוי וויל דאָס וועט פערנעהמען צו פיעל פלאַץ, זאָנדערן וויל אין אונזער צייט האָט מען אויך געמאכט ריזיגע פאָרטשריטע אין קריטישע נאָכפאָרשונ־גען איבער רעליגיאָנען און אלע הייליגע שריפטען. דער „טעלאָגיקאָ־פאָליטישער טראקטאט“ האָט נאָר א גרויסען היסטאָרישען ווערטה אלס דער אָנפאנג פון א פרייע בעטראכטונג איבער דער ביבעל.

נאָר אין 17טען יאהרהונדערט זיינען דאָס געווען איינפאך רע־וואָלוציאָנערע ערקלערונגען. דיא גייסטליכע האָבען ערקלערט, אז „ספינאָזא האָט געעפענט דיא טירען פון גיהנם און האָט א לאָז גע־טאָן אלע טייוואָלים אויף דיא זינדיגע מענשהייט“. עס איז אונ־

ערהערט, עס איז גרויליך, עס איז הימעל־שרייענד, האָבען זיי גע־גוואלדעוועט און געשאָטען פעך און שוועבעל אויף דעם אָרימען פי־לאָזאָף. איינער האָט איהם טיטולירט: „דער פאלשער לעהרער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן פיר דעם אונטערגאנג פון רעליגיאָן און שטאאט". אן אנדערער האָט ערקלערט, אז „דער בוך איז פול מיט ענטדעקונגען, וועלכע מען האָט נור געקענט שעפען אין גיהנם." א דריטער האָט געשריעבען: „דיזער גאָטלאָזער שרייבער האָט דער־גרייכט אין זיין חוצפה און אפיקורסת אזוי ווייט, אז ער בעהויפ־טעט, דאָס דיא נביאות זיינען גאָר בעגרינדעט אויף דיא פאלשע איינבילדונגען פון דיא פראָפעטען, דאָס דיא פראָפעטען האָבען כלומרשט זיך גענארט, אזוי וויא דיא אפאָסטאָלען. ביידע, זאָגט ער, האָבען נאָר געשריעבען נאָך זייער נאטירליכען פערשטאנד אָהן אירגענד וועלכע ענטפלעקונג אָדער הימלישע אריינמישונג. נאָך מעהר, ער זאָגט, אז זיי האָבען זיך גאָר געסטארעט צוצופאסען דיא רעליגיאָן צו דיא בעגריפע פון זייער צייט און אז דארום האָט יעדער איצט דאָס רעכט צו פערטייטשען דיא הייליגע שריפטען נאָך זיין איינענעם פערשטאנד."

דיא געפילדערס געגען דעם „טעאָלאָגיקאָ־פאָליטישען טראקטאט" זיינען געוואָרען אזוי גרויס אין האָלאנד גופא, אז באלד נאָך דעם שרעקליכען טויט פון יאן־דע־וויטט האָט מען איהם פערבאָטען. עס האָבען זיך אָבער דאָך געפונען א סך לעזערס, זאָ דאָס מען האָט דעם פערבאָטענעם בוך איבערגעדרוקט אין 1673 אונטער אזעלכע אויסגעטראכטע נעמען: „דיא ערשטע זאמלונג פון דיא היסטאָרישע ווערק פון דאניעל גענזיוס," „נייע טהעאָריע פון אלגעמיינע מעדי־צין, פון פראנציסק דע־לא־באָע־סילוואַ," „זאמלונג פון כירורגישע ווערק פון הענריקעץ דע־וויללאקאָרטא, לייב־ארצט פון דיא קעניגע פיליפ IV און קארל II". דעם נאָמען פון דעם קעניגליכען לייב־ארצט האָט מען הפנים אויסגעקליבען, אום ספינאָזא'ס ווערק זאָל מען אויך קענען אריינשמוגלען אין שפאניען.

איינינע פריינדע האָבען געוואָלט אָפדרוקען א האָלענדישע איבערזעצונג פון „טעאָלאָגיקאָ־פאָליטישען טראקטאט," וועלכער

איז געשריעבען געווען וויא אלע אנדערע ווערק פון ספינאָזא אויף לאטייניש; נאָר דער פילאָזאָף, וועלכער האָט דערזעהען, וואָס פאר א גערודער זיין בוך האָט אָנגעמאכט אפילו צווישען געבילדעטע מענשען, האָט געבעטען, אז מען זאָל עס ניט טאָן, ווייל דיא איבער־זעצונג וועט זיכער פערבאָטען ווערען. ערשט עטליכע יאָהר נאָך זיין טויט זיינען ערשיענען איבערזעצונגען פון „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישען טראקטאט" אין פראנצויזיש, ענגליש און האָלענדיש.



## VII.

### עדעלמוטהיגע ענטזאַגונג צו זיין פּראָפעסאָר אין היידעלבער־גער אוניווערזיטעט.

ספּינאָזא האָט קיינעם ניט געענטפערט. פיעלע אטאקעס אויף דעם „טעאָלאָגיקא־פּאָליטישען טראקטאט“ זיינען געווען אזוי דום און לעבערליך, דאָס ער האָט זיי אפילו ניט געוואָלט איבערלעזען. ער האָט פּאָרטגעזעצט זיין שווערע ארבייט צו ענדיגען „דיא עטיקע,“ אין וועלכער ער האָט ענטוויקעלט זיין גאנצע פילאָזאָפיע. אין דיזער צייט, ווען אלע גייסטליכע האָבען איהם ביטער אטאקירט און פערלוימדעט און ווען אפילו איינינע פון זיינע פריהערע פערעהרערס זיינען אָבגעשטאנען פון איהם, ווייל זיי האָבען זיך דער־שראָקען פאר זיין ראדיקאלע קריטיק, איז ער געווים ניט ווייניג ער־שטוינט געווען, ווען ער האָט ערהאלטען א'ן איינלאדונג אין נאָמען פון דעם זעהר ליבעראלען קורפירסט, קארל לודוויג, וועלכער האָט אונטערשטיצט פילאָזאָפען און געלעהרטע, אָנצונעהמען דיא שטעלע פון א פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין היידעלבערגער אוניווערזי־טעט. ער וואָלט פיעלייכט אָנגענומען דעם פּאָרשלאָג, ווען אין דעם איינלאדונגס־בריעף וואָלט ניט געשטאנען פּאָלגענדע פראזע: „איהר וועט האָבען פולע פרייהייט צו פילאָזאָפירען, נאָר דער גנעדיגער קורפירסט האָפט, אז איהר וועט זיך ניט בענוצען דערמיט צו צו־טרייסלען דיא גרונדען פון דער שטאאטס־רעליגיאָן.“

דער ערעלער פילאָזאָף האָט גאנץ גוט פערשטאנען, אז דאָס בע־דייטעט צו מאכען פשרות מיט זיין געוויסען און ניט ארויסצוזאָ־גען דיא פולע וואהרהייט, פאר וועלכע ער האָט אזוי שווער גע־קעמפּפט און אזוי פיעל געליטען. ער האָט דארום געשיקט פאָל־גענדע אנטוואָרט, וועלכע כאראקטעריזירט אם בעסטען דיזען עדעל־מוטהיגען מאן און פרייען דענקער: „אויב איך וואָלט ווען עס איז געטראכט צו ווערען א פּראָפעסאָר אין אירגענד וועלכען אוניווער־

זיטעט, וואָלט איך זיכער ניט געוואונשען א בעסערע שטעלע וויא דער גנעדיגער קורפירסט שלאָגט מיר פאָר, בעזאָנדערס נאָך דעריבער, ווייל מען ערלויבט מיר פילאָזאָפישע פרייהייט. אָבער אזוי וויא איך האָב קיין מאָל ניט געהאט דיא אבזיכט ארויסצוטרעטען אלס עפענטליכער לעהרער, זאָ האָב איך ניט געקענט בעשליסען, וויא פיעל איך האָב ניט נאָכגעטראכט, צו בענוצען זיך מיט אזא גליקליכען צופאל. ערשטענס, דענק איך, אז דיא בעשעפטיגונגען אלס פראָפעסאָר וועלען מיר שטערען אין מיינע וויי‍טערע פילאָזאָפישע ארבייט; צווייטענס, ווייס איך ניט אין וועלכע גרענ־צען דארף זיך געפינען דיא מיר ערלויבטע פרייהייט צו פילאָזאָפירען, אום ניט ארויסצורופען א פערדאכט אין שטרעבונגען אָנצוגרייפען דיא שטאאטס־רעליגיאָן.

„דיא אורזאכע פון צוויסטיגקייטען וועגען רעליגיעזע פראגען ליעגט געוועהנליך ניט אזוי אין דער הייסקייט פון דעם רעליגיעזען געפיהל, וויא אין פערשיעדענע איינפאכע מענשליכע ליידענשאפטען און אויך אין דעם גייסט פון ווידערשפרוך, צוליעב וועלכען אפילו ריכטיגע זאכען ווערען פערדרעהט און פערדאמט. אזוי וויא איך האָב אויספרובירט אזעלכע אונאנגענעהמליכקייטען אפילו אין מיין איינזאמען לעבען, האָב איך מעהר גרונד צו פירכטען פאר זיי, ווען איך וועל פערנעהמען א הויכע שטעלע.

„דערפון קענט איהר זעהען, האָכגעשעצטער העררע, דאָס ניט דיא האָפנונג אויף א בעסערע לאגע האלט מיך דאָ אָפּ, זאָנדערן בלויז מיין ליעבע צו רוהע, וועלכע איך האָף צו פערזיכערען געוויסערמאסען דורך צוריקהאלטען זיך פון עפענטליכע לעקציעס. דארום בעט איך אכטונגספאָל דעם גנעדיגען קורפירסט, אז ער זאָל אזוי גוט זיין מיך צו בעפרייען פון דער שטעלע, וועלכע ער האָט פאר מיר בעשטימט.“

דיזער בריעף צייגט ניט נאָר, אז ספינאָזא האָט ניט געוואָלט אומבייטען זיין אָרימע פרייהייט אויף א גוט־בעלוינטע אָפיציעלע שטעלע, וואו ער וואָלט זיך געפילט בעשרענקט טראָץ דיא ערלויבנים

צו פּרעדיגען פריי זיין פילאָזאָפיע, זאָנדערן אויך, אז ער האָט מעהר פון אלעם געשעצט א רוהיגען לעבען. אין יענע צייטען, ווען שריי־בערס און פילאָזאָפען האָבען ניט געקענט מאכען א לעבען פון זיי־ער פעדער און האָבען נאָך געמוזט אָנקומען צו רייכע שעצערס פון קונסט און וויסענשאפטען צו קענען דרוקען זייערע ווערק—אין אזעל־כע צייטען האָט מען טאקע בעדארפט זיין אזא הייליגער מענש וויא ספּינאָזא, אום זיך צו ענטזאגען פון א שטעלע, וועלכע וואָלט איהם פערשאפט כבוד און א לעבען אָהן מאטעריעלע זאָרגען. אנדערע פילאָזאָפען און געלעהרטע וואָלטען זיך אָנגעכאפּט אָן אזא שטעלע מיט ביידע הענד. ניט נאָר לייבניץ, וועלכער האָט זיך געהנפ'עט צו פירסטען און גלחים און איז פון הויט געקראָכען צו קענען צוזעצען צו זיין נאָמען (א נאָמען מיט רעכט בעריהמט אין דער וועלט געשיכ־טע) דעם טיטול באראָן מיט א „פאָן“, וואָלט מיט פערגעניגען אָנ־גענומען צו זיין פּראָפעסאָר אין היידעלבערגער אוניווערזיטעט, זאָנ־דערן אפילו דעקארט.

ווען ספּינאָזא האָט צוריקגעוויזען אזא גוטע און עהרענהאפטע שטעלע, האָט ער געוואָהנט אין א פּענסיאָן ביי אן אלמנה אין האאג. נאָר זיינע מיטעל זיינען געוועזן אזוי קליין, אז ער האָט באלד גע־מוזט איבערציהען צו דעם אָרימען מאלער וואן־דער־ספּיק, ביי ווע־מען ער האָט געוואָהנט ביז זיין טויט.



VIII.

## פרעדיגט פערגניגען און לעבט וויא א פרוש.

זיינע נעהענטסטע פריינד האבען דערצעהלט, אז איין מאל איז ער 3 מאנאט כסדר ניט ארויס פון זיין צימער. אום זיך אביסעל צו צערשטרייען און צו בעפרייען זיין מוח פון פילאזאפישע געדאנקען, פלעגט ער ליעב האבען צו בעטראכטען דעם קאמפף פון פליעגען און שפינען אונטער א מיקראסקאפ. מאנכעס מאל פלעגט ער מאלען מיט א בליישטיפט בילדער, בעזאנדערס פארטרעטען פון זיינע פריינד און פון דיא איהם בעקאנטע פאלקס פיהרער. זיינע פאר־טרעטען האבען געהאט אן עהנליכקייט צו דיא אריגינאלען. איין מאל האט ער זיך זעלבסט אבגעמאלען, קוקענדיג אין א שפיעגעל, אין דעם קאסטיום פון דעם בעריהמטען נעאפאלטאנישען פישער מאזאניעלא, וועלכער האט אנגעפיהרט א מיאטעזש געגען דעם קעניג און איז ערמארדעט געווארען אין 1647. וואהרשיינליך איז ספינאזא געווען זעהר אויפגעלייגט אדער האט גלאט געוואלט מאכען א שפאס, ווען ער האט זיך אזוי אפגעמאלט, דען דיא ראלע פון פייער־דיגען רעוואלוציאנער מאזאניעלא האט נאטירליך ניט געפאסט צו אזא רוהיגען פילאזאף. נאר עס איז מעגליך, אז ער האט סימפאטי־זירט מיט מאזאניעלא, דען ער האט איבערהויפט סימפאטיזירט מיט דעמאקראטישע פאלקספיהרער. אין זיינע געדאנקען איז ער זיכער געווען רעוואלוציאנער.

איינינגע פון זיינע פריינד און פערעהרער האבען איהם ניט איין מאל פארגעשלאגען שטיצע, אבער ער האט זיך שטענדיג ענטזאגט, ערקלעהרענדיג, אז ער האט גענוג פון זיין ארבייט. אפילו ווען מען פלעגט איהם איינלאדען צו א גוטען מאהלצייט, פלעגט ער זיך

אָפּזאָגען, אָבוואָהל ער האָט אָפּט מעהר ניט געהאט וויא מילכיגע זופּ און א שטיקעל ברויט מיט עטוואָס ביער א גאנצען טאָג. ער איז אויך געגאנגען ארים געקליידעט. זיין חאלאט איז געווען אויסגע־טראָגען און אין ערטער אָפּגעריסען.

סימאָן דע־וורים, איינער פון זיינע בעסטע נאָכפאָלגער און טרייעסטע פריינד, האָט זיך ביי איהם געבעטען צו נעהמען א גע־שאנק פון 2000 גולדען, אָבער ער האָט זיך ענטזאגט מיט דער בע־מערקונג, אז ער האָט גענוג וויא פיעל ער ברויכט און אז אזא גרויסע סומע געלד וואָלט איהם נאָר געשטערט צו ארבייטען. דיזער סימאָן דע־וורים איז געשטאָרבען א קורצע צייט נאָכדעם. ער האָט געוואָלט איבערלאָזען זיין גאנצען פערמעגען זיין געאכטעטען לעהרער, אָבער ספּינאָזא האָט איהם געבעטען דאָס ניט צו טאָן און אָנצושרייבען א צוואה אויף דעם נאָמען פון זיין ברודער, דעם געזעצליכען יורש. סימאָן דע־וורים האָט איהם געפאָלגט; אָבער אין דער צוואה האָט ער אָנגעשריעבען א פּונקט, אז מען זאָל יעהרליך געבען ספּינאָזא'ן א פּענסיע פון 500 גולדען. דער פילאָזאָף האָט אָנפאנגס זיך ענטזאגט אויך פון דיזער ירושה, אָבוואָהל אין דער צייט האָט ער שוין גאָר קיין כח ניט געהאט צו שלייפען גלאָז און דיא שווינדזוכט האָט איהם אלץ שטארקער געטריבען אין קבר. נאָר דער יורש, וועלכער האָט איהם אויך פערעהרט, איז אזוי צוגעשטאנען אז ער האָט שליסליך אָנגענומען דיא פּענסיע, אָבער נאָכהער האָט ער ערקלערט, אז 500 גולדען איז צופיעל פאר איהם און האָט מעהר ניט גענומען וויא 300 גולדען. ארום דער צייט האָט ער אויך געהאט נאָך א קליינע פּענסיע, וועלכע דער עדעלער יאן־דע־וויטט האָט איהם איבערגע־לאָזען.

דאָס איז געווען א גרויסע הילפע פאר איהם אין דיא לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען, ווען דיא שווינדזוכט האָט איהם אויסגע־צעהרט, אז ער האָט זיך קוים געקענט האלטען אויף דיא פיס.

אזוי האָט ער זיין גאנצען לעבען געלעבט וויא א פּרוש, אין גרויס דחקות, אָבוואָהל ער האָט גאָר ניט געהאלטען דערפון, אז א מענש דארף זיך קוועלען און אָפּקומען אויף דער וועלט. פארקעהרט,

ער האָט גערדיינקט, אז דער מענש דארף זוכען געזונטע פערגעניגען און געניסען פון דער וועלט. אין איין אָרט פון זיין „עטיקע“ שרייבט ער וועגען דעם אזוי:

„נאָר א פינסטערער און טרויעריגער אבערגלויבען קען אונז שטערען צו געניסען. מיין מיינונג איז: קיין גאָט און קיינער, אויסער דיא יעניגע וואָס האסען מיך, קען ניט געפינען א פערגעניגען אין מיין שוואכקייט און אין מיינע צרות און רעכענען פאר א גוטע זאך טרערען, שרעק, וויטאָגען א. ז. וו., וועלכע צייגען אָן אויף א שוואכקייט פון דער נשמה. פארקעהרט, וואָס מעהר פערגעניגען מיר ערהאלטען, דערגרייכען מיר אלץ מעהר צו פאָלקאָמענהייט, דאָס הייסט מיר ווערען נויטווענדיגערווייזע בעטהייליגט אין דער געטליכער נאטור. דארום איז עס דיא אויפגאבע פון א חכם צו בענוצען זיך מיט זאכען און, וויא ווייט מעגליך, זיי צו געניסען, אָבער ניט ביז ווידערווערטיגקייט, דען דאָס איז שוין ניט א גענוס. א וויזער מאן, זאָג איך, דארף זיך פערזאָרגען און אויפהאלטען מיט אנגענעהמע און מעסיגע שפייז און געטרענק און אויך מיט דעם וואָהלשמעקען פון שעהנע און בליהענדע פלאנצען, מיט שעהנע קליידער, מוזיק, שפּיעלען און פיזישע איבונגען, מיט טהעאטער און אנדערע אזעלכע זאכען, מיט וועלכע יעדערער קען זיך בענוצען אָהן שאָדען פאר אן אנדערן. דען דער מענשליכער קערפּער איז צוזאמענגעשטעלט פון פיעלע טהיילען מיט א פערשיעדענע נאטור, וועלכע נויטיגען זיך שטענדיג אין נייע און פערשיעדענארטיגע נאהרונג, אום דער קערפּער זאָל גלייך זיין פעהיג צו אלעס, וואָס קען ארויסקומען פון זיין נאטור, און פאָלגליך אויך, אום דיא נשמה זאָל פעהיג זיין צו בענעהמען און דערגרייכען פיעלע זאכען.“

אין דעם פונקט האָט ספּינאָזא ניט געהאלטען פון זיין אייגענער לעהרע; נאָר אין דער פראגע וועגען לעבענסגענוס האָט זיך ביי איהם טהעאָריע אָבגעטהיילט פון פּראקטיקע. ער האָט געפּרעדיגט צו לעבען אין פערגעניגען און אליין האָט ער נאָר געליטען, האָט זיך אָבגעזאָגט און געמוזט אָבזאָגען פון דיא געוועהנליכע זאכען אין טאג־טעגליכען לעבען. ער האָט אפילו געמוזט אליין קאָכען, אום צו

קענען דערהאלטען דיא נשמה אין גוף און ניט צו בלייבען א בעל־חוב און צו זיין גלייך, וויא ער האָט א מאָל אליין זיך אויסגעדריקט שפּאסהאפט, צו „א שלאנג וואָס האלט איהר עק אין איהרע אייגענע צעהנער.“

דיא אורזאכע פון דיזען ווידערשפּרוך צווישען טהעאָריע און פּראקטיקע קענען מיר זיך נאָר ערקלערען דורך ספּינאָזא'ס זעלטענע בעשיידענהייט, דורך זיין אָבגעזונדערטקייט פון דער געזעלשאפט (דיא אידען האָבען איהם אָבגעשטויסען פון זיך און צו דיא קריס־טען איז ער ניט צוגעשטאנען, אויסער צו עטליכע איינצעלנע פּער־זאָנען), דורך זיין געוואָהנהייט צו לעבען אין ארמוטה און זיך צו־פריעדען צו שטעלען מיט ווייניג, דורך זיין עדעלען וואונש צו זיין פאָלשטענדיג אונאבהענגינג און צו לעבען נאָר פון דיא פרוכטען פון זיין ארבייט און בעזאָנדערס דורך זיין ליעבע צו פילאָזאָפיע און וויסענשאפטען. זיין „עטיקע“ צייגט, אז דעם גרעסטען פערגעניגען האָט ער געהאט, ווען ער האָט זיך געקענט פערטיעפען און אָבגע־בען אין גאנצען צו זיינע ערהאבענע געדאנקען וועגען גאָט, נאַטור און מענשען. מען קען זאָגען וועגען איהם, אז ער האָט געלעבט אין זיין פילאָזאָפיע.



IX.

## ספינאָזאַ'ס פּאָליטישע איבערצייגונגען און טויט.

אין אלע אנדערע הינזיכטען איז ספינאָזא געבליבען טריי ניט נאָר צו זיין אייגענער נאטור, זאָנדערן אויך צו זיינע פילאָזאָפישע און סאָציאל־פּאָליטישע איבערצייגונגען. אין זיין „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישען טראקטאט" האָט ער געפּרעדיגט, אז יעדער בירגער איז פערפּפליכטעט צו קעמפּפען געגען אונרעכט און פאלשקייט מיט אלע מעגליכע געזעצליכע מיטעל, און ער האָט אליין אזוי געהאנ־דעלט, ווען ער האט נאָר געהאט א געלעגענהייט דערצו.

אויבען איז שוין אָנגעצייגט געוועזן, אז ער האט העפטיג פּראָ־טעסטירט אין נאָמען פון פרייהייט געגען דעם בעשלוס איהם ארויס־צושיקען פון אמסטערדאם, אזוי איז ער אויך ארויסגעטראָטען פאר זיין רעכט נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, ווען זיינע שוועסטער האָ־בען זיך ענטזאגט איהם צו געבען א חלק פון דער ירושה אויף דעם גרונד, דאָס דורך דעם חרם האָט ער פערלאָרען אלע בירגערליכע רעכט. מיר ווייסען שוין, אז ער האָט זיך גאנץ ווייניג געקימערט וועגען געלד איבערהויפּט. דיא ירושה פון זיין פאָטער איז אויך געוועזן א גאנץ קליינע, און ווען ער האָט געוואונען דעם פּראָצעס, האָט ער גערן אָבגעגעבען אליין זיין חלק צו זיינע שוועסטער. אָבער ער האָט געהאלטען פאר נויטיג אָנצופאנגען א פּראָצעס אויס פּרינ־ציפּ, אום צו בעשטימען דורך א געריכט, אז א חרם איז ניט גילטיג אין פּאָליטישע בירגערליכע אנגעלעגענהייטען. ווען זיינע שוועסטער וואָלטען ניט אָנגעגעבען דעם חרם אלס גרונד, ווארום זיי ווילען איהם ניט געבען א חלק פון דער ירושה, וואָלט ער זיכער קיין מאָל ניט אָנגעפאנגען א פּראָצעס וועגען דעם.

זיין ווירטה, דער עהרליכער מאלער וואן־דער־ספּיק, האָט דער־צעהלט, אז דער פילאָזאָף איז אזוי אויפגערעגט און צוקאָכט געוועזן, ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם טראגישען סוף פון זיין

פריינד יאן־דע־וויטט, דאָס ער האָט געוואָלט ארויסלויפען אויף אן עפענטליכען פלאץ אין האאג און אָנקלעפען א פראָקלאמאציאָן געגען דיא ווילדע מעננע, וועלכע האָט ערמאָרדעט דעם ערעלען שטאאטסמאן. אין דיזער פראָקלאמאציאָן, וועלכע ער האָט אין היילענעס און אין דער גרעסטער אויפרעגונג אָנגעשריעבען, האָט ער דיא מערדערס און דיא פאָליטישע געגנערס פון יאן־דע־וויטט גערופען „געמיינסטע בארבארען." וואן־דער־ספיק האָט ערקלערט דעם פילאָזאָף, אז ער שפיעלט איינפאך מיט זיין לעבען, ווען ער וועט אָנקלעפען דיא פראָקלאמאציאָן, אָבער ספינאָזא האָט איהם ניט געהערט און האָט זיך געאיילט ארויסציגיין אין גאס. אום איהם אָפצוהאלטען פון אזא געפעהרליכען שריט, האָט וואן־דער־ספיק איהם איינפאך פערשלאָסען אין זיין צימער.

דיא ערמאָרדונג פון יאן־דע־וויטט איז געווען אזא ווילדער פערברעכען, אז אלע פאָלקספריינדע זיינען אויפגעבראכט געוואָרען. ער איז געווען איינער פון דיא עדעלסטע מענער פון זיין צייט און א זעהר פעהיגער שטאאטסמאן דערצו. צוואנציג יאָהר איז ער געווען דער הויפטמיניסטער פון האָלאנד און דער פיהרער פון דער רעפובליקאנער פארטיי. אונטער זיין רעגיערונג האָט עס האָלאנד דערגרייכט דיא העכסטע שטופע פון איהר מאכט. נאָר אין 1672 יאָהר איז האָלאנד פלוצלונג בעפאלען געוואָרען פון א גרויסע פראנצויזישע ארמעע, וואָס דער קעניג לודוויג XIV האָט געשיקט צו אונטערדריקען דיא רעפובליק, דעם נעסט פון פרייהייט אין יענער צייט.

דיא האָלענדישע רעגיערונג האָט קיין צייט געהאט זיך פאָרצובערייטען. דיא פראנצויזישע ארמעע האָט דארום מארשירט אָהן שטערונגען. יאן־דע־וויטט איז דאן געצוואונגען געווען צו נעהמען זיך צו דיפּלאָמאטישע מיטעל. ער האָט אָנגעפאנגען צו פערהאנדלען מיט פרינץ קאָנדע, דעם קאָמאנדיר פון דער פראנצויזישער ארמעע. זיינע פאָליטישע געגנער האָבען דאן פערשפרייטעט פאלשע קלאגען, אז ער האָט פערראטהען דאָס פאטערלאנד, און א מענגע פון אָנגערייצטע בויאנעס איז אויף איהם אָנגעפאלען און האָט איהם

דערשלאָגען אויף טויט אין דער צייט, ווע, ער איז געפאָהרען בע־זוכען זיין ברודער, וועלכער איז איינגעשפארט געוואָרען אין א גע־פענגנים אויף דער בעשולדיגונג אין האָכפעררעטה.

עס האָט ניט פיעל געפעהלט, אז ספינאָזא זעלבסט זאָל האָבען אזא טראגישען סוף, וויא זיין עדעלער פריינד און בעשיצער יאן־דע־וויטט. אין 1673, אין דער צייט פון דער מלחמה מיט פראנקרייך, האָט ספינאָזא בעקומען א בריעף, אין וועלכען מען האָט איהם איינ־געלאדען צו קומען אין דער הויפטקווארטיר פון פרינץ קאָנדע, וועל־כער האָט געוואָלט איהם זעהען. דער בריעף איז געשריעבען געוואָ־רען פון זיינעם א פריינד, א פאָלקאָווניק מיט דעם נאָמען סטופּ, וועלכער האָט געדיענט אין דער פראנצויזישער ארמעע. דארום האָט ספינאָזא אָנגענומען דיא איינלאדונג; אָבער עס איז אויך זעהר מעג־ליך, אז זיין רייזע האָט געהאט א פּאָליטישען צוועק.

וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דער פראנצויזישער הויפטקוואר־טיר, ווען ספינאָזא איז געקומען, ווייס מען ניט ביז היינטיגען טאָג. וואן־דער־ספיק האָט נאכהער דערצעהלט, אז ספינאָזא האָט איהם איבערגעגעבען, דאָס דעם פרינץ קאָנדע האָט ער ניט געטראָפען און דאָס דער מארשאל לוקסאמבור האָט איהם פאָרגעשלאָגען אין דעם פרינץ'ס נאָמען צו ווידמען א ווערק דעם פראנצויזישען קעניג. דער־פאר האָט מען איהם פערשפּראָכען א לעבענסלענגליכע פענסיע. נאָר אזוי וויא ספינאָזא איז געווען זעהר צוגעבונדען צו זיין פרייען פאטערלאנד און האָט אויך פיינט געהאט דעם פראנצויזישען קעניג, האָט ער זיך דערפון ענטזאגט. נאָך פראנצויזישע בעריכטען, האָט זיך ספינאָזא עטליכע מאָל אונטערהאלטען מיט פרינץ קאָנדע זעלבסט.

נאָר וויא דיא מעשה איז דאָרטען ניט געווען, זיכער איז עס, דאָס ווען ספינאָזא איז צוריקגעקומען נאָך האאג, האָט מען גלייך פערשפּרייטעט צווישען פּראָסטען פאָלק א קלאנג, דאָס ער איז א פערדרעטהער און א פראנצויזישער שפּיאָן. אזוי וויא זיין פריינד־שאפט צו יאן־דע־וויטט איז געווען בעוואוסט, איז דער פערדאכט אויף איהם געוואָרען נאָך גרעסער. דיא געגענער פון יאן־דע־וויט'ס

פארטיי האָבען וואהרשיינליך אונטערגעהעצט דעם המון געגען דעם פילאָזאָף, און איינינע האָבען אָנגעפאנגען צו שרייען, אז „מען דארף מאכען א סוף מיט אזא געפעהרליכען מענש.“ וואן־דער־ספיק האָט זיך ערנסט געשראָקען, אז דיא מענגע וועט זיך ארייננרייסען אין זיין הויז און וועט ערמאָרדען ספינאָזא׳ן. אָבער דער פילאָזאָף האָט איהם קאלטבלוטיג בערוהיגט.

„זאָרגט ניט וועגען מיר, האָט ער געזאָגט צו זיין ווירטה. מיר איז זעהר לייכט זיך צו רעכטפערטיגען. פיעלע אָנגעזעהנע בירגער און איינינע מיטגליעדער פון דער רעגיערונג וויסען, ווארום איך בין געפאָהרען. נאָר ווען עס וועט עטוואָס טרעפען, וויא נאָר דער המון וועט זיך א לאָז טאָן אויף אייער הויז, וועל איך ארויסגיין צו זיי, ווען זיי זאָלען אפילו וועלען מיך אומברייננגען, וויא דעם אונגליקליכען דע־וויטט. איך בין אן עהרליכער רעפובליקאנער און האָב קיין מאָל ניט געהאט אין זינען עטוואָס אנדערעס אויסער דעם נוצען און דעם נצחון פון מיין פאטערלאנד.“

דאָס צייגט קלאָר, אז ער איז געשיקט געוואָרען פון דער האָ־לענדישער רעגיערונג צום פרינץ קאָנדע וועגען געוויסע שטאאטס־אנגעלעגענהייטען. וואהרשיינליך האָט דיא רעגיערונג אויך בערו־היגט דאָס פאָלק וועגען ספינאָזא׳ס רייזע, דען מען האָט איהם ניט געריהרט און געלאָזען ענדיגען זיינע יאָהרען אין רוהע.

ניט פיעל איז איהם שוין געבליעבען צו לעבען. זיינע טעג זיינען געווען געצעהלטע, דיא שווינדזוכט האָט אין גאנצען אונטערגעגראָ־בען זיין געזונד טראָץ דעם, וואָס ער האָט זיך אָבגעהיט וויא ווייט ער האָט נאָר געקענט. דער שטויב פון דיא געשליפטע גלאָז האָט זעהר שעדליך געווירקט אויף איהם און פערקירצט זיינע געצעהלטע יאָהרען. אין זיינע בריעף האָט ער ניט איין מאָל דערמאָנט, אז ער ליידעט פון בלוטפערלוסט און פיעבערס, וועלכע זיינען פער־בונדען מיט שווינדזוכט. זיינע פריינד האָבען גוט געוואוסט, אז ער וועט ניט לאנג ליידען אויף דער וועלט. איינער פון זיי האָט אין יאנואר 1677 געשריעבען צו לייבניץ׳ן: „איך האָב מורא, אז מיר וועלען באלד פערלירען ספינאָזא׳ן.“ א מאָנאט נאָכדעם איז דער

גרויסער און עדעלער פילאָזאָף אויסגעגאַנגען. נאָך מיט א טאָג פאר זיין טויט איז ער ארונטער צו זיינע בעלי־הבתים, אום מיט זיי זיך א ביסעל אונטערהאלטען, וויא ער פלעגט עס אָפט טאָן. אָבער ער האָט זיך שוין געפיהלט זעהר שלעכט, דען ער האָט ארויסגערופען זיין פריינד מעיער פון אמסטערדאם. עטליכע שטונדען נאָך זיין פריינד׳ס קומען, דעם 21טען פעברואר 1677, האָט ער ארויסגעלאָזען דעם לעצטען אָטהעם פון זיינע פערצעהרטע לונגען. איינער פון זיינע פיינד האָט געשריעבען, אז „געלעהרטע האָבען געשטריי־טעט, אויב אזא געפעהרליכער אטהעאיסט האָט פערדיענט אזא לייכטען טויט״.

מיט עטליכע מאָנאט פאר זיין טויט איז איהם גראדע אויס־געקומען צו זעהען א גרויסען און פרעהליכען יום טוב פון דער אמסטערדאמער געמיינדע, וועלכע האָט איהם אָבגעשטויסען פון זיך. דאָס איז געווען דיא ערעפנונג פון דער הערליכער סינאגאָגע, וועלכע דיא פּאָרטוגעזער אידען האָבען אויפגעבויט אלע אינקוויזי־ציאָנען אויף צו להכעיס. מיט הונדערט יאָהר פריהער האָט אין אמסטערדאם קיין איד ניט געטאָרט וואָהנען און דיא אינקוויזי־ציאָן האָט דאָרט געהערשט מיט איהר גאנצע שרעקליכע מאכט. אין 17טען יאהרהונדערט איז שוין אָבער דער פּאָרטשריט געווען אזוי גרויס אין האָלאנד, אז פיעלע קריסטען האָבען אנטהייל גענו־מען אין דיא צערעמאָניעס לכבוד דער נייער גרויסער סינאגאָגע.

ספּינאָזא האָט געקוקט פון וויטען אויף דיזע צערעמאָניעס און דיזע שמחה פון דיא אידען אין האָלאנד. וואָס ער האָט גע־פיהלט דערביי, דאָס האָט ער קיינעם ניט געזאָגט. ער איז דאן זעהר פערנומען געווען מיט פּאָרבערייטונגען צו דרוקען זיין לעצטע און גרעסטע ווערק, „דיא עטיקע״, וועלכע איז ערשינען נאָך זיין טויט און פון וועלכע מיר וועלען ריידען אין נעכסטען קאפּיטעל.

# X.

## ספינאָזאַ'ס לעצטע ווערק.

דער קערפּער פון דעם אונשטערבליכען פילאָזאָף איז ערעסטירט געוואָרען פון אן אפּטייקער, וועלכער האָט פערלאנגט עטליכע גולדען פאר דיא רפואות, וואָס מען האָט ביי איהם גענומען אין דער צייט פון ספּינאָזא'ס קראַנקהייט. זיין „פערמעגען" איז אויך פערהאל־טען געוואָרען פאר קליינע חובות. דיזער פערמעגען איז בעשטאנען פון א בעט, א מיקראָסקאָפּ, א שלייף־אינסטרומענט פאר גלעזער, עטליכע בילדער און ביכער. ווען מען האָט זיי פערקויפט, האָט קוים געקלעקט צו בעצאָהלען זיינע קליינע חובות. זיין שוועסטער האָט זיך גלייך ענטזאגט פון איהרע רעכטע אויף זיין ירושה, ווייל זיא האָט איהם געהאלטען פאר א פערשאָלטענעם נאָך דעם חרם.

זיינע פריינד האָבען איהם בעערדיגט מיט א שטיקעלע פּאראד. כמעט אלע פריידענקער פון דער שטאָט — זייער צאָהל איז אָבער געווען קליין — און 6 קארעטען האָבען געפאָלגט נאָך זיין אָרימען ארון. ער איז געשטאָרבען אָרים און איינזאם וויא ער האָט געלעבט.

אָבער ער האָט איבערגעלאָזען א גייסטיגען אוצר, וועלכער איז ערשט ריכטיג אָבגעשאצט געוואָרן 200 יאָהר נאָך זיין טויט, ווען דיא גרעסטע געלעהרטע און פערטרעטער פון דיא ציוויליזירטעסטע נאציאָנען האָבען געפייערט זיין אנדענקען אין האאג, וואו מען האָט איהם אויך געשטעלט א דענקמאל אין 1880. דיזער אוצר איז בעשטאנען אין דיא ווערק, וואָס ער האָט געלאָזען. ער האָט אָנ־געזאָגט זיין ווירטה וואן־דער־ספּיק גלייך נאָך זיין טויט איינצופּאַ־קען אין א קאסטען זיינע מאנוסקריפּטען און זיי אוועקשיקען צו זיינע פריינד אין אמסטערדאם. דער עהרליכער מאלער האָט פּינקט־ליך אויסגעפיהרט דיא בקשה פון דעם אָרימען און פערפאָלגטען פילאָזאָף און זיינע פריינדע האָבען זיי צו ענדע פון דעם זעלבען

אָהר פערעפענטליכט נאָר מיט דיא ערשטע בוכשטאבען פון זיין נאָמען, ווייל ער האָט זיי פערבאָטען צו דרוקען זיין פולען נאָמען. דיזע Opera Posthuma (ווערק נאָך'ן טויט) האָבען ענטהאל־טען: „דיא עטיקע", „דעם פּאָליטישען טראקטאט", „דיא גראמא־טיקע פון דער העברעאישער שפּראך" און זיין קאָרעספּאָנדענץ.

פון דיזע ווערק איז נאָר „דיא עטיקע" געווען געענדיגט. דיא איבעריגע האָבען ענטהאלטען עטליכע קאפּיטלעך. דעם „פּאָליטי־שען טראקטאט" האָט ספּינאָזא אָנגעפאנגען צו שרייבען א קורצע צייט פאר'ן טויט און האָט נאָר אויסגעדריקט זיינע בעטראכטונגען איבער מאָנארכישע און אריסטאָקראטישע רעגירונגען. איבער דע־מאָקראטישע רעפּובליקען האָט ער צייט געהאט צו פערצייכנען עט־ליכע פראזען, נאָר פון זיינע בריעף און פון דיא אויבען־דערמאָנטע פּאָליטישע האנדלונגען, בעזאָנדערס פון דעם „טעאָלאָגיקאָ־פּאָלי־טישען טראקטאט", וויים מען, אז ער איז געווען אן אנהענגער פון אזא רעפּובליק, אין וועלכער דאָס גאנצע פאָלק זאָל האָבען א דעה.

דעם "דקדוק לשון הקדוש„ האט ער אָנגעשריבען, ווייל אין דעם „טעאָלאָגיקאָ־פּאָליטישען טראקטאט" האָט ער ערקלערט, אז מען מוז גוט קענען דיא העברעאישע שפּראך צו זיין אין שטאנד גרינד־ליך צו פערשטעהען און צו פערטייטשען ריכטיג דיא הייליגע שריפטען. ער האָט עס געהאלטען פאר זיין פפליכט בעקאנט צו מא־כען דיא געלעהרטע מיט לשון קודש. אום צו געבען א ריכטיגע איבערזעצונג פון דער ביבעל, וויא ער האָט עס פערשטאנען, האָט ער אויך אָנגעפאנגען איהר צו איבערזעצען אין דער האָלענדישער שפּראך. נאָר ער האָט איין מאָל פערברענט דיזע איבערזעצונג, מען וויים ניט ווארום. מען רעכענט, אז ער האָט עס געטאָן אין איינע פון דיא מינוטען פון פערצווייפלונג, דען דער גרויסער פילאָזאָף איז נאָך אלעמען אויך געווען א מענש.

## XI

# דיא עטיקע.

אין אלגעמיין האָט ספינאָזא ווייניג אָנגעשריעבען. דאָס איז מייסטענס געקומען דערפון, וואָס ער האָט אָבגעגעבען א סך צייט צו זיין ארבייט, אום צו האָבען פון וואָס צו לעבען, און צוליעב דעם, וואָס ער האָט געשריעבען „דיא עטיקע" אין אזא פאָרמע, אז ער האָט געמוזט זעהר פיעל צייט פערברענגען אין נאָכטראכטען וועגען יעדען וואָרט און אָפט איבערשרייבען זאצען און קאפיטלעך. מען וויים, אז ער האָט יאָהרענלאנג געארבייט אויף דיזען ווערק, אין וועלכען ער האָט ערקלערט זיין פילאָזאָפיע.

דיזע פאָרמע הייסט דיא געאָמעטרישע. דיא יעניגע, וואָס האָבען געלערנט געאָמעטריע, ווייסען גאנץ גוט, וואָס דאָס מיינט. פאר דיא יעניגע, וואָס זיינען אונבעקאנט מיט געאָמעטריע און איבערהויפט מיט דעם מאטעמאטישען מעטהאָד, וועלען מיר אין קורצען בעמערקען, אז דאָס מיינט ציהען שליסע פון געוויסע זעלבסטפערשטענדליכע פונקטען, וועלכע מען רופט אקסיאָמען, און פון געוויסע בעשטימונגען. לאָמיר נעהמען אזא אויגענשיינליכע וואהרהייט אָדער אקסיאָמע, וויא, אז „דאָס גאנצע איז מעהר פון זיינעם א טהייל," אָדער אז „צוויי זאכען, וואָס זיינען גלייך צו א דריטע, מוזען אויך זיין גלייך איינע צו דיא אנדערע". דאָס דארף מען ניט בעווייזען, דאָס איז זעלבסטפערשטענדליך, אָבער דיא גאנצע געאָמעטריע איז בעגרינדעט אויף עטליכע אזעלכע אקסיאָמען. איין זאץ ציהט זיך פון אן אנדערן, איין בעשטימונג פאָלגט פון אן אנדערע מיט אן אייזערנע לאָגיקע אויף דיא גרונדען פון שטרענגסטען סילאָגיזמוס אָדער דעדוקציאָן (ציהען שליסע פון אלגעמיינע בעגריפע). (*)

---

(*) וועגען סילאָגיזמוס און דיא מעטהאָדען פון דענקען, זעהט מיין ביאָגראפיע פון „אריסטאָטעל", אויך ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאציאָנאלער ליבערערי פובלישינג קאָמפאניע.

וויא באלד דיא ערשטע זאצען און בעשטימונגען זיינען נאָר ריכטיג, מוז שוין אויך זיין ריכטיג אלעס, וואָס עס פאָלגט לאָגיש דערפון. דיא אויספיהרונגען אין דער געאָמעטריע וועגען ליניעס, אָבערפלעכען און קערפערס זיינען אונבעשטרייטבאר, זיי פאָלגען נויטווענדיגער־ווייזע איינע פון דיא אנדערע, ווייל דיא אקסיאָמען, אויף וועלכע מען שטיצט זיך ביי דיזע אויספיהרונגען, זיינען ווירק־ליך אויגענשיינליך ריכטיג. ווען מען זאָל קענען געפינען אין דער אלגעמיינער בעטראכטונג וועגען דיא נאטור און דעם מענש, דאָס הייסט אייגענטליך אין דער פילאָזאָפיע, אזעלכע אקסיאָמען וויא אין דער געאָמעטריע, דאן קען מען שוין שאפען אזא פילאָזאָפישע סיסטעם, וואָס זאָל מוזען אנערקענט ווערן פון יעדען פאר א ריכ־טיגע און וואָס זאָל דינען אלס פונדאמענט פון אלע מענשליכע האנדלונגען.

אָט אזא פילאָזאָפישע סיסטעם האָט ספינאָזא געזוכט און דא־רום האָט ער געשריעבען זיין „עטיקע" (דער וואָרט שטאמט פון דעם גריכישען „עטהיקוס", וואָס בעדייטעט מאָראל; יעצט פער־שטעהט מען אונטער דיזען וואָרט לעהרען איבער דיא פפליכטען, רעכטע און פיהרונגען פון מענשען) נאָך דעם מוסטער פון דער געאָמעטריע. שוין זיין בוך איבער דעקארט'ס פילאָזאָפיע, וואָס ער האָט צוזאמענגעשטעלט פאר זיינע שילער, וויא מיר ווייסען עס, האָט ער אָנגעשריעבען אין א געאָמעטרישע פאָרמע; דיא ערשטע שליסע האָבען געפאָלגט פון דיא אקסיאָמען און ערשטע בעשטימונ־גען, די צווייטע שליסע פון דיא ערשטע א.ז.וו. ספינאָזא איז ניט גע־ווען דער ערשטער איינצופיהרען דיא געאָמעטרישע פאָרמע אין דע־קארט'ס פילאָזאָפיע. פיעלע שילער פון דעם פראנצויזישען פילאָ־זאָף האָבען זיך בענוצט מיט דיזע פאָרמע, אָבער קיינער פון זיי איז ניט אוועק אזוי ווייט און גרינדליך וויא ספינאָזא, ווייל קיינער פון זיי האָט ניט געהאט אזא טיעפע דענקונגס־קראפט און אזא געניאלען קאָפּ וויא ער.

ספינאָזא האָט יעדענפאלס פעסט געגלויבט, אז איהם איז ענדליך געלונגען ניט נאָר צו שאפען א שטרענג־לאָגישע פילאָזאָפי־

שע סיסטעם, נאָר אויך אזא ריכטיגע און פונדאמענטאלע, אז אלע מוזען איהר אָננעהמען. דארום האָט ער עס אזוי לאנג און שווער געארבייט אויף זיין „עטיקע", איהר איינצושפּאנען אין א געאָמעט־רישער פאָרמע. דיזע פאָרמע איז געווען ענג פערבונדען מיט דעם אינהאלט, מיט זיין גאנצען דענקען, דען אָבוואָהל ער האָט גע־זוכט זיך צו שטיצען אויף בעוויזענע פאקטען און וויסענשאפטליכע וואהרהייטען, איז ער דאָך געווען וואָס מען רופט א מעטאפיזיקער. ער האָט זיך ניט געקענט בעפרייען אין גאנצען פון דער אלטער פילאָזאָפיע, וועלכע האָט געזוכט דיא וואהרהייט ניט אין דער ארו־מיגער נאטור, זאָנדערן אין דעם מענשען זעלבסט, ריכטיגער: אין דעם מענשליכען דענקען.

אום דער לעזער, וואָס איז ניט בעקאנט מיט פילאָזאָפישע ווערק און האָט אויך ניט געלערנט לאָגיקע, זאָל פערשטעהן וואָס מיר מיי־נען דאָ, האלטען מיר פאר נייטיג צו זאָגען א פּאָר ווערטער וועגען דעם מעטאפיזישען מעטהאָד פון דענקען, וועלכער האָט געהערשט ביז אונזער צייט און וועלכער גנב'עט זיך נאָך יעצט דורך אין פיעלע לעהרען איבער דער נאטור, בעזאָנדערס איבער דעם מענש. דער וואָרט „מעטאפיזיק" איז א גריכישער און בעדייטעט: זאכען וואָס זיינען אויסערהאלב דיא פיזישע וועלט, אָדער וואָס עקזיסטי־רען נאָר אין דער געדאנקען־וועלט, אין אונזער פערשטאנד. אלע אונזערע אלגעמיינע בעגריפע, וויא אונענדליכקייט, עקזיסטענץ, בעוועגונג, ענדערונג, אורזאכע, צייט, עוויגקייט, אונשטערבליכ־קייט א. ז. וו. האָט מען צוגערעכענט צו מעטאפיזיק, דאָס הייסט צו איבערנאטירליכעס. דיא פּסיכאָלאָגיע (לעהרע איבער אונזער גייסט) לערנט אונז יעצט, וויא אזוי דיזע אלגעמיינע בעגריפע ענט־שטעהען און ווערן ענטוויקעלט אין אונזער מארך, נאָר דיא גריכישע פילאָזאָפען, דארונטער אויך אריסטאָטעל, און אלע זייערע נאָכ־פאָלגער אין מיטעלאלטער און אויך טהיילווייז אין דער נייער צייט האָבען דאָס בעטראכטעט פאר אינערליכע א י נ ג ע ב אָ־ר ע נ ע  א י ד ע ע ן, וועלכע האָבען קיין שייכות ניט מיט דער אויסערער אָדער פיזישער וועלט.

דיא גרונדלאגען פון ריכטיגען וויסען, פון אמת'ער פילאָזאָפיע האָט מען געזוכט אין דעם מענשען'ס דענקען, אין זיין פערנונפט. אזוי וויא מען וואָלט געקענט אָבטהיילען דיא פיזישע און גייסטיגע נאטור פון מענשען. דיא פיזישע וועלט, האָט מען פילאָזאָפירט, ענדערט זיך, דיא ארומיגע זאכען נעהמען אָן פערשיעדענע פאָרמען, אונזערע חושים נארען אונז, מיר זעהען זאכען אנדערס וויא זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט. דאָך בעגרייפען מיר, אז דיא נאטור איז אונענדליך און אייביג, אז עטוואָס עקזיסטירט דאָך אייביג. טראָץ אלע ענדערונגען, א. ז. וו. מוז דאָך עפּעס זיין אין אונז זעלבסט, וואָס פיהרט אונז צו אזעלכע אלגעמיינע בעגריפע, צו אעלכע הויכען אידעען.

אָט דיזען „עפּעס“ האָט מען פערבונדען מיט גאָט. און דיא מעטאפיזישע פילאָזאָפיע איז ענג צוזאמענגעפלאָכטען געוואָרן מיט טהעאָלאָגיע (חכמת האלהות) און איז געוואָרען דער קוואל, פון וועלכען דיא גלחים האָבען געשעפּפט זייער גאנצע חכמה און אלע זייערע בעווייזען פיר דיא עקזיסטענץ פון גאָט, פון דער נשמה א. ז. וו.

אריסטאָטעל האָט געלייגט א ריכטיגען גרונדשטיין פאר אלע מעטאפיזישע פילאָזאָפען אין זיין לעהרע איבער סילאָגיזמוס, דאָס הייסט איבער דיא ארט און וויזע וויא מיר רעזאָנירען און ציהען שליסע פון אלגעמיינע אידעען און בעהויפּטונגען. אין פערלויף פון צוויי טויזענד יאָהר האָט מען נאָר אויף פערשיעדענע ארטען און מיט פערשיעדענע ווערטער איבערגעקייט זיינע אויספיהרונגען. מען האָט זיך געגריבעלט אין זיך זעלבסט, אין דיא זאָגענאנטע „איינגעבאָרענע אידעען“, אין דעם אייגענעם גייסט אָדער נשמה, אום צו געפינען א פעסטען גרונד פיר שליסע איבער גאָט, נאטור און מענשען. יעדער האָט פריהער אָנגענומען א געוויסען געדאנקען אלס גרונד פון זיין לעהרע און נאכהער איז ער שוין געגאנגען וויי־טער נאָך דיא געזעצע פון לאָגיק. דיזע ארט דענקען הייסט דער ד ע ד ו ק ט י ו ו ע ר מ ע ט אָ ד, און דיא מעטאפיזישע פילאָ־זאָפיע האָט זיך כמעט אויסשליסליך געשטיצט אויף איהם.

אָבער דיא אויסערע וועלטווירקט דאָך אויף אונז, אויף די גיי־סטיגע וועלט. די פיזישע וועלט מיט אלע איהרע ענדערונגען עקזי־סטירט דאָך שטענדיג, די חושים מאכען אויף אונז איינדריקע, מיט וועלכע מיר מוזען זיך רעכענען ניט נאָר אין דעם פראקטישען לע־בען, זאָנדערן אפילו אין דער העכסטער מעטאפיזישער פילאָזאָפיע. וויא שטארק א מעטאפיזיקער זאָל ניט גלויבען, אז דער אלגעמיי־נער בעגריף פון, צום ביישפיעל, הייסקייט איז אן איינגעבאָרענער אָדער שטאמט פון אן אלוועלטליכע נשמה, פון אן עסענץ, סוב־סטאנץ, אָדער וויא מען זאָל עס ניט רופען, וועט ער דאָך מוזען צוגעבען, אז אין דער ווירקליכקייט קענען מיר נאָר דאן וויסען, אויב א בעשטימטע זאך איז הייס, ווען מיר ריהרען איהר אָן. נאָך מעהר, ווען אין דער פיזישער נאטור וואָלטען ניט געווען הייסע אָדער קאלטע זאכען, וואָלטען מיר גאָר קיין בעגריף ניט געהאט וועגען הייסקייט אָדער קאלטקייט. דיא מעטאפיזיקער האָבען אזוי ניט גע־אורטהיילט. אָבער ביי פיעלע זייערע בעטראכטונגען האָבען זיי איינגעזעהען, אז מען קומט אויך צו בעגריפע דורך דיא ווירקונגען פון דער אויסערער וועלט, דורך ערפאהרונג און פראָבעס. דאָס הייסט מיט אנדערע ווערטער, אז מיר קומען צו געוויסע שליסע און אלגעמיינע געדאנקען דורך א רייהע פון איינצעלנע פאקטען, דורך דיא איינדריקע פון אונזערע חושים. וואָס פאר א פראָצעס עס קומט פאָר אין אונז, ווען פון איינצעלנע איינדריקע דורך אונזערע חושים קומען מיר צו אלגעמיינע בעגריפע און אידעען, דאָס האָט מען ערשט גרינדליך נאָכגעפאָרשט אין אונזער צייט, ווען דיא וויסענ־שאפטען איבער דעם מענש האָבען געמאכט ריזיגע פאָרטשריטע, אָבער דיא מעטאפיזיקער האָבען דאָס זעהר ווייניג נאָכגעפאָרשט. יעדענפאלס האָט דיזער מעטאָד פון דענקען נאטירליך שטענדיג עקזיסטירט און מען האָט איהם אויך בענוצט אין דער פילאָזאָפיע. ער הייסט דער אנאליטישער אָדער אינדוקטיווער מעטאָד.

דיא דענקונגס־וויינע, וועלכע פיהרט אונז פון אלגעמיינע גע־דאנקען צו איינצעלנע פעלע, הייסט דעדוקציאָן, דיא דענקונגס־וויי־זע, וועלכע פיהרט אונז פון איינצעלנע פעלע צו אלגעמיינע געדאנ־

קען, הייסט אינדוקציאָן. זיי האָבען שטענדיג עקזיסטירט צוזאמען אין דעם מענשענס גייסט אוןביידע צוזאמען מאכען זיי אונז פאר דענקענדע בעשעפעניסען. אָבער זאָלאנג מענשען האָבען בעזעסען ווייניג פאקטען וועגען דיא אויסערע נאטור, זאָלאנג זיי האָבען וויי־ניג נאָכגעפאָרשט, געהאט ווייניג ערפאהרונג און געמאכט ווייניג פראָבעס, זיינען זיי מעהר גענייגט געווען צו ציהען שליסע פון זייערע אלגעמיינע בעגריפע, וועלכע זיינען שליסליך געווען דער רעזולטאט פון אינדוקציאָן, וויא מיר ווייסען עס יעצט. בעזאָנ־דערס ווען זיי האָבען געטראכט וועגען דיא נאטור, וועגען דיא אור־זאכען פון דיא ערשיינונגען, וועלכע זיינען נאָך געווען פאר זיי געהיימניסע, האָבען זיי זיך אָנגעכאפט אָן אן אלגעמיינעם בע־גריף אָדער איינפאך אָן אן איינבילדונג און האָבען שוין דערפון גע־צויגען שליסע און אויסגעארבייט מיסטישע (סתרי תורה) און מע־טאפיזישע סיסטעמען. דאָס איז אין אלגעמיין געווען דיא מעטא־פיזישע פילאָזאָפיע, וועלכע האָט זיך הויפטזעכליך געשטיצט אויף דעם דעדוקטיווען מעטאָד.

מיט דער צייט אָבער, ווען מען האָט מעהר געלערנט דיא נאַ־טור און איהרע געזעצע, ווען מען האָט געקראָגען מעהר ערפאהרונג, ווען מען האָט געמאכט מעהר פראָבעס און גרינדליכע בעאָבאכטונ־גען און ווען מען האָט אויך איינגעזעהען, אז דיא גאנצע מעטא־פיזישע פילאָזאָפיע דרעהט זיך ארום וויא אין א בעצויבערטען צירקעל און פיהרט שליסליך צו קיין נייען געדאנקען און צו קיינע ניצליכע רעזולטאטען אין פראַקטישען לעבען — האָט מען אלץ מעהר זיך גענומען צום אנאליטישען מעטהאָד אויף דעם וויסענשאפט־ליכען וועג.

דער 17טער יאהרהונדערט איז געווען דיא איבערגאנגס־צייט פון מעטאפיזישע דעדוקציאָן צו וויסענשאפטליכע אינדוקציאָן, פון גריבלעריי אין אלטע פילאָזאָפישע ווערק און אין אלגעמיינע גע־דאנקען צו נאָכפאָרשונגען און פראָבעס אין דער פיזישער וועלט, פון איבערניציווען אלטע פילאָזאָפישע סיסטעמען צו א זאמלונג פון פאקטען פיר נייע פילאָזאָפישע סיסטעמען, פון סתרי תורה און

קבלה צו פערנונפט. אָבער דיא טיעפּסטע דענקער, וועלכע האָבען הויך געשעצט דיא וויסענשאַפטליכע נאָכפאָרשונגען און ענטדע־קונגען און וועלכע האָבען זיך געזוכט צו שטיצען אויף פאַקטען און דעם אַנאַליטישען מעטהאָד אין זייערע אויספיהרונגען, האָבען זיך דאָך, וויא געזאָגט, ניט געקענט אין גאַנצען אָפּרייסען פון דיא אַלטע מעטאַפיזישע פערדרעהעניסען און פון מיסטיציזמוס און האָבען זיך פיעל געשטיצט אויף דעם דעדוקטיווען מעטהאָד.

דיא בעסטע פאָרמע פון דעם דעדוקטיווען מעטהאָד איז דיא געאָמעטרישע, ווייל דאַן זעהט מען גלייך, וויא איין זאַך ציהט זיך פון דיא אַנדערע, וויא מען קומט צו שליסע פון אַלגעמיינע געדאַנ־קען און אַקסיאָמען. דיזער מעטהאָד האָט דיא גרויסע מעלה, דאָס ווען נאָר דער אָנפאַנג איז ריכטיג, דאָס הייסט ווען דיא ערשטע בעהויפּטונגען זיינען ווירקליך אַקסיאָמען, מוזען שוין דיא שליסע זיין ריכטיג, ווען מען דענקט נאָר לאָגיש. דיא פילאָזאָפישע סיס־טעמע, וועלכע איז בעגרינדעט אויף זיי, האָט דאַן אַ פעסטען פונדאַ־מענט.

אָבער וואו נעהמט מען אַקסיאָמען פאַר דיא פילאָזאָפיע אַזוי וויא מען האָט עס פאַר דיא געאָמעטריע? אָט דאָ הייבען זיך אָן דיא שווערינקייטען, אָט דאָס איז דיא קלאָץ־קשיה פאַר אַלע מע־טאַפיזישע סיסטעמען. דיא ערשיינונגען אין דער נאַטור הענגען אָפּ פון פערשיעדענע אורזאַכען, דער מענשליכער גייסט הענגט אָפּ פון פערשיעדענע אומשטענדען, אַלעס אַרום אונז איז אַזוי צוזאַמענגע־פלאָכטען, איין ערשיינונג ווירקט אויף דיא אַנדערע, זייערע אור־זאַכען איז אַזוי שווער צו בעשטימען, אַז מען מוז פריהער לאַנג און פאָרזיכטיג נאָכפאָרשען אַנאַליטיש, אום צו קענען בעשטימען מיט זיכערהייט, אויב אפילו אַן אַנערקענטער אַלגעמיינער בעגריף איז ווירקליך ריכטיג. דיא גאַנצע צרה פון אַלע מעטאַפיזיקער איז גע־ווען, וואָס זיי האָבען געמאַכט בעהויפּטונגען, וועלכע מען האָט בע־דאַרפט בעווייזען, אַז זיי זיינען ריכטיג, איידער מען האָט פון זיי געצויגען שליסע. זייערע שליסע האָבען שוין דאַרום קיין ממשות ניט געהאַט, זיי זיינען מייסטענס געוועזן גייסטיגע שפּינגעוועבס אַרום איין איינבילדונג.

אלע פילאָזאָפען, אפילו זיא יעניגע וואָס האָבען זיך געשטיצט אויף דיא גרינדליכסטע וויסענשאפטליכע נאָכפאָרשונגען און אויף דעם אינדוקטיווען מעטאָד, האָבען מעהר אָדער וויניגער געזינדיגט אויף דעם מעטאפיזישען וועג פון אלגעמיינע בעהויפטונגען, וועלכע זיי האָבען אָנגענומען פאר אקסיאָמען, אָבער וועלכע זיינען דאָס אין דער ווירקליכקייט גאָר ניט געוועזען. ספינאָזא איז ניט געוועזען אן אויסנאהמע אין דיזער בעציהונג. ער האָט אויך געזוכט אָנצוגעבען אזעלכע „אייביגע וואהרהייטען", וועלכע עקזיסטירען אויסער־האלב אונז און וועלכע דריקען אוים דיא ריכטיגע עסענץ פון זא־כען. ער האָט ניט געפרעגט, אויב עס עקזיסטירען גאָר אייביגע וואהרהייטען. אין דעם האָט ער געגלויבט, ווייל ער איז נאָך גע־ווען דורכגעדרונגען מיט מעטאפיזישע געדאנקען. יעדענפאלס האָט ער ניט געזוכט פריהער צו בעווייזען, וואָס איז וואהרהייט איבער־הויפט, אין וואָס זיא דריקט זיך אוים, וויא אזוי זיא קען זיך גאָר געפינען אויסערהאלב דעם מענש. זיינע אויספיהרונגען וועגען דעם, וואָס ער רופט סובסטאנץ און וואָס ער בעטראכט אלס גאָט אָדער, ריכטיגער, אלס געטליכקייט אין דער נאטור, זיינען פול מיט מע־טאפיזישע בעהויפטונגען און חקירות.

א קורצער בליק אויף דיא גרונדלאגען פון זיין פילאָזאָפישע סיסטעם וועט עס דייטליך ארויסצייגען. ער פאנגט צוערשט אָן מיט דער סובסטאנץ, וועלכע ער בעטראכטעט אלס אן אונענדליכע און בעלעבטע מאטעריע, וואָס בעשטעהט פון אונענדליך־פיעלע צוזא־מענגעפלאָכטענע טהיילען, וועלכע ענדערן זיך שטענדיג נאָך נויט־ווענדיגע אייביגע געזעץ. דיא סובסטאנץ בלייבט אימער דיא זעלבע, וויא פיעל דיא זאכען זאָלען זיך ניט אומבייטען, אזוי וויא וואסער, אייז און דאמפף ענטהאלטען שטענדיג דיא עסענץ פון דער וואסער־מאטעריע. דיא פאָרמען פון דער סובסטאנץ האָט ער גערופען מאָ־דוסען. דיא פאָרמען ענדערן זיך, אָבער דיא סובסטאנץ בלייבט אימער דיא זעלבע און איז אויך דיא אימער שאפענדע קראפט. אויסער איהר און איהרע מאָדוסען עקזיסטירט גאָר ניט. זיא איז דיא גאנצע וועלט, דיא שעפפענדע און דיא געשאפענע נא־

טור אין דער זעלבער צייט. זיא איז אויך גאָט, וועל־כער איז איהר אורזאכע, איהר אינהאלט. גאָט ליגט אין יעדער זאַך אזוי וויא דיא סובסטאנץ. אלע בעזונדערע זאכען זיינען נאָר ערשיינונגען, מאָדוסען פון גאָט, וועלכער איז דיא איינינקייט, אונענדליכקייט און אייביגקייט פון דער וועלט.

גאָט, דיא גאנצע נאטור און דיא סובסטאנץ זיינען איינס און דאָס זעלבע. יעדע זאַך איז א טהייל פון גאָט, אזוי וויא פון דער סובסטאנץ. גאָט עקזיסטירט ניט אנדערס וויא אין זאכען און מיט זאכען צוזאמען. דיא לעהרע, אז גאָט איז דיא נאטור און אז אלע זאכען זיינען א טהייל פון גאָט, איז אייגענטליך א גאנץ אלטע. אין דער פילאָזאָפיע טראָגט זיא דעם נאָמען פאנטהעאיזמוס (אלל־גאָטהייט) ; אָבער קיינער האָט איהר ניט ענטוויקעלט אזוי ווייט, ברייט און טיעף וויא ספינאָזא.

פון דיזע מעטאפיזישע בעהויפּטונגען ציהט דער טיעפער פי־לאָזאָף א גאנצע קייט מיט שליסע, פון וועלכע פיעלע זיינען וויסענ־שאפטליך ריכטיג. דער וויכטיגסטער פון דיזע שליסע איז אז עס איז ניטאָ קיין צופעליגעס אין דער נאטור, זאָנדערן אלעס קומט פאָר נאָך אייביגע אונפערענדערליכע געזעצע. קיין זאַך קען ניט זיין אנדערס וויא זיא עקזיסטירט, פאָלגליך איז זיא ניט צופעליג. אזוי וויא יעדע זאַך ענטהאלט אין זיך דיא אייביגע סובסטאנץ, קען זיא אנדערס ניט זיין וויא זיא איז געשאפען. דאָס וואָס מיר רופען צופע־ליג, קומט נאָר דערפון, וואָס מיר ווייסען ניט דיא ריכטיגע אור־זאכען, וואָס מיר זיינען נאָך ניט דערגאנגען דיא נאטור־געזעצע. דאָס הייסט, מיט אנדערע ווערטער, אז עס גיבט אויך קיינע נסים.

אָבער אָבוואָהל גאָט האנדעלט נאָך אייביגע געזעצע, איז ער דאָך פריי, דען דיא ריכטיגע פרייהייט בעשטעהט אין דער מעגליכ־קייט צו האנדלען נאָך אייגענע געזעצע אָהן שום אויסערן צוואנג. דיא נאטור־געזעצע זיינען אלזאָ דיא נאטור פון גאָט. דארום לייי־קענט ער אירגענד וועלכע ציעלען אין דער נאטור, וויא אויך גוטס־קייט און שלעכטעס, אָרדנונג און אונאָרדנונג. עס עקזיסטירט נאָר אן אונענדליכע רייהע פון ערשיינונגען, וועלכע זיינען ענג פער־

בונדען מיט א קייט פון אורזאכען און פאָלגען און וועלכע ענטשטע־
הען פון איין סובסטאנץ נאָך דיא אייביגע געזעצע פון איהר
נאַטור.

דיא מענשליכע בעגריפע פון ציעלען, גוטעס און שלעכטעס,
ערקלערט ספינאָזא, ענטשטעהען נאָר פון דעם, וואָס מענשען אור־
טהיילען אלעס נאָך זיך, נאָך זייער שטרעבען צו פערזענליכע נוצען.
זיי בילדען זיך איין, אז דיא נאַטור האָט געשאפען גוטעס אָדער
שלעכטעס ספּעציעל פאר זיי; זיי בילדען זיך איין, אז זיי זיינען
דער צענטער פון דער וועלט, אז אימיצער זאָרגט פאר זיי און זייערע
בעקוועמליכקייטען. זיי בילדען זיך איין, אז דיא זון איז געשאפען
געוואָרן צו געבען זיי ליכט און ווארעמקייט, פלאנצען און חיות —
צו געבען זיי שפּייז; וואסער — צו צושטעלען זיי א געטראנק און
פיש א. ז. וו. זיי ווייסען, אז דאָס האָבען זיי אליין ניט געמאכט,
דארום רעכענען זיי, אז אימיצער האָט דאָס פאר זיי אָנגעגרייט.
אָבער אין דער ווירקליכקייט קימערט זיך גאָר ניט דיא נאַטור וועגען מענשען, זיא האָט פאר זיי גאָר ניט אָנגעגרייט מעהר וויא פאר
אַלע אנדערע חיות. זיא איז בלינד און האנדעלט בלינד נאָך אייביגע
געזעצע, וועלכע מענשען דארפען לערנען אויסצוגעפינען און צו
פערשטעהן.

דיא אונענדליכע סובסטאנץ האָט אויך אונענדליכע מעלות,
וועלכע ער רופט א ט ר י ב ו ט ע ן. מיר קענען נאָר בענעהמען
צוויי גרופּען פון דיזע אטריבוטען, נעמליך: פיזישע און גייסטיגע
ערשיינונגען. דיא ערשטע רופט ער: אטריבוט פון רוים, דיא צוויי־
טע — אטריבוט פון דענקען.

דיזע צוויי אטריבוטען קענען ניט צוזאמענגעמישט ווערן, אָב־
גלייך זיי טרעפען זיך צוזאמען אין דעם מענשען. זיי אונטערשיידען
זיך דערמיט, וואָס פיזישע ערשיינונגען קענען מיר בענעהמען מיט
אונזערע חושים און דיא גייסטיגע מיט אונזער פערשטאנד. ווען
מיר וואָלטען ניט געהאט קיין זעלבסטערקענטניס (הכרת עצמו).
וואָלטען פאר אונז נאָר עקזיסטירט פיזישע ערשיינונגען.

ספינאָזא׳ס אויספיהרונגען וועגען אטריבוטען זיינען זעהר

טיעפע און וויכטיגע. מיר קענען זיך ניט אריינלאָזען אין זיי, ניט נאָר ווייל אונזער פּלאַץ איז בעשרענקט, זאָנדערן אויך ווייל אונזער מאמע־לשון איז צו אָרים פאר אזעלכע חקירות און פילאָזאָפישע ענינים. מיר ווילען נאָר בעמערקען, אז ער איז שליסליך געקומען צו ערקלערונגען, וועלכע ווערן יעצט אנערקענט פון דער וויסענ־שאפטליכער פּסיכאָלאָגיע.

דעם מענשען בעטראכטעט ער אלס א טהייל פון דער סובסטאנץ מיט איהרע אטריבוטען. ער האלט ניט, אז דיא נשמה איז עפּעס א בעזונדערע עסענץ, אז זיא עקזיסטירט אָדער קען עקזיסטירען אויסערהאלב דעם קערפּער. אלע אטריבוטען זיינען ענג פערבונדען אין דעם מענשען; דיא אָרדנונג און דיא פערבינדונג פון אידעען, ערקלערט ער, איז דיא זעלבע וויא פון זאכען. דארום קענען מיר גאָר ניט וויסען פון דער נשמה, ווען מיר ווייסען ניט פון קערפּער.

אלע זיינע אויספיהרונגען וועגען דיא מענשליכע נאטור האָט ער נאָר געמאכט, אום צו קומען צום צוועק פון זיין ווערק, נעמליך: צו צייגען דיא מענשען א וועג צום גרעסטען גענוס. דאָס איז דער ריכטיגער עטישער טהייל פון זיין „עטיקע“. ער פאָרשט נאָך דיא שטרעבונגען, דיא ליידענשאפטען, דיא מעלות און חסרונות פון מענשען, אום צו געפינען א ריכטיגען אויסוועג, אז זיי זאָלען קענען לעבען אזוי גליקליך, וויא דאָס איז נאָר מעגליך. ער ערקלערט, אז ער בעטראכטעט דיא מענשליכע האנדלונגען און געפיהלען, אזוי וויא דיא פראגע וואָלט געווען וועגען געאָמעטרישע פיגורען. נאָך פיעלע זעהר גרינדליכע בעטראכטונגען וועגען אונזערע געפיהלען, בעזאָנדערס וועגען פערגניגען און אונפערגניגען, זוכט ער צו צייגען, וויא דער מענש קען זיך און דארף זיך בעהערשען, אום ניט צו בלייבען א שקלאוו פון זיינע ליידענשאפטען. אין גאנצען קען זיך א מענש ניט בעפרייען פון זיינע ליידענשאפטען. עס איז אונמעג־ליך, זאָגט ער, אז דער מענש, א טהייל פון דער נאטור, זאָל ניט פאָלגען איהרע געזעצע, אָבער עס בלייבט איהם דאָך דיא פרייהייט אויסצוקלייבען אין זיין אייגענער נאטור דיא געפיהלען, וועלכע זאָלען איהם מאכען בעסער, עהרליכער און גליקליכער. דער לעצטער שלום פון זיינע עטישע אויספיהרונגען איז, אז דער מענש דארף

האנדלען נאָך זיין פערשטאנד און אז זיין פערגנניגען דארף זיין אין דער ערקענטניס (הכרה) פון וואהרהייט און אין א בעוואוסטזיין צו בלייבען צוזאמען מיט דער נאטור. פערנינפטיגע ליעבע צו גאָט, ערקלערט ער, איז דער העכסטער גענוס פון א מענש.

אזוי האָט דער גרויסער און עדעלער דענקער אליין געפיהלט. זיין העכסטער גענוס איז טאקי בעשטאנען אין זיין פילאָזאָפיע, וועלכע איז פאר איהם געוועזן אן ערקענטניס פון וואהרהייט. אָבער וויא פיעל ספינאָזאס גיבט עס אויף דער וועלט? וויא פיעל מענשען קענען איבערהויפט געפינען פערגניגען אין פילאָזאָפיע און זיך בע־גנוגענען מיט גייסטיגען גענוס? ספינאָזא אליין פערשטעהט גאנץ גוט, אז דיא צאָהל פון אזעלכע מענשען איז זעהר קליין, דען ער ענדיגט זיין „עטיקע“ מיט דיא ווערטער:

„אויב דער וועג, וואָס פיהרט אונז צום העכסטען גענוס, שיינט אונז זעהר א שווערער, דאָך קען מען איהם געפינען. ער מוז זיין א שווערער, וויל מען געפינט איהם אזוי זעלטען. ווען דיא רעטונג וואָלט געוועזן ביי יעדען אונטער דיא הענד און מען וואָלט איהר גע־קענט קריגען אָהן בעזונדערע אָנשטרענגונגען, טאָ וויא וואָלטען מיר כמעט אלע געקענט דאָס פערנאכלעסיגען? אָבער אלעס שעהנעס און גוטעס איז אזוי שווער, וויא זעלטען“

**ע נ ד ע.**



# היינריך היינע

דייטשלאַנדס גרעסטער ליריקער

זיין לעבען און זיינע שריפטען



פריי בעארבייטעט נאָך פערשיעדענע

קוועלען, פון

מאררים ראזענפעלד

# הײנריך הײנע

## אײנלײטונג.

הײנריך הײנע, דער דיכטער פון ליעבע און שעהנהײט, דער גרעסטער ליריקער פון 19טען יאהרהונדערט, דער שארפסטער הומאָריסט און ביטערסטער סאטיריקער אין דער דײטשער ליטעראַ־טור ,אָבוואָהל א געטױפטער איד, פערנעהמט דאָך א גרויסען אָרט אין דעם אויבען־אָן פון אונזער פאָלק. װען מיר בעקענען זיך מיט הײנעס לעבען, מיט זײן קינדהײט, זײן יוגענד, מיט זײן עלטערנס הויז, מיט דער אידישער לאגע פון דײטשלאנד אין יענעם יאהרהונדערט און מיט דער אונרוהיגער, שטירמישער צײט אין װעלכער ער האָט זיך ענטװיקעלט, דאן בעגרײפען מיר ערשט דיא פערשיעדענע כחות, װאָס האָבען געברענט אין זײן גרויסער דיכטערישער נשמה און מיר זײנען איהם מוחל א סך פון זײנע גרויסע שװאכקײטען. הײנע איז אָהן ספק אײנער פון דיא גרעסטע ערשײנונגען אין דער ליטעראטור, פונקט װיא אין לעבען. זײן געניאלער גײסט שטראהלט דורך דער װעלט־פּאָעזיע פון אללע דורות מיט בעזאָנדערן גלאנץ. הײנעס גרויסקײט אלס דיכטער װערט ניט פערדונקעלט אפילו נעבען אזעלכע שטערן װיא געטהע, שעקספּיער, דאנטע, סערװאנטעס, סװיפט און דזשעאן פּאול. זײן גרויסקײט אלס ליריקער האָט הײנע צו פערדאנקען זעהר פיעל זײן אידישע אבשטאמונג. דיא דורות־לאנגע לײדען פון זײן פאָלק, דער אײביגער פערלאנג נאָך ליעבע און רוה, דער שטענדיגער װעה אין דיא טיעפע, אונבעשרײבליכע אידישע לײדען, דער קאמפּף פאר'ן לעבען, דער דורסט נאָך פרײנדשאפט און דיא מלחמה מיט שפּאָט און פעראכטונג האָבען דעם דיכטערס ליעדער געגעבען א

טיעפערען, שטארקערען און ריהרענדערען אויסדרוק. מיט דעם וועלט־שמערץ פון איין זייט און מיט דעם אידישען שמערץ פון דער אנדערער זייט האט היינע געקענט זינגען אין פולערע טענער, אין קלינגענדערע נאטען וויא אירגענד א דיכטער אין דער וועלט.

אבער היינע האט ניט נור א'ן אייביגע בעדייטונג אלס וועלט־פאעט, ער איז ניט נאר דער ליעבלינג פון דער הימלישער טאכטער פון געזאנג — זאנדערן ער בלייבט אויך גרויס אלס שטרייטער פאר פרייהייט און מענשענרעכט, אלס שונא פון קנעכטשאפט און אונטער־דריקונג און אלס ערשטער העלד אין דיא שורות פון דיא סאציאלע און פאליטישע קעמפפער פון זיין צייט. היינע האט קיינמאל ניט געשטריטען מיט א שווערד אין דער האנד און איז ניט געווען קיין ספעציעלער אנפיהרער פון א פארטיי. אבער זיין פעדער איז געווען דיא שטארקסטע וואפע און זיין שטורם־ליעד האט געוועקט און געטריעבען צו א בעסערעס, העכערעס און פרייערעס לעבען. זיין ליעד דיא „סלעזישען וועבער" האט געוועבט א „דרייפאכען פלוך" צו דיא שקלאווערייי פון „אלט־דייטשלאנד". זיינע סאטירען האבען פערלאכט דיא פינסטערע קנעכטשאפט פון גייסט און קערפער, דיא קליינינגקייט און טיראנייי, דיא נארישקייט און דעם אבערגלויבען, דעם פוסטען שטאלץ פון דיא דייטשע אדעל־לייט און דיא אויפ־געבלאזענע געלעהרזאמקייט פון מאנכע פראפעסארען פון זיין פאטער־לאנד, וועלכע ער האט פון דעסטוועגען אזוי הייס און אזוי אינניג געליעבט.

היינעס ווירקונג אויף דייטשלאנדס ליטעראטור א גאנצען יאהרהונדערט נאכאנאנד האט גאר קיין גלייכען. זיין גרויסער געניאלער גייסט האט משפיע געווען אויף אלע ליטעראטען פון יענער צייט. דיא היינישע שפראכע, דער היינישער פערז, דאס היינישע דייטש און דער היינישער סטיל האבען פערדונקעלט אלע דיכטער און שריפטשטעלער פון גאנץ דייטשלאנד. דאס האט איהם נאטירליך געבראכט א סך שונאים, מיט וועלכע היינע האט זיך פערשטאנען וויא אבצורעכנען, נאר אין יענע ליעדער, אין יענע בייסענדע געדיכטע האט דער פאעט ארויסגעצייגט זיין שארפסטע

פעהיגקייט אלס פּאָלעמיקער און אלס גרויסער, אונפערגלייכליכער הומאָריסט און סאטיריקער. צוזאמען מיט זיין געניאלען צייט־גענאָסע לודוויג בערנע האָט היינע אין דיא יאָהרען 1786—1837 געשאפען דאָס „יונג דייטשלאנד“ מיט א גרויסע ליטעראַרישע אנהעגגערשאפט וואָס האָט געהאט צווישען איהרע חברים אזעלכע גרויסע מענער וויא קארל גוצקאָוו, היינריך לאובע, גוסטאוו קיהנע, טהעאָדאָר מינדט, ערנסט ווילקאָם און רודאָלף ווינבארג. היינע איז געוועזען דער לעצטער גרויסער ראָמאנטיקער אין אייראָפּא.

דיא פרעטענזיעס וואָס דיא וועלט האָט צו היינריך היינע זיינען פערשיעדענע און זעהר זעלטען גערעכטע. אין אלגעמיין קען מען זאָגען, אז אין דעם דיכטער האָבען געלעבט צוויי נשמות, עס איז אין איהם געוועזען פעראייניגט דער הימעל און דיא העללע, דער גאָט און דער טייפעל, דער זיסער זינגער און דער ביטערער ציניקער, דער גלויביגער און דער אפּיקורוֹת. מיט דער זעלבער קראפט, וואָס ער האָט געליעבט און פערגעטערט א זאך, מיט דער זעלבער קראפט האָט ער עס פערהאסט און פעראכטעט. זיין כאראקטער איז געוועזען אונבעשטענדיג און ווערט נאָר פיעללייכט ערקלערט פּסיכאָלאָגיש דערמיט, וואָס דער דיכטער האָט באלד אין זיין פריהעסטער יוגענד בעגעגענד אונגעלונגענע ליעבע, אבגענארטע טויפע, נויט, רדיפות און ענדליך דיא שרעקליכסטע פיין פון א׳ן אונהיילבארע, לאנג־יעהריגע, קוואלפאָלע קראנקהייט, וואָס האָט איהם פערוואנדעלט דיא וועלט אין א גיהנם און דאָס לעבען אין א פינסטערען קבר. היינעס איינציגער חבר אין ליריק און פּעסימיזמוס איז דער גרויסער ענגלישער דיכטער לאָרד באיראָן, וועמען היינע האָט געזוכט צו איבערזעטצען. באיראָן האָט אויך ניט געהאט קיין גליק צו דער וועלט. וויענדיג ווייניג געליעבט און שלעכט פערשטאנען האָט ער ענדליך פערהאסט און פעראכטעט דיא מענשליכע געזעלשאפט, פערדאמט און פערשפּאָטעט דאָס גאנצע בעשאף און געשטעמפּעלט דאָס לעבען אלס עקעלהאפט און אונווירדיג.

## ערשטער קאַפּיטעל.

דער סדר היחוס פון היינעס פאַמיליע. — דיא הויז און דיא שטאָדט אין וועלכע ער איז געבאָרען. — דיא חלוקי דעות איבער דאָס ריכטיגע דאַטום פון זיין געבורט. — דיא ענטגעגענגעזעצטע כאַראַקטערע פון היינעס פאטער און מוטטער. — פערשידענע פּאַסירונגען פון ז'ין קינדהייט.

היינעס סדר היחוס פאנגט זיך אָן אין מיטען פון 17טען יאהרהונדערט. דער ערשטער פון זיין משפחה, וועלכען דיא גע־שיכטע קען דערגרייכען, איז דער אידישער סוחר היימאן היינע, פון האנאָווער, דייטשלאנד. דיעזער היינע האָט געהייראטעט א טאָכטער פון דעם אידישען קויפמאן סיימאָן פאָפּערט פון אלטאָנא. דיא הייראטה איז געבענשט געוואָרען מיט פיער זיהן און צוויי טעכטער. היימאן היינע איז נאכדעם געשטאָרבען און זיין אלמנה האָט איבערגעצויגען נאָך אלטאָנא, וואו זיא האָט זיך וויעדער פערהייראטה מיט איהר שוואָגער בענעדיקט שיף, מיט וועלכען זיא האָט אויך געהאט זעקס קינדער.

דיא קינדער פון דעם ערשטען מאן האָבען זיך אוועקגעלאָזען אין דער וועלט זוכען זייער עקזיסטענץ. איינער פון דיא פיער זיהן איז געוועזען סאמסאָן היינע, דעם דיכטערס פאטער, און א צווייטער — סאלאָמאָן היינע. דיעזער סאלאָמאָן האָט שפּעטער ערוואָרבען מיליאָנען אין האמבורג, וואו ער איז געוועזען א גרויסער באנקיר און בעריהמטער בעל צדקה, ער שפּיעלט א בעדייטענדע ראָלע אין דעם דיכטערס לעבען.

פּעירא וואן געלדערען, היינעס מוטער, וועלכע האָט שפּעטער אומגעענדערט איהר נאָמען אויף בעטטי, איז געוועזען דיא האָכגעביל־דעטע און פיין ערצויגענע טאָכטער פון לאזארוס וואן געלדערען. זיא איז געבאָרען געוואָרען דעם 27טען נאָוועמבער, 1771 אין דער

שטאָדט דיססעלדאָרף. פּעירא וואן געלדערען איז געוועזן א מיידעל מיט זעלטענע מעלות. הונדערטע פּאָרנעהמע יונגע לייט האָבען געזוכט צו געווינען איהר האנד. אבער איהר בליק איז געפאלען אויף סאמסאָן היינע. מיט סאמסאָן'ס כאראקטער וועלען מיר שפּעטער בעקאנט ווערען. מיר וועלען דערווייל הערען וואָס דער דיכטער אליין האָט אין זיין געוועהנליכער וויציגער ארט געזאָגט וועגען זיין פאטער.

„דיא שעהנהייט פון מיין טאטען—זאָגט היינע—„איז געווען עפּעס אזוי מאָדנע וווייך, עפּעס אזוי אָהן א כאראקטער, כמעט ווייבליך... איך מיין חלילה דערמיט ניט צו זאָגען, אז עס האָט איהם געפעהלט מענליכקייט, ווייל דאָס האָט ער אין זיין יוגענד אָפט געגוג בעוויעזען און איך אליין בין ענדליך אויף דעם א לעבעדיגער עדות. דער עולם דארף ניט לעזען מיינע ווערטער מיט איבערגעשפּיטצטקייט, דען איך מיין נאָר מיין טאטענס אויסערע פאָרמען, וועלכע זיינען ניט געוועזן אזוי שרייענדיג מאנסבילש, זאָנדערן ווייך און צערטליך.“

דיא געבילדעטע פּעירא וואן געלדערן און דער שעהנער סאמסאָן האָבען התונה געהאט דעם 1טען פעברואר 1797. דאָס יונגע פּאָאָר פּאָלק האָט אריינגעצויגען אין א'ן איינפאכעס, איין שטאָקיגעס הויז אין דער דאָלקענשטראססע נומער 602, וואו כאמ־סאָן היינע האָט געעפענט א טוך־ און מאנופאקטור־געשעפט.

אָט אין דיעזען הויז איז דעם 13טען דעצעמבער 1799 געבאָרען געוואָרען הערי היינע.

דאָס ריכטיגע דאטום פון היינעס געבורט איז אין גרונד גענומען ניט בעשטימט און אין דעם איז היינע אליין שולדיג, דערמיט וואָס ער האָט וועגען זיך געשריעבען אז ער איז „איינער פון דיא ערשטע מענער פון דעם 18טען יאהרהונדערט, ווייל ער איז געבאָרען געוואָרען אין דער ניי־יאהרס־נאכט פון 1800. דיעזעס דאטום איז נאָכגעוויזען געוואָרען פון גוסטאוו קארפּעלעס, קארל עמיל פראנצאָז און אנדערע היינעס ביאָגראפער אלס אבזאָלוט פאלש. אין מאנכע בריעף פון היינעס מוטטער איז זאָגאר געשריע־

בען, אז היינע איז געבאָרען אין דעם יאָהר 1797, אָבער שפּעטער האָט זיא אָנגעגעבען 1799 אלס דעם ריכטיגען יאָהר פון דעם דיכטערס געבורט. אין א בריעף צו זיין שוועסטער דאטירט 16טען יולי 1853, שרייבט היינע:

„וואָס דאָס דאטום פון מיין געבורט אנבעטרעפט בעמערק איך דיר, דאָס לויט מיין טויף־שיין בין איך געבאָרען דעם 13טען דעצעמבער, 1799, אין דיסעלדאָרף ביי דעם רהיין, וואָס איז דיר אויך ניט פרעמד. אזוי וויא אלע אונזערע פאמילענפּאפּיערען זיינען פערברענט געוואָרען אין האמבורג און אין דיא ארכיוועז פון דיססעלדאָרף קען דאָס ריכטיגע דאטום פון מיין געבורט ניט זיין צוליעב אורזאכען, וועלכע איך וויל ניט זאָגען*) אזוי איז דאָס אויבערשטע דאטום דאָס ריכטיגע, אָדער יעדענפאלס ריכטיגער אלס דיא עראינערונגען פון מיין מוטטער, וועמעס שוואכער זכרון עס קען קיין פערלאָרענעם דאָקומענט ניט ערזעטצען.“

א וייטערער בעגלויבטער עדות איז זיין שוועסטער, פרוי שארלאָטטע פאָן עמדען, געבאָרען אין 1800, וועלכע האָט אָנגעגע־בען מיט בעשטימטהייט, אז איהר ברודער הערי איז געוועזן מיט עלף מאָנאט עלטער פאר איהר.

סאמסאָן און בעטטי היינע האָבען א נאָמען געגעבען זייער זוהן נאָך זייערען א טהייערען הויז־פריינד מ. האררי פון ליווערפּול. ווען היינע האָט זיך געטויפט האָט ער געביטען זיין נאָמען אויף היינריך. ער האָט אָבער זיין קריסטליכען נאָמען כמעט קיינמאָל ניט געשריעבען אויף זיינע ווערק. אויף אלע זיינע ליטעראַרישע לייסטונגען פלעגט ער זיך צייכענען ה. היינע. אין דיא בריעף צו זיין מוטטער פלעגט ער זיך שטענדיג אונטערשרייבען האררי אין אזוי פלעגען איהם אויך אימער רופען דיא נאָהענטע מיט־גליעדער פון זיין פאמיליע. דיא שטאָדט דיסעלדאָרף האָט היינע

*) מען האָט איהם מן הסתם געגעבען אַ העכערע עלטער כדי מען זאָל איהם אַריינגעהמען אין דער ליסיאום שולע.

שטארק געליעבט. אין זיינע „רייזע בילדער“, שרייבט ער : „דיא שטאָדט דיסעלדאָרף איז זעהר שעהן און ווען מען דענקט וועגען איהר אין דער פרעמד און מען איז דאָרט צופעליג געבאָרען ווערט טפעס מאָדנע אויפ׳ן הארצען. איך בין דאָרט געבאָרען און איך פיהל וויא איך וואָלט געדארפט באלד געהן אהיים“. היינע דער־צעהלט אונז ווייטער, אז ער האָט אָנגעזאָגט זיין מוטטער, זיא זאָל ניט פערקויפען דאָס הויז אין וועלכען ער איז געבאָרען, ווייל זיא וועט אמאָל ווערטה זיין זעהר פיעל. היינע זאָגט, אז פיר דאכ גאנצע הויז קען זיא יעצט קריגען קוים אזוי פיעל וויא עס וועט אמאָל בעטרעפען דאָס טרינק־געלד, וואָס דיא „גרינפערשלייערטע ענגלישע דאמען“ וועלען געבען דער דיענסטמיידעל פאר׳ן ווייזען דיא שטוב אין וועלכער ער האָט דערזעהן דאָס ליכט פון דער וועלט און דעם היהנער־ווינקעל, וואו דער פאטער האָט איהם „געוועהנליך איינגעשפארט“ ווען ער פלעגט „נאשען וויינטרויבען“.

דער מוטטערס איינפלוס אויף דיא גייסטיגע ענטוויקלונג פון דעם אינגעל איז אין גרונד גענומען געווען דער גראדער היפך פון דעם פאטערס. סאמסאָן היינע איז, וויא עס שיינט, ניט געווען איבעריג בעגאבט. ער איז ניט געווען צופיעל געבילדעט און האָט ניט געהאט קיין צו גרויסע פעהיגקייט צום מסחר. אָבוואָהל דער דיכטער בעהויפטעט שפאסענדיג אז זיין פאטער איז געווען א מיליטערישער מענש, דאך האָט סאמסאָן היינע קיינמאָל צום קריעגסשטאנד ניט אנבעלאנגט. אין דער צייט וואָס דיא פראנצוי־זען האָבען פערנומען דיסעלדאָרף איז ער געווען א פאָדראטשיק וואָס האָט צוגעשטעלט זאכען פיר דער ארמעע און האָט דערפאר בעקומען דעם טיטעל אָפיציער. אלץ וואָס מיר ווייסען וועגען סאמסאָן היינע איז, אז ער איז געווען א ווירדיגער מאן, טריי און איבערגעגבען מיט לייב און זעלע צו זיין הויזגעזינד, ער האָט געשעצט און געליעבט זיין פרוי און איז געווען א צערטליכער פאטער. אבער אויף דיא בילדונג פון זיינע קינדער און אויף זייער שפעטערע ענטוויקלונג האָט ער א זעהר קליינעם איינפלוס געהאט. ער איז געווען זעהר א רוהיגער און שטאטנער מענש.

בעשרענקט אין כאראקטער און ניט צופיעל איבערגעשפּיצט. אין זיין יוגענדצייט איז ער געווען פּראָוויאנט־מייסטער ביי דעם פּרינץ ערנסט פאָן קומבערלאנד וועמעס ארמיען ער האָט בעגלייטעט אין פלאנדערן און בראבאנט. ער האָט דאן געפונען זיין פער־גניגען אין פערשיעדענע זאכען. ער איז געווען א גרויסער ליעב־האבער פון טהעאטער און פלעגט זעהר אָפט זיך בעקענען מיט דיא שעהנע פּריסטערינען פון דער דראמאטישער קונסט. כאמסאָן היינע האָט געהאט א שטארקע ליידענשאפט צו האָדעווען פּערד און הינד. צו דער צייט, וואָס ער איז אָנגעקומען נאָך דיסעלדאָרף זאָל ער האָבען מיטגעבראכט מיט זיך צוועלף קאָסטבארע זעלטענע פערד. ער האָט געהאט גרויס הנאה מאנכעסמאָל זיך אָנצוטהאָן אין זיין מיליטערישען קאָסטיום, וועלכען זיין ראנג האָט איהם ערלויבט צו טראָגען, און ארויסגעהן שפּאציערען. פון דערווייטענס האָט מען געקענט מיינען, אז ער איז ווירקליך עפּעס א גרויסער מענש, א זעלטענער חכם, אָדער א׳ן אויפּטהוער, אָבער ווען מען האָט זיך מיט איהם נאָהענט בעקענט האָט מען אויסגעפונען, אז מען האָט זיך גענארט.

גאנץ אנדערש איז געווען דעם דיכטערס מוטטער. איהר האָט ער שטענדיג געליעבט מיט בעזאָנדערער ליעבע. דיא מוטטער איז געווען און געבליעבען זיין העכסטער אידעאל, זיין היילינגטהום. איהר געדענקט ער אין זיינע שריפטען שטענדיג מיט דעם גרעסטען רעספּעקט און טיעפסטע פערעהרונג. בעטטי היינע האָט געהאט אויף איהרע קינדער א בעדייטענדען איינפלוס. דיא פאָרטרעפליכע ערציהונג, וואָס זיא האָט גענאָסען ביי איהרע עלטערן האָט זיא אריבערגעטראָגען צו זיך אין הויז. זיא האָט דעם קליינעם האררי געלערנט לעזען און שרייבען. זיא איז געווען זיין ערשטע לעהרערין. איהר ערעלקייט, קלוגשאפט און בילדונג האָבען זיך איינגעדריקט אין דעם איינגעלס נשמה און זיינען דאָרט פערבליבען אויף אייביג. זיא האָט ענטוויקעלט זיין יונגע פאנטאזיע מיט אלערליי פאנטאס־טישע מעשה׳לעך, וואָס האָבען אויף איהם געווירקט וויא א צויבער. זיא האָט איהם געלערנט מאכען דיא ערשטע בוכשטאבען פון דעם

דייטשען „אלף בית“. זיא פלעגט שרייבען דיא אותיות מיט קרייד און ער פלעגט זיי מיט פלייס זוכען נאָכצומאכען.

ווען דער אינגעל איז אלט געוואָרען פיער יאָהר האָט איהם דיא מוטטער אוועקגעגעבען אין א שולע פון מיידלעך, וואו ער האָט ארויסגעוויזען גרויס שארפקייט צו פערשטעהן און בענעהמען זאכען. ער האָט געליעבט דיא שולע, האָט אָבער פיינד געהאט דאָס רוהיג זיטצען און זיין לעהרערין, וואָס איז געווען א בתולה פון א יאָהר פופציג. אין דיעזער שולע האָט הארריי צום ערשטען מאָל געצייגט זיין אָפענהערציגקייט צו זאָגען דעם אמת פריי און אָהן שרעק. זיין שנאה צו דער לעהרערין איז געווען אזוי גרויס, אז ער האָט שטענדיג געקלערט א מיטעל וויא זיך מיט איהר אָבצור־רעכנען. ער האָט איהר פיינד געהאט דערפאר, וואָס זיא פלעגט איהם צווינגען צו זיטצען רוהיג.

איינמאָל האָט ער דערטאפּט איהר טאבאק־פושקע און דורך זיין יונגען מה'ל איז דורכגעפלויגען א גליקליכער געדאנק. ער האָט האסטיג אויסגעשאָטען דיא טאבאק, האָט אָנגעפילט דיא פושקע מיט זאמד און האָט עס ווידער אוועקגעשטעלט אויף דעם זעלבען אָרט. ווען דיא אלטע האָט דאָס שפּעטער אויסגעפונען און האָט איהם געפרעגט פארוואָס ער האָט דאָס געטהאָן, האָט ער האסטיג און שארף געענטפערט : „ווייל איך האס דיך!“

דיא פאמיליע סאמסאָן היינע האָט זיך דערווייל פערמעהרט; נאָך הארריי אין דעם יאָהר 1800 איז געבאָרען געוואָרען זיין שוועסטער שארלאָטטע, אין 1805 זיין ברודער גוסטאוו און אין 1807 דער אינגסטער ברודער מאקסימיליאן. הארריי'ס בעסטער פריינד איז צו יענער צייט געווען יאָזעף נייציג, א זוהן פון א שכן מיט איהם צוזאמען איז הארריי געגאנגען אין חדר ביי א אידישען מלמד מיט'ן נאָמען רינטעלזאָהן.

אָבוואָהל הארריי איז געווען זעהר בעפריינדעט מיט יאָזעף נייציג, פון דעסטוועגען האָט דאָס אמאָל פּאסירט דאָס נייציג האָט א'הם געטראָפען מיט א שטיין אין קאָפּ און ער איז געקומען

צו לױפֿען אהײם א פֿערבלוטיגטער אין עטליכע יאָהר שפּעטער װען דיעזע חברים זײנען געװען אין באַנן האָט נײציג דערמאָהנט היינע'ן אָן דער יוגענד־פּאסירונג. היינע האָט א שמײכעל געטהאָן און האָט איראָניש בעמערקט: „װער װײס, אפשר האָט דאָס געדארפֿט אזוי זײן! װען דו װאָלסט מיר דאן ניט געטראָפֿען אין דעם פּאָטישען אָדער און װאָלסט מיר דעם קאָפּ ניט געעפֿענט, װאָלט איך אפשר קײנמאָל קײן דיכטער ניט געװאָרען“.

זײן שװעסטער שארלאָטטע האָט הארריי געליעבט כמעט אזוי שטארק װיא זײן מוטטער. װען ער פֿלעגט נור עפֿענען דיא אויגען בעגינען, פֿלעגט ער באלד פֿרעגען אויף זײן שװעסטער, מיט איהר פֿלעגט ער שטענדיג פֿערברענגען. װען דיא אנדערע מיטגליעדער פֿון דער פֿאמיליע פֿלעגען נאָך ליעגען אין געשמאק־סטען שלאָף פֿלעגען זיך שוין הארריי און שארלאָטטע צוזאמען שפּיעלען — זיי פֿלעגען זוכען גראמען. דיעזע טיעפֿע ליעבע האָט נאכהער דער דיכטער ארויסגעצײגט אין דיא בריעף צו זײן שװעסטער.

שוין אין זײן פֿריהעסטער יוגענד האָט היינע ארויסגעװיזען א געװיסע נערװעזיטעט, װעלכע איז מיט יעדען יאהר אלץ גרעסער געװאָרען. הויך זינגען, קלאװיר שפּיעלען און יעדער ליארם איז איהם געװען אונאנגענעהם און האָט איהם פֿערשאפֿט געװיסע נער־װעזע אונרוהיגקײט און זאָגאר שמערצען. אפֿילו זײן שװעסטער, װעלכע האָט געהאט א'ן אנגענעהמע, זיסע און קלינגענדע שטימע, פֿלעגט ער זעהר אָפֿט זאָגען: „ליעבע שװעסטער, שריי ניט אזוי הויך“. זײן געהער איז געװען אזוי שארף, אז ער האָט געהערט ליגענדיג אין בעט אלעס, װאָס מען פֿלעגט ריידען אין דרויסען. צװישען זײנע שול־חברים איז ער שטענדיג געװען אײנער פֿון דיא ערשטע. אויסער דעם װאָס ער האָט געהאט א טהייערען קאָפּ און זעלטענע פֿעהיגקײט שנעל און ריכטיג צו פֿערנעהמען א זאך, האָט ער נאָך דערצו בעזעסען א גרויסען חשק צום לערנען. זײן התמדה איז געװען זעהר שטארק. ער פֿלעגט ניט מיעד װערען קומענדיג פֿון דער שולע צו זיטצען ביז שפּעט אין דער נאכט

און מאכען זיינע לעקציאָנען. זיין מוטטער האָט מורא געהאט פאר זיין צו גרויסע אנשטרענגונג און פלעגט איהם אָפט הייסען אוועקלעגען דיא ביכער און רוהען אָדער זיך ביי עפּעס אמוזירען און צערשטרייען. עס איז איינשטיממיג אנגעוויעזען פון אלע זיינע צייטגענאָסען אז שוין דאן האָט זיך אָנגעפאנגען ארויסצייגען זיין פּאָעטישער טאלאנט. דאָס זיינען נאָך געווען צארטע קנאָספּען, ניט ענטוויקעלט און האָבען זיך ערשט שפּעטער געעפענט אלס צייטיגע בלומען פול זאפט און פארפום. דיא ערשטע סיבה דורך וועלכע זיין טאלאנט האָט זיך צום ערשטען מאָל בעוויעזען איז געווען פאָלגענדע:

שארלאָטע האָט בעזוכט א קלויסטער־שולע, וואָס איז געפיהרט געוואָרען פון „הייליגע שוועסטער" (מאָנאשקעס). איינמאָל האָט איינער פון דיא לעהרער דערצעהלט דיא שילערינען א געשיכטע, וועלכע זיי האָבען געדארפט אין דער היים אויסשרייבען אויף א פּאפּיער און ברענגען אין דער שולע. קומענדיג אהיים האָט זיך שארלאָטע געזעצט צו דער ארבייט, אָבער זיא האָט זיך אויף קיין פאל ניט געקענט דערמאָהנען דיא געשיכטע. זיא האָט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען און ווען הארריי איז פּלוצלונג צוגעגאנגען צו איהר און געפּרעגט: „וואָס איז געשעהען?" האָט איהם שארלאָטע דערצעהלט פאר וואָס זיא וויינט. ער האָט איהר געטרייסט און געבעטען, זיא זאָל זיך נאָר דערמאָהנען כאָטש עטוואָס פון איהר לעהרערס געשיכטע און דאן וועט שוין אלעס רעכט זיין. אין א שטונדע ארום האָט איהר הארריי געבראכט דיא גאנצע געשיכטע אויפגעשריעבען אויף א פּאפּיער. פאר גרויס שמחה, וואָס זיא איז בעפרייט געוואָרען פון אזא שטיקעל ארבייט, האָט זיא דאָס צומאָל ניט איבערגעלייענט. זאָנדערן עס אריינגעלעגט צווישען איהרע שול־ביכער און עס איבערגעגעבען דעם לעהרער. דער לעהרער האָט איבערגעקוקט דיא פּאפּיערען פון אלע שילערינען, האָט מאנכעס קאָריגירט און אָבגעגעבען צוריק, אָבער דאָס פּאפּיער פון שארלאָטע האָט ער בעהאלטען ביי זיך. נאָך דער שול־צייט האָט ער איהר צוגערופען און געפּרעגט, וויזענדיג

אויפ׳ן העפט „ווער האָט דאָס געשריעבען?“ ניט פיעל טראכטענ־דיג האָט שארלאָטע געענטפערט: „איך!“

„איך וועל זיך אויף דיר ניט בייזערען און וועל דיר אויך קיין פּאָרווירפע ניט מאכען“ — האָט דער לעהרער ווייטער ערקלערט— „נאָר זאָג מיר, ווער האָט דאָס געשריעבען?“ פערשעהמט פון איהר ליעגען־זאָגען האָט נעבאך שארלאָטע מיט ארונטערגעלאָזענע אויגען אָנגערופען דעם נאָמען פון דעם ריכטיגען פערפאסער. „דאָס איז א מייסטערווערק!“ האָט דער לעהרער אויסגערופען, ווייזענדיג דיא פערפאסונג צו אלע לעהרער, וועלכע האָבען מודה געווען, אז דאָס איז א מייסטערשטיק. ווען שארלאָטע האָט דערהערט לעזענדיג דיא געשיכטע האָט זיא זיך דערשראָקען. דאָס איז געווען א פאנ־טאסטישע צויבער־מעשה׳לע פון גייסטער און רוחות. דיא זאך איז געווען אזוי שעהן און מייסטערהאפט דערצעהלט, אז דער לעה־רער איז האסטיג אוועק צו שארלאָטעס עלטערן און בעגריסט מאדאם בעטטי היינע מיט איהר זוהן׳ס גרויסע פעהיגקייט און זעלטענעם טאלענט. מען האָט באלד גערופען דעם אינגעל. ער איז אָבער ביי אלע שבחים, וואָס דער לעהרער האָט איבער איהם געזאָגט, געבליעבען גאַנץ קאלט, דען ער האָט געגלויבט, אז ער האָט גאָר ניט אויפגעטהאָן אזא גרויסע זאך און האָט ניט עטוואָס בעזאָנדערעס געשאפען.

דעם מאנוסקריפּט פון דיעזער שול־ארבייט האָט דיא מוטטער בעהאלטען, אָבער דאָס איז פערברענט געוואָרען אין האמבורג צוזאמען מיט דעם דיכטערס אנדערע מאנוסקריפּטען און דאָקו־מענטען פון זיין יוגענדצייט. אויסער אנדערע קענטניסע האָט האררי אויך געלערנט טאנצען, צייכנען און מוזיק, אבער ער האָט צו דיא זאכען קיין איבעריגען חשק ניט געהאט און זיין גאנצע לוסט איז נאָר געווען צו ליטעראטור. אפילו גריכיש און ליטיין האָט היינע שפּעטער ניט געלערנט מיט אזא ערפאָלג וויא דיא דייטשע שפּראכע, איהר פּאָעזיע און פילאָזאָפיע.

פון אלץ, וואָס איז ביז אהער געזאָגט געוואָרען, איז צו זעהן, אז דיא ערציעהונג, וועלכע דיא קינדער האָבען געקריגען אין דעם

הויז היינע, איז געוועזן א רייכע און פיעלזייטיגע, איין מעטהאָדישע, אָבער וויא עס שיינט, איז זיא דאָך ניט געוועזן אזעלכע, וואָס זאָל אויסבילדען אין גאנצען דאָס הארץ און דעם גייסט — עס האָט איהר געפעהלט דיא רעליגיאָן. דיא רעליגיעזע ערציעהונג פון דיא קינדער איז כמעט אין גאנצען פערנאכלעסיגט געוואָרען. דער פאטער און דיא מוטטער, אָבוואָהל ניט קיין פריידענקער, זיינען אָבער געוועזן זעהר טאָלעראנט און האָבען זיך ניט אָבגעשראָקען פאר פרייע געדאנקען אין דער רעליגיאָן. פון רעליגיעזע צערעמאָניען האָבען זיי וועניג געהאלטען. דיא מוטטער, זייענדיג האָכגעבילדעט און א סך בעלעזען האָט פון דעסטוועגען געגלויבט שטרענג אין „אחדות הבורא", דער פאטער אָבער איז ניט געוועזן קיין צו גרויסער מאמין און קיין איבעריגער אפיקורות, ער איז אין רעליגיעזער בעציהונג געוועזן אינדיפערענט. דיא קינדער זיינען דארום געוועזן ווייט פון רעליגיאָן — זיי האָבען דאָס בעטראכט אלס א'ן איבעריגע זאך, אלס א לאסט.

אויסער דאָס קארגע ביסעל אונטערריכט אין העברעאיש, וואָס היינע האָט סתם פון יוצא וועגען געקריגען ביי דעם אידישען מלמד רינטעלזאָהן, האָט ער פון אידישקייט וועניג געוואוסט. נאָכדעם וויא ער האָט בעזוכט דעם חדר אונגעפעהר א יאָהר, האָבען דיא עלטערן איהם אוועקגעגעבען אין דיסעלדאָרפער לייסיאום, א העכערע לעהראנשטאלט אין א יעזואיטישען קלויסטער פון פראנציסקאנער מאָנאכען, געגרינדעט פון פראנצויזען. זיינע עלטערן האָבען ניט געקוקט וואו זייערע קינדער לערנען כל זמן זיי האָבען געוואוכט אז דיא לעהרער זיינען גוטע און געבילדעטע מענשען.

היינע האָט ערהאלטען פון זיינע עלטערן א ווידערשפרעכענדען כאראקטער. זיין מוטטער איז געוועזן א שטארקע דייטשע פאטריאָטין, וועלכע האָט געליעבט דייטשלאנד מיט איהר גאנצער נשמה. דער פאטער דאגעגען איז געוועזן א פריינד פון דיא פראנצויזען און א גרויסער פערעהרער פון נאפּאָלעאָן, וועלכער האָט דאן בעזיעגט דייטשלאנד און האָט געגעבען דיא אידען אלע רעכטע און פרייהייטען מיט יעדען דייטשען בירגער צוגלייך. ביי דער

פאמיליע היינע האָט געהערשט דיא גרעסטע ליעבע און האָכאכטונג צו דעם פראנצויזישען קייזער און זאָגאר היינעס מוטטער האָט ניט געוואגט עפענטליך צו רעדען געגען דיא פראנצויזען. אין א בריעף צו איהרע א פריינדין בעקלאָגט זיא זיך אבער, וואָס דער פרעמדער, דער פראנצויז, האָט זיך אריינגעכאפּט אין דייטשלאנד און איין דייטש צום צווייטען רעדט ניט מעהר מיט אזא ליעבע אין דאָס ליעבע דייטש וויא אמאָל. סאמסאָן היינע האָט שטארק ליעב געהאט און פערגעטערט סאָלדאטשינע און האָט בעטראכט דעם קייזער נאפּאָלעאָן אלס א זעהר פריינדליכע פּערזאָן, וועהרענד בעטטי היינע האָט געשוועבט צווישען האס און בעוואונדערונג. אונטער אזעלכע קאָנטראסטען האָט זיך האררי אויפגעצויגען פון זיין פריהעסטע קינדהייט אָן. מען מוז זיך פּאָזיטיוו מיט דיא אלע זאכען רעכענען ווען מען וויל פערשטעהן היינעס גאנצעס דיכטערישעס שאפען און בעגרייפען דעם פּאָעט דורך און דורך.

צו צוועלף יאָהר האָט היינע געמאכט זיין ערשטעס געדיכט. דאָס איז געוועזן א געבורטסטאג פּאָעם, וועלכעס דערמאָהנט אָן א לאנג-פערגעסענעם דייטשען דיכטער קלאָמער שמידט. דאָס געדיכט האָט היינע געמאכט צום האָכצייטס-טאָג פון זיינע עלטערן און עס לעזט זיך אונגעפעהר אזוי:

אוּן קענט איהר שאפען איבער אונגליק און גליק
אָ, איהר געטטער! בענשט מיר אָט דעם אויגענבליק,
וואָס ברענגט צוריק דיא זיסע, הייליגע שטונד,
וואָס האָט געשלאָסען מיינע עלטערנס בונד.

דיסעלדאָרף, דעם 1טען פּעברואר, 1813.

אין א קורצער צייט נאכדעם האָט היינע געדיכטעט א גרויס-ארטיגעס געדיכט פול קראפט און פרישקייט און עס לויפט אין דעם זעלבען סטיל, וואָס היינע'ס בעריהמטע פּאָעמא „אָטטאָ טראָל". דיעזעס געדיכט „ווינעבערגיארדע" אין צוויי געזאנגען האָט היינע געמאכט אויף זיינעם א חבר. דיא „ווינעבערגיארדע" געפינט זיך ניט אין זיינע געזאמעלטע ליעדער און איז ערשט שפּעטער פּער-עפענטליכט געוואָרען. לויט היינע'ס אייגענע בעהויפּטונג איז

זיין ליעד „בלשצר“, וועלכער געפיענט זיך אין „בוך דער ליעדער“, געוועזן זיין ערשטע פּאָעטישע שאפונג. ער זאָגט, אז ער האָט דאָס געדיכט געשריעבען איידער ער איז נאָך אלט געוועזן פולע זעכצעהן יאָהר. דיא בעגייסטערונג צו דיעזען פּאָעטישען פערל, ערקלערט היינע, האָט ער געקראָגען פון דעם „ויהי בחצי הלילה“, וואָס ווערט געזאָגט אין דער הגדה ביי דער צווייטער סדר נאכט. דאָרט ווערען אויסגערעכענט אלע נסים, וואָס גאָט האָט געוויעזען אין דיעזער נאכט און עס ווערט אויך דערמאָהנט דיא מפּלה פון דעם קעניג בלשצר, וואָס האָט אין דער דאָזיגער נאכט געטרונקען ווייז פון דיא כלים, וועלכע ער האָט גענומען פון בית המקדש, וויא ער האָט גע־לעסטערט גאָט און איז אין דערזעלביגער נאכט גע׳הרג׳עט געוואָרען פון זיינע אייגענע דיענער. היינע האָט דערפון געמאכט אן אונ־שטערבליכעס געדיכט.

איינער פון היינע׳ס הויפּט יוגענד פריינד פון יענער צייט איז געוועזן א געוויסער כריסטיאן זעטהע. פאר איהם האָט ער שפּע־טער אויסגעגאָסען זיין הארץ וואָס איז פערוואונדעט געוואָרען פון דיא ערשטע ליעבעס פיילען פון אונגעלונגענער ליעבע. היינע האָט שטארק געליטען פון זיינע שול־קאָלעגען פאר זיינע שפּאָט־ליעדער, וואָס ער פלעגט אויף זיי מאכען און ער האָט אויך ניט וועניג געליטען אלס איד. אבער שוין אלס אינגעל האָט ער פערשטאנען צו טרעפען זיינע קריסטליכע געגנער מיט שארפע וויצען און קלוגע שטעכווערטלעך, וואָס פלעגט זיי נאָך מעהר אויפרייצען געגען איהם און ער האָט דערפון קיין נחת ניט געהאט. נאָך אין יענער צייט האָט זיך הארי בעקענט מיט א זעלטענעם אינגעל, דער זוהן פון א אידישען קאָרענהענדלער, וועלכער האָט געהאט א נאָמען פאר אן „אפּיקורות“. דיעזער אינגעל האָט איהם געזוכט בעקאנט צו מאכען מיט דיא ווערק פון שפּינאָזא און פלעגט מיט איהם שטונ־דען לאנג דיסקוטירען און פילאָזאָפירען איבער גלויבען און יודענ־טהום. דיעזער אויפגעקלערטער אינגעל האָט געהאט א שטארקען איינפלוס אויף היינע׳ס שפּעטערדיגע מיינונגען וועגען אידישקייט. אויסער דעם האָט הארי געקראָגען צו לעזען פון זיין מוטטער דאָס

בעריהמטע ווערק „דאָן קיכאָט“, פון סערוואנטעס, און דיא וואונ־דערליכע רייזע־בעשרייבונגען פון סוויפט, וועלכע האָבען אויף זיין פאנטאזיע א גרויסען רושם געמאכט.

אונטער דיעזער גאנצער צייט איז האררי געווען א פראנצויזי־שער פאטריאָט. ער איז געווען איינשטימיג מיט זיין טאטען, אז מען דארף שעטצען נאפּאָלעאָנען פאר זיין פריינדשאפט צו אידען. אָבער דיא פּאָליטישע לאגע האָט זיך געביטען. נאפּאָלעאָן האָט פּלוצלינג געהאט זיין שרעקליכע מפּלה אין רוסלאנד. דאָס האָט דיא דייטשען געמאכט א ביסעל שטייפער ביי זיך און זיי האָבען אָנגעהויבען צו דענקען וועגען אראָפּווארפען פון זיך דעם יאָך פון דיא פראנצויזען. אויף דעם הימעל פון דיא דייטשע אידען האָ־בען זיך ווידער אָנגעהויבען קלייבען שווארצע וואָלקען. דיא פרייהייט און דיא רעכטען וואָס דער פראנצויזישער קייזער האָט זיי געגעבען האָבען פערלאָרען ביסלעכווייז זייער אמת'ן גלאנץ. דער דייטשער פּאטריאָטיזמוס האָט ווידער אויפגעפלאקערט און האָט אויך מיטגעריסען מיט זיך דעם יונגען האררי אויף אזוי ווייט, דאָס ווען פרידריך ווילהעלם דער דריטער האָט דען 17טען מערץ, 1813, ארויסגעלאָזען זיין בעריהמטען אויפרוף פון קאליש צום קאמפּף פיר דייטשע פרייהייט, האָט זיך האררי אָנגעשלאָסען אָן א רעגימענט פון יונגע דייטשע וואָלאָנטירען.



## צווייטער קאַפּיטעל.

דיא עלטערן ווילען מאַכען היינען פאַר אַ סוחר, דעם דיכטער'ס ליטעראַרישע טהעטיגקייט אין פראַנקפורט אַם מיין. היינע'ס אונרוהיגקייט אין האַמבורג. זיין בעריהמטער בריעף צו געטהע. היינע'ס ערשטע ליעבע. דער פּאָגראָם אויף אידען אין האַמבורג. היינע'ס אַריינטרעטען אין דער אוניווערזיטעט פון באָנן.

דיא צייט שטעהט ניט אויף איין אָרט. האררי איז עלטער געוואָרען און זיין מוטטער האָט אָנגעפאנגען צו קלערען פיר איהם א תכלית. נאָך פיעל קלערען און נאכדיינקען איז זיא געקומען צום בעשלוס, אז איהר עלטסטער זוהן זאָל ווערען א קויפמאן. אין יענער צייט זיינען א סך אידען אויפגעוואקסען און גליקליך געוואָרען ביים מסחר. היינע זאָגט אליין אין זיינע „מעמוארען“, אז „דאָס הויז ראָטהשילד, מיט וועלכע מיין פאָטער איז געוועזן גוט בעקאנט, האָט שוין דאן אָנגעפאנגען זיין פאבעלהאפטע קאריערע און א סך אנדערע פירסטען פון באנק און אינדוסטרי זיינען פאר אונזערע אויגען געשטיגען צום העכסטען פינאנציעלען גליק. מיין מוטער האָט אלזאָ ערקלערט, אז יעטצט האָט געשלאָגען דיא מינוט, אין וועלכער א מענש מיט א גוטען קאָפּ זאָל זיך דערהויבען צום העכסטען שטאפּעל פון הצלחה. זיא האָט דארום בעשלאָסען איך זאָל ווערען א געלדמאכט און יעצט מוז איך איבער הויפּט לערנען פרעמדע שפּראכען, בעזאָנדערס ענגליש, געאָגראפי, בוכהאלטעריע, קורץ אלע זאכען וועגען ים און יבשה, וואָס זיינען נויטיג צו א וועלט מסחר“.

האררי היינע איז שוין דאמאָלס געוועזן א הויפּט אינטעליגענטער אינגעל און דיא סיבה, פאר וואָס זיין מוטטער האָט איהם געוואָלט אָברייסען פון שטודירען און מאכען פאר א קויפמאן, ער־

קלערט זיך נאָר דערמיט, וואָס זייט דיא דייטשען האָבען וויעדער געקראָגען דיא ממשלה ביי זיך אין לאנד, האָבען זיי געוואָלט פער־טרייבען דיא אידען פון דיא אוניווערזיטעטען. אידען האָבען אפילו געמעגט שטודירען, אָבער קיין פּראָפעסאָר שטעלע האָבען זיי ניט געטאָרט פערטרעטען. זיי האָבען אויך ניט געטאָרט זיין קיין אדוואָקאטען. מעדיצין איז נאָך געווען דאָס איינציגע, וואָס אידען האָבען געמעגט פראקטיצירען, אָבער דערצו האָט הארריי קיין חשק ניט געהאט.

דיא ערשטע פּראָבע איז געמאכט געוואָרען: נאכדעם וויא היינע האָט געענדיגט דיא גימנאזיום איז ער אין הערבסט פון דעם יאָהר 1814 איינגעטרעטען אין א קאָמערץ שולע אין דיסעלדאָרף אום דאָרט דיא וויסענשאפט פון האנדעל צו שטודירען. דאָ האָט זיך אָבער שוין ארויסגעוויעזען היינע'ס שוואכער חשק צו מסחר אָדער וויא ער אליין רופט דאָס „קרעמערייי". אָנשטאָט צו לער־נען דעם וועקסעל־געשעפט, בוכהאלטעריע און חשבונות פון פּראָ־צענט און פּראָפּיטען האָט היינע געשריעבען פּאָעזיע און געמאכט שפּאָט ליעדער און סאטירען אויף מאנכע פון דיא לעהרער און זיינע שול־קאָלעגען. נאכדעם אָבער וויא ער האָט זיך קוים מיט צרות אויסגעלערנט דעם „אלף בית פון האנדעל", האָט איהם דער פאָטער אין אנפאנג פון דעם יאָהר 1815 מיטגענומען נאָך פראנק־פורט אם מיין בעקאנט צו מאכען מיט דער גרויסער קאָכעדיגער האנדעלס וועלט. זייענדיג פערזאָרגט מיט דיא בעסטע רעקאָמען־דאציעס איז עס געלונגען סאמסאָן היינע ארייצוברענגען זיין זוהן אין קאנטאָר פון דעם רייכען באנקיר רינדסקאָפּ אלס וואָלאָנטיר. דיא באנק איז געווען פיר היינען א צו קאלטער, אומעטיגער אָרט. ער האָט זיך דאָרט געפונען וויא אין א געפענגנים. דיא טרוקענע ציפער האָבען איהם מיאוס געמאכט דאָס לעבען און אין דריי וואָכען ארום איז ער פון דאָרט אוועק. היינע זאָגט אין זיינע שריפטען, אז ער האָט געוואָלט ווערען א באנקיר, ער האָט שוין דאן פערשטאנען אין געוואוסט „אז געלד איז דיא וועלט". אָבער ער האָט אויף קיין פאל ניט געקענט איבערמאכען זיין נאטור,

וועלכע האָט זיך ניט געקענט איבערגעבען צו דעם טרוקענעם, איינ־טאָניגען קלאַנג פון דער מטבע. אין יענער צייט האָט זיך דאָס היינע צום ערשטען מאָל בעקענט מיט לודוויג בערנע, דעם גרעסטען און שארפסטען קריטיקער, פאר וועלכען אלע אקטיאָרען און אקטריסעס פון פראנקרייך פלעגען ציטערען וויא פאר פייער. בערנע האָט דאן געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף היינען, וועלכער האָט שוין ארויסגעוויעזען א גרויסע אינטערעסע פיר ליטעראטור.

הארדי איז בלויז געווען א קורצע צייט אין פראנקפאָרט, אָבער דאָס איז איהם שטארק צוניט'ז געקומען. דיא פראנקפורטער „יו־דענגאס“, דיא „געהעטטאָ“, דער אידישער מסחר, דער גאנצער האנ־דעל און וואנדעל פון יענער שטאָדט האָט איהם געגעבען שטאָף צו שרייבען שפעטער זיין בעריהמטען „ראבבי פאָן באכראך“ און אנ־דערע לעבעדיגע און קונסטפאָלע שילדערונגען פון פראנקפורט, וועל־כע ער האָט אין גרונט געגומען פיינד געהאט און גערופען א „נעסט פון קרעמער“. נאכדעם וויא ער האָט פערוויילט עטליכע חדשים אין פראנקפורט איז ער געקומען צוריק אהיים נאָך דיסעלדאָרף. אין א יאָהר ארום אָבער האָט היינע וויעדער פערלאָזען זיינע על־טערען און איז אוועק נאָך האמבורג. דאָרט האָט ער אנפאנגס גע־ארבייט אין באנק־געשעפט פון דער פירמא העקטער עט קאָמ־פאני, פון וועלכער זיין אָנקעל, סאָלאָמאָן היינע, איז געווען א שותף. דיא שטאָדט האמבורג האָט געמאכט אויף היינען א שלעכטען איינדרוק. ער האָט ניט געליעבט יענע מענשען, ער האָט ממש פיינד געהאט דיא גאסען, וועלכע האָבען אויף איהם דעם ערגסטען איינ־דרוק געמאכט. אָבער גראדע אין יענער שטאָדט, אויף וועלכע ער האָט ניט געקענט קוקען, האָט געוואוינט יענע שעהנע פרוי, וואָס האָט אָנגעצונדען אין היינע'ס הארץ דעם ערשטען ליעבעס פייער. אין האמבורג האָבען זיך אָנגעפאנגען זיינע „יונגע ליידען“, דאָרט האָט ער צום ערשטען מאָל דערזעהן יענע צויבער־געשטאלט, וואָס איז איהם געבליעבען אייביג אין דער נשמה און האָט איהם געדיענט אלס פאָרבילד צו אלע פרויען, וואָס ער האָט שפעטער בעזונגען. היינע'ס ליעבע איז געווען א פלאַם פייער, וואָס האָט איהם פער־

צעהרט דאָס לעבען. אין זיינע גליהענדע ליעבע ליעדער רופט היינע זיינע געליעבטע מיט פערשיעדענע נעמען, וויא מאָללי, צור־ליימא, עוואלינא, אטטליע א. ז. וו. אָבער דאָס זיינען אלץ אנדערע נעמען פון דיא זעלבע זיסע פרויענגעשטאלט, וועלכע איז ניט געוועזן קיין אנדערע וויא אמאליע היינע, דיא מיטלעסטע טאָכטער פון זיין רייכען אָנקעל דעם באנקיר סאלאמאָן היינע פון האמבורג.

היינע האָט געליעבט זיין קאָזינע מיט א ליעבע וואָס איז מעהר וויא ליעבע, אָבער זיא האָט איהם קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאָנקען. א באנקיר'ס א טאָכטער, אויפגעצויגען צווישען דעם קלאנג פון גאָלד און זילבער, האָט זיא ניט געהאט קיין אויער פיר דעם דיכטער'ס ליעבעס-ווערטער און קיין הארץ פיר זיינע ליידען. זיא האָט איהם פערביטען אויף אן אנדערען. זעהענדיג, אז זיין ליעבעס חלום האָט זיך ניט פערווירקליכט, האָט ער שוין געננומען צווייפלען אין ליעבע און אין דעם געשמאק פון פרויען אין וועהלען זיך געליעבטע. ער האָט דאן געשריעבען זיין בעקאנטעס געדיכט, וואָס קען זיך לעזען אין אידיש אויף אזא ארט:

א בחור ליעבט אַ מיידעל,
  דאָך זיא אַן אַנדערען ליעבט;
דער אַנדרער ליעבט אַן אַנדרע
  און ווערט מיט איהר פערקניפט.

דאָס מיידעל הייראַט נעבאַך,
  זיא קלייבט ניט איבער מעהר.
דער בחור זעהט דיא צרות,
  עס ווערט דאָס האַרץ איהם שווער.

דאָס איז אַן אַלטע מעשה,
  דאָך בלייבט זיא שטענדיג נייַ
און וועמען זיא פּאַסירט נאָר
  דעם איז דיא וועלט פאַרביי.

זיין גאנץ הארץ האָט דאן היינע אויסגעגאָסען אין צוויי בריעף צו זיין חבר כריסטיאן זעטהע. אין דעם ערשטען בריעף שרייבט היינע, אז זיין גאנצער גליק איז, וואָס ער קען אויסגיסען זיין שווער געמיטה אין ווייכע ליעדער. ער האָט אָבער באלד חרטה און שרייבט, אז דיא לעטצטע צייט איז איהם דיא מוזע אויך אונטריי געוואָרען — „אויך א פרוי“ — זאָגט היינע — „מען קען זיך אויף איהר אויך ניט פערלאָזען“. אין זיין צווייטען בריעף בעקלאָגט ער זיך פאר זעטהע אויף דער ביטערער גלייכגילטיגקייט פון זיין קוזינע. ער וויינט נעבאך פאר יסורים, וואָס זיינע שעהנע ליעדער, וועלכע ער האָט פיר איהר געדיכטעט, האָבען ביי איהר גאָר קיין פנים ניט און זיא קוקט איבערהויפט אויף איהם מיט א גרינג שעטצונג. אין דעם צווייטען בריעף זאָגט ער שוין ווידער, אז דיא מוזע איז איהם דאָך טהייערער וויא דיא אונדאנקבארע געליעבטע, ווייל אין איהר געפינט ער דאָך א טרייסט אין זיין ביטערע לאגע. יענע ערשטע ליעדער האָט דאן היינע פערעפענטליכט אין אן אלטע, לאנג פערגעסענע צייטשריפט „האמבורגס וועכטער“. יין אייגענעם נאָמען האָט ער אונטער דיא ליעדער ניט געצייכענט. ער האָט דאָס ניט געקענט טהאָן, ווייל עס וואָלט ניט געפאסט פיר זיין שטאנד אלס „סוחר“. היינעס אָנקעל סאָלאָמאָן האָט איהם דאן אין יאָהר 1818 געעפענט א קאָמיסיאָנסגעשעפט אין ענגלישע מאנופעקטור וואארען אונטער דער פירמא „הארי היינע עט קאָמ־פאניע“.

אָבער טאקע דערפאר, ווייל הארי היינע האָט ניט געקענט זיין „קויפמאן און דיכטער“ צוזאמען, האָט ער געמוזט אין פריה־לינג פון דעם יאָהר 1819 אויפגעבען זיין געשעפט און ווערען אויס קאָמיסיאָנער. סאלאמאָן היינע, וועלכער האָט געוואָלט מאכען פון זיין פלעמעניק א מיליאָנער, האָט ענדליך געמוזט אויפגעבען דיא האָפנונג. היינע׳ס לאגע איז געוועזן א ביטערע און טרויעריגע. זיין רייכער אָנקעל האָט איהם געהאלטען פאר א טויגעניכטס, א לא יוצלח און האָט איהם ניט מעהר געשטיצט מיט אזא חשק וויא פריהער. קוים מיט צרות האָט ער זיך איינגעבעטען ביים זיין אָנ־

קעל ער זאָל איהם געבען דיא נויטיגע הילף ער זאָל קענען ווייטער שטודירען. דער אָנקעל האָט איינגעווילינגט, אָבער מיט דעם תנאי, אז ער זאָל שטודירען אלס אדוואָקאט און זיך איבערגעבען צו דעם סטודיום מיט לייב און לעבען.

איידער היינע האָט פערלאָזען האמבורג האָט ער נאָך דאָרט דערלעבט צו זעהן א פּאָגראָם אויף אידען. דער יודענהאס, וועל־כער איז צו דער צייט פון דיא פראנצויזישע הערשאפט אין דייטש־לאנד אין גאנצען פערשוואונדען, האָט זיך ווידער אָנגעפאנגען. אין דיא רעסטאָראנען און ביער קעלערס פלעגט מען נאָר הערען זלזולים און קללות אויף אידען. א איד איז ממש ניט זיכער גע־ווען ארויסצוגעהן אין גאס, דאָך צו אן עפענטליכע אטאקע אויף אלע אידען איז דאָס ניט געקומען ביז יענער צייט ווען היינע האָט געדארפט פערלאָזען דיא שטאָדט, וועלכע האָט זיך איהם אזוי אויך שוין איינגעגעסען אין דיא ביינער. דער המון עם האָט זיך פער־איינינגט אין א גרויסע מאסע און מיט ווילדע געשרייען „העפּ!“ „העפּ!“ האָט זיא זיך ארויסגעלאָזען אין דיא גאסען שלאָגען אידען. צוויי נעכט נאָכאנאנד האָט מען געבראָכען שויבען אין אידישע היי־זער. מען האָט געשלאָגען און ראבירט אידען ביז דיא שטאָדט פערוואלטונג האָט אויפ׳ן דריטען טאָג ארויסגעלאָזען א פּראָקלאָ־מאציאָן, אז דער גארניזאָן איז גרייט צו שיסען יעדען רוהע שטע־רער. דיעזע ווארנונג האָט בערוהיגט דיא בלוט־דורסטיגע מאסע. דיעזער שענדליכער פּאָגראָם אויף זיינע אידישע ברידער האָט גע־מאכט אויף היינען אן איביגען איינדרוק און האָט איהם אָנגע־פילט מיט כעס, מיט גאל און ביטערנים אויף דיא קריסטען, וועלכע בעריהמען זיך מיט זייער קריסטליכער ליעבע. דיעזען פּאָגראָם האָט היינע אימער געדענקט און האָט געגאָסען אויף דיא שונאי ישראל זודיגע פעך און שוועבעל. ער האָט אויסגעליידיגט אויף דיא דייטשען זיין גאנצען ברענענדען צאָרען, וועלכער האָט זיי שווארץ געמאכט אין דיא אויגען פון אלע גערעכטע מענשען.

אין זומער 1820 האָט היינע פערלאזען האמבורג און איז אָב־געפאָהרען צוריק נאָך דיסעלדאָרף, צו זיינע עלטערען, אָנצופאנגען

דיא נויטיגע פּאָרבערייטונגען פאר אן אוניווערזיטעטס עקזאמען. מען האָט שוין דאן געוואוסט אין זיין געבורטסשטאָדט, אז ער מאכט שעהנע פערזען און א סך דאמען פלעגען איהם בעטען ער זאָל זיי עפּעס אָנשרייבען אין זייערע אלבומס. דאמאָלס האָט דאָס היינע פערפאסט זיין וועלט בעריהמטעס געדיכט „דיא צוויי גרא־נאדירע“, וועלכע זיינען געווען אין רוסלאנד געפאנגען און ווען זיי זיינען געקומען אין דייטשלאנד, האָבען זיי געהערט, אז זייער קייזער נאפּאָלעאָן איז געפאנגען. מאקס קרייצער האָט באלד גע־זעטצט דאָס געדיכט אין מוזיק און האָט דאָס געווידמעט דעם פראנצויזישען מארשאל סאולט. דיא „צוויי גראנאדירע“ איז באלד געוואָרען זעהר פּאָפּולער צווישען פאָלק און אין דייטשלאנד גראדע וויא אין פראנקרייך האָט מען דאָס א סך געזונגען. אין הערבסט פון דעם זעלבען יאָהר 1820 איז היינע אָבגעפאָהרען נאָך באנן אריינצוטרעטען אין דער דאָרטיגער אוניווערזיטעט.

איידער האררי איז נאָך אָבער דאָרט ריכטיג אויפגענומען גע־וואָרען אלס שילער, איידער ער איז נאָך רעכט מעטריקולירט גע־וואָרען, האָט שוין פאסירט א געשיכטע, וואָס האָט איהם פערווי־קעלט אין א פּאָליטישע אונטערזוכונג. דיא באָננער אוניווערזי־טעט איז דאן געווען ארומגערינגעלט פון רעגיערונגס־שפּיאָנען, וועלכע האָבען געהיט יעדען סטודענט, וואָס האָט נאָר געהאט עפּעס א פרייע מיינונג. דיא רעגיערונג האָט געוואָלט ערציהען א דור מיט געהאָרכזאמע שקלאווען און האָט געציטערט פאר יעדען פרייען געדאנק. אָבער טאקע דערפאר אליין זיינען דיא סטודענטען גע־ווען רעוואָלוציאָנעריש געזאָנען און האָבען דער רעגיערונג אויף להכעיס געהאט פרייע פערזאמלונגען. נאטירליך זיינען דיא בעס־טע קינדער דייטשלאנד'ס געפאלען אויף דעם מזבח פון דער רע־גיערונג'ס טיראנייע. ווען היינע איז געקומען אין באָנן, האָט ער דאָרט געפונען זיין אמאָליגען חבר און הויז־פריינד נייציג, וועלכער האָט איהם באלד בעקאנט געמאכט מיט א סך פון זיינע קאָללעגען. דיא פּאָליטישע אונטערזוכט איז ארויסגעקומען פון פאָלגענדער פאסירונג: דיא סטודענטען פון דער אוניווערזיטעט האָבען דעם

18טען אָקטאָבער געמאכט אן אָפענע פערזאמלונג אויסען שטאָדט, א ניי־יאהרס פעסט לכבוד א גרויסע פּאָליטישע געשעהעניס. ביי דיעזער פערזאמלונג האָט זיך גראָד געפונען א גלח, וואָס האָט זיך אוועקגעשטעלט און געהאלטען א פייערדיגע רעדע, אז מען זאָל זיין גוט און פרום, גלויבען איז גאָט און אין קייזער און זיך לאָזען מקריב זיין פאר דעם הערשער פון פאטערלאנד. ווען דער גלח האָט געענדיגט זיין דרשה, האָט מען איהם גוט אויסגעזידעלט. באלד אויף מאָרגען אָבער איז ערשיענען אן ארטיקעל אין א דייטשע צייטונג, אז יאָזעף נייציג, היינע'ס לאנדסמאן, האָט גע־האלטען א פייערדיגע רעדע, אין וועלכע ער האָט פערדאמט דעם קייזער און דאָס פאטערלאנד און האָט אויפגעפאָדערט דאָס דייטשע פאָלק עס זאָל זיך בעפרייען פון יאָך.

עס האָט זיך באלד אָנגעפאנגען א שטארקע אונטערזוכונג, אָבער מען האָט קיין זאך ניט געקענט אויסגעפינען. סיי וויא סיי אָבער האָט דאָס געהאט א שלעכטע ווירקונג אויף היינע'ס אריינ־טרעטען אין אוניווערזיטעט. היינע און זיין פריינד נייציג זיינען געשטעלט געוואָרען אויף דער ליסטע אלס דיא לעטצטע שילער. מען האָט זיי אָנגעטהאָן צרות ביים עקזאמען און אויף היינען איבער־הויפּט האָט מען שטענדיג געהאט אן אויג. ערשט דעם 11טען דע־צעמבער, 1820, איז היינע איינגעשריעבען געוואָרען אלס יוריסטי־שער סטודענט אין דעם אלבום פון אוניוועזיטעט. צווישען דיא לעהרער פון דעם גרויסען באַננער לעהר־אנשטאלט האָט זיך אויך געפונען דער וועלטבעריהמטער דייטשער קלאסיקער, דיכ־טער, קריטיקער און פילאָזאָף ווילהעלם פאָן שלעגעל, וועלכער האָט איבערזעטצט שעקספּיער אין דייטש. דיעזער גרויסער מאן האָט געהאט אויף היינען דעם גרעסטען איינפלוס. ער האָט אנערקענט היינע'ס טאלאנט אלס דיכטער און האָט איהם בעאיינפלוסט ער זאָל איבערזעטצען לאָרד באיראָן'ס „מאנפריעד" פון ענגליש אין דייטש, א זאך, וואָס איז היינע'ן אויסגעצייכענט געלונגען. אויסער פּאָעזיע האָט היינע אויך דאמאלס געשריעבען אן ערהאבענעם אר־טיקעל אין פּראָזא, וועלכער איז ערשיענען אין דער "קונסט־און־

אונטערהאלטונגס־בלאט". אין יענעם ארטיקעל האָט היינע ער־
קלערט דעם שטאנדפּונקט פון דער ראָמאנטישער פּאָעזיע און האָט
זיך פּראָקלאמירט אלס איינער פון דיא כהנים גדולים אין דעם
טעמפּעל פון דער ראָמאנטיק. היינע האָט דיא ערשטע צייט זעהר
פלייסיג געלערנט און אָבוואָהל ער האָט געשריעבען בעדייטענדע
זאכען אין פּאָעזיע און פּראָזא, האָט ער דאָך ניט פערנאכלעסיגט
זיינע יוריסטישע סטודיען. ביסלעכווייז אָבער איז איהם דאָס
שטודירען מיאוס געוואָרען. דיא „אייזערנע פראזען" פון דיא גע־
זעצען ביכער זיינען איהם געוואָרען צו הארט און ער האָט זיך א
וואָרף געטהאָן אין דיא זיסע, ווייכע ארעמס פון דער הימלישער
טאָכטער פון געזאנג. זיינע פריידען און ליידען פלעגט ער איהר
פערטרויען. באָנן איז איהם ענדליך געוואָרען איבערדריסיג און
ער האָט זיך בעשלאָסען צו בעזוכען דיא אוניווערזיטעט אין געט־
טינגען. איידער היינע האָט פערלאָזען באָנן האָט ער שוין אָנגע־
פאנגען צו דיכטען זיין דראמא „אלמאנזאר", וועלכע האָט איהם
שפּעטער פערשאפט אזוי פיעל בלוטיגע שונאים. מיט דיא בעסטע
רעקאָמענדאציעס איז היינע אָבגעפאָהרען נאָך געטטינגען צו שטו־
דירען אין דער דאָרטיגער אוניווערזיטעט.

דאָ האָט זיך אָבער אָנגעפאנגען אן ערנסטע פראגע. האררי'ס
פאָטער האָט געמאכט שלעכטע געשעפטען און עס איז ניט געווען
דאָס נויטיגע געלד, וואָס א סטודענט אין געטטינגען דארף האָבען,
ווען ער וויל ערשיינען צווישען מענשען. בעטטי היינע האָט דאן
פערקויפט איהרע ציערונג און האָט געשטיטצט איהר זוהן ער זאָל
קענען געהן שעהן געקליידעט און האָבען שטענדיג מיטעל גענוג צו
לעבען אין פערגניגען. אָבער אויך אין געטטינגען האָט זיך היינע
בעגעגענט מיט א סיבה. ער האָט זיך צוקריעגט מיט א סטודענט,
וועלכען ער האָט ארויסגערופען אויף א דועל און האָט דערפאר
פערלאָרען דאָס רעכט צו שטודירען אויף זעקס מאָנאט. היינע האָט
נעבאך אויסגעגאָסען זיין ביטער הארץ אין ריהרענדע פערזען און
האָט זיך בעשלאָסען צו פערלאָזען געטינגען און פאָרען נאָך בערלין.
דאָס איז געווען אין דעם לעצטען טאָג אין פעברואר פון דעם

יאָהר 1821 ווען היינע איז מיט לייכטען זינז און מיט נאָך לייכטע־רער באגאזש אָנגעקומען נאָך בערלין. דער קאָנטראַסט האָט אויף איהם א זעלטענעם רושם געמאכט. ער האָט זיך פלוצלונג געפונען אין א רוישענדען, קאָכעדיגען ים פון מענשען, אין א ריעזענשטאָדט פול מיט לעבען, מיט טומעל, מיט ענערגיע, מיט טהעטיגקייט. דער יונגער טרוימער האָט זיך אויפגעכאפּט וויא פון חלום. דאָס נייע לעבען איז איהם געפעלען געוואָרען. ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין דעם דאָזיגען ים און האָט זיך געלאָזען דיא וועללען זאָלען איהם טראָגען. עס האָט איהם ניט געארט וואוהין זיי וועלען איהם ברענגען. ער איז געוואָרען א לעבע מענש. דער טרוימערי־שער, ראָמאנטישער גייסט, וואָס האָט געלעבט און געהערשט אין איהם, איז אויף א ווייליע איינגעשלאָפען. דאָס רעעלע, פּראקטישע לעבען פון דער גרויסער שטאָדט האָט איהם א ביסעל פערהארטע־וועט. אָבער דאָס איז ניט געווען אויף לאנג. דיא טרוקענקייט האָט איהם אָנגעפאנגען וועה צו טהאָן. דיא רעאקציאָן און איבער־הויפּט דיא שטרענגע צענזורע, וואָס האָט דאן געהערשט אין בערלין, איז איהם שטארק ניט געפעלען. ער האָט באלד אויסגע־פונען, אז בערלין גלאנצט נאָר פון אויבען, אז דיא גלייכע גאסען און דיא פּרעכטיגע מויערען זיינען נאָר שעהן פון דרויסען, אינע־וועניג אָבער הערשט א קאלטעס רעאקציאָנערעס לעבען. דער בליאסק פון דיא מיליטערישע קאָסטיומען האָט איהם ניט פער־בלענדעט, אז ער זאָל ניט דערזעהען וואָס אונטער זיי שטעקט און וואָס זיי שטעלען מיט זיך פאָר. ער האָט אליז קריטיקירט אין זיינע „בריעף פון בערלין“, וואָס זיינען ערשיענען אין פרייסישע צייטונגען.

דיא אידישע אריסטאָקראטי פון בערלין האָט דאמאָלס געזוכט נאָכצוטאנצען דיא קריסטליכע אריסטאָקראטען, און איבערהויפּט האָבען זיך דיא רייכע, געבילדעטע אידישע מענער און פרויען גע־זוכט איינצושמייכלען ביי דיא קריסטען דערמיט, וואָס זיי האָבען פערהאסט זייער איינענעם גלויבען. שמד׳ען זיך איז געווען א עהרע ביי דיא אידישע אריסטאָקראטען און אריסטאָקראטקעס. און דיא

וואס זיינען נאך כלומר'שט געווען אידען, האבען אויך פון דיא אידישקייט גאר ניט געהאלטען. אין דער הויכער אריסטאקראטישער געזעלשאפט פון בערלין האבען זיך דאן ארויסגעזעהען מיט בעזאנדערען גלאנץ דיא צוויי געטויפטע אידישע פרויען רחל לעווין און הענריעטע הערץ, מיט וועלכע היינע איז געווען גוט בעקאנט און אין וועמעס געזעלשאפט ער פלעגט זיך אפט געפינען. עס איז דאן געווען אין בערלין א גאנצער רעדיל פון געטויפטע אידישע הערען און דאמען, מיט וועלכע היינע האט פערקעהרט און וועלכע ער האט אין הארצען פערהאסט אלס פערדארבענע מענשען, וואס בייטען אויס זייער גאט און זייער גאנצען היסטארישען יחוס אויף א קריסטליכען קאמפלימענט. דיא איינציגע פרוי, וואס ער האט מיט א'ן אמת געשעצט און געאכטעט מעהר פון דער גאנצער באנדע משומדת'טעס, איז געווען רחל לעווין. זיא האט איהם ווירקליך געשטיטצט און פערעהרט, און ווען זיא איז אין דעם יאהר 1833 אין בערלין געשטארבען, האט היינע פערלארען א טהייערען פריינד. אין דער געזעלשאפט פון רחל לעווין האט זיך היינע בעקענט מיט אזעלכע מעננער וויא אלעקסאנדער פאן הומבאלדט, ווילהעלם פאן הומבאלדט, פיכטע, כאמיזא, און מיט פרויען — אזעלכע וויא דאראטהעא מענדעלזאהן, א טאכטער פון משה מענדעלזאהן, וואס האט זיך אויך געטויפט און הענריעטא הערץ. אין יענער געזעלשאפט האט אויך פערקעהרט פרינץ לואיס פערדינאנד און אנדערע. אין דיזער געזעלשאפט פלעגט מען נאר פערגעטערן דעם דיכטער געטהע און מען האט געזוכט צו געווינען היינע'ן אלס געטהעס א חסיד.

היינע האט זיך אבער ניט בענוגענט מיט דיעזער קאמפאניע און ער פלעגט פערברייינגען מאנכעס מאל גאנצע טעג אין דער חברה פון דייטשע דיכטער און דיינקער וואס האבען געהאט זייער הויפט קווארטיר אין א וויינשיינק. דאס איז געווען דיא דייטשע „משכילים שטיבעל" פון בערלין. דארטען פלעגט מען טרינקען, רויכערען און דיסקוטירען איבער הימעל און ערד, איבער מענשען און זאכען, איבער פילאזאפיע, פאעזיע, קונסט, פאליטיק און סאציאלע עקאנאמיע. היינע האט אין יענער „שטיבעל" א סך גיי־

הערט און א סך געלערנט, ווייל דארט בלעגעןווירקליך פערקעהרען גרויסע מענשען. אָבער אויך דיעזע קאָמפּאניע האָט היינע'ן ניט געוואונען אין גאנצען. ער האָט זיך פון איהר ארויסגעריסען און האָט אָנגעפאנגען צו דיכטען זיינע געניאַלע ליעדער. דיעזע אַלע געזעלשאַפטען האָבען נאטירליך געהאט אן איינפלוס אויף דעם יונגען דיכטער, אָבער זיי האָבען ניט געקענט צושטערען אין איהם זיין שטארקע, איינגעבאָרענע אינדיווידואַליטעט אום איהם צו מאכען אַלס איינעם פון זייערע. היינע האָט שוין דאן געהאט א סך געשריעבענע און געדרוקטע געדיכטע, וואָס זיינען ערשיענען אין צייט־שריפטען און ער האָט געפיהלט א פערלאנגען ארויסצו־געבען א פּאָעטישע זאמלונג. ער האָט דאן צוגעשיקט זיין מאַ־נוסקריפּט צו א פערלעגער אין לייפּציג, אין וועלכען ער בעט זיך, אז דער פערלעגער זאָל דרוקען זיינע ליעדער. אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען, דען ער האָט געקריעגען זיין מאנוסקריפּט צוריק מיט דער בעמערקונג, אז דיא פירמא האָט יעטצט צופיעל מאנוסקריפּ־טען און קען זיך מיט נייע ניט בעשעפטיגען.

אין דעם יאָהר 1821, אין מאָנאט דעצעמבער, זיינען אָבער דאָך ערשיענען היינע'ס ליעדער אין א בוך־זאמלונג און האָבען גע־מאכט פון זיך זעהר פיעל ריידען. עס האָט זיך אָנגעפאנגען א סדרה פון לויב און טאדעל. מאסען יונגע דיכטער האָבען אָנגע־פאנגען צו פּאראָדירען, נאָכמאכען היינע'ס ליעדער. עס האָט זיך דערזעהען א נייע טהעטיגקייט אין דער דייטשער ליטעראטור. מען האָט געהערט א נייע נאָטע, א נייעס טאָן אין דער פּאָעזיע. א סך פון היינע'ס פריינד זיינען אויס קנאה געוואָרען זיינע שונאים. היינע האָט דאן אָנגעפאנגען דיא קאריערע פון א גרויסען מענשען, וואָס קומט געבען דער וועלט א נייע זאך און טרעפט אויף זיין וועג פערשיעדענע מכשולים און צרות. דאמאָלס האָט זיך דאָס היינע בעקענט מיט דעם דיכטער קאַרל איממערמאן, וועלכער האָט גע־לויבט דעם יונגען אידישען פּאָעט און האָט נביאות געזאָגט, אז ער וועט געבען דייטשלאנד א נייע ליטעראטור. איממערמאן איז גע־בליבען היינע'ס אייביגער פריינד.

# דריטער קאַפּיטעל.

הײנע אַלס אידישער פּאַטריאָט איז געגען רעפאָרמירטען יודענטהום. הײנע׳ס דראַמא „אַלמאַנזאָר“ רײצט אויף געגען איהם אלע קריסטען גלחים און סתם אַנטיסעמיטען.—הײנע קײן דראַמאַטורג.—הײנע און געטהע בּעגעגנען זיך.—דיא אידען פון האמבּורג מסר׳ן הײנען פאַר זײן אַנקעל.—הײנע׳ס טױפע און זײן האַס געגען קריסטענ־טהום.—ער האָט חרטה וואָס ער האָט זיך גע׳שמד׳ט.

צו דיעזער צײט, וואָס הײנע איז געװען אין בערלין האָבען דאָרט געלעבּט און געווירקט דיא בעריהמטע אידישע געלעהרטע און דײנקער לעאָפּאָלד צונץ, עדואַרד גאַנז און מאָזעס מאָזער. לעאָפּאָלד צונץ איז, אויסער זײנע גרויסע געלעהרזאמקײט אין פערשיעדענע וויסענשאַפטען, אויך געװען א גרויסער תלמודיסט און א טיעפער קענער אין אידישע חכמה. צונץ איז געװען דער אי־דישער שטאָלץ פון אלט בערלין און האָט פערנומען דיא העכסטע שטעלע אין דער בערלינער אידישער געמײנדע פון יענער צײט. דיעזע דרײ אידישע גרויסע לײט צונץ, גאַנץ און מאָזער האָבען פערשטאַנען וויא צו געווינען הײנע׳ן פיר זײער פאָלק. זײ האָבען געוואוסט וויא צו ווירקען אויף איהם און צו פעראינטערעסירען איהם אין דער לאַגע פון זײנע ברידער. זײ האָבען אויפגעבלאָזען אין איהם א פײער פון ליעבע צו אידישע געשיכטע, אידישע פּאָעזיע און אידישע קונסט. הײנע, וועלכער האָט דאַן געלעבּט אונטער גאַנץ אַנדערע געזעלשאַפטען און פלעגט פערברײנגען גאַנצע נעכט מיט לוסטיגע ברידער אין דיא ליטעראַרישע וויינשײנקען און אין רײכע אריסטאָקראַטישע, פּאָעטישע און עסטעטישע חברות, האָט דאָך געפונען צײט צו רײדען מיט דיא אידישע גדולים וועגען זײן פאָלק. הײנע׳ס האַרץ און נשמה זײנען געװען גרויס גענוג פאַר אלץ, וואָס עס איז שעהן און עדעל, פאַר אלץ וואָס איז ווירדיג און ערהאַבען. הײנע איז געװען א איד. ער האָט געהאַט א אידיש האַרץ. דען זאָנסט וואָלט מען איהם צו יענער צײט ניט געקענט

פעראינטערעסירען אין אידישקייט. זייענדיג ארומגערינגעלט פון זער אידישער געטויפטער אריסטאָקראטי פון דיא שעהנע און געבילדעטע משומדת'טעס, איז ער דאָך געבליעבען א איד אין דער נשמה און האָט געליעבט זיין פאָלק.

גאַנז, צונץ און מאָזער האָבען דעם 27טען נאָוועמבער, 1819, אין בערלין געגרינדעט א חברה מיט ן נאָמען „פעראיין פון קולטער און וויסענשאפט דער יודען". און היינע איז דאָרט באלד געוואָרען איינער פון דיא טהעטיגסטע און וויכטיגסטע מיטגליעדער. דיא אורזאכען, וואָס האָבען בעוועגט דיא אידישע געלעהרטע צו גרינדען דיעזען פעראיין, זיינען געווען דער אנטיסעמיטיזמוס און דיא שמד עפידעמיע, וואָס האָבען דאמאָלס געהערשט אין בערלין. איבערהויפט טאקע נאָר דער אנטיסעמיטיזמוס. דיא אידען פלעגען שטענדיג אָנגעגריפען ווערען פון פראָסטען המון און פון ליטעראַרישע שארלאַטאנעס. דאָס האָט נאטירליך געטריבען דעם יונגען אידישען דור צו דער טויפע. דיא יוגענד האָט ניט געוואָלט בעליידיגט ווערען און האָט דערפאר געזוכט צו אנטלויפען פון דער בעליידיגטער און געטרעטענער אומה און זוכען א רעטטונג אין דער הערשענדער קירכע פון לאנד. דער ציעל פון דעם פעראיין איז געווען גאָר א הויכער. דיא גרינדער האָבען געוואָלט איינפלאנצען אין דיא אידען א ליעבע און א האָכאכטונג צו זייער רעליגיאָן און זיי גראָד הייסען בלייבען ביים אלטען, ניט אָבטרעטען דערפון קיין איינציגען טריט. זיי האָבען געוואָלט ערוועקען אין דיא אידען א מין מערטירער גייסט, אָבער דאָס איז זיי לײדער ניט געלונגען. דיא לוסט צו רעפאָרם האָט שוין דאן געפונען א נעסט אין דער אידישער יוגענד, וועלכע האָט ניט געוואָלט גלויבען און דיענען גאָט וויא זייערע עלטערען.

היינע'ס שארפער בליק האָט געזעהען, אז דיא זאך איז זעהר א שווערע און ער האָט געארבייט מיט אלע קרעפטען דער פעראיין זאָל האָבען א קיום. היינע האָט געהאסט רעפאָרם אין דער רעליגיאָן. ער האָט דיא רעפאָרמער אָנגעגריפען און געמאכט פון זיי א תל עולם. היינע האָט געזאָגט, אז מיט גאָט מאכט מען ניט

קיין קאָמפּראָמיסען, קיין „האלב אויף האלב געשעפטען“, דען אָדער דו גלויבסט, אָדער דו גלויבסט ניט. היינע איז געווען דער טהעטיגסטער מיטגליעד. ער פלעגט שרייבען די פּראָטאָקאָלען, האלטען רעדעס אין געשיכטע און האָט געגרינדעט א'ן עקסטרא אידישען פרויען פעראיין, וואָס זאָל פערברייטען און פּראָפּאגאנדירען אידישקייט אין דער פאמיליע. דיעזע גאנצע מיהע און מאַטערניס איז אָבער געווען ארויסגעוואָרפען. דער פעראיין האָט זיך אויפגעלייזט און עדוארד גאנז איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איהם פערלאָזען. היינע'ן האָט דאָס שטארק געקריינקט. ער האָט נאָך דאן ניט געהאלטען דאָס יודענטהום פאר א „לאנג פערלאָרענע זאך“. ער האָט נאָך דאן אויך ניט געזאָגט זיין בעקאנטען וואָרט דאָס „יודענטהום איז ניט קיין רעליגיאָן, נאָר אן אונגליק“. אונטער דער גאנצער צייט אָבער האָט היינע געשריעבען זיינע פּאָעטישע זאכען און אין דעם מאָנאט אפּריל פון דעם יאָהר 1823 איז ערשיענען זיין בעוואוסטעס דראמאטישעס געדיכט „אלמאנזאר“, וועלכעס ער האָט נאָך אָנגעפאנגען שרייבען אין באָנן און שפּעטער אין געטטינגען. דיעזע טראגעדיע, אָבוואָהל ניט גוט גענוג פיר דער ביהנע, איז אָבער א מייסטער־שטיק פון העכסטען ראנג. אין דיעזער טראגעדיע האָט היינע אויסגעגאָסען זיין גאנצע גאל אויף קריסטען און קריסטענטהום. ער האָט דאָרט פּאָרגעשטעלט די קריסטליכע „ליעבע“ און וואָס מען קען פון איהר ערווארטען.

עס איז איבעריג צו בעמערקען, אז דאָס האָט ארויסגערופען געגען דעם דיכטער א שטורעם פון פּראָטעסטען. דעם 20טען אָוגוסט, 1823, איז דיא טראגעדיע אויפגעפיהרט געוואָרען אין האָפטהעאטער פון בראָנשווייג, וואו עס האָבען זיך געהערט געשרייען „היינע דער יודע!“ דיא גאנצע גאלאָרקע האָט זיך מיט איינמאָל געשטעלט אויף דיא פיס, עס איז געוואָרען א פייפעריי און א טופעריי. שימפּפווערטער און שמוציגע אויסדריקע זיינען געפלויגען פון אלע זייטען. דער פּאָרהאנג האָט געמוזט פאלען אין מיטען. דערמיט האָט זיך ניט נאָר געענדיגט היינע'ס ערשטע טהעאטער־שטיק, זאָנדערן אויך זיין זיסער חלום צו ווערען א גרוי־

סער דראמאטורג און צו געווינען זיינע לאַרבערען אויף דעם באָדען פון דער דראמאטישער קונסט. „אלמאנזאר“ האָט סיי וויא סיי ניט געקענט ווערען קיין ערפאָלגרייכע טהעאטער שטיק, ווייל עס פעהלט אין דעם דער קערן פון א אמת'ע דראמא. עס פעהלט דאָרט דער דראמאטישער קאָנפליקט און דער דראמאטישער העלד. דאָס שטיק איז פיעל מעהר א קלאָג ליעד אויף דאָס אונטערדריקטע יודענטהום און א ביטערע סאטירע אויף דיא יודענקריסטען, דיא משומדים, וואָס האָבען דאן פערנומען א גאנצען אויבען־אָן אין דער בערלינער געזעלשאפט. דאָס שטיק האָט איהם געבראכט ניט נאָר קריסטליכע שונאים, זאָנדערן אויך אידיש־קריסטליכע. דיא גע־טויפטע אידען האָבען איהם געהאסט. ער האָט אויפגעהערט צו פערקעהרען אין געזעלשאפט און האָט אָנגעפאנגען צו קלערען ווידער וועגען א תכלית, וועגען שטודירען.

הארדי היינע האָט אָנגעהויבען מורא צו האָבען, אז ער וועט פון דער ליטעראטור קיינמאָל קיין לעבען ניט מאכען און זיין גע־דאנק איז ווידער פערפלויגען אין אדוואָקאטור. זיינע עלטערען און זיין גאנצע משפחה האָבען נאָך ניט געוואוסט פון זיין גרויסע דיכטערישע טהעטיגקייט, און זיי האָבען איהם שטענדיג געפרעגט וואָס וועט זיין דער תכלית פון זיין זיטצען אין בערלין. זיינע על־טערען, וועלכע האָבען שוין דאמאָלס זייט אָנדערהאלבען יאָהר גע־וואוינט אין לינעבורג, האָבען זיך געוואָלט זעהן מיט זייער עלטס־טען זוהן און האָבען אלץ געקלערט וועגען איהם. און הארדי האָט ווירקליך פערלאָזען בערלין און איז געקומען אין דער „רעזידענץ פון לאנגווייליע“ צו זיינע עלטערען. אין דיעזער רוהיגער, קליינער שטעדטעל האָט היינע געשריעבען מאנכע פון זיינע פרעכטיגסטע ליעדער. ער האָט אין לינעבורג נאָר פערקעהרט מיט זיינע על־טערען און מיט זיין ברודער מאקסימיליאן. דאָך אָבוואָהל ער האָט אין דער שטעדטיל ניט פיעל געשאפען איז ער אָבער דאָך געוועזען בע־שעפטיגט מיט בריעף שרייבען אין בערלין צו זיינע פריינד און בע־קאנטע. לינעבורג איז ניט געווען קיין אָרט פיר היינע'ס גרויסע אונרוהיגע זעעלע און ער האָט זיך ווידער פארטיג געמאכט צו דער

רייזע נאָך האמבורג. ערשטענס, צו זעהען זיך מיט זיין שוועסטער, שארלאָטע, וועלכע איז דאָרט געווען פערהייראטעט צו מאָריץ העמדען, און צווייטענס — דאָס איז אייגענטליך געווען דיא הויפּט־זאך — זיך צו זעהען מיט זיין רייכען אָנקעל, סאלאמאָן היינע. הארדרי האָט געוואוסט, אז ער וועט מוזען אָנווענדען זעהר פיעל קונסט צו געווינען דעם רייכען אָנקעל אויף זיין זייט. ערשטענס, זיינען אָנקעל און פלעמעניק געווען מענשען מיט פערשיעדע וועלט־אנשויאונגען, מיט געדאנקען, וואָס זיינען געווען הימעל־ווייט איי־נע פון דיא אנדערע. דערצו זיינען נאָך געווען שונאים, וואָס האָ־בען געהעצט אויף היינע'ן און געזוכט אין גאנצען אָבצורייסען איהם פון זיין אָנקעל. איידער היינע האָט פערלאָזען לינעבורג האָט ער געזאָגט אין א וויטץ, אז זיין „איראָניע און עהרליכקייט“ וועלען איהם מן הסתם שאפען אין האמבורג נייע שונאים. דאָס איז ווירקליך אזוי געווען. עס האָבען איהם דאָרט קיין שונאים ניט געפעהלט.

סאלאָמאָן היינע איז אין גרונד גענומען געווען איינער פון דיא בעסטע און איידעלסטע מענשען. ווען ער איז געווען 17 יאהר אלט האָט ער פערלאָזען האנאָווער, דיא שטאָדט וואו ער איז געבאָ־רען און האָט מיט גליק אויסגעוואנדערט נאָך האמבורג. דאָרט האָט ער געפונען זיין הצלחה און איז געוואָרען איינער פון דיא גרעסטע באנקירען און פילאנטראָפען דייטשלאנדס, וועמעס נאָמען עס איז נאָך פעראייביגט ביז היינט דורך זיינע צדקה־זאכען אין האמבורג. מאקסימיליאן היינע, הארריס ברודער, האָט געמאכט א גוטען פערגלייך צווישען דעם אָנקעל און דעם פלעמעניק: „דער אָנקעל, וועלכער האָט דורך שווערע ארבייט און גרויס מיה ערוואָר־בען א גרויסען קאפּיטאל, פערברענגט ניט קיין איבריגען גראָשען אויסער אויף צדקה, וואו ער זשאלעוועט ניט די הונדערטע טהאלערס וועהרענד דער פלעמעניק, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט דעם ווערטה פון געלד און האָט קיינמאָל ניט פּרובירט א גראָשען צו פערדיענען, לעבט זיך א גוטען טאָג פונקט וויא ער וואָלט געהאט צו שאפען איבער מיליאָנען און שיינט צו לעבען מיט דעם בעגריף,

אז זיין רייכער אָנקעל פערמאָגט נאָר אזוי פיעל געלד אום צו דעקען זיינע גרויסע אויסגאבען". אָנקעל און פלעמעניק פיהלען אז זיי פּאסען זיך ניט איינע צו דיא אנדערע, און יעדעס מאָל וואָס זיי קומען זיך צוזאממען מוזען זיי זיך צוריקציעהען און פאנאנדערגעהען אין כעס. דיא האמבורגער „טעמפּעל־אידען", וויא היינע רופט זיי, האָבען איהם געמאכט שווארץ פאר זיין אָנקעל, דערפאר וואָס ער האָט געמאכט א בארג אש פון זייער רעפאָרמעריי און פון זייער „טעמפעל יודענטהום", וועלכער שטעהט אין מיטען וועג צווישען שול און קלויסטער.

היינעס לאגע אין האמבורג איז געוועזן א טרויריגע. דיא קריסטען האָבען איהם געהאסט פאר זיין קריסטענפיינדליכע טראַ־געדיע „אלמאנזאָר" און דיא אידען האָבען איהם פיינד געהאט פאר זיין אָפּענהערציגקייט און זיין שפּאָט געגען רעפאָרמען אין גלויבען. זיין רייכער אָנקעל האָט איהם אָבגעפארטיגט מיט א קליינע סומע און קיין פריינד האָט ער זאָנסט אין האמבורג ניט געהאט. ער האָט דארום האסטיג פערלאָזען דיא שטאָדט און איז אוועק געפאָהרען נאָך קוקסאווען, א באדע־פלאץ ביים ברעג ים. דאָרט האָט ער זיך ווידער פערטיעפט אין זיינע פּאָעטישע שאפונגען און האָט פערטיג געמאכט צום דרוק א סך שעהנע זאכען. נאָכדעם וויא ער האָט פערבראכט אין קוקסאווען זעקס וואָכען איז ער ווידער אוועק־געפאָהרען נאָך האמבורג זיך אויס'טענה'ן מיט'ן אָנקעל און אויס־גלייכען אלטע און נייע חשבונות. ער איז אין גרונד גענומען געקו־מען זיך מיט איהם מיישב זיין וועגען א'ן אלטען פּלאן מיט וועלכען היינע האָט זיך ארומגעטראָגען, נעמליך : זיך אריבערצוקלייבען נאָך פאריז. דער „קבלת פנים", וואָס היינע האָט אָבער געקראָגען פון זיין אָנקעל איז געוועזן ניט אזא פרעהליכער אז ער זאָל פיהרען צו א ישוב הדעת וועגען פאריז. אָנקעל און פלעמעניק האָבען זיך ווידער גענומען ארומרייסען און פערהערען, און היינע איז, וויא שטענדיג, ווידער ארויס דער זיעגער און דער גערעכטער. היינע האָט אויסגעפיהרט אז זיין אָנקעל האָט איהם אָנגעשריבען א וועקסעל אויף 500 טהאלער, מיט א פערזיכערונג אז ער וועט א'ן עהנליכע

סומע קריעגען יעדעס יאָהר פאר צוויי יאָהר נאָכאנאנד, ער זאָל ווייטער קענען שטודירען.

מיט 400 אָדער 500 טהאלער א יאהר האָט מען דאן געקענט אין א קליינע דייטשע אוניווערזיטעטס־שטאדט דורכלעבען מיט א גאנצע פאמיליע אין עושר און אין כבוד. היינע איז אָבער שטענדיג געבליעבען הינטערשטעליג און האָט געמוזט באָרגען געלד ביי זיינע פריינד און בעקאנטע. היינע האָט געליעבט צו לעבען און זיך צו טהיילען מיט דעם, וועלכער האָט גאָרניט געהאט. מען קען זיך דארום לייכט פאָרשטעלען, וויא ביטער איהם איז געווען אָנצוקומען צו זיין רייכען אָנקעל. היינע איז דורכדעם אויך רואינירט געוואָרען אויף זיין גאנצעס לעבען. ער האָט זיך איינגעוואוינט צו פערלאָזען אויף דעם, אז מען וועט איהם שטיצען און האָט זיך געלעבט אָהן זאָרגען און אָהן א קלער וועגען א צוועק. דאָס האָט אויך געפיהרט דערצו, אז ער האָט געמוזט א סך זאכען פערשווייגען און ארונטער־שלינגען, אָדער גאָר לויבען און בעזינגען, כדי צו קריגען וואָס צו עסען. ווען ער וואָלט פערבראכט אין נויט און פערצווייפלונג די צייט, אין וועלכער ער איז געשטיצט געוואָרען, וואָלט זיך זיין כאראקטער גאנץ אנדערש אוועקגעשטעלט און עס וואָלטען אין זיין לעבען אזוי פיעל ווידערשפּרוכען ניט געווען. היינע האָט זיך א סך מאָל גע־פיהלט געקריינקט ביז אין טיעפסטען הארצען, וואָס ער מוז זיך ערניעדריגען פאר זיין אָנקעל צוליעב מאטעריעלע שטיצע. ער האָט זיך א סך מאָל בעשלאָסען ניט מעהר צו עסען קיין „גנאדען־ברויט", און מאכען א סוף פון אלע טובות. ווען היינע וואָלט געווען א קריסט, וואָלט ער פּאָזיטיוו געקענט קומען א סך ווייטער, אָבער זיין רעליגיאָן איז איהם איבעראל געשטאנען אין וועג. פער־האסט אלס איד פון איין זייט און געקריינקט פון אָנקעלס טובות פון דער אנדער זייט פלעגען אין איהם ערוואכען פערשיעדענע רעיונות וויא זיך פון דיא צרות צו בעפרייען אבער פון אלע זאכען פלעגט ער קומען צום בעשלוס, אז ער מוז ווייטער פּאָרטזעטצען זיין שטודיום אלס יוריסט.

מיט אזעלכע טרויריגע געדאנקען איז היינע דעם 19טען יאנואר 1829 אָבגעפאָהרען וויעדער נאָך געטטינגען צו שטודירען. ער איז שוין דאן געווען בעריהמט אלס דיכטער. אויסער זיין טראגעדיע „אלמאנזאָר“ האָט ער שוין דאן געהאט געשריעבען זיין צווייטע טראגעדיע „וויליאם ראטקליף“, זיין לירישעס אינטערמעצאָ און אנדערע גרויסארטיגע ליעדער און שריפטען, וואָס זיינען פון דיא סטודענטען און דיא פּראָפעסאָרען פיעל געלעזען געוואָרען. היינע האָט פלייסיג שטודירט אָבער אונטער דער צייט האָט זיך איהם וויעדער פערוואָלט בעזוכען בערלין און דאָרט זעהען זיינע פריינד און — פיינד. ער האָט פון דעסטוועגען געליעבט בערלין, וויל ער האָט דאָרט געהאט גענוג מענשען אויף אויסצוקלייבען. דאָס לעבען אין קליינע שטעדטלאך האָט היינע ניט געקענט צו לאנג פערטראָגען. אין בערלין האָט ער בלויז פערוויילט פיער וואָכען און איז דאָרט אויפגענומען געוואָרען מיט אָפענע אָרעמס פון זיינע אלטע גוטע פריינד. זיינע ליעדער זיינען שוין געלעזען געוואָרען אומעטום מיט דער גרעסטער בעגייסטערונג. אפילו זיינע שונאים פלעגען לעזען זיינע ביכער מיט גרויס חשק. קומענדיג צוריק נאָך געטטינגען האָט היינע זיך אָבגעגעבען מעהרסטענס מיט זיין יוריסטישע שטודירונג. וואָס א'ן אמת, ער האָט אין דיא געזעצ־ביכער קיין איבריגען פערגניעגען ניט געפונען. וויא ער שרייבט אליין איז איהם דער קאָפּ שטענדיג פול געווען מיט דעם „ניט פער־שטענדיגען יוריסטישען מיש־מאש“. היינע האָט דאמאלס אויך גענומען קלערען וועגען שרייבען א „פאוסט“. ער האָט שוין אויס־געארבייט א פלאן פאר זיין פאוסט־דראמא און האָט זיך דערמיט ארומגעטראָגען ביי טאָג און ביי נאכט, זעלבסטפערשטענדליך אז דער „יוריסטישער מיש מאש“ איז איהם ניט צופיעל אין קאָפּ געלעגען. היינע האָט אבער וויעדער ניט געקענט לאנג בלייבען אין געטטינגען. ער האָט אונטערגענומען א רייזע נאָך טירינגען און אויף דעם הארץ־בארג, וואו ער האָט געשריעבען זיין בעוואוסטע „הארצרייזע“. דיעזע רייזע־בעשרייבונג האָט היינע פערעפענטליכט אין דער צייטונג דער „געזעלשאפטער“ אין יאהר 1826 און האָט

ארויסגערופען א ים מיט קריטיקען דאפיר און דאגעגען. מען האָט ווידער אָנגעהויבען נאָכצומאכען היינעס שרייבען, זיין סטיל און זיין שפּראכע, אָבער אפילו זיינע נאָכמאכער זיינען איהם געווען שונאים און האבען אויף איהם גערעדט.

אין היינען האָט צו יענער צייט אויפגעלעבט דער פערלאנג צו זיין אין ווייםאר און בעזוכען דעם בעריהמטען דייטשען דיכטער געטהע. היינע איז געווען געטהעס א פערעהרער און דער וואונש צו זעהן דעם גרויסען מייסטער און מיט איהם ריידען האָט געברענט אין היינען שוין פון א לענגערע צייט. דעם איינדרוק וואָס געטהע האָט אויף איהם געמאכט, שילדערט היינע צום בעסטען אין א בריעף צו זיין פריינד מאָזער אין בערלין. היינע זאָגט: „ווען איך האָב איהם (געטהען) בעזוכט אין ווייםאר און בין גראָד עפּעס ניט ווילענ־דיג געשטאנען אנטקעגען איהם האָב איך געקוקט אויב נעבען איהם שטעהט ניט דער אָדלער מיט דיא בליצען אין דיא אויגען, איך האָב געפיהלט וויא אָנצופאנגען רעדען צו איהם אין גריכיש. ווען איך האָב אָבער בעמערקט, אז ער פערשטעהט דייטש, האָב איך איהם דערצעהלט אויף דייטש, אז דיא פלוימען אויפ׳ן וועג, צווישען יענא און ווייםאר האָבען זעהר גוט געשמעקט.“ געטהע האָט געמאכט אויף היינען דעם איינדרוק פון א גריכישען גאָט. געטהע און שיללער זיינען געווען דיא גריכען פון דייטשלאנד. זיי האָבען איינ־געזויגען אין זיך דיא גאנצע גריכישע קולטור, איהר פּאָעזיע, איהר גאנצע מיטהאָלאָגישע פילאָזאָפיע און איהר לוסטיגעס, פרייעס, מונטערעס לעבען. געטהע איז פּאָזיטיוו געווען מעהר גריכע אלס קריסט און דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגען אויף שיללער. ווען עס וואָלט זיך געווענדעט אן געטהען וואָלט ער פּאָזיטיוו אומגעביטען קריסטענטהום אין היידענטהום, אזוי פיעל האָט ער געליעבט דיא גריעכען.

היינעס צוזאמענקונפט מיט געטהען איז אין גרונד גענומען געווען מעהר קאָמיש וויא ערנסט. דיא צוויי גרויסע דיכטער האָבען גערעדט כמעט פון אלץ נאָר ניט פון פּאָעזיע. זיי זיינען בטל געוואָרען איינער פאר דעם אנדערנס גרויסקייט און האָבען ניט

געוואיקט וואָס אָנצופאנגען ריידען. געטהע איז דאן געוועזען א'ז עלטערער מענש, מיט א הויכען ראנג, פערגעטערט אין דייטשלאנד, און היינע איז נאָך געוועזען א יונגערמאַן, א סטודענט. דער ערשטער טהייל פון געטהעס בעריהמטעס ווערק פאוסט איז שוין דאן געווען ערשיענען. דאָך ווען געטהע האָט געפרעגט היינען: „מיט וואָס בעשעפטיגען זיא זיך יעטצט?" האָט היינע שנעל געענטפערט: „מיטן שרייבען א פאוסט". „האבען זיא זאָנסט קיינע געשעפטען אין ווייטאר, הערר היינע?" האָט איהם געטהע ווייטער געפרעגט. „מיט מיין פוס איבער'ן שוועל פון אייער עקסעלענץ, זיינען אלע מיינע געשעפטען אין ווייטאר געענדיגט", האָט היינע געענטפערט און איז אוועק.

פון דיא אלע זאכען עסט מען אָבער קיין ברויט ניט און היינע האָט ווידער געמוזט נעהמען זאָרגען וועגען ענדיגען זיין יוריסטי־שען סטודיום. אין דעם 16טען אפריל 1825 האָט היינע געשריעבען א בריעף צו פראָפעסאָר הוגאָ, דעם דאמאלסדיגען פרעזידענט פון דעם יוריסטישען פאקולטעט אין געטטינגען אז ער זאָל איהם צולאָזען צום עקזאמען. משמעות אז דאָס איז איהם ניט אזוי לייכט אָנגעקומען ווייל היינע רעכענט זיך שפעטער אָפּ מיט דעם פראָפעסאָר און מאכט פון איהם א תל עולם. וויא דאָס איז איהם אָבער אָנגעקומען האָט ער דאָך אויסגעהאלטען דעם עקזאמען. ביים קריעגען דיא דיפּלאָמא אלס דאָקטאָר יוריסט האָט זאָגאר פראָפעסאָר הוגאָ פערגליכען היינע מיט געטהע, וועלכער איז אויך דיכטער און יוריסט.

איידער היינע האָט אָבער אָבגערייזט פון דער אוניווערזי־טעטס־שטאדט, געטטינגען, האָט ער זיך פערזאָרגט מיט נאָך א „דיפּלאָמא", דורך וועלכע ער האָט געהאָפט צו קריעגען א ציטריט איבעראל, וואו ער וועט נור וועלען, און וועלכע וועט איהם העלפען פערזאָרגען מיט א צוקונפט — נעמליך דער טויף־צעטעל. היינע האָט זיך נאטירליך אָבגענארט מיט זיין טויפע, דען ניט אזא פריי־גייסט, ניט אזא קעמפפער פאר רעכט און פרייהייט, ניט אזא אָפענהערציגען מענשען האָט געקענט העלפען א טויף־שיין. ער

האַט אָבער געמוזט בייטען זיין גלויבען כאָטש לפנים אום צו זעהן, אז זיין שטודירען וואָס איז איהם אָנגעקומען מיט אזוי פיעל מיה און מארטערנים זאָל איהם ענדליך געבען חיונה. היינע שרייבט וועגען זיין טויפע, אז „דיא טויפע איז דער איינטריטס־בילעט צו דער אייראָפּעאישער ציוויליזאציאָן“.

אויב עס איז געווען נאָך א סיבה, וואָס האָט געטריעבען היינען צו דער טויפע איז אונבעקאנט, עס שיינט דיא איינציגע אורזאכע איז געווען זיין אויסזיכט צו קריעגען א רעגיערונגס־שטעלע. מערקווירדיג איז דאָס, דאָס קיינער פון היינעס פאמיליע האָט בעטראכט דיא טויפע אלס א׳ן עולה אויסער ער אליין. איהם האָט דאָס געקריינקט און געערגערט זיין גאנצעס לעבען. שוין מיט א יאָהר צוריק האָט מען זיך געריכט ביי זיינע עלטערן אין הויז אז ער וועט זיך טויפען. זיי האָבען בעטראכט דיעזען שריט אלס א נוטווענדיגקייט וואָס האָט געמוזט געשעהן. אפילו זיין רייכער אָנקעל סאלאָמאָן, וועלכער איז געווען איינער פון דיא „בעסטע אידען“ אין האמבורג, פול אין אלע אידישע צדקה־אנשטאלטען, האָט אויך געקוקט אויף זיין פּלעמעניקס טויפע פון א „געשעפטס־שטאנדפּונקט“. קוים וועט ער נאָר האָבען א „תכלית“ און עס וועט זיך בעצאָהלען איז דאָס גאָר קיין עולה ניט; געשעפט איז געשעפט... אין דער צייט, וואָס זיינע עלטערן האָבען זיך גענומען ריכטען אז ער וועט זיך טויפען האָט היינע געשריעבען א בריעף צו זיין פריינד מאָזער אין בערלין, אין וועלכען ער זאָגט פאָלגענדע ווערטער: פון מיין דענקונגסארט קענסטו גאנץ גוט פערשטעהן, אז דיא טויפע איז מיר א גאנץ גלייכגילטיגער אקט, אז דאָס האָט ביי מיר קיין שום סימבאָלישע בעדייטונג און דאָס איך וועל נאָך דאן זיין א בעסערער איד און וועל קענען מעהר מלחמה האלטען פאר מיינע אונגליקליכע גלויבענס־ברידער. דאָך אבער האלט איך דאָס אונטער מיין ווערדע און אלס א מיאוס׳ן פלעק אויף מיין עהרע, דאָס אום צו קריגען א׳ן אמט אין פּרייסען זיך צו לאָזען טויפען.... מיר לעבען אין א טרויריגע צייט, שורקען ווערען פיינע לייט און פיינע לייט מוזען ווערען שורקען. איך פערשטעה גאנץ

גוט דיא ווערטער פון תהלים : „גיעב מיר גאָט מיין טעגליך אויב־קומענעס, אז איך זאָל ניט דארפען לעסטערן דיין נאָמען“.

א חוץ דיזע און עהנליכע קלאגען האָט אבער היינע דאָך געזעהן, אז ער מוז אָבטרעטען פון גלייכען וועג. גראדע דאמאלס ווען ער האָט זיין פאָלק און זיין געשיכטע געליעבט אם בעסטען און האָט נאָך געהאלטען אין שרייבען זיין „ראבבי פאָן באכראך“ האָט ער שטיל און אָהן איבעריגע צערעמאָניעס אין דער שטעדטיל הע ל י ג ע נ ש ט א ד ט נעבען געטטינגען געביטען זיין גלויבען. דיא טױפע איז פאָרגעקומען אין גלח׳ס הויז, אין געגענווארט פון עטליכע פראָמינענטע דייטשען. היינע האָט דאָס קריסטענטהום קיינמאָל געליעבט. צום שטארקסטען אבער האָט ער דאָס פיינד געקראָגען אין דעם טאָג פון זיין טויפע. ער איז געוועזן אין כעס, וואָס דאָס איבערטרעטען צו דער קריסטליכער רעליגיאָן, האָט איהם אָבגעריסען פון זיין פאָלק און האָט איהם געשטעמפּעלט פאר א מיאוס׳ען טרוס, וואָס גיט זיך אונטער דעם שונא גאָר אָהן ווידער־שטאנד. היינע האָט געהאסט א משומד און ער האָט אין דעם טאָג פון זיין טויפע זיך אליין פיינד געקראָגען, דערפאר וואָס ער האָט זיך גע׳שמד׳ט. דער בעסטער בעוויז פון זיין גרויסע חרטה זיינען זיינע בריעף וואָס ער האָט אין יענער צייט געשריעבען צו זיינע פריינד איבערהויפט צו מאָזעס מאָזער אין בערלין. דער יודענהאס וואָס האָט אין דיא דרייסיגער יאָהרען געהערשט אין דייטשלאנד האָט ניט געקענט אָבגעשוואכט ווערען זאָגאר דורך דער טויפע. דאָס סאָציאלע לעבען איז געבליעבען פאר דעם אידען „פערשלאָסען מיט זיעבען שלעסער“ און היינע האָט דאָס באלד דערזעהען. אין איינעם פון זיינע בריעף האָט ער דאן געשריעבען : „איז דאָס ניט נאריש ? קוים האָב איך זיך געטויפט האָט מען ערשט גענומען שרייען אויף מיר „יודע“... איך בין יעצט פערהאסט ביי איד און קריסט. איך האָב זעהר חרטה, וואָס איך האָב זיך געטויפט. איך הייב ניט אָן איינצוזעהען מיט וואָס עס איז מיר זייט דאן בעסער געגאנגען — אין געגענטהייל, איך האָב זייט דאמאלס ניט מעהר וויא אונגליק און צרות“.

## פיערטער קאַפּיטעל.

היינע'ס נייער קאַמפּף אין האַמבורג.—האַס און רדיפות פון אלע זייטען. — דער פערלעגער „קאַמפּע“ ווערט גליקליך פון היינע'ס ווערק.—דיא „רייזע בילדער“ א ריעזיגער ערפאַלג.—היינע, זיין אָנקעל סאַלאָמאָן און דיא ראָטהשילדס. — היינע'ס ווייטערדיגע מחלוקת.—מען פאַנגט אָן פאַר איהם מורא צו האַבען.—דאָס פאָלק ליעבט איהם.—אַ צווייטער פאַגראָם אויף אידען אין האַמבורג.— היינע גיט א לעצטען שפּיי אויף דייטשלאַנד.

קוים האָט היינע זיך פערזאָרגט מיט א דיפּלאָמא און א טויף־שיין האָט איהם דיא פאמיליע אָנגעפאנגען צו בעטען ער זאָל זיך ענדליך בעזעטצען אויף א'ן אָרט און אָנפאנגען פּראקטיצירען אלס אדוואָקאט. ער איז דאן אָבגעפאָהרען פון געטטינגען און איז ווידער געקומען נאָך לינעבורג צו זיינע עלטערן, וואו ער האָט אָנגעפאנגען קלערען וועגען געהן נאָך האמבורג און זיך ווידמען זיין יוריסטישע פּראָפעסיאָן. אָבער אויך דאן האָט היינע ניט אויפגעהערט צו זיין דער דיכטער און שריפטשטעלער. ער האָט א סך געשריעבען און געהאט אין זינען אין קורצען צו דרוקען נאָך א בוך, וואָס זאָל איהם מאכען א וועלט־נאָמען. היינע האָט דאמאָלס געשוועבט צווישען יוריספּרודענץ און פּאָעזיע, צווישען „עולם הדמיון“ און „עולם המעשה“. אין א בריעף צו זיין יוגענד־פריינד כריסטיאן זעטהע שרייבט דאן היינע אז ער האָט בדעה צו ווערען אדוואָקאט אין האמבורג. נאָך א קורצע פערווייל̄ונג ביי זיינע עלטערן איז היינע אָבגעפאָהרען נאָך האמבורג, וואו ער איז, וויא עס שיינט, קיין אדוואָקאט ניט געוואָרען. אין א בריעף צו מאָזער שרייבט דאן היינע, אז ער איז געקומען אין האמבורג פּראקטיצירען אדוואָקאט, אָבער דעם אמת זאָגענדיג קריכט דאָס איהם אין קאָפּ ניט. זיין מח איז פערנומען מיט גאנץ אנדערע זאכען.

היינע האָט דאן געפיהלט און פערשטאנען אז אָהן זיין אדוואָקאטור וועט זיך דיא וועלט בעגעהן אָבער אָהן זיין ליטעראַרישע ארבייט וועט זיא א סך פערליערען. ער איז געוועזן דער געבאָרענער דיכטער, בעשטימט פון הימעל צו בעגייסטערן דיא מענשען, ריידען צו זייער הארץ און זייער פערשטאנד, און זיי לערנען ליעבען און דענקען.

דיא קלוגע מוטטער, פרוי בעטטי היינע, האָט געשריעבען בריעף אין האמבורג צו היינעס שונאים און האָט זיי געוואָרענט זיי זאָלען אויפהערען צו פערפאָלגען איהר זוהן. דיא גוטע מוטטער האָט געוואוסט, אז איהר זוהן וועט, זייענדיג אין האמבורג, מוזען אָנקומען צו זיין רייכען אָנקעל און זיא האָט דערפאר געבעטען זיינע געגנער זיי זאָלען אויפהערען צו מאכען זייערע אלטע שטיק, זייערע מיאוס'ע אינטריגעס צו שאדען און רואינירען איהר קינד מיט זייערע מסירות פאר זיין אָנקעל. היינעס שונאים האָבען אָבער דאָך געטהאָן דאָס זייעריגע. זיי האָבען געמאכט דיא געמיינסטע אינטריגעס און האָבען דאָס אזוי וויט געבראכט, אז דער רייכער אָנקעל האָט איהם פון גאָר ניט געוואָלט וויסען. נאָכמעהר, היינעס גרעסטע פיינד, וועלכע האָבען איהם עפענטליך וועה געטהאָן און בעליידיגט, פלעגען זיין אָפטע געסט ביי זיין אָנקעלס טיש. מען פלעגט זיי מיט אבזיכט פערבעטען אין הויז און אָבגעבען כבוד. א'ן אלטע בתולה, וואָס האָט דעם דיכטער שענדליך בעשמוצט און געקריינקט האָט געקריעגען פון סאלאָמאָן היינע שעהנע מתנות צו איהר חתונה.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען וואָס היינע האָט פון אזעלכע זאכען געליטען. ער וואָלט דאָס אפשר ניט אריבערגעטראָגען, ווען ער וואָלט ניט געהאט דעם כח זיך אריבערצוהייבען איבער אָט דיא אלע זאכען און זיי מבטל זיין אין הארצען. געוועהנליך פלעגט דאָס איהם קאָסטען געזונד. היינע איז אָבער פון דעסטוועגען ניט געבליעבען אין גאנצען אָהן פריינד. עס האָט דאן געלעבט אין האמבורג גאָטטליעב ציממערמאן, א בעדייטענדער דראמאטורגישער שריפטשטעלער. ער האָט פון היינען שטארק געהאלטען. ער האָט איהם אָבער קיינמאָל ניט געשמייכעלט און פלעגט זעהר אָפט

ווערען סארקאסטיש אויך. היינע האָט זיך אבער דאן גענויטיגט אין פריינד און פלעגט דאָס גאַנץ שטיל ארונטערשלינגען. היינעס אָנקעל סאלאָמאָן האָט נאָך אלץ ניט געהאלטען פון זיין פלעמעניקס טאלענט און ער האָט איין מאָל אבזיכטליך געפרעגט ביי צימערמאַן, וועלכער איז דאמאלס געווען דער האמבורגער „אורים ותומים", אויב אין זיין „פלעמעניק איז ווירקליך עפּעס דאָ?". ווען ציממער־מאַן האָט איהם געענטפערט, אז „יא", האָט ער א קוועטש געטהאָן מיט דיא אקסעל וויא איינער זאָגט: ווער וויים וואָס ער רעדט?

ווען היינע האָט זיך איבערצייגט, אז ער וועט אין האמבורג קיין אדוואָקאט ניט זיין און קיין פּראָפעסאָר־שטעלע וועט ער אויך ניט קריעגען, ווייל נאָך אלע זאכען איז ער דאָך א „יודע", האָט ער אָנגעהויבען צו מאכען הכנות פאר א נייעס ווערק, וואָס זאָל איהם געבען געלד און אלגעמיינע אנערקענונג אלס א וועלט־ליטעראט. ער האָט זיך דאמאלס א נעהם געטהאָן צום שרייבען זיין בעריהמטע „הארצרייזע", זיינע אבהאנדלונגען איבער פוילען, דיא „היימקעהר" און דיא ערשטע אבטהיילונג פון זיין „נאָרדזעע".

צו יענער צייט האָט דער פערלאג פון יוליוס קאמפּע געהאט א שם אין דייטשלאנד. קאמפּע האָט פערשטאנען דעם גייסט פון דער צייט און האָט ארויסגעגעבען פרייערע ווערק, וועלכע האָבען איהם געמאכט א נאָמען ביי דעם יונגען דור. ער האָט געדרוקט דיא ווערק פון לודוויג בערנע, האָפמאן פאָן פארעלסלעבען, אנאסטא־סיוס גרין און אנדערע ראדיקאלע דיכטער און ליבעראלען. צו דיעזען קאמפּע האָט זיך דאָס היינע געווענדעט מיט זיין ערשטען בוך „רייזע בילדער".

עס איז אינטערעסאנט וויא היינע האָט זיך מיט זיין פערלעגער צום ערשטען מאָל בעקענט.

קאמפּע און היינע האָבען בלויז געהערט איינע פון דיא אנדערע. זיי האָבען זיך אָבער נאָך קיינמאָל ניט געהאט געזעהען. היינע איז אריינגעקומען אין קאמפּעס געשעפּט און האָט גענומען איבערקוקען פערשיעדענע ביכער. ער האָט אריינגענומען אין האנד זיין אייגענעם בוך און נאָכדעם וויא ער האָט איהם דורכ־

געבלעטערט האָט ער איהם א וואָרף געטהאָן מיט פעראכטונג. דאָס איז קאמפּען ניט געפעלען געוואָרען און ער האָט גענומען דעם בוך פערטהיידיגען מיט דער בעמערקונג, דאָס הלואי ברענגט איהם דערעזלבער פערפאסער א בוך, וואָלט ער דאָס באלד געדרוקט. היינע האָט מעהר ניט גערעדט, האָט זיך פערנייגט און איז אוועק. אויף מאָרגען איז ער געקומען מיט זיין מאנוסקריפּט און געזאָגט קאמפּען, אז ער האלט איהם ביים וואָרט. קאמפּע האָט אבער קיין הרטה ניט געהאט. ער האָט זאָפאָרט אָבגעקויפט פון היינען דאָס ווערק.

אין פריהלינג פון דעם יאָהר 1826 איז ערשיענען דאָס ווערק און היינעס נאָמען האָט גענומען קלינגען איבער גאנץ דייטשלאנד, אלס גרויסער מייסטער. דאָס איז אָבער ניט געוועזען א פוסטער קלאנג, דען מיט דעם בערוף זיינען אויך געקומען מאטעריעלע נוצען. דער בוך האָט זיך פערקויפט אין דיא מאסען און היינע האָט געהאט גענוג געלד צום לעבען. אָבער דיעזער גליק האָט ניט לאנג גע־דויערט, דיא רעגיערונג האָט פערבאָטען דעם פערקויף פון דיא „רייזע בילדער“, וועלכע זיינען געווען צו פריי און צו אָפען. היינען האָט אָבער ניט אזוי שטארק געערגערט דיא האנדלונג פון דער רעגיערונג וויא דיא אונגערעכטע קריטיק פון זיינע געגנער, וועלכע זיינען פון זיין גרויסען גלאנץ אין גאנצען פערדונקעלט געוואָרען.

דיא „רייזע בילדער“ זיינען געוועזען דער ערשטער ליכטיגער שטראהל, וואָס האָט דורכגעצוקט דורך דיא פינסטערע וואָלקען פון דאמאלסדיגען דייטשלאנד. וויא א כשוף האָבען זיי פערכאפּט יונג און אלט. יעדער האָט אין זיי געפונען א טהייל פון זיין אייגענעם לעבען און דענקען. דייטשלאנד האָט דאן צום ערשטען מאָל דערזעהן, אז עס איז אויפגעגאנגען א נייער, גרויסער שטערן אויף דעם הימעל פון איהר ליטעראטור. עס האָט זיך אָנגעפאנגען קאָכען אין דיא קאפּע־הייזער און ביער־האללען, איבעראל האָט מען גערעדט פון היינעס ווערק. דער ערשטער באנד פון זיינע „רייזע בילדער“ האָבען היינען געגעבען מוטה צו ארבייטען וויי־טער און אין א קורצער צייט איז ערשינען דאָס צווייטע באנד „רייזע

בילדער", וועלכער האָט נאָך מעהר אויפגערודערט דיא ליטעראַרישע וועלט און ארויסגערופען מעהר בעוואונדערונג און מעהר טאדעל.

ווייל דיא „רייזע בילדער" זיינען געוועזן פערבאָטען אין א סך שטעדט האָט דער עולם זיי נאָך מעהר געלייענט און היינעס פערלעגער, קאמפע, איז פון דיעזען ווערק ממש גליקליך געוואָרען. היינע האָט זיך מעהרסטענס געזעטיגט מיט כבוד און בעליידיגונג, דען דער האָנאָראַר פאר זיינע ווערקע איז ניט געוועזען איבעריג גרויס. דיא גאנצע שמעטענע האָט אראָבגענומען דער פערלעגער און האָט געגעבען דעם פערפאסער א גאנץ קליינעם פראָצענט. דער צווייטער באנד „רייזע בילדער" האָט געקריעגען אין דייטשלאנד א גרויסע פּאָליטישע בעדייטונג. מען האָט דאָרט דערזעהען אז מען ערלויבט זיך אָנצוגרייפען שארף און ביטער אלעס וואָס איז פויל אין דער געזעלשאפט און אין דער רעגיערונג.

זייענדיג זאט מיט עהרע און זלזולים און ווערענדיג מיעד פון דיא רידפות, וועלכע האָבען איהם בעגעגענט פון אלע זייטען: פון דער רעגיערונג און פון דיא פערדאָרבענע ליטעראַטען — האָט זיך היינע בעשלאָסען צו פאָהרען נאָך ענגלאנד, אין דאָס לאנד פון פרייהייט און גערעכטיגקייט. היינעס נאָמען איז שוין דאן געוועזן גוט בעקאנט אין ענגלאנד. קומענדיג אין לאָנדאָן האָט ער געפונען גענוג פערעהרער און פריינד און ער האָט געלעבט א גוטען טאָג, היינע האָט געוואָהנט אין דיא שעהנסטע האָטעלען, האָט געגעסען אין דיא רייכסטע רעסטאָראנטען און האָט ניט געזשאלעוועט אויף טהעאטער און אָפּעראס און פערשיעדענע זאָרטען פערגניגען.

וואו האָט אבער היינע גענומען אזוי פיעל געלד? דאָס ווערט ערקלערט אזוי:

איידער ער איז אָבגעפאָהרען נאָך לאָנדאָן האָט ער זיך געזעהן מיט זיין רייכען אָנקעל. סאלאָמאָן היינע האָט דאן זיין פּלעמעניק אויפגענומען מיט מעהר פריינדליכקייט וויא אימער. דיא אורזאכע איז אויך א ריין געשעפטליכע. אין זיין טראגעדיע „וויללִיאם ראטקליף" האָט היינע פאָרגעשטעלט א געוויסען האמ־

בורגער מאקלער, א שווינדלער און א באנדיט, מיט וועלכען סאלאמאן איז בעז געוועזן. היינע האט ניט געוואלט שטעלען יענעמס ריכטיגען נאמען, אבער אלע אין האמבורג האבען געוואוסט וועמען מען מיינט. איבערהויפט האט דאס געוואוסט סאלאמאן היינע און דאס האט איהם גרויס הנאה געטהאן. ער האט דערפאר געהאלטען פון „וויליאם ראטקליף" מעהר וויא פון זיין פלעמעניקס אלע ווערקע. דאס איז געוועזן געשעפט... היינע האט דערפאר גע'פועל'ט ביי זיין אנקעל ער זאל איהם געבען א רעקאמענדאציע צו ראטהשילד'ס באנק־הויז אין לאנדאן און א קרעדיט־בריעף אויף 400 פונט שטערלינג. פאר'ן אבצייזען האט איהם דער אנקעל אנגעזאגט, אז דער קרעדיט־בריעף איז ניט מעהר וויא א פארמאליטעט, כדי צו ווייזען דיא ראטהשילדס וויא ווייט דער אנקעל האלט פון איהם, ער האט איהם אבער פערזאגט דעם בריעף ניט צו בענוצען צו פראקטישע צוועקען.

היינע האט אבער ניט געוואלט וויסען פון פארמאליטעטען און נאכדעם וויא ער איז געוועזן צוויי טעג אין לאנדאן, איז ער אוועק אין ראטהשילדס קאנטאר און האט אויסגעביטען זיין קרעדיט־בריעף אויף 400 פונט שטערלינג. באראן נאטהאן מאיר פאן ראטהשילד האט איינגעלאדען היינען צו מיטאג און האט איהם פארגעשטעלט פאר זיין הויז־געזינד אלס בעריהמטען דייטשען דיכטער און שריפטשטעלער. געוועהנליך האט אויך ראטהשילד ניט פערגעסען באלד אוועקצושיקען א בריעף צו סאלאמאן היינע דערצעהלענדיג איהם, אז ער האט געהאט דיא „עהרע" און דאס „פערגניגען" איינצולאדען זיין פלימעניק אלס גאסט און איהם געבען 400 פונט אויף זיין קרעדיט־בריעף.

מאקסימיליאן היינע, דעם דיכטערס ברודער דערצעהלט, אז ווען דער אלטער סאלאמאן האט אין איינינע טעג שפעטער ערהאלטען דיעזען בריעף פון לאנדאן איז איהם „ארויסגעפאלען דיא ליולקע פון מויל" און ער איז אויפגעשפרונגען פון זיין ארט מיט א געשריי: „דער טייפעל זאל נעהמען ראטהשילד'ן מיט זיין ערדע און פערגניגען!"

**חוץ** דעם וואָס היינע האָט געלעבט אין לאָנדאָן א גוטען טאָג **האָט** ער דאָך פון דעסטוועגען אָבגעשפּאָרט 800 טהאלער, וואָס ער האָט געשיקט צו זיינעם א פריינד אין בערלין, ער זאָל אויסצאָהלען אלע זיינע חובות, וואָס ער איז שולדיג געווען אין דיעזען אירדישען יאמערטהאל „און זאָל איהם דאָס איבריגע בעהאלטען" אויף א שלעכטע צייט. היינע איז דער פערפאסער פון דעם ליעד „מענש בעצאָהל דיינע חובות". היינעס פערוויילען אין לאָנדאָן איז ניט געווען אומזיסט, ער האָט דאָרט אויסגעשטודירט דאָס לעבען פון דיא ענגלענדער און האָט שפּעטער וועגען דעם געשריעבען. פון לאָנדאָן איז היינע ווידער געקומען נאָך האמבורג און האָט דאָרט באלד בעזוכט זיין אָנקעל.

מען קען זיך פאָרשטעלען דעם „שלום עליכם" וואָס ער האָט פון זיין אָנקעל געקריגען. דער אלטער איז געווען אויסער זיך פאר אויפ־רעגונג, ער האָט געשריען און געליארמט, געזאָגט מוסר און גע־שטראָפט. היינע איז געשטאנען גאנץ גלייכגילטיג, וויא ניט איהם מיינט מען. ענדליך, ווען דער אלטער איז פערטיג געוואָרען מיט זיין דרשה האָט זיך היינע אָבגערופען צו איהם: „ווייכטו, אָנקעל, אז דאָס בעסטע וואָס אין דיר געפינט זיך, איז דאָס, וואָס דו טראָגסט מיין נאָמען". דער אלטער איז צומישט געוואָרען פון דעם אונערווארטעטען ענטפער, אָבער איידער ער האָט נאָך צייט געהאט צו ריידען א וואָרט האָט היינע א קלאַפּ געטהאָן מיט דער טהיר און איז אוועק. היינעס נאָמען איז שוין געווען בעריהמט ווייט און ברייט אין גאנץ דייטשלאנד, אבער זיין גרעסטעס, ער־האבענסטעס ווערק זיין „בוך דער ליעדער" איז נאָך דאן ניט ער־שיענען אין בוך־פאָרם. ער האָט זיך געווענדעט צו זיין פערלעגער קאמפּע, אָבער דער פערלעגער האָט קיין חשק ניט געהאט ארויס־צוגעבען א בוך מיט ליעדער, וואָס זיינען שוין פריהער ערשיענען איז פערשיעדענע צייטונגען און מאגאזינען. היינע האָט דארום אָבגעגעבען קאמפּען זיין בוך כמעט אומזיכט, אום ער זאָל דאָס נור דרוקען. דיא אונטערשטע שורה איז געווען, אז דאָס בוך איז פער־

קויפט געוואָרען אין דיא שווערע טויזענדע עקזעמפּליארען און קאמפּע האָט ווידער געמאכט געלד פון היינע׳ס ארבייט.

דיא גאנצע וועלט האָט דאן געקאָכט מיט דעם דיכטער היינע, אלע האָבען איהם פערעהרט און פערגעטערט א חוץ זיין אייגענע פאמיליע, וועלכע האָט איהם נאָך אלץ ניט געוואָלט אנערקענען. היינע האָט זיך בעשלאָסען צו פערלאָזען האמבורג אויף אייביג, אָבער איידער ער איז אָבגעפאָהרען איז גראָד וויא אויף להכעיס געקומען זיין ערשטע געליעבטע, זיין קאָזינא מיט איהר מאן, א געוויסען פרידלענדער, פון קעניגסבערג נאָך האמבורג. דער ערשטער פייער האָט ווידער אויפגעפלאמט, עס האָבען אויפגעלעבט דיא אלטע וואונדען, אָבער זיי זיינען ניט מעהר געווען אזוי פערדערבליך וויא דיא „יוגענד ליידען“. זיין געליבטערס מאן איז איהם ניט געפעהלען געוואָרען.

ווען היינע האָט פערלאָזען האמבורג האָט ער פערווייל א קורצע צייט אין פראנקפורט א. מ., וואו ער האָט פערבראכט דיא גאנצע צייט מיט לודוויג בערנע. פון פראנקפורט האָט היינע געזאָלט אָבפאָהרען נאָך מינכען, וואו דער פערלעגער קאטטא האָט איהם איינגעלאדען צו רעדאקטירען א ווערק מיט׳ן נאָמען „פּאָליטישע אננאלען“. פאר׳ן אָברייזען האָט בערנע דוקא געוואָלט אריינשלעפּען היינען אין א מחלוקת מיט געטהע, אָבער דאָס האָט היינע ניט געוואָלט. בערנע האָט שרעקליך פיינד געהאט געטהע׳ן, אָבער היינע האָט פערשטאנען, אז דיא שנאה שטאמט דערפון, וואָס געטהע איז א העלענער, א לעבע מאן, וועלכער הענגט מיט אלע קרעפטען אָן דאָס מונטערע לעבען, ווערהרענד בערנע איז געווען א איד דורכדרונגען מיט דעם מעלאנכאָלישען גייסט פון זיין פאָלק. אָבוואָהל בערנע האָט פונקט וויא היינע געביטען זיין גלויבען, האָט ער אויך וויא היינע חרטה געהאט. היינע האָט זאָגאר געהערט, אז געטהע האָט שטארק קריטיקירט זיינע „רייזע בילדער“, דאָך האָט היינע ניט געוואגט צו בעליידיגען געטהע׳ן, פון וועלכען ער האָט צו פיעל געהאלטען.

היינע׳ס הויפּט קוק אין מינכען איז ניט געווען דיא „פּאָלי־

טישע אננאלען", זאָנדערן א רעגיערונגס שטעלע. ער האָט גע־
וואָלט ווערען פּראָפעססאָר אין דער אוניווערזיטעט פון מינכען.
נאכדעם וויא ער האָט אין בערלין קיין פּראָפעססאָר שטעלע ניט גע־
קענט קריעגען, האָט ער געגלויבט, אז אין מינכען וועט ער דאָך
זיין ציעל קענען עררייכען. ער האָט זיך פערשאפט רעקאָממענדא־
ציעס פון דעם דאמאָלסדיגען מיניסטער פון אינלענדישע אנגעלעגע־
גענהייטען עדוארד פאָן שיק, אויך א בעקאנטער דיכטער, און אנ־
דערע הויכע פּערזאָנען, וואָס האָבען צוגעזאָגט צו ריידען פאר איהם
מיט'ן קעניג לודוויג דעם 1טען. היינע האָט צוליעב דיעזער אויס־
זיכט ווידער געמוזט א ביסעל זינדיגען דערמיט, וואָס ער האָט
ניט געוואָלט ארויסגעהן מיט זיין גאנצע ליטעראַרישע קראפט און
מיט'ן פולען אמת אין זיינע „פּאָליטישע אננאלען". דאָס הייסט,
ער אליין האָט אין זיי ווייניג געשריעבען און דאָס, וואָס ער האָט
געשריעבען, איז געווען אין א מילדערען טאָן. ער האָט פערשוויע־
גען זאכען, וואָס ער וואָלט זאָנסט, אלס אן אונאבהייננגיגער מענש,
שטארק ארונטערגעריסען.

פון מינכען איז היינע אָבגעפאָהרען נאָך איטאליען. ער האָט
דאָרט שנעל ערלעהרנט דיא איטאליענישע שפּראכע און איז אויפ־
גענומען געוואָרען מיט גרויס עהרע פון איטאליענישע דיכטער און
דיינקער. דער לויטערער הימעל און דיא הערליכע נאטור סצענעס
פון דעם זוניגען איטאליען האָבען היינע'ן בעגייסטערט און געגע־
בען דיא געלעגענהייט צו שרייבען נייע „רייזע בילדער". איבער־
הויפּט האָט ער פערבראכט אין דיא בעדער פון לוקקא און אין פלאָ־
רענץ. פון דאָרט האָט ער געזאָלט רייזען נאָך רוים. אָבער
פּלוצלינג האָט ער ערהאלטען א ידיעה, אז זיין פאָטער איז גע־
שטאָרבען. דאָס האָט איהם געטראָפען וויא א דונער און געמאכט
א סוף פון אלע זיינע נסיעות אין דאָס לאנד פון דיכטער און
קינסטלער. ווען היינע איז נאָך געווען אין פלאָרענץ האָט ער גע־
שריעבען צו זיין גוטען פריינד, דעם רוסישען דיכטער פיאָדאָר י.
טאטשעוו, וועלכער איז געווען דער אטאשע ביי דעם רוסישען גע־
זאנדטעטען אין מינכען, אז ער זאָל זעהן אָנווענדען זיין דיפּלאָמא־

טישע קונסט, אויסצוגעפינען וועגען דער פראָפעססאָר שטעלע.
טראָטץ אַלע בעמיהונגען האָט אָבער היינע דיא געווינשטע שטעלע ניט בעקומען. איבערהויפּט האָט ער אין דעם בעשולדיגט דעם מיניסטער שיינק. היינע האָט שוין געהאט בעשלאָסען צו ווידמען איהם דעם דריטען בוך „רייזע בילדער“, וואָס ער האָט גע־האלטען אין שרייבען, אָבער ער האָט דאָס ניט געטהאָן. ער האָט דאָס בעסער געווידמעט זיין פריינד דעם דיכטער קארל איממערמאן, וועלכער איז געוועזען און געבליעבען זיין אויפריכטיגער פריינד. וועה־רענד היינע איז געוועזען אין איטאליען האָט ער זיך דערוואוסט, דאָס גראף פּלאטטען, א דייטשער דיכטער, וועלכער איז אויך געוועזען דא־מאָלס אין איטאליען, האָט זיך בעשלאָסען חוזק צו מאכען פון איהם אין א קאָמעדיע. היינע האָט דיא זאך גוט אויסגעפאָרשט און ווען ער האָט ערפאהרען, אז דאָס איז אמת, האָט ער געשוואָרען אין הארצען נקמה צו נעהמען פון דעם גראף, ארייגצולאָזען אין איהם דיא גאנצע גאל און גיפט, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אין איהם זייט זיינע אומזיסטע שונאים האָבען איהם אָנגעפאנגען עפענט־ליך צו פערפאָלגען.

מיט דיעזען פעסטען בעשלוס איז דער בעליידיגטער און פער־ביטערטער דיכטער אָבגעפאָהרען נאָך זיין פאטערלאנד. היינע האָט צונויפגעזאמלעט אלע זיינע ליטעראַרישע פעהיגקייטען און האָט זיך גענומען פארטיג מאכען דעם דריטען בוך „רייזע בילדער“. ער האָט ניט געצווייפעלט אין זיין גרויסע קראפט זיך אָבצורעכע־נען מיט זיינע געגנער. ער האָט אָבער אליין ניט געוואוסט, אז זיין נייעס ווערק וועט מאכען אזא שרעקליכען רושם אין גאנץ דייטש־לאנד. וויא גיך דער דריטער באנד „רייזע בילדער“ איז ערשיענען פון דרוק, האָבען זיך אָנגעפאנגען קעהרען וועלטען. היינע איז דאָס מאָל ניט אָבגעקומען בלויז מיט וויטצען און שטעכווערטלאך, זאָנ־דערן ער האָט גערעגענט מיט פעך און שוועבעל אויף דעם גראף פּלאטטען. היינע איז דאָס מאָל, וויא מען זאָגט, „ארויס פון דיא כלים“. ער האָט שוין איבערגעכאפּט דיא מאָאָס. ער האָט דעם גראף אזוי צומישט און צוטומעלט, ער האָט איהם אזוי בע־

גראָבען, אזוי אָפּען און אָהן צרעמאָניעס דערלאנגט, אז דער גראף האָט שוין מעהר קיין קאָמעדיע פון היינע'ן ניט געשריעבען. אָנ־שטאָט היינע'ן צו פערלאכען און איהם פאָרשטעלען אלס א קאָמישע פערזאָן, האט ער איהם סתם גענומען זידלען מיט אלערהאנד זלזולים. איבערהויפט האָט ער איהם צוגעוואָרפען א חרפה, אז ער איז א איד, אז עס שטינקט פון איהם קנאָבעל און אז ער שטאמט פון א מיאוס פאָלק.

קיין כבוד האָט גראף פלאטטען מיט אזעלכע ארגומענטען ניט געוואונען, דען אָבוואָהל מען האָט דאן אין דייטשלאנד געהאסט אי־דען, האָט מען אָבער דאָך ניט געקענט בעטראכטען אזעלכע שמו־ציגע ארגומענטען, אלס ליטערעריש אָדער אנשטענדיג. דעם גראף'ס פריינד האָבען איהם געבעטען, אז ער זאָל אויפהערען זיך אזוי מיאוס מאכען און בעסער ארונטערשלינגען דיא ביטערע פיל, וואָס היינע האָט איהם איינגעגעבען. אָבער ער האָט דאָס ניט גע־קענט, עס האָט איהם צו פיעל וועה געטהאָן און היינע איז פון דעם קאמפף, וועלכער האָט דאן אויפגעקאָכט גאנץ דייטשלאנד, ארויס דער זיעגער.

צופיעל עהרע האָט אָבער דער זיעג היינען אויך ניט געגעבען. דען אָנשטאָט, וואָס מען האָט איהם פריהער געליעבט, האָט מען זיך יעטצט פאר איהם דערשראָקען. מען האָט פאר איהם אָנגעהויבען ציטערען. דאָס איז געוועזן דאָס ערשטע מאָל, וואָס מען האָט דער־זעהן אין דער דייטשער ליטעראטור אזא מין געפעהרליכע, פערניכ־טענדע, צושטערענדע קראפט. מען האָט דערזעהען, אז דער זי־סער, לירישער פּאָעט, פון וועמעס צארטע, זאנפטע פערזען עס וועהט א גלעטענדער ראָזענדופט און דער וויציגער, אמוזירענדער פובליציסט איז פלוצלינג געוואָרען אן אשמדאי, א בעזער גייסט, וואָס קען אָהן רחמנות צורייסען און צושמעטערען אין שטיקער.

עס איז איבעריג צו בעמערקען, אז דער בוך איז באלד פער־באָטען געוואָרען. אָבער דאָס האָט געמאכט, אז מען זאָל איהם נאָך מעהר לעזען, און היינע'ס פערלעגער, יוליוס קאמפע, האָט וויע־דער פערדיענט שווערע טויזענדע טהאלער און איז רייך געוואָרען.

עס האָט געקאָכט און געְרעש׳ט אין אלע רעסטאָראנען און ביער־הייזער. אומעטום האָט מען גערעדט פון דער מחלוקת צווישען היינע און פלאטטען. נישט צופריעדען פון היינע׳ס אָפענע דבורים און „צו שטארקע אויסדריקע" זיינען נאָר געווען דיא דייטשע „משכילים", דיא גריבלער, וואָס וועגען און מעסטען יעדעס וואָרט גלויבענדיג, אז מען קען בעקעמפפען לומפען מיט דיא זעלבע וואפען, וואָס מען בעקעמפפט מענשען. דאָס פאָלק אָבער האָט היינע׳ן נאָך מעהר ליעב בעקומען. דאָס פאָלק האָט דערזעהן, אז דיא קראפט, וואָס קען אזוי פערניכטען איין לומפ, וועט געוויס קענען פערניכטען מעהר און דיא „שווארצע חברה" וועלען יעטצט מורא האָבען.

ווען דיא מחלוקת איז אָנגעגאנגען איז היינע געווען אין האמ־בורג. דער אלטער סכסוך צווישען איהם און זיין אָנקעל סאלאמאָן האָט זיך אויסגעגליכען. דער אלטער באנקיר האָט מוחל געווען דעם יונגען דיכטער און האָט איהם אָנגעהויבען צו בעטראכטען מיט מעהר רעספעקט. האָבענדיג פערלאָרען יעדע האָפנונג צו ווערען פראָפעסאָר, האָט זיך היינע יעטצט אין גאנצען איבערגעגעבען צו זיינע ליטעראַרישע ארבייטען. אין דעם יונגען דיכטער האָט דאן אויפגעוואכט א גרויסע ליעבע צו קעמפפען פאר פרייהייט און ער האָט אָנגעהויבען שרייבען שטארקע ארטיקלען געגען דיא אונטער־דריקונג, וואָס האָט דאן געהערשט אין זיין פאטערלאנד. ער האָט פערלאנגט פרעס־פרייהייט און פּאָליטישע אויפקלערונג פאר׳ן פאָלק. ער האָט געווארענט דיא רעגיערונג זיא זאָל זיך אין אכט נעהמען פארן צאָרען פון דיא אונטערדריקטע מאסען. דיעזער נייער קאמפף האָט געמאכט, אז דער באָדען אונטער היינע׳ס פיס איז געוואָרען אונזיכער. דיא רעגיערונג האָט געהאט אויף איהם אן אויג און האָט גערעכענט איהם צו בעזייטיגען. דערצו האָט זיך היינע נאָר פון דאָס ניי צוקריעגט מיט זיין אָנקעל און דיא אידעע צו פערלאָזען דייטשלאנד און אוועקפאָהרען וואוינען אין פאריז איז ביי איהם געוואָרען א זאך, וואָס איז געשעהן. ער האָט פערשטאנען, אז ער וועט זיינע פרייע אידעען און געדאנקען אין דייטשלאנד ניט

קענען פּאַטרזעטצען. עס איז איהם אויך מיאוס געוואָרען דער שטענדיגער שטרייט מיט אזוי פיעל שונאים, וואָס האָבען איהם געזוכט צו רודף'ן פון אלע זייטען. מען האָט אויף איהם אויסגעטראכט פערשיעדענע בלבולים. קוים האָט ער אויסגערעדט א וואָרט מיט א פרוי, האָט מען שוין געזוכט דערפון צו מאכען א גאנצע אינטריגע און בעשמוצען זיין נאָמען און דעם נאָמען פון דער פרוי. דאָס אלעס איז איהם געוואָרען עקעל.

איידער היינע איז אוועק פון האמבורג אויף אייביג איז איהם נאָך בעשערט געווען צו זעהן א צווייטען פּאָגראָם אויף אידען, וועלכער איז געווען א סך שרעקליכער, וויא אין יאָהר 1819. זיין אידיש הארץ האָט זיך ווידער אָנגעזאפּט מיט כעס און ביטערקייט געגען דיא קריסטען און געגען דייטשלאנד און ער האָט זיך כמעט א נדר געטהאָן א שפּיי צו געבען אויף דער אנטיסעמיטישער מדינה. דעם 1טען מאי, 1831, האָט היינע צום ערשטען מאָל בעטרעטען דעם פראנצויזישען באָדען און אין צוויי טעג שפּעטער איז ער געווען אין פּאריז.



## פינפטער קאַפּיטעל.

היינע'ס גרויסע ליטעראַרישע טהעטיגקייט אין פּאַריז.—ער ווערט אויפגענומען מיט גרויס עהרע פון אלע פראַנצויזישע דיכטער. דיינקער און קינסטלער.—זיין בעקאַנטשאַפט מיט ריטשארד וואַגנער, זיין היראַטה מיט מאַטהילדע קרעסצענטיאַ מיראַט און זיין ספּעקולאַציאָן אויף דער בערזע.—היינע און בערנע ווערן בלוטיגע שונאים.—היינע'ס צווייטער דועל.

אַבוואָהל היינע איז אוועקגעפאָהרען פון דייטשלאנד מיט א ביטער הארץ און זעהר טרויעריגע ערפאהרונגען, האָט ער פון דעסט־וועגען דאָך ניט געדיינקט, אז ער וועט קיינמאָל ניט צוריקפאָהרען. עס איז שווער צו טראָגען אן אייביגע שנאה אויף דעם באָדען, וואו א מענש איז געבאָרען און ערצויגען געוואָרען. זייענדיג דערוויי־טערט פון יענעם אָרט, פערגעסט דער מענש דיא צרות, וואָס ער האָט דאָרט געהאט אויסצושטעהן. ער פערגעסט זאָגאר אָן זיינע שונאים און פאנגט אָן צו ביינקען אהיים. דאָס הארץ ווערט פול מיט דעם טיפען שמערץ, וואָס הייסט „בענקענים“, מען וויל צוריק צו יענע ערטער, וועלכע זיינען אזוי בעקאנט, אזוי איינגעדריקט אין דער זעעלע. מען ליעבט זיי, מען וויל זיי ווידער זעהן.

עס וועט דערפאר קיין וואונדער ניט זיין, וואָס זייענדיג אין דער פרייער, לוסטיגער פּאריז, ארומגערינגעלט מיט פריינד און גע־קרוינט מיט עהרע, האָט היינע דאָך געביינקט אהיים. כמעט אלע בריעף, וואָס ער האָט געשריעבען דיא ערשטע צייט צו זיין מוטטער און שוועסטער און צו דיא איבעריגע מיטגליעדער פון זיין פאַ־מיליע, זיינען פול מיט הייסע ליעבע צו דייטשלאנד. היינע האָט פּאָזיטיוו געגלויבט, אז ער וועט נאָך אין גיכען קומען ווידער אין זיין פאטערלאנד. ער האָט ניט געוואוסט, אז דער שיקזאל האָט איהם בעשטימט צו ענדיגען זיינע לעטצטע יאָהרען אין דעם „גיהנום פון פערגניגען“, אין דעם לעבעדיגען, לאכעדיגען און זודיגען פּאריז. וויא שטארק זיין „היימוועה“ איז געווען, אזוי שטארק און נאָך פיעל שטארקער איז אָבער געווען זיין ליעבע צו פרייהייט און לעבען, וואָס

ער האָט געפונען אין דער שעהנער רעזידענץ שטאָדט פון פראנק־רייך. אין דייטשלאנד האָט היינע געליטען אלס איד, אלס שריפט־שטעלער און אלס ליבעראל, ווערענד אין פאריז איז פון דיא אלע זאכען גאָר קיין רייד ניט געווען. דערצו האָט שוין פאריז דאמאָלס געהאט א סך מעהר טהעאטערס, בעלער און פערשיעדענע פערגני־גענס וויא בערלין, מינכען און האמבורג צוזאמען גענומען. היינע האָט זיך אריינגעוואָרפען אין אָן אָקעאן פון עולם הזה. ער האָט גע־טרונקען מיט'ן פולען מויל פון דיא כוסות פון ליעבע, לוסט און לע־בען, וואָס סעראפינא אנגעליג, דיאנא, האָרטענזע, קלאריזע, דזשאָ־לאנטע, מאריע, דזשענני, עממא און אנדערע געטטינען האָבען איהם אזוי ליעבליך און גראציעז צוגעטראָגען צו דיא ליפען.

דאָך אָבגעזעהן פון דיא אלע פערגניגענס האָט היינע דאָך ניט אראָבגענומען זיין שארפען בליק פון דעם אמת'ן לעבען און פון אלע זאָנסטיגע אומשטענדען, וואָס האָבען דאן געהערשט אין פאריז. ער האָט אלע איינדריקע פון דער גרויסער וועלט־שטאדט בעשריעבען מיט גרוים פינקטליכקייט. ער האָט זיך דאן גאנץ אָפט געזעהען מיט דיא פראָמינענטעסטע דייטשען, וועלכע זיינען צו יענער צייט געווען אין פאריז. אין דער בוכהאנדלונג פון איידעלהאָלץ און קאמפע פלעגט זיך היינע טרעפען און פערברענגען מיט אזעלכע וועלטבעריהמטע פערזאָנען וויא פעליקס בארטהאָלדי מענדעלזאָהן, אלעקסאנדער פאָן הומבאָלדט, סאפיר און אנדערע. דיא גרעסטע מענער דייטשלאנד'ס וואָס פלעגען בעזוכען פאריז פלעגען ניט פערגעסען אבצושטאטען א וויזיט דיא בעוואוסטע בוכהאנדלונג, וואו היינע מיט זיינע פריינד פלעגען זיטצען און פערברענגען.

היינע האָט זיך דאָס ערשטע יאָהר געפיהלט אזוי גליקליך אין פאריז, אז ער האָט אין זיינעם א בריעף צו א פריינד געשריעבען: „און פרעגט אימיצער וויא איך לעב דאָ זאָלט איהר איהם זאָגען וויא א פיש אין וואסער, אָדער נאָך בעסער, זאָגט זיי דאָרט אין דייטשלאנד, אז ווען איין פיש פרעגט ביי דעם צווייטען, וואָס ער מאכט, ענטפערט ער איהם: וויא היינע אין פאריז.“

**צו יענער צייט האָט זיך אויך געפונען אין פאריז היינעס** אמאָליגער לעהרער פּראָפעסאָר אגוסט ווילהעלם פאָן שלעגעל. וויא בעוואוסט האָט שלעגעל אמאָל פון היינע זעהר פיעל געהאלטען, אבער זייענדיג אין פאריז האָט ער עפּעס אראָבגעקוקט אויף איהם פון אויבען אראָפּ. עס איז איהם ניט געפעלען געוואָרען דאָס, וואָס היינע האָט אזוי שטארק „געזידעלט" זיינע געגנער און האָט זיך ערלויבט צו שרייבען אויף איהם פאָלגענדען עפּיגראם:

„דיין ערנסט קען פיר מיר ניט טויגען,
זידלען קען דער שפּאָטער נאָר,
דיין בעגייסטערונג איז פערפלויגען
דיינע „שמד־שטיק" זעהט מען קלאָר."

פאר דיעזען עפּיגראם האָט זיך אבער היינע אָבגערעכענט מיט זיין אמאָליגען פּראָפעסאָר אין א קאָררעספּאָנדענץ צו א דייטשע צייטונג. ער האָט איהם געוויזען, אז ער האָט גענוג ערנסט צו דערלאנגען ערנסטע קלעפּ אונטערגעפּעפּערט מיט ביטערע לצנות. היינע האָט דאמאלס א סך געשריעבען. פון פאריז פלעגט ער שיקען זיינע מייסטערהאפטע קאָררעספּאָנדענציעס נאָך דייטש־לאנד, וואו מען פלעגט זיי לעזען מיט בעזאָנדערען פערגניעגען. וואָס מעהר זיינע געגנער האָבען איהם געזוכט צו פערשווארצען און פערניכטען האָט דאָס פאָלק אלץ מעהר איהם געליעבט און געשעטצט.

דיא הויפּט שולד, וואָס דיא געגנער האָבען אויף איהם ארויפּ־געוואָרפען איז דאָס, וואָס ער איז ניט „פּרינציפּיעל". אָבוואָהל היינע איז געווען איינער פון דיא ערשטע פרייהייטס־קעמפּפער פון זיין צייט און האָט אין זיינע ליעדער און דעקלאמאציאָנען ארונטערגעריסען דיא שקלאווערייא און טיראניי, וואָס האָבען דאן געהערשט אין דייטשלאנד, דאָך איז היינע ניט געווען קיין פּאָלי־טישער כאראקטער. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט בעשליסען צו וועלכע פּארטייא ער זאָל געהערען. אין פריינקרייך זיינען דאן געווען רעפּובליקאנער און מאָנארכיסטען, אבער היינע האָט ניט בעלאנגט צו קיין איינציגע פון זיי, אָדער בעסער געזאָגט, ער האָט

בעלאנגט צו בײדע און צו בײדע ניט. הײנע האָט בעטראכט דעם דאמאָלסדיגען פּאָליטישען פּלאָנטער פון א סוביעקטיװען שטאנד־פּונקט. ער האָט ניט געהאַט דיא גדולה און דעם כח צו בעקלערען דיא פּאָליטישע פראגען מיט א קאלטען ישוב הדעת, זײ אנאליזירען, צוגליעדערען און קומען צום שלום װעלכע פּארטהײ עס איז גערעכט, זאָנדערן ער האָט געהאנדעלט לױט זײנע אײגענע אײנדריקע. אלס גרױסער דיכטער, אלס פרײגײסט, מיט דיא געפיהלען פון א זומער־פױגעלע װאָס פליהט באלד אויף ד ע ר, באלד אויף י ע נ ע ר בלום, און מיט א געפליגעלטע פאנטאזיע, װאָס שװעבט װיא דער אדלער אין דיא װאָלקען — האָט הײנע זיך ניט געקענט בעגרענצען ביי א געװיסע פּארטהײ. ער האָט זיך ניט געקענט אײנדריקען אין דעם ענגען קאָרסעט פון א פּראָגראם. דאָס האָבען אָבער זײנע שונאים און זײערע פאנאטישע אנהענגער ניט פערשטאנען און ניט געװאָלט פערשטעהן. זײ האָבען ניט געװאוסט, אז הײנעס פרײהײטס־ליעדער װעלען איבערלעבען זײערע פּראָגראמעס און װעלען נאָך בעגײסטערען דיא מענשהײט פיר פרײהײט און מענ־שענרעכט אין דיא קומענדע דורות. הײנע איז געװען צו גרױס און צו ערהאבען, זיך אונטערצואװארפען אונטער דיא פאָרשריפט פון א חברה. מיט דעם קוק פון א נביא, װעלכער האָט דורכגעבליקט דורך דעם דיקען שלײער פון זײן צײט און געזעהען דיא װײטע צוקונפט פון דיא אונגעבאָרענע דורות, האָט ער זיך ניט געקימערט װעגען דיא פארב פון זײן פאָהן, אונטער װעלכע זײן שיף פאָהרט. א פאָהן איז בײ איהם געװען בלױז א געפארבטע שמאטע, א לאפּען, זײנע פײנד אָבער האָבען איהם דערפאר פערדאמט און פערפאָלגט, געיאָגט און געטריעבען פון אָרט צו אָרט מיט כעס, שפּאָט און פעראכטונג. מען קען זיך לײכט פאָרשטעלען, װאָס הײנע האָט דערפון געליטען, װיפיעל שמערצען אזא פערפאָלגונג האָט איהם פערשאפט. דאָס האָט זײן גײסט קײן מנוחה ניט געגעבען. געררײצט און פערװאונדעט פון אומזיסטע רדיפות פון נארישע „פרינציפּען" און פּארטײליכקײטען איז הײנע געװען גע־צװאונגען שטענדיג זיך צו האלטען אין אײן קריגען און פּאָלעמי־

זירען און גיסען גיפט און גאל אויף זיינע בלוטיגע געגנער, וואָס פלעגען איהם ניט לאָזען לעבען. דאָס האָט וויעדער איהם געמאכט נייע שונאים, וואָס פלעגען איהם בעטראכטען פאר א מענשען, וואָס ליעבט מחלוקת און ליעבט זיך ארומצורייסען.

„דיא פאָעזיע האָט מעהר מערטירער געמאכט וויא דיא רעלי־גיאָן", האָט אמאָל היינע געזאָגט און ער אליין האָט געפיהלט און געוואוסט דעם אמת פון דיעזע ווערטער. זייט דיא רעאקציאָן האָט אריינגעטרעטען אין דייטשלאנד ביז צו דעם מאָמענט, וואָס היינע האָט געלעבט און געווירקט אין פראנקרייך, האָט מען איהם אין זיין פאטערלאנד ניט אויפגעהערט אָנצוטהאָן צרות. מען האָט איהם אזוי לאנג גערייצט און ער האָט אזוי לאנג געענטפערט אין דיא דייטשע בלעטער, ביז ער איז ענדליך מיעד געוואָרען און האָט איבערגעלאָזען דייטשלאנד פיר זיינע אונדאנקבארע לאנדס־לייט און ער אליין איז געוואָרען א פאָלשטענדיגער פראנצויז. ער איז געוואָרען אזוי בעז, אז ער האָט צוגעמאכט דיא טהיר פאר דיא דייטשען, וואָס פלעגען איהם קומען בעזוכען אין פאריז. היינע פלעגט פון דיעזע בעזוכער זעהר פיעל ליידען, פריהער פלעגען זיי קומען צו איהם, איהם שמייכלען און זיך מיט איהם אונטער־האלטען, דאן פלעגען זיי אוועקפאָהרען צוריק נאָך דייטשלאנד און איהם בעליידיגען אין דיא בלעטער, אָדער זיי פלעגען פון פאריז גופא איהם שענדען אין בריעף און קאָררעספאָנדענצען. פון דיא דייטשען וואָס היינע האָט געליעבט און האָט זיך מיט זיי גערן אונטערהאלטען, זיינען שפעטער געוועזען דיא בעריהמטע דיכטער פראנץ גרילפארצער, אנאסטאסיוס גרין (גראף אנטאָן אוערספערג), פראנץ דינגעלשטעדט, געאָרג הערוועג און אנדערע צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען היינריך לאובע.

מיט היינריך לאובע איז ער געוועזען בעזאָנדערס בעפריינדעט. היינריך לאובע האָט דאן פאָרגעשטעלט פאר היינען א'ן אָרימען דייטשען מוזיקער, וועלכער האָט צוגעפאסט א מעלאָדיע צו היינעס ליעד „צוויי גראנאדירען". דערזעלבער מוזיקער האָט אויך געוואָלט דאן אויסארבייטען די לעגענדע פון דעם „פליהענדען האָלענדער", אָדער

וויא דאָס הייסט אין ענגליש „פליאינג דאַטשמען“ אלס א סוזשעט פיר א אָפּערעטע. היינע האָט איהם דערצו געהאָלפען מיט ראטה און טהאט, אין זיעבען וואָכען איז דיא אָפּערא פערטיג געוואָרען. מען האָט איהר אויפגעפיהרט אין דייטשלאנד מיט גרויס ערפאָלג און דער נאָמען פון דעם מוזיקער ריטשאַרד וואַגנער איז בעקאנט געוואָרען איבעראל. מיט זיין שטענדיגען געפיהל פון האסס געגען אידען האָט וואגנער שפעטער בעליידיגט היינען פאר זיין גוטהערציגקייט און האָט איהם גערופען דער „פאָליטישער בדחן“.

היינע האָט אָבער געהאט דעם זעלבען מזל וואָס זיין פאָלק. ווען זיין זונן געהט אונטער אין איין לאנד געהט עס אויף אין א צווייטען. אין דער צייט, וואָס דיא דייטשען האָבען היינען כמעט גאָר אין גאנצען פערגעסען האָט איהם פראנקרייך געעפענט איהרע טויערען און עמפפאנגען מיט עהרע און האָכאכטונג. זיין נאָמען איז בעקאנט געוואָרען אין דיא העכסטע קרייזען. ער האָט אָנגעהויבען צו פערקעהרען אין דיא רייכסטע סאלאָנס פון פאריז. אומעטום האָט מען איהם געעפענט דיא טהירען מיט דעם גרעסטען רעספעקט און טיעפסטע אכטונג. זיין הויפט־פערקעהר איז געווען ביי דער פאָרנעהמער סאלאָן־דאמע מאדאם זשובערט, וועלכע האָט איהם זעהר געשעצט און געאכטעט. דורך מאדאם זשובערט מיט וועלכע ער האָט זיך בעקענט אין דעם יאָהר 1835 האָט היינע געשלאָסען בעקאנטשאפט מיט דיא גרעסטע ליטעראטען, געלעהרטע און אקאדעמיקער פראנקרייך׳ס. אבער גראד דאמאלס ווען דער דייטשער דיכטער איז געוואָרען דער ליעבלינג פון דיא פראנצויזישע סאלאָנס, האָט ער זיך אָבגעווענדעט פון אלע פירסטינען און פרינצעסינס און האָט זיך פעראינטערעסירט אין א׳ן איינפאכע דאָרפמיידעל, וועלכער וויא עס שיינט, איז בעשעהרט געווען צו טהיילען מיט איהם דעם שיקזאל פון זיינע לעטצטע יאהרען.

דאָס מיידעל איז געווען דיא טאָכטער פון א רייכען פראנצויזישען דאָרפסמאן, וועלכער האָט בעלאנגט צו זעהר א׳ן אָרענטליכע געזעלשאפט און האָט זיין טאָכטער ערצויגען אלס א פראָסטע, בעל־הבתי׳שע שטוב־מיידעל. ווען זיא איז אלט געוואָרען א יאָהר

פופצעהן אָדער זעכצעהן האָט מאטהילדא קרעסצענטיא מיראט פערלאָזען איהר פאָטערס הויז און איז געקומען אין פאריז צו איהרע א טאנטע, א געוויסע מאדאם מאורעל, וועלכע האָט געהאל־טען א שוך־קראָם. מאטהילדע איז געווען אָנגעשטעלט אין קראָם אלס פערקויפערין. דאָרט האָט זיך דאָס היינע מיט איהר בעקענט און זיך אין איהר פערליעבט. ווען דיא טאנטע פלעגט ניט בעמערקען פלעגט דאָס יונגע מיידעל ארויסגעהן פאר'ן טהיר ווארפען בליקען, בייטען א וואָרט מיט איהר געליעבטען און באלד וויעדער געהן צו איהר בעשעפטיגונג. עס האָט ניט לאנג געדויערט און היינע האָט בעשלאָסען מאטהילדע זאָל פערלאָזען איהר טאנטעס שוך־קראָם און אריינגעהן אין א פענסיאָן, א פרויענשולע, וואו זיא זאָל זיך כאָטש אויסלערנען אונטערשרייבען איהר נאָמען און א ביסעל לעזען. איהר אונוויסענהייט האָט היינען ניט געקימערט, דען זיא איז געווען שעהן, מונטער און שטענדיג פול מיט לעבען. היינע האָט דאן געשריעבען צו א פריינד וועגען זיין פערליעבענעם פאָלגענדע ווערטער: „האָט איהר אמאָל געלעזען דיא ליעבע פון שיר השירים פון קעניג שלמה, טאָ זייט אזוי גוט און לעזט דאָס נאָך אמאָל און איהר וועט פערשטעהן מיין יעצטיגע פערהעלטנים“. היינע האָט שטענדיג געדיינקט וועגען האָבען א „ווייב“ ניט דורך שדכנים און אָהן דיא צערעמאָניעס פון גייסטליכע און ער האָט דאָס אויסגעפיהרט.

דאָס יונגע פּאָאָר האָט געדונגען א וואוינונג צוזאמען און מאטהילדע איז געווען א'ן אויסגעצייכענטע בעל הבית'טע און א געטרייע, ליעבענדע פרוי. איבערהויפּט האָט זיך היינע געפרעהט וואָס זיין דיכטער־בערוף שפּיעלט ניט קיין ראָלע אין זיין ליעבע. דען מאטהילדע האָט איהר מאן'ס מוטער־שפּראכע ניט פערשטאנען און אלעס וואָס זיא האָט זיך אויסגעלערנט אין דייטש זיינען געווען דיא ווערטער „נעהמען זיא פּלאטץ“. צו גליקליך איז אָבער היינע אין זיין פערהייראטעם לעבען ניט געווען. דען אָפט פלעגט ער ליידען פון אייפערזוכט. דאָס איז אָבער געווען דאן, ווען ער האָט אָנגעהויבען קערפּערליך צו ליידען און דער דלות

**איז געוואָרען א׳ן אָפּטער בעזוכער ביי איהם אין הויז. מאטהילדע** האָט פערשטאנען וויא צו לעבען עקאָנאָמיש, אָבער עס פלעגט מאנכעסמאָל ניט זיין אויף דירה־געלד און היינע פלעגט דארפען בארגען אויף דאָס נויטיגע. דורך דיא בעקאנטשאפט וואָס היינע האָט דאן געמאכט מיט רזשיימס פאָן ראָטהשילד און אנדערע בעריהמטע פינאנציערען האָט זיך איהם אויך פערגלוסט שפּיעלען אויף דער בערזע, וואו ער האָט אין א גאנץ קורצער צייט פערלאָרען דאָס זעלביגע ביסעל געלד, וואָס ער האָט געהאט און ער האָט פּשוט ניט געקענט צאָהלען פאר זיינע לעבענסמיטעל. זעהענדיג אז עס איז שלעכט האָט ער זיך געווענדעט צו זיין רייכען אָנקעל, אָבער אנשטאט געלד האָט ער גאָר געקראָגען א בריעף פול מיט פאָרווירפע. סאלאָמאָן היינע פלעגט שיקען זיין פלימעניק 400 טהאלער יעהרליך אבער איבער דיעזער סוממע האָט ער ניט געוואָלט געהן. דעם דיכטערס ברודער, מאקסימיליאן היינע, איז ענדליך געוואָרען א רודף שלום צווישען אָנקעל און פלעמעניק און סאלאָמאָן האָט פרייווילינ בעשלאָסען צו העכערן היינע׳ס געהאלט פון 400 אויף 800 טהאלער א יאָהר.

היינעס לאגע האָט זיך אָבער דאָך פערערגערט. דען אזוי וויא ער האָט אנגעפאנגען אָפטערס ליידען פון נערוועזיטעט האָט ער ניט געקענט אזוי פיעל ארבייטען און זיין יעהרליכער איינקונפט איז געוואָרען וועניגער וויא 3000 פראנק א יאָהר. אונטער אזעלכע אומשטענדען האָט היינע געמוזט אָנקומען צו א מיטעל, וואָס האָט געמוזט ווארפען א חשד אויף זיין כאראקטער. ער האָט גענומען ביז דעם יאָהר 1848 פון דער פראנצויזישער רעגיערונג 4,800 פראנק יעהרליך. היינע האָט דאָס גערופען א מין „צדקה גדולה“, וואָס דיא רעגיערונג גיט צו אויסלענדער, זיינע שונאים אָבער האָבען געזאָגט ,אז ער דיענט דיא פראנצויזישע רעגיערונג, אז ער קריעגט דאָס געלד כדי ער זאָל זידלען און בעליידיגען דייטשלאנד. און צו יענער צייט האָט טאקי היינע געמאכט א תל עולם פון דיא דייטשען, דען פארוואָס צו לויבען האָט ער זיי ניט געהאט. דיא פּאָגראָמען אין האמבורג, דיא יודענפערפאָלגונג אומעטום און דיא

רדיפות געגען איהם אליין זיינען געווען גרונד גענוג צו פערדאמען דייטשלאנד אויף אייביג און היינע האט דאס געטהאן. אנדערע האבען ווידער געזאגט, אז היינע קריעגט געלד כדי ער זאל ניט ליידען קיין שלעכטס אויף דער פראנצויזישער רעגיערונג.

עס איז אין גרונד גענומען שווער צו זאגען א ריכטיגע מיינונג וועגען דיעזען פאל. עס שיינט דאך צו זיין א ביסעל אמת, אז היינע איז ניט אומזיסט געשטיצט געוואָרען פון דער רעגיערונג, ווייל פריהער האט ער דיא זעלבע רעגיערונג שרעקליך קריטיקירט און ווען ער האט געקראגען דיא פענסיע האט ער געשוויגען שטיל. דאגעגען אָבער שיינט דאס צו זיין אמת, וואס היינע האט ערקלערט, אז דיא פראנצויזישע רעגיערונג שטיצט עהרענווערטהע אויסלענ־דער, דען גראד אין יענער צייט האבען זיך געפונען אין פראנקרייך מאססען אזעלכע אויסלענדער צווישען וועלכע עס זיינען געווען בעראָנען, גראפען, פירסטען, גענעראלען און עקס־מיניסטאָרען, פריעסטער און פּאָלקסמענער, „א'ן אריסטאָקראטיע פון בעריהמט־הייטען פון טאלענט און אונגליק“. אלע פערפאָלגטע און ענטלאָפענע פון פערשיעדענע מדינות, וועלכע האבען געבראכט נאך פראנקרייך א הויכע רעפּוטאציע האבען געקריעגען א רעגעלמעסיגע פענסיאָן פון דער פראנצויזישער קאססע.

אָבער אויך דיעזע שכירות האט ניט געקלעקט צו דעקען היינעס חובות, וועלכע האבען בעטראָפען אזוי פיעל וויא 22,000 פראנק. ערשט דאן, ווען ער האט פערקויפט זיין פערלעגער קאמפּע זיינע ווערק אויף עלף יאָהר פיר דיא גלייכע סומע צו בעצאהלען אלע זיינע שולדען — האט זיך היינע בערוהיגט און אָנגעפאנגען צו מאכען נייע פּלענער פיר ליטערארישע ארבייטען.

דער צוזאמענהאנג פון דיעזע אלע זאכען, צופעלע און שטימונ־גען גיט אונז א קלאָרען בעגריף פארוואס היינעס פּאָעטישע שאפונגס־קראפט איז ביסלעכווייז געלעהמט געוואָרען און דיא מוזע וועלכע איז שטענדיג געווען זיין בעסטע פריינדין האט איהם אנגעפאנגען זעלטענער צו בעזוכען. ער האט ניט מעהר געהאט קיין אמונה אין זיך אליין, אז ער קען נאך שאפען אזעלכע שעהנע

ליעדער וויא אמאל. „מיין לעבענסאלטער איז ניט מעהר געאייגנעט צו פערזען און פערלאנגט פראזא“, האט היינע געזאגט. דער דיכטער איז געווארען א פראזא־שרייבער, אבער דיא פראזא איז געוועזן מייסטערהאפט און האט געוויזען דיא גרויסע זשעניאליטעט פון דעם שרייבער. זיינע שריפטען פון יענער צייט איבערהויפט דיא „פלארענטינישע נעכט“ צייגט מיט אונבעשטרייטבארע פאקטען אז דער הייליגער פלאם פון היינעס גאונות האט זיך נאך ניט אויסגעלאשען, אבוואהל זיינע געגנער האבען געהאלטען אין איין שרייען, אז ער איז שוין „אויסגעוועבט“ און „זיין גייסט געהט אויף קוליעס“. אזוי האט היינע אלץ מיט מעהר ביטערקייט גע־שריעבען זיך שלאגענדיג מיט א וועלט שונאים און שאפענדיג זיך טעגליך מעהר און מעהר בלוטיגע פיינד. אלס דער ערגסטער פון דיעזע שונאים איז איהם פארגעקומען זיין אמאליגער פריינד לודוויג בערנע.

דורך רכילות־טרייבער זיינען זיי געווארען אלץ פרעמדער און ווייטער איינער צום צווייטען ביז עס האט זיך ענטוויקעלט צווישען זיי א טיעפע שנאה. בערנע האט איבערהויפט ניט פער־שטאנען היינע'ן בערנע איז געוועזן א „פארטיי־מאן“ א „פרינצי־פיעלער“ מענש, ארומגערינגעלט מיט היינע'ס געגנער, וועלכע זיינען געוועזן טריי צו זייערע „פרינציפען“ און פלעגען נור האלטען אין איין זוכען חטאים אויף היינע'ן.

היינע האט דערפאר זיך בעשלאסען אבצורעכנען מיט בערנע'ן און האט שטילערהייד געשריעבען אויף איהם אלץ, וואס זיין שווער און ביטער הארץ האט איהם נאר דיקטירט. כל זמן בערנע האט געלעבט האט זיך היינע ניט געוואלט מיט איהם עפענטליך פער־קריעגען, דאך ווען בערנע איז געשטארבען איז ערשיענען זיין לעבענסבעשרייבונג, וועלכע האט געשטעמפעלט היינען פאר דעם פערפאסער פון א מיאוס'ען פאסקעוויל און פאר א גרויסען פייגלינג, א טרוס. ווען היינע וואלט פערעפענטליכט דיזעלבע בעשרייבונג ווען בערנע האט געלעבט, וואלט דאס געמאכט א גרויסע ווירקונג, ווייל אזוי וויא היינעס אלע פאלעמישע ביכער אזוי איז אויך דיזער

צוך, פול מיט קראפט און אייזערנע אטאקעס, וואס טרעפען וויא דונערן. ער האט אבער געווארט דערמיט ביז זיין געגנער איז געשטארבען, האט ער זיך אונשטערבליך בלאמירט.

שפעטער האט היינע חרטה געהאט, וואס ער האט דאס בוך פערעפענטליכט און וואס ער האט איהם גאר געשריעבען. „דו ליעבער גאטט!" שרייבט ער איינמאל צו א פריינד, „ווער עס שרייבט ביכער איז שטענדיג אין סכנות צו בעגעהן גרויסע נארישקייטען. פון דעסטוועגען איז דער דאזיגער בוך נאך לאנג ניט אזוי שלעכט וויא מען זאגט אין מיין פאטערלאנד". און דער בוך איז ווירקליך גוט, נאר אביסעל צו פיעל פערזענליך.

דיא גאנצע אנגעלעגענהייט האט נאך אבער געהאט א זעל־טענעם נאכשפיעל: דער אנגריף אויף בערנע האט שרעקליך אויפ־גערעגט און געקריינקט בערנעס פריינדין, מאדאם שטראוס און זיא האט געשיקט איהר מאן, סאלאמאן שטראוס, ער זאל זיך נוקם זיין אן דעם אנגרייפער. סאלאמאן שטראוס האט אבגעווארט היינען אויפ'ן גאס און האט זיך מיט איהם געוואלט אויס'טענה'ן, אבער היינע האט ארויסגענומען זיין קארט און איהם געגעבען מיט דער בעמערקונג, אז אין גאס פערהאנדעלט מען ניט קיין געשעפטען און אויב ער וויל זיך מיט איהם פערהערען זאל ער קומען אין צוויי וואכען ארום ביי איהם אין הויז, ווייל ער פאהרט יעצט אוועק. קארעספאנדענטען האבען באלד צוקלונגען אין אלע צייטונגען, אז היינע האט זיך דערשראקען פאר סאלאמאן שטראוס און איז אנט־לאפען. דאס איז היינען שטארק ניט אנגעשטאנען און ער איז האסטיג געקומען צוריק נאך פאריז, וואו ער האט אויפגעפארדערט סאלאמאן שטראוס אויף א דועל. היינע און שטראוס האבען זיך בעגעגענט מיט געלאדענע רעוואלווערס דעם 7טען סעפטעמבער, 1841, אין דעם טהאל פון סט. זשערמיין. דער סוף פון דעם דועל איז געווען, אז סאלאמאן שטראוס האט געטראפען היינען אין קעשענע און האט איהם דורכגעלעכערט דעם פאקעט־בוך (פארט־מאניי) און היינע האט געשאסען אין דער לופטען.

ביז דער צייט פון דיזער פאסירונג האט ער נאך אלץ געוואהנט

מיט זיין מאטילדע אָהן א רעליגיעזע טרויאונג. זעהענדיג אבער, אז ער איז ארומגערינגעלט מיט שונאים פון אלע זייטען און פיה־לענדיג אז ער ווערט אלץ שוואכער אין געזונד האָט איהם גענומען שרעקען דער געדאנק, אז זיינע פערפאָלגער זאָלען זיך נאָך זיין טויט ניט אָברעכענען מיט זיין פרוי. ער האָט זיך דערפאר דעם 30טען דעצעמבער 1841 געטרויט מיט איהר אין א קירכע און איהר נעמאכט אלס זיין געזעצליכע פרוי.



## זעקסטער קאַפּיטעל.

היינע'ס רייכער אַנקעל שטאַרבט.—א שרעקליכע קראַנקהייט לעגט אַוועק דעם דיכטער זיעבּען יאַהר אויף א טויטען בעט.—היינע'ס ליידען אונבעשרייבּליך.—אַרימקייט און עלענד פערפינסטערן זיינע לעצטע טעג.—היינע'ס שטאַרקער גייסט ווערט ניט אַבגעשוואַכט.—זיין אייגענע מצבה.—היינע'ס שטילע לויה און זיין אונשטערבּליכער נאָמען.

יעצט קומט דער שלוס פון דער דראמא, היינעס לעבען נעהמט ענדליך א'ן ערנסטע ווענדונג. דער אונרוהיגער, לעבענס-לוסטיגער דיכטער געפינט זיך פלוצלינג אויף א קראנקען בעט, פון וועלכען ער האָט זיך ניט מעהר געקענט בעפרייען. בלאָס, מיט האלב־פערמאכטע אויגען אבער מיט א שטארקען גייסט און א פרישע פּיה־לענדע הארץ ליעגט דער לעבעדיג טויטער דיכטער אין זיין צימער און דיכטעט זיינע הערצרייסענדע קלאגע־ליעדער. זיין איינציגער פריינד אין זיין טרויריגען יאמערפולען לעבען איז זיין פרוי, דיא געטרייע, אונוויסענדע און איבערגעבענע מאטהילדע.

אָבער ער ליידעט דאָך. אייפערזוכט צוברעכט זיין הארץ. מאטהילדע איז נאָך יונג, שעהן, מונטער פול מיט לעבען. זיא וויל נאָך געניסען פון דער וועלט. אלס א געבאָרענע פראנצויזקע ליעבט זיא טהעאטער, קאָנצערט, אָפּערא אָבער היינע קען מעהר מיט איהר ניט געהען. א קורצע צייט בלויז האָט זיא געהאט דאָס גליק צו שפאציערען מיט איהר בעריהמטען מאן, וועמעס גרויסקייט זיא האָט ניט פערשטאנען. היינע פלעגט איהר מאנכעסמאָל ערלויבען צו געהן מיט א פריינדין אין טהעאטער, אָבער ער פלעגט דערביי ליידען אָהן א שיעור. ער האָט געוואוסט, אז זיא איז איהם טריי און ליעבט איהם נאָך אפילו יעצט אויך, אָבער זיין הארץ האָט איהם וועה געטהאָן.

היינעס קראנקהייט איז באלד בעגלייט געוואָרען מיט נויט און דיא לאגע איז געוואָרען שרעקליך. אין דעם יאהר 1845 האָט מען איהם פלוצלונג אָנגעזאָגט, אז זיין רייכער אָנקעל סאלאָמאָן היינע איז געשטאָרבען. דיעזע בשורה האָט דעם קראנקען דיכטער נאָך קראנקער געמאכט. באלד נאָך דער טרויריגער בשורה האָט איהם זיין קאָזין קארל היינע, דער זוהן פון פערשטאָרבענעם כאלאָ־מאָן, געלאָזט וויסען אין א בריעף, אז דיא פענסיע פון 800 טהאלער וועט מעהר ניט געשיקט ווערען, ווייל אין דער צוואה איז פון דעם כמעט וויא גאָר ניט גערעדט. פון אָנפאנג האָט היינע געזוכט אָנצואווענדען אלע מיטלען צו קריעגען זיין פענסיע אויף א פריעד־ליכען אופן, זעהענדיג אָבער, אז דאָס קען ניט העלפען האָט דער פערצווייפעלטער דיכטער גענומען סטראשען, אז זיין פעדער איז א שארפע שווערד מיט וועלכער ער וועט צווינגען זיין קאָזין צו געבען ווייטער דאָס יעהרליכע געהאלט. ער האָט אריינגעשיקט א בריעף אין וועלכען ער האָט איבערצייגט מיט דעם אידישען מוזיקער מייערבעער, וועלכער איז דאן געוועזן היינעס פריינד, אז זיין אָנקעל סאלאָמאָן האָט פערשפּראָכען זיין פלעמעניק א פענסיע אזוי לאנג וויא ער וועט לעבען. דיא אונטערהאנדלונג איז אָנגעגאנגען א לייננערע צייט ביז ענדליך אין דעם יאָהר 1847 האָט זיך קארל היינע אויסגעגלייכט מיט זיין קאָזין און איהם וויעדער פערשפּראָ־כען צו געבען זיין יעהרליכע פענסיע וויא פריהער. דערפאר אָבער האָט היינע געמוזט פערזיכערען, אז ער וועט אויף זיין פאמיליע גאָר ניט שרייבען.

דערפון איז אייגענטליך צו זעהען, אז דער רייכער קאָזין האָט געגעבען געלד, ווייל ער האָט מורא געהאט פאר קריטיק. עס איז אפילו פון היינעס זייט ניט געוועזן אזוי הן'עוודיג צו געברויכען אזעלכע מיטעל, אבער מען מוז דאָס איהם פערצייהען, דען ער האָט זיך דאן ניט געקענט בעסער העלפען. אין יענער פינסטערער צייט האָט זיך היינע בעשלאָסען נאָך א מאָל צו מאכען א רייזע נאָך דייטשלאנד. ניט מעהר אָבער אויף אזא אופן וויא ער פלעגט רייזען אמאָל. ער האָט יעצט געוואָלט קומען נאָך בערלין זיך זעהן מיט

דעם בעריהמטען כירורג דיפענדאר, וועלכער איז געוועזען זיינער א יוגענד־חבר פון באַננער אוניווערזיטעט. ער האָט געוואָלט דער דאָקטאָר זאָל איהם אונטערזוכען און זאָגען אויב ער קען נאָך גע־היילט ווערען. דערביי האָט ער זיך אויך געוואָלט זעהן צום לעצטען מאָל מיט זיין מוטטער, וועלכע ער האָט אזוי געליעבט. אום דאָס צו עררייכען האָט זיך היינע געווענדעט צו זיין גוטען פריינד אלעקסאנדער פאָן הומבאָלדט, ער זאָל אויסווירקען ביי דער רעגיע־רונג, דאָס ווען ער וועט קומען אין פרייסען זאָל איהם די פּאָליציי ניט טשעפּען. קעניג פריעדריך ווילהעלם, וועלכער האָט שטארק געהאלטען פון היינעס טאלענט האָט זאָגאר ניט געהאט דאגעגען, אָבער די פּאָליציי האָט ניט געוואָלט געבען איהר עהרענוואָרט, אז זיא וועט דעם דיכטער ניט מאכען קיין שטערונגען. היינע האָט דערפאר געמוזט אויפגעבען די האָפנונג צו פאָהרען נאָך דייטש־לאנד און זיין געזונדהייט האָט זיך אלץ מעהר פערערגערט.

היינעס קראנקהייט איז געווען אונהיילבאר. ער האָט געלי־טען די גרעסטע יסורים, אבער קיין דאָקטאָר האָט איהם ניט געקענט העלפען. עס האָט איהם געטריקענט דער מארך אין די ביינער. אין צייטען פון שרעקליכע שמערצען פלעגט ער מוזען איינגעהמען מאָרפין אום צו לינדערן זיין וועהטאָג. וויא היינע אליין שרייבט פלעגט ער אייננעהמען יעהרליך פאר 500 פראנק מאָרפין א יאָהר. דיעזער גיפט פלעגט שטילען זיינע וועהטאָגען און איהם געבען א מעגליכקייט צו טהאָן זיין גייסטיגע ארבייט. דאָס מערקווירדיגסטע אין היינעס נאטור איז דאָס, וואָס זיינע קערפּערליכע ליידען האָבען אויף זיין גייסט קיין שום ווירקונג ניט געהאט. ער פלעגט שטענדיג זאָגען וויטצען און מאכען געלעבטרס פונקט וויא אין די גליקליכסטע צייטען פון זיין לעבען. זיעבען שווערע, טרויעריגע יאהרען איז היינע געלעגען קראנק. מאנכעסמאָל נאָר פלעגט מען איהם ארייננזעצען אין א'ן אינוואלידען־שטוהל און ברענגען נאָך דער גרויסער פאריזער שטאָדט־ביבליאָטהעק, וואו ער פלעגט לעזען זשורנאלען און ביכער און זיך דערוויסען פון אלץ וואָס איהם האָט אינטערעסירט. די גאנצע זיעבען יאָהר פון

זיינע שווערע, אונבעשרייבליכע ליידען האט היינע ניט אויפגע־הערט צו שרייבען. דיא פעדער פלעגט כמעט קיינמאל ניט ארויס־געהן פון זיין האנד. אבוואהל ער פלעגט דאן זאגען זיינע טרעפ־ליכע וויטצען און גלייכווערטלעך, דאך האט זיין הארץ ניט אויפ־געהערט וויינען.

דאן זיינען דאס בעשאפען געווארען זיינע „לעטצטע געדיכטע", וועלכע זיינען דורכגעווייקט אין טרעהרען און שווארצען פעסימיז־מוס. אין א סך פון יענע ריהרענדע, שוידערליכע געזאנגען זיינען דער יאוש און דער וויטץ אזוי נאטירליך צוזאמענגעוועבט, אז זיי רופען ארויס טרעהרען און געלעכטער צו דערזעלבער צייט. איבערהויפט האט היינע אין זיינע „לעטצטע געדיכטע" ניט פערגעסען זיין געטרייע מאטהילדע. אין ליעדער, וואס צוברע־כען דאס הארץ און מאכען שוידערן האט היינע אויסגעגאסען זיין גרויסע נשמה אין ליעבע און טרייהייט צו מאטהילדע, וועלכע האט איהם געדיענט וויא א מוטער ביז זיין לעצטע מינוט.

אויף זיינע לעצטע ליעדער האט היינע אליין געזאגט: „דאס איז א קלאג וויא פון א קבר... דאס געהט א לעבעדיג־בעגראבענער דורך דער נאכט, אדער גאר א בר־מנן, אדער גאר דער קבר אליין. יא, אזעלכע טענער האט נאך דיא דייטשע ליריק ניט געהערט און זיי אויך ניט געקענט הערען, וויל עס האט נאך קיין דיכטער אזוי ניט געליטען." דער העלדישער גוואלט פון גייסט איבער דעם צובראכענעם ליעב צווינגט אונז צו שטוינען און צו בעוואונ־דערען דאס בילד פון ענטזעטצליכען יאמער אין וועלכען דיא אונ־שטערבליכע זעעלע ראנגעלט זיך מיט דעם שטערבליכען גוף. דיעזע אונבעשרייבליכע ליידען האבען א סך פון היינעס שונאים פערוואנ־דעלט אין פריינד. א סך דייטשען, וואס האבען דאן בעזוכט דעם דיכטער אין זיין קראנקענצימער האבען געבראכט דיא נייעס אהיים, נאך זייער פאטערלאנד, און האבען אויפגעוועקט דאס הארץ פון דייטשען פאלק מיט טיעפער סימפאטהיע צו זיין אונגליקליכען פאעט.

צווישען דיא געטרייע פריינדינען פון דעם קראנקען זינגער,

וועלכע פלעגען איהם שטענדיג בעזוכען, זיינען געוועזן מאדאם זשובערט, דיא פירסטין בעלגיאָדזשאָזא, דיא ענגלענדערין, ליידי דאָף גאָרדאָן, דיא רוסישע גרעפין קאלעריגס און איבערהויפט יענעם רעטזעלהאפטעם וועזען, וואָס האָט בעגלייט דעם זינגער פון שמערץ און ליעבע דורך אלע זיינע לעבענס־גאנגען — דיא מוזע.

אין דיא ליעדער, וואָס היינע האָט געדיכטעט דיא לעטצטע צייט, שפּיעגעלט זיך אָב זיין צוריסענעס געמיטה, זיין שוועבען צווישען הימעל און ערד, נישט וויסענדיג אליין וואָס ער וויל און נאָך וואָס ער זאָל פערלאנגען. ער האָט געוואָלט שטארבען און לעבען. ריינער גלויבען און ווילדער אונגלויבען, שפּאָט און פרומ־קייט, לצנות און היילינקייט, דאָס אלעס האָט זיך צונויפגעמישט אין זיין קראנקע־געזונדע זעעלע און האָבען זיך אויסגעדריקט אין שוידערליכע פאָרשטעלונגען. טרויעריגע געשטאלטען, שוידערהאפ־טע חזיונות, הימעלשע הללויה'ס און טייפעלשע געלעכטערס. היינע האָט געוואוסט, אז ער איז פערהאסט ביי אידען און קריסטען און זיין לויה וועט זיין שטיל און אָהן צערעמאָניעס. ער האָט אליין נביאות געזאָגט אויף זיין כוח און געשריעבען א פערז, וועלכער מעג ווערען אויסגעקריצט אויף זיין מצבה.

נים קיין קירכענגלאָק וועט קלינגען,
ניט קיין קדיש וועט מען זאָגען.
שטיל וועט מען צום גרוב מיך ברינגען,
שטיל וועט מען מיין מטה טראָגען.

דעם 17טען פעברואר 1856 האָט היינע צום לעצטען מאָל געאָטהעמט. אין דריי טעג שפּעטער, דעם 20טען פעברואר 1856, אין א קאלטען, נעבעלדיגען, ווינטערמאָרגען, אום עלף אוהר פאָר־מיטאג, איז געוועזען היינעס לויה. אונגעפעהר הונדערט מענשען האָבען איהם בעגלייט צום בית עולם פון מאָנטמארט אין פאריז. צווישען דיא פראנצויזען, וואָס האָבען צוגעטהיילט דעם דיכטער דיא לעצטע עהרע, האָט זיך אויך געפונען דער בעריהמטער נאָווע־

ליסט אלעקסאנדער דיומא. מאטהילדע היינע האט איבערגעלעבט איהר מאן מיט 27 יאהר. זייט דעם 17טען פעברואר 1883 רוהט זיא נעבען איהר אונשטערבליכען לעבענס־בעגלייטער אויף דעם בית עולם מאָנטמארט.

אין אלגעמיין מעג מען זאָגען, דאָס מיט דער איינציגער אויס־נאהמע פון געטהע קען דייטשלאנד ניט אויפווייזען אין איהר גאנצער ליטעראטור נאָך אזא ליריקער, אזא פיעלזייטיגען ליטעראט, אזא בעגייסטערטען און ליידענשאפטליכען זינגער וויא דעם איד היינריך היינע. דער אנטיסעמיטישער גייסט אָבער, וואָס הערשט איבער דיא דייטשען זייט לאנגע יאָהרען, לאָזט נאָך אלץ ניט דאָס דייטשע פאָלק אבגעבען דעם דיכטער זיין פערדיענטע עהרע און אנערקענונג. אין דער צייט, וואָס די דייטשען פעראייביגען קליינע, אונבעדייטענדע דיכטער און שריפטשטעלער אין שטיין און בראָנז, האָט נאָך דער גרויסער דייטשער פאָלקס־דיכטער אלץ קיין מאָנו־מענט אין דייטשלאנד. דיא שטאָדט דיסעלדאָרף, וואו היינע האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן דאָס ליכט, און וועלכע ער האָט אזוי ליעב און הארצעדיג דערמאָהנט אין זיינע בעריהמטע „רייזע בילדער“, ערלויבט נאָך אלץ ניט צו בעשעהנען איהר באָדען מיט א היינע־מאָנומענט.

א סך מאָל האָבען בעריהמטע דייטשע קינסטלער, ליטעראטען און געלעהרטע געוואָלט אראָבנעהמען דעם פלעק פון זייער פאטער־לאנד און אוועקשטעלען א מאָנומענט נאָך דעם געניאלען אידישען פאָעט, אבער דאָס איז זיי ניט געלונגען. פיר דיא גייסטליכע זיינען היינעס ווערק פול מיט אפיקורסות, פאר די סתם אנטיסעמיטען איז היינע סתם א איד, פאר די רעאקציאָנערען און פינסטערע פאָלקספערפיהרער איז היינע א פיינד פון דייטשלאנד, וועלכער האָט פערשפאָטעט דיא דייטשע קעניגע און אינסטיטוציאָנען, פאר דיא מאָראליסטען און פיינע בעלי בתי׳שע דייטשען איז היינע אונ־מאָראליש. פון איין דייטשער שטאָדט נאָך דער אנדערער האָט געוואנדערט היינעס בעריהמטער מאָנומענט, געמאכט פון א דייטשען סקולפטאָר, וועלכער האָט פערעוויגט אין שטיין היינעס

אונשטערבליכע גערדיכט דיא „לאָרעליי“, און אין ערגעץ האָט מען דעם מאָנומענט ניט אָנגענומען. אזוי האָט די אונשטערבליכקייט פון דעם הערליכסטען דייטשען זינגער געוואָגעלט אין שאנדע און פעראכטונג ביז עס איז ענדליך געקומען נאָך דער „נייער וועלט“— אמעריקא. דיא שטאָדט־פערוואלטונג פון ניו יאָרק האָט נאָך פיעלע דעבאטען ערלויבט אוועקצושטעלען דעם מאָנומענט אין בראָנקס־פארק. אבער אויך דאָ איז דעם מאָנומענט א'ן אונגליק געשעהן. אין א קורצער צייט ארום וויא מען האָט איהם אוועקגעשטעלט האָט מען איהם אין א געוויסען פריהמאָרגען געפונען צושמעטערט אין שטיקער. דיא פרעכטיגע פיגורען זיינען געוועזן צוהאקט און דיא קונסטפאָלע מארמאָרנע גליעדער צוואוואָרפען ארום און ארום דעם מאָנומענט. געוויינט האָט דער סקולפּטאָר, וועלכער איז ספּעציעל געקומען נאָך אמעריקא בייצואוואָהנען דיא צערעמאָניע, ווען מען וועט פון דעם מאָנומענט אראָבנעהמען דעם שלייער און איהם איבערגעבען צו דער שטאָדט. דיא אידען פון ניו יאָרק און אלע רעכטדענקענדע מענשען זיינען געוועזן געריהרט פון דעם געמיינעם פערברעכען, אבער דער מאָנומענט איז באלד פעררירכט געוואָרען און ער ווערט יעצט געהיט פון כּפּעציעלע שטאָדט־וועכטער.

היינע האָט נאָך א מאָנומענט אין א פרעמדע מדינה. אָבער אויך מיט דיעזען מאָנומענט איז פערבונדען א גרויסער סקאנדאל, וואָס מאכט דייטשלאנד ניט קיין עהרע. דיא געשיכטע פון דעם מאָנומענט איז זעהר ראָמאנטיש און דערצעהלט זיך אין קורצען אזוי:

דיא עסטעררייכישע קייזערין עליזאבעט, וועלכע איז געוועזן פערליעבט אין היינעס ווערקע, האָט געזוכט א געלעגענהייט אויסצודריקען איהר טיעפע ליעבע צו איהר דיכטער עפענטליך פאר דער וועלט. צו דיעזען צוועק האָט זיך געגרינדעט א קאָמיטעט פון פּראָמינענטע דייטשען, וואָס האָט געזאמעלט געלד פיר א היינע מאָנומענט, וועלכער זאָל אוועקגעשטעלט ווערען אין א דייטשע שטאָדט.

דיא קייזערין פון עסטעררייך האָט זיך געצייכענט אן דער שפּיטצע פון דער זאמעל־ליסטע מיט א גרויסע סומע.

ווען דאָס איז בעקאַנט געוואָרען האָט ביסמארק, דער דאמאלס־דיגער רייכסקאנצלער דייטשלאנד'ס, ארייננעשיקט א בריעף צום עסטרייכישען קייזער אויסדריקענדיג זיין פערוואונדערונג, וואָס א קייזערין פון א פריינדליכע נאציאָן, זאָל פערעהרען א דיכטער, וואָס איז געווען אַ'ן אָפענער פיינד פון דיא האָהענצאָלערן.

אָבוואָהל דאס קאָמיטעט האָט ניט געזאָגט אויסדריקליך אין וועלכער דייטשער שטאָדט עס דענקט דעם היינע מאָנומענט צו שטעלען, דאָך איז געווען אַ'ן אָפענער סוד אז דיא בעשטימטע שטאָדט איז געוועזן וויען און דער בעשטימטער אָרט — דער קייזער־ליבער שלאָס פון עסטערייך.

ביסמארק'ס בריעף איז באלד בעקאַנט געוואָרען און דיא אנטיסעמיטישע פרעסע פון עסטרייך און דייטשלאנד האָט אָנ־געפאנגען שטארק צו פּראָטעסטירען. דיא אנטיסעמיטען זיינען געגאנגען אזוי ווייט אז זיי האָבען עפענטליך אטאקירט דיא קייזערין און געשריעבען אז זיא איז משוגע, דען זאָנסט וואָלט זיא ניט געזוכט אָבצוגעבען כבוד א אידישען דיכטער.

קייזער פראנץ יאָזעף האָט ניט געוואָלט איינרייסען מיט דייטשלאנד, וועלכע האָט בעלאנגט צום דריי־בונד, און האָט פער־באָטען דעם מאָנומענט אוועקצושטעלען אין זיין מדינה.

דיא קייזערין האָט זיך אָבער ניט אָבגעשראָקען און האָט בעשלאָסען דורכצופיהרען איהר וואונש אויף להכעיס דייטשלאנד און דיא אנטיסעמיטען. זיא האָט זיך דערוואוסט, אז דער דענישער סקולפּטאָר האזעלריס אין רוים האָט געמאכט א צייכנונג פון א היינע־מאָנומענט. זיא האָט געהייסען ער זאָל אויספיהרען דיא סטאטוע פון איהר ליעבלינגס פּאָעט אין מארמאָר און זיא האָט דאָס אוועקגעשטעלט נעבען איהר פּרעכטיגען שלאָס אין קאָרפו, גריכענ־לאנד.

ביסמארק האָט געקריצט מיט דיא צייהן, אָבער ער האָט גאָר ניט געקאָנט טהון. דיא עסטרייכישע קייזערין פלעגט שטענדיג אין פּאריז בעזוכען היינעס קבר און איהם בעקראנצען מיט טהייערע בלומען. זיא האָט אויך בעזוכט היינעס שוועסטער שארלאָטע פאָן

הגעמדען און זיך געלאָזט דערצעהלען פערשיעדענע זאכען פון איהר הערצענסגעליעבטען פּאָעט.

פיר אונז אידען האָט היינע א ספּעציעלען ווערטה פאר זיין „ראבבי פאַן באכראך“, זיין „פּרינצעסין שבת“ און פאר זיין ענערגישען שטרייט געגען דיא פערמאסקירטע „קריסטליכע ליעבע“. היינע'ס געדיכטע אויף יהודה הלוי, וועט לעבען אזוי לאנג וויא ישראל'ס אלטע קעניג'ס שטאָדט, ווענען דער פערפאסער פון „ציון הלא תשאלי“ האָט אזוי הייס און שטארק געליעבט. היינע איז געוועזען א איד און פאר זיין טויט האָט ער אָפען חרטה געהאט אויף זיינע אנגריפע געגען דער רעליגיאָן און אויף זיינע געלעכטערס פון אלץ וואָס איז הייליג. „איך זעה יעצט“ — האָט היינע געזאָגט — „אז דיא גריעכען זיינען נאָר געוועזען שעהנע אינגלאך, אבער דיא אידען זיינען שטענדיג געוועזען מענער, געוואלטיגע מענער, וועלכע מען האָט ניט געקענט בייגען. און ניט נאָר אמאָל זיינען זיי דאָס געוועזען, זאָנדערן זיי זיינען דאָס נאָך ביז אויף היינטיגען טאָג, טראָטץ אכטצעהנהונדערט יאָהר פון רדיפות און עלענד. איך האָב זיי יעצט בעסער קענען געלערנט און ווען יעדער שטאָלץ פון געבאָרענע יחוס וואָלט ניט געוועזען א נארישער ווידערשפרוך, וואָלט איך שטאָלץ געוועזען דארויף, וואס מיינע עלטערן שטאמען פון דאָס עדלע הויז פון ישראל; און וואָס איך קום ארויס פון יענע מערטירער, וואָס האָבען געגעבען דער וועלט א גאָט און א מאָראל, און האָבען געשטריטען און געליטען אויף אלע שלאכטפעלדער פון געדאנקען.“

דאָס איז געווען בעוויז, אז היינע איז געוועזען און געבליעבען א איד. א קרבן פון אומשטענדען האָט ער ניט געקענט זיין אנדערש וויא ער איז געוועזען. מיר פערצייהען איהם אלע זיינע שוואכקייטען און נעהמען אָן זיין חרטה, וועלכע קומט פון טיעפען הארצען. מיר בעהאלטען זיין בעריהמטען, אונשטערבליכען נאָמען צווישען דיא איבעריגע גרויסע נעמען פון אידישע מערטירער, וועלכע דער גלות האָט אָבגעריסען פון אונז בלויז לפנים.

ע נ ד ע.

# וואָלטער

---

אלס מענש און דענקער.

---

פון

יעקב גאָרדין.



## .1
## וואָלטערס לעבען.

מיר געפינען ניט אין דער וועלט געשיכטע א צווייטען ביי־שפּיעל, א שרייבער זאָל שפּיעלען אזא גרויסע ראָללע און זאָל האָבען אזא מערקווירדיגע בעדייטונג, וויא דער בעריהמטער פראנצויזישער שרייבער וואָלטער. ער האָט זיך מיט זיין פעדער אזוי בעריהמט גע־מאכט, וויא אלכסנדר מוקדון, וויא נאפּאָליאָן באנאפּארטע און אנ־דערע גרויסע פעלדהעררן. עס איז נאָך א פראגע, אויב זיי מיט זייערע קאָלאָססאלע ארמעען האָבען געפיהרט אזעלכע זיעגרייכע מלחמות, וויא וואָלטער, אויב זיי האבען איינגענומען אזעלכע פעס־טונגען, אויב זיי האָבען געשראָקען זייערע פיינדע, וויא וואָלטער.

וואָלטערס ווערקע זיינען געדרוקט אין זיעבציג וואָליומס. ער האָט געשריעבען וועגען פילאָזאָפיע און פּאָליטיק, וועגען נאטור געשיכטע און מאטעמאטיק, איז געוועזען א היסטאָריקער, א דראמען דיכטער, א עפּישער און לירישער פּאָעט, האָט געשריעבען סאטי־ריען און נאוועלען, וויסענשאפטליכע טראקטאטען און הומאָריסטי־שע ערצעהלונגען. זיין ריכטיגער נאָמען איז ניט וואָלטער, נאָר פראנץ מאריא אראָועט. דעם נאמען דע־וואלטער, אָדער פאָן־וואָל־טער האָט ער זיך א נאָמען געגעבען שפּעטער אום צו צייגען, דאָס ער שטאמט פון אריסטאָקראטישע פאמיליע. אין דער ווירקליכקייט אָבער שטאמט ער ניט פון א גרויסען יחוס. זיין פאָטער איז גע־וועזן א קליינ־בירגער. א נאָטאר און א פראקטישער געשעפטס־מאן, און האָט זעהר ווענינ געהאלטען פון פילאָזאָפי מיט פּאָעזי. וויא אם מיינסטען אללע גרויסע זשעניען דער וועלט, האָט ער אויך געהאט דאָס גליק צו האָבען א מוטער, וועלכע איז געוועזן זעהר א געבילדע־טע און, דאָס איז דער עיקר, א גייסטרייכע פרוי. פון איהר האָט ער גע׳ירשנט פיעלע פון דיעזע נייגונגען, וועלכע האָבען איהם שפּעטער געמאכט גרויס און בעריהמט.

ליידער איז זיין מוטער געשטאָרבען, ווען ער איז געוועזן אלט זיעבען יאָהר און מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָט איהם דער פאָ־

טער געשיקט לעהרנען אין א יעזואיטישען קאָללעדזש. דאָ האָט ער געלערענט דיא אלטע קלאסישע שפּראכען און האָט געלעזען דיא קלאסישע פּאָעטען, וועלכע האָבען אין איהם ענטוויקעלט דיא נייגונג צו פּאָעזי, צו מליצה, צו דראמא. דאָ אָבער האָט ער זיך בעקאָנט מיט דער יעזואיטישער סיסטעם פון לעבען.... חנפנן מעכטיגע מענשען, פעראכטען קליינע מענשען. זיין פרום נאָר צווישען פרעמדע, אויסגעלאסען, ציניש צווישען אייגענע. קיין פיעלע קענטניסע און קיין אמת'ע בילדונג האָט ער פון דער יעזואיטישער שולע ניט ארויסגעטראָגען. וואָלטער אליין זאָגט: „ווען איך בין ארויס פון דער שולע האָב איך געקענט לעטיין און האָב געוואוסט פיעלע אנדערע זאכען, איך האָב נאָר ניט געוואוסט, וואָס מען דארף וויסען". אלס צוועלף־יעהריגער שיללער פון דער יעזואיטען שולע האָט ער זיך בעריהמט געמאכט מיט א געבעטס בריעף, וועלכען ער האָט אָנגעשריעבען אין ווערזען פיר איין אלטען קראנקען סאָלדאט. דיעזער אינוואליד האָט געבעטען ביים קעניג א פענסיע און אויף אלע זיינע געבעטס־בריעפע האָט ער קיין ענטפער געקראָגען, ביז מי האָט איהם געראטהען ער זאָל זיך ווענדען צו דיא „געלערענטע" תלמידים פון דער יעזואיטען שוללע. וואָלטער האָט איהם אָנגעשריבען א בריעף אין שירים און דער בריעף האָט ארויסגערופען פיעל אויפמערקזאמקייט ביים קעניגליכען האָף און אין פאריז. ער איז נאָך געוועזען זעהר יונג האָט מען איהם שוין צוגעלאָזט אין דיא סאַלאָנען פון דער העכערער געזעלשאפט, וואו ער פלעגט זעהען לוקסוס, פערדאָרבענהייט, פאלשקייט, און הערען אפּיקורסישע דיסקוסיאָנען, שפּאָט פון רעליגיאָן און אווטאָריטעטען און וואו ער פלעגט באגעגנען מערקווירדיגע מענשען, שארפזיניגע אפיקורסים און פרייי דענקער.

זעכצעהן יאָהר אלט האָט ער געענדיגט דיא יעזואיטען שולע. זיין פאָטער האָט ניט געוואָלט וויסען פון זיינע פּאָעזיען אייי שרייבערייען און האָט געפאָדערט וואָלטער זאָל אויסערוועהלען א פּראקטישע פּראָפעסיאָן און זאָל מאכען א קאריערע. איהם האָט זיך געוואָלט זיין זון זאָל זיין אן אדוואָקאט און אין 1710 יאָהר איז וואָל־

טער געוואָרען א סטודענט פון א רעכט שולע. דאָ האָט ער זיך בע־קאנט מיט יונגע לייט, קינדער פון רייכע עלטערן, און אָנשטאָט צו שטודירען פלייסיג דיא תורה פון אדוואָקאטען. האָט ער געלעבט א גוטען טאָג. געשריעבען פאסקווילען אין סאטירען און פער־שווענדעט געלד מעהר, וויא פיעל זיין פראקטישער פאָטער האָט געוואָלט. דורך דעם איינפלוס פון זיינע מעכטיגע פריינד איז איהם געלונגען צו קריעגען פאר זיין זון א שטעללע, אלס א פאזש ביי דעם געזאנדטען אין האָללאנד. וואָלטער איז געקומען קיין האאג האָט זיך באלד בעקאנט געמאכט מיט דיא פראנצויזישע עמיגראנטען, וועלכע האָבען געוואוינט אין דער שטאָדט, האָט זיך פערליעבט אין איונגע מיידעל און איז דורך זיין ראָמאן פערוויקעלט געוואָ־רען אין פערשיעדענע אינטריגעס. דער געזאנדטער האָט איהם משלח געווען צוריק קיין פאריז מיט ניט זעהר א גוטען אטעסטאט. דער פאָטער איז געוועזן אויסער זיך און האָט געצוואונגען זיין זון צו ווערען א שרייבער ביי א פראָקוראָר. אין דער קאנצעלאריע פונ'ם פראָקוראָר האָט ער מעהר געטראכט פון דיא פערגעניגענס, וועלכע מי קען געפינען אין אזא שטאָדט וויא פאריז. און אָנשטאָט צו שריי־בען פראָטאָקאָלען האָט ער געשריעבען סאטיריען, בייסענדיגע און שטעכיגע פאסקווילען אויף דיא גרויסע הערשער און מעכטיגע פער־זאָנען, מיט דעם פלעגט ער זיך שאפען פיעל פיינדע און פערפאָלגער אָבער דאָס פלעגט איהם מאכען בעריהמט און פאָפולער.

אין 1715 יאָהר איז געשטאָרבען דער פראנצויזישער קעניג לודוויג דער פיערצענטער און ווייל דער טראָנפאָלגער איז נאָך גע־וועזן קליינינעהריג איז דער געראָצאָג פיליפ פון אָרלעאנס געוואָרען רעגענט, אָדער במקום מלך. דיא פערדאָרבענהייט און אויסגעלאסענ־הייט וועלכע זיינען געוועזן אין לודוויגס צייטען פערבאָרגען אונטער דער מאסקע פון גרויסארטיגען עטיקעט און היפאָקריטישע מאס־קען, זיינען ארויסגעטראָטען גאנץ אָפפען. אלע זיטליכע צוימען זיי־נען געוועזן אומגעוואָרפען און פיליפ פון אָרלעאנס אליין האָט זאָ־גאר ניט געמאכט קיין געהיימנים פון זיינע פערהעלטניסע צו זיין אייגענע טאָכטער.... אין דער צייט איז פאריז פערפלייצט געוואָרען

מיט שמוטציגע פאסקווילען, שטעכיגע סאטיריען און פערשיעדענע הומאָריסטישעי פּאָעמען. וואָלטער איז געוויס ניט אָבגעשטאנען פון אנדערע, ער האָט אָנגעשריעבען א סאטיריע אויפ'ן רעגענט און מי האָט איהם ארויסגעשיקט פון פאריז. צוויי יאָהר איז איהם געווען פערבאָטען צוריק קעהרען זיך. ער האָט אָנגעשריבען א מליצה בריף אין שעהנע שירים צום רעגענט, האָט אָבגעלייקענט, אז דיא סאטי־ריע, וועלכע מי שרייבט איהם צו, איז ווירקליך געשריעבען פון איהם. און א ראיה, זאָגט וואָלטער, אז ניט איך האָב עס געשריעבען, ווארום עס איז געשריעבען געוואָרען מיט זעהר שלעכטע ווערזען. מי האָט איהם ערלויבט אומקעהרן זיך און דער רעגענט האָט איהם ווידער געשענקט זיין גנאדע. ניט לאנג אָבער האָט וואָלטער גע־לעבט אין שלום מיט'ן קעניגליכען האָף און מיט דיא גרויסע אריס־טאָקראטען. ער האָט ווידער אָנגעשריעבען א סאטיריע. ער האָט געפּרובט ווידער אָבלייקענען, אז ער איז דער מחבר, אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען. אן אָפיציער האָט געשפּיעלט דיא ראָלע פון א שפּיאָן. ער האָט זיך געמאכט גוט פריינד מיט וואָלטער'ן, און ווייל וואָלטער האָט זיך ליעב געהאט צו בעריהמען, האָט ער דעם שפּיאָן ענטדעקט דעם אמת, ווער דער ריכטיגער פערפאסער פונ'ם פאסקוויל איז. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס מי האָט וואָלטערן פערשפּארט אין דער באסטיליע, וועלכע האָט אזא טרויעריגע היס־טאָרישע בעריהמטהייט. אין דיעזער פעסטונג איז וואָלטער געזעסען כמעט א יאָהר. נאכדעם האָט מען איהם ווידער ארויסגעשיקט פון פאריז.

עטליכע יאָהר האָט ער אומגעוואנדעלט פון איין אָרט צום אנדערן, פון איין שלאָס צום אנדער'ן, מיט זיין שארפזינן און וויי־ציגען שכל האָט ער זיך אום און אום געשאפען פערעהרער און פיינ־דע. ביכלאך וויז איז דיא שנאה געגען איהם אין קעניגליכען האָף אָבגעקיהלט געוואָרען און ער פלעגט זיך ערלויבען קומען א מאָל אין דער הויפּט שטאָדט פון פראנקרייך. אין דער צייט איז ער בע־קאנט געוואָרען אלס א דראמען דיכטער. ער האָט געהאט זעהר פיעל ליעבע צו דער ביהנע און טהעאטער קונסט, פלעגט אליין רע־

זשיסירען זיינע פיעסען, שפיעלען אין זיי ראָללען. האָט א פיעסא ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג ניט געהאט קיין ערפאָלג האָט ער זיא ביז דער צווייטער פאָרשטעלונג אזוי געענדערט און אומגעאר־בייטעט אז זיא פלעגט שוין האָבען דעם גרעסטען ערפאָלג. ער האָט געקענט דיא ביהנע און פערשטאַנען גוט, וואָס דיא „מבינים" פון זיין צייט האָבען געפאָדערט. ניט אומזיסט האָט מען אויף איהם געזאָגט: „וואָלטער מאכט זיינע פיעסען צווישען דיא פאָרשטעלונ־גען". דער ערפאָלג פון זיינע פיעסען און היסטאָרישע (עפישע) פאָ־עמען האָבען איהם צוריק געקעהרט דיא גנאדע פונ'ם גערצאָג פון אָרלעאנס, ער האָט געקריגען מתנות, געלד, א מעדאל און כבוד. דאָס האָט געדויערט ביז ער האָט אָנגעשריעבען א סאטיריע. מי האָט איהם ווידער ארויסגעשיקט פון פאריז און, ווי שטענדיג, האָט ער ווידער געפונען מיטלען צו נושא חן זיין און ווערען בעגנאדיגט. דאס אלעס אָבער האָט איהם ניט געקענט בעפרידיגען. ער האָט שטענדיג גערעכענט, אז ער איז ניט נאָר א גרויסער פאָעט און דיכטער, נאָר אויך אנגעשיקטער שטאאטסמאן און דיפּלאָמאט. ער האָט געוואָלט קריעגען איין אנגעזעהענע פּאָליטישע שטעלע. קריעגען אזא פאָסט האָט מען געקענט אין יענער צייט נאָר דורך א געוויסען דיובוא, וועלכער איז געווען מיניסטער און דיא רעכטע האנד פון דעם רעגי־רער. ער איז געווען א פאלשער, אויסגעלאסענער און זעהר פער־דאָרבענער מענש. דאָס אָבער האָט ניט געהינדערט וואָלטערן און ער האָט געפונען מיטלען צו ווערען בעקאנט און בעפריינדעט מיט דעם דיובוא. א מאָל, ווען וואָלטער איז געווען איינגעלאדען צו דיובו־א'ס טיש, האָט ער בעמערקט, אז איינער פון דיא אנגעזעהענסטע געסט איז דער זעלבער אָפיציער, וועלכער האָט איהם פער'מסר'ט אזוי פעררעטהעריש און צוליעב וועלכען ער איז געזעסען אין דער שרעקליכער באסטיליע. דאָס האָט איהם זעהר אויפגעבראכט און ער האָט מיט כעס אויסגעשריען: „איך האָב ניט געוואוסט, אז שפּי־אָנען געפינען אן עהרען־פלאץ ביים טיש פון מיניסטאָרען!" דער אָפיציער האָט וואָלטער'ן אָבגעוואַרט אויף איינע פון דיא פאריזער בריקען און האָט איהם געשלאָגען מכת רצח. עס איז ארויס א סקאנ־

דאל אויף גאנץ פאריז. וואָלטער איז געלאָפען צו אלע מיניסטאָרען און אלע מיליטערישע דעפּארטמענטען און האָט ניט געקענט געפינען געגען זיין בעליידיגער קיין דין און קיין דין.

נאָך א מיאוסער סקאנדאל איז ארוים ביי וואָלטערן מיט א געוויסען קאוואליר פאָן ראָהאן שאבא. דיזער אריסטאָקראט האָט געהאלטען פאר איין ערנידערונג מיט זיינע וויסע הענד שלאָגען א מענשען, וועלכער איז ניט קיין נאָבעלמאן, און איז נאָר א פּאָעט און פילאָזאָף, ער האָט געשיקט זיינע קנעכט זאָלען וואָלטערן שלאָגען און ער איז געזעסען אין זיין קארעטע און האָט געקאָמאנדעוועט וויא אזוי מען זאָל שלאָגען. וואָלטער איז ארוים פון זיך, ער האָט זיך געלערענט פעכטען און האָט ארויסגערופען זיין בעליידיגער אויף א דועל. דער קאוואליער האָט איהם ניט געענטפערט. וואָלטער איז אומגעלאָפען וויא א פערסאמטער איבער גאנץ פאריז, האָט געבעטען זיינע מעכטיגע פריינדע זאָלען זיך פאר איהם אָננעהמען, האָט געזוכט הילפע און האָט איבעראל בעגעגענט שפּאָט, חוזק און ערנידערונג. דער גייסטיגער צושטאנד פון דעם אויפגעבראכטען וואָלטער האָט זיך בעוויעזען געפעהרליך פיר דעם שטאָלצען אריסטאָקראט, מי האָט מורא געהאט, דער פערצווייפעלטער וואָלטער זאָל זיך ניט ערלויבען עטוואס געגען אזא מיוחס. און מי האָט וואָלטער'ן נאָך א מאָהל פערשפּארט אין דער באסטיליע. פון דער באסטיליע האָט מען איהם ארויסגעשיקט פון פראנקרייך און וואָלטער, וועלכער האָט געהאט פריינדע אין ענגלאנד, איז אוועק געפאָהרען אין דעם איינציגען לאנד, וואו א מענש האָט אין יענער צייט געקאָנט געפינען רעכטע און א געוויסע פרייהייט.

ענגלאנד מיט איהרע אינסטיטוטען און פּאָליטישע איינריכטונגען, מיט איהרע געלעהרטע פילאָזאָפען און פריי דענקער, האָט געמאכט א גרויסען איינדרוק אויף וואָלטערן. פאר איהם האָט זיך געעפענט א נייע וועלט, נייע ערשיינונגען, נייע סאָציאלע פערהעלטניסע, נייע פראגען. ענגלאנד איז געוועזען וואָלטער'ס גרעסטע און בעסטע שולע. דאָ האָט ער זיך גיך בעקאנט מיט דיא בעריהמטעסטע פאָרשטייער פון דער וויסענשאפטליכער און ליטערארישער

וועלט, האָט זיך אויסגעלערענט ענגליש, האָט שטודירט ענגלישע קלאסיקער, האָט געלעזען שעקספירען אין זיין אָריגינעלע שפּראך און ווען איהם איז ענדליך דורך דיא שתדלנות פון זיינע איינפלוס־רייכע פריינדע ערלויבט געוואָרען קומען צוריק נאָך זיין היימאטה האָט ער געהאט גענוג מאטעריאל, וואָס צו פּאָפּולאריזירען, אימיטי־רען, וועגען וואָס צו דענקען און צו שרייבען. אין 1729 יאָהר האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק נאָך פּאריז, וואו ער האָט געוואוינט אין א פאָרשטאָדט אונטער אן אויסגעטראכטען נאָמען. ער האָט א גע־וויסע צייט זיך געהאלטען וויא א סטאטעק, געשריעבען ערנסטע ווערקע און קיינעם ניט פוגע בכבוד געווען. דאָס האָט אָבער לאנג ניט געקענט דויערן. דיא וועלט בעריהמטע שוישפּיעלערין אנדריענע לעקאוברייער, וועלכע איז א מאָל געוועזען איינע פון וואָלטערס פיעלע געליעבטע, איז געשטאָרבען און דיא קאטהאָלישע גלחים האָבען ניט ערלויבט זיא בעערדיגען מיט א קריסטליכע לויה, ווייל זיא איז ניט געוועזען איבריג פרום. וואָלטער האָט וועגען דעם אויפגע־שריעבען א פּאָעמא אין וועלכע ער האָט שוין מכבד געוועזען דיא קאַ־טוילישע גייסטליכע פאטערס.... נאכדעם האָט ער זיך געמוזט בע־האלטען... זיין ווערק „פילאָזאָפישע בריעף" —איז אין 1734 יאָהר דורך דיא הענד פון א הענקער פערברענט געוואָרען. ענדליך אום צו פּטור ווערען פון אלע פערפאָלגונגען און אָנגרייפע האָט ער זיך בע־זעצט אין דעם שלאָס פון זיין געלעהרטע געליעבטע דיא מארקיזע דיו שאטעל. ביי איהר אין שלאָס האָט ער פערבראכט כמעט 15 יאָהר. אויף א קורצע צייט פלעגט ער מיט איהר אָדער אליין ארויס־פאָהרען קיין ברוסעל, אָדער האָללאנד און באלד זיך צוריק קעהרען. דאָ אין שלאָס האָט ער אליין און מיט זיין געליעבטע געשריעבען פיעלע ווערקע איבער דיא העכערע מאטעמאטיק, איבער פילאָזאָפיע, געשיכטע און האָט פערפאסט פיעלע דראמא און פּאָעמען.

וואָלטער איז געוואָרען בעריהמט אין גאנץ יעווראָפּא. דער פּריי־סישער קעניג, וועלכער איז בעקאנט אלס פרידריך דער גרויסער, איז געוועזען איינער פון וואָלטערס טרייעסטע אנהענגער. ער האָט שוין לאנג געבעטען וואָלטער זאָל קומען צו איהם לעבען, אָבער כל

זמן דיא מארקיזע דיו שאטעל האָט געלעבט, האט ער ניט געקאָנט ערפילען דעם קעניגס ווילען —-זיא האָט איהם פּשוט ניט געלאָזט— ער האָט עס נור געקענט טוהן נאָך איהר טויט. אין 1750 יאָהר איז ער געקומען קיין בערלין, דער קעניג האָט איהם געגעבען א וואָהנונג אין זיין שלאָס, האָט איהם געמאכט פאר א קאוואליער, האָט איהם בעשטימט 20 טויזענד ליוורען א יאָהר געהאלט. זיין נייגונג צו אָב־שפּאטען, אָבלאכען, זיין קנאה, זיינע אינטריגען און פּאָלעמישע שטרייטיגקייטען, זיין איבערמעסליכע דורשט נאָך כבוד און געלד האָבען זעהר גיך איבערגעפיהרט דיא גוטע פערהעלטניסע צווישען איהם און דעם קעניג. דער פּרעזידענט פון דער בערלינער אקאדעמיע פון וויסענשאפט א געוויסער מאָפּערטיוס איז געווען זעהר א בעגרענצטער מענש און א פּעדאנט. טראָץ דעם וואָס פרידריך האָט איהם געאַכטעט, האָט וואָלטער זעהר פון איהם אבגעלאכט. ער האָט דעם וויסענשאפטליכען פּרעזידענט אָנגערופען מיט'ן נאָמען אקאַ־קיא און האָט געמאכט חוזק פון זיין פּלאן דורכבויערן דעם קוגעל פון דער ערד דורך און דורך... דאָס האָט ארויסגערופען א פּאָלעמיק צווישען איהם און זיין קעניגליכען תלמיד, וועלכער האָט זיך אויך גערעכענט פאר אגאנצען קענער (פיעלע פּ:ז דיעזען קעניגליכען קע־נערס ווערקע זיינען געווען בעארבייטעט אָון רעדאקטירט פון וואָל־טערן). אין 1753 יאָהר האָט וואָלטער געמוזט פערלאָזען דייטש־לאנד. אויף דער דייטשער גרענעץ האָט מען איהם פערהאלטען מיט זיין געפּעק און מי האָט צוגענומען ביי איהם א שקאטולקע מיט פרידריך'ס מתנות. אָבוואָהל שפּעטער האָט זיך וואָלטער מיט זיין תלמיד איבערגעבעטען, אָבער גוטע אמתע פריינדע וויא פריהער זיי־נען זיי שוין קיין מאָל ניט געווען. אומקערען זיך צוריק קיין פּאריז האָט מען וואָלטערן ניט ערלויבט ער האָט זיך געקויפט א לאנדגוט (א אימעניע) אויף דער גרענעץ פון שווייצערלאנד און פראנקרייך, וועלכע האָט זיך גערופען פערנעי. דאָ האָט ער פערבראכט דיא איב־ריגע צוואנציג יאָהר פון זיין לעבען אלס א באראָן און א מאגנאט אומגעבען מיט א גאנצע סוויטע פון בעדיענטע, פריינדע, אנהענגער און פערעהרער. דיא גרעסטע לייט פון דער וועלט פלעגען פאָהרען

קיין פּערנעי, וויא חסידים פּאָהרען צו א צדיק. זיין יעהריגער איינ־קונפט איז געוועזן איבער 140 טויזענד ליווערן און ער האָט געלעבט וויא א פירשט אין לוקסוס און פערגניגען. דאָ האָט ער געהאט זיין אייגענעם טהעאטער פיר וועלכען ער פלעגט שרייבען שטיק, ער אליין פלעגט זיי אויפפיהרען, ער אליין און זיינע פריינדע פלעגען זיי שפּיעלען. ביז דיא לעצטע מינוטען פון זיין לעבען איז ער געוועזן טהעטיג, פולל מיט ענערגיע און ענטוזיאזם. ער איז געשטאָרבען אין דער שטאָדט, וואו מען האָט איהם ניט ערלויבט צו לעבען. — אין פּאַריז, אין דעם יאהר 1778, אין דער עלטער פון 84 יאהר. אין דעם יאָהר 1878, אין דעם טאָג פון זיין הונדערט יעהריגען טויט, איז אין פּאריז געוועזן זעהר גרויסע און גלענצענדע פעסטליכקייטען. אין דעם יאָהר 1891 האָט מען איהם אין פערנעי געשטעלט א גרוי־סען און מערקווירדיגען מאָנומענט.

מי וואָלט געדארפט האָבען פיעל פּלאץ בלויז צו דערמאָנען דיא נעמען פון אללע זיינע ווערקע. ער האָט פערפאסט איבער פופציג דראמען, קאָמעדיען און טראגעדיען. פון זיינע טראגעדיען זיינען מעהר בעקאנט „זאירע“, „עראפּע“ און „מאהאמעד“, דיא לעצטע איז איבערזעצט פון דעם גרויסען דייטשען דיכטער געטע. פון זיינע גרויסע עפּישע פּאָעמען זיינען מעהר בעריהמט זיין מייסטערווערק „הענריאדא“ און דיא „פוסעל'ן“ אין וועלכע ער מאַכט חוזק פון דער הייליגער שזאנע דארק פון זיינע פיעלע ערצעהלונגען און נאָוועלען זיינען מעהר בעקאנט „קאנדיד“ און „זאדיק“, אין וועלכע ער קריטיזירט דיא רעליגיאָן און דיא סאָציאלע פערהעלטניסע פון דער געזעלשאפט. זיינע פילאָזאָפישע טראקטאטען, זיין פילאָזאָ־פישע ענציקלאָפּעדיע, זיינע היסטאָרישע מאָנאָגראפיען, זיינע אב־האנדלונגען וועגען דער פילאָזאָפיע דער היסטאָריע וועגען רעליגיאָן, און, הויפּטזעכליך, זיינע פּובליציסטישע ארטיקלען האָבען קיין צאָל ניט. א גרויסע היסטאָרישע בעדייטונג האָט זיין קאָרעספּאָנדענץ— ווארום זיינע קאָרעספּאָנדענטען זיינען געוועזן דיא גרעסטע געלע־רענטע פון זיין צייט, דיא גרעסטע דיכטער און שרייבער, דיא גרעס־טע הערשער און קעניגע.

קיין שרייבער אין דער וועלט האָט ניט נעשפּיעלט אזא גרויסע ראָללע, וויא וואָלטער.

---

.2

## וואָלטער אלס מענש און שרייבער.

ווענען וואָלטער'ן זיין לעבען, זיין טהעטיגקייט, זיין איינפלוס אויף דער ציוויליזירטער וועלט פון 18 יאהרהונדערט און זיינע ווערקע וועלכע זיינען, וויא מיר האָבען אויבען דערמאָנט געדרוקט אין 70 וואָליומס קען מען און מ'י דאַרף שרייבען זעהר פיעל. אין א קליינע בראָשורע איז מענליך צו געבען ווענען איהם נאָר א קורצע כאראקטעריסטיק.

עס איז געוועזען א צייט, ווען מ'י האָט דיא רעאקציאָנערע וועלט געשראָקען מיט וואָלטער'ן, וויא מען שרעקט קליינע קינדער מיט דעם „בוגימען"... דער נאָמען „וואָלטעריאנעץ" איז געוועזען אזא קללה פונקט וויא איצט ביי דער בורזשואזער וועלט דיא שמות: ניהילסט, סאָציאליסט, אנארכיסט. עס איז ניט שרעקליך! ער איז ניט געוועזען קיין רעוואָליוציאָנער אין קיין זינען, דיא עקאָנאָמישע פערהעלטניסע פון זיין צייט האָבען איהם ניט אינטערעסירט אלס א וויכטיגע סאָציאלע פּראבלעם. אָבוואָהל עס האָבען שוין דאמאָלס עקזיסטירט דיא עקאָנאָמיסטען, וועלכע זיינען אונז בעקאנט אלס פיזיאָקראטען. (דיא דאָזיגע עקאָנאָמיסטען האָבען געלערענט דאָס די רייכקייט פון נאציאָנען בעשטעהט ניט אין גאָלד און זילבער, נאָר אין פּראָדוקטען פון אגריקולטור, דאָס אלע מענשען האָבען דאָס גלייכע רעכטע צו געניסען דיא פריכטע פון זייער ארבייט און דאָס איז אוננאטירליך — ליידיג־געהער זאָלען לעבען א גוטען טאָג און דיא וואָס ארבייטען זאָלען ליידען נויטה). ער איז ניט געוועזען קיין פּאָליטישער ראדיקאל, ער האָט געמאכט חוזק פון דיא שרייבער, וועלכע האָבען גענלויבט אין א רעפּובליקאנישע פאָרם פון רעגיערונג. פארקעהרט, ער האָט גענלויבט אין דיא נויטווענדיגקייט פון אן אווטאָקראט, ער מוז נאר זיין א געבילדעטער און „הומאנער

דעספאָט". וואלטער איז זאָגאר קיין געוועהנליכער דעמאָקראט ניט געוועזן. ער האָט גאנץ אָפפען געלאכט פון דיא קאנאליען, פון וועלכע עס בעשטעהט דאָס פאָלק, דער פעבעל, דיא פּראָסטע מענשעלאך. שוסטער און דיענסטמיידלאך אויפקלעהרען, זאָגט ער, דאָס איז ניט אונזער זאך, דאָס איז דיא אויפגאבע פון אפּאָסטאָלען. עס האנדעלט זיך ניט אין דעם, זאָגט ער, אונזערע לאקעיען פערהינדערען פון צו גיין אין קירכע, הערען דרשות און דאווענען... „מיר וועלען גיך האָבען א נייעם הימעל און א נייע ערד. אָבער ווער? דיא אנשטענדיגע לייט נאָר. וואָס בעטרעפט דיא קאנאליען, דעם פעבעל איז דיא דומ־סטע ערד און דער דומסטער הימעל געראדע דאָס וואָס זיי דארפען. דאָס פאָלק וועט אימער דום און בארבאריש בלייבען. זיי זיינען אָקסען, וועלכע דארפען האָבען א יאָך, א שטאהל און א בינטעל שטרוי".

ער איז אפילו קיין אטעאיסט אויך ניט געוועזן. ער האָט גע־גלויבט אין א פערזענליכען גאָט און האָט זעהר פיעל געשריעבען, אום צו איבערצייגען דיא אונגלויביגע, אז א גאָטט איז א נויטווענ־דיגע זאך. דיא גאנצע וועלט ווייסט זיין בעריהמטע סענטענץ: „אויב עס איז ניטא קיין גאָטט, מוז מען אזעלכען ערפינדען". געבילדעטע מענשען און פילאָזאָפען האָט ער נאך וויא עס איז ערלויבט צו זיין אטעאיסטען, דאָס פאָלק אָבער מוז האָבען א גאָטט, ווייל דאָס איז פּראַקטיש. דער פּראָסטער מענש זאָל ניט מורא האָבען פאר'ן גיהנם, פאר שמיץ, וועט קיין פאָרם פון רעגיערונג קענען עקזיסטירען און קיין אָרדנונג אין דער געזעלשאפט. מיט דיעזער טעאָריע זיינער האָט ער געהאט פיעל קאָפּ־דרייעניש. ער האָט געגלויבט אין גאָטט אין שכר ועונש, און האָט ניט געגלויבט אין דער אונשטערבליכקייט דער זעעלע. ער האָט געלאכט פון דיא, וואָס גלויבען אז דער מענש האָט ערגעץ וואו א נשמה. פרעגט זיך, אז קיין נשמה איז ניטא און קיין יענע וועלט איז ניטא, וויא אזוי וועלען דיא פויערען און קא־נאליען בעשטראָפט ווערען פאר זייערע חטאים און עברות? אויף זיינע עלטערע יאָהרען, ווען ער איז געוועזן זעהר רייך און האָט גע־לעבט וויא א באראָן, האָט ער אין זיין אימעניע אויפגעבויט אקירכע,

אויף וועלכער עס איז געווען אויפגעשריעבען: וואלטער האָט דאָס אויפגעבויט פאר גאָטט! פאר זיין שטארבען האָט ער ערקלערט אָפפען, אז ער וויל שטארבען אין דער הייליגער קריסט־קאטאָליש־אפאָסטאָלישער קירכע. און פאר זיין טויט האָט ער אונטערגעשריעבען א פאפיער, אין וועלכער ער האָט זיך ענטזאגט פון אללעס וואס ער האָט געשריבען געגען קריסטענטהום. מיט איין וואָרט, וואָלטער איז אין קיין הינזיכט ניט געווען צו ראדיקאל. נאָך פאר איהם און אין זיין צייט זיינען געווען דיינקער, וועלכע האָבען א סך ראַדיקאלער בעהאנדעלט אללע פראגען פון געזעללשאפטליכען לעבען. פאר וואס־זשע פלעגט פאללען אן אימה ופחד אויף דער רעאקציאָנערין וועלט, אז מען פלעגט נאָר דערמאָנען זיין פערהאסטען נאָמען ?

מען זאגט, וואָלטער איז געווען א גרויסער קעמפפער פאר דיא פרייהייט דעס וואָרטעס, פאר דיעזען קאמפף זיינעם איז ער עטליכע מאָל געזעסען אין באסטיליע און איז פערטריעבען געוואָרען פון זיין פאטערלאנד. דאס איז ניט ריכטיג. ער איז ניט געווען קיין בראווער בעוואגטער קעמפפער, ער איז נאָר געווען א שרעקליבער דעמאגאָג. ער האָט ניט געהאט קיינע פרינציפּען, קיינע סימפאטהיען, קיין הייליגטהום. וויא אן אכזר דאָט ער פערפאָלגט מיט א טייוולישע ענערגיע זיינע אינטערעסען, אָהן רחמנות, אָהן מיטלייד, אָהן אַבשיי. אבער ער איז קיינמאָל ניט ארויס אין א'ן אָפּפענעם קאמפף געגען דיא, וואס אונטערדריקען און רויבען דיא פרייהייט. פארקעהרט, זיין גאנצען לעבען איז ער געווען א מחותן מיט קיסרים קעניגע, פירסטען, פרינצען... האָט זיך גע'חנפ'עט צו זיי, געשנאָרעט געלד ביי זיי, געמאכט זיי קאָמפּלימענטען. ער איז געזעסען אין באסטיליע פאר פאסקווילען און שמוציגע ארטיקלען, וועלכע ער פלעגט ארויסלאָזען אונטער א פרעמדען נאָמען.... ער האָט קיין מאָל ניט געהאט קיין מוט מודה זיין זיך, אז אן ארטיקעל, וועלכער האָט אימיצען פון דיא גרויסע בייז געמאכט, איז געווען געשריעבען פון איהם.... ער פלעגט זיך שווערען אז דאס איז א בלבול און שטילערהייט פלעגט ער צו בעקאנטע און בעריהמ־

טע מענשען, צו ליעבהאָבער פון סענזאציאָן און סקאנדאל געבען קאָפּיעס פון זיין שריפט... דאס האָט איהם געמאכט פאר א געפעהרליכען מענשען.

אלס מענש איז ער געוועזן א שרעקליכער עגאָאיסט. דיא מענשען, זאגט ער, זיינען געשאפען צו זיין אָדער איין אמבוס אָדער א האמער. איך וויל בעסער זיין א האמער... ער האָט געקלאפּט וואו ער האָט נור געפונען מעטאל צו שמיעדען. ער האָט געדענקט נור פיר זיך, האָט ליעב געהאט כבוד, האָט געוואָלט זיין רייך און האָט ניט מקפיד געווען וועגען מיטלען... ער האָט געמאכט געלד און פיעל געלד, וואָרום ער איז ענדליך געוואָרען א גרויסער עושר, ניט פון שרייבען, נור פון פערשיעדענע אָפּערעס, האָט געגעבען געלד אויף פּראָצענט, געהאנדעלט מיט פּאַפּיערען, געוועזן א קאָנטראקטאָר, א פּאָדריאטשיק, א ספּעקולאנט און איז געוועזן זעהר א קארגער, אָבוואָהל ער האָט ניט געהאט ניט קיין ווייב און ניט קיין קינדער. אויף דער עלטער, ווען ער האָט געלעבט אין זיין פּאלאץ אין זיין אייגענע אימעניע פערנעו, אויף דעם גרענעץ פון שווייצערלאנד און פראנקרייך, האָט ער געלעבט וויא אללע מאגנאטען מיט אן אייגענעם טהעאטער, אייגענע פּאָדדאנעס, פערד, וועגען, גלחים און פערעהרער. אין דער צייט פלעגט ער אמאָל זיך ארויסצייגען אויך אלס א בעל צדקה, אבער ווער ווייסט, וועלכע מאָטיוועז ער האָט דערביי געהאט. ער איז ניט געוועזן קיין גוטער מענש. האָט קיין מאָל ניט מוחל געווען, אויב מען האָט איהם פּוגע בכבוד געווען. אין פילאָזאָפישע טראקטאטען, אין פּאָעמען, אין דראמען פלעגט ער געפינען פּלאטץ פיר זיינע פּערזענליכע חשבונות, וויא פון זיינע שונאים נקמה נעהמען, שימפּפען און בעלײדיגען זיי. ער איז ניט געוועזן קיין אויפריכטיגער מענש. אין דיא אויגען האָט ער געזאגט אזוי און אונטער דיא אויגען אנדערש. א״ס וואָלטער האָט ער געערעדט פון א פּערזאָן אזוי און אונטער אן אויסגעטראכטען נאמען פלעגט ער שרייבען גאָר אנדערש. פריעדריך׳ען דעם גרויסען פלעגט ער שרייבען, אז ער איז דער שלמה המלך און אונטער דיא אויגען פלעגט ער איהם רופען אפּפע... דער

רוססישער צאַריצע יעקאַטערינאַ האָט ער געשריעבען אז זיא איז דיא איינציגע „סעמיראמיס דעס נאָרדענס"... און מיט א קורצע צייט פריהער האָט ער דאסזעלבע געשריעבען דער האלב־ווילדער צאריצע יעליזאוועטע... דער עיקר איז געווען ביי איהם נאָר צו קריגען א קאָממישאָן. ווען ער איז געווען ביי פריעדריך'ען אין פרייסען האָט ער געוואָלט ווערען א געהיימער אגענט פון זיין רעגיערונג און אויסגעפינען פאָליטישע סעקרעטען... עס האט איהם אבער ניט געגליקט... פריהער האָבען איהם דיא פראנצויזישע דיפּלאָמאטען ניט געגלויבט און שפּעטער האָט זיך פריעדריך ניט געלאָזט נאררען. ער האט זיין רבי, וואָלטער'ן, זעהר גוט פערשטאנען. דיינע ווערקען, האָט פריעדריך געזאגט וואָלטער'ן, פערדיענען מאָנומענטען און דיינע טהאטען פערדיענען קייטען. — „עס איז גוט וואָלטער'ן צו לעזען, אבער ניט צו קענען"... עס איז אין וואָלטערס כאראקטער ניט געלעגען צו פיהלען ווארימע פריינדשאפט און ליבע... פיעלע פרויען האָבען איהם געליבט, פערגעטערט, ער אָבער האָט זיך נאָר אמוזירט... איהם האָט ליעב געהאט דיא בעריהמטע אקטריססע אנדיענא לוקובריער, איהם האָט ליעב געהאט א יונגעס מעדכען וועלכע ער האָט בעגעגענט אין דער פראָווינץ... ער האָט זיא געבראכט קיין פאריז, צוגעזאגט צו מאכען זיא פאר א בעריהמטע אקטריסע און ווען ער האָט זיא ניט געדארפט מעהר, האָט ער זיא פערגעסען.. שפּעטער ווען זיא האָט געהייראטהעט מיט א בעריהמטען נאָבעלמאן, האָט ער זיא ווידער געוואָלט בעגליקען, האָט זיא איהם אבער געהייסען נעהמען דעם וועג... דאס האָט איהם ניט לאנג פערדראָסען, ער האָט זעהר גיך געפונען אנדערע געליעבטע... דיא איינע פרוי מיט וועלכע ער איז געווען פערבונדען א היבשע צייט איז דיא מארקיזע דו שאטעל.... אין יענע צייטען האָבען די העכערע קלאַסע מענער ניט געהאט ראַנגען, זייערע פרויען זאָלען האָבען געליעבטע, טרייהייט אין פאַמיליען־לעבען האָט זיך גערעכענט פאר אן אבגעשמאקטע זאך, וועלכע איז ארוים פון דער מאָדע. וואָלטער איז געווען פיעל יאהרען דער מארקיזעס געליעבטער, ער האָט געלעבט רוהיג אין איהר

שלאָסס מיט אללע בעקוועמליכקייטען... זיא איז ווירקליך געוועזן א מערקווירדיגע פרוי, קלוג, שעהן און זעהר געבילדעט.... זיא האָט דעם גרויסען וואָלטער געהאלטען אינטער איהר פאַנטאָפּעל, דער־פאר האָט ער זיך נעבען איהר אזוי לאנג געהאלטען... דאס טרעפט זיך שטענדיג מיט מענשען, וועלכע האָבען אזעלכע האראקטערס וויא וואָלטער. דאָ איז דער פּלאַץ צו בעמערקען, אז ער האָט פער־ביטען זיין ריכטיגען נאָמען אום צו פערלייקענען אז ער שטאמט פון א קליין־בירגערליכע פאמיליע... ער האָט זיך א נאָמען געגעבען פאַן וואָלטער, עס זאָל אויסזעהן גרויסארטיגער און זאָל קלינגען בעססער.

עס איז געוועזן א צייט, ווען מען האָט וואָלטער'ן גערופען: דער קעניג פון דיא דענקער פון 18טען יאהר־הונדערט. דידעראָ איז געוועזן א סך א טיעפערער דענקער פון וואָלטער'ן. זשאן זשאק רוססאָ איז א סך נעהנטער צוגעגאנגען צו אלע וויכטגע פּראָבלע־מען פון'ם סאָציאלען לעבען. אמת, וואָלטער האָט אויפגעשריבען זיעבציג בענדער. ער איז געוועזן א פילאָזאָף, א היסטאָריקער, א פּאָעט, א דראמאטורג, א ראָמאניסט. אָבער פערנעהמט דען וואָל־טער א פּלאַץ אין דער פילאָזאָפיע אלס א זעלבסטשטענדיגער פי־לאָזאָף? האָט ער געשאפען א פילאָזאָפישע סיסטעם? אין קיין היסטאָריע דער פילאָזאָפיע געפינט איהר ניט וואָלטער'ן צווישען דיא פילאָזאָפען. אפילו זיינע גרעססטע פערעהרער אנערקענען נאָר, אז וואָלטער איז געוועזן דער געשיקטססטער מענש אין דער וועלט נאָר צו ערקלעהרען און פּאָפּולער מאכען פילאָזאָפישע געדאנקען פון אנדערע. אין אללע זיינע 70 ביכער געפינט מען ניט איין ווערק, וועלכע זאָל איהם אין דער געשיכטע דער ליטעראטור שטע־לען אויף איין פלאטץ מיט דיא וועלט־בעקאנטע קלאסיקער. ער האָט ניט אויפגעשריעבען קיין „פויסט", קיין „האמלעט", קיין „דאָן קיכאָט". אללע זיינע ווערק האָבען נאָר א היסטאָרישע בע־דייטונג און זעלטען ווען איהר קענט וואָלטער'ן געפינען אין א פּריוואט ביבליאָטהעק.

אלס א היסטאָריקער איז ער בעקאנט נאָר מיט זיינע שבחים,

וועלכע ער האָט געשריעבען וועגען דעם מערדער און בוטשער קארל דעם עלפטען, וועגען דעם אויסגעלאסענעם דעספּאָט און טיראן לודוויג דעם 14טען, וועלכען וואָלטער האָט פארגעטערט. ער האָט געשריעבען דיא געשיכטע פון רוסישען צאר פּעטער, ווייל ער האָט געהאט אן אָרדער און האָט געקראָגען גוט בעצאהלט. ווען זשאן זשאק רוססאָ האָט זיך ערלויבט אויסצודריקען א געדאנק, אז רוססלאנד איז א פינסטערע מאכט, וועלכע דראָהעט דער גאנ־צער ציוויליזרטער יעוורָאָפּא, איז וואָלטער אויף איהם ארויפגע־פאללען מיט דיא ניעדריגסטע בעליידיגונגען, האָט איהם אנגערו־פען א פליעג, א גאָרנישט, וועלכער וויל פון זיין בוידעם זעהן דיא עראייגניססע פון דער וועלט־געשיכטע. שלאָסער זאגט, אז פון אללע היסטאָרישע ארבייטען פון וואָלטער, איז נאָר זיין געשיכטע פון לודוויג דעם 14טען דיא איינציגע פון וועלכע מען קען זיך ער־לויבען, און דאס מיט א גרויסע פּאָרזיכטיגקייט, איינינגע בעמערקונ־גען צו ענטלייהען.

ער האָט אויפגעשריעבען זעהר פיעל דראמען און אייניגע קאָמעדיען, וועלכע האָבען אין זיינער צייט געמאכט א שטורם. וואו זיינען זיי איצט? וואו שפּיעלט מען זיי? וועמען זיינען זיי בעקאנט? ער אליין האָט זיך געהאלטען פאר א זעהר גרויסען דראמאטורג, האָט געשריבען אין א הויך־פּערקינצעלטען קלאסישען טאָן, נאָך דיא אללע רעגעלען און קאזיאָנע געזעצע פון טראגעדי. פון שעקספּיער'ן האָט ער ניט זעהר שטארק געהאלטען. אָבוואָהל ער האָט צוגעגעבען, אז שעקספּיער איז א זשעני, אָבער זיינע דראַ־מען זיינען געשריעבען געוואָרען צו ווילד און בארבאריש. זאָגאר „האמלעט“ איז נאָך זיין מיינונג א שטיק וואו איינער ווערט משוגע אין ערשטען אקט, דער צווייטער אין צווייטען אקט, אין דריטען אקט שלאָגט מען זיך און מען טרינקט, נאכדעם גראָבט מען א קבר אויף דער ביהנע, מען שלאָגט זיך און מען פערגיפטעט. ווען ער, וואָלטער, וואָלט האָבען א מאכט, זאָגט ער, וואָלט ער שעקס־פּירען ניט אריינגעלאָזט אין פראנקרייך. און דאָך וואס האָט ער אליין געטהאָן? ער האָט אין זיינע דראמען נאָכגעקרימט שעקס־

פירען, האט נעמאכט אן אטהעללא נאך זיין מוסטער, האט געווי־
זען שעקספּיערן וויא מען דארף שרייבען ראמאַ און דזשוליאַ א. ז.
וו. לעסינג האט געמאכט א תל פון וואלטער'ס דראמען אין זיינע
קריטישע בריעף וועגען דראמאטורגיע. ער האט פשוט איבער־
צייגט אז ער איז א שארלאטאן. וועגען וואלטער'ס דראמא „מע־
ראפע" ערצעהלט לעסינג, וויא אזוי דאס שטיק איז גענומען גע־
ווארען ביי א איטאליענישען שרייבער. וויא אזוי וואלטער אליין
האט אונטער דעם נאמען פון אן אויסגעטראכטען לינדעל אויפ־
געשריעבען א פאסקוויל אויף דעם אריגינעלען פערפאסער, האט
איהם געמאכט מיט דער בלאטע און געצייגט אויף וויפיעל זיין
„מעראפע" שטייט ניעדריגער פון דעם גרייסען וואלטער'ס „מע־
ראפע". דארויף האט כלומר'שט שוין אליין וואלטער געענטפערט,
אז אבוואהל דעם איטאליענערס „מעראפע" האט אין זיך גרויסע
פעהלערן, איז דאך לינדעל ניט אין גאנצען גערעכט. מיט אזעלכע
פאטעלען, רעקלאמען און פאלשע פסעוודאנימען האט זיך וואל־
טער זעהר אפט בענוצט.

זיינע פּאעטישע ווערקע זיינען זעהר גלענצענד, קלינגענד אין
זעהר א רייכע שארפע שפּראכע, זיי זיינען אבער קאלט, טרוקען
און געפיהללאז, ווארום ער אליין איז געוועזן א טרוקענער קאל־
טער מענש, אהן געפיהל און אהן הארץ. זיינע פאעזיען בעריהרען
קיינע גרויסע פּראבלעמען און רעדען ניט צו דער זעעלע פון'ם מענ־
שען. זיינע ראמאנען קען מען רעכענען פאר אללעס אין דער
וועלט, נאר ניט פאר בעלעטריסטישע ווערקע. עס איז פילאזא־
פישע טראקטאטען, סאטירען, קריטיקען, אבער קיינע קונסט־
ווערקע, קיינע ראמאנען. די פּערזאנען פון זיינע ערציילונגען זיינען
ניט לעבעדיגע מענשען, עס איז מאריאנעטען, קוקלעס, וועלכע
טאנצען אום, ווייל וואלטער ציהט זיי פאר'י שטריקעל און צווינגט
זיי צו מאכען אלערליי האוואיעס און צו אויסשרייען אזעלכע קלוגע
מאנאלאגען און שארפע געדאנקען, וויא זייער בעל הבית וויל. גע־
נומען זיינען זיי אלע ניט פון ריכטיגען לעבען, נאר פון א פאנטאס־

טישע אויסגעטראכטע מערכענוועלט... דיא ווירקליכקייט, דאָס רעאלע לעבען שפּיעלען קיין ראָללע אין וואָלטעו'ס ראָמאנען.

אין וואָס־זשע שטעקט זיין קראפט, זיין מאכט, זיין גרויסקייט? וואונדערן זיך שוין מאנכע פון אייך. איהר האָט נאָר געדולד... בעפאָר איך וועל פּערענטפערן דיא פראגע, וועט איהר אייך נאָך מעהר וואונדערן.

---

.3

## וואָלטער אלס יודען־פייגד.

דיא היינטיגע אנטיסעמיטען מיט אלע זייערע רייד און שריי־בערייען קענען זיך רעכענען געגען וואָלטער'ן אלס קליינע הינטע־לעך. וואָלטער האָט דיא אידען געביסען מיט גרויסע שארפע און גיפטיגע צייהן. וואו ער האָט נור געקענט, איז דאס געווען אויף'ן פּלאץ אָדער ניט, איז דאָס געווען פּאסענד אָדער ניט, אין א פילאָ־זאָפישע אבהאנדלונג, אָדער אין א היסטאָרישע מאָנאָגראפיע, אָדער אין א ראָמאן, אום און וואו ער האָט נור געקענט פון דיא אידען אָבלאכען, ערניעדריגען זיי, בעשימפּפען, בעשמוצען, — האָט ער עס ניט פערפעהלט צו טהון פליסיג און מיט ענעריגיע. ער איז אליין געווען א געשעפטמאכער און א פּראָצענטניק און דיא אידען האָט ער מיט דעם געשטאָכען דיא אויגען. ער אליין האָט ניט געגלויבט אין השארת הנפש און דיא אידען האָט ער גערעכענט פאר א ניעדריגעם בארבארישעם פאָלק ווייל אין זייער ביבעל זאגט מען צו דיא פרומע אידען נאָר עולם הזה און קיין עולם הבא. פון דער ביבעל, וואו ער האָט נאָר געהאט א געלעגענהייט, האָט ער געמאכט חוזק. אין זיין פילאָזאָפישען ווערטער־בוך, ווען ער קומט צום וואָרט „יוד" דערציילט ער אין א היסטאָרישע פאָרמע נאָר זיינע מחלוקות, קריעג און מלחמות. זאָגאר זייער העלדישען קאמפּף פיר זייער פרייהייט מיט דיא רוימער לאכט ער אָב און זאגט קאלטבלוטיג, אז דיא רוימער האָבען פיעלע טויזענדער אידלאך פערקויפט ניט טהייערער פון דעם פרייז, וואָס מען נעהמט פיר א

בעשעפעניש, וואס דיא אידען טאָרען ניט עסען. ער דערציילט אז דיא אידישע פרויען איז פערבאָטען איי דער ביבעל צו ליעגען מיט אייזלען און פערד, עס איז א סימן אז דיא אידישע פרויען זיינען געווען געוואוינט צו אזעלכע דעליקאטעסען. ער מאכט זיך לוסטיג דאריבער וויא טויזענדער אידען זיינען אויסגעשלאכטעט געוואָרען, ווייל אנשטאט „שין" האָבען זיי געזאגט „סין", אָדער ווייל זיי האָבען זיך צוגעריהרט צום ארון קודש א. ז. וו. ער ענדיגט זיין היסטאָרישען איבערבליק מיט דיעזע ווערטער: „דערפון זעהט מען אז דיא אידען זיינען געווען שטענדיג אָדער בראדיאגעס, אָדער רויבער, אָדער קנעכט, אָדער מיאטעזשניקעס. זיי זיינען נאָך איצט וואגאבונדען אויף דער ערד, פעראכטעט פון אלע מענשען און טענה'ן נאָך אלץ אז דיא הימלען, דיא ערד, דיא גאנצע מענשהייט זיינען בעשאפען געוואָרען נאָר פון זייער'ט וועגען". ער בעשולדיגט דיא אידען אין דעם, דאס זיי זיינען געווען קאניבאלען (האָבען געגעסען מענשען־פלייש) און האָבען צו זייער גאָט געבראכט מענשען פאר קרבנות... אין זיין פילאָזאָפישען ווערטער־בוך גיט ער געגנוג פלאץ אברהם'ן, דוד המלך, אלע נביאים.. מאנכעס מאָל זעהר שארף און וויציג.. וועגען דעם נביא יחזקאל דערציילט ער, אז גאָט האָט איהם געהייסען נעהרען זיך א געוויסע צייט מיט ברויט, וואס איז בעדעקט מיט מענשליכע... יחזקאל האָט קוים אויסגעבעטען ביי גאָט דיא טובה, אנשטאט מענשליכע... איינקנעטען אין זיין ברויט דעם קויט פון א בהמה... א איד אין אמסטערדאם האט איהם געזאָגט, אז מען דארף עס ניט פערשטעהן בוכשטעבליך, עס איז א פאנטאזיע... אויב עס איז א פאנטאזיע, בעמערקט וואָלטער, דארף מען בעסער לעזען דיא פאנטאזיען פון האָמער, ווירגיל און אָוויד. נאָר וועמען עס געפעלט בעסער דיא פראָפעצייהונג פון א יחזקאל זאָל עסען מיט איהם זיין אָנבייסען...

אלס געשעפטמאכער האָט וואָלטער געהאט צו טהון מיט אידישע כוחרים אין ענגלאנד, אין האָלאנד און דייטשלאנד. דאס געוויס, האָט איהם ניט געקענט מאכען פריינדליכער צו דער גאנצער אידישער נאציאָן. ווען ער איז געווען אין לאָנדאָן האָט ער

פערטרויעט א קאפיטאל צו א אידען, א געוויסען מענדעס, מיט וועלכען ער האָט געוואָלט ספעקולירען בשותפות. מענדעס האָט באנקראָטירט און וואָלטער'ן איז אנגעקומען נאָר א קליינער טהייל פון זיין געלד. אין בערלין האָט ער זיך פארפלאָנטערט מיט א אידען הירשעל גאָר אין א מיאוסע געשיכטע.... ער האט דורך דעם הירשעל געוואָלט צונויפקויפען פאפיערען, וועלכע זיינען פערבאָטען אין פרייסען. ער האָט דאָס געמוזט טהאָן בשתיקה, זיין פאטראָן, תלמיד און פערעהרער, פריעדריך דער גרויסער זאָל דאס ניט וויססען. ער איז דאמאלס געוועזן פריעדריך'ס קאמער־הערר, האָט געקראָגען פון איהם צעהנער טויזענדער א יאהר, האָט געלעבט ביים הויף, געפאָהרען אין הויף'ס־קארעטען, געגעססען ביים קעניגס טיש און געשפיעלט א ראָללע פון זעהר א גרויסען פריץ. מען ווייס ניט, אויב עס איז וואהר אָדער ניט, דער איד הירשעל האָט ער־קלעהרט אז אנדערע אידען, קאָנקורענטען, האָבען אונמיסטען אויפגעהויבען דעם קורס פון דיא פאפיערען, איידער ער האָט זיי געקויפט און אז ער האָט דערביי פערלאָרען זיין געלד און אויך וואָלטער'ס געלד... וואָלטער האָט ארויסגענארט ביי דעם אידען א סך טהייערע בריליאנטען, כלומרשט מיט'ן צוועק צו קויפען זיי, און האָט עס ניט געוואָלט צוריקגעבען. דערצו האָט ער נאָך גע־פעלשט אן אונטערשריפט פון הירשלען. עס איז ארויס אן עפענט־ליכער סקאנדאָל, דער איד האָט דערלאנגט אויף וואָלטער'ן אין געריכט.... פריעדריך האָט פריהער אויך געוואוסט וואס פאר א ניעדריגען כאראקטער וואָלטער האָט, דיעזער סקאנדאל האָט אבער גערויבט דיא לעצטע ביסעל אכטונג וואס דער געקרוינטער תלמיד האָט געהאט צו דעם בעריהמטען רבי'ן. לאָזט צו רוה, האָט פריעד־ריך צו איהם געזאגט, דעם נייעם און דעם אלטען טעסטאמענט. א פילאָזאָף דארף זיין פריהער פון אלץ איין אנשטענדיגער מענש... דיעזער סקאנדאל האָט געפיהרט נאכדעם דערצו, אז צווישען דיזע צוויי גדולים איז ארויס א מחלוקה. וואָלטער, אלס נוקם ונוטר האָט דאס געוויס ניט געקענט פערגעסען. מערקווירדיג איז דאס, דאס וואָלטער'ס פאפיערען און דאָקומענטען ביי דיעזען שמוציגען

פראָצעס פון הירשעל און וואָלטער האָט איבערזעצט פון פראנצוי־זיש אין דייטש דער גרויסער לעססינג, וועלכער איז דאמאלס געוועזן א יונגערמאן פון א יאהר עטליכע און צוואנציג, דער זעלבער וואס האָט זיך בעריהמט געמאַכט מיט זיין „נאַטהאַן דער ווייזע“ . . . וואָלטער האָט לעססינג'ן ניט געליעבט. לעססינג האָט וואָלטער'ן שוין דאמאלס פערשטאנען...

א פּאָרטוגעזישער איד מיט'ן נאָמען פּינטא, איז ארויס געגען וואָלטער'ן מיט א פּאָלעמישע בּראָשורא... דיא פּאָרטוגעזישע און שפּאנישע אידען האָבען זיך דאמאלס גערעכענט פאר דיא אריסטאָ־קראטען פון אידישען פאָלק און האָבען געשיקט אויף דיא פּוילישע און דייטשע יהודים, וויא דיא יהודים פון דעם ניו יאָרקער אריסטאָקראטישען קווארטאל קוקען איצט אויף דיא אידלאך פון דער ניו יאָרקער גהעטאָ. דיזער פינטא האָט געזאגט, אז דאָס וואס וואָלטער שרייבט קען זיין איז וואהר, אויב ער מיינט דיא פּוילישע און דייטשע אידען, דיא פּאָרטוגעזישע אבער זיינען איידעל־לייט און אריסטאָקראטען... וואָלטער האָט צוגעגעבען אז פינטא איז גערעכט און ער איז בערייט צו מאכען איין אויסנאהמע פאר דיא פּאָרטוגעזישע אריסטאָקראטען... ער, האָט בערעכענט, אז ער מאַכט דערבּיי א בעסער געשעפט, אלס זיין אָפּאָנענט, דער אידישער פערטהיידיגער פינטא...

אין זיינע „בריעף געגען זעקס אידען“ גיסט ער וויעדער גיפט, שוועבעל און פעך אויף דיא אידען. ער דערמאָהנט זיי וויעדער די אלטע הטאים און ענדיגט איינעם פון זיינע בריעף מיט דיעזער פריינדליכער עצה: גענוג אייך צו זיין אנימאלס, וואס קענען נאָר רעבענען, צייט איהר זאָלט אנהייבען דיינקען... אויב איהר ווילט געהן קיין פּאלעסטינא, זאגט ער אין דיעזע בריעף, געהט אייך גע־זונדערהייט אין דעם לאנד פון שטיינער און זאמד, וואו גאָט האָט אייך צוגעזאגט מילך און האָניג און האָט פארגעסען אז מען דארף ברויט אויך. אבער ווען איהר וועט געהן, בעט איך אייך, לאָזט אינז איבער עטליכע אידען, ווארום אויב מיר זיינען אין רעליגיאָן

זאכען אזוי נאַרריש וויא איהר, זייט איהר אין פראגען פון קויפען און פערקויפען א סך קליגער פון אונז....“

וואס דיא אידען קענען מאכען געלד ביים קויפען און פער־קויפען, דאס איז געווען דיא איינציגע זאך, וואס ער האָט דיא אידען מקנא געווען.

פאר וואס־זשע רעכענט מעז וואָלטער'ן פאר א גרויסען מענשען?

.4

## וואָלטער אלס א יפקלעהרער.

ניט אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפיע און ניט אין דער געשיכטע פון ליטעראטור דארף מען זוכען וואָלטער'ס פלאץ, איהם קומט א בעזונדער קאפיטעל און א גרויסער קאפיטעל אין דער אל־געמיינער וועלט־געשיכטע, וועלכע דערציילט וויא דיא קולטור פון דער מענשהייט האָט זיך ענטוויקעלט, וויא אזוי דער גייסט פון דעם מענשען האָט זיך עמאנסיפירט פון דעם יאָך פון אבערגלויבען און האָט זיך בעפרייט פון דיא קייטען פון פאנאטיזמוס. אין דער וועלט־געשיכטע דארף וואָלטער פארנעהמען פלאץ וויא דער רע־פאָרמאטאָר מארטין לוטהער און דער קריעגס־פיהרער נאפאָלעאָן באָנעפארטע. ער איז א נאפאָלעאָן און א לוטהער צוזאמען! וויא נאפאָלעאָן האָט ער מיט זיין פראנצויזישער ארמעע, א ארמעע פון גלענצענדע שריפטען שארפע קריטיקען, גיפטיגע סאטירען, הומאָ־ריסטישע האראקטעריסטיקען, געשריעבען אין דער קלינגענדער רייכער פראנצויזישער שפראכע,—מיט דיעזער ארמעע האט ער איינגענומען דיא גאנצע ציוויליזירטע יעווראָפּע, אומגעוואָרפען אלע גרענעצען פון דער אלטער טראדיציאָן, ארונטערגעשמיסען הערשענדע מיינונגען און געזעצט אויף דיא טהראָנען פון דעם מענשענס אינטילעקטואלען קעניגרייך נייע רעגירערענדע געדאנ־קען, נייע הערשענדע אנשויאונגען. וויא לוטהער איז ער געווען איין רעפארמאטאָר. לוטהער האט רעפאָרמירט יעווראָפּא דערמיט וואָס ער האָט אָבגענומען דעם אָווטאָריטעט בייא דעם פאבסט פון רוים. דער איינציגער אווטאָריטעט, האָט ער געזאָגט, איז אין דיא

הימלען.... וואָלטער האָט רעפאָרמירט דיא ציוויליזירטע וועלט דערמיט, וואס ער האט אָבגענומען דעם אווטאָריטעט ביי דיא הימלען, און האָט ערקלעהרט, אז דער איינציגער אווטאָריטעט איז דער מענש אַליין. וואָלטער איז ניט געווען קיין פילאָזאָף, ניט קיין פאָעט, ער איז געווען אַ גרויסער אויפקלעהרער און עמאַנסיפּאַטאָר! א קריעגס־גענעראל אָהן עפּאָלעטען, א רעפאָרמאטאָר אָהן א יאר־מולקע פון א מאָנאך.

דיא דענקענדע מענשען פון 18טען יאהר־הונדערט האָבען פריי־הער פון אלץ אנגעהויבען רעדען פון דעם מענשענס אינטערעסען, שפּעטער שוין האָט מען אָנגעהויבען צו רעדען פון דעם מענשענס רעכטע. דער מענש האָט אין דער אלטער רעאקציאָנערער וועלט ניט געהאט קיין פּערזענליכע אינטערעסען אין דעם לעבען; ער האָט נאָר געלעבט צוליעב גאָטט און זיינע פאָרשטייער.... דאס האָט געפיהרט צו דעם גענענזאץ דאס דיא דענקער פון דעם 18טען יאהר־הונדערט זיינען געווען גרויסע עפּיקוריער, האָבען פראָפּאגאנדירט דיא אידעע פון אינדיווידועללען גליק און אוטיליטאריזם — פּער־זענליכע נוצליכקייט, דערפאר זעהען מיר אז אין 18טען יאהר־הונדערט האָבען פּרינציפּען געשפּיעלט א קליינע ראָללע, דיא הויפּטזאכע איז געווען דער צוועק — ערקלעהרען דעם מענשען זיינע אייגענע אינטערעסען... וואָלטער איז ניט געווען קיין פּרינציפּיעלער מענש! זיין ארבייט איז געווען א נעגאטיווע, ניט קיין פּאָזיטיווע... ער האָט ניט געבויט, ער האָט צושטערט אלטע געביידעס, ער איז געקומען אבלאכען, פערשפּאָטען, פערניינען, קריטיזירען, רייסען דיא דומהייט פאר דיא אויערען און ער האָט עס געטהאָן מיט א מערקווירדיגע ענערגיע זיין גאנצען לעבען, און געלעבט האָט ער דערצו זעהר לאנג. ער איז ניט געווען קיין אידעאליסט, ער האָט ניט פילאָזאָפירט צוליעב דער פילאָזאָפיע, און ניט פּאָעטיזירט צו־ליעב דער פּאָעזי, ער איז געווען א פראקטישער ארבייטער, וועלכער האָט געוואָלט קומען אין בעריהרונג מיט דער גאנצער וועלט, אויפ־קלעהרען יעדען מענשען און רעדען צו יעדען מיט א פערשטענד־ליכע שפּראכע. אויב איהר ווילט אייך פאָרשטעללען דיא קראפט

און דעם געוואלטיגען איינפלוס פון וואָלטער'ן, נעהמט אללע ציי־
טונגען פון דער גאנצער וועלט, אללע זשורנאלען, וויסענשאפטליכע
און פּאָליטישע צייטשריפטען ליגט דאָס אללעס צונויף, זייערע
דרוק־מאשינען, ארמעען שרייבער און מילליאָנען מיטארבייטער,
פערקערפּערט דאס אללעס אין איין מענשען — דאס איז וואָל־
טער! ער איינער איז דאמאלס געווען דיא גאנצע וועלט־פּרעססע;
איהם האָט געלעזען דיא גאנצע ציוויליזירטע וועלט... ער אליין איז
געווען דער לייטענדער גייסט פון דער עפענטליכער מיינונג פון גאנץ
יעוורָאָפּא, אין איהם אליין איז געזסען אן ארמעע רעפּאָרטיאָרען—
פולל מיט פייער און ענערגיע, אין איהם זיינען געווען פערקערפּערט
טויזענדער רעדאקטאָרען מיט טאלענט, לאָגיק, פּראקטישע פעהיג־
קייט. ער האָט פּאָפּולאריזירט וויססענשאפט מיט איין פּראקטישען
ציעל, דער פערדריקטער מענש זאָלל אָנהייבען לעבען מיט זיין
שכל, ער האָט געשריען איבער דער גאנצער וועלט און געפּאָדערט
גערעכטיגקייט פאר דעם מענש און האָט געלערנט דעם מענשען
פארשטעהן זיינע אייגענע אינטערעסען... זיינע שריפטען האָבען
דערפאר געהאט א גרויסע בעדייטונג נאָר פאר זיין צייט, זיין טהע־
טיגקייט אבער וועט האָבען א בעדייטונג אימּמער, זאָ לאנג ביי
דער מענשהייט וועט האָבען א בעדייטונג אויפקלעהרונג און פּראָ־
גרעסס. וואָלטער האָט געהאט א גוטען קאָפּ, א קלוגען קאָפּ, א
שארפען מח און האָט געגלויבט נאָר אין אינטעלעקטועלע טהעטיג־
קייט... האָב שכל! זיי ניט קיין נארר! מען דארף ניט גלויבען —
מען דארף פערשטעהן! דאס איז דאס איינציגע וואס ער האָט גע־
פּרעדיגט אין אלע זיינע זיעבציג ביכער. אלס קלוגער פּראקטישער
ארבייטער האָט ער אליין גוט פארשטאנען דיא בעדייטונג פון
זיין שרייבען. מיט אזא געפּעק וויא מיין שרייבען, האָט ער גע־
זאגט, קומט מען ניט צו דער נאכוועלט.... איינס קען איך זאגען,
איך האָב מיינע לעזער ניט געלאנגווייליט... ניין! ער האָט געשריבען
לעבעדיג, קלוג, אינטערעסאנט. ער איז געגאנגען גלייך צום פּונקט,
גערעדט צו דער זאכע, האָט זיך ניט געפּוילט פיעל מאָל אין פער־
שיעדענע פאָרמען איבער'חזר'ן דאָס זעלבע, ביז ער האָט זיין גע־

דאנק ארייננעהאקט אין דעם לעזער'ס קאָפּ. זיינע דראמען, זיינע ראָמאנען, זיינען ניט געשריעבען צו בלייבען ליטעראַרישע מאָנוּ־מענטען, זיי זיינען געשריבען געוואָרען מיט דעם זעלבען פּראקטי־שען ציעל; אויפקלערען דעם מענשען, עמאנסיפּירען זיין גייסט, בעפרייען זיין פערדולטען קאָפּ פון דונקעלהייט און אבערגלויבען. ער האָט זיך בענוצט מיט דיא אללע פאָרמען פון ליטעראַטור נאָר אויפצוקלערען דעם מענשען. וואס געהט אייך אָן דער כאראקטער און דיא פּערזענליכקייט פון דעם לאמפּאָוושציק, וואס צינדט אָן דיא לאמפּען ביי נאכט אין דיא גאסען פון שטאדט? איהר ווייסט נאָר, דיא גאסען זיינען בעלייכטעט. וואָלטער איז געוועזען דער גרויסער, מעכטיגער, אונערמיעדליכער לאמפּאָוושציק פון 18טען יאהר־הונדערט פיר דער גאנצער וועלט, ער האָט געטראגען ליכט אין אללע ווינקעלאך פון דער מענשהייט און האָט בעלייכטעט דיא אללע נאכט חיות און וואמפּירען, וועלכע האָבען ביז דאמאלס אין דער פינסטערנים רוהיג געזויגען דעם מענשען'ס בלוט און דעם מענשענס מח... ווייניג וואס ער האָט זיי ענטדעקט און געוויזען, וויא זיי זעהען אויס אין דער ליכטיגקייט, ער האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען זיי און געלאכט מיט א דעמאָנישען, טייוולישען, זעהר אָפט צינישען געלעכטער, גאנץ יעוורָאפּא זאָלל הערען. איהם האָבען געהערט קעניגע און פּאבסטען. קארדינאלען און פּרינצען, גע־בילדעטע לייט און רעגיערער, און דורך איהם האָט אויסגעבראָכען דיא רעאקציאָן געגען דער גאנצער אלטער וועלט. ביז איהם האָט מען געשריבען צירליך־מאנירלאך, ער האָט אנגעהויבען רעדען מיט אן אָפענע שפּראכע, ביז איהם האָט מען געגעבען דיא לעזער זיסע קאָנפעקטען, ער האָט זיי געהיילט פון קדחת מיט ביטערע פּיללען. ביז איהם האָט מען געפּרעדיגט קריסטליכען אסקעטיזם, געדאנקען פון ענטזאגונג, פון פאסטען און פון תשובה, ער האָט געלערנט צו זיין אן אפיקורס (עפּיקור), לעבען א גוטען טאָג און זיין א מענש אויף דער וועלט, ניט א הייליגער אויף יענער וועלט. ער האָט אָפט וועה געטהאָן, ווען ער האָט געשניטען מיט זיין אנאטאָמישען מעס־סער דיא געשווירען און אבצעססען פון זיינע פּאציענטען — דאס

האָט איהם ניט געארט, ער איז ניט געווען קיין סענטימענטאלער שרייבער. רוססאָ איז געווען א סענטימענטאלער שרייבער, ער האָט געשריעבען מיט זיין זעעלע, — וואָלטער איז געווען א קאלטער ראציאָנאליסט, ער האָט נור געשריעבען מיט זיין לאָגיק און ריזאָן.

זיין אויפגאבע איז ניט געווען צו זיין איין זעלבסטשטענדיגער פילאָזאָף. ער האָט ניט געהאט דיא רוהע און זעבסטבעהערשונג דערצו, מיט דאס בלוט און נערוואָזיטעט פון טויזענד זשורנאליסטען אין זיך האָט ער פּאָפּולאריזירט דיא געדאנקען פון דיא גרויסע און ראדיקאלע ענגלישע דענקער, הויפּטזעכליך לאק און האָט געלערנט דעם מענשען וואס וויינינגער גלויבען און וואס מעהר קענען, וויסען און בעגרייפען.

זיין אויפגאבע איז ניט געווען צו ווער'ען א היסטאָריקער, א ספּעציאליסט, ער האָט, אלס פּראקטישער ארבייטער ניט געהאט קיין צייט צו פערגראָבען זיך אין היסטאָרישע ארכיוועןָ. ער האָט אבער געלערנט וואס היסטאָריע דארף בעדייטען... היסטאָריע, זאגט ער איז אַ זעקעל מיט „טריקס“ (שפּיצלעך), דורך וועלכע מ'ען מאַכט הוזק פון די געשטאָרבענע. היסטאָריע דארף זיין די געשיכטע פון דעם מענשען, זי דארף לערנען יעדען אינדיווידיאום צו זאָגען: האָמאָ סום, — איך בין א מענש! ביז איהם האָבען דיא קאזיאָננע היסטאָריקער דיא גאנצע וועלט־געשיכטע און דעם שיקזאל פון דער מענש־הייט צונויפגעבונדען מיט דער ביבעל, מיט דיא הייליגע שריפטען; ער האָט געזעהען וויא נארריש, שעדליך און אונבעגרינדעט אזא טהעאָריע איז און ער האָט מיט א צינישע פרעכהייט אָבגעלאכט און בעשמוצט דעם בוך פון „אָפּענבארונג“, האָט געוויזען אללע אומגלומפּערטע און אונגאטירליכע, אללע שוואכע און ניט היסטאָרישע זייטען פון דיא הייליגע שריפטען. ער איז מיט זיין גאנצער זעעלע געווען געגען קריסטענטהום, ער איז געווען איבערצייגט, אז דער שכל פון'ם מענשען וועט זיך ניט בעפרייען ביז וואנען ער וועט ניט בעפרייעט ווערען פון יעזוס קריסטוס מיט זיינע גלחים און קירכען און אזוי וויא דער נייער טעסטאמענט איז געבויעט אויף דעם אלטען, האָט ער הויפּטזעכליך געגראָבען זיין אונטערן פונדא־

מענט. ער האָט געוואָלט איבערהאקען דעם אלטען וואורצעל אום דער גאנצער בוים מיט אללע זיינע צווייגען זאָל אומפאלען און ניט פארשטעלען דאס ליכט פון דער שיינענדער זון....

מען דערצעהלט מיר עפּעס פון א גאָטט, זאגט ער, וועלכען מען בעהאלט פון מיר. איך וויל איהם ליעבען און זוך אין איהם מיין פאטער, מען צייגט מיר עפּעס א טיראן, וועלכען איך מוז האססען. ער האָט געשאפפען דיא מענשען אין זיין געשטאלט אום זיי מעהר צו ערניעדריגען. ער האָט אונז געגעבען פערדאָרבענע הערצער, אום צו האָבען דאס רעכט אונז צו שטראָפען. נאָכדעם וויא ער האָט דעם מענשען בעשאפפען נאָך זיין אייגענעם בילד, הויבט ער פּלוצלינג אָן חרטה האָבען נאָך וואס ער האָט עס געטהאָן, אלס אויב דער ווערק־מייסטער האָט פריהער ניט געקענט דיא מאנגלען פון זיין ווערק... ער בעשטראפט די זינדיגע מיט א מבול, קען מען מיינען אז נאָך דער פערפלייצונג וועט ער א ריינערע וועלט ערשאפפען. עס הויבט זיך ניט אָן! עס ענטשטעהען רויבער, שקלאפפען און טיראנען נאָך ערגער וויא פריהער. וואס וועט ער איצט טהאָן? מיט וועלכע בליצען וועט דיעזער שטרענגער גאָטט בעשטראפען דעם נאָך זינדי־גערען מענשען? הערט וויא דער זעלבער גאָטט, וועלכער האָט דיא עלטערן דערטרונקען פאר זייערע זינד, וויל אליין שטארבען פאר דיא זינד פון זייערע קינדער. עס איז דאָ אן עלענדעם פאָלק, שוואך וואנדעלבאר געגייגט צום אונזיניגען אבערגלויבען, בעזיעגט פון זיינע שכנים, דער שפּאָטט פון אללע נאציאָנען, — דער זונן גאָט־טעס, דאס הייסט גאָט אליין, מאכט זיך פאר א מיטבירגער פון דיעזען פערהאססטען פאָלק. ער לאָזט זיך געבאָרען ווערען פון'ם לייב פון א יודענע און אונטער איהרע אויגען מאכט ער דורך אללע שוואכהייטען פון קינדער־עלטער. לאנגע יאהרען וואנדערט ער אום וויא א פראָסטער ניעדריגער ארבייטער און דאן פריידיגט ער דריי יאהר און שטארבט. נאָך זיין טויט קען מען האָפען דאס מיר וועלען שוין ניט ליידען פאר אונזערע זינד. ווייס איך! מען בע־שטראפט אונז נאָך ערגער, מען האקט, מען בראָקט, מען רייסט שטיקער־ווייז. וויא? ! גאָטט אליין איז געשטאָרבען אויסצוקויפען

אונזערע זינד און ברענגען אונז איין עוויגע מחילה און דאָס העלפּט אויך ניט! דער גאָטט וואס האָט צוליעב אונז פערגאָסען זיין בלוט, פערפאָלגט אונז נאָך אלין מיט זיין שטראפע? דער גאָטט האלט פיעלע פעלקער אין אונוויססענהייט פון דעם, וואס דער זוהן פון א סטאָליער, דאס הייסט ער אליין איז ערגיץ אין א ווינקעל אין סיריא געשטאָרבען אויפ'ן קרייץ, כדי מען זאָל דיעזע פעלקער דערפאר וואס זיי האָבען דאס ניט געוואוסט, אויסרייסען און אויס־ראָטטען פון דער וועלט. הער מיך דו גאָטט! איך בין קיין קריסט! איך גלויב ניט אין אזא אונווירדיגען גאָטט! גאָטט דארף ניט אונזער שטענדינע דיענסט, גאָטט קען מען נאָר בעליידיגען מיט אונגערעכטיגקייט נעגען מענשען!

אונגערעכטיגקייט צו א מענשען אין דעם נאָמען פון גאָטט און זוהן, אָדער אין דעם נאָמען פון א שטיקעל האָלץ וועלכעס רופט זיך קרייץ, דאס האָט ער ניט געוואָלט ליידען. דאס האָט איהם געטריעבען מיט אזא פייער צו שרייבען און עקרן מעשים, ווען א געוויססער קאלאס איז פעראורטהיילט געוואָרען צו א שרעקליכען טויט, ווייל זיין זון איז בעגאנגען זעלבסטמאָרד. דער קאלאס איז געווען א פּראָטעסטאנט און דיא קאטאָלישע גלחים האָבען אויס־געטראכט, אז דער פאטער האָט דעם זון ערמאָרדעט, ווייל ער, דער זון, האָט געוואָלט ווערען א קאטאָליק. וואָלטער האָט אויפגעהויבען דיא גאנצע וועלט אויף דיא פיס, בריעף זיינען געשריעבען געוואָ־רען, ארטיקלען זיינען געדרוקט געוואָרען, ביז ער האָט אויסגע־פיהרט זיינס. טויזענדער צייטונגען מיט צוואנציג זאָלא'ס ביי דרייפוס געשיכטע וואָלטען ניט געקענט דאס אויפטאָהן, וואס אליין וואָלטער האָט דאמאלס אויפגעטאָהן. אמת, קאלאס איז שוין געווען הינגעריכטעט, ער אָבער האָט נאָר געוואָלט בעווייזען וויא דום דיא אונטאָלעראנטע קירכע איז, וויא בלינד איז איהר פאנא־טיזם און וויא גרויזאם זיינען דיא ריכטער וועלכע משפּט'ן אין'ם נאָמען פון גאָטט דער ליעבע.

וואָלטער האָט אויסגערעכענט, אז נאָר אין 15טען יאהר־הונדערט האָט דאס קריסטענטהום אין נאמען פון קריסט אויס־

נעווארגען א צעהן מיליאָן מענשען! ער רעכענט אוים דיא מהלוקות פון דיא קריסטליכע סעקטען צווישען זיך, דיא פראָטעס־טאנטען־קעמפפע און זאָ ווייטער און איז איבערצייגט, אז דיא נאַטירליכע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט ווערט פון קריסטענטהום פערהאלטען, פערהינדערט און דאס דיא ערשטע אויפגאבע פון פילאָזאָפען, דענקער און קעניגע, איז אָבצושאפען דיעזע מיאוסע אינ־פאמע זאך. דאס איז געוועזן זיין הויפט שטרעבונג, דיא איינ־ציגע ציעל פון זיין טהעטיגקייט. אין זיינע בריעף צו אינטימע תלמידים און פערעהרער און זייערע בריעף צו איהם איז אויף דער לעצטער שורה געשטאנען ראשי תיבותן: עקר ל'אינף (Ecr. l'inf.) עס איז צווישען זיי געוועזן אזוי וויא א פערשווערונג, א הייליגער געבאָט, א מאָטטאָ אין לעבען. עס האָט געהייסען:

**ECRASEZ L'INFAME**

אויסרייסען, פערניכטען, אויסראָטטען פון דער וועלט דאס איינ־פאמע, דאס פינסטערע, דאס אונטאָלעראנטע, דאס בלוטדורשטיגע, וועלכעס רופט זיך מיט דעם נאמען קריסטענטהום. ניט אומזיסט האָבען איהם אללע פאָרשטעהער פון פינסטערניס אזוי געהאסט און אזוי מורא געהאט פאר איהם. ער איז געוועזן א גרויסע מאכט, צווישען זיינע תלמידים און פערעהרער זיינען געוועזן קעניגע און הערשער!

וואָלטער איז געשטאָרבען אין פאריז. וואוהין ער איז געקומען נאָך זיין לאנגען גלות. מיט ענטהוזיאזמוס האָט מען איהם אויפגע־נומען, דיא אקאדעמיע האָט איהם געקרוינט, דאמען האָבען געקושט זיינע הענד, דאס פאָלק האָט געשריען: דאס איז דער, וואס האט בעשיצט קאללאס! דער 84 יאהר אלטער וואָלטער האָט ניט געקענט איבערטראָגען דיא אויפרעגונג און ער איז געשטאָרבען. אָבוואָהל ער איז געשטאָרבען נאָך אללע דינים פון קריסטליכען גלויבען, האָ־בען דיא גלחים איהם דאָך ניט געוואָלט בעגראָבען. מען האָט שטי־לערהייט ארויסגעפיהרט זיין קערפער און בעגראָבען אין מאָנא־סטיר. מיט עלף יאָהר שפעטער האָט מען זיין קערפער געבראכט אין פאריז און מיט זעהר גרויסע צערעמאָניעס און פערעהרונג בע־

גראָבען אין א קירכע, וועלכע איז פערוואנדעלט געווארען צו א פאנטעאָן פון בעריהמטע מענשען. מיט 29 יאהר שפּעטער האָבען דיא גלחים זיין קערפּער און זיין געגנערס קערפּער, זשאן זשאק רוסאָ'ס בעגראָבען אין א גרוב אונטערן קלויסטער. אין דער יולי רעוואָלוציאָן האָט מען זייערע ביינער צוריק אויסגעגראָבען און אומגעקעהרט אויף זייערע פריהערדיגע פּלעצער.. דיא גלחים האָ־בען אָבער זייערע דם שונאים בעגאָסען מיט קאלך און פון זיי איז קיין שריד ופּליט ניט געבליעבען. וואָלטערס קערפּער האָט דיא קריסטליכע קירכע געקענט פערניכטען, זיא איז אָבער ניט אימ־שטאנדע צו פערניכטען זיין אויפקלעהרענדען גייסט און אויסמעקען זיין קריעגס־סיגנאל:

ECRASEZ L'INFAME



# ליָעוו טאָלסטאָי

---

זיין לעבען, און ליטעראַרישע טהעטיגקייט

פון

ה. אַלעקסאַנדראָוו.



# ליעוו טאָלסטאָי.

*On est de son siècle et de sa race, même quand on réagit contre son siècle et sa race.*

דער מענש פערבלייבט אַ גליעד פון זיין צייט און פון זיין ראַסע אפילו דאַן, ווען ער קעמפפט געגען זיין צייט און געגען זיין ראַסע. (ערנעסט רענאַן).

גראף ליעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי פערנעהמט אַ גאַנץ בעזונדערען פּלאַץ אין דער מאָדערנער געשיכטע. חוץ דעם, וואָס ער איז אַ געניאַלער קינסטלער און האָט געמאַכט רייך דיא וועלט־ליטעראַטור מיט אונשטערבליכע ווערק, איז ער נאָך אַ גרויסער מאָראַל־פּרעדיגער מיט אַ טיעפען ערנסט און פעסטע איבערצייגונגען. אויף דער ערד איז זיכער ניט פערבליעבען איין ווינקעל, מעהר אָדער וועניגער בעלויכטען מיט דיא שטראַהלען פון בילדונג, וואו מען זאָל ניט וויסען און שעטצען טאָלסטאָי'ס נאָמען, וואו מען זאָל ניט לייענען און בעוואונדערן זיינע ווערק. דאָס פערזענליכע לעבען פון גרויסען שרייבער, זיין פערזוך זיך אָבצוזאָגען פון דער וועלט מיט איהרע פריידען און מאַטעריעלע בעקוועמליכקייטען, און צו פיהרען אַ גאַנץ נייעם לעבען,— אַ לעבען, וואָס זאָל זיין אויפגעבויט אויף דעם פונדאַמענט פון מענשען־ליעבע, יושר און אחדות; אַ לעבען, וואָס זאָל איינשטימען מיט דיא נאַטירליכע פאָרדערונגען פון דעם מענשען'ס הארצען און

פערשטאנד; א לעבען, וואס זיין תמצית זאל זיין דער אייביגער שטרע־
בען צום אמת, און סוף כל סוף דיא הייסע, אפענע, ניט פערשטעלטע
איבערגעבענהייט צו זיינע אידעאלען, וואס ער ווערט ניט מיעד צו
פערטהיידיגען, — אט דאס אלין האט אויפגעהויבען טאלסטאי'ס
נאמען ביז דיא העכסטע מדרגות פון מענשליכער בעריהמטקייט.

טאלסטאי פיהרט זיין יחוס פון אן אלטער און רייכער משפחה,
וואס האט געשפיעלט א וויכטיגע ראליע אין דער רוסיישער געשיכטע.
וויא עס איז פערשריעבען אין אן אלטען רוסישען פנקס, איז דער
ערשטער טאלסטאי געקומען צו פאהרען קיין רוסלאנד אין 1353.
דאס איז געוועזען א דייטש מיט'ן נאמען אינדריס. ער האט זיך בעזעצט
אין טשערניגאוו מיט דיא זיהן, האט אנגענומען דעם פראוואסלאוו־
נעם גלויבען און פון איהם שטאמט דאס אב דיא פאמיליע, וואס
האט געגעבען רוסלאנד א סך פראמינענטע מענער. דעם שרייבער'ס
זיידע איז געוועזען א רייכער פאמיעשטשיק, וועלכער האט האלט גע־
האט צו לעבען א גוטען טאג און האט אין א קורצע צייט גע'פטר'ט
זיין גרויסען פערמעגען. וויא ברייט ער האט זיך געפיהרט, קען מען
זעהן דערפון, אז דיא וועש זיינע פלעגט ער אוועקשיקען וואשען קיין
האלאנד אין ספעציעלע וואגענס! אין טאלסטאי'ס ראמאן „קריעג
און פריעדען" געפינט מען זיין בילד אין דער פערזאן פון איליא
ראסטאוו. דער זוהן זיינער ניקאלאי איליאיטש—דעם שרייבער'ס פאטער
— האט געדיענט אין דער גווארדיע, האט אנטהייל גענומען אין
דעם רוסיש־פראנצויזישען קריעג פון 1812 און איז ארויס פון דיענסט
נאכדעם, וויא דער קריעג האט זיך געענדיגט. אין דיא יונגע יאהרען
האט ער אויך וויא זיין פאטער, האלט געהאט צו לעבען א גוטען
טאג און האט פערשפיעלט אין קארטען א מאסע געלד. דיא דאזיגע
תאוה צום שפיעלען איז אריבער בירושה צום שרייבער, וועלכער האט
בערבראכט ניט ווייניג צייט אין קארטען־שפיעל אפילו דעמאלט,
ווען ער איז שוין געוועזען גוט בעוואוסט אין דער ליטעראטור. דיא
תאוה איז ביי איהם פערבליעבען נאך ביז יעצט, און זיא דריקט זיך
אויס אין דעם אימפעט, מיט וועלכען ער גיט זיך אב צום ענגלישען
שפיעל לאן־טעניס. ווען ניקאלאי איליאיטש האט געמאכט א תכלית

פון זיין פערמעגען, האט ער חתונה געהאט מיט דער פירסטין וואָל־קאָנסקאיא, וועלכע איז געוועזן זעהר רייך, אָבער ניט יונג און ניט שעהן. זיא איז אויך אָבגעמאָלט אין ראָמאַן „קריעג און פריעדען" אין דער פערזאָן פון מאַריא וואָלכאָנסקאיא. צוזאַמען מיט איהר פאָטער, אַן אַלטער גענעראַל פון יעקאַטערינא׳ס צייטען מיט אַ הארטען, דעספּאָטישען כאַראַקטער, זיינען זיי געוועזן בטבע שטאַרקע מענשען, טריי צו זייערע פּרינציפּען, און פון זיי האָט דאָס דער שרייבער גע׳ירש׳נט די בעסטע מעלות פון זיין כאַראַקטער.

ליעוו ניקאָלאַיעוויטש איז געבאָרען געוואָרען דעם 28 אווגוסט 1828 אין דאָרף יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, טולסקער גובערניע. זיין מוטער האָט ער פערלאָרען, ווען עס איז איהם נאָך קיין צוויי יאָהר ניט געווען, דיא ערציהונג פון דיא קינדער (חוץ דעם שרייבער זיינען געבליבען דריי זיהן און איין טאָכטער) האָט איבערגענומען זייערע אַ ווייטע קרובה מיט׳ן נאָמען יערגאָלסקאיא. אין 1837 האָט זיך דיא גאַנצע געזינד אַריבערגעקליעבען אין מאָסקווע, ווייל דער עלטערער זוהן האָט בעדאַרפט אָנקומען אין אוניווערזיטעט. אָבער קורץ נאָכדעם איז פּלוצלונג געשטאָרבען דער פאָטער, איבערלאָזענדיג אַ סך חובות, און דיא דריי איננגערע קינדער האָבען זיך אַריבערגעקליעבען צוריק אַהיים — אין יאַסנאַיאַ. דיא יתומים האָבען זיך דאָ געהאָדעוועט אונטער דער השגחה פון זייער טאַנטע, דיא גרעפין אָסטען־סאַקען. אין 1840 איז דיא גרעפין געשטאָרבען, און דיא קינדער האָט מען אָבגעפיהרט אין קאַזאַן צו אַנאַנדער טאַנטע יושקאָווא, זייער פאָטער׳ס אַ שוועסטער. ביי דיא יושקאָוו׳ס האָט מען געלעבט ברייט, זאַט און פריילייך. וויכטיגער פון אַלע אַנדערע זאַכען האָט מען אין שטוב געהאַלטען גוטע מאַניערען און דעם אויסערליכען גלאַנץ — ריידען פראַנצויז וויא וואַסער, קענען טאַנצען, אָבגעבען דאַמען־רעכט. „מיין גוטע מומינקע," דערציילט טאָלסטאָי, „האָט ניט געהאַט אויף דער נשמה קיין איינציגען פלעק, און פון דעסטוועגען פלעגט זיא אייביג טענה׳ען, אַז זיא וויל איך זאָל אריינטרעטען אין ליעבעס־בעציהונגען מיט אַן אשת איש, מיט אַזאַ, פערשטעהט זיך, וואָס געהערט צו

דער בעסטער געזעלשאפט; ביי איהר איז אויסגעקומען, אז נאר בעציהונגען מיט אזא מין פרוי קען מיך מאכען פאר א מענ׳שען“.

אין דער דאָזיגער צייט פון זיין לעבען האט טאָלסטאָי געהאט אויסצושטעהן א גרויסען אינערליכען קאמפף, דעם ערשטען ערנסטען קאַמפף מיט געוויסע נייגונגען פון זיין נאטור. פון איין זייט האָט זיך איהם געוואָלט שפּיעלען א ראָלע אין דער פיינער געזעלשאפט, אום צופריעדען צו שטעלען דעם געפיהל פון זעלבסטליעבע, וואס איז געווען אין איהם שטארק ענטוויקעלט. ער איז אפילו געווען ניט קיין שיינער, ניט קיין פלינקער און זעהר א שעמעדיגער (דאס האט ער געקראָנגען בירושה פון זיין מוטער), אבער דערפאר האָט ער געהאט אין זיך א סך אנדערע מעלות, און מיט זיי האָט ער זיכער געקאנט האבען אין דער געזעלשאפט אן ערפאָלג. פון דער אנדערער זייט איז אין זיין נ׳שמה אָנגעגאנגען א שווערע ארבייט, וואס ער האָט געדארפט פאר איהר אנשטרענגען אלע זיינע גייסטיגע און מאָראלישע כחות: ער האָט געזוכט אויסצוארבייטען פאר זיך א בעשטימטען מאָראלישען אידעאל. און אין דער צייט, וואס זיינע ברידער און חברים האָבען פערבראכט טעג און נעכט אין אלערהאנד הוליאנקעס, נאב׳ן שטייגער פון רייכע און טיטולירטע מענשען, זיינען ביי איהם דיא געדאנקען געווען פערנומען מיט דיא וויכטיגסטע פראגען פון מענ׳שליכען לעבען — דאס זיינען געווען דיא פראגען פון גליק, טויט, גאָט, ליעבע, אייביג־קייט, אָבער א בעשטימטען ענטפער, וואָס זאָל איהם ברייננען מנוחת הנפש, האָט ער ניט געקענט געפינען, אין דער פועל יוצא איז געווען אַז ביי איהם האָט זיך פון דעמאָלט אן אויסגעארבייט דיא געוואָהנ־הייט צו גריבלען, צו זיין פערטהאן אין זיך, אין דיא אייגענע געדאנ־קען, אין דעם אייגענעם געוויסען. און דיא דאָזיגע געוואָהנהייט איז ביים שרייבער פערבליעבען עד היום. דיא דאמאלסדיגע פלאָנענים פון זיין נ׳שמה האָט טאָלסטאָי בעשריעבען אין ארטעניעוו׳ס און נעכליודאָוו׳ס שטרעבונגען צו א גוטען ריינעם לעבען (דאס זיינ דיאען העלדען פון זיין ערצעהלונג „דיא יונגע יאָהרען“.

אין 1843 איז טאָלסטאָי אָנגעקומען אין קאזאנער אוניווערסי־טעט. ער איז דעמאָלט אלט געווען ניט מעהר פון 13 יאָהר, קיין

גרויסער קענער איז ער ניט געווען. אבער פאַר דיא אוניווערסיטעט אין קאַזאַן האָט מען אַ סך ניט געדאַרפט קענען, בפרט ווען מען איז רייך און מען טראָגט דעם טיטעל פון אַ גראַף. דער טעמפּעל פון וויסענשאַפט האָט זיך געפונען אין יענער צייט אין זעהר אַ קלעג־גליכער לאַגע. דיא פּראָפעסאָרען, מיט אַ פּאָאר אויסנאַהמען, זיינען געווען ענטוועדער אויסלענדער, וועלכע האָבען פערשטאַנען גאַנץ וועניג רוסיש, אָדער גרויסע עם־הארצים, קאַריערויסטען, וועלכע האָבען ניט געהאַט קיין שום שייכות צו דער הייליגער וויסענשאַפט. אין דער אוניווערסיטעט איז טאָלסטאָי אָבגעווען 4 יאָהר: צוויי יאָהר האָט ער שטודירט דיא אָריענטאַלישע שפּראַכען און דיא אַנדערע צוויי יאָהר — יוריספּרודענץ. אָבער געלערענט האָט ער זיך שלעכט און אין אוניווערזיטעט פלעגט ער זיין זעהר אַ זעלטענער גאַסט. און 1847, ווען טאָלסטאָי האָט געזאָלט אריבערגעהן אויפ'ן דריטען קורס פון יוריסטישען פאַקולטעט, האָט ער אין גאַנצען פערלאָזען דיא אוניווער־זיטעט און זיך בעזעצט אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ.

מען קען פרעגען, וויא קומט דאָס, אַז אַ מענש מיט אַזעלכע מערקווירדיגע גייסטיגע פעהיגקייטען, וויא טאָלסטאָי, האָט ניט גע־קענט דורכמאַכען דעם געוועהנליכען קורס אין אוניווערזיטעט? איינער פון דיא בעסטע רוסישע קריטיקער, סערגיי ווענגעראָוו, ערקלערט עס אויף אַזאַ'ן אופן. „טאָלסטאָי", זאָגט ער, „איז איינער פון דיא אמת'ע גרויסע חכמים, ווייל זעלטען ווער עס קען נאָך אַזוי טיעף אריינדרינ־גען אין. דעם צוועק און דיא בעדייטונג פון מענשליכען לעבען. אבער אין דער זעלבינער צייט איז ער ניט אימשטאַנד צו דיינקען אויף אַ וויסענשאַפטליכען וועג, ד. ה. זיין געדאַנק איז ניט דיסציפּלינירט. אין וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען איז ביי איהם טהייער נאָר דער צוועק, און ניט דער וועג גופא, וואס האָט געבראַכט צום געווינשטען צוועק. און פון דער וויסענשאַפט פאָדערט ער מחמת דעם גאָר ניט דאָס, וואס מען קען פון איהר פאָדערן אונטער געוויסע בעדינגונגען. פון דעם אַסטראָנאָם, למשל, וויל ער, אַז יענער זאָל איהם ווייזען, וויא אַזוי דיא מענשהייט קען קומען צו אַ גליקליכען לעבען, און דער פילאָזאָפיע וואַרפט ער אויף, פאַר וואס מען בעקומט ניט פון איהר

דיא זעלביגע מאטעריעלע נוצען וויא פון דיא מאטעמאטישע וויסענשאפ־טען.“ עס איז דארום קיין חידוש ניט, וואס טאָלסטאָי האָט ניט גע־קאנט פערדייען דיא טרוקענע וויסענשאפטליכע ענינים, וואס דיא אוני־ווערזיטעט האָט געגעבען דיא יונגע סטודענטען.

וואס דער שרייבער האָט געטהאָן אין יאסנאיא פּאָליאנא, איז לייכט צו זעהן פון איינער פון זיינע ערצעהלונגען „דער פריה־מאָרגען פון א פּאָמיעשטשיק.“ דער העלד פון דער ערצעהלונג פירסט נעכליודאָוו קומט אין דאָרף מיט דיא בעסטע אבזיכטען און וויל גליקליך מאכען דיא פּויערים פון זיין מאיאָנטיק. נעכליודאָוו (ד. ה. טאָלסטאָי) דערזעהט אָבער באלד, אז דיא טובות פון פּריין, זיי מעגען זיין גאנץ ערנסט, וועלען קיין ברעקעל נוץ ניט ברייננגען, כל זמן עס וועט ניט אבגעשאפט ווערען דיא פּאנשטשיזנע (לייב־אייגענטהום), וואס האָט פערפּעסטעט דעם גאנצען רוסישען לעבען מיט איהר אונמאָראלישען איינפלוס. טאָלסטאָי איז דארום א הייסער געגנער פון דער פּאנשט־שיזנע און פערזוכט צו ערלייכטערן דיא לאגע פון זיינע פּויערים. עס איז מעגליך, אז אויף דיא שטארקע און אריגינעלע נאטור פון דעם שרייבער האָבען ניט געווירקט דיא דעמאָקראטישע שטרעבונגען פון דיא פיערציגער יאָהרען, ווען עס האָט זיך אנגעפאנגען א מעכטיגער פּראָטעסט געגען דיא שקלאפען־קייטען פון מיליאָנען מוזשיקעס. אזוי וויא שפּעטער, אין זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט, איז ער דאָ אויך זיך געגאנגען מיט זיין אייגענעם וועג. דער איינציגער שרייבער, וועל־כער האָט אויף איהם שטארק געווירקט א יענער צייט, איז געוועזען דער בעריהמטער פראנצויזישער פילאָזאָף פון 18־טען יאהרהונדערט — זשאָן זשאק רוסאָ. ער האָט איבערהויפּט א סך איבערגענומען פון רוסאָ, וועלכער האָט געהאסט דיא ציוויליזאציאָן און געפּרעדיגט אין זיינע ווערק, אז גליקליך קען דער מענש זיין נאָר דאמאלט, ווען ער וועט זיך אומקעהרען צום לעבען פון דיא ערשטע מענשען, ווען ער וועט שטעהן וואס נעהנטער צו דער מוטער־נאטור. ביי טאָלסטאָי׳ען איז פון אייביג אָן געוועזען א מין שנאה צום לעבען פון דיא גרויסע שטעדט, צום קולטור־לעבען, אפשר דערפאר, וואס ער האָט אייגענטליך

כמעט אלע זיינע יונגע יאָהרען פערבראכט אין דער פרישער געזונדער לופט פון דאָרף.

אין 1848 פאהרט טאָלסטאָי אוועק אין פעטערסבורג, אום צו האלטען עקזאמען אויף „קאנדידאט פראוו" (א טיטעל, וואס מען בעקומט ביים ענדיגען אוניווערזיטעט). צוויי עקזאמענס האָט ער מיט מזל אויסגעהאלטען, אָבער דיא געשיכטע איז איהם גיך געוואָרען איי־בערדריסיג, און ער איז אוועק צוריק אין יאסנאיא פיאָליאנא צו זיינע פעלדער און וועלדער. דאָרט איז ער אבגעווען א יאָהר פיער. צייי־טענוייס פלעגט ער מאכען א נסיעה נאך מאָסקווא, וואו ער האָט געזעהן צו לעבען א גוטען טאָג און האָט א סך געשפיעלט אין קאָר־טען. אין 1851 האָט ער פערשפיעלט אין קאָרטען א גרויסע סומע געלד און האָט מחמת דעם געמוזט פערקלענערען דיא הוצאות. זיין עלטערער ברודער ניקאָלאי, וועלכער האָט געדיענט אין קאווקאז, האָט איהם גענומען איינרעדען צו ווערען אן אָפיציער. טאָלסטאָי האָט זיך געלאָזט איינרעדען און איז אוועק נאך קאווקאז, וואו ער איז אריין אין מילי־טערדיענסט. זיין רעגימענט איז געשטאנען ביים טייך טערעק הינ־טער קיזליאר, אין א שיינער פאָעטישער געגענד, און זיין צייט האָט ער מייסטענס פערבראכט אויפ'ן געיעג אין דער געזעלשאפט פון פראָסטע קאזאקען. א גוטען בעגריעף פון טאָלסטאָי'ס לעבען אין קאווקאז און פון זיין אינערליכען קאמפף אין יענער צייט קען מען בעקומען, ווען מען זאָל מיט קאָפּ לעזען זיין ערצעהלונג „דיא קאָזאקען", אן ערצעה־לונג, וואס ווערט גערעכענט צווישען דיא גרעסטע ווערק פון דער רוסי־שער ליטעראטור. דאס איז יעדענפאלס דאס ערשטע ווערק, וואו דער פערטרעטער פון פראָסטען פאָלק, דער מוזשיק, ווערט אבגעמאָלט אזוי וויא ער זעהט אויס אין דער אמת'ען, אָהן שום ראמאנטישע צאצקעס. דער העלד פון דער ערציילונג איז א יונגער אָפיציער אָלענין (דאָס איז טאָלסטאָי זעלבסט). אָלענין וויל זיך אבשאָקלען פון דער שטאדטישער ציוויליזאציאָן מיט איהרע ליגענס און פאלשער מאָראל און וויל אָנהויבען א נייעם לעבען אויפ'ן שויס פון דער שיינער, פרישער, אייביג־בליהענדער נאטור. אין איהם רעדט אויך דאס געוויסען: דען ווען ער האָט זיך ארומגעדרעהט אין דער פיינער געזעלשאפט, האָט

ער פיעל געזינדיגט געגען דיא שטרענגע פאָרדערונגען פון דער אמת׳ער מאָראַל! אין דיא נייע אומשטענדען ווערט אָלענין גאָר אַנאַנדער מענש. ער בעשליסט ביי זיך, אז דעם מענשען׳ס גליק ליעגט אין דער ארבייט לטובת הכלל, און ער גיט זיך א נדר צו לעבען ניט פאַר זיך, נאָר פאַר דעם צווייטען. אָלענין פיהרט אבער ניט דורך זיין איידעלען בעשלוס. ער דערזעהט זעהר גיך, אז האבען געוויסע מיינונגען איז איין זאַך און ווע‏לען זיי דורכפיהרען אין פראקטישען לעבען — איז וויע־דער אַנאַנדער זאַך. און ער גיט אויף זיינע שיינע אידעאלען און קעהרט זיך אום צו דער ציוויליזאציאָן, פון וועלכער ער איז פריער אנטלאָפען.

עס איז אינטערעסאנט, אז אין דער דאָזיגער ערצעהלונג, וואס ער האָט אָנגעשריעבען אין 1852, געפינען מיר שוין דיא זעלביגע הייסע פראגען און דעם זעלביגען ענטפער אויף זיי, וואס מען טרעפט אין זיינע לעצטע ווערק. זיין מעכטיגער פראָטעסט געגען דיא פאָרמען פון איצ־טיגען שטאָדטישען לעבען איז אלזאָ אויסגעוואקסען פון א זריעה, וואס איז שטענדיג געלעגען אין דער שרייבער׳ס נאַטור.

אין קאַווקאז האָט טאָלסטאָי אָנגעפאַנגען זיין ליטעראַרישע טהעטיגקייט. און 1852 האָט ער אוועקגעשיקט צו דעם פּעטער־בורגער זשורנאל „סאָווערמעניק" זייז ערשטלינג: „דיא קינדערישע יאָהרען". דער רעדאקטאָר פון דיזען זשורנאל איז דאַמאלט געווען דער בעריהמטער פּאָעט נעקראַסאָוו. מיט זיין געניטען אויג האָט ער תיכף דערזעהן, דאס ער האָט צו טהאָן ניט מיט א געוויינליכען טאלענט. ער האָט אנגעשריעבען טאָלסטאָי׳ן א פריינדליכען בריעף, און דאס האָט צוגעגעבען א סך מוטה דעם יונגען שרייבער. ער האָט זיך פּעסט נענומען צו דער פּען, און אין דעם זעלביגען יאָהר זיינען געווען אב־געדרוקט אין „סאָווערמעניק" זיינע ערצעהלונגען „דער פריהמאָרגען פון א פּאָמיעשטשיק", „דער איבערפאל" און „דיא קאָזאקען".

דיא ערשטע ערצעהלונג, וואס טאָלסטאָי האָט אונטער נעציי־כענט מיט זיינע ראשי תיבות ל. נ. ט., האָט געהאַט אַן אונערוואַר־טעטען ערפאָלג. דעם שרייבער האָט מען אוועקגעשטעלט אין איין רייהע מיט דיא דאַמאלסדיגע בעסטע פערטרעטער פון דער רוסישער ליטעראַטור, וויא: טורגענעוו, גאָנטשאראָוו, גריגאָראָוויטש, אָס־

טראָווסקי. דיא קריטיקער — דער עיקר ט׳שערנישעווסקי — האבען גע־פונען אין טאָלסטאָי׳ס ערצעהלונג א טיעפע פסיכאָלאָגיע און א מערק־ווירדיג — רעאליסטישע בעשרייבונג פון דעם ווירקליכען לעבען מיט ערנסטע אבזיכטען אין אָהן שום גראָבהייטען.

אין קאווקאז איז טאָלסטאָי פערבליעבען צוויי יאָהר. ער האָט זיך בעטייליגט אין א סך שלאכטען און ניט איין מאָל האָט ער גע־שטעלט אין ריזיקע זיין לעבען. ווען עס האָט זיך אָנגעפאנגען (ענדע 1853) סעוואסטאָפּאָלער מלחמה, איז טאָלסטאָי אריבער אין דער ארמעע, וואס האָט זיך געפונען אויפ׳ן שלאכט־פעלד. ער האט זיך געשלאָגען אין דיא רייהען פון דיזער אַרמעע און האט פערדיענט דעם נאמען פון א בראווען אָפיציער. דיא סכנות און צרות, וואָס דיא העלדיישע פערטהיידיגער פון סעוואסטאָפּאָל זיינען אויסגעשטאנען אין דער בעלאגערטער שטאָדט, האט טאָלסטאָי בעשריעבען אין דריי ערצעה־לונגען אונטער׳ן נאמען „סעוואסטאָפּאָל“. דיא ערשטע פון זיי „סע־וואסטאָפּאָל אין דעצעמבער 1854“ איז ערשיענען אין „סאוורעמעניק“ און האט געמאַכט א געוואלדיגען איינדרוק אויף דיא לעזער. טאָלס־טאָי׳ס נאמען איז בעקאנט געווארען איבער גאַנץ רוסלאַנד, און זיין ״שם פון א שרייבער, וועלכער איז בכח צו שאפען גרויסע ווערק, איז איין מאל פאַר אלע מאל אנערקענט געווארען פון דיא קריטיקער.

אין זיינע ערצעהלונגען פון „סעוואסטאָפּאָל“ איז טאָלסטאָי ארויס, קען מען זאָגען, דער ערשטער אין דער וועלט־ליטעראטור, מיט א קאַלטען, ניכטערען, אונפּארטייאישען אַנאַליז (צוגליעדערונג) פון דעם לעבען אויפ׳ן שלאכט־פעלד. ער האט בעוויזען, אז אויב אימיצער איז א העלד אין א געוויסען מאָמענט, איז נאָך דערפון ניט געדרונגען אז ער איז דוקא אלע מאָל א העלד. א מינוט פאר דער „העלדיש־קייט“ און א מינוט נאכדעם איז דער העלד א פראָסטער בשר ודם — א גוטער מענש אויב ער איז פריהער געווען גוט, און א שלעכטער אויב ער איז פריהער געוועז שלעכט. א העלד איז ער געווארען צוליעב דיא אומשטענדען, און ווען דיא אומשטענדען וואלטען געווען אַנדערע, וואלט דער זעלביגער מענש, דער העלד, פיעלייכט בעגאַנגען א מיאוס׳ע לומפעריי. אָבער אין דער זעלביגער צייט האט טאָלסטאָי אין זיינע ער־

צעהלונגען בעוויעזען א ביישפּיעל פון א העלדישקייט, וואס רייסט ניט דיא אויגען, וואס קריכט ניט פאראויס; דאָס איז דיא העלדייטקייט פון פּראסטען רוסישען סאלדאט, וועלכער פרעגט קיין קשיות ניט און טהוט דאס, וואס מען דארף טהאָן. אָט אין יענער צייט האט דאס טאָלסטאָי געהאט דיא געלעגענהייט נעהענטער בעקאַנט צו ווערען מיט דיא זעלטענע מעלות פון א פּראסטען מענשעלע, דעם רוסישען פּויער; ער האט איהם האָלט געקראָגען, און דיא דאָזיגע ווארעמע ליעבע איז ביי איהם פערבליעבען אויפ'ן גאנצען לעבען.

אין אויגוסט 1855 איז טאָלסטאָי געקומען צופאהרען קיין פּעטערס־בורג, וואו מען האט איהם זעהר הייס אויפגענומען: ערשטענס, וויא איינעם פון דיא העלדישע פערטהיידיגער פון סעוואַסטאָפּאָל און צוויי־טענס, וויא א בעריהמטען שרייבער. פאַר איהם זיינען ברייט גע־עפענט געווארען דיא סאַלאָנען פון דער הויכער געזעלשאפט און דיא בעסטע ליטעראַרישע קרייזען. ער איז געווארען בעקאנט מיט דיא העלסטע שטערן פון ליטעראַרישען הימעל אין דער רעדאַקציאָן פון „סאָוורעמעניק", דעם גייסטיגען צענטער פון פּעטערסבורג און אויך פון גאַנץ רוסלאַנד אין יענער צייט. נעהענטער פון אלעמען איז ער בעקאַנט געווארען מיט טורגענעווען, און דיא פריינדשאפט פון דיא צוויי גרויסע רוסישע שרייבער האט אנגעהאלטען יאהרען־לאַנג.

טאָלסטאָי איז אין דער צייט געווען יונג, רייך, פול מיט לעבען. חוץ דעם איז ער נאָר וואס געקומען פון סעוואַסטאָפּאָל, וואו ער האט איבערגעלעבט אַזוי פיעל סכנות. וואס איז דער חידוש. אַז ער האט זיך אבגעגעבען אין פּעטערסבורג צו אַלערהאַנד פערגניגענס און הוליאַנ־קעס? טאָג און נאַכט האט מען געשכור'ט, געשפּיעלט אין קארטען, זיך געחבר'ט מיט ציגיינער, אבער וויא געוויינליך האט איהם גע־נומען גיך עקלען פון דעם סאָרט לעבען. וויא ער האט זיך שפּעטער מתודה געווען „האט איהם געעקעלט אי פון זיך אליין אי פון דיא א רומיגע מענשען." מיט דיא שרייבער פון „סאָוורעמעניק" זיינען ביי איהם אויך גיך אַרויס ביטערע סכסוכים. ער האט ניט געקאַנט אַזוי וויא דיא איבעריגע געפינען קיין מנוחת הנפש אין דעם בעוואוסטזיין, וואס ער איז א „גרויסער קינסטלער". דאס אליין, האט ער גע'טענה'ט,

בעפרייט נאך ניט דעם מענשען פון א שטרעבונג צו ווערען וואס בעסער און וואס ריינער און אבצוגעבען זיינע כחות לטובת הכלל איבער דעם ענין האט מען געפיהרט לאנגע און הייסע דעבאטען, און טאלסטאי, וועלכער איז געוועזן בטבע אן אפענער מענש, האט זיך איבערגעקריגט כמעט מיט אלעמען. אין 1857 האט ער פערלאזען פעטערסבורג און איז אבגעפארען קיין אויסלאנד.

טאלסטאי האט בעזוכט דייטשלאנד, פראנקרייך, ענגלאנד, איטאליען, דיא שווייץ און אין אלגעמיין האט דיא נסיעה ניט געמאכט קיין גרויסען איינדרוק אויף איהם. מיט זיין אייגענשאפט פאנאנדער צוברעקלען אלץ, וואס ער זעהט ארום זיך, איז ער גיך געקומען צום שלוס, אז פון וועסט־אייראפא דארף זיך רוסלאנד קיין שום מוסר ניט אראבנעהמען. דיא מערקווירדיגע ענטוויקלונג פון דער וויסענשאפט און אינדוסטריע האט איהם ניט פערבלענדט דיא אויגען, דען צוזאמען מיט דער העכסטער קולטור האט ער דערזעהן א סך ארעמקייט, אונוויסענהייט, גראבהייט, אונמענשליכקייט, פאנאטיזמוס. אין זיין ערצעהלונג „ליוצערן”, וואס געהערט צו דער דאזיגער צייט, קען מען זעהן, וויא אזוי טאלסטאי האט דעמאלט געקוקט אויף דעם אייראפעאישען פראגרעס. דער העלד פון דער ערצעהלונג, פירסט נעכליודאוו, פערשרייבט אין זיין טאגעבוך, אז דעם 7־טען יוני 1857 האט פאסירט אין ליוצערן א זאך, וואס איז ווערטה פערצייכענט צו ווערען מיט פייערדיגע אותיות אין דער וועלט געשיכטע. וואס איז דאס אזוינס געוועזן? פאר׳ן האטעל שווייצערהאף, וואו עס שטעהען איין דיא רייכסטע געסט, האט א רייזענדער זינגער, א בעטלער, א האלבע שעה געזונגען ליעדלעך און געשפיעלט אויף א גיטאר. ביז הונדערט מענשען האבען זיך צוגעהערט צו זיין זינגען און שפיעלען. דער זינגער האט דריי מאל געבעטען א נדבה, אבער קיינער האט זיך ניט גענומען פארן טייסטער, און א פאאר פוסט־און־פאסניקעס האבען נאך געמאכט שפאס פון דעם בעטלער. נעכליודאוו טהוט זיך א פרעג: וויא אזוי קומט דאס, אז אט דיזע ענטוויקעלטע מענשען וועלכע זיינען קאפאבל — אויף זייערע מיטינגען, אין דיא פארלאמענטען און חברות — זיך מוסר נפש זיין פאר איטליכען עהר־

ליבען אינטערעס, אז אָט דיא דאָזיגע מענשען זאָלען ניט געפינען ביי זיך אין הארצען א מענשליכען געפיהל, ווען מען דארף טהאָן פערזענליך א קליינע טובה א קליינעם מענשעלע? וואָס-זשע בלייבט פון דיא פראזען איבער ציוויליזאציאן און גלייכהייט, מיט וועלכע מען פערשרייט דיא וועלט?

אין דעם פּראָטעסט-געשריי פון פירסט נעכליודאָוו הערט זיך שוין דער טאָלסטאָי, וועלכער האט פערלאָרען דיא אמונה אין פּראָגרעס און איז אַרויף אויפ'ן וועג פון מאָראַלישער אויסבעסערונג פון זיין פּערזאָן. טריט ביי טריט קומט ער צום שלוס, אז דיא ישועה פאַר דיא מענשהייט ליעגט אין דער ארבייט פון יחיד, פון יעדען איינציגען מענשען באַזונדער, וועלכער מוז אנשטרענגען זיינע כחות צו דערגרייכען דיא העכסטע מדרגה פון מאָראַלישער ענטוויקלונג. דיא ארבייט פון כלל איז ניט ווערטה, נאָך זיין מיינונג, אָן אויסגעבלאָזענע איי.

אין אויסלאַנד האָט דעם שרייבער אינטערעסירט מעהר פון אַלע אַנדערע זאכען פאָלקס-בילדונג און אויך דיא איינריכטונגען פאַר דיא פערבעסערונג פון דעם ארבייטער'ס לאַגע. דיא פראַגע פון פאָלקס-בילדונג האט ער שטודירט דער עיקר אין דייטשלאַנד. ער איז דאָרטען בעקאַנט געוואָרען מיט'ן בעריהמטען שרייבער בערטאָלד אוערבאַך, פון וועמען ער האָט שטאַרק געהאַלטען פאַר יענעם'ס פאָלקס-ערצעהלונגען. אין פראַנקרייך איז ביי איהם אויף דיא הענד געשטאָרבען פון שווינדזוכט אין 1860 זיין עלטערער ברודער ניקאָלאַי, זעהר אַ בעגאַבטער מענש, און דיזער טויט האָט געמאַכט א טיעפען איינדרוק אויף איהם. ער האט דאס שפּעטער בעשריעבען אין זיין ראָמאַן „אננאַ קארענינאַ" אין דעם טויט פון לעווין'ס ברודער ניקאָלאַי.

טאָלסטאָי איז געקומען צוריק אין רוסלאַנד שוין נאַכדעם, וויא דיא פּויערים זיינען בעפרייט געוואָרען פון פּאַנשטשיזנע. ער איז געוואָרען אַ מיראָוואָי פּאָסרעדניק, ד. ה. א ריכטער, אויסצוגלייכען דיא סכסוכים איבער פערשיעדענע ענינים פון לאַנד-ווירטשאַפט צווישען דיא פּריצים און דיא נאָר וואס בעפרייטע פּויערים. טאָלסטאָי איז דאָ וואהרשיינליך בעאיינפלוסט געוואָרען פון דיא דעמאָקראַטישע אידעען, וואס האבען אין דיא זעכציגער יאָהרען געהערשט אין דער

געבילדעטער קלאַסע. אויפ'ן פראָסטען מענשען האָט מען דעמאָלט געקוקט וויא אויף אַן אינגערען ברודער, און דיא אינטעליגענציע האָט זיך אָבגעגעבען מיט דיא ריינע אַבזיכטען אויסצובילדען דיא אונוויסענדע פויערים, אויפצוהויבען זייער גייסטיגען און מאָראַלישען צושטאַנד. אין דיא שטעדט האָט מען געעפענט זאָנטאַג שוהלען, וואו אַרביי־טער און אַנדערע פערנומענע מענשען פון דיא אָרעמע קלאַססען — יונגע און אַלטע, פרויען און מענער — האָבען געהאַט דיא מעגליכקייט זיך צו לערנען אָהן שכר לימוד. עס קען אָבער אויך זיין, אַז אין זיין אַרבייט פאַר'ן פאָלק איז טאָלסטאָי ניט בּצאַיינפלוסט געוואָרען פון דעם אַלגעמיינעם דעמאָקראַטישען גייסט. ער איז ניט פון דעם סאָרט מענשען, וואָס לאָזען זיך לייכט בעאיינפלוססען, און וואָס ער האָט ניט געטהאָן, האָט געטראָגען אויף זיך דיא חתימה פון זעלבסט־שטענדיגקייט, פון אָריגינעלען דענקען.

אין יאַסנאַיא פאָליאַנא האָט טאָלסטאָי געגרינדעט אַ שוהלע פאַר דיא קינדער פון דיא פויערים. פון אַלע אַנדערע שוהלען אויף דער וועלט האָט זיא זיך אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס טאָלסטאָי האָט אין איהר ניט איינגעפיהרט קיין שום דיסציפּלין; איטליכער תּלמיד האָט געטהאָן, וואָס ער האָט געוואָלט, און געזעסען, וואו און וויא אַזוי עס האָט זיך איהם געגלוסט; חוין דעם איז ניט געוועזען קיין שום פּראָגראַם און קיין שום מעטהאָדע, ד. ה. קיין שום אַנערקענטע דרכים, וויא אַזוי צו לערנען דיא קינדער. דיא איינציגע אויפגאַבע פון דיא לעהרער איז בעשטאַנען אין דעם, אַז תּלמידים זאָלען ניט געניצען, זיצענדיג אין קלאַסס. טאָלסטאָי אַליין איז געוועזען דער פּיה־רער פון לימוד, און דיא קינדער האָבען זיך גוט געלערענט. אין 1862 האָט טאָלסטאָי אָנגעפאַנגען ארויסצוגעבען אַ פּעדאַגאָגישען זשורנאַל, ד. ה. אַ צייטשריפט איבער דיא ענינים פון בילדונג און קינדער־ערציהונג. דער זשורנאַל האָט געהייסען „יאַסנאַיא פאָליאַנא“ און מעהר פון אַלעמען האָט אין איהם געשריעבען נאַטירליך טאָל־סטאָי אַליין. דיא אַרטיקלען, וואו דער שרייבער רעדט איבער זיין שוהלע און בעריהרט פּעדאַגאָגישע פראַגען בכלל, פערנעהמען אַ גאַנצעס בוך. אין דיא דאָזיגע אַרטיקלען סטאַרעוועט זיך טאָלסטאָי

צו בעווייזען, אז דער פּראָסטער פאָלק האָט גאַנץ וועניג גענאָסען פון פּראָגרעס, ד. ה. פון דיא אַלע פאָרטשריטע, וואָס בילדונג, וויסענשאַפט, קונסט און טעכניק האָבען געמאַכט און מאַכען. פון דעם פּראָגרעס געניסען נאָר דיא העכערע קלאַסען, און דיא רעזולטאַטען פון פּראָגרעס נוצען זיי אויס מיט'ן איינציגען צוועק אויסצוזייגען פון דעם פּראָסטען פאָלק זיין ביסעל בלוט. עס איז מערקווירדיג, אַז דיא ראַדיקאַלע קריטיקער פון יענער צייט האָבען איהם געהאַלטען פאַר א „קאָנסערוואַטאָר", ד. ה. פאַר א מענשען מיט אַלט־פריינקייטע געדאַנקען און שטרעבונגען, און פאַר א געגנער פון רעפאָרמען. דאָס איז געקומען דערפון, וואס טאָלסטאָי האָט צו שטאַרק אָנגעגריפען דעם אייראָפּעאישען פּראָגרעס, און אין דיא זעכציגער יאהר איז דער פּראָגרעס פון וועסט־אייראָפּא געוועזען אַן אָבגאָט ביי דער רוסיישער אינטעליגענציע.

צווישען דיא קונסטווערק, וואָס טאָלסטאָי האָט געשאַנקען דער רוססישער ליטעראַטור אין דיעזער צייט, געפינען זיך אמת'ע פּערל, צום ביישפּיעל: „דער שנעע־שטורם", „דיא צוויי הוזאַרען", דיא „דריי מיתות" „כאָלסטאָמיער" (דיא געשיכטע פון א פערד). א ביסעל שוואַכער איז זיין ערשטער ראָמאַן „פאַמיליען־גליק". אין די „דריי מיתות" ווערט דורכגעפיהרט, מערקווירדיג רעאַליסטיש, א פערגלייך צווישען דעם, וויא אַזוי עס שטאַרבט אַוועק א רייכע פּריצ'טע, אַן אָרעמער בעל־עגלה און א בוים. דיא פּריצ'טע ראַנגעלט זיך מיט דער ביטערער נויטווענדיגקייט צו שטאַרבען אין דער טיעפסטער פערצווייפלונג; דער פויער זעגענט זיך אָב מיט דער וועלט רוהיג און איינפאַך, און צום סוף ווערט בעשריעבען אין פּרעכטיגע פאַרבען דער טויט פון א בוים, וואָס מען האט אָרונטערגעהאַקט צו שטעלען א מצבה פאַר'ן בעל־עגלה.

אין 1862 האָט טאָלסטאָי חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון א מאָסקווער דאָקטאָר, סאָפיא אַנדרעיעווגא בערס, אין וועלכע ער איז געוועזען פאַרדעם פערליעבט גאַנצע דריי יאָהר. זיא איז אַלט געוועזען צו דער חתונה 17 יאהר, און ער איז געוועזען מיט 16 יאהר עלטער פון איהר. אין זיין ראָמאַן „פאַמיליען־גליק" וויל טאָלסטאָי

בעווייזען, אז ווען דער מאן איז א סך עלטער פון דער פרוי, קען דיא פּאָאר פּאָלק ניט זיין גליקליך. אויב דיא פרוי זאָל אין אָנפאַנג אפילו יע האָלט האָבען דעם מאַן, וועט זיא פריהער אָדער שפּעטער אָבגעקיהלט ווערען און זיך פערליעבען אין א יונגען, נאָך ניט קיין „אָבגעלעבטען". אין זיין אייגענעם פאַמיליען־לעבען איז דאס גראָד געווען ניט אזוי, און טאָלסטאָי מיט זיין פרוי שטעלען פּאָר, פון דעם ערשטען טאָג נאָך דער חתונה, דיא גליקליכסטע פּאָאר פּאָלק, וואס דיא וועלט האט ווען עס איז געזעהן. אין דער געבילדעטער, אויפגעקלערטער און פיין־ערצויגענער סאָפיא אַנדרעיעוונא האט דער שרייבער געפונען א טרייען פריינד און א קלוגען חבר, אָהן וועמען ער קען זיך במעט ניט בעגעהן סיי אין פּראַקטישע עסקים, סיי אין ליטעראַרישע. פונקט וויא איהר בעריהמטער מאַן, איז זיא אויך א שטאַרקע, זעלבסטשטענדיגע נאַטור, און האָט זיך איהרע אייגענע מיינונגען איבער פערשיעדענע וועלט־זאַכען. הגם איהרע מיינונגען מעגען זיין גאַניץ אָפּט דער היפּוך פון איהר מאַן'ס, פון דעסט־וועגען הערשט אין זייער הויז שלום ושלוה. טאָלסטאָי'ס פרוי איז איהם בעהילפיג אין דער ארבייט דערמיט, וואָס זיא שרייבט איבער זיינע כתבים איידער זיי געהען אין דרוק, און מאַכט דיא קאָרעקטורען. גאַניץ אָפּט קומט איהר אויס איין כתב איבערצושרייבען עטליכע מאָל, ווייל טאָלסטאָי האָט א טבע צו מאַכען פערבעסערונגען אין זיינע ווערק גאָר אָהן א סוף, וויא לאַנג זיי געפינען זיך נאָך אין דרוק.

נאָך טאָלסטאָי'ס חתונה פאַנגט זיך אָן דיא גליקליכסטע צייט פון זיין לעבען. ער האָט אַלין, וואָס א בשר ודם קען זיך נאָר ווינ־שען: רייכקייט, פאַמיליען־גליק און א שם פון איינעם פון דיא גרעסטע שרייבער ניט נאָר אין דער רוסיישער ליטעראַטור גופא, אויך חוץ לאָרץ. און אין דער צייט דערגרייכט טאַקי זיין טאַלענט דיא העכסטע מדרגות פון ענטוויקלונג.

אין 1864 האָט זיך אָנגעהויבען צו דרוקען אין זשורנאַל „רוסקי וויעסטניק" זיין ראָמאַן „קריעג און פריעדען". אין 1869 איז דער ראָמאַן אַרויס פון דרוק אין א בעזונדערען בוך אין 5 בענדער. דיא

קריטיקער פון דער גאַנצער וועלט האַלטען דעם דאָזיגען ראָמאַן פאַר דאָס גרעסטע און ערהאַבענסטע ווערק פון דעם סאָרט אין דער נייַ־אייראָפּעאיישער ליטעראַטור. עס ווערען דאָרט אָבגעמאָלט אַלע קלאַ־סען פון דער געזעלשאַפט — פון קיסרים ביז פּראָסטע סאָלדאַטען און פּויערים. אין אַ העלען שיין טרעט ארויס אין ראָמאַן דאָס לעבען פון דער רוסישער געזעלשאַפט אין אָנפאַנג פון 19טען יאהרהונדערט. דער קינסטלער בעשרייבט מיט זיין מעכטיגער פען ניט נאָר וויכטיגע היסטאָרישע פּאַסירונגען פון דער שטורעמדיגער נאַפּאָלעאָן־צייט, וויא למשל דיא שלאַכטען פון לייפּציג און באָראָדינא, דיא מאָסקאָ־ווער שרפה וכדומה, אויך ערשיינונגען פון אַלטעגליכען לעבען אין פערשיעדענע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע קרייזען. פאַר'ן לעזער געהען דורך וויא אין אַ פּאַנאָראַמע הונדערטע לעבעדיגע מענשען מיט זייער אינערליכער וועלט, מיט זייערע ליידען און פריידען, גע־פיהלען און ליידענשאַפטען; הונדערטע סצענען און בילדער, וואָס מאַכען אַזאַ טיעפען איינדרוק, דאס זיי מוזען אויף אייביג פערבלייבען אין זכרון.

עס איז מערקווירדיג, אַז דיא פערטרעטער פון פּראָסטען פאָלק, וועלכע טאָלסטאָי פיהרט אַרויס אין זיין ראָמאַן, זיינען מאָראַליש אַ סך שטאַרקער פון דיא פּריצים און געבילדעטע. דעם סאָלדאַט פּלאַ־טאָן קאַראַטאַיעוו מיט זיין געזונדען פערשטאַנד, וואַרעמען הארצען און ריינער נשמה, וועלכער געהט שטאַרבען מיט דער רוהיגקייט פון אַ סאָקראַט, אהן בעריהמערייען, אהן אַ געמאַכטער העלדיישקייט, שטעלט אַוועק טאָלסטאָי פאַר אַ מוסטער פון חכמה און צניעות. דער געבילדעטער פּיער איז בעצויבערט פון קאַראַטאַיעוו'ס וועלט־אַנשוי־אונג און אונטער יענעם'ס איינפלוס ווערט ער גאָר אַנאַנדער מענש. אזוי וויא אין „דיא קאַזאַקען״ וויל דאָ טאָלסטאָי בעווייזען, אַז דיא ישועה פאַר'ן אינטעליגענטען מענשען ליעגט אין נעהענטערע פערבינ־דונגען מיט'ן פּראָסטען פאלק.

דיא אידעע, דער הויפּט געדאַנק פון ראָמאַן, איז אַזאַ: דער גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע היינגט ניט אָב פון דעם ווילען אָדער דיא פּייהיגקייטען פון איינצעלנע פּערזאָנען: דיא ראָליע פון אַ נאַפּאָ־

לעאַז איז ניט גרעסער פון דער ראליע פון א פיגור אויפ'ן שאַך־ברעטעל; א היסטאָרישע פּאסירונג שפּיעלט זיך אָב נאָר דאַן, ווען עס טרעפט זיך צונויף דער ווילען פון אלע מענשען, וועלכע נעהמען אנטהייל אין דער פּאסירונג. וויא מיר זעהען, האלט טאָלסטאָי פון דעם, אז אויפ'ן גאנג פון דער וועלט־געשיכטע ווירקען געוויסע געהיימע קרעפטען, מיט אנדערע ווערטער פון א מין היסטאָרישען פאטאליזמוס. אין דיזע געדאנקען הערען זיך שוין דיא ערשטע קלאַנגען פון זיין שפּעטערדיגער תורה, אין וועלכער איינער פון דיא געבאָטען איז: זאלסט מקבל באהבה זיין שלעבטס.

נאָכדעם וויא „קריעג און פריעדען" איז ארויס פון דרוק, האט זיך טאָלסטאָי ווידער אבגעגעבען צו זיין פריהערדיגער טהעטיגקייט פון א פאלקס־לעהרער און האט אנגעשריעבען אַן „אלף־בית" און קליינע ביכלעך פאר'ן פאלק צום לעזען. אין 1873 האט ער אנגעפאנגען צו שרייבען זיין צווייטען גרויסען ראמאן „אננא קארעינינא", וואס איז געווען אבגעדרוקט אין „רוסקי וויעסטניק" אין 1875 און 1876.

אין דער צייט איז פארגעקומען א געוואלדיגע איבערקעהרעניס אין טאָלסטאָי'ס געדאנקען, און פון א בעלעטריסט, ד. ה. א שרייבער פון ערצעהלונגען און ראמאנען, ווערט ער א פּערפּאָסער פון רעליגיעז־פילאזאפישע ביכער. דיא אייביגע קשיות: וואס איז לעבען? וואס איז דער זין פון לעבען? וואס איז גליק? גאָט? וכדומה. קשיות, וואס האבען נאך געפּלאָגט דעם שרייבער אין זיינע אינגסטע יאהרען און זיינען פארגעשטעלט אין דער פּסיכאלאָגיע פון דיא העלדען פון זיינע ערשטע ערציילונגען — אָלענין און נעכליודאָוו, אָט דיא קשיות האבען יעצט גענומען פארדערן ביי איהם א קלאָרען תירוץ, אָהן דריידלעך, אָהן פּשרות, און טאקי באלד אויפ'ן אָרט. אין דעם גייסטיגען לעבען פון שרייבער האט אויסגעבראכען אַ קריזיס. טאלסטאי דערצעהלט אין זיין „וידוי", אז אייב א כישוף־מאכערין וואלט ביי איהם דערמאָנט געפרעגט, וואס ער וויל, וואלט ער ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. ער איז געווען געזונד, שטארק, רייך, בעריהמט, געליעבט אין דער איינענער פאמיליע און בעוואונדערט אין דער ברייטער וועלט, און ניט קוקענדיג אויף דעם האט ער פערלארען דיא לוסט צו לעבען,

ווייל ער האט זיך ניט געקענט קלאר מאכען דעם צוועק און די בעדייטונג פון זיין עקזיסטענץ. „נו, גוט”, האט ער גענומען טראכטען: „אט וועסטו האבען 6000 דעסיאטין ערד, 300 פערד; וואס־זשע וועט זיין דער סוף? אט וועסטו זיין מעהר בעריהמט וויא גאָגאָל, פושקין, מאָליער, שעקספּיר; נו, איז וואס וועט ארויס דערפון? די קינדער ערציהען — צו וואס? דאס פאלק פיהרען צו א רוהיגען זאַטען לעבען — וואס דארף דאס זיין מיין דאגה?...

בקיצור טאָלסטאָי האט גענומען פיהלען, אז דער פונדאמענט, אויף וועלכען ער איז ביז אהער פעסט געשטאנען, האט זיך אונטערגעבראכען אונטער זיינע פיס, אז די אינטערעסען, מיט וועלכע ער האט ביז אהער געלעבט, זיינען נעלם געווארען. ער וויים ניט, צו וואס ער דארף שרייבען, ארבייטען, לערנען, און די פראזען, וואס ער הערט פון די ארומיגע איבער די נויטווענדיגקייט צו ארבייטען, קענען איהם מעהר ניט צופריעדען שטעלען. עס איז קיין חידוש ניט, וואס ער פאנגט אָן צו קלערען פון זעלבסטמאָרד. „איך פלעג בעהאלטען פון זיך אליין די שטריקעל”, דערצעהלט טאָלסטאָי, „ווייל איך האב מורא געהאט, אז ווען איך פערבלייב איינער אליין ביי זיך אין צימער, זאל איך זיך ניט אויפהענגען”...

וויא אזוי לאזט זיך ערקלערען דיעזע איבעקעהרעניש אין טאָלסטאָי'ס גייסטיגען לעבען? די מעשה איז, אז אין דער צייט האט טאָלסטאָי שוין געהאט אליין, צו וואס ער האט ווען עס איז געשטרעבט. ער איז פשוט געווארען איבערזעטיגט מיט די טייערע מתנות פון זיין גוטען מזל. און נאך א זאך, ביטערע געדאנקען האבען דאך אייגענטליך געבראדזעט ביי איהם אין קאָפּ יאהרען־לאנג, אָבער אין דער צייט, ווען דאס הארץ האט געקלאפט מיט טויזענד מעכטיגע געפיהלען, זיינען די דאזיגע געדאנקען געווען פעררוקט, פערשטעלט. יעצט, אויף דער עלטער, ווען דאס הארץ האט זיך אבגעקיהלט, און עס איז שוין מעהר ניט געבליבען צו וואס צו שטרעבען, זיינען די געדאנקען ארויס פון פערבאָרגענעם ווינקעל, וואו זיי זיינען ביז אהער געלעגען, און האבען זיך אויסגעגאסען אין שארפע קשיות. טאָלסטאָי האט גענומען קוויטירען דעם חשבון פון זיין לאנגען לעבען, פון זיין ארבייט.

און וואס האט זיך ארויסגעוויזען? צווישען דעם ווירקליכען לעבען און דיא אידעאלען ליעגט א טיעפער אבגרונד; דיא געטער, צו וועלכע ער האט ביז אהער מתפלל געווען, ד. ה. ציוויליזאציאן, פראגרעס, קונסט — געטער, וואס ער האט גערשנ'ט פון דעם פריהערדיגען דור, זיינען ניט ווערטה געווען אין זיינע אויגען קיין אויסגעריבענע מטבעה. אדרבא. ער האט גערעכענט, אז דאס זיינען געווען ניט מעהר ווי הילצערנע אויסגעפוצטע געטשקעס, וואס דיא רייכע און געבילדעטע בענוצען זיך מיט זיי צו בעראבעווען דיא ארעמע און אונוויסענדע.ביים שרייבער אין דער נשמה איז געווארען א פוסטקייט, דיא אלטע געטער האט ער געוואלט וואס גיכער אומבייטען אויף נייע...טאלסטאי האט דערביי גאר ניט געשאנעוועט, און אין מיסטקאסטען זיינען גע־פלויגען אלע צווייגען פון וויסענשאפט, פון אטראנאמיע ביז מעדי־צין און כעמיע. ביי דעם שרייבער איז אויסגעקומען, אז אזוי וויא דיא מאסע פון מיליאנען פויערים בעגעהט זיך אהן דעם, דארום דארף מען דאס ניט האבען אויף דער וועלט. פון וואנען נעהמט דאס רוסישע פאלק זיין וויסען? נאר פון איין קוואל — דאס זיינען דיא הייליגע ספרים. דארום קען ער, טאלסטאי, אויף געפינען א תירוץ אויף זיינע קשיות אין דעם זעלביגען קוואל. און מיט א מין פיעבער האט ער זיך א ווארף געטהאן אין טעאלאגישע חקירות. ער האט גע־נומען שמועסען מיט גלחים אין מאנאכען, איז געגאנגען צו דיא זקנים אין א געוויסען קלויסטער, האט געלייענט פערשידענע ווערק וועגען גאט און רעליגיאן, האט אויסגעשטודירט דיא אלט־גריכישע שפראך און לשון קודש, אום ער זאל זיין בכח צו לייענען דיא ביבעל אין דיא שפראכען, אין וועלכע זיי זיינען געווען אנגעשריעבען. פון דיא אלע עקספערימענטען איז ער געקומען צום שלוס, אז אזוי לעבען, וויא פריהער קען ער שוין מעהר ניט. ער האט דארום אויסגעטהאן זיינע אייראפע־אישע מלבושים און גענומען טראגען קליידער פון א פראסטען רוסישען פויער. ער האט אויפגעהערט צו עסען פלייש, זיך אבגעזאגט פון זיין גרויסען פערמעגען, פון דיא רעכטע אויף זיינע ליטעראַרישע ווערק, און אנגעהויבען צו ארבייטען אין פעלד מיט אלע פויערים צוגלייך. נאך זיין מיינונג נאך וועט דיא גאולה קומען, ווען איטליכער מענש

וועט זיך סטאַרעווען צו ווערען גוט און פרום, באַזונדער, פאַר זיך. דאַרום לייקענט ער דאס אב אַלע פאָרמען פון שטאַאט, פון רעליגיאָן, פון געזעלישאפטליכען לעבען, אפילו פון פאַמיליען־לעבען (למשל, אין „קרייצער סאָנאַטאַ״). פאַר אַ גרונד—פּרינציפּ פון זיין תורה האַלט ער: ניט צו בעקעמפּפען שלעכטס מיט געוואַלט.

טאָלסטאָי נעהמט אָן, אַז אויב דיא מענשהייט וויל זיין גליק־ליך, דאַרף זיא זיך אומקעהרען צום פּראָסטען לעבען, צום לעבען אויפ׳ן שויס פון דער מוטער־נאַטור.

עס איז, פערשטעהט זיך, ניט שלעכט צו לעבען און אַרבייטען אין דער פרישער לופט פון דיא וועלדער און פעלדער. אָבער קענען דען אַלע אַוועקגעהן אין דאָרף? לאָמיר שוין צוגעבען אויף אַ רגע, אַז יע, און אַז אין אַ שיינעם פריה־מאָרגען וועלען מיר פערברענען דיא גאַנצע מאַטעריעלע קולטור, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען אין לאַנגע דורות פון שווערער, בלוטיגער אַרבייט, און וועלען ווערען מיט מזל אַקערבויער. וואָס וועט זיין דער סוף? דער סוף וועט זיין, אַז טריט ביי טריט וועט ווידער בעשאַפען ווערען דיא זעלביגע קולטור. וואָס מיר האָבען פריהער חרוב געמאַכט מיט דיא אייגענע הענד. פאַר וואָס וועט דאס זיין אַזוי? אָט פאַר וואָס. ביי דעם מענשען אין דער נייזמה ליעגט אַ מעכטיגער געפיהל פון אונצופרידענהייט מיט זיין געגענווערטיגען קולטוריעלען צושטאַנד, ד. ה. וויא גוט עס זאָל ניט זיין דעם מענשען, זוכט ער אַלץ בעסערס. דער דאָזיגער געפיהל איז געבאָרען געוואָרען צוזאַמען מיט׳ן מענשען און אהן דעם וואָלט איי־גענטליך ניט געווען אויף דער וועלט קיין שום פּראָגרעס, קיין שום פאָרטשריט. דער געפיהל פון אונצופרידענהייט טרייבט דאס דעם מענשען צו אַ העכערער שטופע פון ענטוויקלונג, צו אַ פערבעסערונג פון זיינע אומשטענדען, און אָט דער געפיהל וועט דאס מאַכען אַ תל פון טאָלסטאָי׳ס אידעאַל, ווען דיא מענשהייט זאָל איהם דורכ־פיהרען.

דער פּרינציפּ „ניט צו בעקעמפּפען שלעכטס מיט געוואַלט״ איז אויך ניט קיין גלייכע זאַך. פּראָסט גערעדט הייסט דאס: זיך לאָזען קריכען אויפ׳ן קאָפּ. וואָס הייסט אייגענטליך געוואַלט? דאס, וואָס

מען טהוט דעם צוויטעז נעגען זיין ווילען. א דיינקענדער מענש וועט, פערשטעהט זיך, זעהן איבערצוריידען דעם רשע מיט גוטען, מיט ראיות, מיט ארגומענטען. אבער שטעלט זיך פאר, אז א מענש איז שטארק צוהיצט, ד, ה. געפינט זיך אין אזא גייסטיגען צושטאנד, אז ער איז ניט בכח צו פערשטעהן, וואס מען וויל פון איהם האבען, און ער ווארפט זיך אויף אייך מיט א מעסער. וואס דארפט איהר טהאן? זיך לאזען דערשטעכען? א גרויסע חכמה וואלט דאס טאקי געוועזן. און ביי טאלסטאי׳ען קומט אויס, אז מען דארף זיך יע לאזען דערשטעכען, ווייל זיך ראנגלען מיט׳ן אנגרייפער הייסט דאך צו בעקעמפפען שלעכטס מיט געוואלט...

זיין פרינציפ האט טאלסטאי גענומען פון דיא רעליגיעזע ספרים, וואס שטאמען פון מזרח־לענדער. עס איז אינטערעסאנט צו פערגלייבען טאלסטאי׳ס פרינציפ מיט א מערקווירדיגען געשפרעך, וואס מיר געפינען אין א הייליגען ספר פון דיא בודהיסטען (בודהיזמוס איז דיא אמונה פון דעם גרעסטען טהייל אזיאטען). דעם געשפרעך פיהרט בודהא אליין מיט זיין בעסטען תלמיד פורנא.

„וואס וועסטו טהאן, זאג מיר, פורנא״, פרעגט בודהא, „ווען מענשען וועלען דיך זידלען, מאבען פון דיר אש און רויך, שילטען, בעליידיגען?״

„איך וועל ביי זיך טראכטען בשעת מעשה״, ענטפערט פורנא: „אוי, ס׳ארא גוט, ווייך הארץ זיי האבען, דאס זיי שלאגען מיך ניט.

„וואס וועסטו אבער טהאן, ווען זיי וועלען דיך שלאגען?

„איך וועל טראכטען ביי זיך: וויא גוט זיי זיינען, דאס זיי נעהמען בייא מיר ניט אוועק אין גאנצען מיין לעבען.

„און וואס וועסטו זאגען, ווען זיי וועלען ביי דיר אבנעהמען דיין לעבען?״

„איך וועל זיי בענטשען דערפאר, וואס זיי האבען מיך מיט ווענינ יסורים בעפרייט פון זינדיגען גוף...

און טאלסטאי מיט זיינע תלמידים ווערען על כל פנים נתפעל פון דער דאזיגער שקלאפען־מאראל, וויא דער דייטשער פילאזאף ניטצ׳שע הפט דאס אן גאנץ ריכטיג.

טאָלסטאָי׳ס נייע וועלט־אנשויאונג האט זיך אויסגעדריקט אין „אננא קאַרענינאַ“. דיא העלדען קענען צוטהיילט ווערען אין צוויי קלאַסען: איינע שטעהען אויפ׳ן דרך הישר, דיא אַנדערע זיינען פער־בלאָנזעטע נשמות. דיא ערשטע זיינען צוגעבונדען צו דער ערד, צו זייערע פאַמיליען־אינטערעסען (קאָנסטאַנטין לעווין, דיא געזינד פון פירסט שטשערבאצקי, סוויאזשסקי), דיא צווייטע זיינען כמעט אין גאַנ־צען אָבגעגעבען צו דיא תאוות און פערגניגענס פון עולם הזה. טאָל־סטאָי מאָלט דיא טיפען פון דער צווייטער קלאַססע ניט מיט קיין פריינדליכע פארבען: אַננאַ קאַרענינאַ — איז אַן אישת איש און אַנטלויפט פון מאַן און איהר קינד צו א יונגען און שיינעם אָפיציער; קאַרענין, איהר מאַן, איז אַ טעמפּע מאַשין מיט קעלבענע אויגען און וועניג שכל; פירסט סטעפּאַן אָבלאָנסקי — אַ גאָרנישט און א גרויסער הולטיי, נארט זיין ווייב, פערפיהרט א נייע ליובקע אלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און ברייננגט אוים זיין פערמעגען; ניקאָלאַי לעווין — א שיכור; פירסט ווראָנסקי — אַ בעל־זנות, ביי וועמען עס איז גאָר אַ קלייניגקייט צו מאַכען א תל פון דעם צווייטענס פאמיליען־לעבען, און אַזוי ווייטער. דיא ערשטע פיהרען אַ ריינעם מאָראַלישען לעבען, על פי רוב אין דאָרף, און זיינען גליקליך, דיא צווייטע האָבען כמעט אלע א פינסטער־ען סוף (לעווין — דער שיכור שטאַרבט אַוועק, אַננאַ — דיא אשת איש געהמט זיך דעם לעבען). נאָך איין זאַך איז אינטערעסאַנט אין דעם ראָמאַן. קאָנסטאַנ־טין לעווין לעבט איבער דיא זעלביגע מאָראַלישע קריזיס, וואָס טאָל־סטאָי גופא און נעפינט אַן אויסוועג פון זיין פּלאָגענים אין אַ טהעטיגער אַרבייט אויפ׳ן שוים פון דער מוטער־נאַטור, אין דער ראָליע פון א גוטהערציגען און מענשען־פריינדליכען לאַנדבעזיצער.

נאָכ׳ן ראָמאַן „אננא קאַרענינאַ“, וואס ווערט געהאַלטען פאַר אַ ציערונג אין דער וועלט־ליטעראַטור, הויבט זיך אָן א נייע פּעריאָדע אין טאָלסטאָי׳ס ליטעראַרישער טהעטיגקייט. ער שרייבט על פי רוב אַרטיקלען, ביכער פאַר׳ן פאָלק און פילאָזאָפיש־טעאָלאָגישע טראַקטאַ־טען. צייטענווייס קעהרט ער זיך אום צו דער שיינער קונסט, צו ערצעהלונגען, אָבער זיי זיינען כמעט אלע מיט אַ טענדענץ, ד. ה. דער

שרייבער בענוצט זיך מיט דער בעלעטריסטישער פאָרמע צו בעווייזען דיא ריכטיגקייט פון זיינע געדאַנקען, פון זיין נייער וועלט־אַנשויאונג. אין דיא קונסט־ווערק, וואָס טאָלסטאָי האָט געשאָנקען דער וועלט פאַר דיא לעצטע 25 יאָהר, הערט זיך דער מאָראַל־פּרעדיגער, דער בעל־דרשן כמעט אַזוי שטאַרק, און צייטענוויים אפילו שטאַרקער, וויא דער קינסטלער, דער מאַלער פון טיפען און בילדער פון לעבען. צו דער דאָזיגער צייט פון טאָלסטאָי'ס טהעטיגקייט געהערען: דיא פאָלקס־דראַמאַ „דיא מאַכט פון דער פינסטערנים", דריי ערצעהלונגען: „איוואַן אילאיטש'עס טויט", „דער בעל הבית און דער אַרבייטער", „קרייצער סאָנאַטאַ", דער ראָמאַן „תחית המתים" און דער טראַקטאַט „וואָס איז קונסט?"

אין „קרייצער סאָנאַטאַ" האָט זיך טאָלסטאָי ארויסגעוויעזען פאַר אַ געגנער פון פאַמיליען־לעבען. דער העלד פון דער ערצעהלונג איז פּאָזדנישעוו, אַ רייכער און געבילדעטער פּריץ. אין דיא יונגע יאָהרען לעבט ער אַ גוטען טאָג, פערליערט דיא אונשולד און דערנאָך, ווען ער האָט חתונה מיט אַן אונשולדיגער מיידעל, מיינט ער, אַז זיא האַלט אין זינען נאָר איין זאַך: וויא אַזוי איהם אָבצונאַרען. דיא פּאָאַר פאָלק לעבט וויא אַ הונד מיט אַ קאַץ. מען קריעגט זיך, מען רייסט זיך אַרום כמעט פון דער ערשטער וואָך נאָך דער חתונה. דער לעצטער מאַנסביל, וואָס וועקט אויף אין פּאָזדנישעוו'ען אייפער־זוכט, איז אַ מוזיקער, מיט וועמען דיא פרוי זיינע האָט האַלט צו שפּיעלען זאַלבאַנאַנד—ער—אויפ'ן פידעל, זיא אויף דער פּיאַנאָ. איין מאָל שפּעט אין אָבענד קומט פּאָזדנישעוו אַהיים און געפינט זיין פרוי צוזאַמען מיט'ן מוזיקער. ער וואַרפט זיך אַרויף אויף איהר וויא אַ ווילדע חיה און הרג'עט זיא אוועק.

פּאָזדניישעוו זאָגט — און מיט זיין מויל רעדט דאָך טאָלסטאָי,—אַז אין דעם צרה'דיגען פאַמיליען־לעבען פון דער געבילדעטער קלאַסע איז שולדיג דיא ערציהונג. דיא יונגע לייט הולטייעווען פאַר דער חתונה, וויא פיעל זיי קענען נאָר אריינכאַפּען. אַלע וויסען דערפון און קיינער האַלט דאָס ניט פאַר מיאוס, אונמאָראַליש, ניט נאָרמאַל. אדרבא.

ווען אַ יונגער מאַן וויל פערבלייבען אַ פּרוש, מאַכט מען פון איהם אַ געלעכטער.

טאָלסטאָי זאָגט דאָ איינענטליך קיין נייעס ניט. די פראַגע, וואָס ער בעריהרט, איז אַ ברענענדיגע פראַגע. דער בעריהמטער נאָרוועגישער שרייבער ביערנסאָן רעדט וועגען דעם איז זיין דראַמע „די הענדשקע“. די העלדין זאָגט זיך אָב חתונה צו האבען מיט איהר חתן, ווען זיא דערוויסט זיך, אז ער האָט שוין געלעבט מיט אַנאַנדער פרוי. וויא אזוי קען מען דאָ געהאָלפען ווערען? נאָר אויף איין וועג: יונג חתונה האָבען, ד. ה. אין די יאָהרען, ווען עס וועקען זיך אויף די געשלעכטליכע אינסטינקטען. אָבער ביי היינטיגע צייטען איז פאַר'ן מאַנספּאַרשוין גאָר אונמעגליך חתונה צו האָבען פאר 28—30 יאָהר צוליעב די עקאָנאָמישע אומשטענדען. די פראַגע, צום אונגליק, בלייבט דארום ניט קיין פערענטפערטע.

אָבער טאָלסטאָי וויל דאָך פערענטפערן די פראַגע. זיין עצה איז גאָר אין גאַנצען ניט צו פערקעהרען מיט פרויען! אַ גוטען ביי־שפּיעל פון טאָלסטאָי'ס ארגומענטען קען געבען אזא מין געשפּרעך אין „קרייצער סאָנאַטאַ“.

פּאָזדנישעוו זאָגט איינעם, אַז דער געשלעכטליכער פערקעהר איז געגען די נאַטור, און דארום מוז ער אָבגעשאַפט ווערען.

„וואָס רעדט איהר“, ענטפערט איהם יענער: „די מענשהייט וואָלט דאָך דעמאָלט אונטערגעגאַנגען?

„און צו וואס דארפט איהר האָבען די מענשהייט?“ פרעגט פּאָזדנישעוו.

„וואָס הייסט צו וואָס? מיר וואָלטען דאָך דעמאָלט ניט געווען אויף דער וועלט.

„און צו וואָס דארפען מיר זיין אויף דער וועלט?

„וואָס הייסט צו וואָס? צו לעבען.

„צו וואָס דארפען מיר לעבען? שאָפּענהויער, גאַרטמאַן (דייטשע פילאָזאָפען) און אַלע בודהיסטען זאָגען, אַז די בעסטע זאך איז פאַר'ן מענישען — ניט צו לעבען.... אי, וואָס מיט דער אָבשאַפונג פון געשלעכטליכען פערקעהר וועט זיך ענדיגען די וועלט, נו, וואָס איז

דער געוואַלד אַזוי גרויס? אַלין איינס דאַרף זיך דאָך ווען עס איז ענדיגען דיא וועלט. אי דיא תורה זאָגט דאָס, אי דיא וויסענשאַפט. וואָס אַרט אייך, אַז דיא וועלט וועט זיך יעצט ענדיגען?...

טאָלסטאָי וויל על כל פנים גאָר ניט וויסען, אַז געשלעכטליכע ליעבע איז אַן איינגעבאָרענער אינסטינקט. אַזוי וויא הונגער איז דער אינסטינקט פון זעלבסט-ערהאַלטונג אין דער אייגענער פּערזאָן, איז ליעבע דער אינסטינקט פון זעלבסט-ערהאַלטונג אין געשלעכט. אין אַ לעבעדיגען מענשען מוזען דיא ביידע אינסטינקטען בעפריעדיגט ווערען, און ווען זיי ווערען נאָר האַלב בעפריעדיגט, ווערט דער אָרגאַניזמוס פערקריפּעלט.

אַ מערקווירדיג-שטאַרקע ערצעהלונג איז „איוואַן איליאיטש'עס טויט". מען מעג אַריינרעכענען צווישען טאָלסטאָי'ס גרעסטע ווערק. דאָרט ווערט איבערגעגעבען אין קינסטליכע רעאַליסטישע בילדער דער גייסטיגער צושטאַנד פון אַ געבילדעטען מענשען, וועל־כער האַלט ביים שטאַרבען, ביז דיא לעצטע מינוט, ווען דער טויט בעפרייט איהם פון זיינע שרעקליכע יסורים. אין דער ערצעהלונג ווערט אַרויסגעשטעלט דער עגאָאיזמוס פון דער געבילדעטער קלאַסע, און דער טיעפער געפיהל פון רחמנות צום צווייטען, צום קראַנקען, וואָס מען טרעפט אין פּראָסטע מענשען, אין רוסישען פאָלק. פון דיא אַלע מענשען, וועלכע געפינען זיך אַרום איוואַן איליאיטש אין דער צייט פון זיין קראַנקהייט — זיין ווייב, זיינע קינדער, זיינע חברים, דיא דאָקטוירים, — האָט אויף איהם אין דער אמת'ען רחמנות נאָר איי־נער, און דאַס איז דער משרת פון הויז געראַסים, אַ מוזשיק, ניט לאַנג געקומען פון דאָרף. טאָלסטאָי וויל דאָ בעווייזען דיא ריכטיג־קייט פון זיין בעהויפּטונג, אַז אין דעם ענין פון מאָראַל שטעהט דער דאָרף-מענש אַ סך העכער פון דעם שטאָדטישען מענש, וועלכער צאַפּעלט זיך אין אַ נעץ פון אייביגע ליגענס און ווערט אין איהם דערשטיקט.

דיא פאָלקס-דראַמע „דיא מאַכט פון דער פינסטערניס" איז איינע פון דיא גרעסטע דראַמאַטישע ווערק, וואָס מען קען געפינען אין דער וועלט-ליטעראַטור. דער גרעסטער קריטיקער געאָרג בראַנדעס

רעכענט, אז דאס איז טאָלסטאָי׳ס מייסטערווערק. איהר גרויסע בעדייטונג, זאגט דער קריטיקער, בעשטעהט אין דעם, דאס זי בע־ריהרט א גאנץ נייע וועלט — די וועלט פון דער אונוויסענדער רו־סישער מאסע. דער שרייבער מאכט דאָ אויך א פערזוך צו דרשנ׳ען זיינע בעליעבטע אידעען, און אין די ווערטער פון אלטען אקים הערט זיך טאָלסטאָי׳ס שנאה צום שטאדטישען לעבען און צו דער קולטור. מיט א זעלטענער קראפט ווערט אבגעמאלט אין דער דראַמא דאס לעבען פון דאָרף, די געוואלטיגע אונוויסענהייט פון די פויערים, זייערע אבערגלויבענס, זייערע פאָראורטהיילע. די מאכט פון פינסטערנים האלט אין איהרע אייזערנע לאפּעס מיליאנען לע־בעדיגע מענשען און דערביי געפינט זיך ניט קיין איין מענש, וואס זאל א ביסעל אבשוואכען די שרעקליכע מאכט. טאָלסטאָי וועקט אין אונז דעם געפיהל פון רחמנות און ליעבע צו די ארעמע פינסטערע נשמות און וויל אונז געבען צו פערשטעהן, אז די הייליגסטע פפליכט פון דער געבילדעטער קלאסע ליעגט אין פערשפּרייטען ביל־דונג אין דער מאסע. א קוואל פון הייסער ליעבע צו די פינסטערע, פערבלאָנזעטע נשמות שפּריצט פון יעדער שורה. דער סאָלדאט מיט־ריטש זאגט אין איין ארט: „איהר, פרויען פון דאָרף... ווער לערנט אייך? וואס זעהט איהר? וואס הערט איהר? מעהר ניט ווי פאס־קודסטווע... ווי־זשע זאלט איהר אליין ניט ווערען אומריין?... מי־ליאנען אזעלכע ווי איהר האָט רוסלאנד. און אלע זייט איהר ווי בלינדע קראָטען, וואס לעבען אין דר׳ערד. איהר זעהט גאר ניט און הערט גאָר ניט. דער מוזשיק דערוויסט זיך נאך פון עפּים — אין קאַבאַק, אין טורמע, אין סאָלדאטען. און די פרוי פון דאָרף? פויזעט ווי א בלינדער הינטעל... און ווער קען צו אייך וואס האָבען? ווער לערנט אייך? נאר דער מוזשיק, ווען ער איז שיכור, לערנט אייך מיט די לייצעס... אָט אין דעם בעשטעהט אייער גאנצע תורה...

א ביטערער אמת ליעגט אין די ווערטער פון אלטען מיטריטש און טאָלסטאָי האָט אבגעגעבען א גרויסען טהייל פון זיין לעבען אויפ־

צועפענען דיא אויגען דיא „בלינדע הינטלעך", אי מיט זיינע ביכלעך פאר'ן פאלק, אי מיט זיין טהעטיגקייט פון א פאלקס-לעהרער אין זיין שולע פון יאסנאיא פאליאנא.

אין 1900 איז ארויס פון דרוק טאלסטאי'ס לעצטער ראמאן „תחית המתים". וועלכער איז שפעטער דראמאטיזירט געווארען (אויך אין אידיש אין אמעריקא). אין דעם גענאיאלען ווערק פון אלט־גראען זקן איז צו בעוואונדערן דיא יוגענדליכע פרישקייט פון געפיהל, דיא מערקווירדיגע מאכט אבצומאלען לעבעדיגע מענשען, וויא זיי שטעהען און געהען, מיט אלע זייערע מעלות און חסרונות, תאוות אין ליידענשאפטען. אזוי וויא אין זיינע פריהעריגע ווערק שטעלט ארויס דער שרייבער דיא שרעקליכע פאלשקייט, וואס דרינגט דורך דיא האנדלונגען פון קולטור־מענשען, דער עיקר פון דער הויכער געזעלשאפט. צום ערשטען מאל אין דער רוסישער ליטעראטור געפינען מיר אין דעם ראמאן א בעשרייבונג פון דעם לעבען פון פאליטישע פערברעכער. מיט גרויס קונסט שטעלט פאר טאלסטאי דיא פערהאנדלונגען אין געריכט, בעשריעבען מיט אלע פיטשיווקעס, מיט דער געוועגליכער פסיכאלאגישער פינקטליכקייט פון דעם טיעפען קענער פון מענשליכען הארצען.

אין „תחית המתים" ליעגט א שטארקע טענדענץ. דיא געגנער פון טאלסטאי—דעם מאראליסט געפינען אין דעם ראמאן א סך חסרונות. קודם כל געפעהלט זיי ניט, וואס דער העלד פירסט נעכליודאוו ווארפט פון זיך אראב דיא לאסט פון דיא אלטעגליכע לעבענס־אינטערעסען און געהט טהאן תשובה איבער א „קלייניגקייט", פון וועלכער קיינער קען זיך גאר ניט בעהיטען היינטיגע צייטען; אויב אלען זאלען נאר טהאן נעכליודאוו'ען, טענה'ן זיי, וועט דיא וועלט קיין וועלט ניט זיין; און דורך דעם, וואס דער העלד איז א פארוועער בעל־תשובה, קומט ארויס זיין געשטאלט צו בלייך, צו טהעארעטיש, עפּיס גאר ניט וויא קיין לעבעדיגע. חוץ דעם זעהען זיי ניט איין, פאר וואס טאלסטאי איז אזוי שטארק אין כעס אויף דיא פיינע געזעלשאפט, וועלכע ער ברענט וויא אויפ'ן פייער מיט זיין סאטירישער פען. דעם ־ריטען חסרון געפינען טאלסטאי'ס געגנער אין דעם, וואס דיא העלדין,

א געוועזענע פראָסטיטוטקע (א גאס־מיידעל), ווערט ארויסגעשטעלט מיט אַן איידעלען כאַראַקטער און איבערהויפּט מיט מעהר ריינע און ווארעמע מענשליכע געפיהלען, וויא דיא פרויען פון דיא הויכע קלאַסען. זיי ערקלערען, אז דעם שרייבער׳ס מערקווירדיגע קונסט פון א בעלעטריסט האט א סך צו ליידען דורך דעם, וואס ער פלעגט אריין אין זיינע ווערק טהעארעטיש׳ע פראגען און וואס ער ניצט זיא אויס׳ מיט׳ן איינציגען צוועק צו פערשפרייטען זיינע רעליגיעזע און סאָציאלע אידעען.

אין דעם ראָמאַן ווערט איבערגעגעבען, וויא אזוי א רייכער און געבילדעטער יונגער מאַן מיט א פירסטליכען טיטעל איז אויפגעשטאַנען תחית המתים, ד. ה. זיין נשמה האט זיך אויסגעלייטערט, איז ריין געוואָרען פון דעם גאנצען שמוץ, מיט וועלכען זיא איז געווען בעפלעקט אין דעם אלטעגליכען לעבען פון דער קולטורעלער געזעלשאַפט. פירסט דמיטרי נעכליודאוו איז ניט ערגער פון דער גאנצער וועלט, און ווען ער פערפיהרט דיא אונשולדיגע קאַטיושא מאַסלאָווא, א יתומה, וועלכע האט זיך אויסגעהאדעוועט אין דאָרף ביי זיינע קרובים, טראַכט ער ניט ב׳שעת מעשה פון דיא שרעקליכע אחריות, וואס ער נעהמט אויף זיין געוויסען. ער גיט דער פערפיהרטער מיידעל הונדערט רובעל און מיינט, אז ער איז דערמיט פּטור געוואָרען פון דער פעראַנטוואָרטליכקייט פאר דיא רעה, וואס ער האט געטאָן א לעבעדיגען מענש׳ען. ער וויל זיך אָבקויפען מיט געלד ער זעהט, אז אַלע טהוען אזוי, און ער קען ניט זיין „בעסער״ פון דיא איבעריגע. אָבער דער יום הדין איז נאָהענט. נעכליודאָוו׳ען קומט א מאָל אויס צו זיין איינער פון דיא געש׳וואָרענע אין א פּראָצעס פון א פּראָסטיטוטקע, וואס ווערט בעשולדיגט אין דעם, אַז זיא האט פערסמ׳ט א סוחר, מיט וועמען זיא האט געהולטעוועט. אין דער פּראָסטיטוטקע דערקענט נעכליודאוו דיא פערפיהרטע קאַטיושא, און דיא בעגעגעניס מאַכט אויף איהם אַזאַ טיעפען איינדרוק, דאס ער בעש׳ליסט צו טהאָן תשובה און פערגלעטען זיין שווערע שולד געגען דער מיידעל. ווען זיא ווערט פערמישפּט צו פיער יאָהר קאַטאָרזשנע ארבייט, פאהרט ער איהר נאָך אין סיביר, וואו ער האָט בדעה מיט איהר חתונה צו

האבען. אבער קאטוישא נעהמט ניט אן זיין קרבן און האָט חתונה מיט׳ן פּאָליטישען פערברעכער סימאָנסאָן, וועמען זיא בעגעגענט אויפ׳ן וועג קיין סיביר. נעכליודאָוו קען אבער שוין מעהר ניט לעבען אזוי וויא ביז אהער, ד. ה. אין א נעץ פון אייביגע ליגענס. ער געפינט דיא בעדייטונג פון לעבען נאָר אין ארבייט פאַר׳ן צוזייטען, לטובת הכלל.

אין דעם ראָמאַן געהען פארביי פאר אונזערע אויגען אַלע קלאַ־סען פון דער רוסישער געזעלשאפט: גובערנאטאָרס, גענעראַלען, פּראָ־קוראָרען, ריכטער, סענאטאָרען, טשינאָווניקעס, פּויערים, סאָלדאַטען, אַרעסטאַנטען, קאטארזשניקעס. יעדער איינציגער מיט זיינע כאַראַק־טערציגע, מיט זיין אייגענער גייסטיגער וועלטעל, וואו דער גרויסער קינסטלער פערטיעפט זיך ביז׳ן דעק. דער ראָמאַן האָט אָנגעמאַכט א רושם אין דער גאַנצער וועלט אין איז אין א קורצע צייט איבערזעצט געוואָרען כמעט אין אַלע שפּראַכען.

אין זיין טראַקטאַט „וואָס איז קונסט?“ בעווייזט טאָלסטאָי, אַז ער איז ניט קיין גרויסער חסיד פון דער שיינער קונסט. ער דריקט אויס דעם געדאַנק, אַז „וואָס מעהר מיר גיבען זיך אָב צו שיינקייט, געהען מיר אַוועק אַלץ ווייטער פון דעם אמת“, און דאַרום האַלט ער ניט שטאַרק פון דיא גרעסטע קינסטלער אין מאַלעריי, מוזיק, ליטעראַטור, וויא למשל: דאַנטע, ראַפאַעל, גהעטע, שעקס־פּיר, בעטהאָווען. אויף דעם זעלבינען גרונד איז טאָלסטאָי קאַפּאַבל אָבצולייקענען דיא בעדייטונג פון זיינע ערשטע ווערק, ד. ה. פון דיא יעניגע, וואָס ער האָט אָנגעשריעבען פאַר דער קריזיס אין זיין גייס־טיגען לעבען אין דיא זיבעציגער יאהרען. ער רעכענט, אַז דיא ווערק פון דער לעצטער פּעריאָדע פון זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט האָ־בען א גרעסערע בעדייטונג פון דיא ערשטע, בלויז צוליעב דעם, וואָס ער האָט דורך זיי געפּרעדיגט זיינע אידעען.

פון דיא וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין טאָלסטאָי׳ס לעבען פאַר דיא לעצטע צייט קען מען דערמאָנען דעם חרם אויף איהם און דעם 50־יעהריגען יובילעום פון זיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט. דער חרם איז אַרוס פון הייליגען סינאָד דעם 20־טען פעברואַר 1901. דער סינאָד האָט פּערעפּענטליכט אן ערקלערונג, אַז אזוי וויא טאָלסטאָי

אנערקענט ניט דיא לעהרע פון דער פראוואָסלאַוונער קירכע, בכן ווערט ער פון איהר פערשטויסען ביז וואנען ער וועט ניט תשובה טהאָן.

דער יובילעום פון געניאַלען שרייבער איז געפייערט געוואָרן אין 1902. פון דער גאַנצער וועלט האָט ער געקראָגען בעגריסונגס־דעפּע־שען, וואו מען האָט איהם געוואונשען צו זיין געזונד און שטארק און קענען אויסנוצען זיין מעכטיגען טאלענט פאַר דער זעלביגער וויכטיגער ארבייט, מיט וועלכער ער האָט 50 יאָהר כסדר געדיענט דער מענשהייט

טאָלסטאָי׳ס ווערק זיינען איבערזעצט כמעט אין אַלע לעבעדיגע שפּראַכען. איבער דעם שרייבער גופא און זיינע ווערק זיינען אנגע־שריעבען אַרטיקלען און ביכער, וואָס מען רעכענט אין דיא טויזענדער.



# יהושע הנוצרי

## זיין לעבענס-געשיכטע

נאָך די בעסטע אידישע און קריסטליכע קוועלען

בעאַרבייט

פון

א. ז. כהן

---

# איינלייטונג

די אלטע קוועלען, וועלכע פארנעהמען זיך מיט יעזוס׳ס לעבען און מיט דער געשיכטע פון זיין צייט זענען: 1) די עוואנגעליען און איבערהויפט די שריפטען פון נייעם טעס־טאַמענט; 2) די אַפּאָקריפען (כתובים אחרונים) פון אלטען טעסטאמענט; 3) די ווערק פון יאָזעפוס פלאוויוס און 4) דער תלמוד. אָבער בעת די עוואנגעליען באשעפטיגען זיך ספעציעל מיט יעזוס׳ס לעבענס-געשיכטע, ענטהאלטען די אי־בעריגע נאָר קנאפע און צואוואָרפענע ידיעות וועגען איהם.

מען מוז אָבער וויסען, אז די עוואנגעליען און אויך פיעל שטעלען אין תלמוד זענען נישט היסטאָריש, ד. ה., זיי זיינען נישט געשריבען מיט דעם צוועק, אז מען זאָל וויסען פון זיי די אמת׳ע געשיכטע פון יעזוס, נאָר מיט גאָר אַן אַנדערער כונה, און דארום מוז מען זיין זעהר פאָרזיכטיג און נישט אין אלעם זיי טרויען. למשל, די עוואנגעליען האָבען געהאט די כונה אויפצוהויבען יעזוס׳ן ביז׳ן הימעל און איבער איהם און דארום האָבען זיי זיך באנוצט מיט פארשידענע מעשיות און לעגענדען וועגען איהם. געוויסע פאקטען ווידער האָבען זיי צוגעפאסט צו פסוקים פון תנ״ך, „כדי עס זאָל מקוים ווערען וואָס אין פסוק שטעהט"... ווען די עוואנגעליען זיינען אָבער נישט קיין ריין-היסטאָרישע ווערק, וואָס מיר זאָלען זיך קענען סומך זיין אויף זיי אין אלעמען, ענטהאלטען זיי דאָך אָהן שום ספק פיעל עכטע היסטאָרישע פאקטען און

דער שרייבער פון יעזוס'ם לעבענס-געשיכטע, אויסקלייבענדיג די היסטאָרישע קערענדלאך פון לעגענדארישען פסולת, וועט געפינען אין זיי דאָס וויכטיגסטע מאטעריאל פאר זיין ארבייט.

אז יעזוס איז געווען א גרויסער מאַן, מיט אַ גרויסען כאראקטער און גייסט — דארין איז נישטאָ קיין שום ספק. אַ מענש, וועלכער האָט דורך זיין זכר אליין געקאָנט ארויס-ברענגען אזא איבערקעהרעניש אין דער וועלט, האָט נישט געקאָנט זיין קליין, א מענש, וועלכער, נישט באווייזענדיג קיין גבורות אויפ'ן שלאכט-פעלד און נישט שאפענדיג קיין גרויסע געדאנקען און געזעצען, האָט דאָך ארויסגערופען אין די ווייטעסטע דורות אזא באגייסטערונג און ליעבע צו זיך, האָט געמוזט באזיצען א גרוים הארץ און א גרויסען גייסט. אַ גרויסער בוים ווארפט פון זיך אַ גרויסען שאָטען.

ווען יעזוס איז נישט געווען קיין האלב-גאָט און בעל-מופת, ווי עם שילדערען איהם די עוואנגעליסטען, איז ער אויך ניט געווען קיין שווינדלער אָדער מכשף, ווי עם שטעלט איהם פאָר דער מחבר פון ספר „תולדות ישו", וועלכער שטאָמט אוים דער צייט פון מיטעלאלטער. דער דאָזיגער מחבר האָט אויך געהאט א געוויסע כונה מיט זיין ווערק; ער האָט זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט דעם גרינדער פון קריסטליכען גלויבען פאר די זינד פון זיינע אָנהענגער, וועל-כע האָבען אזוי פיעל געפייניגט די אידען. ער האָט פארגע-סען אָדער נישט געוואוסט, אַז די קריסטען זיינען אזוי ווייט פון קריסטוס'ם לעהרען ווי ווייט עס איז הימעל פון דער ערד.

יעזוס איז — ווי עס באווייזט זיין גאנץ לעבען און וויר־קען — געשטאַנען אויפ'ן באָדען פון יודענטום. ער איז געוועזען

מיט'ן גאנצען הארצען א איד, און אלעס וואס ער האָט גע־טהון האָט ער געטהון בלויז פאר אידען. די תלמידים זיינע פאר'ן לעבען און אויך די קריסטליך־אידישע געמיינדען, וועלכע זיינען ענטשטאַנען אין די ערשטע דורות נאָך זיין טויט — זיינען געוועזען עכטע אידישע געמיינדען, וועלכע האָ־בען זיך אָפּגעשיידט פון די איבעריגע אידען נאָר אין גע־וויסע פרטים. פארשידענע היסטאָרישע סבות האָבען גע־בראַכט דאצו, אז דאָס קריסטענטום האָט זיך שפּעטער דער־ווייטערט פון איהר קוועלע און גענומען זיך אויף אַן אַנ־דערען ענטגעגענגעזעצטען וועג, אָבער דאָס איז געשעהן ניט מיט דעם ווילען פון יעזוס.

ווען די קריסטען ווילען אונז עד היום ניט מוחל זיין דערפאר, וואָס אונזערע אבות האָבען כלומרשט געקרייציגט יעזוס'ן, וועלען מיר אידען מוחל זיין יעזוס'ן די זינד פון זיינע אָנהענגער און שילדערען איהם, ווי ווייט מעגליך, אין זיין וואַרער געשטאַלט.

———:———

# I.

## די פּאָליטישע לאַגע פון ארץ-ישראל אין יעזוס׳ס צייט.

הורדוס׳ס צואה. — די צוטיילונג פון ארץ ישראל צווישען זיינע דריי זיהן: ארכילעאוס, העראָדעס־אנטיפּאס און פיליפּ. — זייער רייזע קיין רוים. — די רציחות אין פּסח. — יהודה הגלילי. — וואַרוס׳ס מלחמה געגען איהם און די איבעריגע מורדים.

אין די 30 יאהר, איידער יעזוס קריסטוס איז ארויס־געטרעטען אויף דער היסטאָרישער ארענע, האָט ארץ-ישראל שוין געהאט פארלוירען די לעצטע שפּורען פון זעלבסט־שטענדיגקייט. זי האָט נאָך אפילו געהאט א לענגערע צייט איהרע א י י ג ע נ ע מלכים, אָבער די דאָזיגע מלכים זיי־נען נישט געווען די פיהרערס פון פאָלק, וואָס זאָרגען פאר זיין טובה, נאָר אונטערהעלפערס ביי די רוימישע קיסרים, און כדי נושא חן צו זיין ביי זייערע באשיצערס האָבען זיי געדריקט דאָס אידישע פאָלק און געטרעטען מיט די פיס זיין כבוד און גלויבען.

דער „גרויסער" ה ו ר ד ו ס האָט פאר זיין טויט נאָך אַמאָל באוויזען, ווי אומגעטריי ער איז געווען זיין פאָלק. אין זיין צואה האָט ער צעברעקעלט די אידישע מלוכה אויף דריי טייל און איבערגעלאָזען יעדען טייל אַן אנדערען זוהן. אַ ר־

כ י ל ע א ו ם האָט באקומען י ה ו ד ה און ש ו מ ר ו ן מיט דעם קעניגס-טיטעל; ה ע ר אָ ד ע ס אַ נ ט י פּ א ס — די לאנדטיילען ג ל י ל און פּ ע ר ע אַ; פּ י ל י פּ ווי־דער — די טיילען ג אַ ל אָ נ י ט י ס, ב א ט אַ נ ע אַ, ט ר אַ כ אָ נ י ט י ס און פּ אַ נ י אַ ס. די צוואה האָט נאָך געדארפט ווערען באשטעטיגט פון דעם רוימישען קיסר, וועל־כער איז געווען אייגענטליך דער הערשער איבער'ן לאנד. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבען א מחלוקת צווישען די ברידער; יע־דער האָט געוואָלט באקומען א גרעסערען חלק אין דער ירושה און אָפּנעהמען ביים אנדערען א שטיק פון זיין טייל. ניט ליעב האָבענדיג דאָס פאָלק און ניט טראַכטענדיג וועגען זיין טובה, האָט יעדער באזונדער אָנגעהויבען אונטערצו־חנפ'ענען דעם פאָלק, כדי עס זאָל איהם ביישטעהען פאר'ן רוימישען קיסר א ו י ג ו ס ט ו ס און איהם העלפען אויס־פיהרען זיינע פלענער.

ארכילעאוס איז ארויסגעטרעטען אין בית-המקדש און האָט עפענטליך צוגעזאָגט דעם פאָלק, אז ער וועט איהם בא־פרייען פון שווערען יאָך און איהם מאכען פארגעסען אָן אלע צרות. דער המון אָבער האָט זיך נישט באנוגענט מיט די בלויזע הבטחות: ער האָט פארלאנגט, אז דער קעניג זאָל באלד ממלא זיין זיין בקשה, וועלכע איז באשטאַנען פון עט־ליכע זאַכען: צו פארקלענערען די יעהרליכע אָפּצאָהלען, צו באפרייען די תפוסים פון די געפענגענישען און אָפּצוזאָגען דעם פארהאסטען כהן-גדול י ו ע ז ר. אַרכילעאוס, נישט האָבענדיג דאָס רעכט און דעם רצון נאָכצוגעבען דעם פאָלק, האָט פונדעסטוועגען צוגעזאָגט אלעס צו טהון, נאָר אָפּגע־

לעגט דאָס ערפילען פון זיין צוזאָג ביז זיין פאָטערס צוואה
וועט ווערען באשטעטיגט פון אויגוסטוס׳ן. דאָס פאָלק, וועל־
כעס איז באשטאַנען פון פילע טויזענדער, וואס האָבען זיך
צוזאמענגעקליבען אין ירושלים, כדי צו פייערען דעם פריי־
הייטס־יום־טוב — פסח, האָט זיך איינגעג׳עקשנ׳ט און ניט
אָפגעטרעטען פון זיין פארלאנג. אַרכילעאוס, מורא האָבענ־
דיג עס זאָל ניט אויסברעכען אן אויפשטאַנד, האָט אַרויסגע־
שיקט חיל פאַנאַנדערצוטרייבען דעם המון. דער המון האָט
אָבער געוואָרפען שטיינער אויפ׳ן חיל און איהם אַוועקגע־
יאָגט. דערווייל איז געקומען דער נאָכמיטאג פון ערב־פסח.
דאָס פאָלק האָט זיך געאיילט אין בית־המקדש מקריב צו זיין
דעם פסח און אוועקגעלעגט אויף א צייט זיין כעס. דערמיט
האָט זיך באנוצט ארכילעאוס און געהייסען דעם חיל בא־
פאלען דאָס פאָלק און צוהאקען זיי מיט די שווערטער. 3000
מאן זיינען אומגעקומען אין דעם טאָג, און דער רעשט איז זיך
צולאָפען. העראָלדען האָבען דאן אויסגערופען אין שטאָט,
אַז לויט דעם קעניג׳ס באפעהל איז פארבאָטען מקריב צו
זיין דאָס יאָהר דעם קרבן פסח.

אַרכילעאוס׳עס ברידער און קרובים, וועלכע זיינען אי־
בעריגענס ניט געוועזען בעסער פאר איהם, האָבען דאָ געפונען
א גוטע געלעגענהייט אָנצושווארצען ארכילעאוס׳ן פאר׳ן
רוימישען קיסר. די גאנצע פאמיליע האָט זיך א לאָז גע־
טהון קיין רוים, כדי אויסצורעדען אלדאָס בייז אויפ׳ן ברודער
און אויסצובעטען ביים קיסר א גרעסערען חלק ירושה. אַרכי־
לעאוס האָט אבער אויך נישט געשוויגען און אויך געפאָהרען
קיין רוים.

אין דער צייט, ווען די קעניגליכע פאמיליע איז געזעסען אין רוים און געמיהט זיך וועגען איהרע ענינים, זיינען אין ארץ־ישראל פאָרגעקומען אזעלכע שרעקליכע געשעהענישען, וועלכע האָבען געמאכט דאָס גאנצע לאַנד פאר איין גרויסען שלאכט־פּלאץ. דאָס בלוט פון די דערשלאָגענע קעמפער, דאָס קלאָג־געשריי פון די אומשולדיגע געשלאכטעטע און דער רויך פון די פארברענטע שטעט האָבען געוואָרפען אַן אימה אויף אלעמען און שיער ניט אן עק געמאכט פון אויסגעמאַטערטען לאנד. דער סירישער שטאַט־האַלטער קווינטי־ליוס וואַרוס, וועלכער איז געבליבען אין ירושלים נאָך דער אָפּרייזע פון הורדוס פאמיליע, האָט ניט געהאט פיל מי צו דערשטיקען דעם אויפשטאַנד, ווייל די אידען האָבען ניט געארבייט נאָך אַ געוויסען אויסגעאַרבייטען פּלאַן און דערצו זיינען זיי ניט געווען באוואפענט. ער האָט זיך דארום באלד צוריקגעצויגען קיין אַנטיאָכיען אויף זיין אָרט. קוים איז ער אָפּגעטרעטען, איז געקומען קיין ירושלים אַן אַנדער צורר, סאַבינוס, דער שאצמייסטער פון אויגוסטוס, כדי צו קאָנפיסקירען די אוצרות פון הורדוס און, ווי עס שיינט, אויך די אוצרות פון בית המקדש. כדי צו פאר־נעמען די אוצרות, וועלכע זיינען געווען באוואכט פון אַרכי־לעאוס חיל, האָט סאבינוס נישט געפונען קיין אנדער מיטעל, ווי אויפצורייצען דאָס פאָלק צו אן אויפשטאַנד און אין דער מהומה אָפּצוטהון זיין שטיקעל ארבייט.

עס איז אָנגעקומען דער יום־טוב שבועות, וועלכער האָט ווידער געבראכט קיין ירושלים א גרויסען עולם פון אלע עקען מדינה. דאָס פאלק איז געווען שרעקליך אויפגעבראכט

אויף די רוימער און אויף הורדוס׳ס פאמיליע און געזוכט אַ געלעגענהייט ווי ארויסצוטרעטען אין אַן אָפענעם קאמף. די געלעגענהייט האָט זיך באלד געפונען. די אידען האָבען פאר־נומען דעם טעמפעל־באַרג (הר הבית) און פון דאָרט געשאָ־סען און געווארפען שטיינער אויפ׳ן רוימישען חיל, וועלכעס איז געשטאַנען אין הורדוס׳עס פאַלאץ און אין דער אויבער־שטאָט. זיי וואָלטען געוועזן בייגעקומען די רוימער, ווען דעם פיינד וואלט נישט געראָטען אונטערצוצינדען דעם דאַך פון דער טעמפעל־האַלען. דאָס פייער האָט זיך אזוי געשווינד צעשפרייט, אז די אידען האָבען קיין צייט ניט געהאט זיך צו ראַטעווען און זיינען אומגעקומען, טיילס אין פייער, טיילס דורך דער שווערט פון שונא און טיילס דורך זעלבסט־מאָרד, די רוימער האָבען זיך אריינגעריסען אין בית־המקדש, צורא־בירט די אוצרות און מטמא געווען די הייליגע ערטער.

פון ירושלים האָבען זיך פונאַנדערגעטראָגען פונקען פון אויפשטאַנד איבער׳ן גאנצען לאנד. אין פארשידענע ערטער זיינען ארויסגעטראָטען אָנפיהרערס, וועלכע האָבען געזא־מעלט ארום זיך שאַרען פון אומצופרידענע און באפאלען די רוימער און דאָס העראָדיאנישע חיל. צום אומגליק אָבער האָט אלע אָנפיהרער נישט פאראייניגט א י י ן צ י ל — די פרייהייט פון זייער פאָלק; יעדער באזונדער האָט געארבייט פאר זיך אליין — אריינצוקריגען די הערשאפט אין זיין האַנט. נאָר א י י ן אָנפיהרער איז געוועזן, י ה ו ד ה ה ג ל י ל י, וועלכער האָט געהאט אין זינען נאָר די טובה פון פאָלק און אָנגעמאכט טאקע געווגג מי און מאַטערניש די רוימער. ער איז באפאלען מיט א גרוים חיל די ארסענאלען

פון צ פ ו ר י, זיך פארזאָרגט מיט געוועהר און געלט און באוויזען זיין גבורה געגען די רוימער. דער סירישער שטאַט־האלטער וואַרוס האָט איינגעזעהן, אז ער מוז אָנווענ־דען אלע כחות, כדי גובר צו זיין דעם שונא. ער האָט צוזאַ־מענגענומען זיין גאנץ חיל פון איבער 20,000 מאַן, גערופען צו הילף נאָך די קליינע קעניגע פון ארום ארץ־ישראל, און ארויסגעטרעטען געגען די מורדים. נאָך א הייסען קאמף האָט ער איינגענומען צ פ ו ר י, וואו יהודה הגלילי איז געווען, פארברענט די שטאָט און די איינוואוינער פארקויפט פאר שקלאפען. אזוי האָט ער זיך אָפגערעכענט אויך מיט אַנדערע שטעט, וועלכע האָבען זיך געשטעלט געגען איהם, און נאָכ־הער זיך געווענדעט געגען ירושלים. דאָרט האָט וואַרוס גע־האַט וועניג ארבייט, ווייל די מורדים האָבען זיך דערשראָקען פאר'ן אָנקומענדען חיל און אָפגעלאָזט סאַבינוס'ן. פונ־דעסטוועגען האָט וואַרוס זיך נוקם געווען אין פאָלק און גע־הייסען אויפהענגען 2000 געפאנגענע. דער סוף פון דעם דאָ־זיגען אויפשטאַנד איז געווען, דאָס די רוימער האָבען נאָך שווערער געמאכט דעם יאָך פון די אידען. איין גאנצער לעגיאָן חיל איז געבליבען אין ירושלים כדי צו האלטען דאָס פאָלק אין דער מורא.

———:———

# II.

## יהודה איז געוואָרען אַ רוימישע פּראָווינץ.

ארכילעאוס אַראָפּגעזעצט פון טראָן. — יהודה געוואָרען אַ רוימישע פּראָווינץ. — דער פּראָקוראטאָר קאָפּיניוס. — דער צענזוס און דאָס מחלוקת צוליעב איהם. — בית הלל, בית שמאי און די קנאים — טיבעריוס. — וואלעריוס גראַטוס. — די רדיפות אויף אידען אין רוים. — פּאָנטיוס פּילאטוס.

דער רומישער קיסר אויגוסטוס האָט לסוף באשטעטיגט די צואה פון הורדוס און באשטימט ארכילעאוס'ן פאר עטנארך, ד. ה. פּאָלקספירסט איבער יהודה. זיין רעגירונג האָט אָבער ניט געדויערט מעהר ווי צוויי יאָהר. צוליב דער אָנקלאגע פון די אידען און די שומרונים האָט אויגוסטוס צוגענומען ביי איהם די מלוכה און פארשיקט קיין גאליען, און דאָס לאנד יהודה פארערכענט פאר א רוימישע פּראָווינץ, אלס אַ טייל פון סירישען שטאַטהאלטערשאפט.

פון דעם מאָמענט אָן האָט אויפגעהערט די כלומר'שטע זעלבסטשטענדיגקייט פון יהודה; עס איז געוואָרען אריינגע־זעצט אהין א קייזערליכער פארטרעטער אָדער פּראָקוראטאָר, וואָס זיין וואוינאָרט איז געווען אין דער האפענשטאָט צ ע ז אַ ר ע אַ. די אויפגאבע פון רוימישען פּראָקוראטאָר איז געווען אָפּצוהיטען די רוהע און אָרדנונג פון די איינוואוינער; ער האָט אויך געהאט דאָס רעכט ארויסצוגעבען טויטאורטייל,

אַכטונג צו געבען אויף די דיני נפשות פון די סנהדרין און צו באשטימען כהנים גדולים און אָפּצוזאָגען זיי פון זייער שטעלע, לויט ווי עס האָט געפּאסט פאר די רוימישע עסקים. די קליידער (בגדי קדש), וועלכע דער כהן־גדול פלעגט אָנ־קליידען אין בית־המקדש, האָבען די רוימער געהאלטען אונ־טער׳ן שלאָס און ארויסגעגעבען זיי נאָר אויף יום־טוב צייט, בעת מען האָט זיי געדארפט האָבען צו דער עבודה.

דער ערשטער פּראָקוראַטאָר אין יהודה איז געווען ק אָ־פּ י נ י ו ס. מיט איהם צוגלייך איז געקומען דער סירישער שטאַט־האלטער ק ו ו י ר י נ י ו ס, כדי צו קאָנפיסקירען אַרכילעאוס׳ס פּריוואט־פאַרמעגען און איינצופיהרען דעם רוי־מישען צענזוס, ד. ה. אויפצונעמען די צאָהל פון דער באפעל־קערונג און אָפּצושאצען דעם ווערט פון די קרקעות (ערד), אום צו באשטימען לויט דעם די גרויס פון די אָפּצאָהלען. יעדער איד, אָהן אויסנאהם, אפילו פרויען און שקלאפען, האָ־בען געדארפט צאָהלען א געוויסען קאָפּשטייער (מס לגלגלת). אויסער דעם איז באשטימט געוואָרען אן אָפּצאָהל פון דער הכנסה : פון די טשערעדעם און פון די תבואות. דער צענזוס האָט אָנגעמאכט א רעש צווישען אלע קלאסען פון דער באַ־פעלקערונג, וועלכע האָט געזעהן אין דעם א באַוויז, אז די רוימישע רעגירונג, אָפּנעהמענדיג א חשבון פון אלע זייערע הכנסות, וויל זיי מאכען פאר אמת׳ע שקלאפען. אלע מחלוקת׳ן וועגען כשר און טריף, טמא און טהור האָט מען אוועקגעלעגט אַן אַ זייט און געקלערט וועגען א וויכטיגערע און הארבערע שאלה : אויב מען זאָל ווייטער בויגען דעם קאָפּ אונטער דעם רוימישען יאָך אָדער שטעלען זיך אנטקעגען מיט דער

שווערד. די פארשידענע פאַרטייען, וועלכע זיינען דאמאָלס געוועזן צווישען אידען, האָבען יעדע געפּרואווט אַנדערש פאַר־ענטפערען די פראגע.

די תלמידים פון ה ל ל (בית-הלל), וועלכע זיינען גע־ווען אין עפענטליכען לעבען אזוי גוט, צוגעלאָזען און נאָכ־געביג ווי זייער לעהרער, האָבען געראטען נאָכצוגעבען די רוימער אויך וועגען צענזוס. די תלמידים פון ש מ א י, וועלכע זיינען געווען אין אלעמען דער היפּך פון בית-הלל, האָבען געהאלטען מיט די קנאים (זעלאָטען), אַראָפּצואוואר־פען מיט געוואלט דעם רוימישען יאָך, און צוזאמען האָבען זיי געוועקט דאָס פאָלק צו אן אויפשטאַנד. אונטערגעבען זיך די רוימער האָט געהייסען — נאָך דער מיינונג פון די קנאים— עובר צו זיין אויפ'ן אידישען דת, ווייל נאָר צו גאָט אליין געהערט די הערשאפט איבער'ן אידישען פאָלק, אָבער נים קיין אנדערער מאַכט. דארום איז יעדער איד מחויב אוועק־צולעגען זיין לעבען, כדי נישט צו דערלאָזען די רוימער צו פארנעהמען די שטעלע פון גאָט איבער די אידען. דער סוף איז געוועזן, אז די מעסיגע מיט דעם כהן-גדול י ו ע ז ר איז דאָך געלונגען איינצורעדען דאָס פאָלק צו בלייבען אונטער־טעניג די רוימער און אָנצונעהמען דעם צענזוס.

זייט יהודה איז פאררעכענט געוואָרען פאר א רוימישע פראָווינץ האָבען די אידען געמוזט שרייבען די דאטע אין אַלע עפענטליכע דאָקומענטען, ווי שטרות (וועקסלען), גיטין, א. ז. וו., נאָך די רעגירונגס-יאָהרען פון רוימישען קיסר, בעת פריהער האָט מען גערעכענט די דאַטע נאָך די יאָהרען פון די אידישע מלכים. די פרושים האָבען אויך די דאָזיגע באַ־

לײדיגונג אַראָפּגעשלונגען, אָבער די קנאים האָבען זיי פאַר־
געװאָרפען, אז, אײנפיהרענדיג די נײע צייטרעכנונג, באגעהען
זיי אַ זינד. „ווי קאָנט איהר — האָבען זיי געפרעגט —
אײנשרײבען אין א גט נעבען די ווערטער „כדת משה וישראל“
דעם נאָמען פון רוימישען קיסר, גלייך ער וואָלט געווען אויף
איין מדרגה מיט משה?“

אונטער דער רעגירונג פון טיבעריוס, וועלכער איז
געוואָרען קיסר אויפ׳ן אָרט פון אויגוסטוס, האָט זיך כמעט
ניט געענדערט די לאגע אין יהודה. טיבעריוס האָט אפילו
פאַרקלענערט די אָפּצאָהלען און אריינגעזעצט א נייעם
פראָקוראַטאָר וואַלעריוס גראטוס, אָבער אין
הארצען איז ער געבליבען פיינדליך צו די אידען און באזונ־
דערס צום אידישען גלויבען. זיין שנאה צו די אידען האָט זיך
געשטארקט, זייט פילע רוימער און באזונדערס רוימישע
פרויען האָבען נוטה געווען צום אידישען גלויבען. די אויפ־
אָפּפערונג פון די אידען פאר זייער גלויבען און פאר זייערע
הייליגקייטען האָט שטארק געריהרט געוויסע רוימער, וועלכע
זיינען אליין געווען גלייכגילטיג און קאלט צו זייער רעליגיאָן,
און איינגעגעבען זיי אכטונג צו דער אידישער אמונה, וועלכע
באזיצט אזא קראפט צוצובינדען צו זיך די הערצער. עס האָ־
בען זיך דאן געפונען פיעל רוימער, וועלכע, פיהלענדיג אַ
באַדערפעניש צו גלויבען, האָבען אָנגענומען די אידישע
אמונה און געשיקט מתנות אין בית המקדש. אלס טיבעריוס
איז דערפון געוואויר געוואָרען, האָט ער ארויסגעגעבען א
באפעהל, אז מען זאָל ארויסטרייבען אלע אידען און פראָזע־
ליטען (רוימער, וועלכע האָבען אָנגענומען דעם אידישען

גלויבען) פון רוים און פון איטאַליען, אויב זיי וועלען ניט אָפּ־טרעטען פון אידישקייט. טויזענטער אידען זיינען דאן פאַר־שיקט געוואָרען אויפ׳ן אינזעל סאַרדיניען פאר זייער טריי־הייט צו זייער אמונה. אויסערדעם האָט מען געניוט די אידען, וועלכע האָבען געדינט אין רוימישען חיל, אז זיי זאָ־לען מחלל שבת זיין. דאָס זיינען געווען די ערשטע אידישע רדיפות אין רוים, נאָך וועלכע עס האָבען געפאָלגט אַ סך גרעסערע.

נאָך גראטוס׳ן איז געוואָרען פּראָקוראטאָר איבער יהודה — פּ אָ נ ט י ו ס פּ י ל אַ ט ו ס, וועלכער איז אזוי באריהמט געוואָרען דורכ׳ן פּסק־דין איבער יעזוס. גלייך ווי ער האָט איבערגענומען זיין פּאָסטען, האָט זיך געעפענט א נייער קוואל פון צרות פאר די אידען. פילאטוס האָט געפּרואווט טהון אזעלכעס, וואָס קיינער פון די פראָקוראטאָרען פאר איהם האָט ניט געוואגט צו טהון — צו נייטען די אידען אָפּצוגעבען כבוד די רוימישע קייזער־בילדער. ביז דאמאָלס האָבען די אָנפיהרער פון דעם רוימישען חיל, אריינקומענדיג אין ירושלים, אראָפּגענומען די קייזער־בילדער פון די פלאגען, ווייל די אידען האָבען געהאלטען אַזעלכע בילדער פאר אַן עבודה זרה. פילאטוס אָבער האָט מיט א כיון געהייסען אַריינטראָגען שטילערהייט קיין ירושלים די קייזער־בילדער און זיי דאָרט אויפשטעלען. דאָס האָט ארויסגערופען אַ שטורם אין ירושלים און אין גאַנצען לאנד. עס זיינען גע־גאנגען שלוחים פון פאָלק צום פראָקוראטאָר, ער זאָל מבטל זיין זיין גזרה און הייסען צונעהמען די בילדער. פינף טעג זיינען די שליחים געשטאַנען פאר׳ן פּאַלאַץ פון פּראָקוראטאָר

אין גאָרנישט גע׳פועל׳׳ט. אויפ׳ן זעקסטען טאָג האָט פילאַטוס געסטראַשעט, אַז ער וועט זיי טויטען, אויב זיי וועלען ניט אָפּטרעטען. די שליחים זיינען אָבער געבליבען ווייטער, ניט קוקענדיג אויף די סטראַשונקעס, ביז פילאַטוס, וועלכער האָט מורא געהאַט, ער זאָל ניט ברענגען זיי צו א נייעם אויפשטאַנד, האָט ערפילט זייער בקשה.

אזוי איז געווען דער צושטאַנד פון ארץ ישראל אין דער צייט, איידער יעזוס איז ארויסגעטראָטען מיט זיין לעהרע. דאָס פאָלק האָט אָנגעוואוירען דאָס לעצטע פיצעל פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט און געזיפצט אונטער דעם שווערען יאָך פון די רוימער — זייערע אויסענווענינגסטע פיינד. אינ־ווענינג ווידער האָט געקאָכט דאָס מחלוקת פון די פּאַרטייען, וועלכע האָבען זיך געריסען צווישען זיך. אָבער אין דער צייט, ווען די אידישע מ ד י נ ה איז געפאלען און געוואָרען אלץ שוואַכער און שוואַכער, איז דער אידישער ג י י ס ט גע־וואקסען, צושפּרייטענדיג זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, און שטרעבענדיג צו א הערשאפט איבער דער גאנצער וועלט.

———:———

# III.

## די האָפנונגען אויף משיח.

די מעסיאַנישע ערוואַרטונגען. — די פאַרשידענע פּאַרטייען און זייערע פאָרשטעלונגען וועגען משיח. — די אסיים. — דאָס מלכות שמים איז נאָהנט.

אין דער זעלבער צייט, ווען דאָס לאַנד יהודה איז געוועזען דערשלאָגען און באַטריבט, ציטערענדיג, אַז דער רוימישער פּראָקוראַטאָר פּילאַטוס זאָל ניט באַווייזען איינס פון זיינע שטיקלעך און אויפרייצען דאָס פאָלק צו א נייער מהומה און צו נייע צרות — אין דער זעלבער צייט האָט זיך ארויסגעשלאָגען אויף דער ליכטיגער וועלט אַ היסטאָרישע ערשיינונג, וועלכע איז געוועזען קליין און שפּל אין אָנהויב, האָט זיך אבער דורך פאַרשידענע גינסטיגע אומשטענדען צושפּרייט אין דער ברייט און אין דער לענג און באַקומען אַן אומגעהייער שטאַר-קע מאַכט. עס איז נעמליך געקומען די צייט, אַז די יסודות פון אידישקייט, וועלכע זיינען ביז דאַן געוועזען פאַרשטיקט אין אַ ווינקעלע און אפילו דאָרט געוועזען בעקאַנט אין זייער אמת'ן ווערט נאָר די חכמים און גרויסע קעפּ — זאָלען ארויסטרעטען אויף דער גרויסער וועלט און דורכדרינגען די הערצער פון אלע פעלקער. די הויכע געדאַנקען וועגען איין-און-איינציגען גאָט און א הייליג לעבען — וואָס איז דער תוך פון אידיש-קייט — האָבען געדאַרפט זיך פאַרשפּרייטען פון ארץ ישראל

איבער דער גאנצער וועלט, און דאָס אידישע פאָלק — נעמען אויף זיך די ראָלע פון א לעהרער ביי די פעלקער. כדי אָבער די אלטע אידישע תורה זאָל ווערען אָנגענומען ביי דער וועלט, וועלכע איז געוועזן פארשטאָקט און פארזונקען אין געצענדי־נעריי, האָט די דאָזיגע תורה געמוזט באקומען א נייעם נאָמען און נייע פאָרמען, ווייל דער אלטער נאָמען און די אלטע פאָרמען זיינען ניט געוועזן באליעבט ביי די געצענדינער.

די נייע ערשיינונג — מיט וועלכע עס איז געמיינט דאָס קריסטענטום — געבוירען און געהאָדעוועט אין ארץ ישראל אויף אידישע הענט, האָט געדארפט ברענגען צו שלום און אחדות צווישען די גוים און אידישען פאָלק און צוגרייטען זייערע הערצער אָנצונעמען די אידישע תורה. צום אומגליק איז אָבער נישט אזוי געשעהן: די אידישע אמונה, וועלכע האָט געבראכט אויף דער וועלט דאָס קריסטענטום, איז ניט באשערט געוועזן צו האָבען נחת פון איהר קינד, ווייל דאָס קינד האָט זיך באלד אָפּגעווענדט מיט פיינטשאפט פון איהר מוטער און גענומען זיך אויף א וועג, וואוהין די מוטער האָט איהר נישט געקאָנט נאָכגעהן, אויב זי האָט ניט געוואָלט פאר־לירען איהר באזונדערען כאראקטער און פארלייקענען איהרע אלטע איבערצייגונגען.

וועלכע סבות האָבען געבראכט אויף דער וועלט די דאָ־זיגע ערשיינונג און איהר פארשאפט אזא גרויסע מאכט — ווען מיר באלד זעהן.

אין יענער צייט האָט די מיטעל־קלאסען פון אידישען פאָלק דורכגעדרונגען אן אינעווייניגסט געפיהל, אז אָט אָט קומט משיח, וועלכער וועט מאכען אַן עק פון אלע אידישע

צרות. וואָס מעהר די לאגע האָט זיך פארערגערט און די צרות האָבען זיך געגעבען צו פיהלען, אלץ שטארקער און פעסטער איז געוואָרען דער דאָזיגער געפיהל. עס האָט זיך ג ע ו ו אָ ל ט גלויבען, אז דאָס מעסטעל פון צרות איז שוין פארפילט און אז די ישועה איז נאָהנט. אויך אָהן דעם, אפילו אין די בעסערע פריעריגע צייטען, איז דאָס פאָלק געוואוינט געווען צו באטראכטען דעם דאמאָלסדיגען פאָליטישען מעמד, ווי ער האָט זיך ענטוויקעלט נאָך גלות בבל, פאר א ד ע ר־ ו ו י י ל י ג ע ן, א י ב ע ר ג ע ה ע נ ד ע ן, אָדער א בלויזע פאָרבערייטונג צו דער אמת'ער גאולה, בעת עס וועט קומען אליהו הנביא מקרב צו זיין די הערצער פון די אָבות צו די קינדער און ווידער אויפצוריכטען יעקב'ס שבטים (מלאכי ג' כ"ג—כ"ד). נאָך בשעת דאָס פאָלק האָט אויסגעקליבען שמעון החשמונאי צום קעניג, האָט עס באשטימט זיין הער־ שאַפט און זיינע קינדערס הערשאפט נאָר אויף אַ צייט, ביז עס וועט קומען דער נביא און צוריקגעבען די קרוין וועמען זי קומט, לויט דאָס רעכט און צוזאָג פון די נביאים, ד. ה. משיח בן דוד.

עס איז קיין וואונדער ניט, אז אין א משך פון 30 יאהר זיינען טאקע דאמאָלס אויפגעטרעטען א גאנצע רייהע פון מענשען, טיילס שווינדלער און טיילס באגייסטערטע טרוי־ מער, וועלכע האָבען זיך ארויסגעגעבען פאר נביאים אָדער משיח"ס און געפונען פיעל אָנהענגער, וועלכע זיינען זיי גע־ בליבען טריי ביז'ן טויט. אָבער, ווי לייכט עס איז געווען צו געפינען אָנהענגער צווישען לייכטגלויביגען פאָלק, וועל־ כעס האָט געלעכצט נאָך א משיח, איז געווען שווער אָנגע־ נומען צו ווערען פאר אן ערלעזערביים ג אַ נ צ ע ן פאָלק.

דאָס פאָלק איז געווען צושפּאָלטען אויף זעהר פיעל פאַר־טייען און כתות, וואָס יעדע באזונדער האָט, אויסער די חלוקי־דעות וועגען אנדערע רעליגיעזע ענינים, געהאט פאַר־שידענע באגריפען און פאָרשטעלונגען וועגען משיח.

די פארטייי פון די ק נ א י ם (זעלאָטען), ד. ה. די אָנ־הענגער פון י ה ו ד ה ה ג ל י ל י, וועלכער איז געשטאַ־נען אָן דער שפּיצע פון די מורדים, האָבען נאַטירליך געוואָלט, אַז דער משיח זאָל אויסלייזען די אידען פון זייערע אויסענ־ווענדיגסטע פיינט — די רוימער — און אויפריכטען דאָס מלכות בית דוד. די ת ל מ י ד י ם פון ש מ א י, וועלכע זיינען געווען אין דער זאַך איינשטימיג מיט די קנאים, האָ־בען נאָך אויסערדעם געוואָלט, אז דער משיח זאָל זיך אויס־צייכענען מיט זיין פרומקייט און מקיים זיין אלע מצוות אי מן התורה אי מדרבנן. די ת ל מ י ד י ם פון ה ל ל, וועל־כע זיינען געווען ווייניגער פאַנאַטיש, האָבען זיך פאָרגע־שטעלט, אז דער משיח זאָל ברענגען שלום פון אינעווייניג און פון אויסענווייניג. אין איין זאַך האָבען אלע פאַרטייען איינ־געשטימט, אז דער משיח זאָל שטאַמען פון דוד המלך און אז אין זיין צייט זאָל זיין קיבוץ גליות, ד. ה., אז אלע פארטרי־בענע אידען זאָלען זיך צוריקקעהרען פון דער פרעמד קיין ארץ־ישראל. די אויפגעקלערטע און פילאָזאָפיש דענקענדע אי־דען האָבען ווידער געהאָפט אויף א משיח, וואָס אין זיין צייט וועלען די אידען אלע זיין גוט און פרום און ניט מעהר אָפּ־קעהרען זיך פון דרך הישר. דאמאָלס וועלען זיך עפענען די קוואַלען פון געטליכער גענאדע, די פארוויסטע שטעט וועלען אויפגעריכט ווערען און די מדבר וועט בליהען ווי א רויז. דאן

וועט קומען די גליקליכע צייט פון תחית המתים און עולם הבא.

די עדעלסטע פאַרשטעלונג וועגען משיח׳ס צייט האָבען געהאַט די אסיים. א פּארטיי, וועלכע, געגרינדעט אין דער צייט פון די חשמונאים, האָט געלעבט אין דער מדבר, אָפּגעזונדערט פון מענשען, אָפּגעבענדיג זיך נאָר מיט גאָט דיענען. לויט זייער פאַרשטעלונג, האָט דער משיח גע־מוזט זיין א הייליגער מאַן, וועלכער זאָל פארברענגען זיין לעבען אין צדקה און מעשים טובים, זיך אָפּזאָגען פון דער וועלט און אלע הבלי עולם הזה, זיין באשאָנקען מיט רוח הקדש, האָבען די קראפט ארויסצוטרייבען רוחות רעות און ברייינגען אזא סדר־העולם, ביי וועלכען אלע מענשען זאָלען לעבען צוזאמען פון איין בעל־הבתישקייט, צוטיילענדיג צווי־שען זיך אלעס וואס זיי פארמאָגען.

פון צווישען די אסיים איז טאקע ארוים דער ערשטער אויסרוף, אַז אָט אָט קומט משיח, אָדער דאָס הימעלרייך (מלכות שמים) אויף דער ערד. דעם, וואָס האָט אָבער אַרויס־געלאָזען דעם דאָזיגען אויסרוף, איז ניט איינגעפאלען, אז זיין שוואַכע שטימע וועט הילכען ווייט איבער לענדער און ימים און צוזאמענרופען די פעלקער אונטער דער פאָהן פון משיח. ער האָט געמיינט בלויז צו רופען די זינדיגע פון זיין פאָלק צו תשובה און בעסערונג, גלויבענדיג, אז אויב זיי וועלען תשובה טהון, וועט גאָט רחמנות האָבען און שיקען דעם פאָלק זיין הייסגעווינשטען משיח.

———:———

# IV.

## יוחנן המטביל. יעזוס׳ס ערציהונג.

יוחנן המטביל אלס אסיי. — זיין אַרט לעבען. — זיינע דרשות. — די טבילה אין ירדן. — יוחנן׳ס טויט. — יעזוס׳ס יוגענד, ערציהונג און כאראקטער.

דער עסעער, וועלכער האָט ארויסגעלאָזען זיין אויסרוף וועגען די נאָהענטקייט פון משיח׳ס צייט, איז געוועזן יוחנן המטביל. יוסף פלאוויוס, דער אידישער געשיכטשרייבער, דערצעהלט וועגען איהם, אַז ער איז געוועזן א הייליגער מאַן און האָט גע׳מוסר׳ט די אידען, זיי זאָלען זיין גוט און פרום, באנוגענען זיך מיט וועניג און אויך זיך טובל זיין אין ירדן. זיין פיהרונג איז געוועזן ריכטיג ווי עס איז אָנגענומען געוועזן ביי די אסיים: ער האָט זיך גענעהרט מיט היישעריקען און ווילדען האָניג, געטראָגען א מלבוש פון אַ קאַמעל־האָר און א לעדערנעם גאַרטעל און זיך טובל געוועזן אין ירדן. א געוויסע צייט האָט ער געלעבט אין דער מדבר נעבען ים המלח, דערנאָך איז ער אוועק פון דאָרט און געוואנדערט איבער די שטעט און דערפער, רופענדיג אומעטום: טהוט תשובה, דען דאָס מלכות שמים איז נאָהענט! זייט זיך טובל אין ירדן און גרייט זיך צו צום טאָג פון גרויסען משפט! די רייכע לייט האָט ער אָנגעזאָגט, זיי זאָלען טיילען זייער פארמעגען מיט די אָרעמע, די מוכסים (צעלנער) — זיי זאָלען

נישט נעהמען קיין אָפּצאָהל מעהר ווי עס קומט, און די סאָל־דאטען — זיי זאָלען נישט טהון קיין געוואלד־טהאטען. אלס מען האָט יוחנן געפרעגט, צי ער איז אליין ניט משיח, האָט ער געענטפערט, אז ער וויל נאָר צוגרייטען דאָס פאָלק צו משיח׳ס צייט, וועלכער וועט קומען, כדי אָפּצורייניגען דאָס קאָרן פון די פּלעוועס און צו פארברענען די פּלעוועס אין פייער פון גיהנום.

די דרשות און שטראָפרייד פון יוחנן המטביל האָבען שטאַרק אויסגענומען ביים המון, וועלכער איז געלאָפען צו איהם פון אלע זייטען. יוחנן אליין ווי אויך זיינע אָנהענגער זיינען ניט אָפּגעטרעטען אויף איין האָר פון דרך התורה, און דארום האָט די הערשענדע פּאַרטיי — די פּרושים — גאָר נישט געקאָנט האָבען צו איהם. דאגעגען האָט זיין באַ־ליעבטקייט ביי דעם פאָלק אויפגעוועקט אויף איהם דעם חשד פון הורדוס אנטיפּס, דער פירסט פון גליל; ער האָט איהם געהייסען איינזעצען אין געפענגניש, וואו מען האָט איהם נאָכהער געטויט. וועגען יוחנן׳ס טויט איז פאַראַן אַ לעגענדע, וועלכע ווערט געבראכט אין די עוואנגעליען: הערָאדיאַס, די פרוי פון הורדוס אַנטיפּאס, איז פריי־הער געווען פארהייראט מיט זיין ברודער אלעקסאנדער, וועל־כער איז פאר׳משפט געוואָרען צום טויט דורך זיין פאָטער, נאָכהער האָט זי געהייראט צום צווייטען מאָל, זיך אָבער גע־שידען מיט׳ן צווייטען מאן און געהייראט צום דריטען מאָל מיט הורדוס אנטיפּאס, איהר געוועזענעם שוואָגער. דאָס איז געווען געגען אידישען געזעץ, לויט וועלכען מען טאָר ניט חתונה האָבען מיט א שוואָגער. יוחנן המטביל האָט גע־

מאַכט פאַרווירפע הורדוס׳ן וועגען זיין הייראט, און דאריבער האָט הערָאָדיאַס באשלאָסען זיך אָן איהם נוקם צו זיין. אין טאָג פון איהר מאנס געבורטס־טאָג האָט זי אָנגערעדט די טאָכטער סאַלאָמע צו פארלאנגען פון פאָטער אלס געשענק דעם קאָפּ פון יוחנן המטביל. הורדוס האָט געטאָהן איהר רצון, און די טאָכטער האָט דערלאנגט דער מוטער יוחנן׳ס קאָפּ אויף אַ שיסעל.

צווישען די מענשען, וועלכע זיינען געקומען צו יוחנן, כדי זיך טובל זיין אין ירדן, איז געוועזען י ע ז ו ס פ ו ן נ אַ ז אַ ר ע ט. דער תלמיד איז באלד איבערגעוואקסען דעם לעהרער און געגעבען דעם ערשטען אָנשטויס צו אַ באַ־וועגונג, וועלכע האָט ארומגעכאפּט די גאנצע וועלט און גע־מאַכט אן איבערקעהרעניש אין אלע צווייגען פון דער מענש־ליכער קולטור. נאָך קיינמאָל האָט א מענש ניט גענאָסען אַזאַ געטליכע פארעהרונג יאָהר־טויזענדער לאנג ווי יעזוס. ער האָט פארטונקעלט מיט זיין גלאנץ די איינגעהמער און גרינדער פון גרויסע מלוכות; יא, איינגעהמער און גרינדער פון גרויסע מלוכות. העלדען און גרויסע גייסטער האָבען אונטערטעניג געבויגען פאר איהם דעם קאָפּ.

י ע ז ו ס, אָדער י ש ו, דער קיצור פון י ש ו ע, איז געבוירען אין נ אַ ז אַ ר ע ט (נצרת), אַ שטעטעל אין נידער־גאַלילעא, בערך 2 יאָהר פאר דער קריסטליכער צייט־רעכנונג. ער איז געוועזען דער בכור פון זיין פאָטער י ו ס ף און מוטער מ ר י ם, אָדער מ אַ ר י אַ. ער האָט געהאט 4 ברידער: י ע ק ב, י ו ס י, ש מ ע ו ן און י ה ו ד ה און עטליכע שוועסטער. ער איז געוועזען א בעל־מלאכה, אַ

טשעשלער, אזוי ווי זיין פאָטער. איינער פון די עלטעסטע קירכענפעטער, יוסטין דער מאַרטירער, (געבוירען אין יאהר 120) דערצעהלט, אז אין זיין צייט האָבען זיך נאָך געפונען אקערן, וועלכע זיינען אויסגעארבייט געווארען מיט יעזוס׳עס הענט. וועגען זיין ערציהונג ווייס מען כמעט ווי גאָרנישט. די שטופע פון זיין בילדונג קאָן מען זיך נאָר משער זיין פון דעם אלגעמיינעם בילדונגס-צושטאַנד אין גאַלילעא. די גאלילעער זיינען געוועזען ווייט פון בית-המקדש און דאצו געשטערט געוועזען עולה רגל צו זיין קיין ירושלים דורך די סאַמאַריטאַנער, וועלכע האָבען געוואוינט אויף דעם לאנדפאס צווישען גאַלילעאַ און יודעאַ, און דארום געשטאַנען פיעל נידעריגער אין בילדונג און ידיעת התורה ווי די איינוואוינער פון יודעאַ. ירושלים איז געוועזען דער מיטעלפונקט פון דער אידישער תורה. דאָרט איז געוועזען דער ביהמ״ק, די סנהדרין און די לעהר-הייזער פון די גרויסע אידישע חכמים און דאָרט, צוזאמענקומענדיג זיך מיט זייערע חכמים און סופרים, כהנים און לויים, האָט דאָס פאָלק געצויגען זיין גייסטיגע חיונה, און אויף אַזאַ אופן געוואָרען עדעלער און געבילדעטער. די גאַלילעער אָבער, וועלכע זייענען זעלטענער געקומען קיין ירושלים, האָבען ווייניגער געהאַט די געלעגענהייט צו נאַשען דברי תורה פון די חכמים. אויסער דעם האָבען די גאַלילער געלעבט אין שכנות מיט די סיריער, פון וועלכע זיי האָבען געלערנט אלערליי אבערגלויבענס. אין גאַלילעאַ זיינען געוועזען א סך דבוקים און געפלאָגטע פון בייזע גייסטער, ווייל דאָרט האָט מען ערקלערט די סבה פון יעדער קראנקהייט דורך רוחות רעות. די נאָהנטקייט פון סיריען האָט דאָס לשון פון די גאַלילעער פאַר-

דאַרבען און פארמישט מיט אַראַמעישע ווערטער. זייער אויסשפּראכע איז אויך נישט געווען ריין און די יודעער האָבען דארום געלאכט פון זייער לשון.

מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אז די גאַלילעער זיינען געווען גראָב און פארווילדעט אזוי ווי היינטיגע צייט איינער, וועלכער האָט ניט גענאָסען קיין שום הויזליכע און שול-בילדונג. דאמאָלס, אין יענע גוטע אלטע צייטען, און אפילו אויך היינט, אין די מזרח-לענדער, האָט מען באקומען אמת'ע בילדונג, ד. ה. פיינע זיטען און פראקטישע לעבענס-ווייזהייט ניט אין שול, נאָר אין געצעלט; דען יעדעס געצעלט איז געווען אַ סאָרט אָפענע אַקאַדעמיע, וואו עס פלעגען זיך צוזאמענקומען די איינוואוינער פון אָרט. די קלוגע און די וואויל-ערצויגענע פלעגען דערצעהלען דברי חכמה און מעשיות, וואָס זיי האָבען געהערט פון זייערע עלטערן אָדער וואָס מיט זיי אליין האָט פאסירט, און אויף אַזאַ אופן לערנען און באלעהרט ווערען פון אַנדערע. אין אַזאַ מין אַקאַדעמיע האָט אויך יעזוס גענאָסען זיין ערציהונג. ער האָט וואַרשיינ-ליך געקאָנט לייענען, איז געווען באקאנט מיט דער תורה שבכתב און געהאט אומגאנג מיט די חכמים און סופרים, ווייל אין זיינע רעדען באנוצט ער דיזעלבע אויסדריקען און באווייזען, וועלכע זיינען אָנגענומען ביי די חכמי-התלמוד.

אָבער וואָס עס איז יעזוס'ן אָפּגעקומען אין קענטעניסען, האָט ער געהאט אין פולער מאָס אין גוטע מדות און מעשים. זיין עניוות און גוטסקייט דערמאנען אונז אָן הלל, וואס זיין שפּרוך: „מה דעלך סני לחברך לא תעביד“ (וואָס דיר איז ניט ליעב זאָלסט דו דעם צווייטען ניט טהון), האָט ער זיך גע-

מאַכט צום יסוד פון זיינע לעהרען. גלייך ווי הלל האָט ער אויך געהאלטען שלום פאר דער גרעסטער מדה. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט יענער מין פרומקייט, וועלכע הייליגט צו גאָט נישט נאָר געוויסע שטונדען אין לעבען ווי זמן קריאת־שמע ותפלה, נאָר ענטפערט זיך איבער צו גאָט מיט לייב און לעבען, מיט'ן גאנצען הארץ, מיט דער גאנצער זעלע און איז מכוון צו איהם יעדער מעשה, יעדען שריט אין לעבען. דער עיקר איז ביי איהם געווען די כונה, מיט וועלכער די מצוה ווערט געטהון און ניט די צערעמאָניע אליין. ניט די אויסען־וועניגסטע זייט פון דער מעשה איז וויכטיג ביי איהם, נאָר די אינעווענינגסטע — דער תוך.

יעזוס איז געווען דורכגעזאפט מיט יענער ליעבע צום נעכסטען, וועלכע צייכענט אוים די אידישע תורה אין אלע געבאָטען. אין דער מדה צו פארשווייגען יעדע עולה, וואָס מען האָט איהם געטאָהן, האָט ער, ווי עס שיינט, דערגרייכט די גרעסטע מדרגה; אין זיינע בערג־רעדען געפינען מיר אן אָפּקלאנג פון יענע תלמודישע סענטענצען (שבת פ"ח ע"ב): „רעכען זיך צו די אונטערדריקטע און ניט צו די אונטער־דריקער, הער אוים זידלעריי און ענטפער ניט, טו אלעס אוים ליעבע צו גאָט און פרעה זיך פון די ליידען". יעזוס האָט אויך, ווי עס שיינט, געהאט א סימפּאַטישעס אויסזעהן, וועלכעס האָט צו איהם צוגעצויגען אלע הערצער.

נאָך זיין גאַנצער נאַטור האָט עס יעזוס'ן געמוזט ציהען צו די אסיים, וועלכע האָבען זיך אויך אָפּגעזאָגט פון דער וועלט און געווידמעט זייער גאנץ לעבען צו דיענען גאָט. דארום אלס יוחנן המטביל האָט גערופען דאָס פאָלק צו טבילה

אין ירדן, צו תשובה און צוגרייטונג צום מלכות שמים, איז יעזוס אויך צו איהם געקומען. אויפ'ן ברעג פון ירדן האָט יעזוס דערזעהן א וואונדערבאר בילד, ווי איין מענש באַהערשט הונדערטער, טויזענטער מענשען ניט דורך זיין שטאַרקייט אָדער רייכקייט, נאָר דורך זיין גייסט. דאָס האָט געמאכט אן אָנגעהויערען איינדרוק אויף יעזוס'ן, און ער האָט באשלאָסען אליין צו ווערען א פאָלקס-רעדנער.



# V.

# יעזוס׳ס לעהרען.

יעזוס׳ס אידעען און לעהרען. — דאָס מלכות שמים אַלס
הערשאפט פון די אָרעמע. — דאָס צוטיילען פון פערמעגען.
דער בטחון אויף גאָט.

כאָטש עס איז נישטאָ קיין באווייזען, אז יעזוס איז אריינ־
געטרעטען אין כת פון די אסיים, דאָך זעהט מען קלאָר פון
זיינע רעדען און זיינע מעשים, אז ער האָט אָנגענומען די
פרינציפען פון דער עסעישער לעהרע. אזוי ווי די עסעער
האָט יעזוס געשטעלט זעהר הויך די פריוויליגע אָרעמקייט,
ד. ה. יעדער זאָל פאַנאַנדערטיילען זיין פארמעגען די אָרעמע
און אליין בלייבען אָרעם. ער האָט געזאָגט: „זעליג זיינען
די אָרעמע, דען זיי וועלען באקומען דאָס הימעלרייך (מלכות
שמים) (לוק׳ ו׳ כ׳). לייכטער איז, אז א קאמעל זאָל דורכ־
קריכען דורך א נאָדעל־אויער, איידער א רייכער זאָל קו־
מען אין הימעלרייך (מתי׳ יט כג—כד). מען קאָן נישט דיע־
נען צוויי הערען: גאָט און דעם מאַמאָן (דער גאָט פון רייכ־
קייט) (מתי׳ ו׳ כד). זאַמעלט אייך ניט קיין אוצרות אויף
דער ערד, וואס ווערים און ראָסט צעפרעסען זיי, און גנבים
קאָנען זיי אוועקנעהמען, זאמעלט אייך ליעבער אוצרות אין
הימעל (מתי׳ ו׳ י״ט—כ״א). פאר׳מאוס׳ענדיג די הבלי העולם
הזה, האָט יעזוס געוואָרנט זיינע אָנהענגער מיט די ווער־

טער: זאָרגט ניט פאר אייער לעבען, וואָס איהר וועט עסען און טרינקען; אויך ניט פאר אייער לייב, וואס איהר וועט אָנקליידען. זעהט די פייגעל אונטער'ן הימעל: זיי זייען ניט, זיי שניידען ניט, זיי זאמלען ניט אין די שייערען און אייער הימלישער פאָטער שפּייזט זיי דאָך. זייט איהר דען ניט פיעל מעהר ווי זיי? און ווארום זאָרגט איהר פאר די קליידונג? זעהט די ליליען אויפ'ן פעלד, ווי זיי וואקסען, זיי אַרבייטען נישט און שפּינען נישט. איך זאָג אייך, אז שלמה המלך מיט זיין גאנצער פּראכט איז ניט געווען אזוי גע־קליידעט ווי איינע פון די בלומען. ווען גאָט בעקליידט אזוי דאָס גראָז אויף דעם פעלד, וואָס היינט וואקסט עס און מאָרגען ווערט עס אריינגעוואָרפען אין אויווען, מכל־שכן אייך, איהר קליינגלויביגע! דארום זאָלט איהר נישט זאָרגען און זאָגען: וואָס וועלען מיר עסען? וואס וועלען מיר טרינקען? וואָס וועלען מיר אָנטהון? וועגען דעם אלעם טראכטען די געצענדי־נער; דען אייער הימלישער פאָטער וויים, אז איהר באדארפט דאָס אלעם. טראכט בעפאָר אלעם וועגען מלכות שמים און וועגען גאָטס גערעכטיגקייט, וועט אייך שוין אלעם אריינקו־מען. דארום זאָרגט ניט פאר דעם נעכסטען מאָרגען, דען דער מאָרגענדיגער טאָג וועט פאר זיך אליין זאָרגען! עס איז גענוג, דאָס יעדער טאָג האָט זיין צרה (מתי' ו' כ"ה—ל"ד. סוטה מ"ח, ע"ב). געלט־גייץ איז געווען ביי יעזוס און זיין קליינע געזעלשאפט די הויפּט־זינד (לוק' י"ב—ט"ו). אָבער מען מוז וויסען אז „געלטגייץ" האָט ביי איהם געהייסען אפילו די ליעבשאפט צום אייגענטום. די ערשטע בעדינגונג צו ווערען יעזוס'ם תלמיד איז געווען צו פארקויפען דאָס פארמעגען און אַוועקצוגעבען דאָס געלט אָרעמע לייט. די דאָזיגע, וועלכע

האָבען עס נישט געוואָלט טהון, האָבען נישט געהאט קיין צוטריט צו יעזוס געמיינדע (מתי׳ י״ט, כ״א).

דער בטחון אויף גאָט, וועלכען מיר געפינען ביי יעזוס׳ן און זיין געמיינדע, איז ניט געוועזן יענער בטחון אויס פאַר־צווייפלונג, וועלכער, אָפּטוענדיג אלעס וואָס עס איז נאָר מעגליך, פארלאָזט זיך אויף גאָט, אז ער וועט מסתמא ארויס־העלפען פון דער נויט. ניין, דאָס איז געוועזן א קינדערשער בטחון פון רוהיגקייט און זאָרגלאָזיגקייט, וואָס איז מעגליך געוועזן נאָר אין די אלטע גוטע צייטען און אין אַזאַ געבענשט לאנד ווי גאַלילעאַ. אין דער צייט פון יעזוס איז גאַלילעאַ געוועזן זעהר פרוכטבאַר, רייך אין ביימער און גרינע פעל־דער — די אמת׳ע היים פון שיר־השירים און ליעבעס־ליע־דער. דאָס לאנד, וואָס איז היינט אין די הענט פון די מאכ־מעדאנער אזוי וויסט און פארוואָרלאָזט, איז דאמאָלס געוועזן פרעהליך און רייצענד. כאָטש אויסער טבריה איז דאָרט ניט געוועזן מעהר קיין גרויסע שטעט, איז עס דאָך געוועזן שטארק באַזעצט און באַאַרבייט אין אלע טיילען. פון די געבליבענע הורבות דערקענט מען, אז עס האָט דאָ געוואוינט א פלייסיג פאָלק פון ערדארבייטער, וועלכעס האָט ניט געזוכט קיין מותרות, ניט געוואוסט פון קונסט און אויסערע שעהנקייט, אָבער דערפאר געוועזן איבערגעבען די געדאנקען וועגען גאָט און א הייליג לעבען. אין אַזאַ לאנד זיינען נישט נויטיג קיין מותרות, ווייל מען האָט הנאה פון לעבען אליין. די וואוינונ־גען האָט מען ניט געדארפט פוצען און שעהן מעבלירען, ווייל מען האָט געלעבט מעהרסטענטיילס אויפ׳ן גאַס און אויפ׳ן פעלד. די קרעפטיגע און רעגעלמעסיגע שפייזען, וועלכע מען עסט אין די קאלטע לענדער, וואָלטען דאָרט געוועזן צו שווער

און אומאנגענעהם. די ארבייט איז אויך ניט געוועזן שווער, ווייל די ערד האָט אלעס ארויסגעבראכט אין איבערפלוס אָהן מי און מאטערניש. אין אַזאַ לאנד האָט מען טאקע געקאָנט לעבען אָהן זאָרג, מיט בטחון און טראכטען וועגען מלכות שמים אויף דער ערד.



# VI.

## יעזוס׳ס טעטיגקייט.

יעזוס׳ס ארויסטרעטען אין זיין געבורטס־שטאָט. — אין כפר־נחום און דער אומגעגענד. — זיינע תלמידים און אָנהענ־גער. — זיין ווירקונג אויף זיי.

צוריקקערענדיג פון דער טבילה אין ירדן, איז יעזוס צום ערשטען ארויסגעטרעטען אין זיין געבורטס־שטאָט נ אַ ז אַ ר ע ט. אָבער דאָרט, וואו מען האָט איהם געקענט פון קינדוויז אויף, וואו מען האָט געקענט זיין גאנצע פאַ־מיליע, האָבען זיינע דרשות ניט געהאט קיין ווירקונג. אלס ער האָט איינמאָל גע׳דרש׳ט וועגען תשובה, האָבען די צו־הערער געפרעגט איינער דעם אנדערען: איז דאָס נישט דער זוהן פון יוסל דעם צעשלער? מען האָט איהם געזאָגט שטעכ־ווערטלעך: „דאָקטאר, הייל דיך אליין פריהער!“ זיינע קרובים האָבען גאָר געזאָגט, אז ער איז אראָפּ פון זינען (מאַרק׳ ג׳ כ״א). יעזוס איז געוועזען בייז דארויף און געזאָגט: דער נביא גילט נישט אין זיין פאָטערלאנד (מתי׳ י״ג, נ״ז). פון זיין פאָטער און זיינע קרובים האָט ער זיך אינגאנצען דער־ווייטערט, האלטענדיג, אז „גייסטיגע פארוואנדשאפט איז וויכטיגער ווי נאַטירליכע“.

ניט קוקענדיג אויף דער שלעכטער באהאנדלונג פון זיינע קרובים און שטאָטלייט, איז יעזוס ניט אראָפּגעפאלען ביי זיך

און ווייטער ארויסגעטראָטען אין דעם שטעטעל כפר־נחום. ביי דעם מעריב ברעג פון ים טבריה.

אין כפר־נחום האָט יעזוס געהאט א בעסערע אויפ־נאַהמע ווי אין זיין געבורטס־שטאָט, און פון דאנען האָט ער געמאכט אָפטע רייזען אין די קליינע שטעטלעך און דערפ־לעך ארום. די איינוואוינער פון כפר־נחום פלעגען זיך צו־נויפקומען נאָר אום שבת אין שוהל. יעדעס שטעטעל האָט דאַמאָלס געהאט איהר שוהל (בית הכנסת), וועלכעס איז געוועזן צוגלייך דער פארזאמלונגס אָרט. דאָס איז געוועזן אַ פיערעקיגער בנין מיט א פאָרהאַלע, פארצירט מיט גריכישע זיילען. אינעווענינג זיינען געוועזן איינפאכע בענק, אַ בימה און אן אָרון קודש, ווי אין די היינטיגע שוהלען אָהן שום פוץ און גרויסארטיגקייט. ווייל אויסער דעם בית המקדש זיינען ניט געוועזן קיין כהנים און קרבנות, איז דער גאנצער גאָטעסדיענסט באשטאַנען אין דעם, וואָס דער חזן־הכנסת האָט נאָך די קורצע תפלות פאָרגעלייענט די פרשה און הפטרה פון דער וואָך און געהאלטען דערנאָך א דרשה, וועלכע האָט זיך באצויגען אויף זיי. פאָרלייענען די תורה און האל־טען דרשות, ד. ה. פארנעהמען די שטעלע פון חזן־הכנסת, האָט געקאָנט יעדער איינציגער פון דער געמיינדע, און יעזוס איז ארויסגעטראָטען אין שוהל און געהאלטען זיינע דרשות וועגען מלכות־שמים און שותפ׳דיגען פארמעגען. אין כפר־נחום איז געוועזן א גרעסערער גענענזאץ צווישען די איינ־וואוינער לויט זייער פערמעגענס־צושטאַנד. עס זיינען געוועזן מעהר רייכע, אָנגעשטאָפט מיט גוטס, און מעהר אָרעמע, וואָס האָבען נישט געהאט א גראָשען ביי דער נשמה, און דארום זיינען יעזוס׳ס ווערטער גיכער אריין אין אויער. פיעל

מענשען פון דער נידעריגער קלאסע זיינען צוגעשטאנען צו איהם און איהם נאָכגעגאנגען. פון זיינע ערשטע תלמידים אין כפר־נחום זיינען באקאנט: ש מ ע ו ן  ק ע פ א ס אָדער פ ע ט ר ו ס און זיין ברודער אַ נ ד ר ע אַ ס, די זיהן פון י ו נ ה,ביידע פישער; אויסערדעם די צוויי זיהן פון ז ב ד י, י ע ק ב און י ו ח נ ן, אויך איין רייכער מוכסן מתתיה אָדער לוי. אין דעם הויז פון מתתיה האָט יעזוס אָפט גע־ווילט און פארקעהרט מיט פארשידענע מענשען פון נידעריגען קלאס. צו זיינע אָנהענגער האָבען אויך געהערט פרוי־ענצימער מיט ניט קיין גוטען שם, פון וועלכע איז באקאנט: מ אַ ר י אַ  מ אַ ג ד אַ ל ע נ אַ (פון דער שטאָט מ אַ ג ד אַ־ל אַ ביי טבריה). יעזוס האָט די דאָזיגע נפשות ארויפגע־פיהרט אויפ'ן דרך הישר. אלס מען האָט איהם געפרעגט, פאַר וואס ער חבר'ט זיך מיט אזעלכע לייט, האָט ער געענט־פערט, אז נאָר קראנקע ברויכען די הילף פון א דאָקטאר (מתי' ט', י"ב). יעדענפאלס איז עס דאמאָלס געווען אן אומ־ערהערטע זאַך, אז א אידישער חכם זאָל פארקעהרען מיט פרויען און נאָך מיט פרויען וואס האָבען א באפלעקטען נאָמען.

און יעזוס האָט פארשטאַנען ווי צו ווירקען אויף די דאָ־זיגע זינדער, מוכסים און געפאלענע פרויען דורך זיין וואָרט און ביישפיעל, ווי אָנצופילען זייער הארץ מיט ליעבע צו גאָט און ווי צו פארבעסערען זייער אויפפיהרונג דורך דעם צוזאָג אריינצוקומען אין מלכות שמים. דאָס איז געווען דאָס גרעס־טע וואונדער, וואָס יעזוס האָט באוויזען, דאָס איז געווען די קראנקע, וואס ער האָט געהיילט, די טויטע וואס ער האָט געמאכט לעבעדיג, דען א זעלען־ארצט, וואָס היילט דעם

נפש, שטעהט פיעל העכער ווי א בעל-מופת, וואָס היילט דעם גוף. יעזוס האָט פאר אלעם געלערנט די מדות פון עניוות, פארצייהונג, בארמהערציגקייט, פריינדליכקייט און זעלבסט-פארלייקענונג. הלל׳ס שפרוך: „וואָס עס איז דיר אומליעב, זאָלסטו אויך אנדערע ניט טהון“, איז איהם געוועזן צו ווענינ; ער האָט פארלאנגט מעהר: ווען איינער גיט דיר א פאטש אויף איין באק, זאָלסטו איהם אויפשטעלען די צווייטע. ווען איינער וויל דיר נעהמען דעם ראָק, זאָלסטו איהם לאָזען אויך דעם מאנטעל (מתי׳ ה׳ ל״ט; לוק׳ ו׳ כ״ט; איכה ג׳ ל׳). האָט ליעב אייערע פיינדע, בענשט די, וואס פלוכען אייך, טוט גוטעס די, וואס האַסען אייך, בעט פאר די, וואס באליידיגען און פארפאָלגען אייך (מתי׳ ה׳ מ״ד; לוק׳ ו׳ כ״ז; שבת פ״ח ע״ב; יומא כ״ג ע״א). משפט נישט, כדי איהר זאָלט נישט גע׳משפט ווערען. פארגיט און עס וועט אייך פארגעבען ווערען. זייט בארמהערציג, דען אייער פאָטער איז אויך בארמהערציג (מתי׳ ז׳ א׳; לקו׳ ו׳ ל״ז; כתובות ק״ה ע״ב). די רייכע האָט ער געלערנט, זיי זאָלען טהון צדקה מיט אַזאַ צניעות, אז די לינקע האנט זאָל ניט וויסען וואָס די רעכטע טוט (מתי׳ ו׳ ג׳). די צביעות פון געוויסע לייט, וועלכע דאווענען ניט פון הארצען, נאָר כדי אנדערע זאָלען זעהן, האָט איהם אויפגערעגט און ער האָט געזאָגט: זיי האָבען שוין זייער לוין באקומען; דו אָבער, ווען דו בעטסט צו גאָט, זאָלסטו נישט נאָכטהון די צבוע׳קעס, וועלכע שטעהען און בעטען אין די שולען און ביי די שטראסען-עקען, אז לייט זאָ-לען זיי זעהן. ווען דו ווילסט בעטען, זאָלסטו געהן אין דיין קאַמער און צושליסען די טיר; בעט צו דיין פאָטער אין פאר-באָרגענעם, און דער פאָטער, וועלכער זעהט דאס פאַרבאָר-

גענע, וועט דיך הערען. און ווען איהר בעט זאלט איהר ניט פיעל רעדען, ווי די געצענדיענער, וועלכע מיינען, אז אויב זיי זאָגען פיעל ווערטער, ווערען זיי גיכער געהערט; אייער פאָטער ווייס וואס איהר באדארפט נאָך איידער איהר בעט וועגען דעם (מתי', ו' ה־ח').

———:———

# VII.

## יעזוס'עס פארהאלטען צו דער אידישער תורה.

יעזוס האָט נישט מבטל געווען נאָר מקיים געווען די תורה. — אין וואָס איז ער געווען מחולק מיט די פרושים. — די הויפּט־פּונקטען פון זיין לעהרע.

אויפטהון עפּעס נייעס אין דער אידישער תורה אָדער גאָר זי מבטל זיין, האָט יעזוס קיינמאָל ניט געקלערט, ער האָט נאָר געוואָלט עדלען די הערצער און אָנווייזען דעם וועג אין מלכות שמים. די איינהייט פון גאָט (יחוד השם) האָט ער אויסדריקליך בעטאָנט און ניט געוואָלט משנה זיין אין דעם אפילו א האָר. ווען עס האָט איהם אמאָל איינער געפרעגט, וואָס איז דער סענס פון אידישקייט, האָט ער געענטפערט: שמע ישראל ד' אלהינו ה' אחד און ואהבת לרעך כמוך — דאָס זיינען די הויפּט־געבאָטען (מארק י"ב, כ"ח—ל"ג). ווען איי־נער האָט זיך געווענדעט צו איהם מיט די ווערטער: „גיטי־גער לעהרער", האָט איהם יעזוס באמערקט: רוף מיך ניט גיטיגער, נאָר איינער איז גיטיג, מיין פאָטער אין הימעל (מתי' י"ט ט"ז—י"ז). זיינע תלמידים, וועלכע זיינען טריי געבליבען דעם אידענטום, גיבען איבער פון זיין נאָמען די ווערטער: איך בין ניט געקומען דאָס געזעץ צו פארמינדערען אָדער צו פארמעהרען, גיכער וועט הימעל און ערד פארגעהן, איידער איין אות פון געזעץ (מתי' ה' י"ז—י"ט; שבת קט"ז,

ע"ב). שבת האָט ער געווים אָפּגעהיט, ווייל מיר געפינען, אז זיינע תלמידים, וועלכע זיינען ניט אוועק פון אידישקייט, האָבען שטרענג אָפּגעהיט שבת — וואָס דער פאל וואלט ניט געווען, ווען זייער לעהרער וואלט ניט האלטען שבת. וועגען קרבנות האָט ער זיך ארויסגעזאָגט אין דעם זין, אז איידער מען בעט איבער גאָט, דארף מען פריהער איבערבעטען דעם מענשען (מתי' ה' כ"ג). ער האָט געטראָגען ציצית אין זיין קלייד (מתי' ט"ז, ל"ו). זיין באזונדערע תפלה „פאָטער אונזער" איז בלויז א פארקירצטער נוסח פון דער 3טער, 5טער, 6טער, 9טער און 15טער ברכה פון שמונה-עשרה. ער איז געווען אזוי גאנץ א איד מיט אלע פּאָסטעמפּקעס, אז ער האָט גלייך ווי די אידען פיינד געהאט די געצענדיענער, ד. ה. די רוימער, די בעדריקער פון פאָלק, און די סיריער און גריכען, זייערע אונטערהעלפערס, — און ניט געוואָלט האָבען קיין שום מגע-ומשא מיט זיי. זיינע תלמידים האָט ער אָנגעזאָגט, צו ווענדען זייער אויפמערקזאמקייט נאָר אויף די פארלוירענע קינדער פון ישראל (מתי' י' ה'-ו'), און פארבאָטען זיי צו באזוכען געצענדינער אָדער סאַמאַריטאַנער. מען זאָל ניט ווארפען דאָס הייליגע די הינט, די פערלען — די שווייגען, כדי זיי זאָלען עס ניט צוטרעטען מיט די פיס און פארניכטען. (מתי' י"ב ב'). איבער דעם זעלבען טעם האָט ער זיך אָנפאנגס אָפּגעזאָגט צו היילען די פעניציאנישע פרוי פון צור (מתי' ט"ז כ"א—כ"ז; מארק ז' כ"ח). וועגען תחית המתים און עולם הבא האָט יעזוס געלערנט גלייך מיט די פרושים, אז דער גוף וועט אויפשטעהן פון טויט און לעבען אויפ'ס ניי אין דער וועלט. דאן וועט געגרינדעט ווערען אַ נייע אָרדנונג — די צוקינפטיגע וועלט (עולם הבא).

דאָך אין איינצעלנע פּונקטען האָט יעזוס ניט מקיים גע־
ווען די מצות לויט דער ערקלערונג פון די חכמי התלמוד. בעת
יוחנן המטביל׳ס תלמידים האָבען געפאסט, האָט ער זיך אָפּ־
געזאָגט צו פאסטען (מארק ב׳ י״ח). ער האָט ערלויבט זיינע
תלמידים צו רייסען זאנגען אום שבת (ב׳ כ״ג—כ״ח) און
אליין געהיילט קראנקע אום שבת, בעת די פּרושים האָבען
מתיר געווען צו היילען נאָר, ווען עס איז פאראן סכנת נפש.
אויף גרינגערע זאכען, ווי עסען אָהן נטילת ידים, האָט ער ניט
מקפּיד געווען. ער האָט געזאָגט, אז הייראטען דארף מען
אויף אייביג און נישט זיך גט׳ן (מארק י׳ ב׳—י״ב). אויסער
אין די דאָזיגע פּונקטען האָט יעזוס גאָר ניט משנה געווען אין
דער תורה. ער האָט פארקעהרט בפירוש אָנגעזאָגט דעם
פאָלק, וועלכער האָט זיך געווענדט צו איהם, אז זיי זאָלען
טהון אלעם וואס די פּרושים און סופרים הייסען, כאָטש אין
דער אויפפיהרונג דארפען זיי ניט גלייך זיין צו זיי (מתי׳
כ״ג ג׳), אויסערדעם דארף מען ניט פארגעסען, אז אין יעזוס׳ס
צייט איז די אידישע הלכה (דינים) נאָך געווען אין צושטאַנד
פון ענטוויקלונג; די דינים און מצוות האָבען נאָך ניט געהאט
קיין אָפּגעשלאָסענעם אומפערענדערליכען כאראקטער, ווי
שפּעטער נאָכ׳ן אפּשלום פון תלמוד (חתימת התלמוד); פאר־
קעהרט פארשידענע שולען ווי בית־שמאי און בית־הלל זיינען
געווען מחולק אין א סך דינים, און דאס פאלק האָט געהאל־
טען אין איינינע זאכען מיט בית־שמאי און אין אַנדערע מיט
בית־הלל, אזוי אז אויב יעזוס האָט אפילו יאָ עובר געווען
אויף א געוויסען דין, האָט ער עס מעגליך געטהון, ווייל ער
איז אין דער זאַך געווען מחולק מיט די פּרושים אָדער מיט
אַ געוויסער שולע.

שטעהענדיג פעסט אויפ׳ן באָדען פון אידענטום, האָט יעזוס באַין אופן ניט געוואָלט שליסען א נייעם בונד אָדער גאָר גרינדען א נייע רעליגיאָן. די הויפט־פונקטען פון זיין לעהרע, וועלכע מיר געפינען אויך ביי יוחנן המטביל זיינען: א) תשובה; ב) דאָס באלדיגע אָנקומען פון מלכות שמים. די קריסטליכע טעאָלאָגען רעכענען נאָך איין פונקט, נעמ־ליך: די לעהרע וועגען גאָטס פאטערשאפט. אבער דער נאָ־מען גאָט־פאָטער קומט אזוי אָפט פאָר אין די אידישע תפלות און ליטעראטור, אז עס איז איבריג צו ברענגען ראיות, אַז דער נאָמען איז א ריין אידישער אויסדרוק. וואָס עס איז נוגע צו תשובה און מלכות שמים איז באקאנט, אז דאָס אי־דענטום לעגט פון אייביג אָן מעהר געוויכט אויף תשובה ווי דאָס קריסטענטום; דער אויסדרוק ווידער „מלכות־שמים“ איז א ריין אידישער און קומט אָפטמאָל פאָר אין תלמוד. ווי עס שיינט, האָט יעזוס גלייך מיט זיינע צייטגענאָסען גע־גלויבט, אז אינגיכען וועט די וועלט חרוב ווערען און אויף איהרע חורבות וועט אויפשטעהן דאָס מלכות שמים, דאָס הימעלרייך, וואו עס וועלען הערשען גערעכטיגקייט און וואַרהייט.

———:———

# VIII.

## יעזוס׳ס מופתים און משיח׳שאפט.

דאָס היילען פון קראנקע און ארויסטרייבען רוחות רעות. — יעזוס איז מגלה זיינע תלמידים, אז ער איז משיח. — יעזוס׳ס צונעמען: בן־אָדם און בן־אלהים. — ווי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט די גאולה.

אָבער דורך באלעהרונג אליין וואָלט יעזוס שווערליך באקומען אזא גרויסע מאכט איבער׳ן פאָלק, ווען עס וואָלט נים צוגעקומען עטוואס אויסערגעוועגליכעס, וואָס האָט ביי אלעמען ארויסגערופען באוואונדערונג און באגייסטערונג. באלד אין אָנהויב פון זיין טעטיגקייט האָט יעזוס ארויסגעוויזען א וואונדערבארע קראפט צו היילען קראנקע. ער האָט געזונט געמאכט א פיבער־קראנקען, א מצורע, א פּאַראַליטיקער און אן עפּילעפּטיקער, אָבער באזונדערס האָט ער זיך אויסגעצייכענט דאמיט, וואס ער האָט געהיילט נערווען־ און גייסטעס־קראנקהייטען, אָדער ווי מען פלעגט עס דאמאָלס אָנרופען: „ארויסטרייבען רוחות־רעות“. מען האָט אין יענער צייט געגלויבט נים נאָר אין יהודה, נאָר אויך אין דער גאנצער וועלט, אז די רוחות רעות (דעמאָנען) כאפּען זיך אריין אין מענשליכען גוף און נויטען איהם צו טהון זאכען געגען זיין ווילען. דער שד אשמדאי (ביי די פערסער — אשמא־דאַוועאַ) איז גערעכענט געווען פאר דער סבה פון אלע

היסטערישע קראנקהייטען ביי פרויען. עפילעפסיע ווידער און גייסטעס־קראנקהייטען, ביי וועלכע די קראנקע פארלי־רען דעם באוואוסטזיין, זאָלען ווערען ארויסגערופען דורך אנדערע מיני שדים. יעזוס האָט נאטירליך, ניט וועניגער ווי אַנדערע, געגלויבט אין די אלע זאכען און אויך אין דעם, אז דורך גלויבען און געבעט קריגט דער מענש די מאכט איבער דער נאַטור, און האָט טאקע מיט די דאָזיגע מיטלען גענומען היילען קראנקע און ארויסטרייבען רוחות־רעות. אויף דעם המון האָבען נאַטירליך יעזוס׳ס וואונדער געמאכט אַ טיעפע־רען איינדרוק ווי זיינע הויכע לעהרען און דרשות.

עס איז שווער צו באשטימען, וויפיעל אמת עס איז פאַ־ראן אין די מעשיות וועגען יעזוס׳ס היילונגען, אבער דאס קאן מען האלטען פאר ריכטיג, אז די גייסטיגע אויפרעגונג, וואָס יעזוס האָט מיט זיין פערזאָן ארויסגערופען ביי די קראנקע, האָט פיעל מאָל געווירקט, אַז די גייסטעס־ אָדער נערווען־קראנקהייטען זיינען טיילווייז אָדער אויף א צייט בעסער גע־וואָרען, דאָס איז געווען גענוג צו באפעסטיגען יעזוס׳ס תלמידים און דאָס פאָלק אין זייער גלויבען, אז יעזוס באַ־זיצט אן איבערנאַטירליכע קראפט. אין זייערע אויגען האָט אויסגעזעהן, אז יעזוס האָט די געוואלט איבער רוחות־רעות, וועלכע שאדען דעם מענשען און אז זיין וואָרט ווירקט ווי אַ געטליך וואָרט. דאָס אלעס האָט נאָך מעהר צוגעבונדען צו איהם דאָס פאָלק, און די צאָהל פון זיינע אָנהענגער איז גע־וואקסען פון טאָג צו טאָג.

איינמאָל האָט יעזוס באשלאָסען צו ענטדעקען זיינע מקורבים דעם ציעל פון אלע זיינע געדאנקען. ער האָט זיי

ארויסגעפיהרט אין א פארוואָרפענע געגענד ביים פוס פון בארג חרמון, ניט ווייט פון צעזאַרעאַ פיליפי, דאָרט וואו דער ירדן גיסט זיך ארוים פון אומגעהויער גרויסע פעלזען. ער האָט עס אָבער געמאכט אויף אזא אופן, אז די תלמידים זאָלען איהם ארויסכאפען פון מויל דעם געדאנק, אז ער איז דער ערוואַרטעטער משיח. ער האָט זיי געפרעגט, פאר וועמען זיי האלטען איהם. איינינע האָבען געזאָגט, אז ער איז אליהו הנביא, דער אנקינדער פון משיח; אנדערע ווידער, אַז ער איז דער נביא, וועלכען משה רבינו האָט צוגעזאָגט. דערנאָך האָט ער געפרעגט די נאָהענטסטע תלמידים: פאר וועמען האלט א י ה ר מיך? שמעון פעטרוס האָט געענטפערט: דו ביסט עס דער משיח (קריסטוס אויף גריכיש). יעזוס האָט מודה געווען, אז ער איז טאקע משיח, נאָר פארבאָטען די תלמידים מגלה צו זיין די זאך און איבערהויפט צו רעדען דערפון (מתי' ט"ז, י"ג—כ'). ווען מיט עטליכע טעג שפּעטער האָבען איהם איינינע באמערקט, אז פאר משיח דארף דאָך קומען אליהו הנביא און אָנזאָגען זיין באווייזען זיך, האָט ער זיי מרמז געווען, אז יוחנן המטביל איז געווען אליהו הנביא, כאָטש ער האָט זיך נישט ארויסגעגעבען פאר איהם.

צי יעזוס האָט שוין לאנג געגעהרט דעם געדאנק טיעף ביי זיך אין הארצען אָדער ער איז געקומען אויף איהם ערשט שפּעטער, ווען ער האָט געזעהן, אז ער איז מצליח אין זיין ארבייט? — דאָס איז א פראגע, אויף וועלכע מען וועט קיינמאָל נישט האבען קיין ריכטיגע אנטוואָרט. ריכטיג איז דאָך, אז כאָטש יעזוס האָט שוין געהאט מגלה געווען זיינע תלמידים, אז ער איז משיח, האָט ער זיך פונדעסטוועגען קיינמאָל ניט אָנגערופען מיט דעם נאָמען. ער האָט געברויכט

אנשטאט איהם אנדערע אויסדריקען, וועלכע זיינען וואר־
שיינליך געווען אָנגענומען ביי די אסיים, ווי ב ר ־ נ ש
(מענשען־זוהן) אָדער ב ן ־ א ל ה י ם (זוהן פון גאָט), וועל־
כעס איז מרמז אויף תהלים ב׳, ז׳: — ה׳ אמר אלי בני אתה,
אני היום ילדתיך — גאָט האָט געזאָגט צו מיר: דו ביזט מיין
זוהן, איך האָב דיך היינט געבוירען. צי האָט יעזוס באנוצט
דעם אויסדרוק אין ווערטערליכען זין אָדער אנשטאָט
משיח, וועגען דעם האָט ער זיך — וויפיעל מיר ווייסען —
קיינמאָל ניט דייטליך ערקלעהרט, אפילו שפּעטער, בשעת
מען האָט איהם וועגען דעם גענומען צום פארהער און פאר־
אורטיילט צום טויט. זיינע אָנהענגער אליין זיינען געווען
מחולק וועגען דעם זין פון דאָזיגען וואָרט, און דערפון איז
טאַקע שפּעטער ארויסגעקומען א שפּאלטונג אין פארשידענע
פּאַרטייען.

ווי אזוי האָט יעזוס גערעכענט אויסצופיהרען זיין
שליחות (מיסיאָן) אלס משיח? וועגען דעם געפינען מיר ניט
קיין שום ידיעות אָדער רמזים. געוויס האָט ער דערביי גע־
האט אין זין נאָר זיינע אייגענע ברידער און נאָר זיי האָט
ער געוואָלט אויסלייזען, אי פון זייערע זינד, אי פון גוי׳שקען
יאָך. וועגען דער וועלט פון די געצענדינער האָט ער ווייניג
געטראכט. ווי עס שיינט, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט די
גאולה אויף דעמזעלבען אופן, ווי אלע אידען האָבען זי דא־
מאָלס אויסגעמאָלט: ווען דאָס אידישע פאָלק וועט דורך
תשובה און מעשים טובים גערייניגט ווערען פון זיינע זינד
און דערגרייכען א הויכע מדרגה, דאן וועט גאָט שיקען זיין
געזאלבטען, כדי צו באפרייען זיי פון דעם רומישען יאָך, צו־
זאמענצוקלויבען די צוזייטע און צושפּרייטע פון אלע עקען

וועלט און אויפצוריכטען דעם טראָן פון מלכות בית דוד. דאָס אָנקומען פון משיח וועט אָנגעקינדיגט ווערען דורך אותות ומופתים, דורך בליצען און דונערען, ווי אמאָל אויפ'ן באַרג סיני דאָס געבען פון דער תורה. דאן וועלען די טויטע אויפשטעהן פון זייערע קברים, און משיח וועט האלטען גע־ריכט איבער די רשעים און צדיקים.

———:———

# IX.

## די רייזע קיין ירושלים.

יעזוס איז עולה־רגל קיין ירושלים. — ווי ער איז געוואָרען
אויפגענומען אין ירושלים. — זיין פערהעלטניס צו די
כהנים. — זיין צוזאמענשטויס מיט זיי. — די שאלות,
וועלכע מען האָט איהם פאָרגעלעגט און זיינע תשובות.

ווי מיר האָבען דערצעהלט, האָט יעזוס אָנגעזאָגט זיינע תלמידים, צי אוים עניוות, צי אוים מורא פאר׳ן לאנדפירסט פון גאַלילעאַ (טעטראַך), נישט מגלה צו זיין, אז ער איז משיח. אָבער ווי עס שיינט, האָבען די תלמידים ניט איינגעהאלטען דעם סוד. ווען דער עולם איז דערפון געוואויר געוואָרען, האָבען זיי געהאָפט אויף אותות ומופתים, וועלכע האָבען זיך ניט באוויזען. יעזוס האָט אויסגעמידען צו ענטפערען אויף די פראגען, וועלכע מען האָט איהם פארגעלעגט וועגען זיין משיח׳שאַפט. פיעלע פון זיינע אָנהענגער זיינען דארום פון איהם אָפּגעפאלען. אויב יעזוס האָט געוואָלט בלייבען ביי זיין כבוד און ביי דער ראָלע, וועלכע ער האָט זיך פאָרגענומען צו שפּיעלען, האָט ער געמוזט אויפטהון אזעלכעס, וואָס זאָל פארשטאָפּען די מיילער זיינע פיינד און באווייזען קלאָר פאר דער גאנצער וועלט, אז ער איז דער אמת׳ער משיח, בדאַי אומצוקומען דאביי. מען האָט גערעכענט, אז ער וועט באלד געהן קיין ירושלים, כדי דאָרט צו באווייזען וואונדער און עפענטליך ארויסצוטרעטען אלס משיח.

עס איז געקומען דער פאַר־פּסח פון 29טען יאהר און יעזוס האָט באשלאָסען עולה רגל צו זיין קיין ירושלים צוזאַמען מיט זיינע תלמידים. ווי עס איז געווען דאמאָלם דער מנהג פון די עולי רגל, האָט ער אויסגעמידען סאַמאַריאַ און געמאכט אן אומוועג איבער׳ן עבר הירדן, כדי ניט צוזאמענצוקומען זיך מיט די סאַמאַריטאַנער — די שונאי ישראל. קומענדיג איבער יריחו קיין ירושלים, איז ער ניט אריין אין שטאָט, נאָר באזעצט זיך אין דאָרף ב ע ט ה אַ נ י ע ן, אַנדערטהאלבען שטונדען ווייט פון ירושלים, אין הויז פון ש מ ע ו ן ד ע ם מ צ ו ר ע.

אין ירושלים האָט יעזוס׳ס אָנקומען ניט געמאכט קיין גרויסען רושם. ירושלים האָט פארמאָגט אזוי פיעל אָנפיהרער פון שולען, פּארטייען און סעקטען, אז זעהען נאָך איין סעקטען־אָנפיהרער איז ניט געווען קיין נייעס. נאָר די גאַלילעער — די עולי־רגל, וועלכע האָבען געקענט יעזוס׳ן פון דער היים און געהערט פון זיינע וואונדער, האָבען איהם באַגעגענט מיט כבוד ביים שער־המים, וואו ער איז אריינגעקומען אין שטאָט, און געקוקט אויף איהם ווי אויפ׳ן הייסגעווינשטען משיח. יעזוס׳ס אריינקומען אין ירושלים איז געשעהן דעם 10טען ניסן, ווען לויט געזעץ איז מען מחויב צו קויפען דאָס שעפּסעלע אויפ׳ן קרבן־פּסח, און עס איז מעגליך, יעזוס איז טאקע צוליעב דעם אריינגעקומען אין שטאָט.

ירושלים מיט איהרע פאנאטיקער, פּרושים און כהנים— האָט ניט געקאָנט געפעלען דעם איינפאכען טרייהערציגען גאלילעער, וועלכער איז געווען פארנומען מיט דעם געדאנק וועגען גלייכהייט און װארהייט. גלייכהייט און ווארהייט זיינען גראדע ניט געווען די מעלות פון די פּרושים און כהנים

גדולים אין זיין צייט. די כהנים־גדולים זיינען געוואָרען באַ־שטימט אויף זייער שטעלע דורך די רוימישע לעגאטען (נאַ־מיעסטניקעס), און אלס אָנגעשטעלטע פון די רוימער האָבען זיי גע׳רודפ׳ט די קנאים און סעקטען־אָנפיהרער; זיי האָבען מורא געהאט, אז די דאָזיגע מענשען זאָלען ניט אויפרייצען דאָס פאלק צו א נייע מרידה און ברענגען צו א חורבן פון דער מדינה און פון בית־המקדש — די קוועלע פון זייער רייכ־קייט און כבוד. מען האָט געקאָנט דארום פאָראויסזעהן, אז צווישען יעזוס און די כהנים וועט באלד אויסברעכען א קריעג.

בשעת יעזוס מיט זיינע תלמידים האָבען געקויפט דאָס שעפּסעלע אויפ׳ן קרבן־פסח, איז ארויסגעקומען א קריעג צווישען זיי און די חלפנים, וועלכע זיינען געשטאַנען מיט זייערע טישלעך אין הר־הבית, כדי דאס פאָלק זאָל קענען איינצאָהלען דעם שקל. דער סוף איז געווען, דאָס מען האָט די חלפנים אַראָפּגעטריבען פון זייערע שטעלען, וועניגסטענס אויף דעם טאָג.

די דאָזיגע מעשה האָט געמאכט א רושם אין ירושלים, אלע האָבען גערעדט וועגען יעזוס׳ן און אגב געוואָלט מאכען מיט איהם א שמועס און הערען זיין מיינונג וועגען פארשיי־דענע רעליגיעזע פראגען און אויך וויסען זיין פארהעלטניס צו די פּאַרטייען אין ירושלים. פון אלע זייטען האָבען זיך געשאָטען פראגען, אויף וועלכע יעזוס האָט ניט געגעבען קיין קלאָרע תשובות. אויף די פראגען, וועלכע די צדוקים און די סופרים האָבען איהם פאָרגעלעגט, האָט ער געענטפערט דייט־ליכער. אויף דער פראגע פון א צדוקי, (וועלכע גלויבען ניט

אין תחית־המתים), פון וואנען איז געדרונגען תחית־המתים פון דער תורה, האָט ער געענטפּערט : אז גאָט האָט געזאָגט משה׳ן פון דאָרנשטרויך (שמות ג׳ ו׳) : „איך בין דער גאָט פון אברהם יצחק ויעקב״, און ווייל גאָט איז נאָר אַ גאָט פון לעבעדיגע און ניט פון טויטע, מוז מען אָננעהמען, אז אברהם יצחק ויעקב לעבען אויך נאָך זייער טויט — א ראיה, וועלכע איז גאנץ אין געשמאק פון די תלמודישע פשט׳לעך (אסמכתא). אויף דער פראגע פון א סופר, וואָס איז די וויכ־טיגסטע פון אלע מצות, האָט ער געענטפערט : שמע ישראל און ואהבת לרעך כמוך. די שווערסטע פראגע אָבער האָט איהם געשטעלט איינער פון הורדוס־לייט, אויב עס איז רעכט אַז מען זאָל געבען צינז דעם קיסר אָדער ניט. זיי האָבען גע־האָפט צו באקומען פון איהם אן אנטוואָרט, וועלכע וואָלט זיי געגעבען אן אויסרייד איבערצוגעבען איהם דעם רוימישען געריכט. יעזוס האָט זיך געהייסען געבען א מטבע און, אָנ־ווייזענדיג אויפ׳ן בילד פון קיסר און אויף דעם אויפשריפט, האָט ער געזאָגט : גיט דעם קיסר וואָס דעם קיסר׳ם איז און גאָט — וואָס גאָטס איז. (מארק׳ י״ב ב׳ ג׳, ירושלמי סנהדרין י״ג). די דאָזיגע אַנטוואָרט איז געווים ניט געפעלען די קנאים, וועלכע האָבען געהאָפט, אז יעזוס וועט זיי בייהילפיג זיין אויסצופיהרען זייער פלאן געגען די רוימער ; זיי האָבען דייטליך ארויסגעזעהן, אז יעזוס איז ניט פון זייער חברותא.

———:———

# X.

## יעזוס משפּט און טויט.

די בעראטהונג פון כהן־גדול קאַיפאַס. — דער סדר. — יהודה איש־קריות. — אין וואָס איז באשטאַנען די באשול־דיגונג. — דער טויט־אורטייל. — פּאָנטיוס פּילאטוס. — גאָלגאָטהא.

די כהנים־פּאַרטיי מיט יוסף קאַיפאַס בראש, האלטענדיג יעדען סעקטע־אָנפיהרער פאר געפעהרליך, אי פאר דער מדינה, אי פאר זייערע אינטערעסען, האָבען באלד איינגעזעהן, אז זיי האָבען פון יעזוס'ן קיין גוטעס נישט צו ערווארטען. ער האָט אראָפּגעטריבען די חלפנים און טויבענ־הענדלער פון הר־הבית און דערמיט געשאדעט זייערע אינטע־רעסען, און ווער ווייס וואס ער האָט נאָך בדעה צו טהון. זיי האָבען דארום באשלאָסען איהם אַראָפּצורוימען פון וועג... ווי עס איז באקאנט, האלטען די „אָרדנונגס־היטער" אין אלע צייטען, אז פאר דער טובה פון דעם כלל איז כדאי מקריב צו זיין דאָס לעבען פון יחידים, פארבייטענדיג דערביי אָפט זייער אייגענע טובה מיט דער טובה פון כלל. דער כהן־גדול יוסף קאַפיאַס האָט צוזאמענגערופען א ראטס־פארזאמ־לונג און פאָרגעלעגט איהר די שאלה: אויב יעזוס איז נימ געפעהרליך פאר דעם גאנצען פאָלק? און באלד טאקע ארוים־געזאָגט זיין באשלוס, אז עס איז בעסער, אז דער מענש זאָל

שטארבען, איידער דאָס פאָלק זאָל אונטערגעהן. צוגלייך איז באשלאָסען געוואָרען, יעזוס'ן פעסטצונעהמען נאָך פאַר פסח, ווייל אום יום־טוב קאָן ער מעהר שאדען ברענגען ווי אין וואָכענטעג און אויך ווייל אום יום־טוב טאָר מען ניט אָפּהאלטען קיין געריכט.

אין אָוועגט פון דאָנערשטאג, די לעצטע וואָך פון זיין לעבען, איז יעזוס מיט זיינע תלמידים אריינגעקומען אין ירושלים, כדי צו עסען מיט זיי צוזאמען דעם קרבן־פסח. ווי עס שיינט, איז ער דאמאָלס געוואָהר געוואָרען, אז די כהנים־פּאַרטיי לאָקערט אויף זיין לעבען און ער האָט זיך נאָכ'ן סדר באהאלטען אין א גאָרטען אויסער די שטאָט־מויערען. זיין באהעלטעניש איז אָבער געוואָרען ענטדעקט דורך איי־נעם פון זיינע תלמידים י ה ו ד ה א י ש ־ ק ר י ו ת וועלכער האָט איהם ארויסגעגעבען. ווי די עוועגגעליען דער־צעהלען, האָט יהודה גענומען ביי די כהנים פאר דעם ארויסגעבען 30 טאָלער און דערפאר אָנגעוויזען דער טעמפּעל־פּאָליציי אויף יעזוס'ן, בעת זי איז איהם גע־קומען נעהמען. ווי עס זעהט אָבער אוים, איז די גאנצע מעשה דערצעהלט מיט א כונה, כדי צו באווייזען, אז די פיינד פון יעזוס'ן וואָלטען נישט געקאָנט האָבען קיין שליטה איבער איהם, ווען עס וואָלט איהם ניט ארויסגעגעבען איינער פון זיינע אייגענע לייט, אזוי ווי אין פסוק שטעהט: מהרסיך ומחריביך ממך יצאו (דיינע פאַרדערבער און דיינע צושטערער שטאמען פון דיר אליין).

דער משפּט פון יעזוס איז געווען ניט פאר די גרויסע סנהדרין (סנהדרין גדולה) פון 71 מאן, נאָר פאר דער קליינער

פון דריי און צוואנציג מאן, אין וועלכער דער כהן־גדול יוסף קאַיפאַס איז געזעסען בראש. אין וואָס איז באשטאַנען די באשולדיגונג איז ניט גאנץ קלאָר. לויט איינינע קוועלען האָט מען איהם אָנגעקלאָגט דערפאר, וואָס ער האָט כלומר׳שט געזאָגט, אז ער קאָן צושטערען דעם בית־המקדש און אויפ־בויען איהם צוריק אין דריי טעג. אָבער אזעלכע רייד, ווען ער האָט זיי אפילו יאָ געזאָגט, וואָלטען ניט געקאָנט דיענען אלס גרונד צו אן אָנקלאגע. ריכטיגער איז, אז ער איז גע־וואָרען אָנגעקלאָגט פאר אַ גאָטעס־לעסטערונג (חירוף וגידוף), דערמיט וואס ער האָט זיך ארויסגעגעבען פאר גאָטס זוהן. אויף דער פראגע, וואָס דער פאָרזיצענדער האָט איהם פאָר־געלעגט, אויב ער איז גאָטס זוהן, האָט ער פריהער גאָר ניט געענטפערט; ווען ער האָט איהם געפרעגט דאָס זעלבע צום צווייטען מאָל, האָט ער געזאָגט: „דו זאָגסט עס“, און צוגע־געבען: „מען וועט באלד זעהן דעם מענשען־זוהן צו דער רעכטער זייט פון גאָטס טראָהן, רייטענדיג אויפ׳ן וואָלקען פון הימעל“. פון די דאָזיגע ווערטער האָבען די ריכטער ארויסגענומען, אז יעזוס האלט זיך טאקע פאר גאָטס זוהן. דער כהן־גדול האָט געריסען קריעה, ווי דער דין איז בשעת מען הערט א גאָטעס־לעסטערונג, און דאָס געריכט האָט איהם פאַר׳משפט צום טויט אַלס א גאָטעס־לעסטערער. די בא־שטעטיגונג פון פסק־דין אָדער די ערלויבניש אויסצופיהרען דעם טויט־אורטייל, האָט דער כהן־גדול געמוזט נעהמען ביי דעם רוימישען פראָקוראטאָר פאָנטיוס פילאטוס, וועלכער האָט אויף יום־טוב־צייט געוויילט אין ירושלים.

פאָנטוס־פילאטוס׳ן האָט מען ניט גענדארפט א סך בעטען צו באשטעטיגען דעם פסק־דין; ביי איהם אין די אויגען

איז יעזוס ווערט געוועזן דעם פסק שוין דערמיט, וואס מען האָט איהם געהאלטען פאר משיח, ד. ה. פאר אַ אידישען קעניג, וואָס וויל באפרייען זיין פאָלק פון רוימישען יאָך. די עווענגעליען דערצעהלען, אַז בשעת מען האָט יעזוס'ן געפיהרט צום קרייציגען, האָט מען פון איהם געשפּעט און אָנגעטהון אויפ'ן קאָפּ א קרוין פון דערנער צום צייכען פון טיטעל, וועלכען ער האָט זיך אליין גענומען. אָבער דאָס האָבען געטהון ניט די אידען, נאָר די רוימישע תלינים, וועלכע זיינען געוועזן צופריעדען אָפּצולאכען אין יעזוס'ס פערזאָן פון גאנצען אידישען פאָלק. די רוימישע סאָלדאטען זיינען עס געוועזן, וועלכע האָבען געשלאָגען און געפּייניגט יעזוס'ן, זיי האָבען אויפ'ן באפעהל פון פּילאַטוס צוגעשלאָגען זיין לייב מיט נעגעל צום קרייץ, ווייל נאָך דעם, ווי דער פסק־דין איז באשטעטיגט געוואָרען דורכ'ן רוימישען פּראָקוראטאָר, האָט דער פאראורטיילטער שוין געהערט דער רוימישער מאַכט, וועלכע האָט איהם באהאנדעלט לויט איהרע געזעצען.

נאָך די קריסטליכע קוועלען איז יעזוס געקרייציגט געוואָרען פרייטאג, דעם 15טען ניסן, ניין אוהר פאר מיטאג, און דריי אוהר נאָך מיטאָג איז ער שוין געוועזן טויט. זיינע לעצטע ווערטער זיינען געוועזן אויף ארמית: אלהי, אלהי, למה שבקתני — גאָט, גאָט, פאר וואס האָסט דו מיך פארלאָזען? די אויספיהרונג פון טויט־אורטייל און דאָס באגרעבעניש איז געוועזן אויסער דער שטאָט אויפ'ן אָרט, וועלכער הייסט ג אָ ל ג אָ ט ה אַ.

די גאָלגאָטהאַ איז דורך דעם טויט פון יעזוס דערהויבט געוואָרען און געוואָרען פאר דער וועלט א נייער סיני! וואָס

יעזוס האָט ניט געקאָנט אויספיהרען פאר זיין לעבען, האָט ער אויסגעפיהרט מיט זיין טויט. נאָכ'ן טויט איז ער גע־וואָרען א משיח, אַן ערלעזער, אָבער ניט פאר זיינע ברידער, ווי ער האָט געווינשט, נאָר פאר דער גאנצער גרויסער וועלט. פאר זיין פאָלק אָבער איז דער טויט פון יעזוס געוועזן די סבה פון אומגעהייערע ליידען, וועלכע האָבען זיך געצויגען אָהן אַן עק און זיך נאָך ניט געענדיגט ביז'ן היינטיגען טאָג.



# שבתי צבי

דער פאַלשער משיח מיט זיינע קאַבאַ-
ליסטישע נביאים און פערעהרערס
אין אזיען, אַפריקאַ און אייראָפּאַ.



פון פיליפּ קראַנץ.

# שבתי צבי.

## איינלייטונג.

### פאלשע משיח'ס און קאבאליסטען.

אין דער הקדמה צו ספינאָזא'ס לעבענסבעשרייבונג (*) איז שוין ערקלערט געוואָרען, אז דער פאלשער משיח שבתי צבי איז געווען איינער פון דיא צודולטע קאבאליסטען, וועלכע האָבען זיך ארויסגעגעבען פאר נביאים און ערלייזערס פון אידישען פאָלק, און האָט פערקערפערט אין זיך דיא מיסטישע ריכטונג פון 17טען יאָהרהונדערט. נאָר אום ריכטיגער און גרינדליכער צו פערשטיין, וויא אזוי ער איז געקומען צו שפּיעלען דיא ראָלע פון א גאָט און ווארום ער האָט געפונען אזוי פיעל אנהענגער ניט נאָר אין טירקיי און מצרים, אין דיא נעסטען פון דיא אונוויסענדסטע און אבערגלויביגסטע קאבאליסטען, זאָנדערן אפילו אין אזעלכע צענטערס פון אויראָפּעאישע ציוויליזאציאָן, וויא אמסטערדאם, האמבורג, לאָנדאָן א. ז. וו.— איז נייטיג צו ווארפען א נעהנטערן בליק אויף דיא שרעקליכע געשיכטע פון אידען אין מיטעל־אלטער און אויף דיא ענטוויקלונג פון קבלה און משיח־טרוימען צווישען דיא פערפאָלגטע אידען.

די אָינקוויזיציאָן, דיזע מענשליכע יאטקע לשם שמים, האָט געיאָגט א שרעק אפילו אויף דיא אידען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין ניט קאטוילישע לענדער. דיא בעסטע, געבילדעטסטע און מוטהיגסטע אידען זיינען געוועז דיא אָפּפער פון קאטוילישען פאנאטיזמוס, וועלכער האָט זיך בעזאָנדערס פאנאנדערגעפלאקערט אין

*) זעה „ברוך שפּינאָזא—זיין לעבען און פילאָזאָפיע“, ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאציאָנאלער ליבערערי פּובלישינג קאָמפּאניע.

שפאניען און פּאָרטוגאל. דיא דאָמיניקאנער גלחים, דיא ווילדעסטע און גרויזאמסטע פון אלע קאטוילישע פאנאטיקער, האָבען זיך אונ־בארמהערציג אָפּגערעכענט מיט דיא אידען פאר דיא קלעפּ, וואָס דיא פּאפּסטען און דער קאטאָליציזמוס האָבען געקראָגען דורך דיא הומאניסטען (אזוי רופט מען דיא אנפיהרערס פון דער רענעסאנס־אָדער אויפלעבונגס־צייט און דיא פּאָטערס פון פרייען דענקען אין אייראָפּא) און דורך דיא רעפּאָרמאציאָן. דיא דאָמיניקאנער, וועלכע זיינען געוועזען דיא הויפּט־אינקוויזיטאָרס, האָבען זיך אויך בלוטיג אָבגערעכענט מיט דיא אידען פאר דיא גוטע צייטען, וואָס זיי, דיא אידען, האָבען געהאט אין דער צייט, ווען דיא מאווּרען (אראבען) האָבען געהערשט אין זיד־שפּאניען.

דער ביטערער קאמפּף, וועלכער האָט זיך געצויגען יאָהר־הונ־דערטע צווישען דיא שפּאניער אין דיא אראבען, האָט ערוועקט אין שפּאניען א הייסען רעליגיעזען געפיהל, וועלכער האָט געפיהרט צו ווילדע אינטאָלעראנץ און בלינדען פאנאטיזמוס. דער נאציאָ־נאלער קאמפּף איז ענג פערבונדען געוואָרן מיט דעם רעליגיעזען קאמפּף צווישען קריסטענטהום און מאָהאמעדאניזמוס. דיא שפּאַ־ניער, וועלכע האָבען געקעמפּפט פיר זייער נאציאָנאלע איינינגקייט, האָבען אין דער זעלבער צייט אויך געזוכט צו פערזיכערן דיא פער־שפּרייטונג און דיא הערשאפט פון דער קריסטליכער רעליגיאָן. וואָס ווייטער דיא שפּאניער האָבען געיאָגט דיא אראבען צו זידען, אלץ ערגער איז געוואָרן דיא אידען. וועלכע האָבען זיך דאָרט בע־זעצט נאָך אין אלטע צייטען. דיא ערשטע גרויסע פערפאָלגונגען געגען שפּאנישע אידען האָבען זיך אָנגעפאנגען צו ענדע פון 14טען יאָהרהונדערט. מען האָט זיי דאן געצוואונגען מיט געוואלט אָנצו־נעהמען דעם קריסטענטהום; אָבער זיי האָבען זיך נאָך געקענט רע־טען אין דיא ערטער, וואו דיא אראבען האָבען אָנגעהאלטען זייער הערשאפט.

נאָר מיט הונדערט יאָהר שפּעטער, נאכדעם וויא גרענאדא — דיא לעצטע פעסטונג פון דיא אראבען — איז איינגענומען געוואָרן (אין 1492) פון דיא שפּאניער אונטער דער הערשאפט פון פער־

דינאנד און איזאבעלא, האָט מען דיא אידען געגעבען דיא ברירה: אָדער צו ווערן קאטאָליקען אָדער צו פערלאָזען דאָס לאנד. וויא בעוואוסט, האָבען אונגעפעהר 300 טויזענד אידען אויסגעוואנדערט, אום צו בלייבען טריי זייער גלויבען. א טהייל אידען, וועלכע זיינען געצוואונגען געוועזען צו בעקעהרען זיך צום קריסטענטהום, אום צו רעטען זייער לעבען און פערמעגען, זיינען אין הארצען געבליבען אידען. ביסלעכוויז האָט זיך פון זיי געבילדעט א בעזונדערער קלאס אידען, וועלכע האָבען געקראָגען דיא צונעמענס „מאראנאָס", וואָס עס בעדייטעט דיא „פערשאָלטענע". זיי זיינען טאקע אין דער ווירקליכקייט געוועזען פערשאָלטענע, דען ניט נאָר זיינען זיי ניט געאכטעט געוועזען פון דיא אידען, וועלכע זיינען פערבליבען טריי זייער גלויבען ביז צום טויט אָדער אויסוויידזונג, זאָנדערן דיא קריסטען האָבען זיי אויך זעהר פיינט געקראָגען און יעדענפאלס געהאסט מעהר, וויא ווען זיי וואָלטען זיך אָפען געהאלטען אָן זייער אידישע אמונה.

דער זעלבער נאָמען איז אויך איבערגעגאנגען אויף דיא אונגליקליכע אידען, וועלכע האָבען געזוכט רעטונג פון דיא שפאנישע אינקוויזיציאָן אין פאָרטוגאל און וועלכע זיינען דאָרט מיט געוואלט געטויפט געוואָרן. זייער לאגע איז געוועזען א שרעקליכע אין אלע בעציהונגען, דען ניט נאָר האָט מען זיי אויף דער שענדליכסטער און גרויזאמסטער וויזע פערפאָלגט פאר זייער אונטרייהייט צום קריסטליכען גלויבען, וועלכען מען האָט זיי געצוואונגען אָנצונעהמען — א סך האָבען ליבערסט בעגאנגען זעלבסטמאָרד וויא זיך צו לאָזען טויפען — זאָנדערן מען האָט זיי אויך ניט געלאָזט אויסוואנדערן. ביז צוויי־דריטעל פון דיא אויסגעוואנדערטע שפאנישע אידען, אונגעפעהר 200 טויזענד נפשות, האָבען זיך צוערשט בעזעצט אין פאָרטוגאל, וואו דער קעניג מאנועל האָט זיי פריינדליך אויפגענומען און פערשפראָכען בעשיצונג. מען האָט זיי נאכהער שענדליך פערראטהען, און זיי זיינען געבליבען וויא אין א פאסטקע. דיא פאָרטען האָט מען בעוואכט, אז זיי זאָלען ניט קענען זיך ארויסרייסען פון דיא בלוטיגע הענד פון די פאָרטוגעזער אינקוויזיטאָרען,

וועלכע האָבען אין אלעס נאָכגעמאכט זייערע שפּאנישע חברים. מען האָט אויך פערבאָטען צו קויפען זייערע לענדער און געשעפ־טען, אום דערמיט זיי נאָך שווערער צו מאכען א פּליטה, וועלכע מען האָט נאָר געקענט אויספיהרען מיט דער גרעסטער לעבענס־געפאהר. הונדערט יאהר האבען דיא פּאָרטוגעזער מאראנאָס געלי־טען וויא אין א גיהנם ביז מען האָט זיי ערלויבט ענדליך אויסצו־וואנדערן.

דאָ איז ניט דער אָרט איבערצוגעבען איינצעלהייטען פון דיא שרעקליכע צרות, וואָס דיא אידען האָבען געהאט אויסצושטעהן אין שפּאניען און פּאָרטוגאל. מיר בעריהרען עס נאָר דאָ, וויל דאָס האָט נאטירליך געהאט א גרויסען איינפלוס ניט נאָר אויף דיא יע־ניגע, וועלכע זיינען פערבליבען טריי צו זייער גלויבען, טראָץ אלע פּייניגונגען און שייטערהויפענס פון דער אינקוויזיציאָן, זאָנדערן אויך אויף דיא ווייטערע געשיכטע פון אידישען פאָלק.

דיא שפּאנישע אידען זיינען דאן געווען דיא געבילדעטסטע און ציוויליזירטעסטע אין דער גאנצער וועלט, און זייער געצוואונ־גענע צושפּרייטונג איבער אלע לענדער, וואו נאָר זיי האָבען גע־קראָגען דיא מינדעסטע געלעגענהייט צו פערבלייבען אפילו א קורצע צייט, האָט געהאט זעהר א גרויסע ווירקונג אויף דער אויפ־לעבונג (רענעסאנס־צייט) פון דער גריכיש־אראבישער פילאָזאָפיע, וועלכע האָט אויפגערודערט דיא מוחות און בּיסלעכווייז פער־יאָגט דיא פינסטערע וואָלקענס פון מיטעלאלטער און פון קאטאָ־ליציזמוס. זיי האָבען פאנאנדערגעטראָגען דיא זריעה פון דער נייער פילאָזאָפיע און פון וויסענשאפטליכע נאָכפאָרשונגען, דיא זריעה, פון וועלכער אונזער יעצטיגע ציוויליזאציאָן איז אויסגע־וואקסען. אויף דיזער וויזע האָבען זיי זיך אָפּגערעכענט מיט זייערע פינסטערע פערפאָלגערס, מיט דער אונמענשליכער אינ־קוויזיציאָן, וועלכע איז אונטערגעגאנגען צום גליק פון דער מענש־הייט אונטער דעם איינפלוס פון דער נייער פילאָזאָפיע, וועלכע זיי האָבען געהאָלפען צו פערשפּרייטען.

אָבער א גרויסער טהייל איז דורך די שווידערליכע פערפאָל־גונגען פערהארטעוועט געוואָרען וויא שטאָל אין זייער רעליגיאָן, פאר וועלכע זיי האָבען אלעס געאָפּפּערט, און האָט אויסגעמיידעט א פערקעהר מיט דער אויסערער וועלט. דיא גהעטאָס, אין וועלכע מען האָט אריינגעשפּארט דיא אידען, אום זיי אָפּצו־זונדערן פון דער אויסערער וועלט, אזוי וויא פערשאָלטענע, האָ־בען זיי אליין געזוכט, דען נאָר אין זייער מיטע, צווישען זייערע אונגליקליכע ברידער, האָבען זיי געקענט געפינען א ביסעל רוהע און זיכערהייט. זיי האָבען זיך פערטיעפט אין זייער אייגענער וועלט, א וועלט מיט טרוימען, מיט זיסע האָפנונגען אויף א בע־סערע צוקונפט. דיא געגענוואַרט איז געוועזען אזוי פינסטער, אזוי טרויעריג, אזוי שמערצליך און שרעקליך, אז זיי האָבען געמוזט זוכען עפּעס א טרייסט אין דער צוקונפט און זיך אָנכאפּען אָן יעדער איינבילדונג, וויא ווילד זיא איז ניט געוועזען, אבי זיי האָבען אין דעם געזעהען דעם מינדעסטען פונק פון א גוטער האָפנונג.

דערמיט ערקלערט זיך, וואָס אין דיזער צייט האָבען אויפגע־לעבט אזוי שטארק דער מעסיאַניזמוס און דיא קבלה. דיא אונער־טרעגליכע צרות האָבען פערשארפט דעם אלטען גלויבען פון אי־דישען פאָלק אין א משיח. מען האָט געגלויבט און געוועלט גלוי־בען, אז דיא אונערהערטע פערפאָלגונגען זאָגען פאָראויס דעם נאָהענטען אָנקומען פון דעם שטענדיג־ערווארטעטען ערלייזער. אין דעם ים מיט בלוטיגע טרעהרען איז דאָס געוועזען א רעטונגס־שיפעל. דיזע איינגעבילדעטע האָפנונגען האָבען נאטירליכערווייזע ארויסגערופען אויף דער סצענע מענשען, וועלכע האָבען זיך אליין איינגערעדט און געזוכט איינצורעדען אנדערע, אז זיי זיי־נען עס דיא ערווארטעטע ערלייזערס, אז זיי וועלען עס ענדליך ברענגען דיא היים־געווינשטע גאולה.

מאנכע פון זיי זיינען געווים געוועזען שארלאטאנעס און שווינד־לער, אָבער דיא מייסטע זיינען טאקי געוועזען צודולטע טרוימערס, פאנטאסטען, וועלכע האָבען אזוי לאנג זיך פערטיעפט אין דיא ווייט־פערשפּרייטעטע און טיעף־איינגעוואָרצעלטע איינבילדונגען

וועגען דיא נאָהענטקייט פון משיח'ס צייטען, אז זיי האָבען פער־לאָרען דאָס לעצטע ביסעלע קלאָרען פערשטאנד און האָבען זיך אליין איינגערעדט, אז זיי זיינען עס געשיקט געוואָרן פון גאָט צו ערלייזען זייערע אונגליקליכע און פערוואָגעלטע ברידער. דער 16טער און 17טער יאהרהונדערטע זיינען דארום בעזונדערס רייך געוועזן אין אזעלכע איינגעבילדעטע משיח'ס און אויך אין גלויביגע נאָכשלעפּערס, בעזאָנדערס טאקי צווישען דיא אונגליקליכע מאראַ־נאָס.

„יעדען טאָג, יעדע שטונדע, שרייבט פּראָפעסאָר גרעטץ אין זיין „געשיכטע פון אידען", האָבען דיא מאראנאָס זיך געפּלאָגט און פערשאָלטען דיא יאהרען דורך דעם, וואָס זיי האָבען געמוזט פּראווען דיא צערעמאָניעס פון א רעליגיאָן, וועלכע זיי האָבען געהאסט אין הארצען. עס איז דארום קיין וואונדער, וואָס פיעלע פון זיי האָבען פערלאָרען דעם גלייכען פערשטאנד און זיינען געוואָרן גאנץ משוגע. אין דער נאכבארשאפט פון הערראַרא האָט זיך א מאראנאָ־מיידעל ערקלערט פאר א פּראָפעטין. זיא האָט געליטען פון ספּאזמען און האָט געהאט האלוצינאציאָנען. זיא האָט ער־קלערט, אז זיא האָט געזעהען משיח'ן און מלאכים, און זיא האָט געזאָגט, אז זיא וועט פיהרען דיא אונגליקליכע אידען אין דאָס הייליגע לאנד. זיא האָט געפונען א סך גלויביגע צווישען דיא מא־ראנאָס. ווען דאָס איז ענטדעקט געוואָרן פון דער אינקוויזיציאָן, האָט מען פערברענט דיזע מיידעל מיט 38 פון איהרע אנהענגערס. דיא מאראנאָס האָבען געאטהעמט אין אן אטמאָספערע פון האָפ־נונג אויף א משיח, דאָס הייסט אין א גאולה דורך נסים".

אום נאָך מעהר צו פערשטארקען דיזע האָפנונגען און אויך צו געפינען „אָנווייזונגען" און „בעווייזע" פיר דיא רעכנונגען וועגען דיא נעכסטע ערשיינונג פון משיח, האָט מען זיך גענומען גריבלען און פערטיעפען אין קאבאליסטישע שריפטען, אין דיזען קוואל פון מיסטיציזמוס (סתרי תורה). אין דיזע משונה'דיגע איינביל־דונגען, אין דיזע לופטשלעסער פון צודולטע מוחות, אין דיזע איינפאכע משוגעת'ן האָבען דיא פאלשע משיח'ס געשעפּט „בע־

גייסטערונג" פיר זייער געפעהרליכע ראָלע און זייערע נאָכשלע־פערס האָבען געשעפּפט גלויבען אין זיי.

דיא קבלה איז א פּראָדוקט פון אונוויסענהייט, וואָס שטיצט זיך אויף א מיסטישען גלויבען, אויף א גלויבען אין פערבאָרגענע סודות. דיא קאבאליסטען האָבען דארום רעכט, ווען זיי זאָגען, אז זיא איז אזוי אלט וויא דיא תורה. דיא איינבילדונגען פון דיא קאבאליסטען וועגען דיא צעהן ספירות זיינען ווער ווייסט וויא אלט. יעדענפאלס זיינען דיא „געהיימניסע" פון דער קבלה ניט ספּעציעל אידישע. זיי שטאמען מייסטענס פון דיא פּערסען, ביי וועלכע דיא אידען האָבען איבערגענומען דעם גלויבען אין דעם שטן מקטרג, אין א גן־עדן און גיהנם, אפילו אין תחית המתים. אויך איז עס זיכער, אז דיא קריסטען האָבען געהאט אונגעפעהר אזא קבלה און אז דיא אידישע קאבאליסטען האָבען זעהר פיעל „סודות" און פאנטאזיען איבערגענומען ביי דיא קריסטליכע קאַ־באליסטען.

נאָר, וויא ווייט מען קען איצט דערגעהן, האָט דיא קבלה גע־נומען שפּיעלען צוערשט א גרויסע ראָלע אין דער אידישער רע־ליגיאָן צום אָנפאנג פון 13טען יאהרהונדערט, ווען עס האָבען זיך אָנגעפאנגען הייסע מחלקות צווישען דיא אנהענגער און געגנער פון רמב"ם; אלע די יעניגע, וועלכע האָבען געוועלט בלינד גלוי־בען אין נסים און פעריאָגען פערנונפט פון רעליגיעזע בעטראכטונ־גען, האָבען זיך אָנגעכאפּט אָן דיא קאבאליסטישע ביכער צו פער־טומלען זייערע אייגענע קעפּ און דיא קעפּ פון אנדערע מיט פאנ־טאזיען און פערדרעהעניסע וועגען כלומרשט פערבאָרגענע געט־ליכע סודות. דיא צאָהל פון מענשען, וואָס זיינען גענייגט צו מיסטיציזמוס און אבערגלויבען, איז נאָך זעהר גרויס אין אונזערע צייטען, נאָר אין פריהערע צייטען, בעזאָנדערס אין מיטעל־אלטער, זיינען געוועזען זעהר ווייניג מענשען, וואָס האָבען זיך געזוכט צו שטיצען אויף פערנונפט און וועלטליכע פילאָזאָפיע. אזעלכע מענ־שען, וואָס האָבען געקענט פערשטעהן און נאָכפאָלגען דעם רמב"ם'ס

פילאָזאָפיע, וויא שוואך זיא זאָל אונז יעצט ניט שיינען, זיינען געוועזן געצעהלטע. דיא גאנצע מאסע האָט בלינד געגלויבט אין יעדען וואָרט פון תלמוד און פון זיינע אנערקענטע קאָמענטאַ־טאָרס און האָט געקוקט אויף דיא קבלה אלס א היילינגע לעהרע, וועלכע מען קען נאָר בעגרייפען, ווען מען פערטיעפט זיך אין איהר אזוי, אז מען פערגעסט אָן דיא גאנצע וועלט.

אין שפאניען, וואו דער קאמפף צווישען דיא מאימאָניסטען און אנטי־מאימאָניסטען איז בעזאָנדערס היים געפיהרט געוואָרען איז אויך דיא קבלה ענטוויקעלט געוואָרען. עזרא און עזריאל, יעקב פון זשעראָנא, טודרוס און אברהם אבולאפיא, משה דע לעאן (דער פערפאסער פון „זוהר״) א. ז. וו. זיינען אלע געוועזן שפאנישע אי־דען. זיי האָבען ענטוויקעלט דיא פריהערע קאבאליסטישע חלומות און איינגעפיהרט נייע, וועלכע זיינען אלע צוזאמענגעפלאָכטען געוואָרן אין „זוהר״. שפאנישע אידען האָבען אויך צוזעהט און צושפרייט דעם קאבאליסטישען אונזין, ווען זיי האָבען געמוזט אנטלויפען פון דער אינקוויזיציאָן. אין 17טען יאָהרהונדערט זיי־נען דיא שטארקסטע נעסטען פון קאבאליסטען געוועזן אין סאַ־לאָניקע און איבערהויפט אין טירקיי.

דיא פערשפרייטונג און פערעהרונג פון דער קבלה זיינען גע־גאנגען האנד אין האנד מיט דער פערשטארקונג פון מעסיאנישע האָפנונגען. ביידע האָבען געהאט דעם זעלבען גרונד — דיא איינ־בילדונג — און ביידע האָבען געהאט דעם זעלבען רעזולטאט — פערפיהרונג און גייסטיגע פערקריפלונג.

אלע פאלשע משיח׳ס זיינען געוועזן צודולט פון דער קבלה, אין וועלכער זיי האָבען זיך אריינגעלאָזען מיט לייב און זעעלע. אָהן דעם „זוהר״ וואָלטען זיי וואהרשיינליך קיין מאָל ניט ארויס־געטראָטען און ניט געקענט ארויסטרעטען אלס גאָט׳ס געזאלבטע. אפילו דער זאָנדערבארער דוד ראובני, וועלכער איז זיכער געוועזן א שארלאטאן, איז געוועזן א קאבאליסט. דיזער קליין מענשעלע, כמעט א קארליק, דאר וויא א סקעלעט, האָט בעזעסען א שטארקען כאראקטער אין אויך פיעל מוטה און שכל. קיינער האָט ניט גע־

וואוסט, ווער ער איז און וואו ער איז געבאָרען געוואָרען. מען רע־
כענט, אז ער איז געקומען ערגעץ פון אזיען. יעדענפאלס האָט ער
לאנג ארומגעוואנדערט אין אראביען, מצרים און סיריען איידער
ער איז אָנגעקומען אין איטאליען ארום 1524, וואו ער האָט זיך
ארויסגעגעבען אלס א שליח פון זיין ברודער, א הערשער איבער א
אידישער מלוכה אין נאָרד־אראביען, אין דעם לאנד חעיבאר (דאָרט
איז א מאָל געווען אידישע קאָלאָניע, וועלכע איז צושטערט גע־
וואָרען פון מאהאָמעד, ווען ער איז ארויסגעטראָטען געגען אידען.*)
ער האָט דערצעהלט, אז זיין ברודער האָט אן ארמעע פון 300 טוי־
זענד סאָלדאטען, נאָר זיי נויטיגען זיך בעזאָנדערס אין ביקסען
און הארמאטען צו קענען בעזיעגען דיא מאהאָמעדאנער, וועלכע
שטערען זיי צו פערבינדען אלע אידישע שטאמען אין אראביען.
אום צו קריגען דיזע געוועהר, האָט איהם זיין ברודער געשיקט צו
דיא אייראָפּעאישע קעניגע און בעזאָנדערס צום פּאפּסט. אין פאל
מען וועט בעוויליגען דיזען פערלאנג, האָט דוד ראובני פערשפּראָכען,
אז דיא אידישע ארמעע וועט העלפען דיא קריסטען ארויסצוטריבען
דיא טערקען פון פּאלעסטינע.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אז דאָס איז אלעס אויסגעטראכט
געוואָרען פון דוד ראובני; אָבער ער האָט אזוי קונציג און מוטהיג
געשפּיעלט זיין ראָלע, ריזיקירענדיג מיט זיין קאָפּ, און אין אייראָפּא
האָט מען אזוי ווייניג געוואוסט וואָס עס טהוט זיך אין אזיען, בע־
זאָנדערס נאָך אין אראביען, דאָס ניט נאָר דער פּאפּסט קלעמענט
VII זאָנדערן אויך דער פּאָרטוגעזער קעניג האָט איהם אויפגענו־
מען זעהר פריינדליך אלס א געזאנדטען. דער פּאָרטוגעזער קעניג
האָט זיך געלאָזט נארען אזוי ווייט, אז ער האָט פערשפּראָכען צו
שיקען 8 שיפען מיט 4000 שוסגעוועהר צום „אידישען קעניג פון
חעיבאר,“ אום צו פיהרען מלחמה געגען דיא טערקען.

עס איז שווער צו זאָגען, וואָס דער סוף וואָלט געווען פון דיזען

*) זעהע „מאַהאָמעד — זיין לעבען און רעליגיאָן,“ ארויסגעגעבען
פון דער אינטערנאַציאָנאַלער לייברערי פּובלישינג קאָמפּאַניע.

מערקווירדיגען שווינדעל, ווען דער יונגער און זעהר פעהינער מאַ־ראנאַ דיעגאָ פירעס, וועלכער האָט נאכהער אָנגענומען דעם נאָמען שלמה מאָלכאָ, וואָלט ניט איינפאך פעררוקט געוואָרען דורך דוד ראובני'ס וואונדערבארע ראָלע. מען קען זיך קוים פאָרשטעלען דיא אויפרעגונג און דיא ערשטוינונג פון דיא אונגליקליכע מאראנאָס, וועלכע האָבען אין דער צייט שרעקליך געליטען פון דער ניי־איינגע־פיהרטער אינקוויזיציאָן, ווען זיי האָבען געזעהען, דאָס א איד, וואָס גיט זיך ארוים פאר א געזאנדטען פון א אידישען קעניג, ווערט אויפגענומען און בעהאנדעלט אין קעניגליכען הויף וויא א פרינץ. קיין וואונדער דארום, אז זיי האָבען גענומען גלויבען, אז אין דעם שטעקט גאָט'ס האנד און אז משיח'ס צייטען זיינען נאָהענט. ער אליין איז געווען גענוג געשייט זיך ניט ארויסצוגעבען פאר א משיח און ניט צו פערשפּרעכען צו פיעל דיא מאראנאָ'ס, אָבער זיי האָבען אויף איהם געקוקט וויא אויף זייער ערלעזער, האָבען געקוסט זיינע הענד און קליידער און געהאָפט, אז ער וועט זיי באלד פיהרען נאָך ירושלים.

דיעגאָ פירעס איז אזוי בעגייסטערט געוואָרען, דאָס ער האָט אָנגעפאנגען צו גלויבען, אז ער איז א נביא און האָט פאָראויס גע־זאָגט משיח'ס נאָהענטע ערשיינונג. דיזער יונגער מאראנאָ, וועלכער איז שוין געבאָרען אלס קריסט און האָט דערגרייכט צו דער הויכער שטעלע פון א קעניגליכען סעקרעטער, האָט זיך מל געווען, אום צו קענען ערפילען דיא געטליכע מיסיאָן, אין וועלכער זיין קראנק־האפטע פאנטאזיע האָט איהם אלץ מעהר איינגעגלויבט. פון דער אָפּעראציאָן איז ער קראנק געוואָרען און זיין קאָפּ איז נאָך מעהר צו־דולט געוואָרען פון חלומות. ער האָט דערצעהלט, אז א שליח פון הימעל האָט איהם אָנגעזאָגט צו פערלאזען פּאָרטוגאל און צו בעגע־בען זיך נאָך טירקיי. דוד ראובני, וועלכער האָט מורא געהאט, אז זיין פערעהרער'ס ענטהוזיאזמוס און דיא בעשניידונג וועלען איהם שטערען אין זיין פּאָליטישען שווינדעל, האָט איהם אויך צוגערעט זיך אָפּצוטראָגען וואָס שנעלער פון פּאָרטוגאל. ראובני'ס פורכט איז ניט געווען אומזיסט, דען ווען דיא אינקוויזיציאָן האָט זיך דער־

וואוסט, דאָס דיעגאָ פּירעס איז אָפען געוואָרען א איד און איז אנט־לאָפען, האָט ער געקראָגען א בעפעהל צו פערלאָזען פּאָרטוגאל.

אינדירעקט האָט דיזער מערקווירדיגער מענש, וועלכער האָט שליסליך געענדיגט זיינע יאָהרען אין א פינסטערן קעלער פון דער שפּאנישער אינקוויזיציאָן (מען האָט בעהויפּטעט, אז דיא אינקווי־זיטאָרען האָבען איהם דאָרטען פערגיפטעט), געהאָלפען דיא פּאָר־טוגעזער מאראנאָס דערמיט, וואָס דיא אינקוויזיציאָן האָט ניט גע־קענט האָבען אזא פרייע האנד זיי צו פערפאָלגען און צו ברענען, וויא זיא האָט עס געוואונשען און וויא זיא האָט עס באלד נאָך זיין אָפּרייזע אויסגעפיהרט. זאָ לאנג דער קעניג האָט פערהאנדעלט מיט דעם שליח פון א אידישען קעניג, האָט ער נאטירליך געמוזט זעהען, אז מען זאָל זיך בעסער בעגיין מיט אידען אין זיין לאנד.

דיעגאָ פּירעס, וועלכער האָט נאָך שטודירט תלמוד און קבלה, ווען ער איז צום שיין געווען א געבאָרענער קריסט, האָט זיך נאָך זיין פּלטה פון פּאָרטוגאל אין גאנצען אָבגעגעבען צו זיינע קאבא־ליסטישע חלומות. ער איז געווען אן עהרליכער מענש, אָבער א צודולטער און ענטהוזיאסטישער. דורך קאבאליסטישע דריידלעך און רעכנונגען האָט ער אויך גענומען פּאָראויסזאָגען דיא צוקונפט, און עטליכע מאָל האָט ער ווירקליך מערקווירדיג געטראָפען. בע־זאָנדערס בעריהמט זיינען זיינע נבואות, אז ליסאבאָן וועט צו־שטערט ווערן פון א שרעקליכע ערדציטערנים און אז רוים וועט פער־פלייצט ווערען. צוליעב דיזע נבואות, וויא אויך צוליעב זיין זעהר אנגענעהמען אויסזעהען און עדעלע האלטונג, האָט ער אזוי ווייט געפונען חן אין דיא אויגען פון פּאפּסט, דאָס ווען דיא אינקווי־זיציאָן פון רוים האָט איהם פעראורטהיילט צום טויט דורך פער־ברענען פאר זיין ענטזאגען זיך פון קריסטענטהום, האָט מען אנ־שטאָט איהם ארייגעוואָרפען אין דיא פלאמען אן אנדער אונגליק־ליכען. דער פּאפּסט האָט איהם געהאלטען עטליכע טעג בעהאלטען אין וואטיקאן ביז איהם איז געלונגען צו אנטלויפען ביי נאכט אין 1531.

דיזער ענטהוזיאסט, וועלכער האָט געזוכט דעם טויט פון א

מערטירער און האָט אָנגעמאכט א גרויסען גערודער צווישען אידען און קריסטען, האָט פּאָראויסגעזאָגט משיח'ס אָנקומען אין 1540 און האָט געענדיגט אויף אן אָטאָ־דאפע אין מאנטוא, וואוהין דער קייזער קארל דער פינפטער האָט איהם צוזאמען מיט דוד ראובני געבראכט געשמידעט אין קייטען און האָט איהם איבערגעגעבען אין דיא הענד פון דער אינקוויזיציאָן, וועלכע האָט איהם שנעל פעראורטהיילט צום טויט פאר זיין אָפענעם איבערגאנג צו דער אידישער רעליגיאָן. ער איז געשטאָרבען וויא אן אמת'ער מארטירער, שרייענדיג אין דיא פלאמען „שמע ישראל!“ דען פאר'ן טויט ווען ער איז געשטאנען אויפ'ן עשאפאָט און דער שייטערהויפען איז שוין אָנגעצונדען געווען, האָט מען איהם אין נאָמען פון קייזער פאָרגעשלאָגען מוחל צו זיין, אויב ער וועט חרטה האָבען און ווידער ווערען א קריסט. ער האָט זיך נאטירליך אָבגעזאָגט, דען ער האָט געגלויבט, אז ער איז זיך מקריב אום משיח'ס צייטען זאָלען וואָס גיכער קומען.

גאנץ אנדערס האָט געהאנדעלט שבתי צבי, ווען מען האָט איהם געסטראשעט מיט'ן טויט. ער איז אויך געווען א טרוימער, א קאבאליסט און אנפאנגס א'ן ענטהוזיאסט, אבער צו זעלבסט־אָפּפערונג איז ער ניט געווען פעהיג. אין פערגלייך מיט שלמה מאָלכאָ איז ער געווען אי א פייגלינג אי א'ן אונוויסענדער מענש; אבער דאָך האָט ער געהאט דעם גרעסטען ערפאָלג אין דער משיח ראָלע, וועלכע עטליכע דורכגעטריעבענע שנאָרערס און שארלאטאנעס האָבען איהם געהאָלפען צו שפּיעלען. קיינער פון אלע פאלשע משיח'ס, וועלכע זיינען ארויסגעטראָטען פאר איהם און נאָך איהם, האָט ניט געפונען אזוי פיעל בלינדע אנהענגער און האָט ניט אזוי אויפגערודערט א וועלט, וויא שבתי צבי. דאָס האָט ער געהאט צו פערדאנקען דעם פאל, דאָס ער איז ניט ארויסגעטראָטען אין א קריסטליכער, זאָנדערן אין א מאחמעדאנער לאנד. דאָס ער האָט זיך אָהן שום דריידלעך ארויסגעגעבען פאר דעם לאנג־ערווארטעטען משיח און דאָס עטליכע זעהר געשייטע שווינדלערס האָבען איהם גלייך פון אָנפאנג אונטערשטיצט, וויא מיר וועלען עס זעהען.

I.

## זיין ערציהונג און ערשטער ארויסטרעטען אלס משיח.

שבתי צבי איז געבאָרען געוואָרען תשעה באב 1626 אין דער שטאָט סמירנא, וועלכע האָט צו יענער צייט אָנגעפאנגען צו ווערן א וויכטיגער האנדעלס־פּאָרט אין קליין אזיען צוליעב א מלחמה צווישען טירקיי און דיא איטאליענישע האנדעלס־רעפּובליק וועד נעדיג. איינינגע ענגלישע און האָלענדישע שיף־קאָמפּאניעס האָבען דאן געעפענט קאנטאָרען אין סמירנא, אום אויסצומיידען דיא פריהערע האנדעלס־וועגען צווישען אייראָפּא און אזיען, און שבתי צבי'ס עלטערן, וועלכע האָבען געשטאמט פון שפּאנישע אידען און האָבען געוואָהנט אין גריכענלאנד, האָבען אריבערגעוואנדערט אין דעם נייען האנדעלס־פּונקט, אום צו זוכען בעשעפטיגונג. זיין פאָטער איז געווען אן אָרימער מעקלער, נאָר ער איז א קורצע צייט נאָך זיין קומען געוואָרען אן אגענט פון אן ענגלישע האנדעלס־הויז און איז דורך דעם געוואָרען זעהר רייך.

דאָס איז געווען א וויכטיגער אומשטאנד אין דער משיח־ראָלע פון שבתי צבי, דען ער האָט גאָר ניט געהאט צו זאָרגען וועגען חיונה און האָט אויך געהאט מיטעל צו מאכען סעודות פאר אָרימע יונגע לייט. נאָר אן ערציהונג האָט ער געקראָגען גראדע וויא אלע אידישע קינדער פון זיין צייט אין קליין־אזיען. מען האָט איהם אָבגעגעבען יונגערהייט אין א חדר און אויך יונגערהייט אָנגעפאנגען צו שטאָפּען מיט תלמוד. נאָר צו תלמוד האָט ער קיין חשק געהאט, דאָס איז געווען צו טרוקען פאר איהם.. ער האָט גאנץ פריה ארויסגעוויזען א נייגונג צו איינזאמקייט און טרוימען. דיא קבלה האָט איהם דערפאר גלייך צוגעצויגען. און דיא פאנאסטישע שילדערונגען פון „זוהר" האָט ער געפונען א גאנצע וועלט פאר זיינע אייגענע טרוימען און איינבילדונגען. נאָך ווען ער איז געווען א איינגעל האָט ער זיך פערטיעפט אין דער קאבאליסטישער סתרי

תורה. אזוי ווי א מען האָט געגלויבט, דאָס מען קען נאָר ווערען א בקי אין דער קבלה, ווען מען פיהרט דעם לעבען פון א פרוש, ווען מען זאָגט זיך אָפּ פון דיא פערגעניגענס פון דער וועלט, האָט דער יונגער קאבאליסט אָנגעפאנגען צו פאסטען, זיך צו שמייסען און זיך אָפּט צו באָדען אין ים, סיי זומער סיי ווינטער. צוליעב דיזע שטרעבונג צו זיין א פרוש, האָט ער וואהרשיינליך אויך אויסגע־מיידעט זיין פרוי, מיט וועלכער מען האָט איהם חתונה געמאכט גאנץ יונג נאָך דיא אזיאטישע פיהרונגען. זיא האָט פערלאנגט א גט, ווייל ער וויל ניט לעבען מיט איהר, און האָט עס געקראָגען. מען האָט איהם ווידער חתונה געמאכט מיט אן אנדער יונגע מיידעל, אָבער זיא האָט זיך צוליעב דיא זעלבע אורזאכע געשיידעט מיט איהם.

דאָס האָט נאטירליך ארויפגעצויגען אלגעמיינע אויפמערק־זאמקייט אויף איהם. ער האָט זיך איבערהויפּט געפיהרט גאנץ אנדערש וויא זיינע חברים. בעזאָנדערס האָט מען זיך געוואונדערט, וואָס ער וויכט אוים פרויען, חאָטש ער איז געווען א געזונטער און זעהר שעהנער בחור. ער האָט אויך געהאט א זעהר פיינע שטימע און האָט ליעב געהאט צו זינגען שפּאנישע און קאבאליסטישע ליעדער, נאָר אין דיא שפּיעלען פון זיינע חברים פלעגט ער קיין מאָל זיך ניט אריינמישען. דיא ערנסטערע פון דיא אינגלעך האָט ער ביסלעכווייז צוגעצויגען צו זיך מיט זיינע זאָנדערבארע פיה־רונגען, מיט זיין אנגענעהמער פיגור און פיינע שטימע, נאָר בעזאָנדערס מיט זיינע קאבאליסטישע טרוימען. ער פלעגט זיי בעקאנט מאכען מיט דיא פאנטאזיעס פון דער קבלה און אין זיי איינפלאנצען דיא נייגונג צו מיסטיציזמוס, וועלכע איז אין איהם איינגעבאָרען געווען.

דארום האָט ער שוין געהאט עטליכע שילער און פערעהרער, ווען ער איז נאָך אלט געווען צוואנציג יאָהר. זייטיגע מענשען האָבען אויך אָנגעפאנגען צו קוקען אויף איהם וויא אויף א הייליגען, און דאָס האָט נאָך מעהר צורודערט זיין שוואכע קאָפּ. איינ־יגע האָבען ערקלערט, אז ער איז איינפאך פערריקט, אָבער זייער צאָהל

איז געוועזן זעהר קליין. זיין פאטער זעלבסט האט איהם פערעהרט, ווייל ער האט געגלויבט, אז דורך דעם הייליגען לעבען און די ליעבע פון זיין זוהן צו דער קבלה, איז ער רייך געוואָרען. שבתי צבי האָט אויף דיזער ארט גענומען קוקען אויף זיך, וויא אויף א מין פראָפעט, וואָס זיין מיסיע איז צו ערלייזען דיא אידען פון זייערע צרות און צו בעזעצען זיי ווידער אין ארץ ישראל. יעדענפאלס, אויב ער איז אין אָנפאנג נאָך ניט געווען איינגעגלויבט, אז איהם איז עס בעשערט צו בריינגען דיא אידען דיא לאנג־ערוואַרטעטע גאולה, איז עס זיכער, אז ער האָט וועגען דעם אזוי פיעל געטרוימט און פאנטאזירט, דאָס אין א קורצע צייט איז ער גאָר צודולט געוואָרען.

דיא קבלה איז, וויא בעוואוסט, פול מיט פאנטאזיעס וועגען משיח׳ס צייטען. דאָרט ווערן געשילדערט דיא צייטען איידער משיח וועט קומען און נאכהער, אזוי וויא אנדערס וואָלט עס גאָר ניט קענען צוגיין. אָהן דיזע משיח־איינבילדונגען וואָלט דיא קבלה ניט געפונען אזוי פיעל ענטהוזיאסטישע פערהערערס און וואָלט זיך אויך ניט פערשפרייטעט אזוי ווייט און שטארק. דערצו נאָך האָט שבתי צבי געהערט פון זיין פאָטער, אז קריסטען גלויבען אויך, דאס אן ערלייזער וועט זיך בעווייזען אין 1666 יאָהר. זיין פאָטער האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט אין דער ענגלישער קאָנטאָר, וואו דיא ענגלענדער האָבען דיסקוטירט וועגען דיא איינבילדונגען פון דיא קריסטליכע מיסטיקער, דאָס דיא צייט פון מיללעניום (דיא טויזענד יאָהר נאָך וועלכע יעזוס קריסטוס דארף זיך ווידער אראָפּלאָזען אויף דער ערד און ערלייזען דיא זינדיגע מענשהייט) איז גאָר נאָהענט. דיזע מיסטיקער האָבען זיך אין זייערע ערוואַרטונגען געשטיצט אויף א פסוק פון אפּאָקאליפּסיס (דיא נבואות פון יאָהאַן דעם טויפער) און האָבען זיך אויך איינגעבילדעט, אז אין 1666, ווען משיח האָט נאָך זייערע קאבאליסטישע רעכנונגען געמוזט ערשיינען, וועלען דיא אידען צוריק געבראכט ווערען נאָך ירושלים.

שבתי צבי האָט זיך זשעדנע צוגעהערט צו אלעס, וואָס זיין

פאטער האָט איהם געקענט איבערגעבען וועגען מילעניום אָדער די קריסטליכע משיח־צייט, און האָט נאָך מעהר געגלויבט, אז די גאולה איז אויפ'ן נאָז.

אין „זוהר“ ווערט דער יאָהר 5408 נאָך דער אידישער רעכ־נונג אָנגעגעבען אלס די צייט פון דער גאולה, און גראדע אין דיזען יאָהר איז שבתי צבי צוערשט ארויסגעטראָטען אין זיין משיח־ראָלע. איהם איז דאן געווען 22 יאהר, נאָר דאָס האָט איהם ניט אָבגעהאלטען ארויסצוגעבען זיך פאר זיינע שילער און פריינדע אלס א געטליכער שליח, דען ער האָט נאָך אליין ניט בעשטימט, אויב ער איז בלויז א נביא אָדער איינפאך דער ערווארטעטער משיח.

דער אָנפאנג פון זיין משיח־ראָלע איז געמאכט געוואָרן אויף איין גאנץ איינפאכער ארט, אָבער פאר די קאבאליסטען האָט עס גע־האט א ספעציעלע בעדייטונג. איין מאָל, ווען שבתי צבי איז געווען ארומגערינגעלט פון זיינע יונגע פערעהרער, האָט ער פלוצלונג הויך און מונטער ארויסגעשריען דעם שם המפורש, ניט אכטענדיג אויף דעם שטרענגען פערבאָט פון תלמוד.

די אורזאכע פון דיזען פערבאָט איז געלעגען אין דעם גלויבען אין צויבער־ווערטער, א גלויבען וועלכער איז געווען פערשפרייטעט ביי פילע פעלקער וויא די געשיכטע פון רעליגיאָנען צייגט עס אונבעשטרייטבאר. מען האָט זיך איינגעבילדעט, אז מיט געוויסע ווערטער קען מען ניט נאָר פעריאָגען שדים, זאָנדערן מען קען אויך קריעגען א מאכט איבער די געטער זעלבסט. די נעמען פון געוויסע געטער האָבען געקראָגען א ספעציעלע בעדייטונג, מען האָט דיזע נעמען צוגעשריעבען א בעזאָנדערע וואונדער־קראפט, און דארום האָבען די פריעסטער פערבאָטען זיי אויסצו־שפרעכען. די פריסטער פון מצרים האָבען געלערנט, אז דעם נאָמען פון דעם גאָט „טהאָטה“ (בעדייטעט: געדאנקען, וואָרט) טאָר מען ניט אויסריידען, גראדע וויא די ביבעל האָט עס אָנגע־זאָגט וועגען „יהוה“ (לא תשא את ש ם יהוה אלהיך לשוא), און

דיא אינדוסען וועגען דיא ד ר י י בוכשטאבען, וואָס ווערען אויס־געשפּראָכען „אָם“. *)

נאָר פאר דיא קאבאליסטען האָבען דיא פיער בוכשטאבען פון שם המפורש געהאט א ספּעציעלע מיסטישע בעדייטונג. זיי האָבען זיך איינגעבילדעט, אז זייט דעם חורבן בית המקדש זיינען דיזע בוכשטאבען אָבגעטהיילט געוואָרען דורך אָבגרונדען. נאָך זייערע אויספיהרונגען איז אויסגעקומען, אז גאָט אליין איז אזוי וויא אָבגעשוואכט געוואָרען דורך דעם גלות פון זיין אויסגעקליעבענעם פאָלק, נאָר ווען משיח וועט קומען, וועט ער ווידער קריעגען זיין פריהערע פאָלקאָמענע מאכט און דיא פיער בוכשטאבען פון זיין נאָמען וועלען וויעדער פעראייניגט ווערען. דארום האָבען שבתי צבי׳ם אנהענגער געגלויבט, דאָס ווען ער האָט ניט מורא געהאט אויסצוריידען דעם פולען נאָמען פון „יהוה,“ בעזיצט ער א געוויסע געטליכע מאכט און זאָגט אָן דערמיט, אז דורך איהם וועט קומען דיא גאולה.

אלזאָ, מיט דעם אויסשפּרעכען פון איין וואָרט האָט שבתי צבי פערשטארקט דעם גלויבען פון זיינע שילער אין זיין געטליכקייט. נאָר ווען דיא רבנים האָבען זיך דערוואוסט דערפון, האָבען זיי עס ערקלערט פאר א גאָטעסלעסטערונג. זיי האָבען אויך געזאָגט, אז דערמיט, וואָס שבתי צבי האָט געבראָכען א שטרענגע פאָרשריפט פון תלמוד און אויך א בעפעהל פון דער ביבעל זעלבסט, קען ער נאָך פיהרען אנדערע איהם נאָכצוטהאָן, וואָס עס וועט ברייננען צרות דיא אידען. דארום האָבען זיי איהם און זיינע נאכפאָלגער אריינגעלעגט אין חרם. דיזער חרם האָט ארויסגערופען פּראָטעסטען און מחלקות אין דער קהלה פון סמירנא. דיא איינצעלהייטען פון דיזע שטרייטען זיינען ניט בעקאנט, מען ווייס

---

*) אן אויספיהרליכע ערקלערונג וועגען דיא פערגעטערונג פון ווערטער און צאָהלען ביי פערשיעדענע פעלקער וועט דער לעזער געפינען אין דעם 18־טען קאַפּיטעל פון דעם דריטען באַנד פון מיין „קולטורגעשיכטע“, ארויסגעגעבען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ליבּרערי פּובלישינג קאָמפּ.

נאָר, אז זיי האָבען זיך געצוויגען אונגעפעהר 3 יאָהר און האָבען זיך געענדיגט דערמיט, וואָס שבתי צבי און זיין חברה האָבען גע־מוזט פערלאָזען סמירנא אין 1651.

דיזע פערפאָלגונג האָט נאָך פערשטארקט דעם גלויבען פון שבתי צבי אין זיין משיח־ראָלע, דען ער האָט זיך שוין געהאלטען פאר א מארטירער און האָט זיך איינגעבילדעט, אז פריהער מוז ער אָפּקומען אויף דער וועלט און ליידען צרות, איידער ער וועט קענען ארויסטרעטען מיט גלאנץ אלס ערלייזער. דער גלויבען, אז א משיח דארף פריהער אליין ליידען, איז איבערגעגאנגען פון דיא קריסטליכע צו דיא אידישע קאבאליסטען, וועלכע האָבען עס ביסלעכווייז איינגעפלאנצט צווישען אלע אידען. שבתי צבי האָט פעסט געגלויבט אין אלע קאבאליסטישע פאנטאזיעס און האָט דארום אויך זיך געטרייסט, דאָס ער וועט באלד איבערקומען דיזע צרות און אנערקענט ווערען פאר א משיח.



## II.

### זיינע וואַנדערונגען און פערבינדונג מיט רפאל יוסף חלבי פון קאַאיראָ.

אזוי וויא שבתי צבי איז געשטיצט געוועזן מיט געלד פון זיין רייכען פאָטער און אויך פון זיינע ברידער, וועלכע זיינען געוועזן געשעפטס־לייטע איז איהם לייכט געוועזן צו געפינען פריינדע. מען וויים ניט גענוי, וואוהין ער איז צו־ערשט אוועק מיט זיינע יונגע נאָכשלעפערס. מען רעכענט, אז ער האָט אָנפאנגס בעזוכט קאָנסטאנטינאָפּאָל, וואו עס האָבען זיך געפונען א סך פערשיעדענע אידען מיט פערשיעדענע בעשעפטי־גונגען און אויך ניט וויניג קאבאליסטען און בטלנים. מיט זיין געלד האָט ער צוגעצויגען צו זיך עטליכע אונטערלעקערס און שווינדלערס, וועלכע האָבען איהם אונטערשטיצט אין זיינע איינ־בילדונגען, אום פון איהם אָפּצולעקען א ביינדעל.

דער קליגסטער און געשיקטעסטער פון דיזע שווינדלער איז געוועזן א געוויסער אברהם יכיני, וועלכער האָט זיך ערוואָרבען א גרויסען נאָמען אלס א גוטער מגיד. ער איז אויך געוועזן א בע־וואוסטער קאבאליסט און א קענער פון סעמיטישע שפראכען. נאָר מיט אלע זיינע טאלענטען איז ער פערבליעבען אן ארימאַן. ער האָט מן הסתם גלייך איינגעזעהען, אז דורך דעם משוגעת פון שבתי צבי קען ער ציהען פאר זיך נוצען אָדער יעדענפאלס קריעגען א גרויסען איינפלוס אויף אידען. ער האָט דארום ניט נאָר אנ־ערקענט, אז שבתי צבי איז געבאָרען געוואָרען צו ברייננגען דיא גאולה, זאָנדערן האָט נאָך געמאכט א פעלשונג, אום צו איבערצייי־גען אנדערע אין דעם. איין מאָל האָט ער איינגעלאדען דעם רב, וועלכער איז ארויסגעטרעטען געגען שבתי צבי, צו גיין מיט איהם אויף אן אלטען בית עולם, אום דאָרט אויפצוגראָבען א קבר און צו געפינען דארט א בעוויז, אז שבתי צבי איז טאקי ניט אנדערס

וויא דער ערוואַרטעטער משיח. דער רב האָט זיך געלאָזט איבער־
ריידען. ווען מען האָט געעפענט דעם קבר נאָך יכיני'ס אנצייגונ־
גען, האָט מען דאָרטען געפונען א ליימענעם טאָפּ מיט א שטיקעל
פּארמעט, אויף וועלכע עס איז געווען אָנגעשריעבען מיט אלטע
העברעאישע בוכשטאבען פאָלגענדעס:

איך, אברהם, בין געזעסען פערציג יאָהר אין אַ הייל און האָב גע־
טראַכט און געטרויערט, ווארום דיא צייטען פון נסים בעוויייזען זיך
ניט אזוי לאַנג. דאן האָט א שטימע מיר געענטפערט: „אַ זוהן וועט גע־
באָרען ווערן אין דעם יאָהר 5386 פון דער וועלט און וועט גערופען ווערן
שבתי. ער וועט פערניכטען דעם גרויסען דראַגאָן. ער איז דער אמת'ער
משיח און ער וועט פיהרען מלחמה אָהן געוועהר.“

מען וויים ניט, אויב דער רב האָט אָנגענומען דיזע פעלשונג
פאר א נבואה, נאָר דער צודולטער שבתי צבי האָט שוין גאָר
ניט געצווייפעלט, אז ער איז נאָך פון אלטע צייטען בעשטימט גע־
ווען צו זיין דער משיח. זיינע נאָכשלעפּערס און דיא שווינדלערס,
וועלכע האָבען זיך בענוצט מיט זיין משוגעת, האָבען נאָכהער גע־
ברויכט דיזען דאָקומענט אלס א בעוויז, דאָס ער איז ווירקליך
משיח, און האָבען אויף דעם גרונד געמאכט נייע פעלשונגען.

אברהם יכיני און אנדערע פון שבתי צבי'ס חברה האָבען
אָבער דאן גערעכענט, דאָס עס איז נאָך ניט געקומען דיא צייט,
אז זייער משיח זאָל אָפען ארויסטרעטען אין קאָנסטאנטינאָפּאָל.
זיי האָבען איהם דארום געראטהען פריהער צו פערבלייבען א גע־
וויסע צייט אין סאלאָניקע, וואו דיא קאבאליסטען האָבען זייט
לאנג געהערשט. אין דיזען נעסט פון מיסטיציזמוס האָט שבתי
צבי געפונען עטליכע נייע אנהענגער און האָט אויך געפּראוועט
זיין ערשטע חתונה מיט דער תורה. נאָכהער פלעגט ער אָפט ווי־
דערהאָלען דיזע משונה'דיגע קאבאליסטישע צערעמאָניע, אום בע־
סער צו ווירקען אויף דיא אבערגלויביגע קעפּ פון זיינע נאָכשלע־
פּערס.

ער האָט נעמליך געמאכט א גרויסע סעודה, צו וועלכער ער

האָט איינגעלאדען אלע זיינע נאָכפאָלגערס און איבערהויפט קאַ־
באליסטען. דיא פינאנציעלע שטיצע פון זיין פאטער האָט איהם
געגעבען דיא מעגליכקייט צו מאכען אָפט אזעלכע סעודות. ווען
עס האָבען זיך צוזאמענגעקליבען א סך מענשען צו דער סעודה,
האָט ער געהייסען אריינברייגען א ספר תורה און האָט ערקלערט
דיא געסט, אז ער געהט מיט איהר חתונה האָבען. נאָך קאבאליס־
טישע אויספיהרונגען האָט עס בעדייטעט, אז דיא תורה,
דיא טאָכטער פון הימעל, פערבינדעט זיך מיט משיח'ן, דעם זוהן
פון הימעל. שבתי צבי האָט דערמיט געוואָלט געבען צו פערשטיין,
אז ער איז טאקי דער זוהן פון הימעל, דער ריכטיגער חתן פון
דער תורה.

נאָר דיזע „חתונה" איז ניט געפעלען געוואָרען דיא עלטערע
קאבאליסטען און זיא האָט אָנגעמאכט אזא גערודער אין שטאָדט,
אז מען האָט געהייסען דעם חתן זיך אָפּטראָגען.

שבתי צבי איז דאן אוועק נאָך גריכענלאנד, וואהרשיינליך
אום זיך צו זעהען מיט זיינע קרובים און דיא פריינדע פון זיין
פאָטער. א קורצע צייט האָט ער אויך פערבראכט אין אטהען, נאָר
דיא אידען, וועלכע האָבען שוין געהערט פון זיינע איינבילדונגען
און משוגענע שטיק, האָבען איהם אויפגענומען פיינדליך, זאָ דאָס
ער האָט אויך פערלאָזען דיזע שטאָט.

ער האָט זיך ארומגעדרעהט עטליכע יאָהר, האָפענדיג אלץ,
אז זיין צייט וועט קומען און אז ער וועט דאָך ברייגגען דיא גאולה.
דיא פערפאָלגונגען און אָפּלאכונגען האָבען גראדע געווירקט אויף
איהם אזוי, אז ער האָט אלץ מעהר געגלויבט אין זיין משיח־
שטערן. ענדליך האָט איהם א צופאל געהאָלפען אין קאאירא.
דאָרטען האָט זיך געפונען א זעהר רייכער, אָבער זעהר גלויביגער
קאבאליסט מיט דעם נאָמען רפאל יוסף חלבי. דיזער איד האָט
פערנומען א זעהר וויכטיגע שטעלע אין דער רעגיערונג, דען ער
איז געווען דער זאמלער פון שטייערן. אזוי וויא ער איז אויך גע־
ווען א זעהר גוטהערציגער און וואָהלטהעטיגער מענש, איז ער
ארומגערינגעלט געווען פון א סך שנאָרערס און בטלנים. בעזאָנ־

דערם האָט ער געהאָלפען קאבאליסטען, ווייל ער האָט אליין בלינד געגלויבט אין דער קבלה און האָט געלעבט וויא א פּרוש, טראָץ זיין רייכטהום. ער פלעגט אָפט פאסטען, זיך באָדען און ביי נאכט פלעגט ער זיך שלאָגען מלקות נאָך דיא אָנגענומענע איינבילדונ־גען, אום צו קענען אריינקריכען אין דיא „טיעפעניסען“ פון קאַ־באליסטישע חלומות. אין דער צייט ווען ער פלעגט פאָהרען אין א קעניגליכע קאראָט און איז געווען אָנגעטהאָן אין דיא שעהנסטע און רייכסטע צערעמאָניע־קליידער, פלעגט ער אויפ׳ן לייב טראָגען א זאק־העמד. דער קאבאליסט שמואל וויטאל, וועלכער איז געווען זיין לעהרער אין דער קבלה און פלעגט איהם מכבד זיין מיט מלקות, האָט איהם איינגערעט, אז מיט אזא אָפּקומענעס אויף דער וועלט וועט מען גיכער בריינגען דיא גאולה. אלע קאבאליס־טען האָבען איבריגענס אזוי געגלויבט.

ווען שבתי צבי איז אָנגעקומען אין קאאירא, האָט מען איהם נאטירליך גלייך אוועקגעפיהרט צו דעם אונטערשטיצער פון אלע קאבאליסטען. ער האָט געמאכט א זעהר גוטען איינדרוק אויף דעם קאבאליסטישען שטייער־זאמלער פון דעם עגיפּטישען הער־שער. אזוי וויא שבתי צבי האָט געהאט גענוג פון זיין רייכען פאָ־טער, האָט חלבי איהם מעהר געשעצט וויא א׳ן אָרימען קאַ־באליסט. וויא צודולט חלבי איז ניט געווען פון דער קבלה, האָט ער נאָך שכל געהאט צו פערשטיין, אז שבתי צבי, וועלכער נייטיגט זיך ניט אין זיין פינאנציעלע שטיצע, מוז זיין אן ערנסטער און אויפריכטיגער קאבאליסט. דארום האָט ער אויסגעהערט גאנץ פריינדליך דיא איינבילדונגען פון שבתי צבי און איז ביסלעכווייז געוואָרען איינער פון דעם פאלשען משיח׳ס הייסעסטע אונטער־שטיצער. שבתי צבי איז שוין צו דער צייט געוואָרען א שטיקעלע דיפּלאָמאט — דיא פערפאָלגונגען האָבען איהם גע־

לערנט צו זיין פּאַרזיכטיג און צו בעהאַלטען זיינע פּלענער ביז א געלעגענהייט — און ער האָט דאַרום נאָר ביסלעכווייז מיטגע־טהיילט דעם גלויביגען חלבי זיינע איינבילדונגען און האָפנונ־גען, אום איהם וואָס מעהר צו פעראינטערעסירען און אריינצו־קריגען אין זיין חברה.

דיא הילפע פון אזא רייכען איד איז נאַטירליך געוועזן פון דער גרעסטער וויכטיגקייט פאַר דיא משיח־ראָלע, צו וועלכער שבתי צבי האָט זיך צוגעגרייט. און ווירקליך, אָהן דיא שטיצע פון רפאל יוסף חלבי וואָלט שבתי צבי קיין מאָל ניט געהאט אזא גרויסען ערפאָלג.

אין דער צייט, ווען שבתי צבי האָט זיך געפונען ביי זיין רייכען פערעהרער, האָט מען אין שטאָט פערשפּרייט קלאַנגען, אז ער איז א געטליכער מאַן און בעווייזט וואונדער. פון אלע זייטען האָבען זיך א לאָז געטהאָן צו איהם קראַנקע און קאַליקעס, אז ער זאָל זיי אויסקורירען מיט זיין געטליכער קראַפט. ער האָט אפילו פערזיכערט, דאָס ער האָט נאָך ניט אזא געטליכע קראַפט, נאָר דיא גלויביגע פלעגען צו איהם אזוי צושטיין, אז ער פלעגט מוזען ארויפלייגען אויף זיי זיינע הענד און זיי בענטשען. וויא עס טרעפט אין אזעלכע פעללע, ווען מענשען גלויבען אין היילונגען דורך נסים און אמונה, האָבען פיעלע קראַנקע ערקלערט, אז נאָר דורך זיין געטליכע קראַפט זיינען זיי געהאָלפען געוואָרן. דיא פערשריענע נסים וועגען דיא אויסגעקורירטע האָבען נאַטירליך געהאט דעם רעזולטאט, דאָס זיין שם איז גרעסער געוואָרען און דאָס קראַנקע זיינען אפילו געקומען צו איהם פון ווייטע שטעט.

נאָר ער האָט לאַנג ניט געקענט פערברייגנען אין קאַאיראָ, ווייל דער מילעניום־יאָהר האָט זיך גענעהערט. ער און זיינע אנ־הענגער האָבען עס געהאלטען פאַר זעהר נויטיג, דאָס אין דיזען

יאָהר (1666), ווען משיח האָט געזאָלט קומען נאָך דיא איינביל־
דונגען פון קריסטליכע קאבאליסטען, זאָל ער זיך געפינען אין
ירושלים. ער האָט דארום זיך אָנגעשלאָסען אָן א קאראוואן, וואָס
איז אוועק פון מצרים נאָך דאמאסקוס (דמשק) דורך ירושלים. מען
האָט דאן דערצעהלט, אז פיעלע אראבישע רויבער־באנדען האָבען
זיך בעוויזען אויף דיא קאראוואנען־וועגען, נאָר שבתי צבי האָט זיך
ניט אָבגעשראָקען. פארקעהרט, ער האָט נאָך אָנגעטאָן תפלין
אויפ'ן קאָפּ, אז מען זאָל גלייך זעהען, דאָס ער איז א איד. עס קען
אָבער זיין, אז דיא תפלין האָט ער בעטראכט אלס א קמיע איהם
צו בעשיצען געגען רויבערישע בעדואינען. נאָר קיין אונגעוועהנלי־
כע זאך האָט ניט געטראָפען אויפ'ן וועג, און ער איז בשלום אָנ־
געקומען אין ירושלים.



III

## פאָהרט אלם משולח פון ירושלים נאָך קאַאירא.

דיא אידען אין ירושלים, וועלכע זיינען שטענדיג געווען אָרים און נידערשלאָגען אונטער דער טערקישער הערשאפט, האָבען דאן בעזאָנדערס געליטען, ווייל זיי האָבען פערלאָרען דיא שטיצע פון דיא אידען אין פוילען, וואו כמיעלניצקי מיט זיינע קאָזאקען האָבען זיך געבאָדען אין אידישע בלוט. ווער עס האָט נאָר געקענט פערלאָזען דיא אידישע שטאָט, האָט עס געטאָן, אום צו קענען מאַכען א לעבען. דיא וואָס זיינען געבליבען, האָבען געליטען, געהונגערט און זיך געטרייסט מיט האָפנונגען אויף דיא נאָהענטקייט פון משיח'ס צייטען. אונטער אזעלכע אומשטענדען זיינען דיא ווילדעסטע קאבאליסטען געווען דיא גייסטיגע פיהרער פון דער גאנצער געמיינדע. אלע זיינען געווען אזוי פערדומט פון דיא קאבאליסטען, אז זיי האָבען געגלויבט אין דיא אונזיניגסטע געשיכטען וועגען וואונדער:

זיי האָבען, צום ביישפיעל, א מינוט ניט געצווייפעלט אין דיא געשיכטען, וואָס איינער פון זייערע משולחים, א געוויסער ברוך גד, האָט זיי דערצעהלט וועגען דיא בני משה הינטער דעם טייך סמבטיון. דיזער שווינדלערישער משולח איז געשיקט געוואָרן צו קלייבען נדבות אין פערסיען פאר דיא אָרימע אידען פון ירושלים. ווען ער איז געקומען צוריק, האָט ער אָנשטאָט געלט געבראכט א מעשה, אז נאָך פילע צרות און סיבות אויפ'ן וועג, איז ער ענדליך געראטעוועט געוואָרן פון א איד פון דעם שבט נפתלי, וועלכער האָט איהם איבערגעגעבען א קאבאליסטישען בריעף פון א בן־משה, וואָס לעבט אין דער געגענד פון סמבטיון. אין דיזען בריעף איז ערקלערט געוואָרן, אז דיא בני־משה לעבען אין א וואונדערדייכע לאנד, וואו עס קומען אויף טעגליך פאָר נסים, און אז זיי וואַרטען אויך, דאָס משיח וועט באלד קומען. אלע האָבען אזוי

ווייט אָנגענומען דיזע באָבע מעשה פאר א כשר'ע מטבע, דאָס צעהן רבנים האָבען געשיקט א קאָפּיע פון דעם בריעף פון דיא בני משה צו זייער משולח אין איטאליען און האָבען געשוואָרען, אז דיא מעשה איז אמת. דערביי האָבען זיי אָבער אויך נאטיר־ליך אין זינען געהאט, אז דורך דיזע געשיכטע וועלען זיי קענען קריגען מעהר נדבות פון דיא גלויביגע שעפסעלעך אין אייראָפּא.

אין אזא נעסט פון ביטערע ארמוטה און פינסטערן אבערגלויי־בען איז פאר שבתי צבי ניט שווער געווען צו געפינען פערעהר־רערס, וואָס פאר אן אונזין ער האָט זיי ניט דערצעהלט וועגען זיינע נסים און משיח־ראָלע. נאָר אָנפאנגס האָט ער זיך ניט ארויס־געגעבען פאר דעם ערווארטעטען משיח. ער האָט געלעבט נאָך דיא שטרענגסטע פאָרשריפטען פון דיא קאבאליסטען. ער פלעגט פייניגען זיין גוף און אָפט אָפּשטעהן גאנצע נעכט לעבען דיא קברים פון צדיקים, אום צו צוציהען זייערע גייסטער. ער האָט וואהרשיינליך געהאָפט, אז דערמיט וועט ער ארויסרופען דעם נס, איין וועלכען ער האָט דיא גאנצע צייט געווארט, אום פאר דיא גאנצע וועלט צו ערקלערען זיך פאר א משיח. דיזע פיהרונ־גען האָבען צוגעצויגען צו איהם א סך קאבאליסטען. דערביי האָט ער אויך זיך בענוצט מיט גאנץ געוועהנליכע מיטעל צו געווינען א גוטען נאָמען ביי דיא אָרימע אידען. ווען ער פלעגט ארויסגעהן אויפ'ן גאס, פלעגט ער מיטנעהמען לעקעכלעך און קאָנפעקטען פאר דיא קינדער, וועלכע פלעגען נאטירליך נאָכלויפען נאָך איהם. דיא אָרימע מוטערס זיינען נאטירליך אויך צופרידען געווען דער־מיט. ווייטער האָט ער איבערהויפּט געטהיילט נדבות. דאָ איז איהם בייגעשטאנען דער זכות פון זיין פאָטער'ס געלט.

צו זיין גליק האָט עס געטראָפען, אז דער פאשא פון ירושלים האָט פערלאנגט פון דיא אידען א גרויסע סומע געלט, זאָנסט האָט ער זיי געסטראשעט מיט פערפאָלגונגען און גזרות. פון ערפאהרונג האָבען זיי געוואוסט, אז דיא טערקישע פאשאס פיהרען אויס זעהר גרויזאם זייערע סטראשונקעס, ווען מען שמירט זיי ניט אונטער מיט געלט. נאָר מיט אלע זייערע קאבאליסטישע קונצען האָבען זיי

ניט געקענט שאפען אפילו איין רענדעל. איבערהויפט, מיט געלט טרעפען קיין מאָל ניט קיינע נסים..... וויפיעל וואונדער שבתי צבי האָט ניט בעוויזען נאָך דיא בעהויפּטונגען פון זיינע פערגעטע־רערס, נאָר קיינער פון זיי האָט קיין מאָל ניט דערצעהלט, אז ער האָט געשאפען על פי נס אפילו איין גראָשען.

מיט געלט האָט ער זיך פון דעסטוועגען דאָך געהאָלפען, אבער ניט מיט זיינע, זאָנדערן מיט רפאל יוסף חלבי׳ס, אָדער ריכטי־גער, מיט דיא גראָשענס פון דיא עגיפּטישע שטייער־צאָהלערס. מען וויים ניט, אויב דיא אידען פון ירושלים אליין זיינען געפאַ־לען אויף דעם פּלאן צו ווענדען זיך צו דער הילפע פון דעם שטייע־ער־זאמלער פון קאאירא, אָדער שבתי צבי האָט זיי דאָס גע־ראטהען, נאָר זיכער איז עס, אז זיי האָבען איהם אויסגעקליבען אלס זייער משולח. ער האָט עס גערן אָנגענומען, דען ער האָט גע־האָפט, אז ווען ער וועט אויספיהרען זייער ביטע, וועט ער קריגען א גרויסען איינפלוס אויף דער גאנצער געמיינדע און וועט קע־נען שפּיעלען דיא ראָלע פון א רעטער, פון אן ערלייזער.

אין דיזער האָפנונג האָט ער זיך גאָר ניט גענארט, גראדע פון זיין רייזע נאָך קאאירא האָט זיין משיח־שטערן אָנגעפאנגען צו גלאנצען איבער דער וועלט. זיינע פערעהרערס האָבען דערצעהלט פּילע נסים וועגען זיין רייזע נאָך מצרים אויפ׳ן ים; אָבער אין אמת׳ן איז ער גאָר געפאָהרען אויף דער יבשה דורך חברון און גזה. דיא אידען אין ארץ ישראל זיינען צו דער צייט שוין אזוי פעראינטערעסירט געווען אין איהם און אין דיא וואונדער־געשיכ־טען, וואָס מען האָט אליץ מעהר דערצעהלט וועגען איהם, אז דיא איינוואָהנער פון חברון זיינען אויף געווען דיא נאכט, וועלכע ער האָט דאָרט פערבראכט.

## IV

### זיין „געטליכע“ ווייב.

ווי נאָר שבתי צבי איז אָנגעקומען אין קאאירא, האָט ער זיך גלייך געזעהען מיט חלבי און האָט געקראָגען דיא גאנצע סומע, וואָס דער פּאשא האָט געפאָדערט פון דיא אידען אין ירושלים.

נאָר דאָ האָט געטראָפען א ווירקליך וואונדערבארע געשיכטע, וועלכע האָט זעהר פיעל געהאָלפען שבתי צבי'ן צו שפּיעלען זיין משיח־ראָלע. דאָס איז געווען דיא געשיכטע מיט זיין „געטליכע“ כלה, אָבער שוין ניט אין דער פאָרמע פון א ספר תורה מיט קאַ־באליסטישע צערעמאָניעס, נאָר טאקע אין דער פאָרמע פון א זעהר שעהנע מיידעל. דיזע מיידעל האָט געשטאמט פון פּוילישע אידען. אין דער צייט פון כמעלניצקי'ס שחיטות איז זיא געפונען געוואָרן פון קריסטען בלאָנדזענדיג איבער פעלדער. איהרע עלטערן זיינען ערמאָרדעט געוואָרן, איהרער א ברודער איז אנטלאָפען געוואָרן נאָך אמסטערדאם, און דיא גאנצע געמיינדע איז צושטערט גע־וואָרן. זיא איז דאן אלט געווען 6 יאָהר, און אזוי וויא קיינער האָט זיך ניט געקימערט וועגען איהר, האָט מען איהר געבראכט אין א קלויסטער און ערצויגען אלס קריסטין. נאָר זיא האָט ניט פער־געסען אָן איהר אידישע אָבשטאמונג און האָט שטענדיג געטרוימט וועגען א צייט, ווען זיא וועט קענען לעבען צווישען אידען. זיא איז אויסגעוואקסען א גרויסע שעהנהייט, אָבער אויך א זעהר נער־ווענע. דאָס לעבען אין א קלויסטער, וואו זיא האָט זיך געפיהלט אונגליקליך, האָט איהר צורודערט. זיא האָט אָפט געהאט פאנ־טאסטישע טרוימען און האָט אויך וואהרשיינליך געליטען פון ספּאזמען. זיא האָט פון דער נאטור געהאט א רייכע איינבילדונגס־קראפט, וועלכע האָט זיך קרענקליך ענטוויקעלט אין דער איינזאמ־קייט פון קלויסטער און אין דיא שרעקליכע עראינערונגען, וויא איהרע עלטערן זיינען ערמאָרדעט געוואָרן צוזאמען מיט פיעלע אנדערע אידען פון ווילדע קאָזאקען.

ווען זיא איז אלט געווען 16 יאָהר, איז זיא אנטלאָפען פון קלויסטער אין איין העמד און האָט זיך בעהאלטען אויף דעם אי־דישען בית־עולם. ווען אידען האָבען איהר דאָרטען דערזעהען און האָבען איהר גענומען אויספרעגען, האָט זיא זיי דערצעהלט, ווער זיא איז און ווארום זיא וויל ניט בלייבען אין קלויסטער. זיא האָט אויך דערצעהלט, אז אין דער נאכט פון איהר פלטה, איז איהר פאָטער'ס גייסט געקומען צו איהר, האָט איהר ארומגענומען, ארויסגעשלעפט פון איהר בעט און געבראכט אויפ'ן בית־עולם. אום צו צייגען, אז דאָס איז אמת, האָט זיא בעוויזען בלויע צייכענס פון נעגעל אויף איהר קערפער. נאָר מען רעכענט, אז אין קלייסטער האָט זיא אויסגעלערנט דעם קונץ צו מאכען געוויסע סיניאקעס און שניט־צייכענס אויף איהר קערפער.

דיא אידען האָבען מורא געהאט צו האלטען איהר אין פוילען און האָבען איהר אוועקגעשיקט נאָך אמסטערדאם, וואו זיא האָט געפונען איהר ברודער.

באלד האָט זיא אָנגעפאנגען צו דערצעהלען, אז איהר איז בע־שערט צו ווערן דיא ווייב פון משיח, וועלכער דארף באלד קומען. עטליכע יאָהר שפעטער האָט זיא זיך פלוצלונג בעוויזען אין דער איטאליענער שטאדט ליוואָרנאָ, וואו זיא האָט געפיהרט א לוסטיגען לעבען און געהאט א סך ליעבהאָבערס. נאָר אין דער צייט, ווען זיא האָט זיך אזוי אָפּגעגעבען צו איהרע קערפערליכע ליידענ־שאפטען און איז געווען, וויא פיעלע האָבען עס בעהויפטעט, איינ־פאך א שטראסען־מיידעל, האָט זיא דאָך ניט אויפגעהערט צו טרוימען און צו דערצעהלען, אז זיא איז משיח'ס כלה. צוליעב דעם האָט זיא זיך ענטזאגט התונה צו האָבען מיט אייניגע, וועל־כע האָבען זיך אין איהר פערליעבט צוליעב איהר זעלטענע שעהנ־הייט און האָבען איהר פאָרגעשלאָגען זייער האנד.

דיא מערקווירדיגע געשיכטע פון דיזער מיידעל איז בעקאנט געוואָרן צווישען אידען אין פערשיעדענע לענדער און האָט אויך דערגרייכט קאאיראָ. ווען שבתי צבי האָט זיך דערפון דערוואוסט,

האָט ער ערקלערט זיינע גלויביגע נאָכשלעפּערס, אז אין א טרוים האָט מען איהם אָנגעזאָגט, אז א אידישע מיידעל פון פּוילען זאָל ווערן זיין גייסטיגע פרוי. באלד נאָך דעם האָט ער געשיקט זיינעם אן אנהעננגער נאָך ליוואָרנאָ צו ברענגען זיין „בעשערטע“ נאָך קאאיראָ.

איהר שעהנהייט, לעבהאפטיגקייט און זאָנדערבארקייט האָבען אָבער געמאכט אזא גרויסען איינדרוק אויף שבתי צבי, אז ער האָט בעשלאָסען מיט איהר חתונה צו האָבען גאָר ניט אויף א קאַבאליסטישען שטייגער. ער און זיינע אנהיינגער האָבען געוואוסט פון איהרע חטאים אין ליוואָרנאָ, נאָר דאָס האָט מען גאָר אָנגענומען פאר א גוטען צייכען וועגען משיח׳ס צייטען. שבתי צבי האָט ווידער גערופען צו הילפע א חלום און האָט אָנגעזאָגט זיינע פערבלענדעטע נאכפאָלגער, דאָס גאָט האָט איהם אָנגעזאגט צו הייראטהען א׳ן אונעהרליכע פרוי, אזוי וויא דעם נביא הושע. (לך קח־לך אשת זנונים.) אייניגע קאבאליסטען האָבען ערקלערט, אז אין דער גאנצער געשיכטע מיט משיח׳ס כלה איז פערבאָרגען א טיעפע געטליכע געהיימנים.

יעדענפאלס, דיא חתונה איז געפּראוועט געוואָרן מיט גרויסע צערעמאָניעס אין דער הויז פון רפאל יוסף חלבי, וועלכער איז געוועזן איבערגליקליך, וואָס ער פערבינדט דעם משיח מיט זיין בעשערטע כלה. דיזער הייסער קאבאליסט האָט אויך אין זיין אבערגלויבישער בעגייסטערונג ערקלערט, אז ער גיט איבער זיין פערמעגען אין דיא הענד פון שבתי צבי.

זיין זאָנדערבארע ווייב און דיא גאָר ניט זאָנדערבארע געלט פון דעם שטייער־זאמלער האָבען זעהר פיעל געהאָלפען שבתי צבי אין דער משיח־ראָלע, וועלכע ער האָט יעצט אָנגעפאנגען צו שפּיעלען אויפ׳ן גרויסען שטייגער. פיעלע זיינען געקומען צו לויפען קוקען אויף „גאָט׳ס וואונדער“, וויא דער שעהנער משיח האָט געקראָגען א ווייב, וועלכע איז איהם נאָך בעשטימט געוואָרן, ווען זיא האָט זיך געפונען אין א קלויסטער אין פּוילען, און א סך קא־

באליסטען און בטלנים האָבען איהם נאָכגעפאָלגט, ווייל זיי האָבען געוואוסט, אז דער משיח איז פערזאָרגט מיט חלבי'ס רייכטהום.

ווען ער איז ארויסגעפאָהרען פון קאאירא צוריק נאָך ירושלים, איז ער שוין דארום בעגלייטעט געווען פון א סך אנהענגער, וועלכע האָבען געגלויבט און פאנאנדערגעפויקט, אז ער איז דער אמת'ער משיח. וועגען זיין צווייטע רייזע נאָך קאאירא האָט מען ריכטיג בעמערקט: „ער איז געקומען אלס שליח פון ירושלים און האָט זיך צוריקגעקעהרט אלס אנערקענטער משיח“.



V

## משיח מיט זיינע נביאים אין ירושלים.

אויף זיין טריאומף־וועג פון קאירא נאָך ירושלים, וואו פיע־לע האָבען שוין געוואַרט אויף איהם וויא אויף זייער ערלייזער, האָט שבתי צבי געקראָגען נאָך א זעהר וויכטיגען מיטהעלפער אין דעם גרויסען שווינדעל, וועלכער איז ענג פערבונדען געוואָרן מיט זיין משיח־ראָלע.

דאָס איז געוועזען נתן הלוי, דער זוהן פון א בעוואוסטען משולח. אין דער צייט, ווען זיין פאָטער האָט אזוי ארומגערייזט איבער אלע אויראָפּעאישע לענדער, שנאָרענדיג פאר דיא אידען פון ירושלים, איז ער פערבליבען אין ארמוטה און האָט געלערנט תלמוד און קבלה אין דיא ישיבות. אָבער ער האָט נאָר אָבערפלעכ־ליך געקענט דיזע תורה. דערפאר האָט ער זיך אויסגעלערנט צו שרייבען מיט א זעהר שעהנע און לעבהאפטע העברעאישע שפּראך. דיזע פעהיגקייט זיינע האָט ער זעהר געשיקט אויסגענוצט צו נאַ־רען דיא וועלט מיט דעם משיח־משוגעת פון שבתי צבי.

ווען דער פאלשער משיח איז אָנגעקומען אין גאזא (עזה) מיט זיין גאנצע סוויטע און „געטליכע" ווייב, און פיעלע אידען האָבען איהם שוין פערגעטערט, איז נתן הלוי צוגעשטאנען צו איהם. וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען זיי, ווייס מען ניט, נאָר נתן האָט זיך באלד ארויסגעגעבען פאר אליהו הנביא, דען נאָך דיא אלטע לעגענדען דארף אליהו הנביא אָנקינדיגען משיח'ס אָנ־קומען. אין געלט האָט זיך גראדע נתן הלוי ניט גענייטיגט דאן, דען ער האָט חתונה געהאט מיט א טאָכטער פון א זעהר רייכען פּאָרטוגעזער איד, וועלכער האָט זיך בעזעצט אין גזה, נאָר איהם האָט זיך וואהרשיינליך געוואָלט שפּיעלען א גרויסע ראָלע אין דעם געררודער, וואָס שבתי צבי האָט אָנגעמאכט. עס איז מעגליך, אז ער איז אויך צודולט געוועזען פון דיא קאבאליסטישע פאנטאז־

יעם און פון דיא אלגעמיינע אויפרעגונג, וואָס דיא ערוואַרטונגען אויף משיח׳ן האָבען דאן ארויסגערופען.

נאָר וואָס פאר א צוועקען דיזער פאלשער אליהו הנביא, וועלכער איז בעקאנט אונטער דעם נאָמען נתן העזתי (ד. ה. פון גזה) האָט ניט געהאט, ווען ער האָט זיך פערבונדען מיט שבתי צבי, זיינער איז עס, אז ער האָט גלייך אויסגענוצט זיין פליסיגע פעדער צו פערשפרייטען ליגענס וועגען דעם פאלשען משיח און צו פערפאסען נבואות. ער איז דאן אלט געווען 20 יאָהר און מיט יוגענדליכע היץ, אונטערגעהעצט פון קאבאליסטישע נבואות און דיא אלגעמיינע ערוואַרטונגען אויף דער ערשיינונג פון משיח אין 1666, האָט ער גענומען פאנאנדערשיקען הויך־קלינגענדע מגילות אין נאָמען פון אליהו הנביא. אידען האָבען זיי איבעראל זשעדנע געלעזען, און דיא אלגעמיינע פערבלענדענעס דורך דיא קאבאליסטישע פאנטאזיעס, איז געווען אזוי גרויס און טיעף, אז מען האָט דיזע פעלשונגען און ליגענס אויפגענומען מיט גרויס פריידע אזוי וויא עס וואָלט ווירקליך געווען פון גאָט׳ס מויל.

שבתי צבי׳ס נאכפאָלגער האָבען דערצעהלט, אז נתן העזתי האָט ברוח הקדש געפונען אן אלטע שריפט, אין וועלכער עס איז פאָראויסגעזאָגט געוואָרן, דאָס שבתי צבי וועט זיין דער פערשפּראָכענער ערלייזער פון אידישען פאָלק; נאָר דיזער שריפט איז הפנים געווען דיזעלבע, וואָס אברהם יכני האָט פערפאסט צו בעשווינדלען דעם קאָנסטאנטינאָפּאָלער רב. אליין האָט ער פערפאסט א נבואה, אז משיח׳ס צייט וועט זיך אָנפאנגען אין 1666. ערקלערענדיג זיך פאר אליהו הנביא, האָט ער אָנגעזאָגט, אז שבתי צבי וועט ברענגען דעם טערקישען סולטאן אלס געפאנגענעם אין ירושלים און וועט נאכהער איינגעהמען אלע פעלקער אָהן בלוטפערגיסונג מיט אויסנאהמע בלויז פון דייטשלאנד, דעם גרעסטען שונא פון אידען (ווארום נתן העזתי האָט גראדע אויסגעקליבען דייטשלאנד פאר דעם ביטערסטען שונא ישראל, ווייס מען ניט), מיט וועלכער מען וועט דארפען פיהרען מלחמה. אין דער צייט, ווען

שבתי צבי וועט איינגעהמען דיא גאנצע וועלט, וועט ער, נתן הלוי העזתי, בעהערשען דיא טערקישע אימפעריע.

נאך אזעלכע נסים וועט שבתי צבי מאכען א רייזע צום טייך סמבטיון, וואו ער וועט חתונה האבען מיט דער 13־יעהריגער טאכ־טער פון דעם גרויסען נביא משה, זיא וועט ערקלערט ווערען פאר דיא קעניגין, און שרה (דיא געטליכע פרוי פון שבתי צבי) וועט ווערען איהר שקלאווין. דאן וועט שבתי צבי צוריקקומען אין היי־ליגען לאנד מיט דיא פערלארענע צעהן שבטים, רייטענדיג אויף א לייב, וועלכער וועט האלטען אין זיין מויל א שלאנג מיט 7 קעפ.

אזוי האט נתן העזתי אויך געשריעבען אין א בריעף צו רפאל יוסף חלבי, ווענען ער האט געדאנקט פאר דיא צוגע־שיקטע געלט און וועמען ער האט געבעטען אויף קיין פאל ניט צו פערלירען דעם גלויבען אין שבתי צבי'ס געטליכקייט.

דעם משיח און דעם נביא האט מען אויפגענומען אין ירושלים מיט דעם גרעסטען ענטהוזיאזמוס, און דיא נייעס וועגען דיזע „וואונדערליכע" פאסירונגען זיינען שנעל צוטראגען געווארן אי־בער דער וועלט און איבעראל אויסגעהערט געווארן מיט זיסע האפנונגען און פריידע. דיא יעניגע, וואס האבען זיך ערלויבט אויסצודריקען דעם מינדעסטען צווייפעל אין שבתי צבי, זיינען אויסגעלאכט און בעשימפפט געווארן. זיי האבען געמוזט קוקען און שווייגען. ווען שבתי צבי'ס פארטיי איז שטארק געווארן, האט מען אויך דיא צווייפלערס און אונצופריעדענע פערפאלגט נאך דעם מוסטער פון אלע רעליגיעזע פאנאטיקער.

דיא רבנים און שטרענגע תלמודיסטען פון ירושלים זיינען גאר ניט צופריעדען געווען מיט דיזער משיח־בעוועגונג און האבען גע־זוכט מיטעל צו דערשטיקען איהר איידער זיא וועט זיך וייטער פערשפרייטען; אבער דאס איז זיי ניט געלונגען. זיי זיינען מייס־טענס ארויסגעטראטען געגען שבתי צבי ניט דעריבער ווייל זיי האבען ניט געגלויבט, אז משיח'ס צייטען זיינען גאנץ נאהענט, זאנדערן ווייל זיי האבען דערווייל פערלארען זייער איינפלוס און

אויך ווייל חלבי׳ס קלינגערס זיינען ניט צוטהיילט געוואָרען, וויא זיי האָבען עס געוואונשען. זיי האָבען זיך בעקלאָגט, אז שבתי צבי האָט געגעבען זיינע אנהענגער מעהר וויא אנדערע אידען, וואָס עס איז וואהרשיינליך אמת געווען (שבתי צבי האָט איבערהויפּט גאנץ גוט פערשטאנען דיא מאכט פון געלט אויף דעם ענטהוזיאז־מוס פון זיינע נאָכשלעפּערס). זיי האָבען דארום בעשלאָסען איהם אריינצולייגען אין דעם גרעסטען חרם. שבתי צבי האָט זיך אָבער גאָר ניט געשראָקען דערפאר, דען ער האָט נאטירליך איינגעזהען, אז וויא באלד דיא גרעסטע צאָהל אידען פון ירושלים האלטען מיט איהם, קען קיין חרם ניט אויסגעפיהרט ווערן געגען איהם.

פון דעסטוועגען האָט ער דאָך בעשלאָסען צו פערלאָזען ירושלים. ער האָט זיך ארומגעזעהען, אז דיא רבנים וועלען זיין א גרויסע שטערונג פאר איהם און פאר זיין חברה און אז ער וועט קע־נען בעסער אויספיהרען זיין משיח־ראָלע אין זיין געבורט־שטאָט. נתן העזתי האָט דאן ערקלערט בנבואה, אז ירושלים האָט גאָר פערלאָרען דיא מאכט פון א הייליגע שטאדט און אז גזה דארף ווערן דער הייליגער צענטער פון אידען. דיא פערבלענדעטע נאָכשלע־פערס האָבען דיזע משונה׳דיגע נבואה אויף ארונטערגעשלונגען, און שבתי צבי האָט זיך א לאָז געטאָן אין 1665 נאָך סמירנא, וואו זיין פאָטער און רייכע ברידער האָבען געמאכט גרויסע פאָרבערייי־טונגען איהם צו עמפּפאנגען מיט דעם גרעסטען פּאראד און האָבען אויך געטהיילט געלט צווישען דיא אָרימע, אום אויפצו־ווארעמען דעם ענטהוזיאזמוס פאר איהם.

נתן העזתי האָט געשיקט נבואה־בריעף רעכטס און לינקס, אום אָנצוזאָגען, אז דער משיח איז שוין דאָ, נאָר ער וועט זיך ערשט בעווייזען אין זיין ריכטיגען גלאנץ נעכסטען יאָהר אין סמירנא. שבתי צבי זעלבסט האָט ארויסגעשיקט עטליכע פון זיינע נאָכשלעפּערס מיט גלאטע צינגעלעך פאָרצובערייטען דיא גלויביגע שעפּסעלעך וועגען זיין משיח־ראָלע און צו צוטומלען דיא מוחות מיט וואונדער־געשיכטען. איינינע פון זיי זיינען געווען בלינדע פאנאטיקער, נאָר דיא געשיקטעסטע, וויא דער שנאָרער שבתי

רפאל, און דער קאבאליסט בלאָך (א דייטשער איד), זיינען געווען איינפאכע שווינדלער און קונציגע ליגנערס.

שבתי צבי'ס רעכטע האנד און דער אמת'ער פיהרער פון דער גאנצער ווילד־משונה'דיגער בעוועגונג, וועלכע צייגט וויא וויט מענשען קענען אין געוויסע צייטען פערלירען דעם איינפאכסטען פערשטאנד, איז געוואָרן א געוויסער שמואל פרימאָ, א יונגער קאבאליסט פון ירושלים. דיזער חברה־מאן האָט שפּעטער אלעמען געפיהרט פאר'ן נאָז און געהאלטען אין צוים דעם משיח זעלבסט, דען ער האָט געהאט געוויסע אָרגאניזאציאָנס־פעהיגקייטען און האָט זיך ניט פערלאָרען אפילו אין דיא מאָמענטען, ווען אלע ארום זיינען געווען משוגע אזוי, אז מען האָט זיי בעדארפט איינ־שפּארען אין א דול־הויז. ער איז געוואָרן שבתי צבי'ס סעקרעטער און מיניסטער און האָט צוזאמען מיט נתן העזתי גענארט דעם עולם מיט פערשיעדענע פאלשע געשיכטען, אום אויפצומונטערן דעם גלויבען אין דעם פאלשען משיח.



## VI

# דיא פערגעטערונגען פון פאַלשען משיח אין סמירנאָ און אין אנדערע ערטער.

דיא נביאים און מיסיאָנערן פון שבתי צבי האָבען אזוי שנעל איינגערעט דיא אונוויסענדע אידען אין קליין־אזיען, אז ער איז דער ריכטיגער משיח, דאָס מען האָט איהם אויפגענומען מיט גרויס פריידע אין אלעפּפּא, וואו עס האָט זיך דאן געפונען א גרויסע אידישע געמיינדע. אלע זיינען ארויס איהם זעהן און האָבען איהם בעגריסט, אזוי וויא ער וואָלט ווירקליך געווען א משיח און א הערשער פון אידישען פאָלק. זיין משיח־שטערן האָט זיך שוין אויפגעהויבען אזוי הויך און האָט אזוי געגלאנצט, אז אפילו מענשען מיט קלאָרע אויגען זיינען פערבלענדעט געוואָרן.

אָבער נאָך מיט מעהר ענטהוזיאזמוס און משוגעת איז ער אויפגענומען געוואָרן אין זיין געבורט־שטאָט, פון וואנען מען האָט איהם ערשט מיט 15 יאָהר צוריק ארויסגעיאָגט. אָן דעם חרם האָבען אלע פערגעסען. אלע האָבען זיך געפונען וויא אין א היץ־קריינק און האָבען ערווארטעט, אז שבתי צבי זאָל זיי פיהרען צו דער גאולה. זיין פּארטיי איז געוואקסען יעדען טאָג.

ער האָט זיך ניט ערקלערט גלייך פאר א משיח. ער האָט זיך בערעכענט, אז עס איז בעסער אויפצורייצען דיא איינבילדונגען פון עולם, אום נאכהער צו געווינען מעהר אנהענגער און צו מאַכען א גרעסערען איינדרוק. נתן העזתי האָט אונערמיעדליך געאַרבייט צו פערשפּרייטען זיינע נביאות און איינצורעדען אלעמען, אז משיח קומט אָן אין דער פּערזאָן פון שבתי צבי. איינינגע פון זיינע נאָכשלעפּערס זיינען אין דער צייט געקומען פון ירושלים און האָבען זיך צו איהם געביקט אין נאָמען פון דער הייליגער שטאָט, וויא צו א משיח, אָבוואָהל דיא פאָרשטעהער פון ירושלים האָבען זיי גאָר ניט געשיקט. ער אליין האָט דורכגעמאכט דיא

שטרענגסטע פראָבעס נאָך דיא קאבאליסטישע פאָרשריפטען פאר דיא פערגעבונג פון זינד און פאר דיא מעגליכקייט צו קריגען משיח׳ס געטליכע קראפט.

דאָס אלעס האָט אזוי געווירקט אויף דיא צוקאָכטע מאסע פון אבערגלויבער און קאבאליסטען, אז זיי האָבען פערלאנגט, דאָס ער זאָל זיך עפענטליך ערקלערן פאר א משיח. זיי האָבען גאָר קיין געדולד ניט געהאט צו ווארטען, אזוי שטארק האָבען זיי געגלויבט, דאָס דיא גאולה מוז גלייך קומען, וויא נאָר שבתי צבי וועט זיי זאָגען, אז גאָט האָט איהם געשיקט זיי צו פיהרען אין דאָס הייליגע לאנד. ענדליך איז דער „גרויסער נס״ געשעהען. אונטער דעם קלאנג פון שופר־בלאָזען האָט שבתי צבי זיך אָפען ערקלערט אין דער סינאגאָגע פון סמירנא צו ענדע פון 1665 יאהר פאר דעם ערווארטעטען משיח, און דער צודולטער עולם האָט אויסגעשריען מיט ווילדען ענטהוזיאזמוס: „לעבען זאָל אונזער מלך, אונזער משיח!״

וואָס עס איז נאָכדעם פאָרגעקומען, איז שווער צו בעשרייבען. דיא פערבלענדענעס איז געווען אזוי גרויס, אז מען האָט אויפגעהערט צו ארבייטען און זיך געקליבען אין וועג צו מארשירען נאָך שבתי צבי. אום צו זיין זיכער, אז זיי וועלען דערלעבען דיא גאולה, האָבען פיעלע זיך געפייניגט: געפאסט עטליכע טעג נאָכאנאנד, זיך ארייגעהאקט היבשע פאָרציעס מלקות און געשטאנען גאנצע נעכט, אום דורך קאבאליסטישע תקונים זיך ריין צו וואשען פון זייערע זינד. פיעלע האָבען געמאכט טבילות אין גאנץ קאלטע וואסער אפילו מיט שנעע אויפ׳ן גרונד. אנדערע האָבען זיך בעגראָבען ביז׳ן האלז אין דער ערד און זיינען פערבליבען אין דיזע קברים ביז זייערע גלידער זיינען פערגליווערט געוואָרן.

א געוויכער טהייל איז גלאט געקראָכען פון הויט אויס שמחה מיט דער גאולה. זיי פלעגען הולענען, שפרינגען און טאנצען וויא פעריקטע. אלע זיינען געווען אזוי וויא אין היץ־קריינק: יונגע און אלטע, מענער און פרויען, אפילו קינדער זיינען ארומגעלאָפען איבער דיא גאסען, לויבענדיג שבתי צבי׳ן אלס דעם אמת׳ן משיח. ווען

ער פלעגט זיך בעוויזען אין גאס אין דער בעגלייטונג פון א גרויסע צאָהל קאבאליסטען און טעלערלעקערס — אָהן זיינע אדיוטאנטען און הייסעסטע נאָכפאָלגערס פעלגט ער שוין ניט ארויסגעהן — פלעגען איהם אלע נאָכלויפען מיט פריידע־געשרייען און ווילדע געזאנג. זיינע נאָכפאָלגער פלעגען זינגען דיא ערטער פון תהלים, וואו עס ווערט דערמאָנט וועגען משיח׳ן. ער פלעגט אין דיא פראָ־צעסיאָנען טראָגען א פאָכער, און אלע האָבען זיך געשטופּט אָנ־גריהרט צו ווערן פון דיזען פאָכער, דען מען האָט געגלויבט, אז דאן וועט מען זיכער זיין צווישען דיא גליקליכע, וואָס וועלען דער־לעבען דיא גאולה.

עטליכע מאָל האָט ער גע׳דרשן׳ט אין דער סינאגאָגע צו בע־ווייזען מיט קאבאליסטישע פירושים אויף דער תורה, אז נאָר ער איז דער ריכטיגער משיח. יעדער וואָרט זיינער פלעגט פאנאנדער־געטראָגען ווערן און טויזענד מאָל ווידערהאָלט ווערן אלס א געט־ליכער וואָרט, און דיא קאבאליסטען פלעגען וועגען דעם דיספּוטי־רען און מאכען פירושים.

דיא קאבאליסטישע ענטהוזיאסטען האָבען אויף אָנגעפאנגען חתונה צו מאכען גאנץ יונגע קינדער, אום דיא נשמות, וואָס דאר־פען נאָך געבאָרען ווערן, זאָלען וואָס שנעלער אריינוואנדערן אין קערפּערס און דערמיט אפּראמען פון וועג דיא לעצטע שטערונגען פאר משיח׳ס צייטען. אויף דעם גרונד פון אזעלכע ווילדע קאבא־ליסטישע דריידלאך האָט מען חתונה געמאכט 700 פּאָרלעך פון קינדער, וואָס מאנכע פון זיי זיינען נאָך אפילו ניט געוועזען 10 יאָהר אלט.

שבתי צבי׳ס „געטליכע" ווייב האָט נאָך אויפגערודערט דיא צידולטע שטאדט אויף א׳ן אנדער ארט. מיט איהר שעהנהייט און לוסטיגע גענגלעך האָט זיא אויפגעוועקט דיא ליידענשאפטען פון פיעלע יונגע לייט. זיא האָט איינגעפיהרט, אז מענער און פרויען זאָלען זיך צוזאמענקומען אויף דיא פעסטען און סעודות, וואָס זיי־נען געגעבען געוואָרען לכבוד שבתי צבי און דיא נאָהענטע משיח׳ס צייטען. דאָס איז געוועזען א נייעס אין אן אזיאטישע שטאָט. דיא

פערזאמלונגען פון מענער און פרויען זיינען שנעל אומגעוואנדעלט געוואָרן אין משוגענע אויסגעלאסענהייט. אלע זיינען געשפּרונגען צוזאמען, אזוי וויא דיא שדים וואָלטען זיך אין זיי אריינגעכאפּט. מען האָט אָנגעפאנגען צו טאנצען און צו דרעהען זיך לשם שמים, אוים פריידע, דאָס דיא גאולה קומט שוין, נאָר מען האָט געזינ־דיגט אויף א זעהר מיאוס׳ן שטייגער. דיא נאטור האָט גובר געווען דיא ענטהוזיאסטען, און דער סקאנדאל איז געוואָרן אזוי גרויס, דאָס עלטערע מענשען האָבען אָנגעפאנגען צו בייזערן זיך און צו פּראָטעסטירען, נאָר קיינער האָט זיי ניט געהערט.

דיא פּאָר מענשען, וואָס האָבען נאָך געוואגט צו צווייפלען אין שבתי צבי׳ס געטליכקייט און צו זאָגען א וואָרט געגען דיא אַלגעמיין פערשפּרייטעטע קאבאליסטישע משוגעת, זיינען פער־שאָלטען און פערפאָלגט געוואָרען. דעם אלטען רב אהרן־דע־לא־פּאפּא האָט מען געצוואונגען צו פערלאָזען דיא שטאָט, ווייל ער איז געווען איינער פון דיא רבנים, וואָס האָבען ארויפגעלעגט דעם ערשטען חרם אויף שבתי צבי. יעצט איז שבתי צבי ארויסגעטראָ־טען געגען איהם און האָט איהם בעשימפּפט אין א דרשה. דעם רייכען קויפמאן חיים פּעניא האָט מען אייגפאך געוואָלט אומברענ־גען, ווייל ער האָט זיך ערלויבט ניט צו גלויבען אין שבתי צבי. אויף דעם בעפעהל פון שבתי צבי האָט זיך דיא צוקאָכטע געמיינדע אריינגעריסען אין דער סינאגאָגע, וואו ער האָט זיך בעהאלטען. מען וואָלט איהם וואהרשיינליך צוריסען אויף שטיקער, ווען זיינע אייגענע טעכטער, וועלכע זיינען אויך צודולט געוואָרן, וואָלטען ניט צוגעשטאנען צו איהם און וואָלטען ניט אָנגעפאנגען צו זאָ־גען נביאות, אז משיח קומט. ער האָט דאן קיין אנדער ברירה ניט געהאט, וויא צו ערקלערן, דאָס ער האָט חרטה און דאָס ער הויבט אויך אָן צו גלויבען, אז שבתי צבי איז טאקע דער ערוואר־טעטער משיח.

אזוי האָט עס אָנגעהאלטען עטליכע מאָנאט. מען האָט זיך אפילו ניט געשראָקען פאר דיא טערקישע בעאמטע, וועלכע האָבען זיך בענוצט מיט דיזער געלעגענהייט צו נעהמען כאבאר. אין אלע

שטעט ארום האָבען זיך שנעל פערשפּרייט נאכריכטען וועגען דיא „וואונדערבארע“ פּאסירונגען אין סמירנא. פיעלע גלויביגע זיינען געקומען פערשיעדענע ערטער זעהען, וואָס עס טהוט זיך, און זיי האָבען נאכהער דערצעהלט אזעלכע געשיכטען, אז מען האָט זיך אויך דאָרטען גענומען קלייבען אין וועג צו פאָלגען דעם משיח.

שמואל פּרימאָ האָט זיך ספּעציעל אָבגעגעבען צו פערשפּרייטען איבער דער גאנצער וועלט בעריכטען איבער דיא גרויסע נסים פון שבתי צבי און איבער דיא פּאסירונגען אין סמירנא. נתן העזתי האָט ניט אויפגעהערט צו שיקען שריפטליכע נבואות, און דיא מיסיאָנערן, וואָס מען האָט ארויסגעשיקט צו מאכען בעקאנט אין דער וועלט דיא נאָהענטע גאולה, האָבען דערצעהלט אזעלכע וואונדער, אז אלע האָבען פערלאָרען דעם גלייכען פערשטאנד. עס האָט אויסגעוויזען אזוי וויא דיא גאנצע וועלט איז משוגע געוואָרען.

אפילו קריסטען האָבען גענומען גלויבען, זעהענדיג וויא דיא אידען זיינען אויפגערעגט, אז א אידישער משיח האָט זיך ענדליך בעוויזען צו ערלייזען זיינע פערפאָלגטע און פערוואָגעלטע ברידער. איבעראל האָט מען זיך אינטערעסירט מיט שבתי צבי און זיין גדולה אין סמירנא. דיא פערבלענדענעס איז שטארקער געוואָרען מיט יעדען טאָג אין אלע ערטער, וואו נאָר מען האָט געהערט דיא נייעס פון סמירנא. ניט נאָר דיא בלינדע מאסען זיינען דורכגעדרונגען געוואָרען מיט א טיעפער אמונה אין דער נאָהנטער גאולה דורך שבתי צבי, זאָנדערן אפילו בעוואוסטע און זאָנסט גאנץ געשייטע רבנים אין אזעלכע פאָרטגעשריטענע געמיינדעס וויא דיא אמסטערדאמער און האמבורגער. אין אמסטערדאם האָט זיך נאָר געפונען איין בעוואוסטער תלמודיסט, וועלכער האָט געהאט גענוג פערשטאנד צו ערקלערען דיא גאנצע געשיכטע וועגען שבתי צבי פאר אן אונזין און פאלשקייט. דאָס איז געוועזען יעקב זאספּאָטראס, וועלכער האָט צושיקט בריעף צו בעוואוסטע רבנים אין פיעלע שטעט זיי צו ווארנען געגען דעם פאלשען משיח.

נאָר דאָס איז געוועזען וויא א קול אין דער וויסטעניס. אלע זיינען געוועזען מעהר אָדער ווייניגער קאבאליסטען און האָבען יעדענ־

פאלס געגלויבט אין דער קבלה און אין דער נאָהנטקייט פון משיח'ס צייטען. אייניגע פון ספינאָזא'ס שול־חברים און זאָגאר איינער, וואָס האָט זיך אָנפאנגס געהאלטען פאר א נאכפאָלגער פון דעם גרויסען פילאָזאָף, זיינען געוואָרען הייסע אנהענגער פון שבתי צבי. וואָס ספינאָזא זעלבסט האָט געדיינקט פון דיזער משוגענער בעוועגונג, ווייס מען ניט. וואהרשיינליך האָט עס איהם געבראכט אויף זעהר טרויעריגע און ערנסטע געדאנקען וועגען דיא דומהייט און לייכטגלויביגקייט פון מענשען. דער דייטשער געלעהרטער היינריך אָלדענבורג, א קריסט, האָט אין דעצעמבער 1665 אזוי געשריעבען פון לאָנדאָן צו ספינאָזא'ן וועגען דיא עפּידעמישע בעגייסטערונג פאר דעם פאלשען משיח: „דיא גאנצע וועלט רעדט וועגען א בעריכט, דאָס אידען, וועלכע זיינען שוין אין גלות 2000 יאהר, וועלען זיך צוריק קעהרען אין זייער לאנד. ווייניגע גלויבען עס, אָבער פיעלע ווינשען עס. ווען דיא נייעס וועט בעשטעטיגט ווערען, קען עס ברייננגען אן איבערקעהרענעס אין אלע זאכען."

דיא אידען פון אמסטערדאם און האמבורג האָבען אויך געקראָגען נאכריכטען וועגען דיא משונה'דיגע פּאסירונגען אין סמירנא פון גלויבענסווערטהע קריסטען, מיסיאָנערען און אגענטען פון דיא ענגלישע און האָלענדישע האנדעלס קאָמפּאניעס. דארום האָבען זיי שוין מיט גרויס צוטרויען אויפגענומען דיא פאלשע נבואות פון נתן העזתי און דיא איבערטריבענע בעריכטען פון שמואל פּרימאָ. דיזעביידע דורכגעטריבענע פעלשער און ליגנערס האָבען זיך אָנגעשטרענגט צו קריעגען וואָס מעהר גלויביגע אין אזעלכע וויכטיגע אידישע געמיינדעס וויא אמסטערדאם, האמבורג, ווענעדיג און ליוואָרנא. זייערע קעפּ זיינען ניט געוועזען אויסגעדארט. זיי האָבען גאנץ ריכטיג אויסגערעכענט, אז וויא באלד אזעלכע פּאָרטגעשריטענע און איינפלוסרייכע אידישע געמיינדעס וועלען זיך לאָזען נארען, וועלען שוין אלע איבעריגע בלינד נאָכפאָלגען.

אזוי איז עס טאקי געוועזען. אין אמסטערדאם האָט מען אָנגעהויבען נאָכצוטאנצען דיא צודולטע פון סמירנא. מען האָט אָנגעפאנגען צו שפּרינגען פון שמחה אין דיא סינאגאָגען. פיעלע האָבען

געזונגען און געטאנצט, אנדערע האָבען זיך געפּייניגט, אום זיך אָפּצורייניגען פון דיא זינד און צו זיין זיכער מיט א פּלאַץ אין משיח׳ס מלוכה. מען האָט אויך פערפאסט ספּעציעלע געבעט־ביכער מיט קאבאליסטישע פאָרשריפטען, וויא צו טאָן תשובה און זיך אָפּ־צורייניגען פון זינד, און דער עולם האָט דיזע ביכער אזוי צוכאפּט, אז דיא דרוקערייען האָבען זיי ניט געקענט צושטעלען גענוג, אָב־וואָהל מען האָט געארבייט טאָג און נאכט. א סך פון דיזע געבעט־ביכער זיינען געווען געדרוקט מיט בילדער פון שבתי צבי און דוד המלך צוזאמען. מען האָט אויך איינגעפיהרט צו זאָגען ספּעציעלע ברכות יעדען שבת אין דיא סינאגאָגען פאר דעם משיח שבתי צבי.

אין האמבורג האָט מען זיך נאָך מעהר משוגע געמאכט וויא אין אמסטערדאם. ערנסטע שפּאנישע און פּאָרטוגעזער אידען זייַ־נען געשפּרונגען אין דיא שולען מיט א ספר תורה אין דיא הענד און האָבען געשריען און געזונגען אזוי וויא זיי וואָלטען אלע געווען אנטלאָפענע פון א דולהויז. יעקב זאספּאָטראס, וועלכער האָט גע־זוכט צו ערקלערען דיזע ענטהוזיאזטען, אז זיי זיינען איינפאך פערריקט, איז אויסגעלאכט געוואָרען. איינִיגע זיינען אזוי אויפּ־געבראכט געוואָרען אויף איהם, אז זיי האָבען איהם געוואָלט שלאָגען.

אין דער ניי־געגרינדעטער לאָנדאָנער געמיינדע זיינען נאָך דיא אידען מעהר צוקאָכט געוואָרען דורך דיא משוגעת׳ען פון דער קרים־טליכער סעקטע, וועלכע האָט געווארט אויף דעם מילעניום. דיא גייסטיגע פערבלענדענעס, וועלכע האָט זיך פערשפּרייטעט וויא אן עפּידעמישע קראנקהייט, איז אזוי גרויס געווען, דאָס מען האָט גע־גלויבט אין דעם גרעכטען אונזין. פיעלע קריסטען און אידען האָבען, צום ביישפּיעל, ערנסט געגלויבט אין דער באָבע־מעשה, אז ערגעץ לעבען דיא ברעגעס פון סקאָטלאנד האָט זיך בעוויזען א שיף מיט זיידענע זעגלען און שטריק, מיט אידישע מאטראָסען און מיט א פלאג פון דיא צוועלף שבטים. אויף דער לאָנדאָנער בערזע האָט מען זאָגאר ספּעקולירט אויף דער רעכנונג, דאס א אידישע מלוכה וועט זיך ווידער אָנפאנגען אין ירושלים! פיעלע ענגלענדער האָבען אויך

געוועט צעהן צו איינס, אז אין צוויי יאָהר ארום וועט שבתי צבי געקרוינט ווערען אלס קעניג אין ירושלים....

דאָס שיינט גאנץ אונגלויבליך, אבער דאָס זיינען אלץ ריכ־טיגע היסטאָרישע פאקטען. מיר קענען זיך יעצט קוים פאָרשטעלען, וויא א וועלט מיט מענשען האָבען געקענט אזוי ווייט פערנארט און צומישט ווערען; אבער ווען מען לעזט דיא געשיכטע פון דיא גייסטיגע פערבלענדעניסען אין מיטעלאלטער, פערבלענדעניסען וועלכע ווערען מיט רעכט גערופען גייסטיגע עפידעמיעס, הערט מען אויף זיך צו וואונדערן וועגען אזא אלגעמיינע משוגעת.



# VII

## יום טוב אום עשרה בטבת און דיא פערטהיילונג פון מלוכות פאר דער אָפּרייזע נאָך קאָנסטאנטינאָפּאָל.

ווען שבתי צבי וואָלט געהאט א פעסטען כאראקטער, ווען ער וואָלט ווירקליך געקענט קאָמאנדעווען איבער מחנות, וואָלט ער פיליייכט געקענט טאקע עפּעס אויפטאָן פאר דיא צודולטע אידען, וועלכע האָבען נאָר מיט דער גרעסטער אונגעדולד געווארט אויף זיין בעפעהל צו מארשירען נאָך ירושלים און וועלכע וואָלטען געוויס געגאנגען אין פייער און וואסער נאָך איהם אין זייער בלינדער בעגייסטערונג. עס איז אמת, אז פון א בעוועגונג, וועלכע ווערט ארויסגערופען דורך א גייסטיגע פערבלענדענעס און האָט קיין שום ראיעלען גרונד, קען סוף כל סוף קיין גוטעס ניט ארויסקומען; אָבער זאָ לאנג דער געוואלדיגער ענטהוזיאזמוס פאר דיזע משיח־בעוועגונג וואָלט אָנגעהאלטען, וואָלט מען געקענט בעווייזען אעזל־כע ווירקליכע וואונדער וויא אין דיא ציטען פון דיא חשמונאים, ווען א הייפעלע אידען אונטער דער קאָמאנדע פון אזא העלד וויא יהודה המכבי, האָבען געקענט בעזיעגען דיא ארמעען פון אנטיוכוס עפּיפאנעס.

נאָר שבתי צבי איז געווען נאָך אלעמען בלויז א צודולטער קא־באליסט, וועלכער האָט מעהר ניט געזעהען וויא זיינע אייגענע פאנ־טאזיעס און וועלכער איז געפיהרט געוואָרן פאר'ן נאָז פון עטליכע שווינדלער און א באנדע משוגעים. זעהענדיג וויא פון אלע זייטען, וואו נאָר אידען געפינען זיך, פערעהרט מען איהם ווירקליך וויא א משיח און מען ווארט נאָר, אז ער זאָל ערלייזען דעם אידישען פאָלק פון גלות, האָט ער נאָך מעהר אָנגעפאנגען צו גלויבען אין זיינע איינבילדונגען און האָט געווארט אויף דער צייט, ווען עס וועלען טרעפען נסים און זיך אָנפאנגען משיח'ס צייטען נאָך דיא קאבאליסטישע פאנטאזיעס. ער האָט אליין ניט געוואוסט אויף

וועלכער וועלט ער געפינט זיך און האָט דערוויילע געשעפט פער־גניגען אין דער פערעהרונג, וואָס אלע האָבען איהם געצייגט. זיין קליין קאָפּ איז נאָך מעהר צומישט געוואָרן פון דעם משוגעת ארום איהם.

אייניגע פון זיינע אדיוטאנטען, בעזאָנדערס דער שלויער שמואל פרימאָ, זיינען געפאלען אויף דעם פלאַן גלייך איינצופיהרען נייע רעליגיעזע צערעמאָניעס אויף דעם גרונד, דאָס משיח'ס צייטען וועלען זיך באלד אָנפאנגען. דיזע צערעמאָניעס זיינען גע־ווען געגען דיא תלמוד'ישע. דיזע חברה־לייט האָבען הפנים גע־וואָלט בילדען א בעזונדערע סעקטע. געשטיצט האָבען זיי זיך אויף דיא אויספיהרונגען פון „זוהר" און פון אנדערע קאבאליסטישע ביכער, אז ווען משיח וועט קומען, וועלען אלע פאָרשריפטען פון תלמוד פערלירען זייער האפט. דיא קבלה איז אייגענטליך שטענדיג געווען געגען תלמוד, און דאָ האָט זיך עס קלאָר און אָפען ארויסגע־וויזען. שבתי צבי'ס חברה האָבען ערקלערט, דאָס אזוי וויא משיח איז שוין דאָ און וועט באלד אָנפאנגען זיין הערשאפט איבער דער וועלט, דארום איז שוין ניט נויטיג צו פאָלגען דיא פאָרשריפטען פון שלחן ערוך. שמואל פרימאָ, וועלכער איז געווען דער אָנפיהרער פון דיזער אנטי־תלמודישער בעוועגונג, האָט גענומען ענטוויקלען אזעלכע בעגריפע וועגען גאָט און משיח, וועלכע האָבען מעהר גע־פאסט צו קריסטליכע וויא צו אידישע פאָרשטעלונגען. דיא צו־פלאָנטערטע געדאנקען פון דיא קאבאליסטען וועגען אדם קדמון, מלכה קדישה, אין סוף (אונענדליכקייט) און דיא שטעלען פון „זוהר" וועגען א דרייאייניגקייט זיינען פערטייטשט און ערקלערט געוואָרן פון שבתי צבי'ס מאכערס אויף אזא ארט, אז שבתי צבי זאָל אנערקענט ווערען ניט נאָר פאר א משיח, זאָנדערן פאר גאָט זעלבסט. משיח, האָבען זיי גע'טענה'ט, קען נאָך אויפטהאָן מעהר וויא דער בורא פון דער וועלט, ער איז דער אמת'ער גאָט, דער ער־לייזער פון דער וועלט!....

שמואל פרימאָ האָט זאָגאר אָנגעפאנגען פאנאנדערצושיקען בעריכטען און בעפעהלען צו דיא פערבלענדעטע נאָכשלעפערס מיט

אזא אונטערשריפט: „איך, משיח, אייער גאָט, שבתי צבי“. מען ווייס ניט אויף זיכער, אויב שבתי צבי האָט עס ערלויבט צו טאָן, נאָר שמואל פּרימאָ און אנדערע פערשפּרייטער פון דיזער וויסטער פערבלענדענעס האָבען זיך אין דער ווירקליכקייט גאָר ווייניג גע־קימערט וועגען זיינע מיינונגען. ער האָט איבערהויפּט געפאָלגט, וואָס זיינע ענערגישע גענעראלען האָבען געהייסען. אין דער צייט איז ער שוין אזוי געלעגען אין זייערע הענד, דאָס ווען ער וואלט פּלוצלונג געקומען צום גלייכען פערשטאַנד און זיך אבגעזאָגט פון דעם גאנצען שווינדעל, וואלט די משיח־בעוועגונג אַנגעגאנגען אהן איהם. דיא געשיכטע צייגט אונז פיעלע ביישפּיעלען, וויא מענ־שען, וואָס זיינען אין דיא אויגען פון דער גאַנצער וועלט געוועזען דיא גרינדערס און פיהרערס פון געוויסע בעוועגונגען, זיינען אין דער ווירקליכקייט געוואָרן שפּיעלצייג אין דיא הענד פון זייערע אדיוטאַנטען. אזוי איז עס יעדענפאלס געוועזען מיט שבתי צבי.

דער ערשטער עפענטליכער ארויסטרעטען געגען וויכטיגע אידי־שע מנהגים און פאָרשריפטען פון תלמוד איז געוועזען, ווען שבתי צבי׳ס חברה האָט בעשטימט, אז עשרה בטבת זאָל מען ניט פאס־טען, נאָר מאכען א פרעהליכען יום טוב. שמואל פּרימאָ האָט צוגע־שיקט פאָלגענדען בעפעהל וועגען דיזע ענדערונג:

דער בכור פון גאָט, שבתי צבי, משיח און ערלייזער פון כל ישראל, צו אַלע בני ישראל, שלום! אזוי וויא איהר זייט געבענשט געוואָרען צו זעהען דעם גרויסען טאָג און דיא ערפילונג פון גאָט׳ס פערשפּרעכען צו דיא נביאים, דארום דארף אייער טרויער און קלאָגען אומגעוואנדעלט ווערען אין שמחה, און אייער פאסטען אין אַ יום טוב, דען איהר וועט שוין מעהר ניט קלאָגען. זייט זיך משמח מיט ליעדער און געזאנג, ענ־דערט דעם טאָג, וועלכען איהר האָט פריהער פערבראכט אין טרויער און פאסטען, אין אַ טאָג פון יובל, דען איך האָב זיך בעוויזען“.

דיזער בעפעהל איז אויסגעפיהרט געוואָרן אין דיא שטעט, וואו ער האָט נאָך צייט געהאט אַנצוקומען פאר עשרה בטבת. מען האָט שוין אזוי פעסט געגלויבט אין שבתי צבי, אז מען האָט קיין

שאלות געפרעגט און געהוליעט אין דעם פאסט־טאָג. אָבוואָהל מען האָט אין אלגעמיינען געגלויבט, אז נאָר דורך פאסטען און אנדערע אָפּקומענעס אויף דער וועלט וועט מען קענען דערלעבען צו זעהען משיח׳ס מלוכה.

נאָר דיא רבנים און שטרענגע תלמודיסטען האָבען באלד אָנגע־פאנגען צו פּראָטעסטירען געגען דיזען בעפעהל. אָבוואָהל נאָך דער קבלה איז דאָס געווען א גאנץ לאָגישער שלוס, וויא באלד מען האָט נאָר אנערקענט, אז שבתי צבי איז דער ריכטיגער משיח. נאָר דיא תלמודיסטען זיינען אזוי צוגעוואָהנט געוואָרן צו דיא אלטע פיהרונ־גען, אז ווען מען האָט אָנגעפאנגען זיך צו פיהרען אין דער ווירקליכ־קייט נאָך דער קבלה,האָבען זיי געמאכט גוואלדען. א טהייל פון זיי האָבען אויך געוואגט ארויסצוטרעטען געגען שבתי־צבי זעלבסט. דיא פערבלענדענעס איז אָבער געווען אזוי גרויס, אז דיזע שטרענגע תלמודיסטען און אָבהיטערס פון אלטען גלויבען האָט מען א נאָמען געגעבען „כופרים“, אזוי וויא זיי וואָלטען געלייקענט גאָט׳ס עקזיסטענץ.

עטליכע רבנים אין סמירנא, וועלכע האָבען געזוכט איינצוריי־דען דעם עולם, אז מען זאָל פאסטען וויא פריהער, זיינען שיער ניט פרשטיינערט געוואָרן פון דיא ענטהוזיאסטען, און זיי האָבען געמוזט שנעל פערלאָזען דיא שטאָט.

ווער ווייסט מיט וואָס דיזער משוגעת וואָלט זיך געענדיגט אין סמירנא, ווען דיא טירקישע בעאמטע וואָלטען זיך ניט אריינגע־מישט. דיא גאנצע צייט פון דער ווילדער קאָכעריי האָבען זיי גע־שוויגען, ווייל זיי האָבען דורך דעם געהאט געשאנקען און נייע איינ־קינפטע. דער קאדי האָט זיך אָבער דערשראָקען, ווען דיא בעוועגונג איז אזוי גרויס געוואָרן, אז ער האָט איינגעזעהען, דאָס עס וועט איהם שווער זיין איהר צו קאָנטראָלירען. מען בעהויפטעט, אז ער האָט זיך אויך דערוואוסט פון נתן העזתי׳ס נבואה, דאָס שבתי צבי וועט פאנגען דעם סולטאן און איהם ברענגען נאָך ירושלים. יעדענפאלס האָט ער געוואָלט אראָפּנעהמען פון זיך דיא פעראנט־

וואַרטליכקייט און האָט אַנגעזאָגט דיא אידען, אז זייער משיח מוז זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגען פון סמירנא.

עס איז מעגליך און וואהרשיינליך, אז זיינע אנהעגנגער האָבען צוגערעט זייער משיח, דאָס ער זאָל צייגען זיין געטליכע מאכט אין דער הויפּטשטאָט פון דער טערקישער אימפּעריע, וואו ער וועט אלזא מיט איין קלאָפּ ברייננגען דיא גאנצע וועלט אונטער זיין הערשאפט און וואו מען וועט אויך קענען אויספיהרען דיא נבואה פון נתן העזתי, דאָס דער סולטאן וועט געפאנגען ווערן גאָר אָהן שום בלוט־פערגיסונג. אויף אזא וואונדער האָבען ניט נאָר אלע פערבלענדעטע נאָכשלעפּערס געוואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד, זאָנדערן שבתי צבי זעלבסט.

נאָר וויא דיא מעשה איז דאָרטען ניט געוועזן, דער קאדי האָט געגעבען דעם משיח דריי טעג צייט צו פערלאָזען סמירנא, און מען האָט געמוזט פאָלגען זאָלאנג דער גרויסער נס איז נאָך ניט גע־שעהען. פאר זיין אָפּרייזע האָט שבתי צבי צוטהיילט דיא גאנצע וועלט צווישען זיינע 26 טרייעסטע אדיוטאנטען. מיט איין קלאָפּ האָט ער זיי געמאכט פאר מלכים און פּרינצען. זיין עלטרן ברודער האָט ער ערקלערט פאר דעם מלך המלכים און זיין ברודער יוסף האָט געקראָגען דעם טיטול: איבערקעניג פון אידען. דערביי האָט ער נאָך קאבאליסטישע חקירות ערקלערט, אז אין יעדען פון דיא ניי־געבאָרענע הערשער האָט אריבערגעוואנדערט א נשמה פון א פריהערען מלך יהודה אָדער פון א נביא.

„אין דיר, יצחק סילווערא“, האָט דער משיח געזאָגט, „האָט זיך בעזעצט דיא נשמה פון דוד המלך, דארום דארף מען דיך רופען דוד המלך; אין דיר, חיים אינעניא, איז אריין דיא נשמה פון ירבעם, דארום געהערט דיר אראביען; דיר, מנשה אשכנזי, אין וועמען איך דערקען דעם גייסט פון קעניג אָסאָ, גיב איך איבער בערבעריען; דו, מרדכי גאָספּאר, וואָס אין דיר שטקעט דער גייסט פון גרויסען צדקיהו, וועסטו הערשען אין ענגלאנד“ א. ז. וו.

ביי אזא לייכטע און פריעדליבע פערטהיילונג פון מלוכות האָט שבתי צבי נאטירליך ניט געקענט פערגעסען אָן דעם שטייער־זאמ־

לער חלבי. „און דיר רפאל יוסף“, האָט ער ערקלערט, „אונטער ווערמעס געבענשטען דאך מיין געליעבטע מעליסעלדאָ (דאָס איז געוועזן שרה'ס קאבאליסטישער נאָמען) איז געוואָרן מיין קעניגליכע פרוי, גיב איך איבער דיא מלוכה מצרים“. א פּאָרטוגע־זער מאראנאָ און דאָקטאָר, וועלכער האָט זיך געראַטעט פון דער אינקוויזיציאָן און איז ניט לאנג אָנגעקומען אין סמירנא, האָט גע־קראָגען אויף זיין חלק דיא מלוכה פון פּאָרטוגאל. א געוועזענער בעטלער פון סמירנא, וועמען שבתי צבי האָט אויך „פּערזאָרגט“ מיט א מלוכה, איז געוועזן אזוי זיכער מיט זיין טהראָן, דאָס ער האָט זיך ענטזאגט צו נעהמען גרויסע סומען געלט, וואָס אנדערע בלינדע גלוי־בערס האָבען איהם געוואָלט געבען פאר איבערגעבען זיי דיא קרוין.

מיט גרויסע צערעמאָניעס האָט שבתי צבי פערלאָזען סמירנא. דיא גאנצע שטאָט איז ארויס זעהען, וויא ער פאָהרט ארויס בריינ־גען דעם סולטאן אויף א שטריקעלע נאָך ירושלים און אָנפאנגען דיא משיח־מלוכה טאקע וויא געהעריג נאָך אלע קאבאליסטישע פאנ־טאזיעס. גראדע האָט עס געטראָפען אָדער פיליכט האָט מען עס פּאָראויס געפּלאנעוועט, אז דער טאָג פון זיין אָפּרייזע נאָך קאָנ־סטאנטינאָפּאָל איז געוועזן דער אָנפאנג פון דעם יאָהר 1666, ווען אידען און קריסטען האָבען ערווארטעט משיח'ס צייטען. נאָר איהם איז שוין ניט בעשערט געוועזן צו קומען צוריק און נאָך א מאָל צו זעהען זיין געבורט־שטאָט, וואו מען האָט איהם ניט נאָר אנערקענט פאר א משיח, זאָנדערן אפילו פאר א גאָט.

# VIII

## דער ארעסט אין קאָנסטאנטינאָפּאָל.

אין קאָנסטאנטינאָפּאָל האָט שבתי צבי געקראָגען אן אויפ־
נאהמע, וועלכע ער און קיינער פון זיינע נאָכשלעפּערס האָבען גאָר
ניט ערוואַרטעט. צוערשט איז ער דורכגעפאַלען מיט זיין נבואה,
דאָס ער וועט אָנקומען אהין אין א בעשטימטען טאָג. דער ים איז
גראַדע זעהר שטורמדיג געוועזען, און דיא שיף מיט דעם משיח איז
שיער ניט אונטערגעגאַנגען. זיא איז אָנגעקומען אין דיא דאַרדאַנע־
לען מיט וואָכען שפּעטער. וויא שבתי צבי האָט פּאַראויסגעזאָגט.
נאָר דאָס האָט גאָר ניט געשטערט זיינע פערעהרערס צו פערפאַסען
באָבע־מעשיות, וויא דיא שטורם־ווינטען און דיא וועללען האָבען
געפאָלגט זיין בעפעהל און זיינען שטיל געוואָרן, ווען ער האָט נאָר
א וואונק געטאָן. דיא שיף איז געוועזען אין אזא געפעהרליכען צו־
שטאַנד, דאָס מען האָט געמוזט לאַנדען אין א קליינעם פּאָרט ביי
דיא ברעגעם פון דיא דאַרדאַנעללען. דאָרט האָבען דיא טערקישע בע־
אַמטע גלייך אַרעסטירט דעם משיח אויף דעם בעפעהל פון דעם
גרויסען וויזיר אחמעד קאָפּרילי, וועלכער האָט אין דער צייט געקראָ־
גען אזעלכע בעריכטען פון דער משוגענער בעוועגונג, דאָס ער האָט
גלייך בעשלאָסען צו מאַכען א שנעלען סוף דערפון. דער בעפעהל
האָט געלויטעט, אז מען זאָל דעם אידישען משיח שמידען אין קיי־
טען און אזוי גלייך ברענגען נאָך קאָנסטאנטינאָפּאָל. דיא טערקישע
בעאַמטע האָבען בוכשטעבליך אויסגעפיהרט דעם בעפעהל, אָבוואָהל
מען האָט זיי אָנגעבאָטען גרויסע סומען געלט אראָפּצונעהמען פון
איהם דיא קייטען. מיט געלט האָט מען נאָר אויסגעפיהרט. אז מען
זאָל לאָזען דעם משיח בלייבען שבת אין א פּלאַץ ניט ווייט פון
קאָנסטאנטינאָפּאָל. פון דיזען פּלאַץ האָט מען איהם דעם נעכסטען
טאָג געבראַכט א געשמידעטען אויף א שיף נאָך קאָנסטאנטינאָפּאָל.
ריזיגע מאַסען אידען און טערקען האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען

אין פּאָרט זעהען דעם פערשריענעם משיח. וואָס פאר אן אונטער־שיעד צווישען דיא גאָלדענע פאנטאזיעס פון דיא פערבלענדעטע נאָכשלעפּערס און דיא טרויעריגע טערקישע ווירקליכקייט דאָס איז געווען! אָנשטאָט טריאומף — קייטען, אָנשטאָט פריידיגע בעגריסונגען און געטליכע פערעהרונג וויא אין סמירנא — א פּאטש פון א טערקישען פּאָליציי־בעאמטען. וויא נאָר מען האָט דעם סמירנער גאָט ארויסגעשלעפּט פון שיף אין שווערע קייטען און נאטירליך זעהר א נידערשלאָגענעם, איז צו איהם צוגעגאנגען אן אונטער־פּאשא און האָט איהם גלייך מכבד געווען מיט א שטארקען פּאטש אין באק. מען זאָגט, אז שבתי צבי האָט שכל געהאט גלייך אונטער־צושטעלען דיא אנדערע באק, אום צו צייגען, אז ער קומט דערוויילע אָפּ פאר דיא זינדיגע מענשהייט און אז ער איז בערייט אויסצו־שטעהן אלע צרות ביז דער טאָג פון דער גאולה וועט קומען און ער וועט דאן ערשיינען אין דעם געטליכען גלאנץ פון א זיעגרייכען משיח.

אזוי האָבען אויך זיינע אדיוטאנטען און בלינדע נאָכשלעפּערס פערטייטשט זיין ערנידערונג, וועלכע האָט בעדארפט אָפּקיהלען זייער ענטהוזיאזמוס און זיי ברייננגען אויף דעם גלייכען פער־שטאנד; נאָר וואָס פאר אן אונזין שלינגען דען ניט ארונטער אבער־גלויביגע מענשען?

ווען מען האָט איהם געבראכט צום קאימאקאם (אונטער־וויזיר) און גענומען פאנאנדערפרעגען, האָט מען גלייך געזעהען, אז מען האָט צו טאָן מיט א קליין מענשעלע, מיט א טרוימער אָהן א ברע־קעל מוטה און ענערגיע. ער האָט געזוכט זיך ארויסצודרעהען מיט תירוצים, דאָס ער איז בלויז א רב, וואָס איז געשיקט געוואָרן קליי־בען נדבות פאר דיא אידען פון ירושלים. דאָס וואָס א סך אידען פערעהרען איהם, איז ניט זיין שולד, האָט ער געזאָגט. נאָך דעם ערשטען פערהער האָט מען איהם איינגעשפּארט אין א געפענגנים, וואו מען פלעגט האלטען אידען, וואָס האָבען ניט געקענט בעצאָה־לען זייערע חובות.

דיא אידען אין קאָנסטאנטינאָפּאָל זיינען דיא ערשטע פּאָר

טעג געװען צומישט פון אזא ענדע פון זייערע גאָלדענע האָפנונגען אויף זייער גאולה דורך שבתי צבי. זיי האָבען אויסגעמיידעט צו בעװייזען זיך אין גאס, װייל טערקישע אינגלעך פלעגען נאָך זיי נאָכלויפען און שרייען: „װען קומט אייער משיח?“ אָבער זיינע אדיוטאנטען האָבען ניט געדרעמעלט. זיי האָבען אָנגעפאנגען איינ־צורײדען דעם עולם, אז שבתי צבי מוז נאָך א געװיסע צייט אָפּקו־מען און אז באלד װעט ער צייגען, אז ער איז דער אמת'ער משיח. מען בעהויפּטעט, אז זיי האָבען זאָגאר געדונקען א טערקישען דער־װיש צו פּרעדיגען אין דיא גאסען פון קאָנסטאנטינאָפּאָל, דאָס משיח'ס צייטען קומען אָן.

נתן העזתי און שמואל פּרימאָ האָבען ניט אויפגעהערט צו פּערטומלען דיא װעלט מיט זייערע ליגענס, אז דיא גאולה איז נאָ־הענט און אז מען זאָל זיין פּערטיג צו מארשירען נאָך ירושלים. דעם ארעסט פון זייער משיח האָבען זיי פּערדרעהט מיט געשיכטען, דאָס דיא טערקישע מיניסטערס און זאָגאר דער סולטאן זעלבסט ציטערן ביי זיך אין הארצען פאר שבתי צבי, זאָנסט װאָלטען זיי דאָך איהם איינגעפאך אומגעבראכט און ניט געהאלטען אין א גע־פענגניס, װאו מען האָט איהם גוט בעהאנדעלט (דיא טערקישע װעכטערס האָבען געקראָגען גענוג באבאר דערפאר). איז עס דען ניט א װאונדער? צייגט עס דען ניט דיא געטליכע מאכט פון דעם געפאנגענעם משיח? האָבען דיא גלויביגע געשריען. אויף דיזער ארט איז דער ארעסט אומגעװאנדעלט געװאָרן אין דיא צודולטע קעפּ פון דיא קאבאליסטען אין א נס, און דער רעזולטאט איז געװען, דאָס מייזענדער אידען האָבען זיך געשטופּט צו דער געפענגניס צו קענען װארפען א בליק אויף דעם „ליידענדען משיח“ און האָבען נאָך געקראָגען גרעסערע האָפנונגען אויף א נאָהענטע גאולה.

אין דער װירקליכקייט האָט דיא טערקישע רעגירונג צו רוהע געלאָזען דעם פאלשען משיח, װייל זיא האָט געהאט צו פיהרען א מלחמה װעגען דעם אינזעל קרעטא, און דיא קאסע איז געװען פּוסט. דער גרויסער װעזיר האָט געמוזט אָנשטרענגען זיינע קרעפטען צו דער מלחמה און ער האָט געפונען פאר צװעקמעסיגער צו האלטען

דערוויילע דעם משיח געפאנגען, אום אויסצומיידען מעגליכע אונ־
רוהען אין לאנד. זעהענדיג, וויא דיא אידען זיינען איינגעגלויבט
אין שבתי צבי, האָט דער גרויסער וויזיר גערעכענט, אז ווען מען זאָל
איהם היגריכטען, וועט עס נאָך פיהרען צו א בונט, און דאָס האָט
ער געוואָלט אויסמיידען. אויסער דעם האָבען פיעלע טערקען אָנ־
געהויבען צו גלויבען, אז עפּעס מוז דאָ זיין א וואונדער, ווען אזוי
פיעלע אידען ערווארטען זייער ערלייזונג דורך שבתי צבי.

אָבער אין קאָנסטאנטינאָפּאָל האָט דער גרויסער וויזיר אויך
ניט געוואָלט איבערלאָזען זיין געפאנגענעם זאָלאנג דיא מלחמה
וועט דויערן. דארום האָט ער בעפוילען איבערצופיהרען שבתי
צבי'ן אין דער פעסטונג אבידאָס אויף דיא ברעגעס פון דיא דארדא־
נעלען. אין דיזער פעסטונג פלעגט מען געוועהנליך האלטען פּאָלי־
טישע געפאנגענע. דאָס איז געשעהען אין אפּריל, 1666, נאכדעם
וויא שבתי צבי איז אָבגעזעסען 2 מאָנאט אין דער קאָנסטאנטינאָ־
פּאָלער געפענגנים פאר אידישע שולדנער.

אין דיזער פעסטונג האָט מען געגעבען שבתי צבי אזעלכע פּריי־
ווילעגיעס (נאטירליך, ניט אומזיסט), אז זיינע אנהענגער זיינען
גאָר צומישט געוואָרן. ער האָט געקראָגען מעהר מוטה צו שפּיעלען
ווייטער זיין משיח־ראָלע. אָפען האָט ער גאָר ניט געזאָגט, נאָר
זיינע אדיוטאנטען האָבען שוין געוואוסט וויא צו מאכען פון שווארץ
וויים און צו נארען דעם עולם מיט אונזיניגע וואונדער־געשיכטען
און פאלשע האָפנונגען. דיא פעסטונג אבידאָס האָבען זיי א נאָמען
געגעבען „מגדל עוז", אזוי וויא דיא געפענגנים פון זייער משיח
וואָלט געווען א טהורם פון מאכט פאר אידען. מיט דער הילפע
פון אזעלכע איינפאכע נסים, וויא כאבאר מיט דעם געלט, וואָס
זיינע רייכע ברידער און אנהענגער האָבען צוגעשיקט, האָט ער גע־
לעבט א גוטען טאָג אין דעם „מגדל עוז". מען האָט צוגעלאָזען צו
איהם גלויביגע, וועלכע פלעגען קומען אויף שיפען פון אלע לענרער.
פאר דיא טערקישע בעאמטע און סאָלדאטען איז דאָס געווען א
שמאליץ־גרוב. דיא ענטהוזיאסטען פלעגען צאָהלען וויא פיעל מען
האָט פון זיי פערלאנגט, אבי נאָר צו האָבען דיא זכיה צו זעהען שבתי

צבי. דער קאָמאַנדיר פון דער פעסטונג פלעגט קריגען פון 20 ביז 30 מארק פון יעדען בעזוכער. זיין „בעשערטע“ ווייב האָט געקראָגען דיא ערלויבניס צו בלייבען מיט איהם אין דעם „מגדל עוז“. ער האָט אויך געהאט ביי זיך שמואל פרימאָ, וועלכער האָט געשפיעלט דיא ראָלע פון זיין הויפט־מיניסטער און פלעגט פון דאָרטען צושיקען מגילות מיט פאַלשע בעריכטען, אום אויפצורודערן אידען אין דיא פערוואָרפענסטע ערטער.

וואָס ווייטער פון דיזען נייעם צענטר פון שבתי צבי׳ס באַנדע, האָט מען אַלץ מעהר וואונדער דערצעהלט וועגען איהם און זיינע „אויפטואונגען“. ווען ער איז געבראַכט געוואָרען אין דער אבידאָס פעסטונג איז גראָדע געווען ערב פסח. ער האָט געשאָכטען א לעמעלע פאַר זיך און זיינע אדיוטאַנטען און האָט איהר געגעסען צוזאַמען מיט איהר פעטס טראָץ דעם פערבאָט פון תלמוד. מען זאָגט, אַז דערביי האָט ער אָנגעקינדיגט, אַז דיא געזעצע פון משה, פון תלמוד און פון דיא רבנים זיינען אָבגעשאַפט. ער האָט דערביי אויסגערופען: „געבענשט זאָל זיין גאָט, וועלכער האָט ערלויבט ווידער וואָס ער האָט פערבאָטען!“

שטראָמען מיט מענשען און גאָלד האָבען זיך געצויגען נאָך אבידאָס, וואו דיא איינוואָהנער זיינען רייך געוואָרען פון דיא גלויביגע, דען זיי האָבען גענומען אַלץ העכערע פרייזען פאַר שפייז און קווארטיר. מען איז געקומען אפילו פון דיא ווייטעסטע ערטער אין אפריקא. אין דער צייט זיינען געווען זעהר ווייניג אידען, וואָס האָבען ניט געגלויבט, אַז שבתי צבי איז דער אמת׳ער משיח. אפילו אין דיא גרעסטע און פאָרטגעשריטענסטע שטעט זיינען געווען זעהר ווייניג „כופרים“. אין פיעלע ערטער האָט מען זיך גענומען פאַקען, אין אייניגע אונגארישע שטעט האָט מען אָנגעפאַנגען אראָפצורייסען דיא דעכער. אין דיא גרויסע האַנדעלס־שטעט איז געוואָרען א קריזיס אין דיא געשעפטען, דען פיעלע אידישע קויפלייטע און באַנקירען זיינען פערנומען געווען מיט ספּעקולאַציאָנען אויף משיח׳ס צייטען.

איבעראַל האָט מען זיך בעזאָנדערס אָנגעכאַפּט אָן דעם דריי־

דעל, דאָס אזוי וויא שבתי צבי האָט אָפען געזאָגט, אז ער וועט אראָפּזעצען דעם סולטאן און איהם ברענגען אלס געפאנגענעם אין ירושלים (אין דער ווירקליכקייט האָט ער עס אָפען קיין מאָל ניט געזאָגט: נתן העזתי האָט עס נאָר געשריעבען אין זיינע „נבואות") און פון דעסטוועגען איז ער אליין אוועק נאָך קאָנסטאנטינאָפּאָל און מען האָט איהם בלויז איינגעשפּארט אין א פעסטונג אָנשטאָט צו פערורטהיילען איהם צום טויט. איז דען דאָס ניט א ריכטיגער בעוויז, אז דיא נבואות פון דיא אלטע פּראָפעטען זיינען מקוים געוואָרען און אז שבתי צבי איז טאקי דער בעשטימטער משיח? האָ־בען דיא פערבלענדעטע גע'טענה'ט און האָבען מיטגעשלעפּט דיא יעניגע, וואָס האָבען נאָך געצווייפעלט אָדער ריכטיגער, ניט גע־גלויבט זייערע אויערן, אז גאָט האָט זיך ענדליך מרחם געווען אויף זיין פאָלק און ברענגט זיי שוין דיא גאולה.

כמעט אין אלע סינאגאָגען האָט מען ניט נאָר בעצירט דעם ארון קודש מיט דיא ערשטע בוכשטאבען פון שבתי צבי'ס נאָמען, זאָנדערן מען האָט נאָך איינגעפיהרט צו זאָגען פאָלגענדע תפילה פאר איהם: „געבענשט זאָל זיין אונזער הערר און קעניג, דער היי־ליגער שבתי צבי, דער משיח פון דעם גאָט פון יעקב".

דיא אידען אין אמסטערדאם און האמבורג זיינען ניט געווען בעסער וויא זייערע פערבלענדעטע ברידער אין דיא הינטערשטעליג־סטע שטעטלעך פון טירקיי און פוילען. אלע האָבען געקוקט אויף דיזע צוויי פאָרטגעשריטענסטע געמיינדען און האָבען זיי נאָכגע־טאנצט. דיא פאָרשטעהער פון דער אמסטערדאמער קהילה האָבען איינגעפיהרט, אז מען זאָל זאָגען תפילות פאר שבתי צבי ניט נאָר יעדען שבת, זאָנדערן אויך יעדען מאָנטאג און דאָנערשטאג. דיא עטליכע „כופרים" האָבען דאן קיין אנדער ברירה ניט געהאט, וויא אָדער אויפצוהערען צו געהן אין שוהל אָדער צו הערען ברכות פאר דעם פאלשען משיח. אין וועגעדיג איז עס געקומען צו א געשלעג אין דער סינאגאָגע, ווען דיא „כופרים" האָבען זיך ערלויבט צו זאָ־גען א וואָרט געגען שבתי צבי. איינער פון דיא „כופרים" איז שיער ניט ערמאָרדעט געוואָרען.

ווען מען האָט אָנגעפרעגט שבתי צבי, וואָס מען זאָל טאָן מיט די „כופרים", האָט שמואל פרימאָ געענטפערט אין זיין נאָמען, אז מיט אזעלכע דארף מען קיינע צערעמאָניעס ניט מאכען, מען מעג זיי טויטען אפילו אום שבת. די גלויביגע, וואָס וועלען עס טאָן, וועלען בעלוינט ווערן מיט א גוטען פּלאץ אין גן עדן. גליק־ליכערווייזע האָט מען אזעלכע רציחות ניט בעגאנגען. עס איז מעג־ליך, אז ווען דער משוגעת וואָלט לייננער אָנגעהאלטען, וואָלט מען אלע „כופרים" איינפאך ערמאָרדעט. מען איז נאָר אָפּגעקומען מיט מאָרד־סטראשונקעס. בעוואוסטע רבנים האָבען ערקלערט, אז יע־דערער וואָס ענטזאגט זיך צו זאָגען די ברכה פאר שבתי צבי, פערדיענט דעם טויט.

די קריסטען האָבען געקוקט מיט בעוואונדערונג אויף די אי־דען.זיי האָבען גאָר ניט געקענט פערשטיין, וואָס עס קומט פאָר אונטער זייערע אויגען. אויבען איז שוין בעמערקט געוואָרן, אז פיעלע קריסטען האָבען געגלויבט אין מילעניום און האָבען געוואַרט, אז אין דעם 1666טען יאָהר זאָל זיך יעזוס קריסטוס וויעדער בעווייזען. די פערבלענדענעס פון אידען האָט געמאכט אזא גרויסען איינדרוק אויף פיעלע פּראָטעסטאנטישע גייסטליכע, דאָס זיי האָבען אָנגעפאנגען צו פרעגען, וואָס וועט ווערן מיט דער קריסטליכער לעהרע און מיט יעזוס קריסטוס, ווען עס זאָל זיך ארויסווייזען, אז שבתי צבי איז טאקי ווירקליך דער משיח פון די אידען. נאָר לאנג האָבען זיי ניט געהאט צו טראכטען וועגען אזא קלאָץ־קשיה, דען דיזע גייסטיגע עפּידעמיע האָט גליקליכערווייזע באלד געקראָגען א טויט־קלאפּ דורך א שענדליכע האנדלונג פון דעם משיח זעלבסט.

# IX

## דיא בעקעהרונג צום מאהאָמעדאנער גלויבען.

אונגעפעהר 5 מאָנאט האָט געדויערט שבתי צבי'ס „מלוכה" אין דער אבידאס פעסטונג. אין דעם געטומעל און אין דער מערק־ווירדיגער פערבלענדענעס האָט מען פערגעסען, אז ער איז אונטער ארעסט און אז עס ווער קומען א טאָג, ווען דיא טערקישע רעגירונג וועט זיך א נעהם טאָן צו איהם אויף טערקיש. וואָס ער אליין האָט דאן געדענקט און גערעכענט, ווייס מען ניט. זיינע אדיוטאנטען, בעזאָנדעס דער שלויער און ערפינדערישער שמואל פרימאָ, האָט אלץ באָמבארדירט דיא אידישע געמיינדעס אין אלע עקען וועלט מיט בשורות, אז באלד וועט געשעהען א נס און שבתי צבי וועט ברענגען דיא פערשפראָכענע גאולה. דיזער הויפט־מיניסטער פון דעם פאלשען משיח האָט אין דער צייט געפלאַנעוועט אָפצושאפען דעם גאנצען תלמודישען יודענטהום און איינפיהרען נייע צערע־מאָניעס און פעסטליכקייטען. וואָס ער האָט דערמיט געמיינט אויסצופיהרען, איז ניט קלאָר.

אין א פריהערען קאפיטעל איז שוין ערקלערט געוואָרן, ווארום און וויא אזוי שבתי צבי'ס חברה האָבען געהייסען אומוואנדלען עשרה בטבת אין א יום טוב. צוליעב דיא זעלבע גרינדע האָבען זיי אויך בעפוילען אָבצושאפען דעם תענית פון שבעה עשר בתמוז. דיא אָפיציעלע ערקלערונג, וואָס מען האָט געגעבען וועגען אזא „רעפאָר־מע", איז געוועזן, דאָס גראדע אין דיזען טאָג האָט שבתי צבי צו־ערשט דערשפירט, אז ער איז דער ריכטיגער משיח, דארום דארפען אלע אידען זיין לוסטיג, אָנשטאָט צו טרויערן און פאסטען. שבתי צבי זעלבסט האָט ארויסגעלאָזען דיזע ערקלערונג, נאָר עס איז זי־כער, אז דאָס איז געוועזן שמואל פרימאָ'ס פלאן. נאכהער האָט שבתי צבי פלוצלונג געהייסען, אז דער 23טער תמוז (25 יולי, 1666) זאָל געפייערט ווערן וויא א שבת, אָבוואָהל דער טאָג איז גראדע

אויסגעפאלען מאָנטאג. אלע אידען, וועלכע האָבען זיך דאן געפונען אין אבידאָס — אונגעפעהר 4000 מענער און פרויען — האָבען גע־פאָלגט דיזען בעפעהל און געהאלטען שבת נאָך אלע פאָרשריפטען.

אין דער זעלבער צייט האָט שמואל פרימאָ צושיקט בעפעהלען אין נאָמען פון שבתי צבי, אז אלע אידען זאָלען פייערן תשעה באב אלס א גרויסען יום טוב לכבוד דעם געבורטסטאָג פון שבתי צבי. אָנשטאָט פאסטען און טרויערן וועגען חורבן בית המקדש, זאָל מען מאכען פרעהליכע און פיינע סעודות, זינגען און טאנצען. מען בע־הויפּטעט, אז שבתי צבי'ס חברה האָט זיך אויך געקליבען אָב־צושאפען אלע אידישע פייערטעג, אפילו יום כפור, און איינצו־פיהרען נייע אויף זייער פלאץ; אָבער דאָס האָבען זיי שוין קיין צייט ניט געהאט אויסצופיהרען, דען דיא טערקישע רעגירונג האָט זיך אריינגעמישט.

דאָס איז געשעהען דורך א מסירה פון א פוילישען איד, וועל־כער האָט זיך ארויסגעגעבען פאר א נביא און האָט געענדיגט מיט אָננעהמען דעם מאהאָמעדאנישען גלויבען. שבתי צבי האָט צום ערשטען מאָל געהערט וועגען דעם פוילישען נביא, ווען צוויי אי־דען פון לעמבערג זיינען געקומען איהם בעזוכען, אום צו זעהען דיא נסים מיט זייערע אייגענע אויגען און צו זיין זיכער צו דערלעבען משיח'ס מלוכה. זיי האָבען דערצעהלט, אז ערגעץ אין פוילען איז א מאן מיט דעם נאָמען נחמיה כהן ארויסגעטראָטען אלס נביא א.ן האָט ערקלערט, אז משיח דארף באלד ערשיינען, אָבער דיא גאולה וועט ניט קומען דורך שבתי צבי.

מען ווייס ניט ווארום, נאָר דיזע נאכריכט האָט געמאכט א זעהר שטארקען איינדרוק אויף שבתי צבי. ער האָט באלד געגעבען דיא צוויי פוילישע אידען א בריעף, אין וועלכען ער האָט פער־שפּראָכען דיא אידען אין פוילען נקמה אָן דיא קאָזאקען און האָט בעפוילען, אז נחמיה כהן זאָל קומען צו איהם אזוי שנעל וויא נאָר מעגליך. דיא צוויי פוילישע אידען זיינען דאן באלד אָפּגע־פאָהרען נאָך לעמבערג מיט גרויס פריידע, און אויפ'ן וועג האָבען זיי איבעראל דערצעהלט, אז שבתי צבי לעבט וויא א מאָנארך און

אז אלע אידען גלויבען באמונה שלמה, דאָס נאָר ער איז דער ריכ־טיגער משיח. ווען נחמיה כהן האָט זיך פון זיי דערוואוסט, דאָס שבתי צבי רופט איהם, האָט ער זיך ניט געלאָזט לאנג בעטען און האָט געררייזט אזוי שנעל, דאָס אין אָנפאנג פון סעפּטעמבער איז ער שוין געוועזן אין אבידאָס, וואו דער משיח און אלע זיינע אדיו־טאנטען האָבען אויף איהם געווארט מיט גרויס אונגעדולד.

שבתי צבי האָט איהם גלייך אויפגענומען און האָט מיט איהם פערהאנדעלט עטליכע טעג. וועגען וואָס זיי האָבען אזוי לאנג גע־רעדט און וואהרשיינליך דיסקוטירט, בלייבט א געהיימניס. מען בעהויפּטעט, אז זייער שטרייט־פּונקט איז געוועזן וועגען דעם משיח פון א פ ר י ם, אויב ער איז שוין ערשינען און איז אומגעקומען, וויא עס איז פאָראויסגעזאָגט געוואָרן. יעדענפאלס איז עס זיכער, אז נחמיה כהן איז ניט צופריעדען געוועזן מיט שבתי צבי'ס ער־קלערונגען. אזוי וויא ער האָט עס אָפען ארויסגעזאָגט, האָבען איי־ניגע פון דיא הייסעסטע אנהענגער פון שבתי צבי איהם געוועלט אָפּראמען פון וועג אלס א געפעהרליכען מענש. מען זאָגט, אז זיי האָבען זיך געגעבען געהיימע צייכענס איהם צו ערמאָרדען; נאָר איהם איז געלונגען זיך צו רעטען פון זייערע הענד. ער איז דאן גלייך אוועקגעפאָהרען צום קאימאקאם אין אדריאנאָפּאָל און האָט איהם איבערגעגעבען, אז שבתי צבי האָט געפעהרליכע פּלענער געגען דעם סולטאן און דיא גאנצע טערקישע אימפּעריע. אום מען זאָל איהם בעסער גלויבען, האָט ער זיך בעקעהרט צום מאָהאמעדאנער גלויבען. ער האָט אויך ערקלערט, אז דיא טערקישע רעגיערונג וואָלט שוין לאנג געוואוסט וועגען דיא פּעררעטהערישע אבזיכטען פון שבתי צבי. ווען דער קאָמאנדיר פון דער אבידאָס־פעסטונג וואָלט ניט געהאט א פינאנציעלען אינטערעס צו קוקען צווישען דיא פינגער אויף אלעם וואָס דאָרטען קומט פאָר.

דער קאימאקאם האָט דאָס גלייך איבערגעגעבען דעם סולטאן, מאהאמעד דעם פערטען. וועלכער האָט צוזאמענגערופען זיינע מיניסטערס און ראטהגעבערס צו בעשטימען וואָס מען זאָל טאָן מיט שבתי צבי. אזוי וויא צווישען דיא פערעהרער פון שבתי

צבי האָבען זיך אויך געפונען מאהאָמעדאנער, האָט דיא טערקישע רעגירונג געהאַלטען פאר צוועקמעסיגער צו זוכען אן אנדער אויס־וועג וויא א הינריכטונג. דער מופטי (דער הויפט־ערקלערער פון קאָראן), וועלכער איז גערופען געוואָרן צו געבען זיין מיינונג, האָט אנגעוויזען, אז ווען מען וועט הינריכטען דעם פאלשען משיח, וועט מען איהם נאָר מאכען פאר א מארטירער און דערמיט ארויסרופען א נייע רעליגיעזע סעקטע און מעגליך אויך אונרוהען. ער האָט דארום פאָרגעשלאָגען, אז מען זאָל פּרובירען פריהער מאכען דעם פאלשען משיח פאר א מוסולמאן. דאן וועט מען מיט איין קלאפּ פערניכטען דעם משיח און טויטען דיא גאנצע משוגענע בעוועגונג. דיזען קלוגען ראטה האָט מען אָנגענומען. דעם סולטאן׳ס דאָקטאָר, א אידישען משומד מיט דעם נאָמען גוידאן, האָט מען אויסגעקלי־בען צו פערהאנדלען מיט שבתי צבי. גלייך נאָך דיזען בעשלוס האָט מען געשיקט אן עסטאפעט נאָך אבידאָס, אום צו ברייננגען שבתי צבי צו דיזען דאָקטאָר. דאָס איז אזוי שנעל אויסגעפיהרט געוואָרן, וויא מען האָט נאָר אין יענער צייט געקענט רייזען.

דאָקטאָר גוידאן האָט ניט לאנג געדארפט טענה׳ן מיט שבתי צבי. ער האָט גלייך דערזעהען, אז ער האָט צו טהאָן מיט א צודול־טען טרוימער און א גרויסען פייגלינג. ער האָט דארום גענומען פאָרשטעלען דעם פאלשען משיח, וואָס פאר א שרעקליכען סוף ער וועט האָבען, אויב ער וועט ניט איינשטילען דעם צאָרן פון סולטאן דורך א בעקעהרונג צום מאָהאמעדאניזמוס. דער דאָקטאָר האָט איהם געגעבען צו פערשטיין, אז מען וועט איהם בינדען און שמיי־סען מיט ברענענדע פאקעלען און איהם שיקען אויף יענער וועלט נאָך אנדערע אזעלכע שוידערליכע פייניגונגען.

ניט פיעל צייט האָט עס גענומען דעם „משיח און גאָט“ פון דיא פערבלענדעטע אידישע מאסען אויסציקלייבען צווישען טויט

און שמד, דען דעם נעכסטען טאָג, (דעם 14טען סעפּטעמבער, 1666), ווען מען האָט איהם געבראכט פאר דעם סולטאן, האָט ער גלייך פון זיך אראָפּגעוואָרפען דיא אידישע יארמעלקע צו צייגען, דאָס ער פערראכטעט דיא אידישע רעליגיאָן. מען האָט איהם דאן דערלאנגט א ווייסען טערקישען טורבאן און א גרינעם מאנטעל, וועלכע ער האָט גלייך אָנגעטאָן, און דערמיט איז דיא צערעמאָניע פון זיין בעקעהרונג צום איסלאם געוועזן צו ענדע. מען זאָגט, דאָס ווען מען האָט אראָפּגענומען פון איהם זיינע אידישע קליידער, האָט מען אין זיינע ברייטע הויזען געפונען עטליכע פונט לעקעכלעך!.....

דער סולטאן איז געוועזן זעהר צופריעדען מיט אזא סוף פון דער גאנצער משיח־בעוועגונג און האָט דעם פאלשען משיח געגעבען דעם נאָמען מעהמעד־עפענדי. אין דער זעלבער צייט האָט דער סול־טאן איהם געמאכט פאר זיינעם א טיר־היטער און האָט בעשטימט איהם צו געבען א פיינע מאָנאטליכע געהאלט. שבתי צבי'ס „געט־ליכע" ווייב האָט געפאָלגט דעם שעהנעם ביישפּיעל פון איהר „געטליכען" מאן און איז געוואָרן א מוסולמאנקע מיט דעם נאָמען פאונא קאדין. אייניגע פון זיינע נאָכפאָלגער זיינען באלד איבער־געגאנגען צום מאָהאמעדאניזמוס, אנדערע האָבען עס געטאָן שפּע־טער. דער מופטי האָט זיי אלעמען געגעבען אונטעררעכט אין דער מאָהאמעדאנער רעליגיאָן. מען זאָגט, אז אויף זיין בעפעהל האָט שבתי צבי אויך חתונה געהאט מיט א מאָהאמעדאנער שקלאווין. דער מופטי האָט עס וואהרשיינליך געטאָן, אום דעם משיח מעהר אָפּצורייסען פון אידישען גלויבען.

אָט אזא פערעכטליכע בעשעפּעניס איז געוועזן שבתי צבי וועמען כמעט אלע אידען האָבען פערעהרט אלס זייער משיח און פון וועמען זיי האָבען ערוואַרטעט דיא גאולה!

ער האָט נאָך געהאט דיא אונפערשעהמטהייט צו שרייבען עט־

ליבע טאָג נאָך זיין שמר צו זיינע ברידער: „גאָט האָט מיך געמאכט פאר א ישמעאל. ער האָט עס מיר בעפוילען און איך האָב געפאָלגט“... נאָך מעהר, ער איז אויך געוואָרען א מסור און א פעררעטהער, דען ער האָט איבערגעגעבען דער טערקישער רעגיערונג, אז דיא אידען האָבען געוואָלט מאכען א מרידה געגען דעם סולטאן. מען זאָגט, אז ער האָט אויגסעזאָגט זיינע אייגענע משוגענע פלענער און ערקלערט, אז אלע אידען זיינען דערמיט געוועזן איינפערשטאנדען.

וואָס אנבעלאנגט צו דעם פוילישען „נביא“ נחמיה כהן, וועל־כער האָט זיך אזוי אָבגערעכענט מיט דעם פאלשען משיח און זיין באנדע, האָט ער זיך שנעל אָפּגעטראָגען פון טירקיי און איז אוועק נאָך פוילען, וואו ער האָט גלייך אראָפּגעשליידערט פון זיך דיא טער־קישע יארמולקע און האָט געמאכט א שוויינ וועגען דעם וואָס ער האָט אָפּגעטהאָן.



X

## דיא ביטערע ערוואכונג פון אידען און נייע ליעגענס פון שבתי צבי׳ס נביאים.

אין דער צייט, ווען שבתי צבי האָט אזוי שענדליך פערראטהען זיינע פערבלענדעטע ברידער, האָט מען אין אלע אידישע געמיינדעס פון איירָאפּא געווארט אויף דעם זיסען טאָג, ווען מען וועט קענען אָנפאנגען דעם מארש נאָך ירושלים. כמעט אלע רבנים און פאָרשטעהער פון דער אמסטערדאמער קהלה האָבען ארום דעם 25 סעפּטעמבער (צוויי וואָכען נאָך דעם שמד) געשיקט א בריעף צו שבתי צבי מיט אן ערקלערונג, דאָס זיי גלויבען אין זיין געטליכער מיסיאָן און זיינען בערייט צוטאָן,וואָס ער וועט הייסען. פון אנדערע שטעט האָט מען איהם אויך געשיקט אזעלכע אונטערטעניגע בריעף. אין האמבורג האָט מען איהם 5 מאָל געבענטשט אין דער צייט פון דיא תפילות אין יום כפור (דאָס איז געווען 3 וואָכען נאָך זיין שמד!).

עס איז שווער זיך פאָרצושטעלען, וואָס דיא אידען האָבען געפיהלט, ווען עס איז בעקאנט און בעשטעטיגט געוואָרען, אז דער משיח איז געוואָרן א טערק. אזוי ווי א דונער וואָלט אלעמען דערשלאָגען. יעדערער האָט געפיהלט אזוי ווי ער וואָלט ארונטערגעשליידערט געוואָרען פון א הימעל אין אן אבגרונד. איינער האָט זיך געשעמט צו קוקען דעם אנדערן אין דיא אויגען. דער טרוים איז געווען א זיסער, אָבער דיא ערוואכונג איז געווען א צו ביטערע, א צו שענדליכע. אזא מפּלה האָבען זיך אפילו דיא „כופרים“ ניט געריכט אויף דעם פאלשען משיח מיט זיין באנדע. דיא פערפיהרטע רבנים און פאָרשטעהער פון אידישע געמיינדעס זיינען געווען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג ניט נאָר וואָס מען האָט זיי אָפּגענארט, זאָנדערן וואָס מען האָט געמאכט אלע אידען צו שאנדע און צו שפּאָט. דען קריסטען און מאָהאמעדאנער האָבען אויף זיי געטייטעלט מיט דיא פינגער און זיך אויסגעלאכט פון זיי. אין טערקישע

שטעט האבען דיא אינגליך א לאנגע צייט געמאכט יעדען אידען פינסטער און ביטער אויפ׳ן הארצען מיט לצנות וועגען זייער משיח.

אבער צו אלע צרות האט נאך דער סולטאן מאהאמעט דער פירטער געוואלט מאכען א קורצען סוף פון אלע אידען אין זיין אימ־פעריע. ער איז אזוי אויפגעבראכט געווארן אויף זיי דורך מסירות (און שבתי צבי איז מייסטענס שולדיג געווען אין דיזע מסירות), דאס זיי האבען געוואלט מאכען א מרידה, אז ער האט געפלאנעוועט אויסצושלאכטען אדער צו פערטרייבען אלע דערוואקסענע אידען און צו מאכען פאר מוסולמאנער אלע אידישע קינדער פאר זיבען יאהר. נאר דעם סולטאן׳ס מוטער און עטליכע ראטהגעבער, זאגט מען, האבען איהם אבגערעדט פון אזעלכע רציחות מיט דער ערקלערונג, דאס דיא אידען זיינען נאר פערבלענדעט און פערפיהרט געווארען און האבען איהם פערזענליך קיין בייזעס ניט געוואלט טאן. ער האט אבער דאך געוואלט צייגען דיא אידען זיין צארן און האט דארום געהייסען הינריכטען 50 רבנים דערפאר, וואס זיי האבען ניט געטאן זייער פפליכט איינצורייׅדען דיא אידען בלייבען טרייע אונטער־טאנען. מען האט אויסגעקליבען 12 רבנים פון קאנסטאנטינא־פאל, 12 פון סמירנא און די איבעריגע 26 זינדבעק פון אנדערע אידישע געמיינדעס אין טירקיי. נאר גליקליכערווייזע האט מען דיזען בארבארישען בעפעהל ניט אויסגעפיהרט. וואהרשיינליך האט דער סולטאן חרטה געקראגען, ווען זיין צארן האט זיך אבגעקיהלט. דיא אידען אין טירקיי זיינען שליעסליך אפגעקומען מיט זייער שרעק און שאנדע, דען אפילו געלט־שטראפען האט מען פון זיי ניט פער־לאנגט.

די „כופרים“ האבען נאטירליך אויפגעהויבען די קעפ, ווען מען האט ערהאלטען ביסלעכווייז נאכריכטען וועגען שבתי צבי׳ס שמד און פערראטה, און עס איז געקומען אין פיעלע ערטער צו בי־טערע מחלוקות. אבער אין אלגעמיינען האבען זיך דיא „כופרים“ קלוג געהאלטען און ניט געזוכט צו פערביטערען נאך מעהר דיא הערצער פון דיא פערבלענדעטע. צוזאמען מיט דיא רבנים און תלמודיסטען, וועלכע האבען זיך געלאזט פריהער פערשלעפען פון

דער משוגענער בעוועגונג, האָבען דיא „כופרים“ זיך געסטארעט צו פערגלעטען דיא וואונדען. אין איינִיגע ערטער האָט מען זאָגאר בע־שלאָסען אריינצוליִיגען אין חרם יעדען איינעם, וואָס וועט אפילו מיט ווערטער בעליידיגען א פריהערן פערעהרער פון דעם פאלשען משיח.

אָבער דיא פערביסענע קאבאליסטען און איבערהויפּט דיא חברה־לייט, וואָס האָבען געהאט אן אינטערעס אין דער משיח־בע־וועגונג, האָבען ניט צו רוהע געלאָזט. זיי האָבען זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען מיט איין מאָל. נאָך די ערשטע נאכריכטען וועגען שבתי צבי׳ס איבערקעהרענעס, וועלכע האָבען זיי נאטירליך ער־שטוינט און צומישט, האָבען זיי אָנגעפאנגען צו מאכען נייע דריי־דליך און זוכען קאבאליסטישע תירוצים. פיעלע האָבען גלאט ניט געקענט ארונטערשלינגען, דאָס נאָך אלע „געשעהענע וואונדער“ און נאָך אלע „אָנווייזונגען“ פון דער קבלה, אז משיח׳ס צייטען זיינען אויפ׳ן נאָז, האָט זיך שבתי צבי אליין בעקעהרט צום מאָהאמעדא־ניזמוס. דאָס מוז עפּעס זיין א „סוד“, האָבען זיי געטענה׳עט, דאָס מוז זיין עפּעס א „פּראָבע“ פאר דיא אידען, אום זיי זאָלען פערדיענען דיא נאָהענטע גאולה. שמואל פּרימאָ, נתן העזתי און אנדערע „נביאים“ וועלכע האָבען נאטירליך געזוכט צו צייגען אז זיי זיינען ניט איינפאכע ליגנערס און שווינדלערס, האָבען אָנגעפאנגען צו פערשפּרייטען א געשיכטע, אז גאָר ניט שבתי צבי איז געוואָרען א מאָהאמעדאנער, זאָנדערן עפּעס א שטן מקטרג. ער אליין האָט געמאכט א רייזע אין הימעל אָדער צו דיא צעהן שבטים און וועט זיך באלד ווידער בעווייזען, אום אויסצופיהרען דיא נבואות ווע־גען משיח׳ן און דיא נאָהענטע גאולה.

דיא קאבאליסטען און דיא בלינדעסטע נאָכשלעפּערס האָבען זיך אָנגעכאפּט אן דיזע נייע ליגענס, וויא איינער וואָס טרינקט זיך כאפּט זיך אָן דעם שארף פון א מעסער. בעזאָנדערס האָט מען זיך נאטירליך געקאָכט אין סמירנא. דאָרטען האָבען א סך געגלויבט, אז שבתי צבי איז אוועק צו דיא צעהן שבטים, און אין עטליכע סינא־גאָגען האָט מען געזאָגט ברכות פאר איהם גראדע וויא פאר דעם

שמד. דאָס האָט געצוואונגען דיא רבנים אריינצוליגען יעדען איינעם אין חרם, וואָס וועט דערמאָנען דעם נאָמען פון דעם פאלשען משיח אָדער וועט פיהרען דיסקוסיאָנען מיט זיינע בעוואוסטע נאָכשלע־פערס. דיא רבנים האָבען אויך געסטראשעט צו ווענדען זיך צו דער הילפע פון דער טערקישער רעגיערונג, אום איינצושטילען דיא חברה־לייט, וועלכע האָבען נאָך אלץ פערשפרייט פאלשע נביאות וועגען שבתי צבי.

נתן העזתי, וועלכער איז פערבליבען אין ארץ ישראל, ווען־רענד שבתי צבי איז געזעסען אין „מגדל עוז," אום דערוויילע אליין צו פיהרען דיא גרענדע, איז אוועק צוערשט נאָך דאמאסקוס, וואו ער האָט זיך געפיהלט זיכערער. פון דאָרטען האָט ער געשיקט א בריעף צו דיא אידען אין אלעפּאָ, אז זיי זאָלען ביי זיך ניט פאלען דורך דיא מעשה, אז זייער משיח איז געוואָרן א מוסולמאן. א טיעפע געהיימנים שטעקט אין דעם, האָט ער געשריעבען, און דיזע געהיימנים וועט באלד ערקלערט ווערען. מען האָט איהם צוערשט אריינגעלייגט אין חרם אין סמירנא און נאכהער אין אנדערע שטעט. דער חרם האָט אזוי גוט געווירקט, דאָס אין קיין שטאָט האָט ער ניט געקענט פערבלייבען א לענגערע צייט. אין איינינע שטעט האָט ער זיך געמוזט בעהאלטען.

שמואל פרימאָ איז אויך אריינגעלעגט געוואָרען אין חרם, נאָר ער האָט מייסטענס געארבייט און פאנאנדערגעשפרייטעט פאלשע געשיכטען און קונציגע קאבאליסטישע דריידלעך דורך אנדערע. מען רעכענט, אז ער האָט עס אויסגעטראכט פאָלגענדע חקירה וועגען שבתי צבי'ס שמד: אלעס איז בעשטימט געוואָרען פון גאָט; גראדע דורך אָננעהמען דעם מאָהאמעדאניזמוס האָט שבתי צבי בעוויזען, אז ער איז משיח; דאָס איז א קאבאליסטישע געהיימנים; אזוי וויא משה, דער ערשטער ערלייזער, איז געצוואונגען געווען צו לעבען א געוויסע צייט אין פרעה'ס הויף ניט אלס א איד, זאָנדערן אלס א מצרי צום שיין, אזוי מוז עס זיין מיט דעם לעצטען ערלייזער; א געוויסע צייט מוז ער פערבלייבען אין א געצענדינערישען הויף, אויסווערטיג זינדיג, אָבער אין הארצען ריין; שבתי צבי איז אויך

בעשטימט געוואָרען צו בעפרייען דיא נשמות פון דיא מאָהאמעדא־
נער און צו בריינגען זיי דורך זיין פערבינדונג מיט זיי צוריק ריין
צו זייער קוואל; דורך די ערלייזונג פון אלע נשמות וועט שבתי
צבי נאָר זיכערער בריינגען דיא גאולה.

אין אמונה־זאכען איז גראדע דאָס אונגלויבליכסטע אם לייכס־
טען בעגלויבט. דיא אנהעננגער פון שבתי צבי, וועלכע האָבען נאָר
געזוכט תירוצים וויא זיך ארויסצודרייהען פון זייער פערלעגענהייט
נאָך דער שאנדע פון זייער משיח, האָבען געפונען שמואל פרימאָ'ס
געקינצעלטע קאבאליסטישע חקירה פאר דעם בעסטען תירוץ און
זיי האָבען דאָס איבערגעקייט מיט אלץ מעהר מוטה און היץ. נתן
העזתי האָט עס פארנאנדערגעפויקט אלס א נבואה.

אום נאָך מעהר צו פערטומלען דיא קעפּ, איז נתן העזתי אוועק
נאָך אדריאנאָפּאָל, וואו דער משיח מעהמעד עפענדי האָט געוואָהנט
צוזאמען מיט עטליכע פון זיינע אדיוטאנטען, וועלכע זיינען אויך
געוואָרן מוסעלמאנער. דיא אידען פון קאָנסטאנטינאָפּאָל און אדריא־
נאָפּאָל האָבען איהם געבעטען, אז ער זאָל זיי צו רוהע לאָזען און
אוועקפאהרען, דען זיי האָבען מורא געהאט, אז זיי וועלען האָבען
צרות דורך זיין צוזאמענטרעפען זיך מיט שבתי צבי. אָבער ער
האָט זיי מיט זיין געוועהנליכע חוצפה געענטפערט, אז דעם קומענדען
שבועות (אין 1667) וועט דער הייליגער גייסט זיך זיכער אריינ־
כאפּען אין שבתי צבי און דאן וועלען זיך שוין אָנפאנגען משיח'ס
צייטען. ביז דיזע נבואה זיינע וועט ניט מקוים ווערן, וועט ער
ניט אָפּטרעטען פון אדריאנאָפּאָל. ווען שבועות איז אָבער פאָראיבער
וויא געוועהנליך, זיינען דיא אידען צו איהם צוגעשטאנען, ער זאָל
זיך אָפּזאָגען פון זיינע פאלשע נבואות אָדער פערלאָזען דיא שטאָט.
זיי האָבען איהם ענדליך געצוואונגען צו געבען זיי א שריפטליכען
פערשפּרעך, דאָס ער וועט אָפּטרעטען ניט נעהנטער וויא 12 טעג
רייזע פון אדריאנאָפּאָל, וועט ניט פיהרען א קאָרעספּאָנדענץ מיט
שבתי צבי און וועט צוגעבען, אז זיינע נבואות זיינען פאלש, אויב
אין א יאָהר צייט וועט זיך משיח ניט בעוויזען. נאָר באלד נאָך
דיזען פערשפּרעך האָט ער געשריעבען צו שבתי צבי, דאָס מען דארף

אָנהאלטען דעם פריהערן בעשלום שבעה עשר בתמוז ניט צו פאסטען.

אין אדריאנאָפּאָל האָבען זיך בּיסלעכווייז צוזאמענגעקליבען עטליכע אנדערע פאלשע נביאים און א געוויסע צאָהל בלינדע גלויבערס, וועלכע האָבען פערשפרייטעט פערשיעדענע ליגענס און אָנגעמאכט ניט ווייניג עגמת נפש דיא רבנים און אלע אידען. זיי האָבען צוגעקראָגען אנהענגער צו זייער סעקטע און האָבען בעזאָנדערס געלאָזט וויסען פון זיך דורך דעם, וואָס זיי האָבען לוסטיג געפייערט תשעה באב אלס דעם געבורטסטאָג פון זייער משיח. מען האָט זיי אלעמען ארייגעלייגט אין חרם, דאָס האָט גאָר ניט געהאָלפען, דען פיעלע זיינען נאָך פערבליעבען אונטער דעם איינפלוס פון דיא פריהערע חלומות און האָבען זיך נאָך ניט אויסגעניכטערט.



## XI

# דער סוף פון פאַלשען משיח.

שבתי צבי זעלבסט האָט ביסלעכווייז אויך אָנגעפאנגען אריינ־צוטרעטען מיט קאבאליסטישע איינבילדונגען. דיא ערשטע צייט נאָך זיין שמד, ווען ער איז געשטאנען אונטער דער אויפפאסונג פון דעם מופטי און האָט געמוזט לערנען דיא מאהאָמעדאנער תורה, האָט ער זיך געהאלטען אָן א זייט ניט נאָר פון אידען, זאָנדערן אויך פון זיינע אדיוטאנטען, וועלכע האָבען זיך נאָך ניט בעקעהרט צום איסלאם. ווען דער מופטי האָט געפונען, דאָס מעהמעד עפענדי איז שוין א כשר'ער מוסולמאן, האָט ער איהם געלאָזען מעהר פרייהייט צו בעשעפטיגען זיך מיט קבלה. מען האָט איהם אויך ערלויבט אי־בערצוגעבען זיינע קאבאליסטישע בעטראכטונגען וועגען גאָט און דיא וועלט. מען זאָגט, אז דער סולטאן זעלבסט האָט איין מאָל אויפ־מערקזאם זיך צוגעהערט צו שבתי צבי'ס קאבאליסטישע חלומות.

ארום פסח פון 1668 — צוויי יאָהר נאָך דער משיח־צייט, וועלכע איז בעשטימט געווען פון אידישע און קריסטליכע קאבא־ליסטען — איז מעהמעד עפענדי ווידער „בעזוכט געוואָרען פון דעם רוח הקדש.“ ער זעלבסט אָדער גיכער איינער פון זיינע אדיוד־טאנטען, מעגליך שמואל פרימאָ, האָט אָבגעדרוקט א קאבאליסטישען ביכעל אונטער דעם נאָמען „פינף בעווייזע פון אמונה.“ אין דיזען ביכעל ווערט אָנגעגעבען, אז שבתי צבי איז געווען און בלייבט נאָך אלץ דער אמת'ער משיח. ער וואָלט דאָס לייכט געקענט בעוויי־זען, ווען ער וואָלט ניט געהאט רחמנות אויף כל ישראל, דען אלע אידען וואָלטען דאן בעדארפט ליידען אזוי פיעל צרות און שמער־צען וויא דער משיח זעלבסט. ער איז דארום געוואָרען א מוסול־מאן, אום צו בעקעהרען טויזענדער גוים צום אידישען גלויבען. דיזער אונזין איז געווען בעפוצט מיט הויך קלינגענדע און זעהר

דונקעלע קאבאליסטישע פראזען, אום דער עולם זאָל מיינען, אז דער משומד איז גאָר א מארטירער פאר אלע אידען.

אום צו זיין זיכער, אז דיא טערקישע רעגיערונג וועט איהם ניט בעשטראָפען פאר דיזע נייע פּרעטענזיעס אויף א משיח־ראָלע, האָט דער משומד ערקלערט דעם מופטי און אויך דעם סולטאן, דאָס מיט דעם ביכעל צו דיא אידען מיינט ער נאָר זיי גיכער צו בעקעהרען צום מאָהאמעדאניזמוס. ער האָט אזוי געטאנצט צווישען צוויי שטולען, אום אלעמען צו נארען און צו בעשווינדלען. דער מופטי האָט איהם ערלויבט צו קומען ווידער אין פארבינדונגען מיט אידען און זאָגאר צו פּרעדיגען אין סינאגאָגען, אום צו זעהען, וויא ווייט דאָס וועט ווירקען אויף אידען זיי זאָלען אָננעהמען דעם מאָהאמעדאנער גלויבען. דיא חברה־לייט, וועלכע האָבען צו דער צייט ארומגערינגעלט דעם משומד, האָבען געשפּיעלט דיא ראָלע פון אידען און מאָהאמעדאנער, וויא עס האָט זיי געפּאסט. ווען טערקישע שפּיאָנען פּלעגען זיך בעווייזען אויף זייערע פערזאמלונגען, פּלעגען זיי שנעל אראָפּוואַרפען זייערע אידישע היטלעך און אָנטאָן א טורבאן. אויף דיזער ווייזע האָט זיך געבילדעט א אידיש־טערקישע סעקטע ארום דעם משיח מעהמעד עפענדי, און פּיעלע אידען, וועלכע וואָלטען זיך פריהער מיט עקעל און האס אָבגעטריי־בעלט פון א משומד, האָבען ניט נאָר פערקעהרט מיט דיזער באנדע זאָנדערן זיינען אליין אויך געוואָרען מוסולמאנער, וויינינגסטענס צום שיין, וויא זיי האָבען עס געזאָגט.

פון דער גאנצער משיח־בעוועגונג איז אויף דיזער ארט געוואָרען א מין מאָהאמעדאנישע מיסיאָנערען־געזעלשאפט אונטער דער השגחה פון דעם מופטי און פון מעהמעד־עפענדי....

דאָך האָבען זיך נאָך אליץ געפונען עהרליכע און פרומע אידען, אפילו גוטע תלמודיסטען, וועלכע האָבען זיך געהאלטען אָן דיזען פאלשען משיח, האָפענדיג אין זייער גייסטיגער פערבלענדעניס, אז עס וועט ענדליך געשעהען דורך איהם דער פערשפּראָכענער נס, און דיא גאולה וועט קומען!

נתן העזתי האָט ארומגעוואנדערט איבער פּיעלע לענדער און

שטעט און האָט געפונען גלויביגע שעפּסעלעך, אָבוואָהל מען האָט איהם געיאָגט וויא א פערשאָלטענעם. פון טירקיי האָט ער זיך א לאָז געטאָן נאָך גריכענלאנד און פון דאָרט נאָך איטאליען, וואו זיין חבר אין פאלשע נבואות, שבתי רפאל, האָט געבאקען איין ליגען נאָך דעם אנדערן וועגען שבתי צבי און איז נאכהער אוועק נארען דיא אידען אין דייטשלאנד, בעזאָנדערס אין דיא ערטער, וואו עס איז שווער געווען צו דערגייז אויף ריכטיג וואָס עס האָט אין דער ווירקליכקייט פאסירט מיט דעם משיח אין טירקיי.

אין ווענעדיג האָט מען געצוואונגען דעם פאלשען אליהו הנביא זיך מודה צו זיין שריפטליך, אז אלע זיינע נבואות וועגען שבתי צבי זיינען נאָר בעגרינדעט געווען אויף פאנטאזיעס און אז ער גלויבט אליין ניט אין דעם. דיזע ערקלערונג האָבען דיא רבנים אָפּגעדרוקט מיט אן הקדמה, אום צו עפענען דיא אויגען פון דיא יעניגע, וואָס זיינען נאָך געבליבען פערבלענדעט; אָבער דאָס האָט איהם ניט אָבגעהאלטען ווייטער צו פערשפּרייטען פאלשע נבואות און דאָס האָט איהם אויך ווייניג וואָס געשטערט צו קריעגען גלויביגע שעפּ־סעלעך. אין רוים איז ער אָנגעקומען פערשטעלט, מיט אן אָבגעשאָ־רענע באָרד. וואָס ער האָט דאָרט געטאָן, ווייס מען ניט. מען זאָגט אז ער האָט אריינגעוואָרפען אין טייך טיבער עטליכע צעט־לעך מיט קאבאליסטישע פראזען אין כאלדעאיש, אום דורך דעם צו פערשילטען דיא וועלט־שטאָט זיא זאָל צושטערט ווערען. שלים־ליך איז ער געצוואונגען געווען צוריק צו קעהרען זיך אין טירקיי. ער האָט דאן ווידער בעזוכט שבתי צבי אין אדריאנאָפּאָל, אָבוואָהל ער האָט געשוואָרן דאָס ניט צו טאָן. ער האָט זיך אזוי ארומגעדרייט ביז זיין טויט אין 1680, מיט 4 יאָהר נאָך דעם טויט פון זיין משיח.

פון דיא אנדערע אונטערשטיצערס פון שבתי צבי נאָך זיין שמד איז דער בעריהמטעסטער געווען דער מאראנאָ אברהם קאר־דאָזאָ. דאָס איז געווען א זעהר פעהיגער און זאָנדערבארער מענש. זיין יוגענד האָט ער פערבראכט זעהר לוסטיג אין שפּאניען, וואו ער האָט שטודירט מעדיצין. ער איז געווען א פיינער דאמען־קאַ־וואליער און פלעגט מעהר צייט פערברייגגען אויף זינגען סערע־

נאדען אונטער דיא פענסטער פון זיינע געליעבטע, וויא אויף זיינע שטודיען. פון קבלה איז ער יעדענפאלס געווען זעהר ווייט. נאָר מיט א מאָל האָט ער פערלאָזען שפּאניען און האָט זיך בעזעצט אין ווענעדיג צוזאמען מיט זיין עלטערן ברודער.ביידע האָבען דאָן געענדערט זייערע קריסטליכע נעמען און האָבען זיך אָפען ערקלערט פאר אידען. ביידע האָבען פלייסיג שטודירט דיא אידישע ליטע־ראטור. ווען אברהם קארדאָזאָ איז געוואָרען א קאבאליסט, ווייס מען ניט. וויא נאָר ער האָט דערהערט וועגען שבתי צבי איז ער געוואָרען אן ענטהוזיאסטישער אָנהענגער פון דעם פאלשען משיח.

בעזאָנדערס טהעטיג איז ער געוואָרען נאָך שבתי צבי'ס אי־בערקעהרענעס. נאָך פריהער האָט ער געליטען פון איינבילדונגען און אילוזיאָנען, אָבער נאָך דיא קאָכעריי מיט דעם פאלשען משיח איז ער גאָר צודולט געוואָרען. ער האָט אָנגעפאנגען צו זאָגען נבואות און פאנאנדערצושיקען שריפטען, אין וועלכע ער האָט ער־קלערט, אז שבתי צבי איז דאָך דער אמת'ער משיח. זיין עלטערער ברודער האָט זיך פון איהם אויסגעלאכט און איהם געפרעגט, אויב ער האָט געקראָגען דעם רוח הקדש פאר זיינע נבואות דורך זיינע סערענאדען לכבוד דיא מאדרידער מיידלעך, אָבער דאָס האָט ניט געווירקט אויף איהם. וואָס ווייטער איז ער אלץ ווילדער געוואָרען אין זיינע פאנטאזיען ביז ער האָט זיך גענומען ארויסגעבען פאר דעם משיח פון אפרים. מען האָט איהם דאן גענומען יאָגען פון איין שטאָט אין דער אנדערע, וואו ער פלעגט אויך בעווייזען קאבא־ליסטישע קונצען און דערמיט צוציהען גלויביגע שעפּסעלעך. זיין איראָפּעאישע בילדונג האָט ער בענוצט אין דיסקוסיאָנען וועגען זיינע איינבילדונגען און האָט דורך דעם געוואונען מעהר אנהענ־גער פאר דעם פאלשען משיח, וויא אלע אנדערע קאבאליסטען און פאלשע נביאים.

זעהענדיג, אז ער האָט נאָך אלץ אנהענגער און אז נביאים ערקלערען איהם נאָך פאר דעם אמת'ן משיח, האָט שבתי צבי פאָרטגעזעצט זיין משיח־ראָלע, וויא ווייט דיא טערקישע רעגיע־רונג האָט עס געקענט דערלאָזען, נאָר ער האָט אייגענטליך ניט

געוואוסט, אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך. דאָ פלעגט ער בעשימפּפען דיא אידישע רעליגיאָן און געברויכען שענדליכע ווער־טער געגען דעם אידישען גאָט, אן אנדערס מאָל פלעגט ער דאווענען וויא אן אמת׳ער איד צוזאמען מיט זיינע נאָכפאָלגער און זינגען תהלים. מען בעהויפּטעט, אז איין מאָל האָט ער פערמסרט אידען פאר טערקישע ריכטער, דאָס זיי לאכען זיך אויס פון דער מאָהאַ־מעדאנער רעליגיאָן.

נאָר דיא טערקישע רעגירונג האָט זיך ביסלעכווייז אויפגעהערט צו קימערען וועגען איהם און וועגען זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע זיינען אלץ וויינינגער געוואָרען אין צאָהל. דער מופטי האָט זיך ארומגעזעהען, אז מעהמעד עפענדי קען ניט אויספיהרען זיין בעריהמעריי, דאָס ער וועט בעקעהרען אלע אידען צום איסלאם, און דארום האָט מען איהם אויפגעהערט צו צאָהלען זיין פריהערע געהאלט און ארויסגעשיקט פון אדריאנאָפּאָל נאָך קאָנסטאנטינאָ־פּאָל.

א קורצע צייט נאכדעם האָט א טערקישער פּאטרול איהם גע־פונען צוזאמען מיט עטליכע אידען אין א דאָרף לעבען קאָנסטאנטינאָ־פּאָל זינגענדיג תהלים. ווען מען האָט עס געמעלדעט דעם גרויסען וויזיר האָט ער בעפוילען, אז מען זאָל דעם משומד פערשיקען אין דער קליינער שטעטעל דולסיניאָ אין אלבאניען. דאָרטען איז ער שוין פערבליבען ביז זיין טויט. ער איז געשטאָרבען פערלאָזען פון אלעמען אין 1676 יאָהר.

ע נ ד ע.

# מאהאמעד

גרינדער פון מאָהאַמעדאַניזמוס

זיין לעבען און קאמפף פאר א
ניַיע רעליגיאָן.



פון פיליפּ קראַנץ

# מאהאמעד.

## איינלייטונג: פראפעטען און זייער שיקזאל.

מען זאגט, אז דיא צייט פֿון נסים און פראפעטען איז שוין פאראיבער; אבער דאס איז טאקע ניט מעהר וויא געזאגט. אין דער ווירקליכקייט זעהען מיר אויך יעצט, אין אונזערע פראקטישע און מאטעריאליסטישע צייטען, ווען דיא וויסענשאפט מאכט אזעלכע ריעזענהאפטע פארטשריטע און רייסט ארויס ביי דער נאטור איין סוד נאך דעם אנדערן, אז עס קומען אויף מענשען, וועלכע ערקלע־רען זיך פאר נביאים, פאר שלוחים פון גאט צו ברייננגען דיא אמת'ע גאולה, און וועלכע קריעגען אויך מעהר אדער וויינינגער אנהעננגער, גלויביגע שעפסעלעך.

אין דער צייט, ווען מיר שרייבען דיזע ציילען, געפינט זיך גראדע אין ניו יארק א מאן, וואס גיט זיך ארויס פאר דיא דריטע פערקערפערונג פון אליהו הנביא און וואס איז געקומען מיט עט־ליכע טויזענד פון זיינע אבערגלויבישע אנהעננגער צו רעטען, וויא ער בעהויפטעט, דיא זינדיגע וועלט־שטאדט פון מאראלישען אונטער־גאנג. דיזער אליהו הנביא נומער 3, וואס זיין ריכטיגער נאמען איז דזשאהן אלעקסאנדער דאואי (Dowie), ערקלערט אויך, אז ער קורירט קראנקע מיט גאט'ס כוח, און פיעלע גלויבען, אז ער האט שוין בעוויזען א סך וואונדער מיט זיין געטליכער קראפט.

אין דיא טעגליכע צייטונגען מאכט מען פון איהם חוזק. איי־ניגע ערקלערען איהם פאר א משוגענעם, אנדערע פאר א שווינדלער, און עס איז מעגליך, אז ער איז ביידעס צוזאמען; אבער זיכער איז עס יעדענפאלס, אז ער האט שוין געקראגען א סך אנהעננגער און וועט נאך קריעגען געננוג אנדערע צווישען אזעלכע מענשען, וועלכע זיינען איבערהויפט געניינגט צו גלויבען אין געטליכע סודות, אין קבלה, אין וואונדער, אין דער היילקראפט דורך אמונה א. ז. וו. אויף זייער רעכנונג לעבען אלערליי יואהרזאגערס, קארטענוואר־פערס, עין־הרע אבשפרעכערס, כישוף־מאכערס, קמע־מאכערס, מאגנעטיזארען, היפנאטיזארען, זא־גענאנטע „קריסטליכע היילערס“ א. ז. וו. ווען דיא אלטע מיסים עדדי, דיא הויפט־לעהרערין פון

דער זאָ־גענאַנטער „קריסטשען סייענס“ (קריסטליכע וויסענשאַפט, דאָס מיינט: דיא לעהרע, אז מען דאַרף קיין מעדיצין און דאָק־טוירים, דען אַלע קראַנקע קען מען אויסהיילען בעסער דורך אמונה) קריעגט אַזוי פיעל אנהעגגער און פערעהרער, וואָרום זאָל עס דאָואַי אָדער אירגענד וועלכער אַנדערער ניט קריעגען, ווען ער האָט נאָר דיא הוצפה זיך אַרויסצוגעבען פאַר אַ נביא אָדער ווען ער בילדעט זיך איין, אז ער איז ווירקליך אַ שליח פון גאָט?

דיזע אַלע זעלבסט־געמאַכטע פּראָפעטען און נסים־מאַכערס קריעגען טאַקע געגוג אנהעגגער אפילו אין דיא ציוויליזירטע לענ־דער. דיא ארמעע פון אבער־גלויבערס, פון מיסטיקער (גלויבערס אין פערבאָרגענע סודות אַזוי וויא צום ביישפּיעל, דיא קאַבאַ־ליסטען) איז נאָך ליידער אַ ריזיגע אפילו אין אונזערע צייטען, ווען מיר שטאָלצירען אַזוי מיט אונזערע וויסענשאַפטען און מאַטעריאַ־ליסטישע פילאָזאָפיע. אין דיזער אַרמעע האָבען אַלע פּראָפעטען און גרינדערס פון נייע רעליגיאָנען געפונען זייערע ערשטע און טריי־עסטע רעקרוטען. אַזוי איז עס געווען אין אַלע צייטען, אַזוי איז עס יעצט און אזוי וועט עס אויך זיין אין דער צוקונפט זאָ לאַנג מיסטי־קער וועלען עקזיסטירען, זאָ לאנג מענשען וועלען זיין אבערגלויביג.

דער אַלט־רוימישער רעדנער ציצעראָ האָט געזאָגט: „עס איז ניטאָ אַזאַ נאַר, וואָס זאָל ניט האָבען נאָך גרעסערע נאַראָנים אַלס נאָכשלעפּערס.“ דיא וואַהרהייט דערפון זעהען מיר אויף יעדען שריט, נאָר בעזאָנדערס אויף דיא ברייטע און פינסטערע פעלדער פון אבערגלויבען. יעצט, נאַטירליך, איז עס שווערער פאַר איי־נעם צו ווערען אַנערקענט אַלס אַ נביא, אלס שליח פון גאָט, דען דער וויסענשאַפטליכער גייסט דרינגט דאָך אויך ביסלעכווייז אריין אין די פאָלקסמאַסען; אָבער אין די אַלטע צייטען, וואָס ווייטער אין דער פערגאנגענהייט, איז עס אלץ לייכטער געווען פאַר געוויסע מענשען זיך צו ערקלערען פאַר פּראָפעטען אָדער זאָגאר פאַר אַ פער־קערפּערונג פון געטער, און אלץ גרעסער איז געווען זייער צאָהל.

נאָר ניט אַלע פּראָפעטען האָבען געהאַט דעם זעלבען מזל. פיעלע פון זיי זיינען איינפאַך אומגעבראַכט געוואָרען פון זייערע

געגנער אָדער זאָגאַר פון זייערע צורייצטע אנהעננער. מען זאָגט, אַז קיינער איז ניט אַ פּראָפעט אין זיין אייגענע היימאַטה. דאָס איז אפילו ניט ריכטיג אין גאַנצען, דען דיא ערשטע אנהעננער פון אַ פּראָפעט זיינען שטענדיג זיינע קרובים אָדער שכנים; אָבער עס איז אמת, אַז אַנדערע שכנים טרעטען אַרויס אַלס זעהר ביטערע געגנער און פערפאָלגען דעם מאַן, וואָס הויבט אָן אויפצוטרעטען אַלס אַ געטליכער שליח אָדער פערטרעטער. פון דיזען ערשטען קאַמפף אין זיין אייגענער היימאַטה העננגט אָפּ דער שיקזאַל פון אַ פּראָפעט. געווינט ער, דאַן קריעגט ער אַלץ מעהר אנהעננער און זיין איינפלוס שטייגט אַלץ ווייטער אַרום; פערלירט ער, דאַן כאַפּט ער אַ קורצען סוף: אויב ער שטאַרבט מיט אַ נאַטירליכען טוידט אָדער ניט, נאָר זיין איינפלוס ווערט צושטערט און זיין נאָמען ווערט פערגעסען. פּאָליטיש שטאַרבט ער דאַן יעדענפאַלס. יעצט ווייניגסטענס בלייבט אַ געדעכנים פון אַזאַ געפאַלענעם נביא אין דער געשיכטע פון רעליגיאָנען אָדער סעקטען, נאָר אין דיא אַלטע און איבערהויפּט אין דיא ביז־היסטאָרישע צייטען איז יעדער שפּור פון ניט־ערפאָלגרייכע פּראָפעטען פערלאָרען געגאַנגען. אָן אַנדענקען איז נאָר געבליעבען אָן דיא נביאים, וועלכע האָבען אַ געוויסע צייט געהאַט ערפאָלג אָדער וועלכע האָבען איבערגעלאָזען נאָך זיך אַ געוויסע צאָהל אנהעננער. דער איינפלוס און דער שם פון אַ פּראָפעט זיינען אימער געווען פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָהל פון זיינע אנהעננער, דאָס הייסט פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין ערפאָלג. מיט פּראָפעטען איז דאָס זעלבע וואָס מיט גענעראַלען: דיא זיעגערס ווערען פערשריען און נעלויבט ביז'ן הימעל, דיא בעזיעגטע ווערען אויסגעלאַכט און פעראַכטעט, האָטשע נאָך זייערע פּערזענליכע פעהיגקייטען קענען דיא בעזיעגטע שטעהן העכער פאַר דיא זיעגערס. דער אַמעריקאַנער ווערטעל: „קיין זאַך איז ניט אַזוי ערפאָלגרייך וויא ערפאָלג“, בלייבט בעזאָנדערס ריכטיג וועגען פּראָפעטען, דען אָהן אנהעננער און פערעהרער ווערען זיי געהאַלטען פאַר דאָס וואָס זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט: פעריקטע טרוימערס, אויב ניט פאָלקאָמענע משוגעים אָדער קונציגע שווינדלער.

אזא דאָואי, צוםביישפּיעל, וועלכער קריכט פון הויט צו גע־פינען אבערגלויבישע נאַרען, וואָס זאָלען איהם אַנערקענען פאַר אַ פערקערפּערונג פון אליהו הנביא, קען מיט דער צייט פערגעטערט ווערען פון מיליאָנען מענשען, ווען ער זאָל קריעגען אַ סך אנהענגער און דיא אומשטענדען זאָלען איהם צוהעלפען. ער קען נאָך אונטער גינסטיגע אומשטענדען ווערען דער גרינדער פון אַ נייער רעליגיאָן, אַזוי וויא דער אַמעריקאַנער פאַרמער יאָזעף סמיטה, דער פּראָפעט פון דיא מאָרמאָנען. דיזער סמיטה איז אויך אויסגעלאַכט און פעראַכטעט געוואָרען פון זיינע שכנים אין אַ דערפעל פון ניו יאָרק סטייט, וואו ער איז געבאָרען אין 1805, אבער ער האָט דאָך געפונען עטליכע אנהענגער, כאָטש זיינע נביאות זיינען איינפאַך געווען שווינדעל. זיין משונה'דיגע לעהרע האָט איהם געקאָסט דאָס לעבען (מען האָט איהם געלינטשט אין 1844); נאָר דיזער טראַגי־שער טויט האָט געהאָלפען צו פערשפּרייטען דעם מאָרמאָניזמוס, וועלכער צעהלט יעצט מיליאָנען אנהענגער. וועגען זיין לעבען און טויט דערצעהלען יעצט דיא מאָרמאָנען אַזוי פיעל נסים וויא פיעל אַנדערע גלויביגע וועגען דיא גרינדערס פון רעליגיאָנען. ווען דיזער מאָרמאָנען פּראָפעט, וועלכער איז געווען אַ גרויסער עם הארץ און האָט ניט געקאָנט ריכטיג שרייבען ענגליש, וואָלט געשטאָרבען אָדער זאָגאַר געטויטעט געוואָרען מיט אַ יאהר צעהן פריהער, וואָלט יעצט זיכער קיין מאָרמאָנען־קירכע ניט עקזיסטירט.

ווען מען לעזט דיא לעבענסבעשרייבונגען פון דיא פּראָפעטען און גרינדערס פון רעליגיאָנען און סעקטען אין היסטאָרישע צייי־טען, וואַרפט זיך אין דיא אויגען, אַז ניט נאָר געוויסע אומ־שטענדען האָבען זיי געהאָלפען אָדער געשעדיגט, זאָנדערן, אַז דער צופאַל האָט דערביי אויך געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע. ניט זעלטען האָט עס פּאַסירט, דאָס אַ קליינינגקייט, וועלכע וואָלט קיין שום בע־דייטונג ניט געהאַט אין דעם לעבען פון אַ געוועהנליכען מענשען, האָט גראַדע ענטשיעדען דעם שיקזאַל פון אַ זאָ־גענאַנטען פּראָפעט. אָבער יעדענפאַלס, אום צו קענען אַרויסטרעטען אַלס פּראָפעט, מוז אַ מענש האָבען ספּעציעלע נייגונגען און פעהיגקייטען דערצו.

פריהער פאַר אַלץ מוז ער אַליין גלויבען אין זיך, אין זיין אייגענער קראַפט, אין זיין געטליכער מיסיאָן. וואָס שטאַרקער ער איז איינגעבילדעט אין זיין מיסיאָן, אַלץ מעהר און זיכערער קען ער ווירקען אויף זיינע צוהערערס און נאָכפאָלגערס; וואָס בלינדער זיין אייגענער גלויבען, אַלץ מעהר קען ער מאַכען גלויבען אַנדערע אין זיינע ווערטער און פאַנטאַזיעס. אום אבער צו קענען זיך אַליין איינריידען אין דער פּראָפעטישער ראָלע, מוז מען בעזיצען אַן אויסערגעוועהנליכע איינבילדונגס־קראַפט, אַ ווילדע און זאָגאַר אַ קרענקליכע פאַנטאַזיע. אַזאַ מענש מוז האָבען צורודערטע נערווען אַזוי ווייט, אז דיא בילדער, וואָס שטעלען זיך איהם פאָר אין זיין שלאָף אָדער אין זיין פאַנטאַזיע, זאָלען זיך איהם אויסדרוכטען אַזוי וויא אַלעס וואָלט פאָרגעקומען פאַר זיינע אויגען.

עס איז יעדענפאַלס בעוואוסט, אז פיעלע פּראָפעטען האָבען געליטען פון פערשיעדענע נערווען־קראַנקהייטען און זאָגאַר פון עפּילעפּסיע (דיא פאַליגע), ווען מען קריעגט האַלוצינאַציאָנען, דאָס הייסט, ווען פאַנטאַסטישע בילדער שיינען וויא ווירקליכע. ווען אַזאַ נערווען־קראַנקער מאַן זעהט אין זיינע האַלוצינאַציאָנען, צום ביישפּיעל, אַ מלאך גבריאל, וויא מאַהאָמעד האָט עס בעהויפּטעט, דאַן וועט ער שוין אין דעם גלויבען ווען דיא נערווען־אַטאַקע וועט פאַראיבערגעהן. דער איינדרוק פון דער איינגעבילדעטער ערשיינונג וועט בלייבען איינגעקריצט אַזוי וויא דאָס וואָלט געשעהען אין דער ווירקליכקייט. זיינע האַלוצינאַציאָנען וועט ער בעטראַכטען פאַר גאָט'ס וואונדער, און וועט פאָלגליך אויך ווירקען אויף זיינע אבערגלויבישע צוהערער, אויב ער וועט נאָר בעזיצען גענוג רעדנער־קראַפט איבערצוגעבען זיינע איינבילדונגען אין לעבעדיגע פארבען און מיט גרויס ענטהוזיאַזמוס.

ווייטער מוז אַ פּראָפעט זיין, זאָ צו זאָגען, אַ האַרץ־מענש. דאָס הייסט, ער מוז אַליין בעוועגט ווערען פון געפיהלען און מוז אַפּעלירען צו דיא געפיהלען פון זיינע צוהערער, אָבער ניט צו זייער פערשטאַנד. וואָס וויינינגער געזונטען פערשטאַנד און קענטניסע ער בעזיצט, איז עס אַלץ בעסער פאר זיין פּראָפעטען־ראָלע, דען

זיינע קריטישע פעהיגקייטען וועלען אלץ קלענער און שוואכער זיין און זיין גלויבען וועט פערשטארקט ווערן. פערנינפטיגע קריטיק איז טויטליך פאר יעדען אונבעגרינדעטען גלויבען, פאר יעדען מיס־טיציזמוס. און אזא קריטיק שטיצט זיך צוערשט אויף וויסען, אויף קענטשאפט. מיר זעהען דארום, אז אלע פראפעטען זיינען טאקע געוועזן אונוויסענדע מענשען, יעדענפאלס זיינען זיי ניט געוועזן גע־בילדעטער, וויא דיא מענשען ארום זיי. גייסטיג זיינען פראפעטען קיין מאל ניט געשטאנען העכער פאר זייער דור. מייסטענס זיינען זיי געוועזן קינדער פון פראסטען פאלק און האבען געלעבט, גע־דיינקט און געפיהלט, וויא זייערע גלייכע.

אויך מוז א פראפעט בעזיצען א געוויסע רעדנער קראפט, א פעהיגקייט צו בעאיינפלוסען, צו מאכען גלויבען און צו בעהערשען זיינע צוהערער און אנהענגער. ער דארף האבען וואס מען רופט „מאגנעטישע קראפט" און וואס בעדייטעט אין דער ווירקליכקייט א פעהיגקייט צוצוציהען מענשען און איבער זיי צו קאמאנדעווען.

וואס גרעסער דיזע אלע אייגענשאפטען — שלעכטע און גוטע צוזאמען—זיינען ענטוויקעלט ביי א מענש, וואס וויל שפילען די ראָ־לע פון א געטליכען מאן, אלץ א גרעסערער פראפעט קען ער ווערען און אלץ זיכערער איז זיין ערפאלג אונטער גינסטיגע אומשטענדען.

דער ערפאלגרייכסטער פראפעט אין היסטארישע צייטען איז אהנע צווייפעל געוועזן דער קעמעלטרייבער מאהאמעד, דער גרינ־דער פון א שטרענג־מאנאטעאיסטישע רעליגיאן, וועלכע צעהלט יעצט צעהנדליגע מיליאנען אנהענגער און וועלכע האט געמאכט א גוואלדיגע איבערקעהרענעס אין דער וועלט. וויא אזוי ער האט אנ־געפאנגען צו שפיעלען דיא געפעהרליכע ראלע פון א פראפעט, וויא ער האט געקעמפפט געגען זיינע שונאים, וואס ער האט געפרעדיגט און אויפגעטאן און וואס פאר פאלגען זיין רעליגיעזע לעהרע האט ארויסגערופען אין אזיען און אין אייראפא ביי דיא ציוויליזיר־טעסטע פעלקער אין מיטעלאלטער — דאס וועט ערקלערט ווערען אין דיזען ביכעל.

.1

## מאהאָמעד'ס יוגענד.

דער גרינדער פון דער מוסולמאַנער רעליגיאָן האָט אפילו גע־הערט צו דער אריסטאָקראַטיע פון דער הייליגער שטאָדט מעקאַ, אָבער זיין פאָטער אַבדאַלאַה איז געווען איינער פון דיא אָרימסטע פון זיין שטאַם. מאַהאָמעד איז געוואָרען א יתום נאָך מיט א מאָ־נאַט פאַר זיין געבורט, און זיין מוטער איז געשטאָרבען, ווען ער איז אַלט געווען 6 יאָהר. דאָס פערמעגען, וואָס זיין פאָטער האָט איהם איבערגעלאָזען, איז בעשטאַנען פון 2 קעמלען, עטליכע שאָף און 1 אַלטע שקלאַווין. נאָך דעם טויט פון זיין מוטער, וועלכע האָט געהערט צום אַריסטאָקראַטישען און מעכטיגען שטאַם קאָרעישיט, וואָס האָט געהערשט אין מעקאַ און האָט אויפגעפאַסט אויף דעם דאָרטיגען אַלטען הייליגען טעמפעל מיט דעם געטליכען שטיין קאַאַבאַ, איז דער יתום איבערגעגעבען געוואָרען צו זיין זיידען אַבדיעל־מוטאַליב. נאָר אַ קורצע צייט נאַכדעם האָט איהם גענומען צו זיך זיין אָנקעל אבו־טאַליב, וועלכער האָט גערייזט מיט קאַראַוואַ־נען אַלס הענדלער.

דיא צייט פון זיין געבורט איז ניט בעשטימט גענוי. נאָך גרינדליכע היסטאָרישע נאָכפאָרשונגען איז ער געבאָרען געוואָרען אין 570 אָדער 571 יאָהר פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג. זיין געבורט איז שפּעטער פערבונדען געוואָרען מיט נסים, וויא דער שטייגער איז מיט אַלע פּראָפעטען. איינינגע פון דיא נסים זיינען נאָך אַראַבישע לעגענדען צוזאמענגעפלאָכטען געוואָרען מיט וויכ־טיגע היסטאָרישע פאַסירונגען אין 570 יאהר.

ארום יענער צייט האָבען, נעמליך, צוויי מעכטיגע מלכים גע־קעמפּפט וועגען דיא הערשאפט איבער דער וועלט. דאָס איז גע־ווען אַ פאָרטזעצונג פון דעם אַלטען קאַמפּף צווישען פערסיען און גריכען. יוסטין דער צווייטער איז דאַן געווען דער הערשער פון דער ביזאַנטיישער אימפּעריע און דער בעריהמטער חאָזראָ אַנושיר־וואַן, דער „קעניג פון דיא קעניגע“, האָט געהערשט אין פערסיען אין

האַט פערשפּרייטעט זיין מאַכט ווייט אַרום ביז יעמען און אַראַביען. דער קאַמפּף צווישען דיזעביידע אימפּעריעס איז ניט נור געווען אַ פּאָליטישער, זאָנדערן אויך אַ רעליגיעזער, דען דיא פּערסען, דיא פערעהרער פון דעם זונען־גאָט מיטראַ און פון פייער, דיא אנהענגער פון דער זאַ־גענאַנטער זאָראַאַסטרישער רעליגיאָן, האָבען אויך געזוכט צו בעקעהרען אַנדערע פעלקער און זיינען געקומען אין אַ צו־זאַמענשטויס מיט אידישע און בעזאָנדערס מיט קריסטליכע מיסיאָ־נערען אפילו אין רוים זעלבסט. (*) אין פערלויף פון יאהרהונדער־טע האָט אַזיען געקעמפּפט מיט אייראָפּאַ ווענען דיא אויבערמאַכט איבער דער וועלט, צוערשט זיינען דיא קעמפּפערס געווען פּערסען און גריכען, נאַכהער מאָהאַמעדאַנער און קריסטען ביז דיא אַראַבער זיינען פעריאָגט געוואָרען פון שפּאַניען אין 15־טען יאהרהונדערט.

נאָך אין יאָהר 570 האָבען דיא גריכען געקראָגען מיטהעלפערס געגען דיא פּערסען און דיא אַביסיניער, וועלכע זיינען שוין דאַן גע־ווען בעקעהרט צום קריסטענטהום. דער אביסיניער נעגוס (קעניג) האָט געשיקט אַ גרויסע אַרמעע נאָך זיד־אַראַביען, אום צוצוקומען צום פּערסישען גרענעץ און זיך צו פערבינדען מיט דער גריכיש־רוימישער אַרמעע געגען דעם פּערסישען הערשער. דיא אביסיניער האָבען מיטגעבראַכט אַ סך עלעפאַנטען, און דיא אַראַבער, פאַר וועלכע דאָס איז געווען אַ נייעס, האָבען אַ נאָמען געגעבען דיזע צייט „דער עלעפאַנטען יאָהר.“ דיא אביסיניער האָבען געלאַנדעט אין יעמען און האָבען זיך אַ לאָז געטאָן נאָך מעדינאַ, וועלכע האָט דאַמאַלס געהייסען יאַטריג און וועלכע איז געווען אונטער דער הער־שאַפט פון דיא פּערסען. אויפ'ן וועג האָבען זיי געמוזט צוקומען

(*) עס איז בעוואוסט, אַז דיא אַלטע פּערסישע אָדער זאָראַאַסטרישע רעליגיאָן האָט געהאַט אַ סך אַנהענגער אין דער רוימישער אימפּעריע אפילו לאַנג־לאַנג נאָכדעם וויא דיא קריסטען האָבען געזיעגט און דיא פּאַפּסטען האָבען זיך בעפעסטיגט. דער מאָהאַמעדאַניזמוס האָט ביטער בעקעמפּפט דיזע ביידע עלטערע רעליגיאָנען און האָט כמעט אין גאַנצען אויסגעראָטעט דיא זאָראַאַסטריאַנער.

צו מעקא, וועלכע איז זייט דיא עלטעסטע צייטען געוועזן דער רע־ליגיעזער צענטער פון דיא אראבישע שטאמען. דיא קארעישיטען, וועלכע האבען געהערשט אין דיזער היילינער שטאדט, וויל זיי האבען געהאלטען דעם קאאבא־טעמפעל אין זייערע הענד, האבען נאך לאנגע בעטראכטונגען בעשלאסען זיך צו בעפעסטיגען און צו ווערען זיך געגען דיא אביסיניער ארמעע. נאר דאן האט געטראָ־פען א נס. וויא נאר דיא אביסיניער האבען בעלאגערט דיא היי־ליגע שטאדט, האט צווישען זיי אויסגעבראכען א גאנץ אונבעקאנטע שרעקליכע מגפה. אזוי פיעל פון זיי זיינען מיט א מאל געשטאר־בען אין איין נאכט, אז דיא לעבעדיג געבליבענע מענשען זיינען זיך צולאפען אין שרעק צוריק נאך יעמען, און דיא מייסטע פון זיי זיינען אויפ׳ן וועג אויסגעשלאכטעט געווארען פון וואנדערנדע בע־דואינען.

אין דערזעלבער נאכט, ווען דיא אביסיניער האבען געכאפט אזא מפלה לעבען מעקא און דער ביזאנטישער אימפעראטאר האט געמוזט אויפגעבען זיינע פלענער צו בעהערשען אראביען, האט גע־טראפען נאך א נס, וויא דיא מאהאמעדאנער דערצעהלען: אין דעם הויפט־פאלאץ פון כאזראי אנושירוואן זיינען אלע היילינע זאכען איבערגעקעהרט און צובראכען געווארען און דער היילינער נר תמיד, דער צייכען פון דער געטליכער קראפט, איז פלוצלינג פערלאשען געווארען.

אט אין דיזער נאכט איז עס געבארען געווארען אין איינער פון דיא ארימסטע הייזער פון מעקא מאהאמעד, וועמען עס איז בעשערט געוועזן צו ברעכען דיא מאכט פון ביידע גרויסע אימ־פעריעס און צו פערשפרייטען דיא מוסולמאנער רעליגיאן איבער דער אלטער וועלט. ביידע נסים זיינען געוויס אויסגעטראכט גע־ווארען לאנג נאכדעם וויא מאהאמעד׳ס נאכפאלגער האבען מיט פייער און שווערד געצוואונגען פיעלע פעלקער צו אנערקענען דעם קעמעל־טרייבער מאהאמעד פאר דעם ריכטיגען פראפעט. אבער אין דיזע מעשות איז דאך אויסגעדריקט א גרויסע היסטארישע וואהרהייט, נעמליך: אז דיא געבורט פון מאהאמעד איז געוועזן א

טויטקלאפּ פאַר דיא ביזאַנטישע און פּערסישע אימפּעריעס און פאַר זייערע רעליגיאָנען אין אַזיען און אין אַפריקא.

נאָך דער נידערלאגע פון דער אביסיניער ארמעע (דאָס איז א היסטאָרישער פאַקט) אויפ'ן וועג צום פּערסישען גרענעץ איז עס דיא פּערסען געלונגען צו פּעריאגען דיא אביסיניער אויך פון יעמען און צו בעהערשען א קורצע צייט אַראַביען, וויא עס איז איבערהויפּט מעגליך געווען צו בעהערשען אַזאַ לאַנד, וואָס איז אימער בעזעצט געווען פון וואַנדערנדע און רויבערישע בעדואינען און פון פיעלע שטאַמען, וועלכע האָבען געקעמפּפט צווישען זיך. דיא הערשאַפט האָט זיך געוועהנליך אַרויסגעצייגט אין גאַרניזאָנען, וועלכע זיינען געהאַלטען געוואָרן אין דיא גרעסערע שטעדט, בע־זאָנדערס אין דיא פּאָרטען.

אָבער לאָמיר לאָזען דיא נסים צו דיא גלויביגע אָן אַ זייט און בעטראַכטען וואָס מען וויים פון דעם לעבען פון מאַהאָמעד ביז ער האָט אָנגעפאַנגען זיך אַרויסצוגעבען פאַר אַ פּראָפעט.

זיינע קינדערשע יאָהרען האָט ער פערבראַכט אין ארמוטה. קיין זאך האָט דאַן ניט אָנגעצייגט אויף זיין צוקינפטיגע וועלט־איבערקעהר'ענדע ראָלע. זיינע אָנקלען האָבען ביי זייער בעסטען ווילען איהם ניט געקענט פיעל העלפען, ווייל זיי זיינען אויך געווען אָרימע מענשען. דאַרום האָט ער געמוזט פּאַסען קעמלען און שעפסען, ווען ער איז נאָך געווען א גאַנץ יונגער אינגעל, און נאכהער טרייבען קעמלען, ווען ער האָט שוין געקענט בעגלייטען זיין אָנקעל אבו־טאַליב אין דיא קאַראַוואַנען־רייזען נאָך סיריען. אין איין סורא (קאַפּיטעל) פון קאָראַן האָט ער זיך אַזוי אויסגעדריקט וועגען זיין אָרימע יוגענד: „האָט דען גאָט דיך ניט געפונען אלס יתום און דיך ניט בעשיצט? האָט ער דיך ניט געפונען אָרים און געמאַכט רייך? האָט ער דיך ניט געפונען אויף א פאַלשען וועג און ניט אַרויסגעפיהרט אויף א ריכטיגען וועג?“

איין מאָל, ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָהר פופצעהן, האָט ער בעגלייטעט זיינע אָנקלען, וועלכע האָבען געפאָכטען צוזאַמען מיט אַנדערע קאָרעישיטען געגען דעם בעדואינער שטאַם בני־

חאוואַזין. ער האָט דאַן געהאָלפּען זיינע אָנקלען, קלייבענדיג דיא פאַלענדע פיילען.

פון אירגענד וועלכע ערציהונג און בילדונג אפילו נאָך יענע באַרבאַרישע צייטען אין אַראַביען האָט גאָר קיין ריידע ניט גע־קענט זיין. דער צוקינפטיגער פּראָפעט האָט אַפילו ניט געלערנט לעזען און שרייבען. ביז 24 יאָהר האָט ער געדיענט ביי זיינע אָנקלען אַלס פאַסטוך און קעמעל־טרייבער. וואָס ער האָט געטאָן און געטראַכט אין דיא פרייע מינוטען אָדער ווען ער איז געלעגען בישעת דיא שעפסען און קעמלען האָבען זיך געפּאַסעט, דאָס וויים מען ניט. דיא אַראַבישע פאַנטאַזיע האָט אויסגעטראַכט פיעלע וואונדערליכע געשיכטען וועגען אַלע יאָהרען פון זיין לעבען. נעה־מענדיג אין אנבעטראכט, דאָס ער האָט געהאַט אַ פּאָעטישע נאַטור מיט אַ זעהר צורייצטע פאַנטאַזיע, וויא זיינע סוראַס אין קאָראַן צייגען עס, מוז מען אָננעהמען, אַז ער האָט ניט ווייניג פאַנטאַזירט אין זיין יוגענד. דערצו נאָך האָט ער פון קינדווייז אָן געליטען פון דער פאַליגער קראַנקהייט, וועלכע האָט איהם ניט פערלאָזען ביז'ן טויט. דאָס צייגט, אז ער איז געווען נערווען־קראַנק, און זיין גייסטיגער צושטאַנד איז ניט געווען אַ רעגעלמעסיגער. ער האָט דארום אויך געמוזט ליידען פון האַלוצינאַציאָנען.



.2

## מאהאמעד'ס אנפאנג אלס פראפעט.

אין 594טען יאהר איז פארגעקומען אן ענדערונג אין זיין לע־בען. א רייכע אלמנה מיט דעם נאמען חאדידזשא, זיינע א ווייטע קרובה, האט געווארפען אן אויג אויף איהם אלס א שעהנעם און רוהיגען יונגען מאן, און האט איהם געמאכט פאר דעם אנפיה־רער פון איהרע קאראוואנען. אין א יאהר ארום האט זיא מיט איהם חתונה געהאט. איהר איז שוין דאן געווען 40 יאהר און איהם א יאהר 25. דאך איז ער געווען זעהר צוגעבונדען צו איהר און, וויא מען רעכענט, ניט בלויז אויס דאנקבארקייט. ער האט איהר געאכטעט ביז דיא לעצטע מינוט פון איהר לעבען, האט געפאלגט איהרע ראטהען און האט שטארק בעדויערט איהר טויט.

זי איז אהנע צווייפעל געווען א זעהר קלוגע און מוטהיגע פרוי. דיא מאהאמעדאנער דערצעהלען וועגען איהר פיעלע נסים און האלטען איהר פאר איינע פון דיא גרעסטע און בעסטע פרויען אין דער וועלט. וועגען איהר חתונה מיט א מאן, וואס נאך זיין אלטער, האט ער געקאנט זיין זאגאר איהר זוהן, דערצעהלען זיי, אז צוויי מלאכים האבען זיך בעוויזען, ווען ער האט זיך צוריקגע־קעהרט נאך זיין צווייטער קאראוואן־רייזע אין סיריען, און האבען איהר אנגעקינדיגט, אז זיא זאל ווערען זיין ווייב. נאך אלע בע־ריכטען האבען זיי געלעבט גאנץ געמיטהליך און זאגאר גליקליך. זיא האט נאך צייט געהאט צו שענקען איהר יונגען מאן זעקס קינ־דער, דריי זיהן און דריי טעכטער. דיא זיהן זיינען געשטארבען אין דער קינדהייט. דיא טעכטער זיינען שפעטער געווארען זיינע אנהענגער. איינע פון זיי, פאטימא, האט זיך בעזאנדערס אויס־געצייכענט און ווערט זעהר פערעהרט פון אלע מוסולמאנער. איהר לעצטע טאכטער האט חאדידזשא געהאט, ווען זיא איז שוין אלט געווען 51 יאהר. דרייצעהן יאהר שפעטער איז זיא געשטאר־בען צום גרעסטען בעדויערען פון דעם פראפעט זעלבסט און אלע, וועלכע האבען איהר געקענט.

דיא גאַנצע צייט ביז איהר טויט איז ער איהר געבליבען טריי. אויס אכטונג אָדער דאַנקבארקייט צו איהר האָט ער בעשרענקט דיא ווילדע ליידענשאַפט צו פרויען, וועלכע ער האָט אויף דער עלטער ארויסגעוויזען און צוליעב וועלכע ער האָט בעוויליגט פּאָליגאַמיע (פיעל־ווייבעריי). מען רעכענט אויך, אַז ביז זיין חתונה מיט כאַדידזשא האָט ער קיין פערקעהר געהאַט מיט פרויען. עס איז מעגליך, אַז אלע זיינע ליידענשאַפטען און פעהיגקייטען האָבען זיך אָנגעפאַנגען ארויסצו־ווייזען ארום דעם אַלטער, ווען ביי אַנדערע ווערען זיי שוין אָבגעשוואַכט, דען זיין פּראָפּעטען־ראָלע האָט ער אָנגעפאַנגען, ווען ער איז שוין געוועזען 40 יאָהר.¹

אָבער אויך דאַן, ווען ער האָט זיך אַרומגערינגעלט מיט פיעלע יונגע און שעהנע מיידלעך, האָט ער שטענדיג געלויבט דיא אַלטע חאַדידזשאַ און האָט בעדויערט איהר טויט. ער פלעגט איהר אַזוי אָפּט דערמאָנען צום גוטען, אַז דיא שעהנע אַאישא, וועלכע ער האָט בעזאָנדערס געליעבט אויף דער עלטער, איז אייפערזיכטיג געוואָרען אויף דיא געשטאָרבענע און האָט איהם איין מאָל אַ פרעג געטאָן: „זאָג מיר, בין איך ניט בעסער וויא חאַדידזשאַ? זיא איז דאָך געוועזען אַלט, אָהן ציינער און מיאוס. דו ליעבסט מיך מעהר, וויא דו האָסט איהר געליעבט, ניט אמת?“ ער האָט איהר אָבער גלייך געענטפערט אָהן צערעמאָניעס: „אָה, ניין, ביי אַלאַה, ניין! זיא האָט געגלויבט אין מיר מעהר וויא אירגענד וועלכער אַנדערער. אויף דער גאַנצער ערד האָב איך נאָר געהאַט איין פריינד, און דאָס איז געוועזען חאַדידזשא.“

איבער 15 יאהר האָט מאהאָמעד געפיהרט דיא געשעפטען פון זיין רייכער פרוי און אין דער צייט איז ער עטליכע מאָל געוועזען מיט זיינע קאַראַוואַנען אין סיריען, וואו ער האָט געהאַט דיא געלעגענהייט צו זעהען דיא וועלט און צו בעקענען זיך מיט אידען און קריסטען און עפּעס צו לערנען פון זיי, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהען. ער האָט זיך דיא גאַנצע צייט אויפגעפיהרט אַזוי עהרליך און פריעדליך, אַז ער האָט געוואונען דיא אַכטונג פון פיעלע מיטבירגער. פון צייט צו צייט פלעגט ער אַוועקגעהן צו דיא בערג

הארא הינטער מעקא, און דאָרט זיך פערטיעפען אין זיינע געדאַנ־קען און פאַנטאַזיעס. וואָס ער האָט געטראַכט, זיצענדיג אַזוי אין דער וויסטע, קען מען נאָר אורטהיילען נאָך זיינע לעהרען אין קאָראַן. עס איז זיכער, אַז ער האָט געטראַכט וועגען גאָט און דיא געהיימניסע פון דער נאַטור און אַז זיין קרענקליכע פאַנטאַזיע האָט איהם פערטראָגען ווייט אין דער איינגעבילדעטער וועלט.

נאָך דיא אַראַבישע לעגענדען פלעגט ער נאָך אין זיינע יונגע יאָהרען ארויסגעהן יעדען יאָהר אויף אַ גאַנצען מאָנאַט אין דער וויסטע און טראַכטען וועגען דיא וועלט. דער רייכטהום פון זיין פרוי האָט איהם ערלויבט אָבצוגעבען זיך אין גאַנצען צו זיינע רע־ליגיעזע מחשבות און געפיהלען, וועלכע האָבען איהם אַלץ מעהר בעהערשט וואָס עלטער ער איז געוואָרען. ביז 40 יאָהר האָט ער אַזוי געטראַכט אין איינזאַמע ערטער, מייסטענס אין דער וויסטע־נעס, און האָט געשוויגען. זיין איינציגע אַנפערטרויטע איז אין יענער צייט וואהרשיינליך געווען זיין קלוגע פרוי חאַדידזשא, וועל־כע איז אויך נאַכהער געווען דיא ערשטע צו גלויבען אין זיין געט־ליכע מיסיאָן, און זיין פּראָפעטען־ראָלע. מען רעכענט, אַז ער האָט איהר עטליכע מאָל מיטגענומען אין דיא איינזאַמע ערטער, וואו ער פלעגט בעזאָנדערס ליעב האָבען צו פערטראַכטען זיך.

זיכער איז עס יעדענפאַלס, אַז ער האָט לאַנג איבערגעטראַכט אַלעס וואָס עס איז איהם אויסגעקומען צו הערען פון דיא אידען, קריסטען און דיא זאָ־געאַנטע חאַניפען (אַראַבער וואָס האָבען זיך אָבגעטרייסעלט פון געצענדיענסט און געגלויבט אין איין גאָט), מיט וועלכע ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפען אויף זיינע רייזען און מיט וועלכע ער האָט שטענדיג געזוכט צו פערפיהרען געשפּרעכען. וואָס מעהר ער האָט געטראַכט, איז ער אַלץ פעסטער געקומען צו דער אי־בערצייגונג, אַז דיא געצענדיענערישע רעליגיאָן פון זיין אייגענעם שטאַם און פון דיא מייסטע אַראַבען איז שענדליך און העסליך און אַז עס קאָן נאָר געבען איין ריכטיגער גלויבען: דער גלויבען אין איין איינציגען גאָט. ער איז אַזוי ביסלעכווייז געקומען צו דעם

שטרענגען מאָנאָטעאיזמוס, וועלכען ער האָט אויסגעדריקט אין קאָראַן.

עס איז שווער צו זאָגען, וויא לאַנג ער וואָלט אַזוי געטראַכט אין דער וויסטענעס, ניט וויסענדיג וואָס ער זאָל אָנפאַנגען צו טאָן, אום ארויפצובריינגען זיינע ברידער, אַלע אַראַבען, אויף אַ ריכטיגען וועג, ווען איין מאָל וואָלט זיך איהם ניט אויסגעדוכט, אַז אַ שליח פון הימעל איז ערשיענען פאַר זיינע אויגען און האָט איהם בעפוילען צו פּרעדיגען דעם גלויבען אין איין גאָט. נאָך דיא מאַהאָמעדאַנישע לעגענדען האָט עס פּאַסירט אין דעם מאָנאַט ראַמאַדאַן פון 610 יאָהר, ווען ער האָט געדרעמעלט אין הייל פון דיא בערג הארא נאכדעם וויא ער איז געפאַלען אַן אויסגעמאַטערטער פון לאַנגע אַרומוואַנדערונגען און טראַכטענים. ער אַליין גיט אַזוי איבער דיזע געטליכע ערשיינונג אין קאָראַן: „פּלוצלונג האָב איך דערפיהלט א י ן ש ל אָ ף, אַז אימיצער איז צוגעקומען נאָהענט צו מיר און האָט געזאָגט: „ל ע ז!“ איך האָב געענטפערט: „נ י י ן!“ דאַן האָט ער מיך אַזוי צוגעדריקט, אַז איך האָב געמיינט, דאָס איך שטאַרב, און האָט וויעדערהאָלט: „ל ע ז!“ איך האָב זיך וויעדער ענטזאַגט און ער איז וויעדער ערשיענען און האָט מיך צוגעדריקט; און איך האָב דערהערט דיא ווערטער: „לעז אין נאָמען פון דיין גאָט, וועלכער שאַפט, שאַפט דעם מענשען פון אַ בלוטיגען קערנדעל. לעז: דיין גאָט, ער איז באַרמהערציג, ער גיט צו וויסען דורך אַ שרייב־שטעקעלע, גיט וויסען דעם מענשען דאָס, וואָס ער האָט ניט געוואוסט.“ ווען איך האָב איבערגעלעזען, איז דיא ערשיינונג אָבגעטראָטען פון מיר, און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. און איך האָב געפיהלט, אַז דיזע ווערטער זיינען פערשריעבען אין מיין האַרץ.“

אין דער גרעסטער אויפרעגונג איז ער אַוועק פון דער וויסטענעס אהיים און האָט באַלד דערצעהלט זיין פרוי, וואָס ער האָט געזעהען און געהערט אין חלום. ער האָט עס דערצעהלט מיט אַזא בעגייסטערונג און טיעפען גלויבען, דאָס איינער פון איהרע קרובים, וועמען זיא האָט צוגערופען אויסהערען דעם נס, האָט גלייך בע־

מערקט: „אויב דאָס איז אמת, האַדידזשאַ, הייסט עס, אז אויף איהם איז אַרויף דער גרויסער נאָמוס (דאָס מיינט וואהרשיינליך דער געטליכער גייסט), וועלכער האָט זיך אַ מאָל בעוויזען צו משה'ן, און דאַן הייסט עס, אַז ער איז דער נביא פון אונזער פאָלק."

עטליכע וואָכען נאַכדעם איז מאַהאָמעד רוהיג געבליבען צו הויזע. נאָר איהם האָט געצויגען אין דער וויסטענעס, פיליכט וועט ער וויעדער זעהען דיא וואונדערבאַרע ערשיינונג. שטונדען־לאַנג האָט ער דאָרט איין טאָג געוואַנדערט צווישען דיא בערג זעהר אַ דערשלאָגענער און פערצווייפעלטער. ער האָט זיך געפיהלט אזוי שלעכט און אונגליקליך, דאָס ער האָט געוואָלט זיך אַראָפּוואַרפען פון אַ הויכען באַרג, אום ערלייזט צו ווערען פון זיין האַרצקלעמעניס. נאָר גראַדע אין דיזער מינוט האָט עפּעס אַ וואונדערבאַרער שיין אַ שוועב געטהאָן פאַר זיינע אויגען, און אַ רוהע האָט זיך צוגאָסען איבער זיין האַרץ. נאָר קערפּערליך איז ער געווען זעהר שוואַך און אויסגעמאַטערט. אַהיים איז ער געקומען אין פיעבער־האַפטען צושטאַנד. עס האָט איהם געטרייסעלט, זיין קערפּער האָט געציטערט. ער איז אַרויס אין גאָרטען, וואו מען האָט איהם איינגעוויקעלט אין אַ פּלאַשטש. דאַן האָט ער זיך געלייגט אויף דער ערד, דען ער האָט געפיהלט, אַז אַן אַטאַקע פון דער פאַליגער קראַנקהייט קומט אויף איהם אָן. אין דער צייט, ווען ער האָט געקראָגען ספּאַזמען, האָט ער דערהערט פאָלגענדע ווערטער, וועלכע ער האָט נאַכהער איבערגעגעבען אין קאָראַן: „דו, איינגעוויקעלטער אין אַ פּלאַשטש, שטעה אויף! פּרעדיג דיין גאָט! לויב איהם! דיינע קליידער רייניג אָפּ! אונריינקייט — מיידע איהר אויס! זיי ניט גוט אויס האַבזוכט און האַלט זיך פעסט אָן דיין גאָט!"

נאַכדעם איז ער שוין זיכער געוואָרען ביי זיך אין האַרצען, אַז ער איז ווירקליך גאָט'ס שליח צו פּרעדיגען דעם ריכטיגען גלויבען פאַר זיין פאָלק און צו צושטערען זייער געצענדיענסט. דיזער גלויבען איז אַלץ פעסטער געוואָרען ביי איהם שפּעטער, ווען ער האָט איבערגעגעבען זיינע ווייטערע געשפּרעכען מיט גאָט אָדער מיט מלאכים אין האַלב־פּאָעטיישע האַלב־פאַנטאַסטישע בילדער מיט

ווערטער, וועלכע קלינגען יעצט, ווען מען לעזט זיי אין קאָראַן, אַזוי וויא רייד פון אַ היצקריינק.

דיא ערנסטעסטע און גרינדליכסטע נאַטור־פאָרשער פון מאַ־האַמעד'ס לעבען און פון קאָראַן גיבען צו, אַז ער איז ניט געווען אַ שאַרלאַטאַן, אַז ער האָט קיינעם ניט געמיינט צו נאַרען, ווייניג־סטענס אין אָנפאַנג פון זיין פראָפעטען־ראָלע, און אַז ער האָט גאַנץ אויפריכטיג געגלויבט אין דיא וואונדערבאַרע ערשיינונגען, וועלכע ער האָט געזעהן אין דער צייט פון זיינע נערווען־אַטאַקען און שפּאַז־מען. דיא איינפאַכקייט פון זיינע אייגענע שילדערונגען איבער די ערשטע וואונדערבאַרע ערשיינונגען, וועלכע האָבען נאָר געקענט זיין האַלוצינאַציאָנען פון אַ גייסטיג־קראַנקען מענשען, צייגט אויך, אַז ער האָט עס ניט אויסגעטראַכט. ווען ער וואָלט געמיינט צו נאַרען דעם עולם, וואָלט ער עס בעשריעבען מיט שענערע פאַרבען און געשילדערט מיט מעהר צואַזמענהאַנג און פערשטאַנד דער אונזין פון דיא ווערטער, וועלכע האָבען זיך איהם געדוכט אַלס געט־ליכע, ווען זיינע קראַנקע נערווען זיינען צורודערט געווען נאָך לאַנגע וואַנדערונגען און מחשבות איבער גאָט און דיא וועלט, יע־נען טאַקע נאָר געגליכען ווערן צו דיא רייד פון אַ משוגענעם אָדער פון איינעם, וואָס ליגט אין היצקריינק. דיא מאָהאַמעדאַנער טע־אָלאָגען האָבען געזוכט און זוכען נאַטירליך פערבאָרגענע סודות אין דיזען אונזין, אין דיזע ווערטער פון אַ צומישטען קאָפּ, אבער פאַר יעדען פערנינפטיגען מענשען איז עס קלאָר, אַז דאָס זיינען איינפאַך האַלוצינאַציאָנען.

נאָר דורך זיין פעסטען גלויבען אין זיינע אייגענע קראַנק־האַפטע פאַנטאַזיען האָט ער געוואונען אַנהענגער און געזיעגט. דיא האַלוצינאַציאָנען, פאַר וועלכע מען שפּאַרט אָפּט איין אין אַ דול־הויז, ווערען געטליכע אָפּענבאַרונגען, ווען איינער ערקלערט זיך און ווערט אַנערקענט פאַר אַ פּראָפעט.

אַזוי יעדענפאַלס איז געווען דער אָנפאַנג פון מאַהאָמעד'ס קאַריערע אַלס נביא.

דער נעכסטער שריט איז געווען צו קריעגען עטליכע אַנהענ־

גער, דיא ערשטע נאָכפאָלגער, פון וועלכע דער ערפאָלג און שיקזאַל פון יעדען נביא הענגט אָפּ.

נאָר איידער מיר געהען שילדערען מאַהאָמעד'ס וייטערע אויפ־טואונגען ביז ער איז געוואָרען דער הערשער פון אַראַביען, וועלען מיר פריהער וואַרפען א בליק אויף דעם דאמאָלסדיגען צושטאַנד פון דיזען מערקווירדיגען לאַנד, וואָס איז אַזוי רייך געוועזען אין נביאים און פּאָעטען וויא פּאַלעסטינע. דאָס איז נויטווענדיג אום צו פערשטיין, וויא און ווארום מאַהאָמעד איז געקומען צו זיינע רע־ליגיעזע געדאַנקען, וועלכע האָבען געפונען אַזאַ גרויסען און טיעפען אָפּקלאַנג אין דיא הערצער פון אַלע קינדער פון ישמעאל.



.3

## דער צושטאַנד פון אַראַביען אין מאַהאָמעד'ס צייט.

אויב דיא בעדואינען, דיא קינדער פון דער אַראַבישער וויס־טענעס, זיינען נאָך ביז היינט צו טאָג געבליבען אַזוי ווילד וויא מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, זאָ האָבען אָבער דיא אַראַבישע שטאַמען, וואָס האָבען זיך בעזעצט אין דיא געגענדען לעבען דיא ברעגעס פון רויטען ים (דיזע געגענדען טראָגען דעם נאָמען „גליקליכע אַראַב־יען") דערגרייכט צו א צימליך הויכע קולטור־שטופע אין דיא גרוי־אַלטע צייטען. דיא צענטערס פון דיזע קולטור און פון דעם האַנ־דעל, וועלכער איז געפיהרט געוואָרען דורך יעמען צווישען אַפריקא און אַזיען נאָך אין ביז־היסטאָרישע צייטען, זיינען געוועזען מאַקאָ־ראַבאַ (מעקא) און יאטריב (מעדינאַ).

מעקאַ איז געוועזען דער רעליגיעזער צענטער פון אַלע אַראַבישע שטאַמען. זיא איז געוועזען אַ הייליגע שטאָדט פון דיא בני־ישמעאל מיט יאהרהונדערטע פאַר מאָהאַמעד'ס געבורט. מאַהאָמעד האָט נאָר אַנערקענט אַ פאַקט, וועלכער האָט עקזיסטירט פאַר איהם, ווען ער האָט ערקלערט פאַר אַ גרויסע מצוה צו בעזוכען דעם קאַאבאַ־טעמפעל אין מעקא. נאָך דיא אַראַבישע לעגענדען איז דער קוואַל זעמזעם אין מעקא דער זעלבער, וואו עס האָט געטראָפען דיא ביבלישע געשיכטע מיט הגר און ישמעאל. דיא מאַהאָמעדאַ־נער גלויבען יעצט יעדענפאַלס, אַז דער מלאך גבריאל האָט זיך בע־וויזען אויף הגר'ס געבעט און האָט גערעטעט ישמעאל'ן מיט א טרונק פון דעם קוואַל זעמזעם. דיזע און אַנדערע לעגענדען פון די אַראַבען צייגען, אגב אורחא, אַז זיי געהערען צו איין שטאַם מיט דיא בני ישראל.

לעבען דיזען קוואַל איז געשטאַנען אַן אַלטער טעמפעל מיט דעם בעריהמטען שטיין קאַאבאַ, וועלכער האָט געדיענט אַלס אַ מזבח. נאָך דיא לעגענדען איז דיזער טעמפעל געבויט געוואָרען פון אברהם זעלבסט, ווען ער איז געקומען בעזוכען זיין פעריאָגטען זוהן ישמעאל, און דער הייליגער שטיין איז דאַן געבראַכט גע־

וואָרען פון מלאך גבריאל. לעבען דיזען טעמפּעל האָט מען אָנגע־
ציינט אויף א פעלז, וואו אברהם און ישמעאל האָבען געבעטען
גאָט. דיזער אָרט הייסט „מאַקאַם איבראַהאַם (מקום אברהם)“.
אין דער ווירקליכקייט איז קאַאַבאַ, וואָס איז בלויז אַ שטיק
שוואַרצליכע שטיין, אַן אָנדיינקען אָן די גרוי־אַלטע צייטען, ווען
מען האָט פערעהרט שטיינער אַלס סימבאָלען פון עוויגקייט און פון
דער מוטער ערד און ווען מען האָט געגאָסען אויל אויף שטיינער
מזבחות צו דיא געטער.

וואָס אַנבעלאַנגט צו יאַטריב, האָבען זיך דאָרטען און אַרום
געפונען איינינגע קריסטליכע סעקטען און בעזאָנדערס אַ סך אידען.
דיזע שטאָדט איז שטענדיג געווען אין פערבינדונגען מיט דיא
האַנדעלס־ערטער אין ארץ ישראל און סיריען. אידען האָבען זיך
דאַרום דאָרטען געפונען נאָך אין שלמה המלך׳ס צייטען, וויא מען
רעכענט. יעדענפאַלס האָבען דיא אידען אַ געוויסע צייט גע־
פיהרט דיא רעדעל אין יאַטריב און האָבען בעקעהרט איינינגע אַראַ־
בישע שטאַמען צו זייער גלויבען. אין דער צייט, ווען מאָהאַמעד
איז אַרויסגעטראָטען אַלס פּראָפעט, האָבען דיא אידען געשפּיעלט
אַ גאַנץ גרויסע ראָלע ניט נאָר אין יאַטריב, זאָנדערן אין דעם גאַנ־
צען נאָרדליכען טהייל פון אַראַביען. דיא אַראַבען אין יאַטריב
און אין גאַנצען נאָרד זיינען יעדענפאַלס געווען מעהר ענטוויקעלט
און אויפגעקעלהרט, וויא זייערע ברידער אין מעקאַ און אַנדערע
צענטראַל־געגענדען, ווייל זיי זיינען געווען נעהנטער ניט נאָר צו
דיא אידען, זאָנדערן אויך צו דיא צענטערס פון דער אַזיאַטישער
און גריכיש־רוימישער ציוויליזאַציאָנען.

מיר האָבען שוין געזעהען, אז דיא הערשער פון פּערסיען און
ביזאַנטיען האָבען געקעמפּפט וועגען דיא הערשאַפט איבער אַראַב־
יען, נאָר דער הויפּט־פּונקט איז געווען יאַטריב. דאָרטען האָבען
זיך געפונען ניט נאָר קריסטליכע און אידישע אַראַבען, זאָנדערן
אויך אַזעלכע, וואָס האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון זייער נאַציאָנאַלען
געצענדיענסט און וואָס האָבען אָנגעפאַנגען צו גלויבען אין איין
גאָט. אַזעלכע אַראַבען האָבען געטראָגען דעם נאָמען „חאַניף“,

וואָס עס בעדייטעט אונגעפעהר אפּיקורס. דיזע חאַניפעז זיינען שנעל צוגעשטאַנען צו מאַהאָמעד׳ן, ווען ער איז אנטלאָפען נאָך יאַטריב. דיזער וואָרט בעדייטעט יעצט א׳ן אנהענגער פון דעם אַל־טען גלויבען פון אברהם און ישמעאל, ווייל אין דיזען זינען האָט זיך מאַהאָמעד אויך ערקלערט פאַר אַ חאַניף.

עס איז אַ פאַקט, אז דיא חאַניפען האָבען איבערזעצט אויף אַראַביש איינינע חאַלדעאישע שריפטען וועגען אברהם אָדער האָ־בען אַליין צוזאַמענגעשטעלט אַ מאָנאָטעאיסטישע לעהרע אין נאָ־מען פון אברהם, אום בעסער צו קענען ווירקען אויף זייערע געצענ־דינערשע ברידער. אויך ווייס מען, אַז צווישען זיי זיינען געווען מענער, וואָס האָבען געוואָלט שפּיעלען דיא ראָלע פון נביאים, אום צו פעראייניגען אַלע אַראַבישע שטאַמען אין איין נאַציאָן מיט איין גלויבען. דאָס הייסט: זיי האָבען געוואָלט אויפטאָן דאָס זעלבע וואָס מאַהאָמעד, וועלכער איז זיכער געווען אין פערבינדונגען מיט זיי אין דער צייט פון זיינע רייזען, האָט אויסגעפיהרט.

איינער פון דיא עלטעסטע אַראַבישע שרייבערס איבער מאַ־האָמעד׳ס לעהרע דערצעהלט אַזאַ געשיכטע וועגען דיא חאַניפען: „איין מאָל האָבען זיך דיא קאָרעישיטען צוזאַמענגעקליבען אין קאַאַבאַ־טעמפּעל אַרום אַ געצקע, וועלכע זיי האָבען בעעהרט מיט קרבנות, איידער זיי האָבען זיך בעראַטהען וועגען זייערע אנגעלע־גענהייטען. איין מאָל אין יאָהר איז דאָרטען געווען אַ גרויסער יום טוב, ווען אַ סך מענשען פלעגען קומען פון ווייט אַרום. נאָר 4 מענער האָבען זיך אָבגעטהיילט פון דיא אַנדערע און האָבען אין געהיים זיך דורכגערעדט וועגען געטליכע זאַכען. דאָס זיינען געווען וואַראַקאַ, אַ פּלימעניק פון מאַהאָמעד׳ס ערשטע פרוי חאַ־דידזשאַ, אָסמאַן, וואַראַקאַ׳ס אַ קרוב, אובײדאַלאַך, מאָהאַמעד׳ס אַ שוועסטערקינד, און זעיד, אַמראַ׳ס זוהן. און אָט וואָס זיי האָבען געזאָגט: „אונזערע ברידער זיינען אין אירטהום, זיי פערדרעהען אברהם׳ס אמת׳ן גלויבען. וויא לאַנג נאָך וועלען מיר זיך דרייהען, וויא זיי, אַרום אַ שטיין, וועלכער זעהט ניט און הערט ניט און קען

אונז ניט טאָן קיין שלעכטעס און קיין גוטעס. לאָמיר בעסער זו־כען א בעסערען גלויבען."

און זיי זיינען אוועק רייזען אין פרעמדע ערטער און לענדער, זוכענדיג אלץ דיא ריכטיגע אמונה פון דיא חאַניפען. דריי פון זיי האבען אָנגענומען צוערשט דיא קריסטליכע רעליגיאָן, נאָר זעיד האָט זיך צוריקגעקעהרט אַן אונצופריעדענער מיט דעם קריסטענ־טהום. דיזער זעיד האָט דאַן אָנגעפאַנגען צו פּרעדיגען לעבען קאַאבאַ־טעמפּעל געגען געצענדיענסט און האָט ערקלערט דעם גלוי־בען פון דיא חאַניפען. נאָך אַראַבישע לעגענדען איז מאַהאָמעד געזעהן איינער פון זיינע צוהערער. פון דיזען פארגענגער פון מאַ־האָמעד זיינען אויך געבליבען פּאָעזיען, אין וועלכע ער צייגט דעם אונזין פון געצענדיענסט און פּרעדיגט דעם גלויבען אין איין איינ־ציגען גאָט. ווען מאַהאָמעד איז אַרויסגעטראָטען אַלס פּראָפעט, איז זעיד געקומען פון זיין צווייטע רייזע נאָך סיריען. וויא נאָר ער האָט דערהערט פון מאַהאָמעד'ס פּרעדיגען, האָט ער זיך שנעל אַ לאָז געטאָן נאָך מעקא, נאָר אויפ'ן וועג איז ער דער'הרג'עט גע־וואָרען פון רויבער. עס איז בעוואוסט, אַז מאַהאָמעד האָט איהם זעהר געאַכטעט און האָט בעדויערט זיין טויט.

דיזער פאַל צייגט גאַנץ קלאָר, אַז מאַהאָמעד האָט אייגענטליך נאָכגעפאָלגט דעםביישפּיעל פון אַנדערע און אַז דער באָדען איז געוועזען פאָרבערייטעט פאַר אַ מאַן, וואָס זאָל אַרויסטרעטען אַלס אַ נביא, אַלס רעסול־אַלאַה (שליח פון גאָט). די חאַניפען האָבען נאָר געוואַרט אויף אַ נביא, וואָס זאָל קענען אויספיהרען זייער וואונש צו געבען דיא אַראַבען נאַציאָנאַלע איינינגקייט אין פערבינדונג מיט אַ מאָנאָטעאיסטישע רעליגיאָן, וועלכע זאָל מעהר שטימען מיט דעם אַראַבישען גייסט, וויא דיא אידישע און קריסטליכע. מאַהאָ־מעד, וועלכער איז געוועזען אַ'ן עכטער אַראַב אין אַלע בעציהונגען, האָט דאָס זיי געגעבען און אין דעם איז בעשטאַנען דיא הויפּט־אורזאַכע פון זיין ערפאָלג. מיר וועלען שפּעטער זעהען, אַז מאַהאָ־מעד האָט זיך געשטיצט אין זיינע דרשות און נביאות אויף דעם

מאנאָטעאיזמוס, וואָס דיא חאַניפען האָבען פערבונדען מיט דיא טראַדיציאָנען (מסורות) וועגען אברהם.

אידען און קריסטען האָבען זיך אָנגעשטרענגט צו בעקעהרען דיא אַראַבען און האָבען געקראָגען אַ סך אנהענגער; אָבער זיי איז זיין מאָל ניט געלונגען אויפצורודערן אַלע אַראַבען און אַרויסצורופען אַ נאַציאָנאַלע רעליגיעזע בעוועגונג, וויא דיא חאַניפען האָבען עס געוואונשען און מאַהאָמעד האָט עס אויסגעפיהרט.

לאָמיר יעצט בעטראַכטען, וואָס מאַהאָמעד האָט געטאָן, אום אנערקענט צו ווערן פאַר אַ פּראָפעט פון אַראַבישען פאָלק.



.4

## מאַהאָמעד'ס פּרעדיגען אין מעקאַ.

דיא ערשטע, וואָס האָבען אנערקענט מאַהאָמעד'ן פאר אַן אמת'ן שליח פון גאָט, זיינען געוועזן זיין פרוי און קינדער, דארונ־טער אויך אַלי, דער זוהן פון זיין גוטען אָנקעל אבו־טאליב, און זעיד איבן חאַרים, אַ קריסטליכער שקלאוו, וועלכען ער האָט אַדאָפּ־טירט, ווייל זיינע אייגענע זיהן זיינען געשטאָרבען. דיזע צוויי יונגע און קרעפטיגע לייט, בעזאָנדערס אַלי, האָבען געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע אין דער פערשפּרייטונג פון מאָהאַמעדאַנישען גלויבען. זעיד איז געוועזן אַ שקלאַוו ביי מאַהאָמעד'ן, נאָר ער איז אַזוי געפּעלען געוואָרען זיינע בעלי־הבתים, דאָס מאַהאָמעד האָט איהם צוערשט בעפרייט און נאכהער אָנגענומען פאר א זוהן.

נאכהער האָט מאַהאָמעד געוואָלט בעקעהרען זיינע קרובים פון דעם אַריסטאָקראַטישען שטאַם קאָרעישיט. ער האָט זיי אַלע־מען איינגעלאַדען צו זיך און האָט זיי דערצעהלט, וואָס פאר נסים עס האָבען געטראָפען מיט איהם און ווארום ער גלויבט, אז ער איז געשיקט געוואָרען פון גאָט צו פּרעדיגען דעם אמת'ן גלויבען, דעם איסלאַם. זיי האָבען געמיינט, אַז ער האָט זיי גערופען וועגען אַ וויכטיגע געשעפטס־אנגעלעגענהייט, און זיי זיינען דאַרום אין כעס געוואָרען אויף איהם און האָבען איהם אָנגעקוקט וויא א משוגענעם, ווען זיי האָבען דערהערט זיינע רייד. זיי זיינען זיך גלייך צוגאַנגען מיט געלעכטער און זידלעריי, און אפילו זיינע נעהענטסטע קרובים האָבען צוגעגעבען, אז ער איז פעריקט.

נאָר ער האָט דאָך אויף אַ מינוט ניט פערלאָרען זיין מוטה און פעסטען גלויבען אין זיין פּראָפעטען־ראָלע. זעהענדיג, אז ער קען גאָר ניט מאַכען מיט זיינע קרובים און איבערהויפּט מיט דיא קאָרעישיטען, וועלכע זיינען געוועזן פעראינטערעסירט אָנצוהאַלטען דיא אַלטע געצענדיענעריי מיט דיא שווידערליכסטע צערעמאָניעס (מען פלעגט אויך מקריב זיין קינדער און בתולות צו דיא אָבגעטער), ווייל זיי האָבען געהאַלטען דיא שליסלען פון קאַאַבאַ־טעמפּעל,

האָט ער אָנגעפאַנגען צו פּרעדיגען עפענטליך צום פאָלק. זיינע דרשות געגען דעם אַלטען נאַציאָנאַלען גלויבען און זיינע אָפּלאַכונ־גען פון דיא פּיעלע געטער און געצקעמס האָבען אַרויסגערופען אַלץ שטאַרקערע פּראָטעסטען פון דיא קאָרעישיטען, אָבער זיי האָבען איהם עטליכע יאָהר צו רוהע געלאָזען, ווייל זיי האָבען מורא גע־האַט, אַז זיין משפּחה וועט זיך פאַר איהם דאָך אָננעהמען און אַז דאָס וועט פיהרען צו געפעהרליכע רייסערייען און גאולת הדם נאָך דעם אַראַבישען מנהג. מאַהאָמעד'ס בלוט־פערוואַנדטע האָבען זיך ענטזאַגט צו אַנערקענען איהם פאַר אַ פּראָפעט, אָבער זיי האָבען איהם ניט אויסגעשלאָסען פון דער משפּחה. ער איז דאַרום גע־שטאַנען אונטער איהר שוץ. בעזאָנדערס איז ער בעשיצט געוואָרען פון זיין אָנקעל אבו־טאַליב, וועלכער איז צו איהם זעהר צוגעבונדען געווען.

דיא ערשטע דריי־פיער יאָהר פון זיין פּרעדיגען האָט מאַהאָמעד סך הכל געקראָגען 43 אנהענגער. מייסטענס זיינען זיי געווען אָרימע לייט און שקלאַווען, וועלכע זיינען צוליעב דעם פערפאָלגט געוואָרען פון זייערע הערען. דיא וויכטיגסטע פון דיא נייע אנ־הענגער זיינען געווען דער בעריהמטער אָסמאַן, וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט דעם פּראָפעט'ס טאָכטער און איז נאַכהער געוואָרען דער דריטער שטעל־פערטרעטער פון דעם פּראָפעט, און אבו־בעקר, וועל־כער קען גערעכענט ווערען פאַר אַ גרינדער פון מוסולמאַניזמוס און וועלכער האָט געהאַט אַזאַ איינפלוס אויף מאַהאָמעד'ן זעלבסט און אַלע מוסולמאַנער, דאָס ער איז געוואָרען דער ערשטער שטעל־פער־טרעטער פון דעם פּראָפעט. אבו־בעקר איז ניט נאָר געווען קלוג און געבילדעט, זאָנדערן אויך רייך. ער האָט אויסגעקויפט דיא מו־סולמאַנער שקלאַווען, אום זיי צו רעטען פון פערפאָלגונגען, נאָר ער האָט זיי געראַטהען, מיט דער צושטימונג פון מאַהאָמעד זעלבסט, אַז זיי זאָלען זיך האַלטען אָן אַ זייט, בלייבענדיג אין הארצען טריי צום נייעם גלויבען.

דיא צאָהל פון אנהענגער איז אַזוי לאַנגזאַם געוואַקסען און יעדער פון זיי איז אַזוי פערפאָלגט געוואָרען פון דיא קאָרעישיטען,

דאָס מאַהאָמעד האָט געזוכט דיא הילפע ניט נאָר פון די חאַניפען, פון וועלכע ער האָט זיך דאַן וויייניג אונטערשיעדען, זאָנדערן אויך פון אידען און קריסטען. אַלע זיינע אנהעננגער, וועלכע האָבען איי־גענטליך געקעמפפט געגען געצענדיענסט, האָבען נאַטירליך סימפּאַ־טיזירט מיט יעדען איינעם, וואָס האָט נאָר געגלויבט אין איין גאָט. זיי האָבען זיך אַלע געפיהלט וויא מיטגליעדער פון איין פּאַרטיי גע־געגן דיא פּאַרטיי פון געצענדיענערס.

אַ צייכען פון דיזער פריינדשאַפט צו אידען און קריסטען איז אויך פערבליבען אין פיעלע פסוקים פון קאָראַן. צום ביישפּיעל, דאָרט שטעהט געשריעבען: „נאָך דיא נביאים (אידישע) האָבען מיר געשיקט מאַריע׳ן און יעזוס׳ען, אַז זיי זאָלען בעשטעטיגען דעם חומש. מיר האָבען איהם געגעבען דאָס יעוואַנגעליום וואָס איז אַ ליכט־טהורם פון גלויבען און חתימה אויף דער וואַהרהייט פון דיא אַלטע הייליגע שריפטען... זינג אַ לויב־געזאַנג צו מאַריע׳ן, וועלכע איז געבליבען אַ ריינע בתולה. מיר האָבען אין איהר אַריינגע־אָטהעמט אונזער גייסט. זיא און איהר זוהן זיינען געווען דיא וואונדער פון דער וועלט... יעזוס, מאַריע׳ס זוהן, איז דער שליח פון אַלמעכטיגען גאָט און פון זיין וואָרט. ער איז גאָט׳ס אָטהעם.“

נאָר אַזוי וויא דיזע חן׳דעלעך צו אידען און קריסטען האָבען איהם וויייניג געהאָלפען, איז ער אַוועק נאָך ווייטער. איין מאָל האָט ער אין זיינע אַ דרשה לעבען קאַאבאַ־טעמפּעל אויסגעשריען: „האָט איהר געטראַכט וויא עס דאַרף צו זיין וועגען אַלל־אָט, אוזא און מאַנאַט? עס איז אמת, זיי זיינען געטליכע שוואַנען, אויף זייער אַריינמישונג קען מען זיך פערלאָזען.“ אַלאַט, אוזא און מאַ־נאַט זיינען געווען דריי פון דיא פערעהרטעסטע געטינען ביי דיא אַראַבען, און ווען דיא קאָרעישיטען האָבען דערהערט, אַז מאַהאָמעד אַנערקענט זייער מאַכט, זיינען זיי געווען זעהר צופריעדען. נאָר אַ קורצע צייט נאַכדעם האָט ער חרטה געקראָגען און האָט ערקלערט, אַז זיינע פריהערע ווערטער זיינען איהם אונטערגעזאָגט געוואָרען פון טייוועל. אין קאָראַן טהוט ער תשובה וועגען דעם מיט דיזע ווערטער: „דיא אונגלויביגע האָבען מיך שיער ניט געצוואונגען צו

פערוואָרפען אונזער לעהרע און אויסצוטראַכטען עפּעס אַנדערעס אין אונזער נאָמען. מיט דיין אונטערגעבען זיך וואָלסטו געקויפט זייער פריינדשאַפט. ווען מיר וואָלטען ניט געשטאַרקט דיין האַרץ, וואָלסטו ערפילט זייער וואונש. נאָר ווען דו וואָלסט זיי געפאָלגט, וואָלסטו ארויפגעצויגען אויף זיך דעם טויט און אונזער צאָרן."

דאָס צייגט, אַז מאַהאָמעד האָט גאַנץ גוט פערשטאַנען דיא נו־צען פון נאָכגעבען עטוואָס צו דיא געצענדיענערס, נאָר זיין געוויסען האָט איהם ניט דערלאָזען צו מאַכען אַזעלכע פשרות מיט דעם גרונד פון זיין רעליגיעזע לעהרע — גאָט'ס איינהייט. אויך האָט ער מורא געהאַט איינצורייסען מיט זיינע טרייעסטע אנהענגער, וועלכע זיינען גאָר ניט צופריעדען געווען מיט זיין דרשה וועגען דיא דריי געטינען.

דיא געצענדיענערס זיינען דאַן נאָך מעהר אויפגעבראַכט גע־וואָרען אויף דיא מוסולמאַנער, און אין 617 יאָהר האָבען דיא קאָ־רעישיטען בעשלאָסען זיי אריינצולייגען אין חרם און ניט אַריינצו־לאָזען זיי אין קאַאַבאַ־טעמפּעל. מאַהאָמעד'ס אנהענגער, צווישען וועלכע עס האָט זיך שוין געפונען אָמאַר, דער צוקינפטיגער עראָבע־רער פון מצרים און סיריען, דער צערשטערער פון דער אַלעקסאַנד־ריער ביבליאָטהעק, האָבען דאַן געמוזט זיך בעזעצען הינטער דער שטאָדט. מאַהאָמעד האָט זיך בענוצט דערמיט צו פּרעדיגען אין דיא אַרומיגע שטעדטלעך, וואו דיא איינוואָהנער זיינען ניט געוועזן אַזוי פּעראינטערעסירט אין אַלטען געצענדיענסט וויא דיא קאָרעי־שיטען. אָבוואָהל ער האָט אויך אויסערהאַלב מעקאַ געוואונען וויי־ניג אנהענגער, דאָך איז זיין ארויסטרעטען אַלס פּראָפעט אַלץ מעהר בעקאַנט געוואָרען איבער אַראַביען.

דער חרם האָט אָנגעהאַלטען 2 יאָהר. דיא קאָרעישיטען האָבען אין 619 ערלויבט דיא מוסולמאַנער אַריינצוקומען אין מעקאַ, נאָר מיט דער בעדינגונג, אַז מאַהאָמעד זאָל ניט פּרעדיגען אין דער היי־ליגער שטאָדט זעלבסט, אָבער ער האָט שוין צו דער צייט פערלאָרען דעם חשק צו פערבלייבען אין מעקאַ, וואו דיא קאָרעישיטען האָבען איהם געשטערט אויף יעדען שריט. ער האָט איינגעזעהען, אַז מיט

זיי וועט ער גאָר ניט אויספיהרען אזוי לאַנג עס וועט איהם ניט גע־לינגען צו געווינען אַ סך אנהענגער און דורך דעם אויך מאַכט אין אַנדערע ערטער פון אַראַביען. דערצו נאָך זיינען אין דיזען יאָהר געשטאָרבען זיין פרוי חאַדידזשאַ און אבו־טאַליב, זיין בעסטער אָנ־קעל און טרייעסטער בעשיצער. דאַרום האָט ער בעשלאָסען צו מאַכען אַ פּראָבע ביי דעם שטאַם בענו־טאַקיפאַס, וועלכע האָבען געהאט אַ בעפעסטיגטען פּלאַץ אַ 100 קילאָמעטער פון מעקאַ. נאָר דאָרטען האָט מען איהם אַזוי שלעכט אויפגענומען, אז ער איז קוים אַ לעבעדיגער אַנטלאָפען.

נאָך דיזען דורכפאַל האָט ער אַלץ מעהר אָנגעפאַנגען צו דענ־קען וועגען יאטריב (מעדינאַ), וואו אידען און קריסטען האָבען פרידליך געלעבט צוזאַמען מיט דיא אַראַבישע געצענדיענער. פון זיינע רייזען האָט ער געוואוסט, אז דאָרטען געפינען זיך אויך אַ סך חאַניפען און אז דיא געדאַנקען וועגען איין גאָט וועלען געפינען אַ בעסערע אויפנאַהמע, וויא אין מעקאַ, דעם צענטער פון אַלטען געצענדיענסט.

אין זיינע האָפנונגען אויף מעדינאַ האָט ער זיך גאָר ניט אָפּגע־נאַרט. דיא רעזולטאַטען פון זיין פּלאַן צו בעזעצען זיך אין דיזען צענטער פון אידישען גלויבען אין אַראַביען זיינען פיעל גרעסערע און וויכטיגערע, וויא ער האָט עס גאָר געקענט ערוואַרטען. ניט אומזיסט רעכענען דיא מאָהאַמעדאַנער זייער צייט פון דעם יאָהר 622, ווען מאַהאָמעד איז אנטלאָפען פון מעקאַ נאָך מעדינאַ. דיזער יאָהר טראָגט דעם נאָמען **ה ע ד ז ש ר א**, וואָס עס בעדייטעט **פליטה**.

.5

## מאַהאָמעד׳ס פליטה נאָך מעדינאַ.

אום צו קומען אין פערבינדונגען מיט דיא אראבען פון מעדינא. האָט זיך מאַהאָמעד בענוצט מיט דעם גרויסען פריהלינגס־יום־טוב אין מעקא, ווען פון אַלע עקען פון אַראַביען פלעגען זיך צוזאַמענקומען דיא געצענדיענער אין קאַאַבאַ־טעמפעל, אום בייצו־וואָהנען דאָרטען פערשיעדענע געצענדיענערשע צערעמאָניעס. אין דער זעלבער צייט איז אויך געווען אַ יריד, און פיעלע הענדלער פלעגען זיך צוזאמענקומען. דאָס איז געווען דער אַראַבישער חג הפסח, וואָס האָט געהייסען האַדזשאַ און וואָס האָט אָבגעשטעלט אויף אַ מאָנאַט אַלע שטרייטען צווישען דיא שטאַמען און אויך גאולת הדם.

מאַהאָמעד האָט אויפגעזוכט אין דער מאַסע פילגרימען (וואַנדערער צו היילִיגע ערטער) צום קאַאַבאַ־טעמפעל אַ גרופע מענשען־וועלכע האָבען געהערט צום שטאַם בענו־חאַזראַדזש אין יאַטריב. דיזער שטאַם איז געווען אין זעהר פריינדליכע בעציהונגען מיט אידען און איז דאַרום געניינגט געווען צום מאָנאָטעאיזמוס. „געהערט איהר צו דיא יעניגע וואָס זיינען פערבונדען מיט אידען?“ האָט זיי מאַהאָמעד געפרעגט. ווען זיי האָבען געענטפערט יאַ, האָט ער זיי געבעטען איהם אויסהערען. זיי האָבען איהם געפאָלגט, און ער האָט זיי דאַן ערקלערט, אַז ער איז געשיקט געוואָרען פון אַלאַה צו פּרעדיגען אַ ריכטיגען מאָנאָטעאיסטישען גלויבען, דעם איסלאַם. זיי האָבען זעהר ערנסט אויסגעהערט זיינע רייד און האָבען צווישען זיך געזאָגט: „איז עס ניט דער זעלבער נביא, וועגען וועלכען דיא אידען האָבען דערצעהלט, אַז ער מוז קומען און ערלייזען דיא מענשהייט? וואָרום זאָלען מיר ניט צושטעהען צו איהם?“ זיי האָבען פערשפּראָכען איבערצוגעבען אַלעס, וואָס מאַהאָמעד האָט זיי דערצעהלט, צו זייערע לאַנדסלייט און נעכסטען יאָהר ווידער צו קומען נאָך מעקא מיט עטליכע חברים.

זיי האָבען געהאַלטען וואָרט. 12 אַראַבען פון יאַטריב זיינען געקומען און האָבען געשוואָרען טרייהייט צו מאַהאָמעד׳ן און ניט

צו גלויבען אין קיין אנדער גאָט אויסער אין אלאה, וויא אויך ניט צו אָפּפערען זייערע קינדער, ניט צו גנב'ענען, רויבען א. ז. וו. מאהאָמעד האָט זיי פערשפּראָכען אַ פּלאַץ אין גן־עדן, ווען זיי ווערען נאָר ריכטיג האַלטען זייער שבועה, און האָט זיי געגעבען אַלס בעגלייטער און לעהרער זיין טרייען שילער מוסאַב.

אויף דיזער וויזע האָט מאהאָמעד איינגעפּלאַנצט דעם איסלאַם אין דער שטאָדט יאטריב, וועלכע האָט איהם שפּעטער געראַטעט און געגעבען זיין גאַנצע מאַכט.

אַ קורצע צייט נאָך דיזער פּאַסירונג האָט מאהאָמעד, וועלכער האָט אַליין זיכערער געשפּיעלט זיין פּראָפעטען־ראָלע, געזעהען גאָט אַליין אין דיא הימלען, וואוהין אַן אונבעקאַנטע קראַפט האָט איהם פּערטראָגען און נאכהער צוריקגעבראַכט, אַלץ אין דער צייט ווען ער איז געשלאָפען. וויא ער האָט דערצעהלט, האָט איהם דער מלאך גבריאל פּלוצלונג אויפגעהויבען אין לופטען און אַרויפגעזעצט אויף דעם צויבער־פערד על־באָראַק (דיזער וואָרט בעדייטעט: בליץ), וועלכער האָט איהם אין אַ סעקונדע געבראַכט אין ירושלים לעבען בית המקדש. דאָרט האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט אַ גאַנצער מאַסע נביאים, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען אברהם, משה און יעזוס. צוזאַמען מיט זיי האָט ער געזאָגט תפילות. נאַכהער האָט מען איהם דערלאַנגט דריי בעכערס: איינעם מיט וואַסער, דעם אַנדערן מיט וויין און דעם דריטען מיט מילך. אין דער זעלבער צייט האָט ער דערהערט אַ שטימע, אַז „אויב ער וועט נעהמען דאָס וואַסער, וועט ער דערטרונקען ווערען מיט זיין קהלה, אויב ער וועט נעהמען דאָס וויין, וועט ער בלאָנדזענען מיט זיין קהלה, אויב ער וועט נעהמען מילך, וועט ער אַוועקגעהן אויף אַ גלייכען וועג מיט זיין קהלה.“ ער האָט דאַן אויסגעקליבען דעם בעכער מיט מילך. נאַכדעם האָט מען איהם געטראָגען דורך זיעבען הימלען ביז ער האָט דערגרייכט צום כסא־הכבוד און געזעהען גאָט אַליין, וועלכער האָט איהם איבערגעגעבען פאַר דיא מוסולמאַנער (רעכטגלויביגע) 50 טעגליכע געבעט. נאָך אויפ'ן וועג צוריק, ביי דיא טויער פון יעדען הימעל, האָט ער געטראָפען איינעם פון דיא

גרויסע נביאים, וועלכער האָט איהם אָנגעזאָגט, אז דיא מוסולמאַנער וועלען ניט אויסהאַלטען אַזאַ גרויסע צאָהל געבעט, און האָבען איהם געראַטהען צו בעטען גאָט פערקלענערען זייער צאָהל. ער האָט זיי געפאָלגט, און ווען ער איז ארויס פון לעצטען הימעל, זיינען נאָר געבליבען דיא 5 טעגליכע געבעט, וועלכע זיינען פאָרגעשריעבען אין קאָראַן. ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אין זיין שלאָף־צימער נאָך דיזע הימלישע וואַנדערונגען, האָט ער געפונען, אַז דער קרוג מיט וואַסער, וועלכען ער האָט איבערגעקעהרט, ווען דער מלאך גבריאל האָט איהם אַרויסגעטראָגען, האָט נאָך ניט צייט געהאַט אין גאַנצען אויסצורינען.

דיזער חלום האָט אַזלאָ ניט לאַנג געדויערט. אויף מאָרגען האָט ער דערצעהלט וועגען זיין הימלישע רייזע צו זיינע טרייעסטע נאָכפאָלגער, נאָר אַזוי וויא ער האָט זיך אַליין ניט געקענט אָבגעבען אַ קלאָרע רעכנונג וועגען זיין חלום אין אַן אויפגערעגטען צושטאַנד (דער פאַקט, אַז ער האָט אומגעוואָרפען אַ קרוג מיט וואַסער, צייגט, אַז ער האָט זיך געוואָרפען אין שלאָף אָדער האָט געהאַט אַ נערוועןאַטאַקע), האָבען זיינע צוהערער איהם אָנפאַנגס אָנגעקוקט פערוואונדערט און האָבען געצווייפעלט. נאָר אבו־בעקר, זיין רעכטע האַנד און לייטענדער גייסט, איז איהם דאָ געקומען צו הילפע און האָט בעמערקט: „אָט וויא ער זאָגט, אַזוי איז עס געווים געוועזן.“ מאַהאָמעד האָט איהם דערפאַר אַ נאָמען געגעבען „על סידיק“, דאָס הייסט: עדות פון אמת. דיא איבעריגע האָבען דאַן אָנגענומען אבו־בעקר׳ס בעשטעטיגונגען און געגלויבט אין דעם נייַען נס.

אין יאַטריב האָט זיך מאַהאָמעד׳ס לעהרע אַזוי שנעל פערשפּרייט, אַז דעם נעכסטען יאָהר זיינען צום נאַציאָנאַל־רעליגיעזען יום טוב האַדזשאַ אין מעקאַ געקומען 75 נייע בעקעהרטע זעהען דעם פּראָפעט. מיט זיי האָט מאַהאָמעד אָבגעמאַכט, אַז זיי זאָלען איהם נעהמען אונטער דעם שוץ פון זייער שטאַם נאָך דעם אַראַבישען מנהג, דען ער האָט ערקלעהרט, אַז ער וויל זיך אויסשליסען פון זיין אייגענעם שטאַם. ער האָט פערלאַנגט, אַז זיי זאָלען שווערען, דאָס זיי וועלען איהם פערטהיידיגען מיט געוועהר אין האַנד, אַזוי וויא

זייערע אייגענע פרויען און קינדער, און זיי האָבען געשוואָרען. אום דיזער אָבמאַך זאָל האָבען אַ געזעליכע פאָרמע נאָך דיא אַראַבישע מנהגים, האָט מאַהאָמעד מיטגענומען זיין אָנקעל אַבאַס, אַלס דעם עלטסטען פון זיין משפחה, צו בעוויליגען, אַז זיין פּלעמעניק זאָל ווערען אַ מיטגליעד פון דיא יאַטריבער שטאַמען.

באַלד נאָך דיזער שבועה האָבען דיא מייסטע מוסולמאַנער פון מעקאַ אַריבערגעוואַנדערט נאָך יאַטריב אונטער דער פיהרונג פון אָמאַר. מאַהאָמעד איז פערבליבען צוזאַמען מיט אבו־בעקר און עטליכע אנהענגער אין מעקאַ, וואַהרשיינליך אום אָפּצו־וואַרטען, וואָס זיינע אנהענגער וועלען אויפטאָן אין זיין נייעם צענטראַל־פונקט. נאָר דיא קאָרעישיטען האָבען איהם ניט געלאָזט לאַנג וואַרטען. זיי האָבען זיך צוזאַמענגערעדט צו פערהאַלטען דעם פּראָפעט מיט געוואַלט, און עס האָבען זיך אַרומגעטראָגען קלאַנגען, אַז זיי קלייבען זיך איהם איינפאַך אומצוברייננגען. וויא ווייט דיזע קלאַנגען זיינען געווען בעגרינדעט, וויים מען ניט; נאָר אבו־בעקר האָט גקעויפט צוויי נייע קעמלען און אין איין פינסטערע נאַכט האָט ער זיך אָבגעטראָגען פון מעקאַ צוזאַמען מיט מאַהאָמעד׳ן. דריי טעג זיינען זיי געלעגען בעהאַלטען אין אַ הייל הינטער דער שטאָדט, וואוהין אבו־בעקר׳ס דיענער האָבען זיי געבראַכט שפּייז. אין דער נעכסטער נאַכט זיינען זיי אַרויס פון הייל צו אַן אָרט, וואו אַ וועגפיהרער האָט אויף זיי געוואַרט מיט קעמלען, און האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן דורך זייטיגע וועגען נאָך יאַטריב, וואוהין זיי זיינען בשלום אָנגעקומען און דאָרט אויפגענומען געוואָרען מיט דער גרעסטע פריידע פון אַלע זיינע אנהענגער, דיא מאָגאַדזשירען (אויסוואַנדערער) פון מעקאַ און דיא אַנסאַרען (פערבונדענע) פון יאַטריב, וועלכע שטאָדט האָט זייט דאַן געקראָגען דעם נאָמען מע־דינאַ נאַבי (מדינת נביא), דיא שטאָדט פון פּראָפעט.

דיזע פּליטה, אויף אַראַביש העדזשרא — דיא וויכטיגסטע פּאַ־סירונג אין דער געשיכטע פון מאָהאַמעדאַניזמוס — איז געשעהען אין מאָנאַט יולי, 622 יאָהר. (פון 16טען יולי פאַנגט זיך אָן דיא מאָהאַמעדאַנער צייט־רעכנונג).

.6

## דיא מוסולמאַנער אין מעדינאַ און זייער ערשטע „הייליגע מלחמה“.

אין מעדינא האָט מאַהאָמעד פיעל שנעלער געקראָגען אנהענגער וויא אין מעקאַ. מיר ווייסען שוין, אז דער באָדען איז דאָרטען גרייט געוועזען פאר דעם מאָנאָטעאיזמוס איבערהויפּט און פאַר דעם מאָהאמעדאניזמוס בעזאָנדערס.

אָנפאַנגס האָט ער געזוכט צו לעבען בשלום ניט נאָר מיט דיא אידען, זאָנדערן אפילו מיט דיא געצענדיענערס. אַלע זיינע אנהענגער האָט ער אָרגאַניזירט אין אַ רעליגיעז־פּאָליטישע געמיינדע. ער האָט אָבגעשאַפט זייערע פריהערע צוטהיילונגען אין שטאַמען און אויך גאולת הדם, וואָס עס איז געוועזען א זעהר וויכטיגער פאָרטשריט אין אַלע בעציהונגען. זיין שטרעבונג איז געוועזען צו פעראייניגען אַלע אראַבען אונטער דעם פלאַג פון זיינע לעהרען, פון איסלאַם. דיא מענשהייט האָט ער צוטהיילט אין רעכטגלויביגע אָדער מוסולמאַנער און אין אונגלויביגע. געגען די אונגלויביגע האָט ער נאָך דערווייל ניט געהייסען ארויסטרעטען מיט פייער און שווערד, ניט נאָר אַזוי וויל ער האָט זיך ניט געפיהלט גענוג שטאַרק צו בעקעהרען מיט געוואַלט, זאָנדערן ווייל זיינע אויספיהרונגען וועגען דיזען פּונקט זיינען נאָך ניט געוועזען גענוג קלאָר פאַר איהם אַליין. זיין לעהרע וועגען אַ הייליגע מלחמה האָט זיך צוערשט ארויסגעוויזען אין זיין געבאָט, אַז דיא מוסולמאַנער זאָלען זיך פערטהיידיגען געגען זייערע געגנער מיט געוועהר אין האַנד.

מיט דיא געצענדיענערס פון מעדינאַ האָט ער אָבגעמאכט, אַז זיי זאָלען זיך ניט פערבינדען מיט דיא קאָרעישיטען און אַנדערע זיינע געגנער. ער האָט געהאָפט אַז זיי וועלען מיט דער צייט ווערען זיינע אנהענגער, וואָס עס איז אויך געשעהען, און ער האָט זיי ניט געריהרט. מיט דיא אידען האָט ער געשלאָסען אַ פריינדליכען בונד. זיי האָבען זיך פערפליכטעט צו אונטערשטיצען איהם

מיט געלד און אָנצונעהמען זיינע בעשליסע אין פּראָצעסען מיט מו־סולמאַנער.

יעדענפאַלס האָבען זיך אַלע דריי טהיילען פון דער בעפעלקע־רונג אין מעדינא, דיא מוסולמאַנער, אידען און געצענדיענערס, פערפּפליכטעט צו בעשיצען געמיינשאַפטליך דיא שטאָדט געגען אַלע אָנגרייפערס.

נאָר באַלד האָט מאַהאָמעד, וועלכער האָט געלייגט גרויסע האָפנונגען אויף דיא מיטווירקונג און אָנערקענונג פון דיא אידען, זיך אַרומגעזעהען, אז ער האָט אַ גרויסען טעות געהאַט וועגען זיי. וויא שטאַרק דיא אידען האָבען ניט סימפּאַטיזירט מיט דיא חאַני־פען, מוסולמאַנער און אַלע געגנער פון געצענדיענסט, האָבען זיי דאָך ניט געקענט אָנערקענען מאַהאָמעד'ן פאַר אַ נביא אויס דעם איינפאַכען גרונד, ווייל זיי האָבען גלייך געזעהען, אז ער איז אַן אונוויסענדער מענש, אַן עם־הארץ. ער איז אַזוי געוועזען איינגע־גלויבט אין זיין פּראָפּעטען־ראָלע, אז ער האָט גאָר ניט געהאַלטען פאַר נייטיג זיך צו בעקענען נעהענטער מיט דיא אידישע און קריסטליכע הייליגע שריפטען, אויף וועלכע ער האָט זיך אָפט גע־שטיצט אין זיינע דרשות און נביאות. ער האָט איבערגעגעבען וועגען דיזע שריפטען וואָס עס איז איהם איינגעפאַלען אין קאָפּ און האָט פערדרעהט פסוקים מיט'ן קאָפּ אַראָפּ. דיא אידען האָבען נאַ־טירליך גלייך נאָך זייערע ערשטע געשפּרעכען מיט דעם אַראַבישען פּראָפעט געזעהען, אז ער וויים נאָר פון דער ביבעל אַזוי פיעל, וויא פיעל עס איז איהם אויסגעקומען צו הערען פון זייטיגע אונוויסענדע מענשען, און זיי האָבען זיך דאַרום איינפאַך אויסגעלאַכט פון איהם.

דאַן איז ער אין כעס געוואָרען און האָט ערקלערט מיט זיין געוועהנליכען בלינדען גלויבען אין זיין געטליכער קראַפט: „גאָט האָט געשיקט דעם קאָראַן דיא אידען צו בעשטעטיגען זייערע שריפ־טען, אָבער זיי האָבען ניט געגלויבט.‟ באַלד נאָכדעם האָט ער אָנגע־זאָגט זיינע אנהענגער, אַז זיי זאָלען ענדערן דיא זאָ־גענאַנטע „קובלא‟, דאָס הייסט, זיי זאָלען זיך אין זייער געבעט ניט שטעלען

מיט'ן פּנים צו ירושלים, וויא ער האָט פריהער געהייסען, זאָנדערן צו מעקא, וויא אַלע מאָהאַמעדאַנישע טוען עס טאַקע זייט דאַן.

דערמיט האָט ער געגעבען צו וויסען, אַז ער האָט זיך אין גאַנ־צען אָבגעזונדערט פון דיא אונגלויביגע אידען. נאָר באַלד איז ער פון ווערטער און נביאות איבערגעגאַנגען צו געוואַלט און בלוטיגע אטאַקעס אויף אידען. זיין שרעקליכע לעהרע וועגען אַ „הייליגע מלחמה" איז אַלץ אָפענער און געשייטער געוואָרען. צו דיזער צייט האָט ער שוין ערקלערט פאַר אַ מצוה צו בעקעמפּפען מיט'ן שווערד דיא אונגלויביגע און האָט פערשפּראָכען אַלע גליקען פון גן־עדן צו דיא מוסולמאַנער, וואָס וועלען פאַלען אין אַ שלאַכט פאַר דעם איסלאַם. „אויב איהר וועט בעגעגענען אונגלויביגע," שטעהט אויסדריקליך אין קאָראַן, „זאָלט איהר קעמפּפען מיט זיי ביז איהר וועט זיי ניט אויס'הרג'ענען. לייגט אַרויף קייטען אויף דיא גע־פאַנגענע. גאָט וואָלט זיי געקענט אויסראָטען אָהן אייער הילפע, אָבער ער וויל אייך אויספּרובירען. פיהרט מלחמות מיט אייערע פיינד פאַר אייער גלויבען, אָבער פאַלט ניט אָן דיא ערשטע. גאָט האַסט אָנגרייפערס. טויטעט אייערע פיינדע, וואו איהר וועט זיי נאָר געפינען... אויב זיי וועלען אָנפאַלען אויף אייך, באָדט זיך אין זייער בלוט. אָט דאָס איז דער לוין פון דיא אונגלויבעריי... פיהרט שלאַכטען מיט פיינדע ביז מען וועט שוין ניט דאַרפען מורא האָבען פאַר פערפיהרונג, ביז דער איסלאַם וועט שטאַרק ווערען"....

אין דעם זעלבען קאַפּיטעל פון קאָראַן געפינען זיך אָבער אַזעלכע פּסוקים: „געברויכט ניט געוואַלט געגען מענשען צוליעב זייער גלויבען. דער וועג פון ערלייזונג אונטערשיידעט זיך געגוג פון דעם וועג פון טעות."

אום צו פערשטיין דיזען ווידערשפּרוך צווישען פּסוקים פון איין קאַפּיטעל, דאַרף מען נעהמען אין אַנבעטראַכט, אַז דיא הייליגע מלחמה האָט מאַהאָמעד געפּרעדיגט ניט געגען אַזעלכע אונגלויביגע, וואָס גיבען זיך אונטער אָדער טרעטען ניט אַרויס געגען קאָראַן, זאָנ־דערן געגען אַזעלכע, וואָס שטערען די פערשפּרייטונג פון מוסולמאַ־נער גלויבען. די הייליגע מלחמה איז איבריגענס נאָר געווען אַ מי־

טעל צו געווינען אנהענגער אָדער צו פערניכטען אָפענע געגנער ביז דער איסלאם וועט ווערען א שטאַרקער מאַכט. אום צו קענען בע־קעמפפען דיא אונגלויביגע, האָט ער אויך אָרגאַניזירט מיליטעריש זיינע אנהענגער.

דער אָנפאַנג פון א הייליגע מלחמה איז געמאַכט געוואָרען דעם צווייטען יאָהר פון הידזשרא. עטליכע מוסולמאַנער, וועלכע מאַהאָמעד האָט געשיקט שפּיאָנירען אין מעקא, זיינען פּלוצלונג בעפאַלען א קאַראַוואַן, וואָס איז אָנגעפיהרט געוואָרען פון 4 קאָרעי־שיטען. איינעם האָבען זיי געטויטעט, איינעם איז געלונגען צו אַנטלויפען נאָך מעקא, און 2 האָבען זיי געפאַנגען און געבראַכט נאָך מעדינא. די־זע רויבערישע אַטאַקע איז גראַדע געמאַכט גע־וואָרען אין דער צייט פון דעם הייליגען מאָנאַט, ווען עס האָט גע־הערשט פריעדען אין אַראַביען. ווען מאַהאַמעד האָט דערהערט פון דיזער אַטאַקע, איז ער אָנפאַנגס זעהר אין כעס געווען, וואָס מען האָט געבראָכען דעם נאַציאָנאַלען פריעדענס־מנהג; אָבער באַלד האָט ער זיך בערוהיגט און ערקלערט, אז „געצענדיענעריי איז ער־גער וויא מאָרד.“

א מאָנאַט 3 נאָך דיזער מערדערישער אַטאַקע און איינפּאַכער רויבעריי (דיא גערויבטע זאַכען האָט מאַהאָמעד אַליין צוטהיילט צווישען זיינע אנהענגער) האָט דער פּראָפעט אַליין בעשלאָסען צו בעפאַלען א גרויסען קאַראַוואַן, וואָס דער רייכער קאָרעישיט אַבו־סאָפיאַן האָט געפיהרט פון סיריען נאָך מעקא. 950 מאַן האָבען בע־גלייטעט דיזען קאַראַוואַן, וועלכער האָט געפיהרט טייערע סחורות אויף 700 קעמלען און 100 פערד (דיא סחורות האָבען בעטראָפען 50.000 דינארען, דאָס הייסט אונגעפעהר 100,000 דאָלאַר.) מאַהאָמעד האָט צוזאַמענגעקליבען 314 פון זיינע מוטהיגסטע אנ־הענגער מיט 70 קעמלען און 2 פערד און איז פּלוצלונג בעפאַלען די קאָרעישיטען אין דעם אָאזיס בעדר אויף׳ן וועג צווישען מעדינא און מעקא (אונגעפעהר 150 קילאָמעטער פון מעדינא.)

דאָס איז געווען דיא ערשטע „הייליגע“ שלאַכט פון דעם פּראָ־פעט. זיא האָט זיך געענדיגט מיט א זיעג פאר דיא מוסולמאַנער,

ווייל דיא מעקאנער האָבען זיך גאָר ניט געריכט אויף אזא אטאקע און זיינען צומישט געוואָרען. דיא מייסטע פון זיי זיינען זיך צו־לאָפען אין שרעק. מאָהאמעד'ס באנדע האָט געפאנגען א 50 „אונ־גלויביגע" און אלע סחורות פון קאראוואן צוזאמען מיט דיא קעמ־לען און פערד. נאכהער זיינען זיי אריין מיט פריידע־געשרייען אין מעדינא, און מאָהאמעד האָט ערקלערט, אז דיא שלאכט איז גע־וואונען געוואָרען דורך דיא אריינמישונג פון 3000 מלאכים אונטער דער קאָמאנדע פון גבריאל און מיכאל. דערמיט האָט ער ארויפ־געלייגט א געטליכען שטעמפעל אויף דיזער איינפאכער רויבעריי. דיזע הייליגע מלחמה איז איינגענטליך געווען א רויבערישע אטאקע אויף א קאראוואן אזוי וויא דאָס האָט זיך געפיהרט אין אראביען, נאָר דיא מוסולמאנער זיינען געווען בעגייסטערט, ווייל מאָהאמעד האָט זיי דערפאר פערשפראָכען דיא בעסטע פלעצער אין גן־עדן.

דיא גערויבטע זאכען האָט מען באלד צוטהיילט. א פינפטעל איז בעשטימט געוואָרען פאר דיא הייליגע קאסע. מאהאָמעד האָט פאר זיך גענומען א שווערד און א קעמעל, דאָס איבעריגע איז פער־טהיילט געוואָרען גלייך צווישען אלע קעמפפערס. צוויי פון דיא געפאנגענע קאָרעישיטען האָט מאהאָמעד געהייסען טויטען, דיא איבעריגע האָט ער געלאָזען לעבען, אום צו קריעגען פאר זיי אויס־קויפס־געלד.



.7

## מאהאָמעד און דיא אידען פון מעדינאַ.

דער רויבערישער זיעג איבער אבו־סאָפיאן'ס קאַראוואן האָט נאַטירליך פערשטארקט דיא וואקסענדע מאכט פון דעם פּראָפעט, און פיעלע אַראַבען זיינען צו איהם צוגעשטאַנען אין דער האָפנונג אויף אַ חלק אין ווייטערע אַזעלכע „הייליגע" מלחמות. ער האָט זיך שוין געפיהלט אזוי שטארק, דאָס ניט נאָר האָט ער געהייסען אומברייננגען אַן אַראַבישע פרוי און אַ אידען, ווייל זיי האָבען זיך אויסגעלאכט פון זיין פערזאָן און נביאות, זאָנדערן האָט בעשלאָסען צו אונטערדריקען דיא אידען אין מעדינאַ. ער האָט געוואָלט זיך אָפּרעכענען מיט זיי, פאר וואָס זיי האָבען זיך ענטזאגט צו אַנערקע־נען איהם פאַר אַ פּראָפעט, און צו גלייכער צייט פּטור צו ווערען פון געפעהרליכע געגנער.

גראַדע האָט עס געטראָפען, אַז אין א פּאָאָר וואָכען נאָך דער שלאַכט אין אָאַזיס בעדר איז פּאָרגעקומען אַ געשלעג אין א פּאָר־שטאָט פון מעדינא, וועלכע איז געווען בעוואָהנט פון דעם אידישען שטאַם בני־קעינאָקאַ. דער געשלעג האָט זיך אָנגעפאַנגען צוליעב דעם, וואָס אַ מוסולמאַן איז בעפאַלען א אידישע פרוי, און האָט זיך געענדיגט מיט דעם טויט פון דיזען מוסולמאַן און פון איין איד, וואָס האָט פערטיידיגט די בעליידיגטע פרוי. מאַהאָמעד האָט זיך בענוצט דערמיט, אום צו ערקלערען קריעג דיזען אידישען שטאַם. אונגליקליכערווייזע זיינען דיא אידען אין אַראַביען געווען צוטהיילט אין קליינע שטאַמען, אזוי ווי די אַראַבען, און האָבען אויך אָנגע־נומען פיעלע אַראַבישע מנהגים. יעדער שטאַם האָט זיך געלעבט פאַר זיך און האָט זיך גאַנץ ווייניג געקימערט פאַר אַנדערע. דאַ־רום האָבען זיך דיא אַנדערע אידישע שטאַמען ניט אָנגענומען פאר זייערע ברידער פון שטאַם בני־קעינאָקאַ. דיא אידען האָבען אויך ניט געזעהען, אז מאַהאָמעד'ס שטייגענדע מאכט איז דיא גרעסטע געפאַהר פאַר זיי. ווען אַלע אידישע שטאַמען וואָלטען זיך פער־

בונדען, וואָלט מאַהאָמעד זיי ניט געקענט בייקומען, נאָר געגען יע־דען בעזונדער האָט ער שוין געהאַט געגוג מאַכט.

דיא פאָרשטאַדט פון דיא בני־קעינאָקאַ איז אַרומגערינגעלט געוואָרען פון דיא מוסולמאַנער. דיא אידען האָבען בראַוו געקעמפפט, אָבער נאָך אַ 2 וואָכעדיגער בעלאַגערונג האָט זיי דער הונ־גער געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען. מאַהאָמעד האָט נאָר פער־לאַנגט פון זיי, אַז זיי זאָלען פערלאָזען מעדינאַ, און זיי האָבען אויס־געוואַנדערט נאָך סיריען.

אין אַ יאָהר אַרום איז ער אָהן שום אורזאַכע בעפאַלען דעם שטאַרקען אידישען שטאַם בני־נאַדיר און האָט זיי אויך געצוואונגען אויסצו־וואַנדערען. אום זיך צו רעכטפערטיגען פאַר דיזע שענדליכע אַטאַקע אַפילו נאָך דער מאָראַל פון רויבערישע אַראַבען, האָט מאָהאַמעד ערקלערט, אַז דער מלאך גבריאל האָט איהם אַזוי גע־הייסען טאָן. דיזען מלאך האָט ער איבערהויפּט אַלץ עפּטער אָנ־געפאַנגען צו געברויכען, ווען ער פלעגט געפינען פאַר נויטיג צו גע־בען אַ געטליכע הסכמה אויף זיינע „הייליגע מלחמות“.

דיא לענדער פון דיא פעריאָגטע אידען האָט ער צוטהיילט צווישען דיא מאָגאַדזשירען (אויסוואַנדערער פון מעקאַ), וועלכע האָבען פריהער געלעבט אויף דער רעכענונג פון זייערע מוסולמאַנער ברידער אין מעדינאַ. ער האָט אַלזאָ פערזאָרגט זיינע אָרימע אָנ־הענגער פון מעקאַ אויף דער רעכנונג פון דיא אידען.

דיא בערויבטע בני־נאַדיר זיינען אַוועק נאָך סיריען, נאָר אויפ׳ן וועג האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט אין דער אידישער קאָלאָניע חעיבאַר, וועלכע איז צו דער צייט צוגעטראָטען צו דעם בונד פון אַראַבישע שטאַמען אונטער דער פיהרונג פון דיא קאָרעישיטען. דערפאַר האָט מאַהאָמעד גענומען בלוטיגע ראַכע פון דעם אידישען שטאַם בני־קאָרעיזאַ, וועלכער איז נאָך פערבליבען אין מעדינאַ. ווען מאַהאָמעד׳ן איז געלונגען צו ברעכען דעם בונד פון דיא קאַרעי־שיטען, וויא מיר וועלען עס באַלד זעהען, האָט ער בעלאַגערט דיא בני־קאָרעיזאַ אין זייער קוואַרטאַל און זיי געצוואונגען זיך אונטער־צוגעבען. זיי האָבען געהאָפט אויף דער הילפע פון דעם אַראַבישען

שטאַם אַאוס, מיט וועלכען זיי זיינען געוועזן אין פריינדליכע בע־ציהונגען אין פריהערע יאָהרען. דיזער שטאַם האָט שוין אָבער אָנגענומען דעם איסלאַם, און זייער אַלטער פיהרער, וועלכער איז שטערבליך פערוואונדעט געוואָרען אין דעם קאַמפף מיט דיא קאָרעישיטען, איז געוואָרען אַ וויסטער פאַנאַטיקער און האָט גע־וואָלט נעהמען ראַכע פון דיא אידען דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך פערבונדען מיט דיא שונאים פון איסלאַם. ווען דיא בעזיעגטע אי־דען האָבען פערלאַנגט מען זאָל זיי לאָזען פריי אויסוואַנדערן פון מעדינא אַזוי וויא זייערע ברידער, דיא בני־קעינאָקאַ און דיא בני־נאַדיר, האָט מאַהאָמעד איבערגעגעבען זייער שיקזאַל אין דיא הענד פון דעם פיהרער פון דיא אַאוסען, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אַז דיזער פאַנאַטישער מוסולמאַן וועט זיך בלוטיג אָפּרעכענען מיט זיי. דערמיט האָט מאַהאָמעד געוואָלט אראָפּנעהמען דיא פעראַנטוואָרט־ליכקייט פון זיך.

ווען מען האָט איבערגעגעבען דעם פיהרער פון דיא אַאוסען, וועלכער האָט זיך שוין געראַנגעלט מיט'ן טויט, אַז דער פראָפעט האָט איהם געלאָזען ענטשיידען, וואָס מען זאָל טאָן מיט דיא בני־קאָרעיזאַ, האָט ער גלייך בעפוילען, אַז אַלע ערוואַקסענע מענער זאָל מען אויסשלאַכטען און אַלע פרויען און קינדער פערקויפען אין שקלאַווען. דיזער שרעקליכער בעפעהל איז גלייך אויסגעפיהרט געוואָרען. ביז 600 אידען האָט מען אויסגעקוילעט. בלויז איי־נער האָט זיך געראַטעוועט פון טויט דורך דעם, וואָס ער האָט אָנגענו־מען דעם איסלאַם. איין שעהנע אידישע מיידעל האָט מען גע־צוואונגען אָנצונעהמען דעם איסלאַם, און מאַהאָמעד האָט איהר אַריינגענומען אין זיין האַרעם. דיא איבעריגע אידישע פרויען און קינדער זיינען צוטהיילט געוואָרען צווישען דיא מוסולמאַנער.

נאָך דיזער פערניכטונג פון דיא בני־קאָרעיזא האָט שוין מאַ־האָמעד מעהר ניט געהאַט צו פירכטען פאַר אידען, און מעדינא איז געוואָרען אַ מוסולמאַנער שטאָדט אונטער זיין אונבעשרענקטער הערשאַפט.

.8

## דער קאַמפּף מיט דיא קאָרעישיטען.

אין דער צייט, ווען מאַהאָמעד האָט געזוכט צו בעפעסטיגען זיך אין מעדינא נאָך דער רויבערישער אַטאַקע אויף אבו סאָפיאן׳ס קאַראַוואַן אין אַזים בעדר, האָבען די קאָרעישיטען נאַטירליך געזוכט זיך אָבצורעכענען מיט איהם און זיינע נאָכפאָלגער. זיי האָבען בעשטימט אַ טרויער־צייט אין מעקא אזוי לאַנג ביז מאַהאָמעד וועט ניט בעזיעגט ווערען. אבו־סאָפיאַן, וועמען עס איז געלונגען צו רעטען זיך נאָך זיין ניעדערלאַגע אין בעדר, האָט צוזאַמענגעקליבען 3000 מאַן מיט 200 פערד, אום צו זיין זיכער געגען דיא אנהענגער פון מאַהאָמעד אין מעדינא. אויסער דעם האָבען דיא קאָרעישיטען זיך פערבונדען מיט עטליכע געצענדיענערשע שטאַמען.

דעם 24טען יאנואַר, 625 (דעם דריטען יאָהר נאָך הידזשרא) איז דיזע מחנה צוגעקומען צו די בערג אָכאָד לעבען מעדינא. מאַהאָמעד האָט ניט געוואָלט ווארטען ביז דיא מעקאַנער וועלען איהם בעלאַגערען אין מעדינאַ און האָט בעשלאָסען צו פּרובירען מזל אין אַן אָפענער שלאַכט. ער איז ארויס סך הכל מיט 700 מוסולמאַנער און 300 מעדינער אַראַבען, וועלכע האָבען נאָך ניט אַנערקענט דעם איסלאַם, נאָר האָבען זיך פערבונדען מיט איהם אין דיא אינטערעסען פון דער שטאָדט. נאָר ביי נאַכט האָבען זיך דיא געצענדיענערס שטילערהייט אָבגעטראָגען, און מאַהאָמעד איז בלויז געבליבען מיט זיינע אנהענגער געגען דיא גרויסע מאַכט פון דיא קאָרעישיטען.

דער פעררעטה פון דיא געצענדיענערס האָט איהם ניט אָבגעהאַלטען. איהם איז געלונגען צו פערנעהמען זעהר גוטע פּאָזיציאָנען אויף דיא בערג, זאָ דאָס אָנפאַנגס האָבען דיא מוסולמאַנער צוריקגעשטויסען אַן אַטאַקע פון דיא קאָרעישיטען, אָבער שליסליך האָט זיך דיזע שלאַכט געענדיגט זעהר טרויעריג פאר דעם פּראָפעט. ער אַליין איז לייכט פערוואונדעט געוואָרען אין געזיכט און אין קניע און איז אַריינגעפאַלען אין א קאַנאַווע. עס האָט געפעהלט א

האָר, אַז ער זאָל זיך אָבטראָגען צום דעם מלאך גבריאל, וועלכער האָט זיך דיזען מאָל ניט בעוויזען מיט זיינע מחנות ענגלען. ווען א צופאַל וואָלט דאָ ניט געהאָלפען דעם פּראָפעט, וואָלט וואהר־שיינליך געווען אַן ענדע פון זיין איסלאַם און עס וואָלט געבליבען אַן אַנדענקען אָן איהם אין אַראַבישע לעגענדען.

נאָר זיינע אנהענגער האָבען איהם אויפגעהויבען אַ צובלוטיג־טען און אַוועקגעטראָגען אין א זיכערען אָרט, וואו דיא לעבעדיג געבליבענע מוסולמאַנער האָבען איהם אַרומגערינגעלט. זיין אָנקעל חאַמזאַ, אַ זעהר מוטהיגער און פעהיגער קריעגער, איז געטויטעט געוואָרען צוזאַמען מיט 70 מוסולמאַנער. אין דיא רייהען פון דיא זיעגרייכע קאָרעישיטען האָט זיך פערשפּרייטעט אַ קלאַנג, אַז מאַ־האָמעד איז געטויטעט געוואָרען. אבו־סאָפיאַן איז דאַן צוגעריטען צו אַ פּאָזיציאָן פון דיא מוסולמאַנער אונטער דער קאָמאַנדע פון אָמאַר און האָט אויסגעשריען : „איז עס אמת, אז מאַהאָמעד איז טויט ?“ „ער לעבט און ועט נאָך אייך דערלאַנגען פּעפּער !“ האָט אָמאַר געענטפערט. „אויב אזוי, וועלען מיר זיך נעכסטען יאָהר צוזאַמענטרעפען אין בעדר !“ האָט אבו־סאָפיאַן אויסגערו־פען, און איז אַוועק צו זיין לאַגער.

אבו־סאָפּיאַן׳ס פרוי, וועלכע האָט בעגלייטעט דיא קאָרעישי־טען צוזאַמען מיט אַנדערע פרויען, האָט אין דער זעלבער צייט בע־גאַנגען אַ שוידערליכע טהאַט. אַזוי וויא איהר פאָטער איז געטוי־טעט געוואָרען פון מאַהאָמעד׳ס אָנקעל חאַמזאַ ביי דער רויבערישער אַטאַקע אין דעם אַאַזיס בעדר, האָט זיא זיך יעצט אַ וואָרף געטאָן אויף זיין טויטען קערפּער, האָט אויפגעשניטען זיין בויך, האָט אַרויסגעריסען זיין לעבער און עס אויפגעפרעסען רויערהייט !... אַנ־דערע פרויען האָבען אָבגעשניטען ביי דיא געטויטעטע מוסולמאַנער דיא נעזער און אויערען און געמאַכט דערפון האַלזבענדער !... אָט אַזוי ווילד זיינען נאָך דיא אַראַבען געווען אין יענער צייט.

דיא קאָרעישיטען האָבען ניט אויסגענוצט זייער זיעג צו פער־יאָגען מאַהאָמעד׳ן פון מעדינאַ. דאָס האָט איהם געראַטעט פון אַ מעגליכען אונטערגאַנג. זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט נאָך מעקאַ,

דיינקענדיג נעכסטען יאָהר צו קומען מיט א גרעסערע מאכט און מאכען א סוף פון דיא מוסולמאנער.

מאהאָמעד האָט זיך בענוצט דערמיט, אום אויפצומונטערן זיינע נידערגעשלאָגענע אנהענגער. ער האָט ניט בעוויזען מוטה אין דיזער שלאכט. ער האָט געטראָגען 2 שטארקע פאנצירען, וועלכע האָבען איהם גערעטעט פון טויט, און ער איז אריינגעפאלען אין דער קאנאווע איינפאך אויס שרעק. נאָר ווען דיא קאָרעישיטען האָבען אָנגעפאנגען זייער מארש צוריק, איז ער ארויס מיט זיינע טרייעסטע אנהיינגער כלומרשט נאָכצויאָגען זיך נאָך דיא שונאים. אין דער ווירקליכקייט אָבער איז ער פערבליבען דריי טעג צווישען דיא בערג און האָט זיך צוריקגעקעהרט נאָך מעדינא. וועגען זיין ני־דערלאגע האָט ער זיך ארויסגעדרעהט מיט פאָלגענדען תירוץ: „זאָ לאנג איהר האָט מיר געפאָלגט, האָט איהר געזיעגט; אָבער וויא נאָר איהר האָט אויס געמיינע האבזוכט ניט געהערט דעם ווי־לען פון גאָט און דיא בעפעהלע פון זיין שליח, האָט איהר געקראָגען דיא פערדיענטע שטראָף, און אייערע פיינדע האָבען געזיעגט. נור גאָט איז בארמהערציג, ער האָט שוין פערגעבען אייערע זינד און וועט ניט דערלאָזען, אז איהר זאָלט אונטערגעהן.“

זיינע ווערטער וועגען דיא „געמיינע האבזוכט“ האָבען זיך בע־צויגען אויף דעם פאל, ווען דיא מוסולמאנער, וועלכע האָבען צו־ריקגעשטויסען דיא ערשטע אטאקע פון דיא קאָרעישיטען, האָבען אָנגעפאנגען צו רויבען זייער לאגער. דיא „גלויביגע“ האָבען זיך אזוי „פערטיעפט“ אין דיזער רויבעריי, אז זיי האָבען ניט בעמערקט, וויא דער שונא האָט זיך צוזאמענגעקליבען זיי צו פעריאָגען. מען רעכענט, אז דאָס איז טאקי געווען דיא הויפט־אורזאכע פון מאהאָ־מעד׳ס נידערלאגע אין דיזער שלאכט לעבען דיא בערג אָכאָד.

אום נאָך מעהר אויפצומונטערן זיינע אנהענגער, האָט ער עס געהייסען אין נאָמען פון מלאך גבריאל בעפאלען דעם אידישען שטאם בני־נאדיר. דעם נעכסטען יאָהר איז זיין מאכט אזוי גע־וואקסען, אז ער האָט שוין געקאָנט צוקומען צום אאזים בעדר מיט

1500 „הייליגע“ קריגערס, אום דאָרט צו געבען אַ שלאַכט דיא קארעישיטען, וויא עס איז אָבגעמאַכט געווען מיט אבו־סאָפּיאַן. נאָר דאָרט האָבען זיי אָנשטאָט שונאים געפונען אַ פריעדליכען יריד. דיא קאָרעישיטען זיינען ניט געקומען, ווייל זיי האָבען זיך געקליבען אויסצופיהרען אַ גרויסען פּלאַן געגען דיא מוסולמאַנער. זיי האָבען זיך נעמליך פערבונדען מיט דריי גרויסע געצענדיענערשע שטאַמען און מיט דיא אידען פון דער קאָלאָניע חעיבאַר, וואו עס האָבען זיך געפונען פיעלע פון דיא פעריאָגטע בני־נאַדיר. אבו־סאָפּיאַן, דער פיהרער פון דיזען בונד, האָט צוזאמענגעקליבען אַ גרויסע מחנה צו בעלאַגערען מעדינא. נאָר אין דיזער געפעהרליכער לאַגע איז מאַ־האָמעד'ן צו הילפע געקומען אַ פּערס מיט דעם נאָמען סאלמאַן, וועלכער האָט לאַנג געדיענט אין דיא פּערסישע אַרמעען און איז ענדליך געפאַנגען און פערקויפט געוואָרען אין שקלאַווערייּ צו איי־נעם פון דיא אַראַבען אין מעדינא. ווען סאלמאַן האָט אָנגענומען דעם איסלאַם, האָט מען איהם בעפרייט. ער האָט דערפאַר זעהר טריי געדיענט דעם פּראָפעט. ווייא נאָר מען האָט זיך דערוואוסט אין מעדינא וועגען דיא גרויסע אַרמעע וואָס אבו־סאָפּיאַן האָט צו־זאַמענגעקליעבען, איז דיזער פּערס אַוועק צו מאַהאָמעד'ן און האָט איהם געגעבען אַ פּלאַן צו בעשיצען דיא שטאָדט מיט גראָבענס און ערד־פעסטונגען אַרום. דיא אַראַבען האָבען גאָר ניט געוואוסט פון אַזעלכע בעשיצונגס־מיטלען, נאָר מאַהאָמעד האָט גלייך איינגעזעהען דיא גרויסע נוצען פון אַזעלכע בעפעסטיגונגען און האָט געהייסען זיינע נאָכפאָלגער אויספיהרען דעם פּערסישען פּלאַן.

ווען דיא קאָרעישיטען זיינען אין 627 צוגעקומען צו מעדינא, זיינען זיי ניט וויניג ערשטוינט געווען, ווען זיי האָבען זיך אָנגע־שטויסען אויף גראָבענס און ברוסטווערק. זיי האָבען פּרובירט אַרי־בערגעהן דיא גראָבענס, אָבער זיי זיינען שנעל פעריאָגט געוואָרען. זיי האָבען דאַן בעשלאָסען צו בעלאַגערען דיא שטאָדט, נאָר אַזוי וויא זיי האָבען ניט מיטגענומען גענוג פּראָוויאַנט פאַר אַזעלכע גרויסע מחנות, האָבען זיי אין עטליכע וואָכען אַרום געמוזט אין־גאַנצען אָפּטרעטען.

מאהאמער איז דארום פערבליעבען דער הערשער פון מעדינא, און זיין גאַנצע מאַכט האָט ער בענוצט, אום זיך אָפּצורעכענען מיט די אידען, וועלכע האָבען געהאָלפען די קאָרעישיטען. דאַן האָט ער עס אומגעבראַכט דעם גאַנצען שטאַם בני־קאָרעיזא. וויא עס איז ערקלערט געוואָרען אין פאָריגען קאַפּיטעל.



.9

## מאהאָמעד'ס נצחון אין מעקא.

אין פריהלינג פון נעכסטען יאהר האָט מאהאָמעד ערקלערט, אז ער האָט געזעהען אין חלום, דאָס ער איז אוועק נאָך מעקא בעטען גאָט און דאָס מען האָט איהם דערלאנגט דיא שליסלען פון קאאבא־טעמפעל. דארום האָט ער געהייסען זיינע אנהענגער איהם נאָכפאָלגען נאָך מעקא, אום איינפאך צו בעטען גאָט. מעהר וויא שווערדען האָט ער זיי ניט געהייסען מיטנעהמען, דען דער צוועק פון דיזען מארש איז געוועזען א פרידליכער און רעליגיעזער. עס איז נאָך גראדע געוועזען דיא צייט, ווען אראבען האָבען עס געהאלטען פאר זייער היילינע פפליכט ניט צו בעפאלען און ניט צו רויבען, ווען אין מעקא האָט מען געפראוועט דיא געצענדיענערשע צערעמאָניעס לכבוד דעם גרויסען פריהלינגס־יום טוב הארזשא.

1500 גלויביגע האָבען נאָכגעפאָלגט דעם פראָפעט. ווען זיי זיינען צוגעקומען צום גרענעץ פון דער הייליגער פריעדענס־געגענד חאָדעיביא, האָט מאהאָמעד געשיקט זיין איידעם אָסמאַן נאָך מעקא מיט א פאָרשלאג זיי אריינצולאָזען אין קאאבא־טעמפעל פיר רעליגיעזע צוועקען, און דערפאר וועלען זיי זיך פערפליכטען מעהר ניט צו בעפאלען דיא קאראוואנען פון דיא קאָרעישיטען. נאָך לאנגע פערהאנדלונגען האָט מאהאמעד בעשלאָסען אָנצונעהמען דיא פאָרדערונג פון דיא קאָרעישיטען, אז דיא מוסולמאנער זאָלען זיך צוריקציהען פון מעקא, נאָר נעכסטען יאָהר וועט מען זיי דערפאר ערלויבען בעזוכען דעם קאאבא־טעמפעל. אָסמאַן און אנדערע הייסע מוסולמאנער האָבען פראָטעסטירט געגען דיזען ערנידעריגענדען פאָרשלאג און האָבען געבעטען מאהאמעד'ן ער זאָל ניט אנדערס פאָרדערן גלייך צו בעזוכען דעם קאאבא־טעמפעל; אָבער ער האָט געזעהען, אז ער איז נאָך ניט שטארק גענוג געגען דיא קאָרעישיטען און אנדערע געצענדיענערס און ער האָט דארום זעהר דיפלאָמאטיש געשלאָסען פריעדען מיט זיינע הויפט־געגנער אויף צעהן יאָהר.

מאַהאָמעד האָט אונטערגעשריעבען דעם אָבמאַך מיט דיא קאָרעישיטען, אָבוואָהל מען האָט איהם אין דיזען דאקומענט ניט אנערקענט פאר א פּראָפעט, וואָס עס האָט זעהר געערגערט זיינע אנהענגער. דער איינציגער וואָס האָט איהם אונטערשטיצט אין דיזען דיפּלאָמאַטישען שריט איז געווען דער קלוגער און געלאסענער אבו־בעקר.

אַזוי וויא מאַהאָמעד איז יעצט זיכער געווען, דאָס דיא קאָ־רעישיטען וועלען איהם שוין ניט אָנגרייפען, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן איינצונעהמען שוואַכע שטאַמען און בעזאָנדערס דיא עטליכע אידישע קאָלאָניעס, וועלכע האָבען זיך געפונען צום נאָרד פון מע־דינא. דיא אידען האָבען זיך וויעדער ניט פערבונדען צוזאמען, און יעדער קאָלאָניע בעזונדער האָט זיך פערטהיידיגט אין א טהורם. דער רעזולטאַט איז געווען, אז זיי האָבען זיך אַלע געמוזט אונטער־געבען. מען האָט ביי זיי צוגענומען זייער גאַנצען פערמעגען, נאָר זיי אַליין האָט מען געלאָזען אויסוואַנדערען נאָך סיריען מיט זייערע פרויען און קינדער.

נאכדעם וויא דיא אידען פון דער קאָלאָניע חייבאַר האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען, האָט אַ אידישע טאָכטער מיט דעם נאָמען זעינאַב בעשלאָסען צו נעהמען נקמה פון דעם פּראָפעט זעלבסט, ווייל איהר גאנצע משפחה איז אויסגעשלאַכטעט געוואָרען פון דיא מוסולמאַנער. זיא האָט זיך אָנגעגעבען פאַר אַ בעקעהרטע צום איסלאַם און האָט געשיקט מאהאמעד'ן אַלס געשאַנק אַ געקוילעטען באַראַן, וועלכען זיא האָט בעשמירט מיט א שטאַרקע גיפט. דער פּראָפעט האָט גראַדע איינגעלאַדען צו זיך עטליכע געסט צו אַן אבענד־שפּייז און האָט געהייסען אויף דערלאַנגען דעם פערגיפטע־טען באַראַן צום טיש. נאָר ווען ער האָט אַריינגענומען אין מויל אַ ביסען, האָט ער גלייך דערפיהלט עפּעס א ביטערען טעם און האָט עס אויסגעשפּיען. איינער פון דיא געסט, וועלכער האָט אַרונ־טערגעשלונגען א ביסען, איז באַלד אויסגעאַנגען.

זייט דער צייט האָט מאַהאָמעד געקרענקט. ער האָט צוגע־שריעבען זיין לעצטע קראַנקהייט און טויט דעם סם פון דער אידי־

שער פרוי. זיא האָט זיך אַלזאָ דאָך אָבגערעכענט מיט דעם פראָ־פעט פאַר דיא אויסשלאַכטונג פון איהר פאַמיליע און פאַר דיא צרות, וואָס אַלע אידען אין אַראַביען האָבען פון איהם געליטען.

דיא קאָרעישיטען האָבען געהאַלטען וואָרט. אין פריהלינג פון נעכסטען יאָהר, אַלזאָ 7 יאָהר נאָך מאַהאָמעד׳ס פּליטה פון מעקא, האָבען זיי איהם געלאָזען בעזוכען דעם קאַאַבא־טעמפּעל צוזאמען מיט 2000 נאָכפאָלגער. אָבער מעהר וויא דריי טעג האָט מען איהם ניט ערלויבט צו פערבלייבען אין מעקא.

אין דער צייט איז זיין מאַכט אַזוי גרויס געוואָרען, אַז ער האָט געשיקט 3000 סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדא פון זיין אדאָפּ־טירטען זוהן זעיד נאָך סיריען, אום צו בעקעהרען דיא דאָרטיגע אַראַבען און אַנדערע איינוואָהנער. נאָר ניט ווייט פון דיא זידלי־כע ברעגעס פון טויטען ים (ים המלח) האָבען זיי זיך צוזאמענגע־שטויסען מיט דער ארמעע פון דעם גריכישען קייזער הערואקליוס, וועלכער האָט בעזיעגט דיא פּערסישע אַרמעען. דיזער צוזאמענ־שטויס איז געוועזן זעהר אַן אונגליקליכער פאַר מאהאמעד׳ס „היי־ליגע“ קריעגערס. נאכדעם וויא זעיד און אַנדערע קאָמאַנדירען זיינען געפאַלען טויט אין דער שלאַכט, זיינען דיא איבעריגע זיך צולאָפען.

אום אָפּצושוואַכען דעם שלעכטען איינדרוק פון דיזער ביטע־רער נידערלאַגע, האָט מאַהאָמעד אַרויסגעשיקט, וויא ער האָט עס געוועהנליך געטאָן אין אַזעלכע פעלע, זיינע אנהענגער געגען שוואַכע שטאַמען אין אַראַביען. זיי האָבען זיך מייסטענס אונטערגעגעבען פריעדליך, און מאַהאָמעד איז אַלץ ווייטער אנערקענט געוואָרען אַלס גאָט׳ס שליח.

אין מעקא זעלבסט האָט ער געקראָגען אַלץ מעהר אנהענגער. פיעלע האָבען איבערהויפּט ניט געוואָלט איינרייסען מיט איהם, זעהענדיג וויא זיין מאַכט שטייגט אַלץ אין אַלע אַנדערע טהיילען פון אַראַביען. דערמיט ערקלערט זיך דער מערקווירדיגער פונקט, דאָס אין 630 יאהר האָבען דיא קאָרעישיטען ניט נאָר אריינגעלאָזען מאַהאָמעד׳ן אין מעקא, נאָר האָבען אנערקענט זיין אויבערמאַכט

און איהם געלאָזען צושטערען אַלע געצקעס אין דעם קאַאבאַ־טעמ־פעל. ער האָט זיך בענוצט מיט געוויסע שטרייטיגקייט וועגען דעם אָפּמאַך מיט דיא קאָרעיישיטען און איז אַרוים מיט אַ מחנה פון 10,000 מאַן געגען מעקאַ. פיעלע איינוואָהנער פון דער היי־ליגער שטאָדט זיינען אַרוים איהם צו בעגריסען אויפ'ן וועג און צו ערקלערען, אַז זיי נעהמען אָן דעם איסלאַם. אפילו אבו־סאָפיאַן, וועלכער איז געשיקט געוואָרען פון דיא קאָרעיישיטען צו פערהאַנד־לען מיט דעם פּראָפעט, האָט זיך בעקעהרט צום נייעם גלויבען. דיא איינוואָהנער פון מעקאַ האָבען אַלזאָ קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, וויא אַריינצולאָזען דעם פּראָפעט מיט זיין ארמעע און צו אַנערקע־נען איהר פאַר זייער אויבערהאַר. דיא מייסטע איינוואָהנער האָ־בען אויך גלייך אָנגענומען דעם איסלאַם.

מאהאמעד איז דאַן 7 מאָל אַרומגעריטען אויף זיין קעמעל אַרום דעם קאַאבאַ־טעמפּעל, האָט זיך 7 מאָל צוגעריהרט מיט זיין שטעקען צום הייליגען שטיין און האָט געהייסען פערניכטען אַלע געצקעס אין טעמפּעל און אין דיא הייזער. דיא געצענדיענערס, וועלכע האָבען דערזעהען, אַז זייערע אָבגעטער זיינען אונשעדליך, האָבען שוין קיינע צערעמאָניעס ניט געמאַכט מיט דיא געצקעס. נאַכהער האָט ער ערקלערט, אַז אַלע מענשען זיינען גלייך פאַר גאָט און אַז זייער הייליגסטע פפליכט איז צו בעשיצען און צו פערשפריי־טען דעם איסלאַם.

דאָס איז געווען דער גרעסטער טריאומף אין זיין לעבען. בלויז 8 יאָהר נאָך דער פליטה, ווען זיין לעבען איז געווען אין געפאַהר, איז איהם געלונגען ניט נאָר אַריינצומאַרשירען מיט צעהן טויזענד אנהענגער אין מעקאַ, זאָנדערן צו ווערען איהר אנערקענטער הער־שער. קיין טראָפּען בלוט איז ביי דיזער מערקווירדיגער איבער־קעהרענעס ניט פערגאָסען געוואָרען. זיינע אנהענגער האָבען ווירקליך געקענט גלויבען, אז דאָס איז א נס, אז אין דיזער וויכ־טיגער היסטאָרישער פאַסירונג שטעקט אַלאַה'ס האַנד און אז מאַ־האַמעד איז גאָט'ס שליח.

## מאהאָמעד'ס זיעג איבער דיא בעדואינען און טויט.

נאָר אין מעקאַ איז מאהאמעד ניט פערבליבען. ער האָט ער־קלערט, אז ער וויל לעבען און שטארבען צוזאמען מיט זיינע נאָכ־פאָלגער פון מעדינא. דאָס האָט ער אָבער ניט געטאָן אויס ליעבע צו זיי, זאָנדערן ווייל ער האָט פערשטאַנען, אז אין מעקאַ איז ער נאָך ניט אין גאַנצען זיכער, דען עס זיינען נאַטירליך פערבליבען פיעלע זיינע שונאים און פערבאָרגענע געצענדיענערס. ער האָט דאָ ארויסגעצייגט אַ קלאָרע בערעכנונג און אַ דיפּלאָמאַטישע האַנד־לונג, מיט וועלכע ער האָט זיך אויסגעצייכענט אַלץ מעהר, וואָס מעהר ערפאָלג ער האָט געהאַט אין זיינע אונטערנעהמונגען און מלחמות. זיינע נביאות האָט ער פערבונדען מיט פּאָליטישע בע־טראַכטונגען און אויסרעכנונגען זייט ער איז געוואָרען דער הער־שער פון מעדינא און א קריעגספיהרער. אָנפאַנגס איז ער געווען אַ טרוימער מיט א קרענקליכער פאַנטאַזיע און מיט האַלוצינאַציאָנען, נאָר ביסלעכווייז איז ער געוואָרען א געשיקטער פּאָליטיקער און דיפּלאָמאַט. זיין רעליגיעזע לעהרע, וועלכע האָט אין זיך גלייך פון אָנפאַנג ענטהאַלטען אַ פּאָליטישע שטרעבונג צו פעראייניגען אַלע אַראַבען, איז געוואָרען אַן אימפּעריאַליסטישע. רעליגיאָן איז דאָ געגאַנגען האַנד אין האַנד מיט אַ נייע שטאַאַטליכע אָרגאַניזאַ־ציאָן, און דער פּראָפעט פון איסלאַם איז צוגלייך געוואָרען אַ קריעגספיהרער, אַ פּאָליטישער הערשער, אַ דעספּאָט.

אין דעם איז בעשטאַנען דער גרונד פון מאהאמעד'ס מערק־ווירדיג שנעלען ערפאָלג זייט זיין ערשטע „הייליגע מלחמה" אין אַאַזיס בעדר, וועלכע איז אייגענטליך געווען אַן איינפאכער רוי־בערישער אָנפאַל אויף אַ קאַראַוואַן, וויא עס איז אויבען ערקלערט געווען.

א שלאַכט האָט אויך ענטשיעדען דיא פערשפּרייטונג פון איסלאַם צווישען דיא בעדואינען, דיא אַראַבען פון דער וויסטענעס, וועלכע מאהאמעד האָט צו רוהע געלאָזען דיא גאַנצע צייט. זיי

האָבען אָבער אַליין אָנגעפאַנגען דעם קאַמפף. גראדע ווען מאהא־מעד האָט זיך געקליבען אין וועג פון מעקא נאָך מעדינא, זיינען אָנגעקומען בעריכטען, אַז דער שטאַרקער פערבאַנד פון בעדואינער שטאַמען אונטער דעם נאָמען על־חאַוואַזין האָט צוזאמענגעקליבען גאַנצע 20.000 מאַן געגען דעם פּראָפעט. דיזע שטאַמען האָבען פערנומען אַ גרויסע געגענד אין דער וויסטענעס ביז דיא גרענעצען פון דער מעקאַנער פּראָווינץ. זייער וויכטיגסטע שטאָדט איז געווען טאַאיף, ניט ווייט פון מעקא. לעבען דיזען פּלאַץ האָבען זיך אויס־געשטעלט 20.000 בעדואינען, נאָך וועלכע עס האָבען געפאָלגט זייערע פרויען, קינדער און מאַסען בהמות.

מאַהאָמעד איז אַרויס געגען זיי מיט 12.000 אנהענגער, צווי־שען וועלכע עס זיינען שוין אויך געווען אַ פּאָאַר טויזענד פון מעקא. דיא שלאַכט איז געווען אַ לאַנגע און אַ ברענענדע, אָבער דיא בעדואינען האָבען שליסליך געמוזט זיך אָפּטראָגען, איבערלאָ־זענדיג אין מאהאמעד׳ס הענד זייער לאַגער מיט 6000 פרויען און קינדער, 24000 קעמלען, מאַסען שעפּסען און פיעלע ווערטהפאָלע זאַכען. דיא בהמות און זאַכען האָט ער צוטהיילט צווישען זיינע אנהענגער (דעם גרעסטען טהייל האָט ער געגעבען דיא מעקאַנער, אום זיי בעסער צוצוציהען אויף זיין זייט), אָבער דיא פרויען און קינדער האָט ער צוריקגעשיקט אָהן אויסקויפס־געלט, אום צו ציי־גען זיין גוטסקייט דיא בעדואינען, וועלכע ער האָט נאַטירליך גע־וואונשען וואָס שנעלער צו בעקעהרען. דאָ האָט ער ווידער אַרויס־געצייגט זיינע דיפּלאָמאַטישע פעהיגקייטען. אייניגע בעדואינער פיהרער האָט ער אונטערגעקויפט מיט געשאַנקען, אַנדערע האָט ער געטרויסט און ווייך געמאַכט מיט גוטע רייד. ווען ער האָט צוריק־געקעהרט דיא בעדואינער פרויען און קינדער, איז דער קאָמאַנדיר פון דיא על־חאַוואַזינען אַזוי בעגייסטערט געוואָרען פאַר דעם פּראָ־פעט, אַז ער האָט גלייך אָנגענומען דעם איסלאַם.

אַזוי איז מאַהאָמעד געוואָרען דער הערשער פון אַראַביען. ווען ער איז געקומען אין מעדינא נאָך דעם זיעג איבער דיא בעדואינען, האָט ער זיך שוין געפיהלט אַזוי שטאַרק, אז ער האָט צוזאמענגעקלי־

בען אַן אַרמעע פון 30.000 מאַן און ערקלערט, אז ער טרעט אַרויס געגען דיא ביזאַנטישע אימפּעריע. נאָר ווען ער איז צוגעקומען צום גרענעץ פון סיריען, האָט ער זיך פּלוצלונג אָבגעשטעלט און האָט נאָר אָפּגעמאַכט מיט עטליכע בעדואינער שטאַמען אויף דעם סיני האַלב־אינזעל, אַז זיי זאָלען אַנערקענען זיין אויבערמאַכט אַנ־שטאָט דיא אויבערמאַכט פון דעם ביזאַנטישען קייזער העראַקליוס.

מען רעכענט, אז דיא אורזאכע, ווארום ער האָט זיך צוריק־געקעהרט נאָך מעדינאַ אנשטאט צו בעפאלען סיריען, וויא ער האָט עס געפּלאַנעוועט, איז געווען, ווייל ער האָט זיך געפיהלט שטערבליך קראַנק. ער האָט מורא געהאַט צו שטעלען אין קאָן זיין גאַנצע שווער־ערוואָרבענע מאַכט אין א קאַמפּף מיט דיא גריי־כען און איבערהויפּט מיט דיא קריסטען. מען זאָגט, אז ער האָט געפיהלט, דאָס עס בלייבט איהם שוין ניט לאַנג צו לעבען. אין דער צייט פלעגט ער עס אָפט דערמאָנען, אַז זיין קראַנקהייט האָט ער צו פערדאַנקען דער פערגיפטונג פון דער אידישער פרוי זעינאַב.

יעדענפאַלס, ווען ער איז געקומען דעם נעכסטען יאָהר אין מעקא, האָט ער שוין גערעכענט, אַז דאָס איז זיין לעצטע רייזע. ער האָט צוזאמענגעקליבען זיינע פיהרער און האָט פאַר זיי געהאַל־טען אַ דרשה, אין וועלכער ער האָט זיך אזוי וויא געזעגענט מיט זיי און מיט דער וועלט. ער האָט זיי איבערגעגעבען נאָך אַ מאָל דיא הויפּט־געבאָט פון איסלאַם און זיי אָנגעזאָגט צו לעבען אין פריעדען און אחדות, זיך אויף אימער צו ענטזאַגען פון גאולת הדם און זיך גוט צו בעגעהען מיט זייערע פרויען און שקלאַווען. געענדיגט האָט ער מיט דיא ווערטער: „יעצט האָב איך ערפילט אלעס וואָס עס איז מיר בעשטימט געווען אויפצוטאָן.“

ווען ער איז צוריק געקומען אין מעדינאַ, האָט ער זיך שוין גע־פיהלט אַזוי שוואַך, אז ער האָט בעשטימט אבו־בעקער׳ן פאַר זיין שטעלפערטרעטער און איז פערבליבען אין דער הויז פון זיין געליעב־טעסטער פרוי יאַאישאַ. מיט יעדען טאָג איז איהם אַלץ ערגער גע־וואָרען. איינינע פון זיינע יונגע פערעהרער האָבען איהם געוואָלט ערקלערען פאַר גאָט׳ס זוהן, אָבער ער האָט זיך ענטזאַגט דערפון

און געזאָגט: „גאָט האָט קיין זוהן, איך בין בלויז אַ מענש, וויא אַלע אַנדערע.“ דיא יעניגע, וואָס האָבען געטרויערט וועגען זיין קראַנקהייט און נאָהענטען טויט, האָט ער איין מאָל געטרויסט מיט דיא ווערטער: „איך זעה, אַז מיין טויט יאָגט אויף אייך אַ שרעק; אָבער האָט דען איינער פון דיא פריהערע פּראָפּעטען אייביג גע־לעבט? איהר מוזט אַלזאָ וויסען, אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען איך וועל זיך שיידען מיט אייך און אַוועק צו אַלאַה, מיין הערר.“

נאָך דיזע רייד האָט ער בעפוילען צו בעפרייען אַלע זיינע שקלאַווען און צו פערטהיילען זיין געלט צו אָרימע. אין זיין קאַסע האָט מען אָבער געפונען בלויז 6 דינאַרען, וואָס עס האָט געצייגט, אַז דער הערשער איבער אַראַביען איז געשטאָרבען אַן אָרימאַן, וויא ער איז געבאָרען געוואָרען. וויא ווייט מען ווייס, האָט ער זיך קיינמאָל ניט געיאָגט נאָך רייכטהימער פאר זיך. זיין גרעסטע שוואַכקייט איז געווען זיין ליעבע צו פרויען נאָך דעם טויט פון חאַדידזשאַ. ער האָט אַליין ערקלערט: „מעהר פון אַלעם אין דער וועלט האָב איך ליעב געהאַט פרויען און פּערפיומען, אָבער אמת׳ע ענטציקונג האָב איך נאָר געפונען אין געבעט.“

ער איז אויסגעגאַנגען דעם 7טען אָדער דעם 8טען יוני, 632טען יאָהר, ווען ער איז אלט געווען 63 יאָהר.

אין מעדינא האָט ער אַלזאָ געלעבט 10 יאָהר, אָבער אין דיי־זער קורצער צייט האָט ער איינגעפלאַנצט דעם איסלאַם במעט אין גאַנץ אַראַביען, וויא מיר האָבען דאָס שוין אויבען געזעהען.

## 11

# דער קאָראַן.

יעצט וועלען מיר וואַרפען א בליק אויף מאהאָמעד'ס גייסטיגע ווערק, אויף דעם קאָראַן, דיא ביבעל פון אַלע מוסולמאַנער. על־קאָראַן בעדייטעט בוך; אָבער דאָס איז ניט אַ געוויינליכער בוך, זאָנדערן דער אויסדרוק פון איסלאַם (פון געטליכען ווילען). דיא מוסולמאַנער גלויבען, אַז יעדעס וואָרט אין דיזען בוך איז דירעקט דיקטירט פון גאָט דורך מאהאמעד'ס מויל און אַז אַלעס צוזאמען איז דיא געטליכע וואהרהייט זייט דיא וועלט איז בעשאַפען גע־וואָרען.

אין דער ווירקליכקייט אָבער איז נאָר אַ טהייל פון קאָראַן דיקטירט געוואָרען פון מאהאָמעד'ן זעלבסט אין פערשיעדענע צייטען פון זיין פראָפעטען־קאַריערע און אונטער פערשיעדענע אומשטענדען. זיינע שילער האָבען פערשריעבען, וואָס ער האָט גע־זאָגט. נאָך זיין טויט האָט מען געפונען טהיילען פון זיינע נביאות און דרשות פערשריעבען אויף פּאַרמעט, לעדער, פּאַלמבלעטער און זאָגאַר אויף דיא שולטער־ביינער פון שעפּסען. איינינע שילער האָבען פערצייכענט איינפאַך, וואָס זיי האָבען זיך געקאָנט דערמאָנען פון דעם פּראָפעט'ס ווערטער. מאהאמעד זעלבסט האָט ניט גע־זאָרגט וועגען אַ ריכטיגע צוזאמענשטעלונג פון זיינע פּראָפעציייהונ־גען און אויפקלעהרונגען. נאָר אַ קורצע צייט נאָך זיין טויט האָט מען געפונען פאַר נייטיג צוזאמענצוקלייבען אַלע פערצייכענטע נביאות, און אבו־בעקר, דער ערשטער חאַליף (שטעל־פערטרעטער פון פּראָפעט) האָט זיך דערמיט פלייסיג בעשעפטיגט. עס איז העכסט וואהרשיינליך, אַז דער קלוגער און דיפּלאָמאַטי־שער מענש האָט עפּעס געענדערט און פערגלעט געוויסע פּסוקים פון קאָראַן. דיא ענדליכע צוזאמענשטעלונג פון קאָראַן אין דער פאָרמע, וויא ביז היינט צו טאָג, איז געמאַכט געוואָרען אין דער צייט, ווען אָסמאַן איז געווען חאַליף.

דיא צוזאמענשטעלונגען פון קאָראַן איז אָבער אָהן שום מעט־

האָרע און אָרדנונג. דער קאָראַן איז אַ מיש־מאַש פון פּסוקים, וועלכע ווידערשפּרעכען זיך גאַנץ אָפט. מען דאַרף זיין אַ בלינדער פאַנאַטיקער צו זעהען אין דיזען בוך ניט נאָר גאָט'ס ווילען, זאָנ־דערן אפילו דעם געדאַנקען־אויסדרוק פון אַ מענשען מיט אַ קלאָ־רען פערשטאַנד. דער בוך איז צוטהיילט אין 114 סוראס אָדער קאַפּיטלען, אָבער אָהן שום צוזאַמענהאַנג. איינינע קאַפּיטלען זיי־נען זעהר לאַנג, אַנדערע פערנעהמען בלויז עטליכע ציילען. דיא פאָרמע פון דיא פּסוקים איז אַ פּאָעטישע (מאהאמעד איז געווען אַ פּאָעטישע נאַטור), און מאַנכע ענדיגען זיך זאָגאַר מיט גראַמען.

דיא רעדאַקטאָרען פון קאָראַן זיינען וואהרשיינליך אַליין צו־מישט געוואָרען פון דיא ווידערהאָלונגען און ווידערשפּריכע, וועלכע זיי האָבען געפונען פערצייכענט אַלס דיקטירונגען פון פּראָפעט, און אַזוי וויא זיי האָבען בלינד געגלויבט, אַז יעדער וואָרט איז אַ געט־ליכע אָפּענבאַרונג, האָבען זיי אַלעס איבערגעשריעבען, וויא זיי האָ־בען עס געקראָגען אונטער דער האַנד, איבערלאָזענדיג דיא מוסול־מאַנער צו מאַכען פּשט'לעך און פּלפּולים וועגען דיא מיינונג פון יעדען פּסוק און יעדען וואָרט. וועגען קאָראַן האָט מען טאַקע מיט דער צייט אָנגעשריעבען אַזוי פיעל בערג מיט קאָמענטאַרען, וויא וועגען דיא ביבעל.

נאָך זייער אינהאַלט זיינען איינינע טהיילען פון קאָראַן איינ־פאַך פאַנטאַסטישע בילדער, וויא צום ביישפּיעל דיא שילדערונגען וועגען דיא „דזשינען" אָדער בעשעפּעניסען, וועלכע שוועבען אין דער לופט; אַנדערע ענטהאַלטען אַלגעמיינע מאָראַל־דרשות אַזוי וויא אין דיא ביכער פון אַנדערע פּראָפעטען און איבערהויפּט אַזוי וויא אין אַלע רעליגיעזע לעהרען, און דיא איבעריגע זיינען פול מיט ווידערהאָלונגען וועגען דיא ספּעציעלע פּונקטען פון מאָהאַמעדאַ־ניזמוס.

וועגן דיזע פּונקטען וועלען מיר דאָ זאָגען עטליכע ווערטער. אויף איינינע פון זיי איז שוין אָנגעדייטעט געוואָרען אין דיא שיל־דערונגען איבער זיין לעבען און קאַמפּף.

דער צענטראל פונקט פון איסלאם איז: „קיין גאָט אויסער אלאה, און מאהאָמעד איז זיין פראָפעט.“ קאָראַן איז פיל מיט ווידערהאָלונגען וועגען דיא איינהייט פון גאָט. דערמיט איז מאַהאָמעד׳ס לעהרע א שטרענג מאָנאָטעאיסטישע. אין דער 112־טער סורא ערקלערט ער: „גאָט איז איינער. ער עקזיסטירט אייביג. קיינער איז ניט גלייך צו איהם.“ דאָך האָט ער ניט נאָר אנערקענט דיא נעגענמאַכט פון טייוועל נאָך דיא פערסיש־אידישע בעגריפע, זאָנדערן אויך גאַנצע מחנות פון מלאכים און שדים. נאָר זייערע אויפטיאונגען זיינען ניט בעשטימט. דיא פסוקים וועגען דעם טייוועל זיינען צומישט און ווידערשפרעכענד.

מאַהאָמעד גיט זיך ניט אַרויס פאר דעם ערשטען גרינדער פון איסלאַם. אין עטליכע פסוקים, וועלכע זיינען צוזוואָרפען אין פערשיעדענע סוראס, ערקלערט ער: „אָנפאַנגס האָבען אלע מענשען געהאַט איין גלויבען, נאָר נאַכהער האָבען זיך צווישען זיי אָנגעפאַנגען רעליגיעזע שטרייטען... איסלאַם איז דיא רעליגיאָן פון נח, אברהם, משה און יעזוס... זאָג: מיר גלויבען אין גאָט, און דאָס וואָס ער האָט ענטדעקט צו אברהם, ישמעאל, יצחק, יעקב און דיא 12 שבטים. מיר גלויבען אין דיא היילינע ביכער, וועלכע משה, יעזוס און דיא נביאים האָבער ערהאַלטען פון הימעל....“

אַלס אַן אַראַב און אַ האַניף מיט נאַציאָנאַלע שטרעבונגען האַט ער בעזאָנדערס פערעהרט דעם ביבלישען פאַטריאַרך אברהם! דעם גאַנצען איסלאַם האָט ער אַרויסגעשטעלט אַלס אברהם׳ס רעליגיאָן, פון וועלכער ער האָט נאָר אַזוי פיעל געוואוסט, וויא ער האָט עס געהערט פון דיא האַניפען. אין אייניגע פסוקים שטעלט ער אַרויס דיזע גאַנז־אונבעשטימטע רעליגיאָן געגען דיא אידישע און קריסטליכע, וויא צום ביישפיעל: „אברהם איז ניט געוועזען א איד און ניט אַ קריסט, ער איז געוועזען א רעכט גלויביגער, א מוסולמאַן, א פערעהרער פון איין גאָט... דיא אידען און דיא קריסטען זאָגען: נעהמט אָן אונזער גלויבען, אויב איהר ווילט געראַטעט ווערען. ענטפער זיי: מיר אנערקענען דעם גלויבען פון אברהם, וועלכער האַט

זיך אָבגעזאָגט צו דיענען צו געצקעס און האָט זיך נאָר געבוקט צו איין איינציגען גאָט.“

אינטערעסאַנט זיינען דיא פּסוקים, אין וועלכע ער ענטפערט דיא אונגלויביגע אין איסלאם. אין איין אָרט פון קאָראַן ערקלערט ער: „ווען מען רעדט איין דיא אונגלויביגע אָנצונעהמען גאָט׳ס וואָרט, ערווידערען זיי: „מיר פאָלגען דעם גלויבען פון אונזערע עלטערען.“ אָבער דאַרפען זיי רען אויך פאָלגען, ווען זייערע עלטערן זיינען געווען אין פינסטערנים און אירטהום?“ דעם זעלבען אַרגומענט, וועלכען מען קען אָנווענדען געגען יעדען אַלטען גלויבען, ווידערהאָלט ער כמעט מיט דיא זעלבע ווערטער אין פערשיעדענע סוראס. אין איין סורא ווענדעט ער זיך צו דיא יעניגע, וואָס האָבען פערלאַנגט נסים פון איהם, מיט דיזע ווערטער: „דיא פריהערע פּראָפעטען האָבען געצייגט וואונדער, און דיא אונגלויביגע האָבען זיי דאָך געטויטעט... נסים זיינען אין גאָט׳ס מאַכט. ער צייגט זיי אייך ניט, ווייל ווען איהר וואָלט זיי געזעהען, וואָלט איהר אייך געבליבען אין אייער אונגלויבען... ווען מיר וואָלטען אַראָפּגעשיקט מלאכים פון הימעל, ווען טויטע וואָלטען גערעט, וואָלטען זיי אויך ניט געגלויבט... ווען זיי וואָלטען געזעהען וויא דער הימלישער געוועלב פאַלט אויף זייערע קעפּ, וואָלטען זיי נאָר געזאָגט דאָס זיינען געדיכטע וואָלקענס... יעדעס פאָלק האָט צוריקגעשטיבען זיינע נביאים — אַלע דיזע פעלקער זיינען אונטערגעגאַנגען. זיי האָבען גערופען גאָט׳ס שליחים: שווינדלער, און זיי זיינען אימגעקומען... אויך. פריהער האָט מען זיך אויסגעלאַכט פון גאָט׳ס דיענער, אָבער דער סוף איז געווען א ביטערער פאַר דיא אָפּלאַכערס.“

אין קאָראַן זיינען צוזייהט פערשיעדענע פּסוקים, אין וועלכע דיא אונגלויביגע ווערען געסטראַשעט מיט דיא שרעקליכסטע שטראָפען פון גאָט... קוריעז איז אויך דער פּסוק, וואו מאהאמעד ענטפערט זיינע געגנער, וועלכע האָבען איהם אויפגעוואָרפען, דאָס ער פּרעדיגט אין דער אַראַבישער פאָלקסשפּראַך (קיין אַנדערע האָט ער

איבערהויפּט ניט געקענט) : „ווען מיר וואָלטען איבערגעגעבען דעם איסלאַם אין אַן אונבעקאַנטע שפּראַך, וואָלטען זיי געשריען : „ווארום האָט ער ניט דייטליך ערקלערט ?"

דער זאָנדערבארסטער טהייל פון קאָראַן איז דיא לעהרע וועגען דעם זאָגענאַנטען פאַטאַליזמוס. מאהאָמעד האָט נעמליך געפּרע־דיגט, אַז דער שיקזאַל פון יעדען מענשען איז פאָראויס בעשטימט פון גאָט אַליין. דיזע לעהרע איז אָבער זעהר צומישט און אונדייט־ליך, דען ווען מען זאָל איהר פיהרען צו לאָגישע שליסע, בלייבט דעם מענשען זעלבסט גאָר ניט צו טאָן, אום צו ענדערן זיין שיקזאַל. שטרייטיגקייטען וועגען דיזען וויכטיגען פּונקט פון דער מאהאמע־דאנער רעליגיאָן האָבען געפיהרט צו דער ערשטער פערטהיילונג פון מוסולמאַנער אין דיא סעקטען פון סוניטען און שיאיטען.

אין איין סורא שטייט אַזוי געשריבען : „גאָט האַלט אין זיינע הענד דיא שליסלען פון דאָס פערבאָרגענע. ער וויים אַלעס, וואָס עס קומט פאָר אויף דער ערד און אין דער טיפענים פון ים. אַ בלעטעל פאַלט ניט פון אַ בוים אָהן זיין וויסען. עס איז ניטאָ קיין קערנדעל אויף דער ערד, וואָס זאָל ניט זיין פערשריעבען אין גאָט'ס בוך..." אין אַן אַנדער סורא ערקלערט ער : „ניט איהר האָט גע־טויטעט דיא פיינד פון איסלאַם, זיי זיינען געפאַלען אונטער דעם שווערד פון אַלמעכטיגען. ניט דו, מאהאמעד, ביזט אָנגעפאַלען אויף זיי, זאָנדערן גאָט, אום צו צייגען זיין שוץ. יעדעס פאָלק האָט זיין בעשטימטען שיקזאַל, מען קען איהם ניט אָפּלייגען, ניט שנעלער מאַכען."

ניט אַכטענדיג אויף דיזען פאַטאַליזמוס, אַנערקענט מאהאָמעד דאָך דעם פרייען ווילען פון יעדען מענשען. דער פרייער ווילען איז אָבער, נאָך זיין לעהרע, בעשרענקט אויף דעם מענשען'ס אינערליכע מאָראַל און אויף זיין טרייהייט צו גאָט'ס געבאָט. דער מענש קען טאַקע ניט ענדערן דעם שיקזאַל, וועלכער איז בעשטימט פון אויבען, אָבער ער האָט דאָך דיא פרייהייט צו בלייבען גוט אָדער שלעכט, גלויביג אָדער אונגלויביג.

אויף דיזער וויזע האָט ער זיך אַרויסגעדרעהט פון דעם שטענ־

דיגען ווידערשפרוך צווישען דער געטליכער השגחה, וועלכע בע־שטימט און בעזאָרגט אַלעס אויף דער וועלט, און דעם פרייען ווי־לען פון מענשען. אזוי וויא ער איז ניט געוועזן א פילאָזאָף און זיינע אנהענגער האָט ער נור געלערנט צו גלויבען בלינד, צו זוכען דיא גרעסטע בעפרידיגונג אין תפילות און צו קויפען זיך אַ זיכערן פּלאַץ אין גן־עדן דורך פּינקטליכע אויספיהרונגען פון אַלע פאָר־שריפטען אין קאָראַן פאַר אַ גוטען מוסולמאַן, האָבען זיי זיך גאַנץ ווייניג געקימערט וועגען פילאָזאָפישע חקירות און האָבען זאָגאַר ניט געזועהען דעם אָפּענעם ווידערשפּרוך אין זיין לעהרע וועגען פאַטאַ־ליזמוס און וועגען דיא שטראפען אָדער בעלוינונג פאר מענשליכע האַנדלונגען.

אין איין סורא ווערט ערקלערט : „דער מענש איז ארומגערינ־געלט מיט מלאכים, וועלכע בייטען זיך שטענדיג. גאָט האָט זיי געהייסען בעוואַרען דעם מענש. ער נעהמט צו זיין הילפע גאָר דאַן, ווען דער מענש ווערט פערדאָרבען.“ נאָר וויא אַזוי אַ מענש קען פערדאָרבען ווערען אָהן גאָט׳ס צושטימונג און וואָרום איהם קומט אַ שטראָף, ווען גאָט האָט פאָראויס אַלעס בעשטימט — דאָס זוכט מאַהאָמעד גאָר ניט צו ערקלערען.

אויך זוכט ער ניט צו ערקלערען, וויא אַזוי דער טייוועל קען האָבען אַזאַ מאַכט איבער מענשען, אַז זיי זאָלען טאָן שלעכטעס, ווען גאָט וויל, אז זיי זאָלען טאָן גוטעס און ווען ער האָט איבער־הויפּט בעשטימט זייער שיקזאַל בשעת זיי ווערן געבאָרען.

נאָר וויא באַלד מאַהאָמעד האָט אנערקענט דעם פרייען ווילען פון מענשען און דיא גרויסע פערדארבענדע ווירקונג פון טייוועל אויף מענשען, טראָץ דער געטליכער בעשטימונג פון אַלעס, וואָס עס פּאַסירט און דאַרף פּאַסירען אין דער וועלט, האָט ער שוין גע־מוזט קומען צו דיא געוועהנליכע לעהרען פון אַלע רעליגיאָנען וועגען אַ גן־עדן פאַר גוטע און פרומע און א גיהנם פאַר שלעכטע און אונ־גלויביגע. דאָ האָט זיך זיין קרענקליכע פאַנטאַזיע פאַנאַנדערגע־לאָזען. אייגענטליך האָט ער אין זיינע שילדערונגען וועגען גיהנם, גן־עדן, לעצטען געריכט און איבערהויפּט וועגען דעם לעבען אויף

יענער וועלט קאָפּירט דיא פּאָרשטעלונגען פון פּערסען, אידען און קריסטען, נאָר ער האָט דיא בעלוינונגען אין גן־עדן געמאַכט אנצי־הענדער דורך פּערשפּרעכונגען צו בעפרידיגען געוועהנליכע מענש־ליכע ליידענשאַפטען. ער האָט איינפאַך בעשריעבען דעם גן־עדן אַלס אַ פּרעכטיגען גאָרטען, וואו דיא גלויביגע וועלען לעבען איי־ביג אין קערפּערליכע פּערגניגען צוזאַמען מיט שעהנע און רייצענדע מיידלעך, דיא זאָגענאַנטע הורי...

אַזאַ גן־עדן האָט פאָלשטענדיג געשטימט מיט דיא בעגריפע און בעגעהרען פון דיא אַראַבען און איבערהויפּט פון דיא אַזיאַטען. דאַ־רום האָט דער מאַהאָמעדאַניזמוס געהאַט אַזאַ שטאַרקע צוציהונגס־קראַפט פאַר זיי. אַזוי וויא מאַהאָמעד האָט פערשפּראָכען אַלע גלי־קען פון גן־עדן יעדען מוסולמאַן, וואָס וועט פאַלען אין אַ שלאַכט מיט אונגלויביגע, — דאָס וואָס ער האָט גערופען „היילינע מלחמה“, וויא עס איז שוין ערקלערט געוואָרען אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל — זאָ זיינען דיא פאַנאַטישע מוסולמאַנער גערן געגאַנגען ריזיקירען מיט זייער לעבען אויף דעם בעפעהל פון זייערע האַליפען.

דיא בעגייסטערונג פון דיא אַראַבען פאַר דעם איסלאַם איז גע־ווען אַזוי גרויס, אַז אין אַ קורצער צייט האָבען זיי מיט דער מאַכט פון שווערד פערשפּרייטעט זייער גלויבען איבער גאַנץ וועסט און צענטראַל אַזיען, איבער טהיילען פון אינדיען און כינאַ, איבער גאַנץ נאָרד־אפריקא, פון וואַנען אַ טהייל פון זיי האָט זיך אריינגעריסען אין שפּאַניען און האָט געסטראַשעט צו פערפלייצען אייראָפּאַ. אַלע קריסטליכע פעלקער פון אייראָפּע האָבען געמוזט קעמפּפען יאהר־הונדערטע געגען דיא מוסולמאַנער וועלט, וועלכע איז ריעזיג גע־וואַקסען ניט נאָר אין צאָהל, זאָנדערן אויך אין קולטור.

וואָס מען זאָל ניט דענקען וועגען מאַהאָמעד׳ן זעלבסט און זיין רעליגיעזע לעהרע, וויא זיא איז אויסגעדריקט אין קאָראַן, נאָר זי־כער איז עס יעדענפאַלס, אַז אונטער דעם איינפלוס פון איסלאַם האָבען דיא אַראַבען גייסטיג אויפגעלעבט, האָבען אויפגערודערט דיא גאַנצע וועלט און האָבען אויך פיעל געווירקט אויף דעם פּראָ־

ניעס אין אייראָפּאַ. דיא הויפּשטעדט פון דיא מוסולמאַנער מלוכות, ספּעציעל באַגדאַד און קאָרדאָוואַ, זיינען געוואָרען דיא צענטערס פון בילדונג און ציוויליזאַציאָן אין מיטעלאַלטער, און פון דיזע צענטערס האָט זיך צוגאָסען אַ ליכט איבער אייראָפּאַ, וועלכע איז דאַן בעדעקט געווען מיט דיא פינסטערע וואָלקענס פון קאַטאָליציזמוס.

ע נ ד ע.

# אידישע נשמות

פון א. ליטווין

6 ביכער, געבונדען אין פיער פראכט-בענדער

(ביי 400 זייטען יעדער באנד)

די זעקס ביכער שריפטען פון א. ליטווין איז דער רעזולטאַט פון א שטודיען-רייזע וואס דער מחבר האָט געמאכט איבער שטעט און שטעטלאך פון ליטע, פוילען און גאליציען אין א משך פון נײן יאהר.

די „אידישע נשמות" שטעלען מיט זיך פאָר א וואונדערליכע פאנאראמע פון די מערקווירדיגע טיפען, בילדער און געשטאלטען אין די מערקווירדיגסטע אידישע געטאָס.

עס איז כמעט ניטאָ קיין איין אָריגינעלער טיפ פונ׳ם אלטען און נייעם אידישען לעבען, וואס איהר באַגעגענט ניט אין א. ליטווין׳ס בילדער-גאלעריען.

דריי פון די זעקס ביכער „אידישע נשמות" פארנעמט ליטע; איין בוך פוילען; איין בוך גאליציען און איין בוך איז ספעציעל געווידמעט די חסידישע רביים פון ליטע, פוילען און גאליציען, און די פארשיידענסטע טיפען וואס ווימלען ארום דעם רבין׳ס טיש.

די „אידישע נשמות" זיינען געשריבען אין א לייכטען פאָלקס-טימליכען סטיל און דינען אלס אָנציהענדער לעזע-שטאָף פאר אלע סאָרטען לעזער. צו דער זעלבער צייט שטעלען די „אידישע נשמות" פאָר א רייכען קולטור-היסטאָרישען מאַטעריאל פונ׳ם אידישען לעבען און ווערען געלעזען מיט א באזונדער אינטערעס פון דעם אינטעליגענטערען טייל אידישע לעזער.

## ספּעשעל פּרייז 5 דאָלער.

צו באקומען ביי די ארויסגעבער

## סטאר היברו בוק קאָ.

54-58 קאנעל סטריט — ניו יארק

וואָס די קריטיק זאָגט וועגן ליטווין׳ס „אידישע נשמות".

## דר. א. מוקדוני (אין „מאָרגען זשורנאל"):

דאָס זיינען כמעט היילגע ביכער, צניעות, פרומקייט, ליעבע צו אידישע מענשען, צו „אידישע נשמות". שטראהלט ארויס פון די דאָזיגע ביכער... א. ליטווין וויים שטענדיג וואָס ער זוכט און דעריבער וויים ער וואו צו געפינען.

ער געהט זוכען די פאָלקס-מעשה׳לע אין איהר געבורט-שטאָדט, אויף דעם אָרט, וואו איהר וויגעלע איז געשטאַנען. דאָרט געפינט ער זי, אין איהרע עכטע קאָלירען, מיט איהרע אייגענע האַרציגע ווערטער און מיט איהר געבאָרענעם חן, מיט איהר מאמעס מילך אויף די ליפּען.

...און עס איז מיר עפּעס נעהענטער און היימישער ווי א. ליטווין דערצעהלט וועגען אַ חסידישען רבי׳ן, איידער די אַלע אַנדערע דערצעהלער פון די דאָזיגע מעשיות. עס איז מיר נעהענטער, ווייל עס איז ריכטיגער, ריכטיגער און אויפריכטיגער. אַ פאָלקסטימליכער כשוף שוועבט אויף אלע מעשה׳לאך. האָט איהר אַנגעהויבען לייענען, קענט איהר זיך שוין ניט אָפּרייסען.

## מ. אָלגין (אין „די נייע וועלט"):

...די זעקס ביכער „אידישע נשמות" זיינען דער רעזולטאַט פון זיינע (א. ליטווינ׳ס) וואנדערונגען איבער די אידישע גאסען אין אַ משך פון נייך יאהר, און ס׳דארף געזאָגט ווערען, אַז די פרוכט איז ווערט די ארבייט.

## רבי מאיר בערלין (אין א בריעף צום מחבר):

...אייערע ביכער זיינען געוויס אַ גרויסער בייטראג צו דער אידישער קולטור־געשיכטע און עטנאָגראפיע פון די לעצטע דורות און עס איז געוויס אַ גייסטיגער גענוס צו לעזען זיי.

## אלעקסאנדער ראבינאָוויטש

## (אין דעם זשורנאל „האדמה"):

...חדש הוא הספר, אבל מלא ישן „התיכות חיים" של היהודים מהדור העבר בליטא, פולין וגאליציה, ביושר, בחמימות וגם בכשרון מעביר הספר לפני הקורא הרבה, הרבה טפוסים, אניקדוטות, חדודים שמושכים את לב הקורא כמו בחבלי קסם.

...זה זמן רב אשר לא קראתי ספר בעונג כמו את הספר הזה, וכשעברתי על ששה הכרכים נצטערתי על שנגמר הספר.

מיר זיינען די איינציגע אַגענטור פאר בוכהענדלער אין די פאראייניגטע שטאטען און קאנאדע אויף

# אלע ווערק פון שלום-עליכם

## נייע פּאָפּולערע פראכט-אויסגאבע

איך פיהל, ווי צווישען מיר און צווישען דעם פאָלק עקזיסטירט עפּעס אַ מין בונד. עפּעס פיהל איך מיך היימיש מיט מיינע לעזער. עפּעס דאכט זיך מיר, אַז איך דארף זיי און זיי באדארפען מיך...

(פון שלום-עליכם׳ס אַ בריף).

אויף דעם ווונש פון טויזענטער אידישע לעזער, וואס האָבען פארלאנגט אלע ווערק פון שלום-עליכם אין א צוגענגליכער אויס-גאבע, — האָט דער „שלום-עליכם פאָנד" פון דאָס ניי ארויסגע-געבען אלע 28 בענד פון שלום-עליכם׳ס שריפטען אלס א

## נייע פּאָפּולערע פראכט-אויסגאבע.

די נייע פּאָפּולערע פראכט-אויסגאבע פון שלום-עליכם׳ס ווערק אנטהאלט אלע אכט און צוואנציג בענד פון די פריהעריגע אויסגאבעס, ניט געמינערט פון זיי קיין שורה. דער אונטערשייד פון דער נייער אויסגאבע ביז די פריהעריגע איז נאָר אין דעם, וואָס אין דער נייער פּאָפּולערער פראכט-אויסגאבע זיינען די פריהעריגע 28 בענד געדרוקט און גע-בונדען אין 14 טאָפּעלע (צווייענדיגע) דיקע פראכט-בענד, און דאָס האָט פארלייכטערט די שווערע פראגע, ווי אזוי צו געבען דעם אי-דישען פובליקום די ווערק פון שלום-עליכם פאר א ביליגען פרייז. דער פרייז אויף דער נייער פּאָפּולערער פראכט-אויסגאבע איז פאר-קלענערט געוואָרען פון דעם פרייז אויף דער פריהעריגער פראכט אויסגאבע אויף א פערטעל, און מיר האָפען, אז די אידישע לעזער וועלען אונז העלפען אריינצוברענגען די ווערק פון שלום-עליכם אין יעדען אידישען הויז, וואו אידיש ווערט פאר-שטאנען.

װעגען דעם אומפארגלייכליכען װערט פון שלום-עליכם׳ס װערק פאר׳ן אידישען לעזער איז גאנץ איבעריג צו רעדען. װאָס מעהר דאָס ערדישע גערעכעניש פון דעם גרויסען שאפער פון פרייד און געלעכטער אין אידישען לעבען דערװייטערט זיך פון אונז, אלץ נעהענטער און טייערער װערען זיינע װערק צום הארצען פון אונזער פאָלק, אלץ טיפער װערט זיין באדייטונג אין אונזער ליטעראטור און אלץ העלער גיסט זיך זיין פריידיג ליכט אין די הערצער פון זיינע לעזער. די „סטאר היברו בוק קאָ.״, װאָס האָט איבערגענומען די אגענטור אויף אלע װערק פון שלום-עליכם, דריקט אויס דערביי איהר װאונש, אז צװישען די אידישע שיכטען אין אמעריקא זאל ניט בלייבען קיין איין נאַציאָנאל-אויפגעקלערט הויז, װאָס זאל ניט באצירט װערען מיט דיזע ביכער, און דערמיט װעט דערפילט װע-רען דער טיפסטער באגעהר פון אונזער פאָלקס-דיכטער, װאס ער האָט ארויסגעזאָגט אין זיין צװואה:

„ד ע ר ב ע ס ט ע ר מ אָ נ ו מ ע נ ט װ ע ט ז י י ן פ א ר מ י ר, א ז מ ע װ ע ט ל י י ע נ ע ן מ י י נ ע װ ע ר ק״...

אין דער נייער פאָפולערער פראכט-אויסגאבע געהען אלע װערק פון שלום-עליכם לויט פאָלגענדען סדר:

1-טער און 2-טער באנד:

1) גאנץ טביה דער מילכיגער. 2) מנחם-מענדעל.

3-טער און 4-טער באנד:

3) קליינע מענטשעלעך. 4) אלט-ניי-כתרילעװקע.

5-טער און 6טער-באנד:

5) דראמאטישע שריפטען. 6) קאָמעדיעס.

7-טער און 8-טער באנד:

7) מעשיות פאר אידישע קינדער, ערשטעם בוך.

8) מעשיות פאר אידישע קינדער, צװייטעם בוך.

9-טער און 10-טער באנד:

9) אָרעמע און פרייליכע, ערשטעם בוך.

10) אָרעמע און פרייליכע, צװייטעם בוך.

11-טער און 12-טער באנד:

11) זומער-לעבען. 12) אידישע שרייבער.

13-טער און 14-טער באנד:

13) **מאָטעל פייסי דעם חזנ'ס, ערשטער טייל.**

14) **מאָטעל פייסי דעם חזנ'ס, צווייטער טייל.**

15-טער און 16-טער באנד:

15) פונ'ם יאריד, ערשטעס בוך. 16) פונ'ם יאַריד, צווייטעס בוך.

17-טער און 18-טער באנד:

17) לכבוד יום-טוב, ערשטעס בוך. 18) לכבוד יום-טוב, צווייטעס בוך.

19-טער און 20-טער באנד:

19) פון כתרילעווקע. 20) פון צוויי וועלטען.

21-טער און 22-טער באנד:

21) אידישע ראָמאַנען. 22) יוסילע סאָלאָוויי.

23-טער און 24-טער באנד:

23) יוגענט-ראָמאנען. 24) אין שטורם.

25-טער און 26-טער באנד:

25) מאָנאָלאָגען. 26) אייזענבאהן-געשיכטעס.

27-טער און 28-טער באנד:

27) פון פסח ביי פסח. 28) מעשיות און פאנטאַזיעס.

